י. ג. פאָגט.

# וועלטגעשיכטע

פון אוראַלטע צייטען ביז היינטיגען טאָג.

בעאַרבייט אין אידיש פון

א. ח. ראָזענבערג.

אונטער דער רעדאַקציאָן פון

אלכסנדר האַרקאַווי.

---

אילוסטרירט.

פערטער באַנד: אלטע צייט און מיטעלאלטער.

---

ניו יאָרק:

היברו פאבלישינג קאמפאני.

.1918

# אינהאַלט־פערציי‎כניס

## פון פערטען באַנד.

### אידען אונטער דער הערשאַפט פון רוים.

זייט



---

# דאָס מיטעלאַלטער.

## די פעלקער־וואַנדערונג.

# אידען אונטער דער הערשאַפט פון רוים.

## אַלגעמיינער איבערבליק.

נאָך דעם, ווי דאָס אידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט די הערשאַפט פון די גרויסע אַלטע וועלט־מעכטען אשור, בבל, פרס, די גריכיש־עגיפּטישע און די גריכיש־סירישע, איז עס אריינגעפאַלען אין די נעגעל פון דער שטאַרקסטער וועלט־מאַכט, רוים. אָנפאַנגס האָט עס געהייסען, דאָס די אידען געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון רוים, אָבער זיי האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס די קלענסטע פרייע בעוועגונג וועט מאַכען אַן ענדע צו דעם שוץ און וועט עס פערוואַנדלען אין אַ דעספּאָטישע, טיראַנישע הערשאַפט. און באמת האָט דיזער צושטאַנד פון שוץ אָנגעהאַלטען נאָר 70 יאָהר — פון 63 פ. קר. ביז 6 נ. קר.

אין דעם פערלויף פון דיזער פעריאָדע איז דאָס לאַנד יהודה געווען אַ האַלב־אָפּהענגיגעס קעניגרייך. די רוימישע רעגירונג האָט בעשטעטיגט די קעניגען אין יהודה — די ערסטע צייט פון דער דינאַסטיע חשמונאים, נאָכדעם פון דער דינאַסטיע הורדוס. דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דער אויבער־אויפזיכט פון די רוימישע פּראָקאָנסולען, וועלכע זיינען געווען די שטאַטהאַלטער אין סיריען און די פעלדהעררן פון די רוימישע לעגיאָנען, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען. דיזע שטאַטהאַלטער האָבען גוט אַכטונג געגעבען אויף אַלעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם לאַנד יהודה, און יעדע בעוועגונג זיך צו בעפרייען פון דעם רוימישען שוץ איז באַלד דערשטיקט געוואָרען. דער שוואַכער אידישער קעניג הורקנוס און זיין ראַט־געבער אָדער הויפּט־פיהרער פון דער רעגירונג, אַנטיפּאַטער, האָבען מיט די שטאַטהאַלטער געלעבט בשלום. נאָר די פּאַטריאָטישע אָנהענגער פון אַריסטאָבולוס׳ן, מיט וועלכע עס האָט געהאַלטען דער גרעסטער טייל פון פאָלק — דיזע האָבען זעהר אָפט געבונטעוועט געגען די רוימער. פריהער איז אַרויס געגען דער רוימישער הערשאַפט אַלכסנדר, דער זוהן פון דעם געפאַנגענעם אין רוים אַריסטאָבולוס. נאָך דעם האָט זיך אַריסטאָבולוס זעלבסט אַרויס־

געריסען פון רוים און האָט געבונטעוועט געגען דער רוימישער הערשאַפט אין יהודה, און די שטאַטהאַלטער האָבען געהאַט פיעל צו טאָן ביז עס איז זיי געלונגען איינצושטילען דעם בונט (57—52 נ. קר.). דער פּראָקאָנסול גאַבינוס האָט צוטיילט יהודה אויף קליינע קרייזען, דער קאָנסול קראַססוס האָט בערויבט דעם בית המקדש אין יאָהר 54 פ. קר. נאָר יוליוס צעזאר איז געווען גרויסמוטיג צום אידישען פאָלק (48—44 פ. קר.). ער האָט גע-שטיצט די אידישע רעגירונג אונטער הורקנוס און זיין העלפער אנטיפאַטער. דיזער כיטרער אידומעער האָט אין דער שטיל געגראָבען אַ גרוב פיר די חשמונאים, אום ארויפצובריינגען אויף'ן אידישען טראָן איינעם פון זיינע קינ-דער. די גרעסטע שטעלעס אין לאַנד האָט ער איבערגעגעבען צו זיינע זיהן. איינער פון זיי, הורדוס, איז געוואָרען קעניג אין יהודה און זיין שוואַרצער שאָטען האָט פערפינסטערט יהודה אויף גאַנצע 40 יאָהר.

די ערסטע וויכטיגע שטעלע, וואָס הורדוס האָט פערנומען, איז געווען דאָס אַמט פון חיל-פיהרער. אין דיזען אַמט האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טיראַניי אין דעם דערשטיקען דעם אויפשטאַנד פון די פּאַטריאָטען אין גליל (47). דערמיט האָט ער זיך בעליבט געמאַכט ביי אַנטאָניוס'ן, וועל-כער איז געוואָרען קאָנסול אין רוים נאָך יוליוס צעזאַר (41), און ער איז געוואָ-רען טעטראַרך. ענדליך האָט ער געהייראַט די בעריהמטע פּרינצעסין מרים החשמונאית, וועלכע איז געווען זעהר שטאָלץ ביי זיך. און אַזוי איז הורדוס געגאַנגען מיט פעסטע טריט צום אידישען טראָן. אויף אַ קורצע צייט האָט זיך זיין גאַנג צום טראָן אָפּגעשטעלט. מיט דער הילף פון די רוימישע שונאים די פּאַרטהער איז עס געלונגען דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי ארויפצוזע-צען אויף'ן טראָן אַריסטאָבולוס'עס צווייטען זוהן אַנטיגאָנוס'ן (40). קאַרגע 4 יאָהר האָט געדויערט דער קריג פיר'ן טראָן צווישען אַנטיגאָנוס'ן און הורדוס'ן, וועלכער האָט אויסגעווירקט אין רוים דעם טיטעל קעניג פיר זיך. מיט דער הילף פון די רוימישע לעגיאָנען איז איהם ענדליך געלונגען פער-נעהמען דעם אידישען טראָן (37). און אַזוי איז געקומען אַן ענד צו דער דינאַסטיע פון די חשמונאים, און עס איז געוואָרען קעניג אין יהודה אַן אידומעער, אַ מאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם גרעסטען פיינד פון אידען, פון דעם פאָלק אדום.

הורדוס'עס רעגירונג (37—4 פ. קר.) איז געווען גלענצענד פון אויסען-ווייניג און פינסטער און באַרבאַריש אינווייניג. מיט דער הילף פון די רוי-מישע שפּיזען איז ער געווען פעסט אויף'ן טראָן. ער איז געווען פעסט אויף איהם אויך ווען אין רוים איז פאָרגעקומען אַ גרויסע וויכטיגע איבערקעהרע-

ניס, ווען רוים איז געוואָרען אַ קייזערטום אַנשטאַט אַ רעפּובליק (30). מיט זיינע חניפות האָט ער אימער געהאַט אויף זיין זייט די פּערזאָן, וועלכע איז געווען אין מאַכט. ווען אַנטאָניוס איז געווען דער קאָפּ אין רוים, איז ער געווען גוט מיט איהם; ווען די אומשטענדען האָבען זיך געענדערט אין רוים: אַנטאָניוס איז געפאַלען און אויגוסטוס איז געוואָרען אַליין־הערשער, האָט הורדוס געוואוסט ווי אונטערצו'חנפ'ענען דיזען מאַכטהאָבער און בעקומען זיין פריינדשאַפט. אין לאַנד יהודה האָט זיך איהם געוואָלט זיין אַ קליינער אויגוסטוס. ער האָט געוואָלט איבערבויען דאָס לאַנד און מאַכען דערפון אַ מין רוים אין קליינעם פאָרמאַט. ער האָט פערגרעסערט די טעריטאָריע פון לאַנד יהודה, האָט צוריק אויפגעבויט די שטעדט, וואָס זיינען פריהער צושטערט געוואָרען, האָט געבויט נייע שטעדט, האָט אויפגעשטעלט נייע מערקווירדיגע געביידעס און מאָנומענטען, אַפילו דעם בית המקדש האָט ער איבערגעבויט, און האָט געמאַכט פון איהם אַזאַ שענעם און רייכען טעמפּעל, וואָס אין יהודה האָט מען נאָך אַזעלכעס ניט געזעהען. אָבער דאָס פאָלק האָט געזיפצט פון ליידען אונטער זיין רעגירונג. זיינע הענט זיינען געווען בעפלעקט מיט בלוט פון די חשמונאים, וואָס ער האָט פערגאָסען ביז ער האָט פערניכטעט דעם לעצטען פון זיי. אַפילו אין זיין אייגענער פאַמיליע איז ער געווען אַ שרעקליכער טיראַן. זיין דעספּאָטיזם האָט ענדליך געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד.

די יורשים פון הורדוס'ן האָבען בעצאָהלט פיר די זינד פון זייער פאָטער. זיין זוהן א ר כ ע ל א ו ס איז געוואָרען פערפלוכט פון פאָלק פיר זיינע גרוילטאַטען. דאָס לאַנד איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון שרעקליכע אונרוהען. פיר רוים איז עס געווען אַ גוטער תירוץ צו נעהמען די גאַנצע רעגירונג פון יהודה אין איהרע הענט און פון דעם אידישען פאָלק צונעהמען יעדעם רעכט זיך זעלבסט צו רעגירען. אָנפאַנגס האָט עס רוים געטאָן מיט'ן צענטער פון יהודה, אָבער ביסלאַכווייז האָט די רוימישע רעגירונג צוגענומען פון גאַנצען אידישען פאָלק דאָס רעכט זיך זעלבסט צו רעגירען, און האָט זיך גענומען זעלבסט אין גאַנצען צו רעגירען אין יהודה מיט אַן אייזערנער האַנט.

פון דער נייער רעגירונג אונטער הורדוס'ן זיינען ביידע אידישע פּאַרטייען געווען אונצופרידען. די צדוקים האָבען געבענקט נאָך דער פרייהייט, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט אונטער די חשמונאים, נאָך די שטעדט, וואָס מען האָט אָפּגענומען פון זיי; די פרושים האָבען פאָרויסגעזעהן, דאָס אונטער הורדוס'עס רעגירונג, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון רוים, וועט פיעל ליידען דער אידישער נאַציאָנאַליזם און די אידישע רע-

ליגיאָן. די צדוקים האָבען זיך ביסלאַכווייז צוגעוועהנט צו הורדוס'עס רע-גירונג; זיי איז געווען געפעלען דער גלאַנץ, וואָס האָט געהערשט אין הור-דוס'עס הויף, זיי איז געווען געפעלען דער גריכיש-רוימישער גייסט, וואָס האָט זיך פערשפרייט אין לאַנד, און זיי זיינען געוואָרען בעאַמטע אונטער זיין רע-גירונג. צו די צדוקים איז צוגעשטאַנען די פּאַרטיי פון די אָפּיציעלע כהנים, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס גערופען ב י ס ו ת י ם, נאָך דעם נאָמען פון דעם כהן גדול ב י ס ו ת, וועלכען הורדוס האָט בעשטעטיגט אין זיין אַמט.

די פרושים האָבען זיך פיר קיין פאַל ניט געקענט צופרידענשטעלען מיט דער נייער אָרדנונג פון הורדוס'עס רעגירונג און האָבען געזוכט צו פערשטאַר-קען אין פאָלק דעם נאַציאָנאַלען און רעליגיעזען גייסט, אום דאָס פאָלק זאָל בלייבען עקסיסטירען און ניט אונטערגעהן אין די שלעכטע צייטען, וועלכע זיינען איהם פאָרגעשטאַנען. דיזעס האָבען געטאָן די צוויי שולען פון ש מ א י און ה ל ל (בית שמאי, בית הלל). די דריטע פאַרטיי, די אסיים (עססעער), האָבען גלייכגילטיג געקוקט אויף די אַלע נייע בעוועגונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד, ווייל זיי האָבען סיי ווי גאָר ניט ערוואַר-טעט פון די רעגירונגען, וואו מענשען שטעהען אָן דעם שפּיץ, און האָבען געהאָפט, דאָס אין גיכען וועט גאָט גרינדען זיין אייגענע מלוכה אויף דער ערד, די „מלכות שדי". דיזע אידעען האָבען אָנגעהויבען שלאָגען טיפע וואָרצ-לען אין די הערצער פון איינצעלנע פאַנטאַזיאָרען און האָבען געלעגט דעם פונדאַמענט צום קריסטענטום, וועלכעס האָט שלעכט פערשטאַנען דיזע ער-האַבענע אידעע.

## א. הורקנוס דער 2טער און אנטיפאטער. (63—41 פ. קר.)

אין דער צייט, וואָס פאָמפּעיוס האָט געפיהרט דעם קעניג אריסטאָבולוס מיט זיינע קינדער אַלס געפאַנגענע נאָך רוים, איז עס געלונגען איינעם פון זיינע זיהן, אלכסנדר'ן, צו ענטלויפען. ער איז געקומען צוריק אין פאַלעסטינא און האָט אין יריחו זיך פערשאַפט אַן ארמעע, מיט וועלכער ער האָט איינגענו-מען אייניגע פעסטונגען. ווי דער סירישער שטאַטהאַלטער גאַבינוס האָט זיך דערוואוסט דערפון האָט ער געשיקט די רוימישע לעגיאָנען געגען אלכסנדר'ן. דיזער האָט ניט בעוויזען קיין גרויסען ווידערשטאַנד און האָט גלייך איבער-געגעבען די פעסטונגען צו גאַבינוס'ן. דערפאַר האָט מען איהם געלאָזען פריי. קורץ נאָך דעם זיינען אריסטאָבולוס און זיין זוהן אנטיגאָנוס ענטלאָפען פון רוים און זיינען אָנגעקומען אין יהודה. די אָנהענגער פון די חשמונאים האָ-בען איהם אויפגענומען מיט גרויס פרייד. עס האָט באַלד אויסגעבראָכען אַ

שטרייט און אַריסטאָבולוס איז געפאַנגען געוואָרען און מען האָט איהם אָפּ־
געפיהרט נאָך רוים (56). באַלד נאָך דעם איז גאַבינוס אַוועק פיר אַ קורצע
צייט. אַלכּסנדר האָט עס גערעכענט פיר אַ גינסטיגען מאָמענט צו בעפרייען
דאָס לאַנד פון די רוימער, אָבער גאַבינוס איז באַלד געקומען צוריק פון עגיפּ־
טען און האָט בעזיגט אַלכּסנדר'ן. גאַבינוס איז צוריקגערופען געוואָרען נאָך
רוים און זיין שטעלע האָט פערנומען קראַססוס. דאָס איז געווען אַ מענש
מיט אַ רויבערישער נאַטור — ער האָט גערויבט וואו און וויפיעל ער האָט גע־
קענט, ער האָט אויך בערויבט דעם בית המקדש. ווען ער איז געפאַלען אין
דעם שטרייט מיט די פּאַרטהער (53) האָבען די אידען פון גליל געמאַכט אַן
אויפשטאַנד. אָבער דער נייער סירישער שטאַהאַלטער קאַססיוס האָט דער־
שטיקט דעם אויפשטאַנד און האָט פערקויפט 30,000 אידען אַלס שקלאַפען.

ארץ ישראל אונטער יולליוס צעזאַר. אין יאָהר 49 פ. קר. האָט זיך
אָנגעהויבען אין רוים דער בעריהמטער קריג צווישען צעזאַר און פּאָמפּעיוס,
וועלכער איז געצוואונגען געווען אָפּטרעטען צעזאַר'ן איטאַליען. דאַמאָל האָט
צעזאַר בעפרייט אַריסטאָבולוס'ן פון געפענגניס און האָט איהם געגעבען צוויי
לעגיאָנען צו שטרייטען מיט פּאָמפּעיוס'ן אין אַזיען. אַריסטאָבולוס האָט זיך
דערפרייט דערמיט, ווייל ער האָט געהאָפט, דאָס איהם וועט געלינגען זיך נוקם
זיין אָן זיין שונא פּאָמפּעיוס און ער וועט צוריק ווערען אַליין הערשער אין
לאַנד יהודה. אָבער פּאָמפּעיוס'עס אָנהענגער האָבען איהם פער'סמ'ט. דאָס
זעלבע האָט געטאָן פּאָמפּעיוס'עס שוואָגער מיט אַלכּסנדר'ן, דעם זוהן פון אַרים־
טאָבולוס'ן, אין אַזיען. אין 48 האָט צעזאַר בעזיגט פּאָמפּעיוס'ן און דיזער איז
אַראָפּ פון דער סצענע. די אידען האָבען אין דיזען קריג געהאָלפען צעזאַר'ן
מיט שפּייז, געלט און 3,000 מענשען. אַנטיפּאַטער האָט געבראַכט אַ בריף פון
הורקנוס צו די אידען אין עגיפּטען, זיי זאָלען אויך העלפען צעזאַר'ן. דיזער איז
געווען זעהר דאַנקבאַר צו די אידען דערפאַר, וואָס זיי האָבען איהם געהאָלפען
אין זיין נויט, און ער האָט דערפאַר זיי ערלויבט צו בעפעסטיגען די מויערן פון
ירושלים, וועלכע פּאָמפּעיוס האָט צושטערט. אַנטיגאָנוס האָט איהם געבעטען
ער זאָל בעשטעטיגען דעם אידישען טראָן פיר איהם, ווייל הורקנוס איז ניט
פעהיג צו רעגירען, אָבער אַנטיפּאַטער האָט שוין פריהער געשילדערט אַנטיגאָ־
נוס'ן מיט שוואַרצע פאַרבען אַלס אַ מאַן, וואָס איז אַ שונא צו רוים און
שטעהט אָן דער שפּיץ פון רעוואָלוציאָנערען.

דאָס אידישע פּאָלק האָט קיין שום דרוק ניט געפיהלט אין דער גאַנצער
צייט, וואָס עס האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון צעזאַר'ן. אויך
די אידען פון אַנדערע לענדער, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער רוים, האָט

ער געגעבען פולע אויטאנאמיע. ער האט צו די אידען אין פאלעסטינא צוריק-געגעבען איינינע וויכטיגע האפען-שטעדט, וועלכע זיינען זיי נעטיג געווען פיר זייער האנדעל. קיין פאלק האט ניט אזוי ערנסט בעוויינט צאזאר'ס פריה-צייטיגען טויט, ווי די אידען.

דער וואהרער הערשער אין לאנד יהודה איז געווען אנטיפאטער. הורקנוס איז געווען כהן גדול און דער פרעזידענט אין דעם סנהדרין, אבער אין דער רעגירונג האט ער קיין דעה ניט געהאט. אנטיפאטער האט געזוכט צו פערשאפען דעם אידישען טראן צו זיינע קינדער. ער האט זיין עלטערן זוהן פאזאעלוס בעשטימט אלס קאמאנדאנט פון ירושלים, און הורדוס'ן האט ער געגעבען די הערשאפט אין גליל. הורדוס איז געווען איבערגעגעבען צו די רוימער און זייער קולטור. די אינטערעסען פון רוים האט ער געשטעלט העכער פון די אינטערעסען פון אידישען פאלק, און דערמיט האט ער ביי די רוימער שטארק נושא חן געווען.

אין יענער צייט האט זיך געמאכט אן אויפשטאנד אין גליל. איינינע פון די אנהענגער פון אנטיגאנוס'ן האבען זיך גענומען אגיטירען פיר איהם און האבען אנטיפאטער'ס אנהענגער פערפאלגט און צוזאמען מיט זיי אויך די רוימער און סיריער, וועלכע האבען געשטיצט אנטיפאטער'ן. הורדוס האט דיזע פאטריאטען א נאמען געגעבען „רויבער-באנדע" און האט זייער פיהרער חזקיה מיט נאך איינינע רעדעל-פיהרער געלאזען היגריכטען אהן א שום פראצעס. דאס האט שטארק אויפגערעגט די סנהדרין. זיי האבען געשיקט א דעפוטאציע צו הורקנוס'ן, ער זאל הורדוס'ן שטעלען צום משפט. די מו-טער'ס פון די ערמארדעטע האבען געפאדערט אין בית המקדש מען זאל הורדוס'ן משפט'ן אלס מערדער. הורקנוס האט געמוזט נאכגעבען די פא-דערונג פון פאלק און האט ארויסגערופען הורדוס'ן אין ירושלים צום געריכט. ער איז געקומען מיט א גאנצען שטאט מיליטער-בעאמטע און סאלדאטען און איז אזוי אריין אין געריכטס-זאל. די סנהדרין האבען זיך דערשראקען און האבען ניט געוואלט איהם משפט'ן. דאמאלס איז שמאי ארוים מיט א פארוואורף געגען זיי, און האט זיי נביאות געזאגט, דאס מיט דער צייט וועט הורדוס אריינכאפען די גאנצע רעגירונג אין זיינע הענט און וועט זיך אמאל אפרעכנען מיט זיי. אז הורקנוס האט געזעהן, וואס פיר א ווירקונג די רעדע האט געהאט אויף די ריכטער, האט ער אפגעלעגט דעם פסק אויף אן אנדער טאג, און האט געגעבען הורדוס'ן די מעגליכקייט צו ענטלויפען צום רוימישען שטאטהאלטער. דיזער האט איהם פריינדליך אויפגענומען און האט איהם געגעבען א גרויסע שטעלע אין דער רוימישער ארמעע. דאן איז הורקנוס גע-

קומען אין ירושלים מיט זיינע סאָלדאַטען מיט'ן צוועק צו בעשטראָפען די סנהדרין. אָבער זיין פאָטער אַנטיפּאַטער האָט איהם ניט דערלאָזען עס צו טאָן, ווייל דאָס וועט אין גאַנצען פערדאַרבען זיין פּאָליטישע קאַריערע, וועל-כע איז איהם פּאָרגעשטאַנען, נעמליך צו זיין קעניג אין יהודה. ער האָט געפאָלגט זיין פאָטער'ס ראַט און איז צוריק אַוועק אויף זיין שטעלע אין גליל.

אין יאָהר 44 איז צעזאַר ערמאָרדעט געוואָרען און קאַססיוס איז גע-וואָרען שטאַטהאַלטער אין סירען. ער האָט שטאַרק געדריקט די אידען און האָט פון זיי געפאָדערט די אונגעהייערע סומע פון 700 טאַלענטען. אַנטיפּאַ-



הורדוס פערניכטעט די רויבער-באַנדעס.

טער און הורדוס האָבען שטאַרק געדריקט דאָס אידישע פאָלק און האָבען אויס-געפּרעסט פון די אידען דיזע סומע. און די, וואָס האָבען ניט געהאַט צו צאָהלען, האָבען זיי פערקויפט פיר שקלאַפען. קאַססיוס איז זעהר צופרידען געוועזן מיט זייער איבערגעבענהייט צו איהם. דאָס פאָלק איז געוואָרען שרעק-ליך אויפגעבראַכט אויף אַנטיפּאַטער'ן. מען האָט אונטערגעקופט דעם שר המשקים פון הורקנוס'ן און מען האָט אַנטיפּאַטער'ן פּער'סמ'ט. דאָס פאָלק האָט גערעכענט, דאָס מיט אַנטיפּאַטער'ס טויט, וועט ווערען אַ גאַנצע ענדע-

רונג אין דער רעגירונג און האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אָבער הורדוס און פּאַזאעלוס האָבען דיזען אויפשטאַנד באַלד דערשטיקט. הורקנוס האָט הור־דוס'ן אַריינגענומען אין זיין פאַמיליע, געבענדיג איהם פיר אַ פרוי זיין עניקעל, די בעריהמטע שענהייט פון יענער צייט מ ר י ם  ד י  ח ש מ ו נ א י ת.

אין יאָהר 42 איז די הערשאַפט פון רוים איבער סיריען אַריבער צו אַנ־טאָניוס'ן, וועלכער האָט אונטערגענומען אַ רייזע איבער סיריען. די אידען האָבען געהאָפט, דאָס זיי וועט יעצט געלינגען פּטור צו ווערען פון דער הער־שאַפט פון אַנטיפּאַטער'ס זיהן. זיי האָבען געשיקט אַ דעפּוטאַציע צו אַנ־טאָניוס'ן איהם קלאָר מאַכען וואָס דאָ טוט זיך, דאָס הורקנוס איז נאָר הער־שער לפנים, די ריכטיגע הערשער זיינען פאַזאעלוס און הורדוס. דיזער לעצטער איז אָבער פריהער פערלאָפען דעם וועג און מיט שמייכלערייען און גרויסע מתנות האָט ער אָפּגעקויפט אַנטאָניוס'ן און די אידישע דעפּוטאַציע איז אַוועק פון איהם אָהן אַ שום ערפאָלג.

שפּעטער איז געקומען צו אַנטאָניוס'ן אַן אַנדער אידישע דעפּוטאַציע מיט קלאַגען אויף הורדוס'ן. ער האָט געפרעגט הורקנוס'ן זיין מיינונג וועגען הורדוס'ן. הורקנוס האָט מורא געהאַט צו זאָגען די וואָהרהייט און האָט איהם גוט רעקאָמענדירט. אין גרונד גענומען איז דאָס אין גאַנצען געווען נאָר אַ קאָמעדיע, ווייל אַנטאָניוס האָט שוין פון פריהער געוואוסט, דאָס די אידישע אַריסטאָקראַטיע האַסט די רוימער און אַלע וואָס האַלטען מיט זיי. אַנטאָניוס האָט די דעפּוטאַציע ענטזאָגט און האָט געגעבען הורדוס'ן און פאַ־זאַעלוס'ן דעם טיטעל ע ט נ א ר ך (פירסט), און זיי זיינען געוואָרען געזעצליכע הערשער אין יהודה.

## ב. אנטיגאָנוס. (40—37 פ. קר.)

אַנטאָניוס האָט פערנאַכלעסיגט די רעגירונג אין אַזיען, ווייל ער איז גע־ווען פערטרונקען אין זיין ליבע צו דער שענער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַט־ראַ, אויף וועלכע ער האָט געשווענדעט אונגעהייערע סומעס, וואָס ער האָט אויסגעפּרעסט פון די אַזיאַטישע פעלקער, איבער וועלכע ער האָט געהערשט. די פעלקער האָבען געזוכט מיטלען פּטור צו ווערען פון רוים'ס הערשאַפט. די פּאַרטהער, וואָס האָבען געהערשט אין מעסאָפּאָטאַמיען (ארם נהרים), האָבען זיך בענוצט מיט דיזען צושטאַנד און האָבען אָנגעהויבען מאַכען פעלד־צוגען געגען די רוימער אין סיריען און פּאַלעסטינא. די פעלקער זיינען זעהר צופרי־דען געווען מיט די נייע הערשער. איבערהויפּט האָבען זיך די אידען אין יהודה ערפרייט. אַנטיגאָנוס האָט געבעטען די פּאַרטהער זיי זאָלען איהם העלפען בע־

פרייען יהודה פון די רוימישע משרתים הורדוס און פאַזאַעלוס און איהם העל-פען צוריקקריגען דעם טראָן פון זיינע עלטערן. זיי האָבען איהם ווירקליך גע-האָלפען. זיי האָבען פאַזאַעלוס'ן און הורקנוס'ן געשמידט אין קייטען און אי-בערגעגעבען צו אַנטיגאָנוס'ן. הורדוס איז ענטלאָפען מיט זיין פאַמיליע נאָך דער פעסטונג מאַסאַדאַ און אַליין איז ער אַוועק צו אונטערהאַנדלען מיט'ן אַראַבישען קעניג וועגען הילף. פאַזאַעלוס האָט זיך דאָס לעבען גענומען און הורקנוס'ן האָט אַנטיגאָנוס געהייסען אָפּשניידען די אויערן, ער זאָל ווערען אַ בעל מום און ניט קענען זיין מעהר קיין כהן גדול, און האָט איהם אַוועקגע-שיקט נאָך בבל.

אַנטיגאָנוס אַלס קעניג פון יהודה האָט ניט געזוכט צו פעראייניגען די צושטרייטע אידישע קרעפטען, וואָס זיינען געווען אין לאַנד, אום צו בילדען פון זיי אַ מעכטיגע אַרמעע. ער איז צופרידען געווען מיט זיין צושטאַנד. הורדוס האָט אָבער ניט גערוהט און האָט געזוכט זיין ציל צו דערגרייכען. ווען ער האָט געזעהן, דאָס פון דעם אַראַבישען קעניג קען ער גאָר ניט ערוואַרטען, איז ער אַוועק נאָך רוים, וואו אַנטאָניוס איז דאַמאָלס געווען. דאָרט האָט ער איהם קלאָר געמאַכט מיט דעם צושטאַנד אין יהודה און האָט געבעטען זיין הילף. אַנטאָניוס האָט ווירקליך געטאָן אַלעס פיר הורדוס'ן און האָט געבראַכט דערצו, דאָס אָקטאַוויאַנוס, דער מיט־הערשער פון אַנטאָניוס'ן, און דער רוי-מישער סענאַט האָבען איהם מיט גרויס צערעמאָניע געגעבען דעם טיטעל „קעניג פון יהודה". הורדוס האָט זיך דאַן פערפליכטעט ברייגען אָרדנונג אין יהודה.

אין יאָהר 39 פ. קר. איז הורדוס צוריקגעקומען נאָך יהודה. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ מיליטערישע מאַכט און האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט בעקעמפען אַנטיגאָנוס'ן און זיין פּאַרטיי. עס איז ענטשטאַנען אַ בירגער־קריג, וועלכער האָט לאַנג געדויערט ביז עס איז ענדליך, מיט דער הילף פון אַנטאָניוס'ן, הורדוס'ן געלונגען צו דערגרייכען זיין ציל. ער האָט אַרונטער-געזעצט פון טראָן אַנטיגאָנוס'ן, וועלכען די רוימער האָבען אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס. דאַן האָבען די רוימער געמאַכט אַ ווירקליכע שחיטה אין ירושלים. הורדוס זעלבסט האָט זיך דערשראָקען פאַר דער אונגעהייערער צאָהל קרבנות און האָט געפרעגט די רוימישע גענעראַלען: „ווילט איהר מיך מאַכען פיר אַ קעניג אין אַ מדבר?" ער האָט גע'פועל'ט ביי אַנטאָניוס'ן מען זאָל אַנטיגאָנוס'ן הינריכטען.

## ג. הורדוס דער 1טער. (37 פ. קר.— 4 נ. קר.)

הורדוס, וועלכען דאס פאָלק האָט גערופען „דער האַלבער איד", ווייל ער איז ווייט געווען פון די עכטע אידישע אידעאַלען, האָט אָנגעהויבען זיין רע-גירונג מיט דעם גייסט פון אַן עכטען רוימער. ער האָט אָנגעהויבען צו בע-שטראָפען און אָפּראַמען פון וועג אַלע אָנהענגער פון די חשמונאים. ער האָט באַלד ערמאָרדעט 45 וויכטיגע רייכע פּערזאָנען אין ירושלים און האָט זייער פערמעגען אָפּגעגעבען צו אַנטאָניוס'ן און אַנדערע רוימישע בעאַמטע, וואָס האָבען איהם געהאָלפען אַרויף אויף'ן טראָן. ער האָט זיך גענומען צו פער-פאָלגען די סנהדרין, וועלכע האָבען איהם אַמאָל געוואָלט משפּט'ן דערפאַר, וואָס ער האָט אָהן 🞄 פּראָצעס ערמאָרדעט חזקיה'ן, דעם פיהרער פון דער רע-וואָלוציאָן אין גליל. ער האָט נאָר צורוה געלאָזען די צוויי גרויסע חכמים שמעיה און אבטליון, ווייל זיי האָבען געראַטען איבערגעבען די פעסטונג פון ירושלים צו הורדוס'ן און די רוימער נאָך דעם, ווען זיי האָבען געזעהן, דאָס די זאַך איז פערלאָרען, אום מען זאָל ניט פערגיסען קיין בלוט אומזיסט.

הורדוס'ן איז געשטאַנען ווי א ביין אין האַלז יעדער מיטגליד פון דער חשמונאי'שער דינאַסטיע, ווייל ער האָט זיך ניט געפיהלט זיכער אויף'ן טראָן כל זמן עס האָט געלעבט איינער פון די חשמונאים. ער האָט אַרויסגעפאָדערט דעם אַלטען הורקנוס מיט די אָפּגעשניטענע אויערן פון בבל, וואו ער האָט גע-האַט גרויס עהרע פון יענער אידישער געמיינדע. ער האָט איהם געוואָלט האָ-בען נעבען זיך אום אַכטונג צו געבען אויף זיין יעדען שריט. ער האָט איהם אַפילו גרויס כבוד אָפּגעגעבען, אָבער ער האָט אויף איהם געהאַלטען אַן אויג. אַלס כהן גדול האָט ער בעשטימט איינעם מיט'ן נאָמען חננאל פון בבל, און האָט ניט צוגעלאָזען צו דיזער שטעלע זיין ווייב'ס ברודער אריסטאָבולוס דעם 3טען, וועלכער איז געווען אַן ענִיקעל פון הורקנוס'ן און האָט געהאַט מעהר רעכט פון יעדען אַנדערען אויף דיזע שטעלע. דיזער פאַקט האָט שטאַרק אויפגערייצט געגען איהם זיין שוויגער אלכסנדרא, אריסטאָבולוס דעם 3טען'ס מוטער. דיזע ענערגישע פרוי האָט זיך געווענדעט צו דער עגיפּטישער קע-ניגין קלעאָפּאַטרא, די געליבטע פון אַנטאָניוס'ן, און האָט זי געבעטען, זי זאָל ווירקען אויף אַנטאָניוס'ן, ער זאָל זיך אָננעהמען די קריוודע פון איהר זוהן אריסטאָבולוס. אַנטאָניוס האָט געטאָן איהר ווילען און האָט געבעטען הור-דוס'ן פיר אריסטאָבולוס'ן. אויך די פאַמיליע, איבערהויפּט זיין ווייב מרים, די שוועסטער פון אריסטאָבולוס'ן, און ענדליך דאָס פאָלק, האָבען געפאָדערט רעכט פיר אריסטאָבולוס'ן — דאָס אַלעס האָט געצוואונגען הורדוס'ן נאָכ-

צוגעבען און ער האָט בעשטימט אריסטאָבולוס'ן צום כהן גדול. אריסטאָבולוס איז דאַמאָלס אַלט געווען ניט מעהר פון 17 יאָהר.

הורדוס איז זעהר אונצופרידען געווען פון דער גאַנצער געשיכטע. דער יונגער חשמונאי און כהן גדול איז פיר איהם געווען אַ געפעהרליכער קאָנקורענט. דערצו האָט ער געוואוסט, דאָס זיין שוויגער אַלכסנדרא פיהרט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטרא. ער האָט אָנגעזאָגט דער קעניגליכער וואַך גוט נאָכצוקוקען וואָס זי טוט און מיט וועמען זי בעגעגענט זיך. אַלכסנדרא איז געווען זעהר אויפגעבראַכט אויף הורדוס'ן דערפאַר און האָט געפּלאַנעוועט זי מיט איהר זוהן זאָל ענטלויפען צו קלעאָפּאַטרא'ן. הורדוס האָט אָבער דורך זיינע שפּיאָנען זיך דערוואוסט וועגען דעם פּלאַן און האָט איהם צושטערט. אָבער אום קלעאָפּאַטרא זאָל זיך ניט דערוויסען וועגען דעם פאַמיליען-סקאַנדאַל, האָט ער זיך געמאַכט, אַז ער האָט פערצייהעט אַלכסנדרא'ן איהרע אינטריגעס, אָבער ער האָט בסוד געפּאַסט אַ שרעקליכען פּלאַן.

עס איז געווען סכות. אין ירושלים איז צוזאַמענגעקומען אַ גרויסע מאַסע אידען פון גאַנצען לאַנד. דער יונגער אונגעוועהנליך שענער כהן גדול האָט געפּראַוועט די עבודה אין בית המקדש. דאָס פאָלק איז געווען ענטציקט פון דעם יונגען שענעם כהן גדול, מען האָט זיך דערמאָהנט וועגען די בעסערע צייטען, ווען די חשמונאים זיינען געווען קעניגען און כהנים גדולים, און האָבען געמאַכט גרויסע אָוואַציעס דעם יונגען כהן גדול. הורדוס'ן האָט עס זעהר געקרענקט, אָבער ער האָט עס פערשטיקט, אום עס זאָל איהם גרינגער זיין דעם טייפלישען פּלאַן דורכצופיהרען. באַלד נאָך יום טוב האָט אַלכסנדרא איינגעלאַדען הורדוס'ן און איינינע אַנדערע געסט אין יריחו אויף אַ פאַמיליען-פעסט. נאָך דער מאָהלצייט האָט די פערזאַמלונג בעשלאָסען געהען באָדען זיך אין ירדן, ווייל דער טאָג איז געווען זעהר אַ הייסער. אין וואַסער האָבען זיך די יונגע לייט פון הורדוס'עס סוויטע געשטיפּט און האָבען געהאַלטען אריסטאָבולוס'ן אַ לאַנגע צייט אונטערן וואַסער ביז ער איז דערטרונקען געוואָרען. דער טויט פון דעם יונגען כהן גדול האָט אַלעמען אויפגעשווידערט. דער חשד איז באַלד געפאַלען אויף הורדוס'ן. דאָס פאָלק האָט שטאַרק געטרויערט נאָך זיין געליבטען כהן גדול. די קעניגין מרים איז געוואָרען אַ שרעקליכער שונא איהר טיראַנישען מאַן, ווייל זי איז געווען איבערצייגט, דאָס ער איז געווען דער מלאך המות פון איהר געליבטען ברודער. אַלכסנדרא האָט ווידער אָנגעהויבען צו פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטרא און האָט גע'פּועל'ט ביי איהר, זי זאָל ווירקען אויף אַנ-

טאָניוס׳ן, ער זאָל פאָדערן פון הורדוס׳ן אַן ערקלערונג וועגען דעם כהן גדול׳ס טויט. ווען אַנטאָניוס איז געקומען אין סיריען, האָט ער געשיקט רופען צו זיך הורדוס׳ן צו געבען די ערקלערונג. הורדוס האָט איבערגעגעבען די רע־גערונג אין הויף צו זיין שוואָגער יוסף און האָט איהם אָנגעזאָגט, אין פאַל אַנטאָניוס וועט איהם אראָפּזעצען פון טראָן, זאָל ער טויטען זיין ווייב, די קעניגין מרים, אָבער הורדוס׳עס שרעק איז געווען אַן אומזיסטער. די שווערע מתנות, וואָס ער האָט געגעבען צו אַנטאָניוס׳ן, און די אינטערעסען פון רוים אין יהודה, וואָס האָבען געפאָדערט, דאָס אויף׳ן אידישען טראָן זאָל זיצען אַ הורדוס און ניט אַ חשמונאי, האָבען געווירקט, דאָס אַנטאָניוס האָט הורדוס׳ן פריי געשפּראָכען און ער איז צוריק געקומען מיט אַ פרעהליכען מוט.

ער האָט אָבער געפונען אַ גאַנצע איבערקעהרענים אין הויף. עס איז אַרוים אַ קול, דאָס ער, הורדוס, איז הינגעריכטעט געוואָרען. מען האָט זיך אָנגעהויבען פאַרבערייטען צו אַ רעוואָלוציאָן. די קעניגין און איהר מוטער אַלכסנדרא זיינען שוין בערייט געווען צו ענטלויפען, וויל דער שוואָגער פון הורדוס׳ן, יוסף, האָט איהר אויסגעזאָגט דעם סוד, דאָס הורדוס האָט געהייסען זי ערמאָרדען אין פאַל ער קומט ניט צוריק. דערצו האָט זיין שוועסטער סאַלאָמע, וועלכע איז געווען אַ שרעקליכער שונא דער קעניגין, אָנגערעדט רכילות אויף די קעניגין, דאָס זי ליבט איהר מאַן יוסף׳ן. הורדוס האָט הינ־געריכטעט זיין שוואָגער, די שוויגער אַלכסנדרא האָט ער געשטעלט אונטער די אויפזיכט פון זיין וואַך, נאָר וואָס צו טאָן מיט זיין ווייב האָט ער נאָך ניט בעשלאָסען. ער האָט אָבער גוט געוואוסט, דאָס זי רעכענט איהם פיר דעם מערדער פון איהר ברודער און זי איז איהם דערפאַר אַ שרעקליכער שונא.

אין יאָהר 32 האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער בירגער־קריג. אַנטאָ־ניוס האָט געמוזט ענטלויפען נאָך עגיפּטען און אָקטאַוויאַנוס (אַוגוסטוס) איז געבליבען אַליין־הערשער. הורדוס האָט געוואוסט, דאָס אוגוסטוס ווייס פון דער פריינדשאַפט צווישען איהם און אַנטאָניוס׳ן און האָט מורא געהאַט, דאָס אוגוסטוס וועט איהם ווערען אַ שונא. ער האָט געזוכט אַ צופאַל צו ווייזען אוגוסטוס׳ן, דאָס ער איז יעצט איבערגעגעבען צו איהם און ניט צו אַנטאָניוס׳ן. דער צופאַל האָט זיך באַלד געמאַכט — ער האָט געהאָלפען פער־ניכטען די גלאַדיאַטאָרען פון אַנטאָניוס׳ן, וואָס זיינען געגאַנגען נאָך עגיפּ־טען צו העלפען זייער הערר אַנטאָניוס׳ן. אין דער זעלבער צייט האָט ער געפונען פיר נעטיג אָפּצוראַמען פון וועג דעם לעצטען מיטגליד פון די חשמונאים, אום אין פאַל אוגוסטוס וועט וועלען אָפּנעהמען פון איהם דעם טראָן, זאָל ניט זיין וועמען עס איבערצוגעבען. דער איינציגער חשמונאי איז

דאַמאָלס געווען דער 80=יעהריגער הורקנוס דער צווייטער, דער געוועזענער קעניג מיט די אָפּגעשניטענע אויערן. הורדוס האָט איהם געמאַכט אַ פּראָצעס און מען האָט איהם פערארורטיילט צום טויט. נאָך דעם, ווי ער האָט דאָס בע-זאָרגט, איז ער אוועק נאָך רוים זיך זעהן פּערזענליך מיט אוגוסטוס׳ן.

הורדוס האָט געטראָפען אוגוסטוס׳ן אויף דער אינזעל רהאָדעס. דאָרט האָט ער בעוויזען גרויס הכנעה צו אוגוסטוס׳ן און האָט איהם פערשפּראָכען אמת׳ע טרייהייט. אוגוסטוס האָט אויסגעפונען, דאָס הורדוס קען איהם יעצט זעהר ניצליך זיין אין דעם שטרייט, וואָס ער בערייטעט פאַר אויף עגיפּטען, און האָט איהם בעשטעטיגט אויף׳ן טראָן. הורדוס האָט ווירקליך פיעל געהאָל-פען אוגוסטוס׳ן אין זיין שטרייט מיט עגיפּטען. ער האָט איהם געהאָלפען מיט געלט, מיט שפּייז פיר די אַרמעע, אויך מיט מענשען. ווען אוגוסטוס האָט בעזיגט עגיפּטען און אַנטאָניוס און קלעאָפּאַטראַ האָבען זיך זייערע לעבענס גענומען, איז הורדוס געקומען צו אוגוסטוס׳ן איהם גראַטולירען. אוגוסטוס האָט געגלויבט אין הורדוס׳עס איבערגעבענהייט און האָט איהם דערפאַר גע-שענקט אייניגע זעהר וויכטיגע שטעדט — יפו, עזה, גדרה, שומרון א. אנד.— און הורדוס האָט זיך יעצט געפיהלט פעסט אויף׳ן טראָן.

אָבער ווען ער איז געקומען צו זיין פאַמיליע, האָט זיך איבער איהם פערצויגען אַ שווארצער וואָלקען. זיין פרוי די קעניגין מרים און איהר מוטער אלכסנדרא האָבען זיך דערוואוסט, דאָס הורדוס האָט אָנגעזאָגט דעם קאָמענ-דאַנט פון דער פעסטונג, וואו זיי זיינען געווען אין זיין אָפּוועזענהייט, דאָס ער זאָל די פרויען ערמאָרדען אין פאַל ער וועט פון אוגוסטוס׳ן פון טראָן אַראָפּגעזעצט ווערען. ווען הורדוס איז געקומען צוריק אין ירושלים האָט איהם די קעניגין בעגעגענט מיט גרויס פעראַכטונג. דאָס האָט איהם זעהר שטאַרק אויפגערייצט געגען איהר. סאַלאָמע האָט אין דיזען מאָמענט געגאָסען בוימעל אויף׳ן פייער און האָט איהם ערקלערט, דאָס ער מוז זי באַלד לאָזען הינריכ-טען, וואָרום שפּעטער קען זיין, דאָס פאָלק זאָל מאַכען אַן אויפשטאַנד צוליב איהר. הורדוס האָט זי איבערגעגעבען צום געריכט מיט אַ קלאַגע פון צו פיעל אינטימער פריינדשאַפט מיט׳ן קאָמאַנדאַנט פון דער פעסטונג. די ריכטער האָבען פערשטאַנען דעם וואונש פון קעניג און מען האָט זי פערארורטיילט צום טויט (29). דאָך האָט הורדוס שרעקליך געבענקט נאָך זיין ווייב. אום זיך צו צושטרייען איז ער אוועק אויף אַ יאַגד נאָך שומרון. דאָרט האָט ער זיך פער-קיהלט און מען האָט גערעכענט, דאָס ער וועט שוין שטאַרבען. די שוויגער אלכסנדרא האָט שוין געמאַכט פּלאַנען, זי זאָל ווערען רעגענטין ביז מרים׳ס קינדער וועלען אונטערוואַקסען. אָבער הורדוס האָט זיך וועגען דעם דער-

וואוסט און האָט געהייסען זיי הינריכטען. אזוי זיינען אין 7 יאָהר ערמאָרדעט געוואָרען די לעצטע מיטגלידער פון די חשמונאים: הורקנוס דער צווייטער, זיין טאָכטער אלכסנדרא און איהרע 2 קינדער די קעניגין מרים און איהר ברודער דער כהן גדול אריסטאָבולוס דער 3טער.

אלס הורדוס האָט זיך געפיהלט זיכער אויף'ן טראָן, האָט ער זיך געמאַכט צו זיין אויפגאַבע איינצופיהרען צווישען די אידען די רוימישע קולטור, דערמיט זיך צו'חנפ'ענען צום רוימישען פאָלק. ער האָט אויסגעבויט א טהעאַטער אין ירושלים, ווי אויך צירקען פיר גימנאַסטיק און פיר געפעכטען צווישען מענשען און ווילדע חיות. די אלע זאַכען האָבען פערשאַפט גרויס פערגניגען דעם המון, וועלכער פלעגט מאַכען גרויס לאַרם און האָט פער-ווילדעט דאָס רוהיגע זיטענהאַפטע אידישע פאָלק אין ירושלים. געגען דיזע רעפאָרמעס האָט דאָס אידישע פאָלק מיט 150 יאָהר צוריק געמאַכט אַן אויפשטאַנד און האָט זיין לעבען געאָפּפערט, און יעצט האָט זיינער א קעניג זעלבסט זיי איינגעפיהרט. אָבער דער בעסערער טייל פון פאָלק האָט שטאַרק פראָטעסטירט געגען דעם. עס האָבען זיך געפונען איניגע, וואָס האָבען געמאַכט א פערשווערונג געגען הורדוס'עס לעבען, אָבער הורדוס האָט עס זיך דערוואוסט דורך זיינע שפּיאָנען און האָט שטרענג בעשטראָפט די, וואָס זיינען געווען פערמישט אין דעם (24).

הורדוס איז אויך געווען א גרויסער ליבהאָבער פון געביידעס. ער האָט איבערגעבויט שטעדט און געבויט נייע שטעדט. ער האָט צ. ב. איבערגעבויט די שטאָדט שומרון, וואָס הורקנוס דער ערסטער האָט צושטערט, און האָט איהר א נאָמען געגעבען „סעבאַסטאַ די הייליגע", אזוי ווי „ירושלים עיר הקדושה". אין סעבאַסטאַ האָט ער אויסגעבויט א גרויסאַרטיגען היידען-טעמפּעל צו עהרע פון אוגוסטוס'ן. ניט ווייט פון יפו האָט ער אויסגעבויט א זעהר שענע שטאָדט קיסריה (צעזאַרעאַ) מיט א פעסטונג פיר די גריכען, די גרעס-טע אידישע שונאים, וועלכע זיינען דאָרט געווען די הויפּט-איינוואוינער. ביי אידען איז דאַמאָלס געווען א שפּריכוואָרט: „ווען ירושלים טרויערט, פרייט זיך קיסריה". פיעל געלט האָט ער פערשווענדעט צו בויען היידען-טעמפּלען אין פערשיידענע שטעדט, זאָגאַר אין אַנדערע לענדער, אום צו מאַכען זיך א נאָמען אלס פריינגעביגער גריכען-פריינד. עס פערשטעהט זיך, דאָס די אידישע נאַציאָן האָט געמוזט שאַפען מיט איהר ביטערען שוויים אָט דיזע אלע אומ-געהייערע סומעס. אָבער ער האָט אויך געוואוסט ווי צו געווינען דעם צוטרויען פון אידישען פאָלק. אין יאָהר 24 פ. קר., ווען דאָס פאָלק האָט געליטען פון א גרויסען הונגער, האָט ער פערקויפט פון זיין פּאַלאַץ זעהר פיעלע ווערט-




צעזאַרעא (קיסריה).

פולע זאַכען און האָט פערשאַפט ברויט פון עגיפּטען און געטיילט צווישען דעם פאָלק אומזיסט. ער האָט געוואונען פיעל סימפּאַטהיע פון אידען דערמיט, וואָס ער האָט איבערגעבויט דעם בית המקדש אין גאַנצען פון טייערען מאַר־מאָר־שטיין בעדעקט אין פיעלע ערטער מיט גאָלד. אין פאָלק איז געגאַנגען אַ שפּריכוואָרט: „ווער עס האָט ניט געזעהן דעם בית המקדש פון הורדוס'ן, דער האָט קיין שענע געביידע אין זיין לעבען ניט געזעהן". אָבער ער האָט ענדליך פערלעצט די געפיהלען פון אידישען פאָלק דערמיט, וואָס ער האָט געהייסען אַרויפשטעלען אַ רוימישען אָדלער אויף איינעם פון די טויערן פון בית המקדש.



הורדוס פייערט די שפּילען אין קיסריה (צעזאַרעאַ).

הורדוס איז געווען אַ טרייער איבערגעגעבענער אונטערטאַן צו אָגוסטוס'ן און דעריבער האָט דיזער איהם שטאַרק ליב געהאַט און האָט איהם געגעבען פיעלע שטעדט אַלס מתנות. ער האָט דורך זיין פּאָליטיק אויסגעווירקט פיעלע פּריוויליגיען פיר די אידישע געמיינדעס אין קליין־אַזיען, וועלכע זיינען געווען פערפאָלגט פון די גריכען. אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט איהם געהאַסט צוליב זיין צו גרויסער איבערגעגעבענהייט צו רוים און דער גריכישער קולטור. ער האָט זיינע קינדער געגעבען אַ ניט־אידישע ערציהונג. זיינע ראַטגעבער

זיינען געווען צום מעהרסטען ניט אידען. ער האָט אָפען געזאָגט, דאָס ער גלויבט גריכען און רוימער בעסער ווי אידען.

הורדוס האָט זיך צופיעל ערלויבט געגען דעם ווילען פון פאָלק אין דער הינזיכט פון דעם בעשטימונג פון א כהן גדול. דיזע שטעלע איז אימער געווען בירושה. הורדוס האָט עס אָפגעשאַפט און האָט אָפט געביטען די כהנים גדולים אין זיין צייט ווי איהם האָט געפאַסט. נאָך דעם טויט פון אריסטאָ-בולוס דעם 3טען האָט ער צוריקגערופען דעם כהן חננאל פון בבל, וועלכען ער האָט ארונטערגעזעצט, ווען ער איז געווען געצוואונגען בעשטימען אריסטאָבו-לוס'ן אלס כהן גדול. אָבער חננאל האָט ניט לאנג פערנומען די שטעלע פון כהן גדול, איהם האָט נאָכגעפאָלגט איינער יהושע בן פאבי. נאָך דעם טויט פון דער קעניגין מרים האָט זיך הורדוס פערליבט אין א שענע יונגפרוי מיט'ן נאָמען מרים, די טאָכטער פון שמעון בן ביתוס, א כהן פון אלכסנדריא, און האָט זיין שווער בעשטעטיגט אלס כהן גדול (24), ווייל דיזער איז אין פיעלע הינזיכטען געווען עהנליך צו די צדוקים (אין פיעלע שטעלען פון תלמוד ווערען דערמאָהנט די ביתוסים מיט די צדוקים). אויך דיזער כהן גדול איז ארונטערגעזעצט געוואָרען פון זיין אַמט און נאָך 3 כהנים גדולים האָבען זיך געביטען ביז ענדע פון הורדוס'עס לעבען.

אויך די סנהדרין האָבען אין הורדוס'עס צייטען פערלאָרען זייער פריהער-דיגען ווערט. די פרושים האָבען קיין דעה ניט געהאַט אין דער געזעץ-ערקלערונג. דער ווילען פון דעם דעספאָט הורדוס איז געווען א געזעץ. דאָס פאָלק האָט איהם זעהר געהאַסט און האָט זיך אין דער שטיל פאָרבערייטעט צו אן אויפשטאַנד.

די לעצטע 10 יאָהר פון זיין רעגירונג (פון 14 ביז 4 פ. קר.) איז פאָרגע-קומען אין זיין פאַמיליע א גאַנצע רייהע פון טראַגעדיעס און סקאַנדאַלען. די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע האָבען אינטריגירט איינער געגען אנדערען און האָבען געזוכט איינער דעם אנדערען צו פערניכטען.

הורדוס האָט אין זיין לעבען געהאַט 10 ווייבער. די ערסטע ד אָ ר י ס האָט ער גענומען נאָך איידער ער האָט אפילו גע'חלום'ט צו ווערען קעניג. פון איהר האָט ער געהאַט א זוהן אנטיפאַטער. נאָך דעם, ווי ער האָט געהיי-ראַטעט מרים החשמונאית, האָט ער זיין ערסטע פרוי מיט'ן זוהן ארויסגעשיקט פון ירושלים און האָט זיי פערבאָטען דאָ צו קומען צוריק. נאָך דער הינריכ-טונג פון מרים'ען האָט ער גענומען נאָך אַכט ווייבער. פון מרים'ען זיינען איהם געבליבען פינף קינדער. פון וועלכען מיר ווייסען נאָר דעם שיקזאל פון צוויי: אלכסנדר און אריסטאָבולוס. פון די קינדער פון די איבריגע ווייבער

זיינען בעוואוסט דריי פרינצען: ארכעלאאוס, אנטיפאס און פיליפפוס. די ערסטע צייט האט מען גערעכענט, דאס די קינדער פון מרים החשמונאית וועלען זיין די הערשער אין יהודה נאך הורדוס'עס טויט. ער האט זיי געגעבען אן עכט רוימישע ערציהונג און האט זיי געשיקט לערנען אין רוים. פון א אידישער נאציאנאלער ערציהונג האט ער ניט געוואלט וויסען. 5 יאהר האט געדויערט זייער שטודיום אין רוים און נאך דעם האט זיי הורדוס צוריקגעבראכט אין ירושלים.

דאס פאלק אין ירושלים האט הורדוס'עס קינדער אויפגענומען מיט גרויס ענטוזיאזם. די קינדער זיינען געווען איבערצייגט אין זייער מוטער'ס אונשולד און האבען געהאסט דעם פאטער, וואס האט זי הינגעריכטעט. הורדוס'עס שוועסטער סאלאמע האט געוואוסט דערפון און האט אימער אינטריגירט געגען זיי, דאס זיי פלאנען אפצוראמען הורדוס'ן פון וועג אום זיי זאלען פערכאפען דעם טראן. הורדוס האט געבראכט פון דער פראווינץ זיין זוהן אנטיפאטער און האט איהם אנגעהויבען שטארק מקרב זיין אום דערמיט צו קריינקען די צוויי פרינצען פון מרים'ען. אנטיפאטער האט זיך פערשטעלט און האט געשפילט א ראלע פון אן איבערגעבענעם זוהן. אין יאהר 13 פ. קר. האט ער אוועקגעשיקט אנטיפאטער'ן אין רוים פארשטעלען איהם פאר אוגוסטוס'ן אלס זיין טראן-פאלגער. עס פערשטעהט זיך, דאס די פרינצען פון מרים'ען האט עס געקרענקט. זייערע שונאים האבען אנגעהויבען אינטריגירען געגען זיי. הורדוס האט זיי גענומען אין רוים און האט זיי פערקלאגט פאר אוגוסטוס'ן. דיזער האט זיי אן עצה געגעבען צו שליסען שלום און אויפהערען חושד זיין איינער דעם אנדערען. זיינע ווערטער האבען געווירקט און עס איז שטיל געווארען אויף א קורצע צייט.

עס האט ניט לאנג גענומען און עס האבען זיך אנגעהויבען נייע אינטריגעס. מען האט אויסגעטראכט, דאס די יונגע פרינצען פון מרים'ען האבען געזאגט, דאס ווען זיי וועלען ווערען די הערשער אין לאנד, וועלען זיי ארויסטרייבען אלע מיטגלידער פון הורדוס'עס פאמיליע אין די דערפער, זיי זאלען זיך דארט בעשעפטיגען מיט דארפישער ארבייט. מען האט אויך הורדוס'ן ערצעהלט, דאס זיין זוהן אלכסנדר איז איהם חושד, דאס ער האט א צו אינטימע פריינדשאפט מיט זיין ווייב גלאפירא. הורדוס האט זיך גענומען אויספארשען פון די בעדינטע פון דיזע צוויי פרינצען, וואס זיי וויסען וועגען זיי. דער רעזולטאט פון דיזער אונטערזוכונג איז געווען, דאס הורדוס האט פערשלאסען אלכסנדר'ן אין א פעסטונג (10 פ. קר.). וועגען דעם האט זיך דערוואוסט אלכסנדר'ס שוועהר ארכעלאאוס, דער קעניג פון קאפפאדאציען. ער איז גע-

קומען צו הורדוס’ן און האָט געמאַכט שלום אויף אַ קורצע צייט. עס האָבען זיך אָבער באַלד אָנגעהויבען נייע אינטריגעס. די פרינצען האָבען זיך ענדליך מודה געווען, דאָס זיי זיינען פערטיג געווען צו ענטלויפען פון פאָטער’ס הויז, ווייל זיי האָבען מעהר ניט געקענט איבערטראָגען די אינטריגעס אין הויף. הורדוס האָט זיי אַריינגעוואָרפען אין געפענגנים און האָט אַוועקגעשיקט אַ קלאַגע אויף זיי צו אַוגוסטוס’ן אין רוים. אַוגוסטוס האָט איהם ערלויבט צו האַנדלען ווי ער וויל. ער האָט זיי פער’משפט צום טויט און זיי זיינען הינגעריכטעט געוואָרען אין שומרון, וואו ער האָט מיט 30 יאָהר צוריק געפייערט די חתונה מיט זייער אונגליקליכער מוטער מרים דער חשמונאית.

אַנטיפאַטער’ס פערשווערונג. אַנטיפאַטער האָט זיך יעצט געפונען נעהענטער צום ציל צו ווערען דער טראָן־פאָלגער. די איבריגע פרינצען זיינען איהם געשטאַנען אין וועג, אָבער ער האָט בעשלאָסען זיי אָפּצוראַמען. פריהער איז פיר איהם געווען נויטיג פטור צו ווערען פון הורדוס’ן זעלבסט. צו דיזען צוועק האָט ער זיך פעראייניגט מיט הורדוס’עס ברודער, פ ע ר אָ ר אַ ס, וועלכער איז די לעצטע צייט געוואָרען פיינדליך צו זיין ברודער. עס האָבען זיך אָנגעהויבען בעראַטונגען צווישען אַנטיפאַטער’ן און פעראָראַס’ן. אָבער באַלד האָט זיך דערוואוסט פון דעם סוד די הויפט־שפיאָנין פון הויף, הורדוס’עס שוועסטער סאַלאָמע. הורדוס האָט זיי באַלד צושיידט און האָט פעראָראַס’ן אַוועקגעשיקט אויף אַ שטעלע אויף יענער זייט ירדן. אַנטיפאַטער האָט זיך אָבער געוואוסט ווידער איינצושמייכלען צו הורדוס’ן, ווען הורדוס האָט איהם אַוועקגעשיקט אין רוים מיט אַ וויכטיגער שליחות. הורדוס האָט אָנגעשריבען אַ צוואה, אין וועלכער ער האָט אַנטיפאַטער’ן בעשטימט אַלס זיין טראָן־פאָלגער און האָט געבעטען אַוגוסטוס’ן ער זאָל די צוואה בעשטעטיגען.

אין דער צייט, וואָס אַנטיפאַטער איז געווען אין רוים, איז פעראָראַס, הורדוס’עס ברודער, געשטאָרבען פון פערגיפטונג. אַן אונטערזוכונג האָט בעוויזען, אַז דאָס גיפט איז פאָרבערייט געווען פיר הורדוס’ן, נאָר דורך אַ טעות האָט עס פעראָראַס אויסגעטרונקען, און דער הויפט־שולדיגער איז געווען אַנטיפאַטער. הורדוס איז געוואָרען אויסער זיך פון פערדרוס. ער האָט אַרויסגערופען אַנטיפאַטער’ן פון רוים און האָט איהם איבערגעגעבען צום געריכט. דער פראָצעס האָט בעוויזען די נידערטרעכטיגקייט פון אַנטיפאַטער’ן, וועלכער האָט געזוכט צו ערמאָרדען זיין פאָטער, וואָס האָט איהם בעשטימט צו זיין דער טראָן־פאָלגער, אויך האָט דער פראָצעס בעוויזען, דאָס ער איז געווען

דער הויפט־אינטריגאנט און דער שולדיגער אין דעם טויט פון אלכסנדר און אריסטאבולוס, די זיהן פון מרים דער חשמונאית.

הורדוס איז שוין דאמאלס אלט געווען 70 יאהר און האט געליטען פון אן אונהיילבארער קראנקהייט. דאמאלס האט זיך געטראפען, דאס צוויי וויכטיגע געזעץ־לעהרער פון פרושים האבען געהייסען זייערע תלמידים ארונטערוואַרפען דעם גרויסען רוימישען אדלער, וואס איז געשטאנען אויף'ן טויער פון בית המקדש, און האבען איהם צוהאקט. הורדוס האט געהייסען היגריכטען די לעהרער יהודה בן צריפה (סאריפוס) און מתתיהו בן מרגלא (מארגאלוס) מיט 40 פון זייערע תלמידים. דער כהן גדול מתתיהו איז צוליב דעם פון זיין שטעלע ארונטערגעזעצט געווארען און איינער יועזר פון די ביתוסים איז געווארען כהן גדול אנשטאט איהם. דערווייל איז הורדוס'ן אנגעקומען פון אוגוסטוס'ן אן ערלויבניס צו טאן מיט אנטיפאטער'ן ווי ער פערשטעהט. הורדוס האט ניט לאנג געטראכט און האט איהם הינגעריכטעט. ווען אוגוסטוס האט זיך דערוואוסט דערפון האט ער געזאגט: „עס איז בעסער צו זיין א חזיר ביים אידישען קעניג איידער זיינער א זוהן".

פינף טעג נאך דער הינריכטונג פון אנטיפאטער'ן איז הורדוס געשטארבען (4 פ. קר.). מען ערצעהלט, דאס הורדוס האט אנגעזאגט, מען זאל באלד נאך זיין טויט ערמארדען אלע גרויסע לייט פון ירושלים אום דאס פאלק זאל טרויערן נאך זיי, ווייל ער האט געוואוסט, דאס קיינער וועט נאך איהם ניט טרויערן. אבער דיזער טייפלישער וואונש איז ניט אויסגעפיהרט געווארען. זיינע אנהענגער האבען איהם גערופען **הורדוס דער גרויסער**, צוליב זיין אויסלענדישער פאליטיק. אבער דאס גליק פון א פאלק ווערט ניט געשאצט לויט דעם גלאנץ פון דער אויסלענדישער פאליטיק, נאר לויט דער פרייהייט פון די בירגער און זייער עקאנאמישען, מאראלען און גייסטיגען צושטאנד. הורדוס איז געווען א שקלאף צו אנדערע פעלקער און צו זיין פאלק איז ער געווען א דעספאט, צו זיין פאמיליע א תליון. די אידישע קאנסטיטוציאן (די תורה) האט קיין ווערט ניט געהאט. זיין דעספאטישער ווילען איז געווען דאס געזעץ. דאס פאלק און די רעגירונג זיינען געווען פיינדליך צווישען זיך. עס האט ניט לאנג גענומען און צווישען זיי איז ארויס אן אפענער קאמף.

## ד. הורדוס'עס יורשים. (4 פ. קר.—6 נ. קר.)

הורדוס האט בעטראכט דאס לאנד פון זיין הערשאפט אלס זיין אייגענטום, און דעריבער האט ער עס אין זיין צוואה צוטיילט צווישען זיינע קינדער. ארכעלאאוס'ן האט ער איבערגעגעבען דאס לאנד יהודה און דעם טיטעל קעניג,

אַנטיפּאַס האָט בעקומען דעם גליל און עבר הירדן מיט'ן טיטעל „טעטראַרך", און דער דריטער, פיליפּפּוס, די איבריגע לענדער פון הורדוס'עס הערשאַפט: טראַכאָנידאַ, באַטאַניאַ און די נאָרד־אָסטליכע גרענעץ־לענדער, מיט דעם זעלבען טיטעל „טעטראַרך". אויך זיין שוועסטער סאַלאָמע און אַנדערע קרובים האָבען בעקומען אַ גרויסען טייל אין דער ירושה. באַלד נאָך דעם טויט האָט דער קאַנצלער איבערגעלייענט די צוואה. די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געוועזען צום מעהרסטען פון פרעמדע פעלקער, האָבען באַלד אויסגעשריען: „לע־בען זאָל דער קעניג אַרכעלאַאוס!" און מען האָט הורדוס'ן בעערדיגט מיט גרויס פּאַראַד, אָבער דאָס פאָלק האָט קיין אַנטייל ניט גענומען אין דעם פּאַ־ראַד און האָט זיך געפרייט מיט זיין טויט.



**הורדוס'עם לויה.**

נאָך שבעה איז אַרכעלאַאוס געקומען אין טעמפּעל און האָט געהאַלטען אַ רעדע פאַר'ן פאָלק. דאָס פאָלק האָט אָפען געפאָדערט אייניגע ערלייכטערונ־גען פון דעם נייעם קעניג, איבערהויפּט צו בעפרייען די פּאָליטישע אַרעסטאַנ־טען. אַרכעלאַאוס האָט פערשפּראָכען נאָכגעבען דעם פערלאַנג פון פאָלק נאָך דעם, ווי אויגוסטוס וועט בעשטעטיגען הורדוס'עס צוואה. אַ גרויסער טייל פון פאָלק איז ניט צופרידען געוועזען מיט אַרכעלאַאוס'עס ענטפער און האָט אָנגע־פאַנגען צו אַגיטירען וועגען אַ רעוואָלוציאָן געגען הורדוס'עס דינאַסטיע. זיי האָבען געאָרדענט אַ נאַציאָנאַל־טרויער נאָך די מענשען, וואָס זיינען הינגע־ריכטעט געוואָרען צוליב דעם רוימישען אָדלער, און האָבען געפאָדערט מען זאָל בעשטראָפען הורדוס'עס ראַטגעבער און די אַרונטערזעצונג פון דעם כהן

גדול יועזר. אַרכעלאַאוס האָט געשיקט בעטען דאָס פאָלק זיך צו בערוהיגען ביז עס וועט קומען פון רוים די בעשטעטיגונג פון דער צוואה. דאָס פאָלק האָט אָבער ניט געוואָלט ווארטען.

ערב פסח (4 פ. קר.) איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס אין בית המקדש צווישען דעם פאָלק און דער רעגירונג. אַרכעלאַאוס האָט געשיקט סאָלדאַטען צו בעשטראָפען די בונטאַוושטשיקעס. איבער 3,000 מענשען זיינען גע'הרג'עט געוואָרען אין בית המקדש. דאָס פאָלק האָט פערהאַסט אַרכעלאַאוס'ן ווי זיין פאָטער הורדוס'ן. באַלד נאָכדעם איז אַרכעלאַאוס אַוועק נאָך רוים, אום אויסצואווירקען אַ שנעלע בעשטעטיגונג פון דער צוואה. אַזוי באַלד ווי ער איז אַוועק נאָך רוים איז אָנגעקומען פון אויגוסטוס'ן אַ פּראָקוראַטאָר סאַבינוס צו האַלטען אָרדנונג אין לאַנד ביז ער וועט בעשטעטיגען די צוואה. סאַבינוס איז אָבער געווען אַ גרויסער געלט־גייץ און האָט זיך בענוצט מיט זיין אַמט צו דריקען און פּלינדערן דאָס פאָלק. דאָס האָט שטאַרק אויפגערייצט די אידען געגען איהם. דערווייל איז אָנגעקומען דער יום טוב שבועות און אין ירושלים זיינען אָנגעקומען זעהר פיעלע פּילגרימער (עולי רגל), וועלכע זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף סאַבינוס'עס האַנדלונג. דיזער האָט אַרויס־געשיקט רוימישע סאָלדאַטען געגען פאָלק און זיי האָבען אָנגעמאַכט אַ שרעקלי־שחיטה. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַריינגעריסען אין טעמפעל און האָבען גערויבירט, וואָס זיי האָבען געקענט. סאַבינוס זעלבסט איז אויך געקומען צו דער חלוקה און ער האָט בעראַבעוועט דעם טעמפעל אויף 400 טאַלענטען. דאָס פאָלק האָט זיך פערזאַמעלט אַרום דעם קעניגליכען פּאַלאַסט, וואו סאַ־בינוס האָט זיך מיט זיינע סאָלדאַטען פערשלאָסען. די רעוואָלוציאָן האָט זיך אויך פערשפּרייט אין דער פּראָווינץ. עס איז געוואָרען אַן אויפשטאַנד אין גליל אונטער דער פיהרערשאַפט פון יהודה דעם זוהן פון חזקיה, וועל־כער איז ערמאָרדעט געוואָרען פון הורדוס'ן אָהן דין און משפט. יהודה און זיינע אָנהענגער האָבען איבעראַל געטויט די רוימער און די אָנהענגער פון הורדוס'ן. אויך אין עבר הירדן איז געוואָרען אַן אויפשטאַנד אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ גרויסען גביר שמעון.

באַלד ווי דער סירישער שטאַטהאַלטער וואַררוּס האָט זיך דערוואוסט פון דעם אויפשטאַנד האָט ער גענומען זיינע לעגיאָנען און איז אַוועק צו בערוהיגען דעם אויפשטאַנד. פריהער האָט ער דערשטיקט דעם אויפשטאַנד אין גליל און האָט זיך גרויזאַם אָפּגערעכענט מיט דער שטאָדט צפורי, וועל־כע איז געווען אַ נעסט פון דער רעוואָלוציאָן. נאָך דעם איז ער אַוועק נאָך ירושלים. באַלד ווי די רעוואָלוציאָנערען האָבען דערהערט, דאָס וואַררוּס

קומט אן, האבען זיי אויפגעגעבען די בעלאגערונג פון דעם פאלאץ, וואו סאבינוס איז געווען פערשלאסען. סאבינוס איז באלד ענטלאפען פון ירושלים, ווייל ער האט מורא געהאט, דאס ווארא וועט איהם בעשטראפען פיר דעם אויפשטאנד, וואס ער האט פעראורזאכט מיט זיין שלעכטער רעגירונג, און ירושלים האט זיך בערוהיגט. ווארא האט דאן געשיקט מיליטער צו דער-שטיקען די רעוואלוציאן אין דער פראווינץ. מען האט געכאפט איבער 2,000 רעוואלוציאנערען און מען האט זיי געקרייציגט. דיזע צייט איז אויף לאנג געבליבען אין דעם געדעכטניס פון פאלק אלס א זעהר טרויעריגע.

אין רוים האבען זיך הורדוס'עס יורשים געריסען צוליב דעם טיטעל „קעניג". הורדוס אנטיפאס האט גע'טענה'עט, דאס אין דער פריהערדיגער צוואה האט דער פאטער איהם געגעבען דעם טיטעל קעניג, ניט טעטרארך. אוגוסטוס האט צוזאמענגערופען זיינע בעאמטע און האט געהייסען די יורשים זיי זאלען פארלעגען זייערע טענות דורך אדוואקאטען פאר די הויכע בע-אמטע. נאך דעם, ווי ער האט אויסגעהערט ביידע צדדים, האט אוגוסטוס בע-שטעטיגט ארכעלאאוס'ן אלס קעניג און די פראגע פון צוטיילען דאס לאנד צווישען די יורשים האט ער אפגעלעגט אויף אן אנדער צייט.

באלד נאך דעם איז אנגעקומען א דעפוטאציע פון די אידען אין ירושלים און האט געבעטען דעם קיסר ער זאל זיי אין גאנצען בעפרייען פון דער טיראנישער דינאסטיע הורדוס. זיי האבען בעסער געוואלט האבען זייער אויטאנאמיע אונטער דעם שוץ פון רוים, און זיי האבען פערשפראכען צו זיין טרייע אונטערטאנען פון רוים. אבער ארכעלאאוס'עס אדוואקאט, ני-קאלאוס פון דמשק, האט ערקלערט דעם קיסר, דאס די דעפוטאציע דריקט נאר אויס דעם וואונש פון די רעוואלוציאנערען. דער קיסר האט בעשטע-טיגט די לעצטע צוואה פון הורדוס'ן מיט קליינע ענדערונגען. ארכעלאאוס האט בעקומען דעם טיטעל „עטהנארך" און די ברידער דעם טיטעל „טעט-ראַרך."

ארכעלאאוס האט רעגירט 10 יאהר און איז געווען דער זעלבער דעס-פאט ווי זיין פאטער. ער האט איבערגעביטען דריי כהנים גדולים אין זיין צייט. ער האט ניט געהאלטען פון די אידישע געזעצען און ער האט געהיי-ראטעט די פרוי פון זיין ברודער אלכסנדר, וואס איז הינגעריכטעט געווארען, הגם זי האט געהאט קינדער פון איהר פערשטארבענעם מאן.

דאס פאלק איז געווען שרעקליך אויפגעבראכט אויף ארכעלאאוס'ן פיר זיין טיראניי; מען האט געשיקט א דעפוטאציע צו אגוסטוס'ן מיט ריכ-טיגע בעווייזען, דאס ער איז א טיראן און איז ניט פעהיג צו זיין א רעגירער.

אויף די שומרונים האָבען געבראַכט געגען איהם קלאַגעס מיט בעווייזען פון זיין טיראַניי. אוגוסטוס האָט אַרויסגערופען אַרכעלאַאוס׳ן אין רוים זיך צו פערענטפערן, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען, ווייל די קלאַגעס זיינען געווען זעהר ערנסט און בעוויזען. דער קיסר האָט איהם אַרונטערגעזעצט פון טראָן און האָט איהם פערשיקט אין וויענאַ (גאַלליען). יהודה איז דאַמאָלס געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ אונטער דער הערשאַפט פון אַ רוימישען פּראָקוראַטאָר.

## ה. דאָס גייסטיגע לעבען אין יהודה און אין די גלות־לענדער.

דער קאַמף צווישען די צדוקים און פּרושים, וועלכער פּרינציפּ זאָל הערשען אין לאַנד — **דער רעליגיעזער אָדער דער וועלטליכער, האָט אין דער** צייט, וואָס דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דעם שוץ פון רוים, בעקומען אַן אַנדערען כאַראַקטער. דאַמאָלס איז די פראַגע געוואָרען: ווער זאָל הערשען — די חשמונאים אָדער הורדוס? אין דער ערסטער צייט זיינען די צדוקים געווען אויף דער זייט פון די חשמונאים. אָבער נאָך דעם, ווי די חשמונאים זיינען געפאַלען, זיינען זיי געוואָרען אָנהענגער פון הורדוס׳ן. מיט זיי האָבען זיך פערייניגט די כהנים גדולים פון דער פאַמיליע ביתוס. די אסיים האָבען קיין אָנטייל ניט גענומען אין דער פּאָליטיק. **זיי האָבען** געהאָפט אויף „מלכות שדי" און דעריבער זיינען זיי מיט קיין קעניג ניט געווען צופרידען, ניט פון די חשמונאים **און ניט פון הורדוס׳ן. הורדוס** איז צופרידען געווען מיט זייער האַלטונג און **האָט זיי געלאָזען צורוה.**

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט די פּרושים, וועלכע זיינען אונצופרידען געווען מיט די רוימער און מיט זייערע משרתים די הורדוסיטען. און דעריבער האָבען זיי געשטיצט די אויפשטענדען אין גליל און האָבען געוואָלט בעשטראָפען הורדוס׳ן דערפאַר, וואָס ער האָט ערמאָרדעט חזקיה׳ן, דעם אָנפיהרער פון דער רעוואָלוציאָן אין גליל. אָבער ניט אַלע פּרושים האָבען דאַמאָל אָנטייל גענומען אין פּאָליטיק. פיעלע פון זיי האָבען פערשטאַנען, דאָס די רוימער זיינען צו שטאַרק מען זאָל זיי קענען בעקעמפען, און **דעריבער האָבען זיי זיך איבערגעגעבען צו פאָרשען דאָס גייסטיגע יודענטום.** צו דיזע פּרושים האָבען געהערט **שמעיה** און **אבטליון**. **הורדוס** האָט זיי דעריבער געלאָזען צורוה, הגם זיי מיט זייערע 6,000 אָנהענגער האָבען זיך ענטזאָגט איהם צו שווערען טרייהייט. הורדוס האָט בעשטראָפט די פּרושים, וועלכע האָבען גענומען אָנטייל אין דעם בונט פון זיין ברודער פעראָראַס.

נאָך דעם טויט פון שמעיה און אבטליון זיינען געוואָרען די פאָרשטעהער פון די פרושים און די סנהדרין, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט נאָר מיט׳ן פאָרשען דאָס געזעץ — ה ל ל און ש מ א י. הלל האָט געשטאַמט פון די מלכי בית דוד. ער איז געבאָרען געוואָרען אין בבל אין יאָהר 75 פ. קר. און איז געשטאָרבען 5 נ. קר. ער איז געקומען אין ירושלים מיט׳ן צוועק גרינדליך צו ערלערנען דאָס אידישע געזעץ. ער איז געווען זעהר אָרים און האָט מיט גרויס שוועריגקייט געצאָהלט דעם טיר־וועכטער פיר זיין אריינקומען אין די אַקאַדעמיע צו הערען די לעקציעס פון שמעיה און אבטליון. ער האָט געהאַט גרויס ערפאָלג אין זיין לערנען און איז נאָך דעם טויט פון שמעיה און אבטליון געוואָרען דער הויפּט פון די סנהדרין. א קורצע צייט פאַר הלל׳ן האָבען די בני בתירה פערנומען דיזע שטעלע און זיי זיינען אַרונטער צוליב פאָלגענדען צופאַל. איין מאָל שבת ערב פּסח האָבען די בני בתירה ניט געוואוסט צו ענטפערן די שאלה: ווי זאָל מען בריינגען די חלפים אין בית המקדש צו קוילען דעם קרבן פסח. הלל האָט געזוכט צו בעווייזען מיט שכל, דאָס מען מעג זיי בריינגען, ווייל ווען מען מעג קוילען, מעג מען דאָך אויך טראָגען דעם חלף אום צו קענען מאַכען דעם קרבן פסח אין דער צייט. אָבער עס האָבען איהם ניט געהאָלפען אַלע זיינע לאָגישע בעווייזען ביז ער האָט געזאָגט: „איך האָב עס אַזוי געהערט פון שמעיה און אבטליון״. דאַן האָבען די בני בתירה ערלויבט דעם עולם צו טראָגען די חלפים אין בית המקדש אום שבת. נאָך דיזער געשיכטע זיינען די בני בתירה אַרונטער פון זייער שטעלע און הלל האָט זי פערנומען.

הלל איז געווען דער ערסטער, וואָס האָט געשטעלט די געזעץ־פאָרשונג אויף א שכל׳דיגען גרונד. ער האָט געשאַפען 7 מדות (לאָגישע פּרינציפּען), ווי צו ערקלערען די געזעצען פון דער תורה שבכתב און צופּאַסען זיי צו די פאָדערונגען פון דער צייט. דערמיט האָט מען אין פיעלע פעלען אָפּגעשאַפט די געגנערשאַפט פון די צדוקים, וועלכע האָבען ניט געוואָלט וויסען פון ענדערן דאָס געזעץ און צופּאַסען עס צום לעבען. מיט דיזער מעטאָדע האָט הלל צום ביישפּיל אָפּגעשאַפט די אייניגע געזעצען פון שמטה, וועלכע האָבען שטאַרק געשאַדט דעם מסחור. דאָס געזעץ, לויט וועלכען אַלע געלדער, וואָס מענשען זיינען שולדיג איינער דעם אַנדערן, האָט קיינער קיין רעכט ניט צו מאָהנען ווי באַלד עס טרעט אריין דאָס שמטה־יאָהר, האָט געשטערט דעם האַנדעל. הלל האָט מתקן געווען דעם פּ ר ו ז ב ו ל, דאָס איז געווען א דאָקומענט, דורך וועלכען יעדער מלוה האָט איבערגעגעבען די קאָלעקטירונג פון זיינע חובות פאַר דעם שמטה־יאָהר צום געריכט, וועלכעס

האָט זיי געקענט איינמאָהנען צו יעדער צייט. מיט דיזען אופן איז די גע-פאַהר פון שמטה אראָפּ פון אַלע חובות און דער קרעדיט איז צוריק גוט געוואָרען.

דאָס יודענטום האָט הלל פערשטאַנען גאַנץ אַנדערס, ווי זיין קאָלעגע שמאַי. עס איז אַמאָל צו איהם געקומען אַ גוי מיט דער ביטע ער זאָל איהם ערקלערען גאַנץ קורץ, וואָס איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון יודענטום, ווייל ער וויל זיך מגייר זיין. הלל האָט איהם געזאָגט דאָס מענשען־ליבע איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון דער אידישער רעליגיאָן. הלל האָט זיך אויס-געצייכענט מיט גרויסער מילדקייט און פריינדליכקייט צו יעדען מענשען. עס האָבען אַמאָל צוויי מענשען געוואָטען, אויב איינער פון זיי וועט קענען הלל'ן ארויסברייננגען פון געדולד און מאַכען איהם בייז. איינער איז אַוועק צו איהם ווען ער איז געזעסען אין אַ וואַנע ערב שבת, און האָט איהם ארויס-גערופען אויף צו פרעגען אַ זעהר וויכטיגע זאַך. הלל איז ארויס צו איהם בעדעקט מיט אַ לייַלאַך און יענער האָט איהם געפרעגט: „פאַר וואָס זיינען די אויגען ביי די תרמודיים רויט?" הלל האָט איהם רוהיג געענטפערט: „ווייל דער אָרט, וואו זיי וואוינען איז זעהר זאַמדיג". מיט איינינע מינוטען שפּע-טער איז דער מאַן ווידער געקומען צו הלל'ען, האָט איהם ווידער ארויס-גערופען פון דער וואַנע און האָט איהם געפרעגט נאָך אַזא נאַרישע פראַגע און הלל האָט איהם ווידער געענטפערט רוהיג, ניט אויפגערעגט. אַזוי האָט זיך עס ווידערהאָלט איינינע מאָל און דעם פרעבען מאַן איז ניט געלונגען הלל'ען אין כעס אריינצוברייננגען, און ער האָט דורך דעם פערלאָרען דאָס געוועט פון 400 טאָלער. זיינען שפּרוכען זיינען געווען: „ליב פרידען", „ליב יעדען מענשען", „אורטייל ניט דעם אַנדערען ביז דו וועסט ניט זיין אין זיין לאַגע", און נאָך פיעלע אַזעלכע. גאַנץ אַנדערס איז געווען זיין קאָ-לעגע שמאַי. ער איז געווען זעהר שטרענג אין אויספיהרען די רעליגיעזע געזעצען זאָגאַר אויף קינדער. ער האָט געצוואונגען זיינעם אַ קליינעם זוהן צו פאַסטען. ווען עס איז איהם געבאָרען געוואָרען אַן עניקעל אַ זכר האָט ער געהייסען, דאָס די יולדת זאָל ליגען מיט'ן קינד אין סוכה. דער גוי, וואָס איז געקומען צו הלל'ען זיך מגייר זיין (זעה אויבען) איז מיט דער זעלבער ביטע פריהער געווען ביי שמאַי'ן און דיזער האָט איהם ארויסגעטרי-בען, מיט די ווערטער: „ביי אונז זיינען ניטאָ קיין הויפּט־פּרינציפּען—אַלעס איז ביי אונז וויכטיג". דער גייסט פון דיזע צוויי געלעהרטע, הלל און שמאַי, האָט געהערשט אין די שולען, וואָס זיי האָבען געגרינדעט (בית שמאַי, בית הלל). די שולע פון שמאַי האָט זיך געהאַלטען פעסט אָן דער תורה שבכתב.

די שולע פון הלל האָט געמאַכט נייע געזעצען, וועלכע דאָס לעבען האָט געפאָדערט, און וועלכע זי האָט ענטוויקעלט דורך די לאָגישע מעטאָדע (מדות) פון דיזען גרויסען לעהרער הלל.

**אידישע קהילות אין עגיפּטען, קירענאַאיקע, בבל און רוים.** פון דער צייט, וואָס דאָס לאַנד יהודה איז געקומען אונטער דעם שוץ פון די רוימער און דער דעספּאָטישער רעגירונג פון הורדוס'ן, האָבען די אידען אָנגעהויבען עמיגרירען אין גרויסע מאַסען נאָך אויסלאַנד. איינע פון די גרעסטע קהלות אין די גלות־לענדער איז געוועזען די אַלעקסאַנדרינישע אידישע געמיינדע, וועלכע האָט געצעהלט אַ מיליאָן נפשות. אַז אַלעקסאַנדריען איז געקומען אונטער די הערשאַפט פון רוים האָט די רוימישע רעגירונג די אי־דען געגעבען פולע אויטאָנאָמיע און האָט געהאַט צו זיי מעהר צוטרויען ווי צו די גריכען. דער ענטהנאַרך (פאָלקס־פירסט) פון שטאָדט, וועלכער איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דעם שטאָדט־ראַט, איז געווען אימער אַ איד; אויך דער שאַצמייסטער פון דיזער בעריהמטער שטאָדט איז געווען אַ איד. די שטאָדט איז געווען איינגעטיילט אין 5 קוואַרטאַלען; 2 פון זיי זיינען געווען בעזעצט פון אידען, און דיזע קוואַרטאַלען זיינען געווען די וויכ־טיגסטע. די גריכען אין אַלעקסאַנדריען האָבען מקנא געווען די אידען זייערע פּריווילעגיעס און האָבען זיי שטאַרק געהאַסט. דער האַס איז גע־וואַקסען צוליב דער אידישער קאָנקורענץ אין האַנדעל. דיזער האַס האָט געפיהרט צו אָפטע רייסערייען און קריג צווישען די אידען און די גריכען. אַן אַנדערע אידישע קהלה האָט זיך געגרינדעט אין צפון־אַפריקאַ (קירענאַ־איקע). זיי האָבען דאָרט אויך געהאַט אַ ברייטע אויטאָנאָמיע, די גריכען האָבען עס געוואָלט אָפּנעהמען פון זיי, אָבער דער קיסר אַוגוסטוס און זיין נאָכפאָלגער מאַרקוס אַגריפּפּאַ האָבען שטרענג פערבאָטען צו טאָן שלעכטעס צו די אידען.

די אידען אין די גלות־לענדער האָבען אין די ערסטע צייטען שטאַרק געשטיצט דעם בית המקדש אין ירושלים, וואו דער געטליכער דינסט איז בעשטאַנען פון קרבנות. אָבער ביסלאַכווייז איז דער פערבאַנד שוואַכער געוואָרען. זיי האָבען געגרינדעט אייגענע סינאַגאָגען, אין וועלכען מען פלעגט יעדען שבת לעזען אַן אָפּטיילונג פון דער תורה אין גריכישער איבער־זעצונג. דער נאַציאָנאַלער גייסט איז אימער שוואַכער געוואָרען, און ווען ניט זייער אַנטיפּאַטיע צום הײדענטום וואָלטען זיי זיך לאַנג אַסימילירט מיט אַנדערע פעלקער. אָבער עס האָבען זיך אויך געפונען צווישען די אידען אין די גלות־לענדער פיעלע, וועלכע האָבען געזוכט דורך שריפטען צו בעווייזען

דעם גריכישען פובליקום דעם פאַרצוג פון דער אידישער רעליגיאָן איבער דער היידנישער, דער גריכישער. צו דיזע ווערק געהערען: די „סיבילליגען" (נביאות), פאָעטישע ווערק, וואָס שטעלען פאַר די ערהאַבענהייט פון דער זיטענלעהרע פן דער אידישער רעליגיאָן און די זינלאָזיגקייט פון דער גריכישער מיטהאָלאָגיע. אויך אידישע פילאָזאָפען האָבען געשריבען ווערק מיט'ן צוועק צו בעווייזען, דאָס די גריכישע פילאָזאָפיע שטימט דורכאויס מיט די לעהרעס פון דער הייליגער שריפט. דער וויכטיגסטער פון דיזע שרייבער אין יענער צייט איז געווען פ י ל אָ ן ד ע ר א ל ע ק ס אַ נ ־ ד ר י נ ע ר.

מערקווירדיג איז, דאָס די רוימער, וועלכע האָבען אַזוי שטאַרק געדריקט די אידען אין זייער אייגענעם לאַנד, אין יהודה, זיינען געווען זעהר גוט צו די אידען, וועלכע זיינען געווען אונטער זייער שוץ אין אַנדערע לענדער, האָבען זיי געגעבען פולע אויטאָנאָמיע און האָבען זיי בעשיצט געגען זייערע אַנגרייפער, די גריכען. דער רוימישער קאָנסול יוליוס גאַיוס האָט בעפוי־לען די איינוואוינער פון דער אינזעל פּאַראָס זיי זאָלען ניט שטערען די אידען אין זייער רעליגיאָן און ניט רויבען זייער פרייהייט אין קיינע היני־זיכטען, ווייל רוים רעכענט די אידען פיר איהרע בעסטע פריינד און טרייע בונד־חברים. אַנטאָניוס האָט בעפרייט די אידען אין קליין־אַזיען פון מי־ליטער־דינסט, ווייל דאָס שטערט זיי היטען זייערע געזעצען פון שבת און כשרות. יוליוס צעזאַר, אויגוסטוס און אַנדערע רוימישע קיסרים האָבען שטרענג פערבאָטען די פעלקער אין אַלע לענדער, וואָס זיינען געווען אונ־טער זייער מאַכט, ניט צו שטערען די אידען צו זאַמלען נדבות פיר זייער בית המקדש, ניט הינדערן זיי אין זייער געטליכען דינסט און צו לעבען לויט זייערע געזעצען, ניט צו צווינגען זיי קומען אין די געריכטס־הייזער אום שבת און יום טוב, ווייל דאָס אידישע פאָלק איז אימער געווען פריינדליך צום רוימישען פאָלק. פיר גנב'ענען עטוואָס פון אַ אידישער שול איז דער גנב געווען אונטערוואָרפען אונטער זעהר אַ שטרענגער שטראָף.

אין יאָהר 14 פ. קר. האָבען די אידען זיך בעקלאָגט פאַר מאַרקוס אַג־ריפּפּאַ, דעם מיט־רעגירער פון קיסר אויגוסטוס, דאָס די גריכען פון די יאָ־נישע שטעדט שטערען זיי אין זייער געטליכען דינסט, רופען זיי אין די געריכטס־הייזער אום שבת און יום טוב, צווינגען זיי צו מיליטער־דינסט, וואו זיי קענען ניט נאָכקומען זייערע רעליגיעזע פאָדערונגען, און מאַכען פיר זיי בעשרענקונגען אין ערווערבען גרונד־אייגענטום א. ד. גל., און ער האָט זיי פערשפּראָכען אָפּצושאַפען די אַלע בעשרענקונגען. אין די סירישע

שטעדט אנטיאָכיא און דמשק זיינען געווען צוויי גרויסע אידישע קהלות. דאָרט איז דער האס פון די גריכען פיעל אָפּגעשוואכט געוואָרען, ווייל די אידישע פּראָפּאגאנדע פיר דאָס יודענטום האָט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דעם הייזדענטום דורך דעם, וואָס די אידישע געלעהרטע האָבען פער-אייניגט די תורה מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע. אָבער די וויכטיגסטע אי-דישע קהלות פון יענער צייט זיינען געווען אין בבל, און די גרעסטע פון זיי אין נציבין און נהרדעא. דאָרט איז געווען אַן אמת'ער מקום תורה, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אַזא גרויסע פּערזאָן ווי הלל הזקן. די אידישע קול-טור האָט זיך דאָרט ענטוויקעלט אין איהר נאַטירליכען גאַנג, אָהן א צו-פּאַרבונג מיט א פּילאָזאָפיע און קולטור פון אַן אַנדער פאָלק, ווי עס איז געווען דער פאַל אין די שטעדט מיט א גריכישער בעפעלקערונג. פילאָן איז דער טיפּ פון א אידישען געלעהרטען אונטער דעם איינפלוס פון דער גריכישער קולטור און הלל איז א ריין־אידישער נאַציאָנאַלער טיפּ.

אין גריכענלאַנד האָבען זיך געגרינדעט אידישע קהילות שוין אין 2טען יאָהרהונדערט פ. קר. אין דער צייט, וואָס די גריכען האָבען געפיהרט מלחמות מיט די חשמונאים, זיינען פיעלע אידען געבראַכט געוואָרען אַהין אַלס קריגס־געפאַנגענע און זיינען פערקויפט געוואָרען אַלס שקלאַפען, אָבער זיינען באַלד אויסגעקויפט געוואָרען פון זייערע ברידער אין ארץ ישראל. דיזע בעפרייטע שקלאַפען האָבען דאָרט געגרינדעט די ערסטע אידישע קהלות. פּאָמפּעיוס האָט שפּעטער געבראַכט פיעלע אידישע געפאַנגענע אין רוים, און אויך דיזע זיינען אויסגעלעזט געוואָרען פון זייערע ברידער און האָ-בען אין רוים געגרינדעט א אידישע קהלה. די אידען האָבען דאָ גיך בעקו-מען רוימישע בירגער־רעכטען און פיעלע האָבען אָנטייל גענומען אין דער פּאָליטיק פון רוים און זערמיט פיעל נוצען געבראַכט זייערע ברידער אין יהודה, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון די רוימער. די אידען האָבען געהאַט פיינד צווישען די רוימער, ווי דעם בעריהמטען רעד-נער ציצעראָ, אָבער זיי האָבען אויך געהאַט פיעלע גוטע פריינד, ווי יוליוס צעזאַר, וועלכע האָבען געוואוסט צו שעצען זייער טרייהייט און אינטעלי-גענץ. עס ווערט ערצעהלט, דאָס נאָך צעזאַר'ס ערמאָרדונג האָבען די אי-דען פון רוים פערבראַכט א גאַנצע נאַכט אין געוויין און טרויער.

די אידען פון רוים זיינען געווען שטאַרק רעליגיעז און האָבען געהיט זייערע שבתים און ימים טובים, די שפּייז געזעצען (דינים פון כשר און טרפה) און האָבען זיך פון וויטען געהאַלטען פון אַנדערע פעלקער. דאָס




דאמאסקוס (דמשק).

האט אפטמאל זעהר אויפגערייצט געגען זיי די גוים, איבערהויפט די רוי־מער, וועלכע זיינען געוועהנט געווען צו זעהן, ווי אנדערע פעלקער אסימילי־רען זיך מיט זיי.

## ו. די רוימישע הערשאפט אין יהודה. (6 פ. קר.—73 נ. קר.)

נאך דעם, ווי ארכעלאאוס איז פערשיקט געווארען, האט אין יהודה גע־הערשט א רוימישער פראקוראטאר. דיזער איז געווען א זעלבשטענדיגער הערשער, הגם ער איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון סירישען שטאט־האלטער. די הויפט־קווארטיר פון דעם פראקוראטאר און זיין מיליטער איז געווען אין צאזארעא (קיסריה) ביים ברעג פון מיטלענדישען ים. אין ירושלים איז אויך געשטאנען א רוימישע גארניזאן אין דער פעסטונג אנ־טאניא אויף'ן הר הבית געגען דעם בית המקדש אום צו פערהיטען פון אן אויפשטאנד. אין א יום טוב, ווען עס פלעגען אנקומען עולי רגל פון גאנצען לאנד, פלעגען די סאלדאטען שטעהן ביים אריינגאנג פון טעמפעל אום צו פערהיטען אונרוהען. דאס פאלק האט זיך געפיהלט בעליידיגט דערפון, און דאס האט זיי מעהר צורייצט.

זייענדיג אונטער דער רוימישער הערשאפט האבען די אידען געהאט צו צאהלען 3 סארטען שטייערן: קאפ־שטייער, אפצאהל פון גרונד־אייגענ־טום און אפגאבען פון סחורות. די ערסטע צוויי האט דער פראקוראטאר גע־זא־מעלט דורך זיינע בעאמטע, די דריטע פלעגט מען פערקויפען צו צאל־פעכטער (מוכסים), וועלכע פלעגען שינדען די הויט פון פאלק. דיזע זיינען זעהר אפט געווען אידען און זיינען געווען זעהר פערהאסט ביים פאלק. דער פראקו־ראטאר האט אויך געהאט צו זאגען איבער אידישע געריכטס־הייזער און האט געקענט אומשטויסען דעם בעשלוס אפילו פון די סנהדרין, איבערהויפט אין קרימינאל־פראצעסען. אבער אין אלע אנדערע הינזיכטען האט דאס פאלק געהאט פולע אויטאנאמיע. די סנהדרין זיינען געווען די געזעץ־מאכער און געזעץ־ערקלערער. דער כהן גדול איז געווען דער פארזיצענדער אין סנהדרין. מעהר פון אלעם זיינען געווען געזיכערט זייערע רעליגיעזע געזעצען און מנהגים. אויף אידישע מטבעות איז נאר געווען דער נאמען „קיסר", אבער קיין בילד, וויל די אידישע רעליגיאן פערוועהרט עס. ווען די סאלדאטען האבען בעדארפט דורכגעהן ירושלים, האבען זיי ניט געטראגען זייערע פלא־גען, וויל אויף זיי איז געווען דעם קיסר'ס בילד, אויך קיין סטאטוע האט זיך ניט געפונען אין ירושלים.

באַלד ווי דאָס לאַנד יהודה איז געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ האָט דער קיסר אַוגוסטוס געהייסען מען זאָל מאַכען אַ פאָלקס-צעהלונג אום מען זאָל וויסען, וואָס פיר שטייערן מען זאָל אויף זיי אַרויפלעגען. דאָס פאָלק האָט דאַמאָלס דערפיהלט, וואָס עס הייסט זיין אונטערוואָרפען אונטער אַ פרעמדען יאָך. אין דער פּראָווינץ האָט דער צענזוס אַרויסגערופען ערטער-ווייז אונרוהען. אויך אין ירושלים איז די מאַסע געווען שטאַרק אויפגע-בראַכט געגען דעם, אָבער דער כהן גדול יועזר און אַנדערע פּאַרנעהמע בירגער האָבען בערוהיגט דאָס פאָלק און ניט דערלאָזען צו אונרוהען. שוין אין אָנ-פאַנג ווי יהודה איז אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער דעם רוימישען יאָך, האָט זיך געבילדעט אַ פּאַרטיי מיט'ן נאָמען ק נ א י ם (צעלאָטען), וועלכע האָט זיך געמאַכט אַלס איהר אויפגאַבע צו בעפרייען דאָס אידישע פאָלק פון רוימישען יאָך. אָבער די פרושים האָבען זיי אָפּגעהאַלטען 50 יאָהר פון טאָן עטוואָס וועגען דעם.

נאָך דעם טויט פון אַוגוסטוס (14 נ. קר.) איז געוואָרען קיסר טיבעריוס (14—37). ער איז געווען שלעכט צו די אידען אין זיין צייט האָט די אידישע רעליגיאָן געפונען פיעלע אָנהענגער אין רוים. פולוויא, די ווייב פון סענטאָאר סאַטורנינוס, האָט געגעבען גרויסע מתנות צום בית המקדש, און דערפאַר האָט איהר טיבעריוס אַרויסגעטריבען פון לאַנד. דער זעלבער האָט אַרויסגעטריבען פון רוים 4,000 אידען דערפאַר, וואָס די אידישע רע-ליגיאָן האָט זיך דאַמאָלס פערשפּרייט אין רוים: דערצו האָט איהם אי-בערהויפּט געפיהרט זיין ראַטגעבער, אַ שונא ישראל, סעיאַנוס. אָבער באַלד נאָך סעיאַנוס'עס טויט האָט טיבעריוס ערלויבט די אַרויסגעטריבענע אידען זיך צוריקקעהרען אין רוים.

די פּראָקוראַטאָרען האָבען מיסברויכט זייער מאַכט צו בעשטעטיגען און אַרונטערזעצען כהנים. אין אַ קורצער צייט זיינען איבערגעביטען גע-וואָרען אַ גרויסע צאָהל כהנים גדולים, זיי פלעגען כמעט קיינער ניט בליי-בען אין אַמט אַ יאָהר. נאָך איינער יוסף קאַיאַפאַס (כיפא) איז פערבלי-בען אין זיין אַמט אַ לאַנגע צייט.

דער פּראָקוראַטאָר פּילאַטוס. פּילאַטוס איז געווען אַ טיראַן און האָט זיך בענומען געגען די אידען און דער אידישער רעליגיאָן מיט גרויס חוצפה. איינמאָל האָט ער אַריינגעשיקט אין ירושלים אַ ראָטע סאָלדאַ-טען מיט רוימישע פלאַגען, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעמאָלט דעם קיסר'ס בילד. אַ גרויסע מאַסע אידען זיינען אַוועק צו איהם אין קיסריה און האָבען איהם געבעטען ער זאָל צונעהמען די בילדער פון דער

הייליגער שטאָדט ירושלים. פּילאַטוס האָט זיי געשיקט זאָגען, דאָס ווען זיי וועלען ניט באַלד אַוועק פון קיסריה צוריק אין ירושלים, וועט ער היי־סען זיינע סאָלדאַטען זיי הרג'ענען. די מאַסע אָבער האָט זיך צולעגט אויף דער ערד און האָט געזאָגט: „טו מיט אונז וואָס דו ווילסט, מיר קענען ניט געהן אין ירושלים און זעהן ווי די הייליגע שטאָדט איז געשענדעט". פּילאַטוס האָט זיך געוואונדערט אויף זייער מסירת נפש און האָט די ביל־דער צוגענומען פון ירושלים. אַ ביסעל שפּעטער האָט זיך איהם פער־וואָלט מאַכען אין ירושלים אַ וואַסער־לייטונג און האָט צו דיזען צוועק בע־רויבט דעם טעמפּעל. דאָס פאָלק איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט, האָט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען זיין רויבעריי און האָט איהם געשימפּט. דאָס האָט איהם פון געדולד אַרויסגעבראַכט און ער האָט געהייסען זיינע סאָלדאַ־טען מאַכען אַ בלוט־באָד צווישען די אידען אין ירושלים. דער זעלבער פּילאַ־טוס האָט זיך שפּעטער אריינגעמישט אין דער רעליגיעזער בעוועגונג, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך די פּראָפּאַגאַנדא פון יעזוס קריסטוס (ישוע הנוצרי) און ער האָט איהם געקרייציגט. פון דיזען אַקט האָבען אידען זעהר פיעל געליטען און ליידען נאָך עד היום אין די גלות־לענדער.

ענדליך האָט דיזער טיראַן געכאַפּט זיין מפּלה דורך די שומרונים. די געשיכטע איז אַזוי געווען: צווישען די שומרונים האָט זיך בעוויזען אַ נביא, וועלכער האָט זיי פערזיכערט, דאָס אויף דעם הייליגען באַרג גריזים געפינען זיך אַ סך כלים פון דעם משכן, וואָס משה האָט געמאַכט אין דעם מדבר. עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסע מאַסע צו גראָבען דעם באַרג אום צו גע־פינען די כלים. פּילאַטוס האָט געמיינט, דאָס די שומרונים ווילען מאַכען אַן אויפשטאַנד און האָט אָנגעמאַכט צווישען זיי אַ שרעקליכע שחיטה. די שומרונים האָבען איהם פערקלאָגט פאַר דער רוימישער רעגירונג, און ער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון דער שטעלע אַלס פּראָקוראַטאָר. דאַגע־גען איז דער סירישער שטאַטהאַלטער וויטעליוס געווען זעהר גוט צו די אידען. ער האָט אָפּגעשאַפט די אָרדנונג, וואָס די פּראָקוראַטאָרען האָבען איינגעפיהרט, דאָס די קליידער פון דעם כהן גדול זאָלען ליגען פערשלאָסען אין דער פעסטונג אַנטאָניא, און זאָלען אַרויסגעגעבען ווערען צום כהן גדול נאָר אויף יום טוב. ער האָט אויך געהייסען, דאָס די סאָלדאַטען, וואָס האָ־בען בעדאַרפט דורכגעהן ירושלים, זיי זאָלען בעסער געהן מיט אַנדערע ווע־גען אום דער אידישער רעליגיאָנס־געפיהל זאָל ניט ליידען פון די פלאַגען מיט די בילדער.

ווי מיר האָבען פריהער ערצעהלט האָט הורדוס'עס זוהן פיליפפוס גע-הערשט איבער דעם צפון=מזרח טייל פון פאַלעסטינא. די שטעדט פון זיין הערשאַפט זיינען מעהרסטענס געווען בעזעצט מיט גריכען אוז רוימער. פיליפפוס האָט זיך וועניג אינטערעסירט מיט אידען און יודענטום. זיין ערציהונג האָט ער בעקומען אין רוים און האָט פון אידישקייט וועניג גע-וואוסט. ער האָט געהערשט אַלס טעטראַרך 30 יאָהר און האָט געפיהרט די הערשאַפט רוהיג. ער איז געשטאָרבען 31 נ. קר. און דאַן איז זיין הערשאַפט איבערגעגאַנגען צו רוים, ווייל ער האָט קיין יורשים ניט איבער-געלאָזען. איבער גליל און עבר הירדן האָט געהערשט הורדוס אנטיפּאַס. גליל איז געווען בעזעצט איבערהויפּט מיט אידען. דאָרט פלעגען זיך זעהר אָפט מאַכען רעוואָלוציאָנען און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבען צו יענער צייט אַ נייע רעליגיעזע בעוועגונג, וועלכע איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „קריס-טענטום." ער איז אויך וועניג בעקאַנט געווען מיט'ן יודענטום, אָבער ער פלעגט אויף אַ יום טוב קומען אין ירושלים צום געטליכען דינסט. ער האָט איבערגעבויט די שטאָדט צפורי, וועלכע וואַררא האָט צושטערט, און האָט זי געמאַכט פיר זיין רעזידענץ. ער האָט אויך אויסגעבויט די שטאָדט ט ב ר י ה ביים ים כנרת, צו עהרע פון דעם נאָמען פון קיסר טיבעריוס. אידען האָבען זיך אָנפאַנגס אין טבריה ניט געוואָלט בעזעצען, ווייל דאָרט איז פריהער געווען אַ בית עולם. די שטאָדט איז דעריבער בעזעצט געוואָרען מיט מענשען פון נידריגען סאָרט און האָט צוליב דעם בעקומען אַ שלעכטען נאָמען. הורדוס אנטיפּאַס האָט געהאַט אַ שלעכטע רעפּוטאַציע צוליב זיין פאַמיליען=לעבען. ער האָט זיך פערליבט אין זיין ברודער'ס ווייב און האָט זי געהייראַטעט און זיין ערסטע פרוי האָט ער אַרויסגעשיקט צו איהר פאָטער. די אידישע פרומע לייט האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם. יאָהאַן דער טויפער האָט איהם אָפען געזידעלט דערפאַר, אָבער הורדוס אנטיפאַס האָט איהם דערפאַר הינגעריכטעט. דער אַראַבישער קעניג, דער פאָטער פון זיין ערסטער פרוי, האָט פערפיהרט אַ מלחמה מיט הורדוס אנטיפאַס דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעשיקט זיין טאָכטער, און הורדוס האָט פערלאָרען דעם שטרייט. אָבער אין גיכען איז הורדוס אנטיפּאַס געוואָרען אוים הערשער, ווייל אַגריפּ-פּאַ, דער זוהן פון דעם הינגעריכטעטען אַריסטאָבולוס, איז דערהויבען געוואָרען צום קעניג פון גאַנץ יהודה און אַלע לענדער, וואָס האָבען פריהער געהערט צו איהר.

דער קעניג אַגריפּפּאַ. אגריפּפּאַ איז אַלט געווען 3 יאָהר ווען זיין פאָטער אַריסטאָבולוס איז הינגעריכטעט געוואָרען (7 פ. קר.). ווען ער

איז אַלט געווען 6 יאָהר, האָט מען איהם אוועקגעשיקט אין רוים צו שטו־
דירען. דאָרט איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט דער הויכער רוימישער אַריסטאָ־
קראַטיע און איז געוואָרען אַ שפּילער און אַ גרויסער פערשווענדער. ער איז צו־
ליב דעם געוואָרען אַ גרויסער בעל חוב און האָט געמוזט פערלאָזען רוים. אין
יהודה האָט ער אָנגענומען אַ שטעלע פון אַ פּאָליציי־בעאַמטען אין טבריה.
ער האָט זיך אָבער באַלד צוקריגט מיט זיין שוואָגער הורדוס אנטיפּאַס און איז
אוועק פון דאָרט. ענדליך איז איהם געלונגען זיך צוריקקעהרען אין רוים. דאָרט
איז ער שטאַרק בעפריינדעט געוואָרען מיט'ן רוימישען טראָן־פאָלגער גאַיוס
קאַליגולאַ. פון איהם האָט ער ערוואַרטעט פיעל גוטעס פיר זיך און האָט
זיך אַמאָל אויסגעדריקט, דאָס ער וואַרט מיט אונגעדולד אויף טיבעריוס'עס
טויט. ווען דיזער האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער איהם אַריינגע־
וואָרפען אין געפענגניס. דאָרט איז ער פערבליבען אַ האַלב יאָהר, ביז טי־
בעריוס איז געשטאָרבען און קאַליגולאַ איז אַרויף אויף'ן טראָן. דיזער האָט
איהם באַלד בעפרייט פון געפענגניס און האָט איהם איבערגעגעבען די הער־
שאַפט איבער גאַנץ יהודה מיט'ן טיטעל קעניג (37 נ. קר.).

דער גלאַנץ פון אגריפּפּאַ'ן האָט אָנגעצונדען אַ גרויסע קנאה ביי זיין
שוועסטער, די פרוי פון הורדוס אנטיפּאַס, און זי האָט איהר מאַן אָנגערעדט,
ער זאָל פאָהרען מיט איהר נאָך רוים בעטען דעם קיסר, ער זאָל איהם געבען
דעם טיטעל קעניג. אין דער זעלבער צייט האָט אגריפּפּאַ געשיקט אַ שליח
מיוחד צו קאַליגולאַ'ן און האָט איהם ערקלערט, דאָס הורדוס אנטיפּאַס איז אַ
פיינד פון רוים און האָט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט מיטהראַדאַטעס'ן,
דעם קעניג פון די פּאַרטהער, די פיינד פון רוים. ער האָט אויך געגעבען צו
וויסען דעם קיסר, דאָס הורדוס אנטיפּאַס האָט שוין אָנגעפאַנגען צו בילדען
אַן אַרמעע צו דיזען צוועק. קאַליגולאַ האָט הורדוס'ן אַרונטערגעזעצט פון
טראָן און האָט איהם פערשיקט אין גאַלליען. ער האָט אָבער ערלויבט זיין
ווייב, אגריפּפּאַ'ס שוועסטער, זיך צוריקקעהרען אין ירושלים. זי האָט זיך
אָבער ענטזאָגט פון דיזען חסד און איז געגאַנגען אין גלות מיט איהר מאַן, אין
וועמעס אונגליק זי איז געווען שולדיג.

## 3. אונרוהען אין קאַליגולאַ'ס צייטען און אגריפּפּאַ דער 1טער.
(38—44 נ. קר.)

דער פּאָגראָם אין אַלעקסאַנדריען. אין 2טען יאָהר פון זיין הערשאַפט
האָט קאַליגולאַ אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאָס אין אַלע טעמפּלען זאָל מען
אַריינשטעלען זיין סטאַטוע און מען זאָל איהם עהרען ווי אַ גאָט. באַלד זיינען

אריינגעשטעלט געוואָרען זיינען סטאַטועס אין אַלע טעמפּלען פון סיריען און עגיפּטען און דאָס פאָלק האָט זיך געבוקט צו זיי ווי צו א גאָט. פיר די היידען איז עס ניט געווען אזא ווילדע זאך, זיי זיינען געווען געוועהנט צו אזעלכע זאכען, אָבער די אידען האָבען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט דערלאָזען אריינשטעלען א סטאַטוע אין זייערע סינאַגאָגען. זיי האָבען גע'טענה'ט, דאָס זיי האָבען פּריווילעגיעס פון פריהער, דאָס קיינער טאָר זיי ניט צווינגען צו טאָן עטוואָס, וואָס איז געגען זייער רעליגיאָן. די רוימישע בעאַמטע און די גריכיש=רוימישע בעפעלקערונג, וועלכע איז געווען פיינדליך צו די אידען אין אַלעקסאַנדריען, האָבען עס ערקלערט אַלס א בונט געגען דעם קיסר, אום אָפּצונעהמען פון די אידען די פּאָליטישע פרייהייט, וועלכע זיי האָבען געהאַט אין אַלעקסאַנדריען. די גריכען האָבען בעשלאָסען אויפצורייצען די אידען. זיי האָבען מיט גוואַלט אריינגעשטעלט קאַליגולא'ס סטאַטוע אין דער אידישער סינאַגאָגע, דער שטאַטהאַלטער פון אַלעקסאַנדריען האָט מסכים געווען צו דיזער זאך און האָט אָפּגענומען פון די אידען זייערע פּריווילעגיעס און פּאָליטישע רעכטען. די גריכען זיינען דורך דעם ערמוטיגט געוואָרען און האָבען געמאַכט א שרעקליכען בעפאַל אויף אידען, זיי האָבען צוראַבירט זייערע געשעפטען, צושטערט זייערע הייזער און פיעלע פון זיי ערמאָרדעט און פערקריפּעלט. דער סירישער שטאַטהאַלטער פלאַקקוס האָט ארעסטירט 38 פון די אידישע פאַרשטעהער און האָט זיי געהייסען שמייסען. אייניגע זיינען צושטאָרבען פון די שמיץ און אייניגע זיינען שטאַרק קראַנק געוואָרען. ווען קאַליגולא האָט זיך דערוואוסט פון דעם סקאַנדאַל אין אַלעקסאַנדריען, האָט ער געהייסען ארעסטירען פלאַקקוס'ן און בריינגען איהם אין רוים. דאָרט האָט מען איהם פעראורטיילט צום טויט.

אָבער די אידישע שונאים, די גריכען, האָבען ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען די אידען און רייצען דעם קיסר, דאָס די אידען ווילען איהם ניט אָנערקענען און זיי פעראַכטען איהם. די אידען האָבען געשיקט א געזאַנדטשאַפט נאָך רוים מיט דעם בעריהמטען פילאָזאָף פילאָן, אום צו ערקלערען דעם קיסר די ריכטיגע אורזאך, וואָרום זיי ווילען ניט האָבען די סטאַטוע אין די סינאַגאָגען. דער קיסר האָט זיי געגעבען אן אוידיענץ, פילאָן האָט געהאַלטען א לאַנגע רעדע, אָבער דער קיסר האָט זיך גאָר ניט צוגעהערט וואָס זיי האָבען גערעדט, און האָט אין מיטען אָנגעהויבען געבען בעפעהלען וועגען זיינע גערטנער, און די דעפּוטאַציע איז אוועק צוריק אָהן א שום רעזולטאַט. דער סוף פון דיזער העצע וואָלט געווען זעהר א שלעכטע, ווען די שונאים פון דיזען משוגע'נעם טיראַן וואָלטען איהם ניט אָפּגעראַמט פון וועג (41 נ. קר.).

זיין נאָכפאָלגער קלאודיוס האָט באַלד געגעבען אַ בעפעהל מען זאָל די אידען אין אַלעקסאַנדריען צוריקגעבען זייערע רעכטען. ער האָט שטאַרק בעשטראָפט די אידען־העצער, די פּאָגראָמען־מאַכער, אָבער די שנאה פון די גריכען צו די אידען האָט ער ניט געקענט אויסוואָרצלען.

אין יהודה האָט קאַליגולאַ'ס בעפעהל שטאַרק אויפגערייצט די אידען. זיי האָבען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט נאָכגעבען אריינצושטעלען קאַליגולאַ'ס בילד אין בית המקדש און דאָרט איהם געבען די עהרע, וואָס מען גיט צו גאָט, און מקריב זיין צו איהם קרבנות. דער משוגע'נער טיראַן האָט גע־הייסען דעם סירישען שטאַטהאַלטער פּעטראָניוס ער זאָל מיט צוויי לעגיאָנען געהן נאָך ירושלים און צווינגען די אידען צו טאָן זיין ווילען. דאַמאָלס האָט זיך דער אידישער קעניג אַגריפּפּאַ אריינגעמישט אין דער זאַך. ער איז אוועק נאָך רוים און האָט איהם ערקלערט, דאָס די אידען זיינען טרייע אונ־טערטאַנען, אָבער דיזען פערלאַנג זיינעם קענען זיי פיר קיין פאַל ניט נאָכ־קומען, ווייל זייער רעליגיאָן פערוועהרט זיי עס צו טאָן. קאַליגולאַ האָט געשיקט זיין בעפעהל צו סירישען שטאַטהאַלטער ער זאָל צו רוה לאָזען די אידען אין ירושלים, אָבער אין אַנדערע שטעדט מוז זיין בעפעהל שטרענג דורכגעפיהרט ווערען. פּעטראָניוס האָט אָבער זיך ערלויבט ניט נאָכגעבען דעם קיסר'ס בעפעהל און האָט איהם געשיקט זאָגען, דאָס ער קען עס ניט טאָן, ווייל די רעזולטאַטען וועלען זיין זעהר טרויעריגע. קאַליגולאַ איז גע־וואָרען שרעקליך אויפגערעגט און האָט געשיקט זיין בעפעהל מען זאָל פּעט־ראָניוס'ן הינריכטען. אָבער דערווייל איז דער טיראַן ערמאָרדעט געוואָרען. אידען האָבען דעם טאָג געמאַכט פיר אַ שטענדיגען יעהרליכען יום טוב (22 שבט).

פיעלע פון די רוימישע סענאַטאָרען האָבען ניט געוואָלט קלאודיוס'ן פיר אַ קיסר, אָבער אַגריפּפּאַ האָט זיי איבערגערעדט און זיי האָבען איינגע־שטימט. קלאודיוס איז געוועזן זעהר דאַנקבאַר אַגריפּפּאַ'ן דערפאַר און האָט איהם צוגעגעבען צו זיין הערשאַפט אויך שומרון. דאָס לאַנד יהודה איז אויף אַ קורצע צייט בעפרייט געוואָרען פון דעם רוימישען יאָך און איז נאָר גע־ווען אונטער'ן שוץ פון רוים, ווי פאַר דער הערשאַפט פון די פּראָקוראַטאָרען אין יהודה. דאָס אידישע פאָלק האָט אויף אַ קורצע צייט פריי אָפּגע־אָטעמט. בעזונדערס איז ער דאַנקבאַר געוועזן צו אַגריפּפּאַ'ן פיר דאָס, וואָס ער האָט ניט דערלאָזען צו אַ גרויסען אונגליק צוליב דעם בעפעהל פון דעם משוגע'נעם טיראַן קאַליגולאַ. דאָס פאָלק האָט אַגריפּפּאַ'ן זעהר שטאַרק געליבט אַלס דעם עניקעל פון דער געליבטער קעניגין מרים החשמונאית,

און האָט געלעגט גרויסע האָפנונגען אויף איהם. אגריפפא האָט זיך געהאלטען אָן דער אידישער רעליגיאָן. ער האָט געבראכט א קרבן תודה (דאנק־אָפפער) פיר זיין בעפרייאונג פון געפענגניס, לויט די אידישע רעליגיאָן פאָדערט. ווען ער איז בעפרייט געוואָרען פון געפענגניס האָט איהם קאליגולא געגעבען א גאָלדענע קייט צו טראָגען אויף'ן האלז צום אָנדענקען פון דער אייזערנער קייט, אין וועלכער ער איז געווען געשמידט אין געפענגניס. דיזע קייט האָט ער אויפגעהאנגען אויף א טויער פון טעמפעל צו ערוועקען אין פאָלק דאָס געפיהל פון בטחון אין גאָט. אלס קלוגער שטאאטסמאן האָט ער פערשטאנען צו לעבען גוט מיט די פרושים. ער האָט שטארק אָפגעהיט די אידישע גייסטיגע אינטערעסען. אין דער שטאָדט דורא האָבען איניגע גריכען ארייגגעשטעלט דעם קיסר'ס סטאטוע אין די אידישע שול, האָט אגריפפא זיך געווענדעט צום סירישען שטאטהאלטער פעטראָניוס וועגען דעם. דיזער האָט געהייסען די סטאטוע ארויסנעהמען פון שול און די גריכען האָט ער שטרענג בעשטראָפט און האָט אָנגעזאָגט, דאָס יעדער, וואָס וועט שטערען די אידען אין זייער רעליגיאָן, וועט שטארק בעשטראָפט ווערען. זיין טאָכטער דרוסיללא האָט ער אויסגעגעבען פיר דעם זוהן פון דעם קעניג אין קליין־אזיען מיט דער בעדינגונג, דאָס ער זאָל אָננעהמען די אידישע רעליגיאָן מיט אלע איהרע פאָדערונגען.

אגריפפא איז געווען אן עכט נאציאָנאלער אידישער קעניג. ער איז געווען א איד אין דער רעגירונג, א איד אין דער פאמיליע און א איד אין דער געזעלשאפט, ניט אכטענדיג דערויף, וואָס ער האָט בעקומען א רוימישע ערציהונג. אום שבועות, ווען דאָס פאָלק פלעגט בריינגען אין בית המקדש די בכורים, די ערסטע פרוכט אלס דאנק־אָפפער צו גאָט, איז אגריפפא געגאנגען צוזאמען מיט די אקערלייט פון די דערפער און האָט געטראָגען א קערבעלע מיט פרוכט אויף זיינע אקסלען גלייך מיט אלעמען.

אגריפפא האָט גוט געוואוסט ווי אונזיכער עס איז די פריינדשאפט פון רוים צו אידען, און דעריבער האָט ער בעשלאָסען צו בעפעסטיגען ירושלים, אום זי זאָל אין צייט פון א בעלאגערונג קענען אויסהאלטען אלע שטורמס. אָבער קלאודיוס האָט זיך באלד דערוואוסט דערפון און האָט געהייסען אגריפפא'ן אָפשטעלען די ארבייט. נאָך דעם האָט ער געפרובט אן אנדער מיטעל — צו מאכען א פערבאנד צווישען אלע קליינע מלוכות, וואָס זיינען געווען אונטער דעם שוץ פון רוים. צו דיזען צוועק האָט ער איינגעלאדען אין טבריה פערשיידענע קעניגען פון מערב־אזיען. דער סירישער שטאטהאלטער האָט

זיך באַלד דערוואוסט וועגען דעם און האָט געהייסען אַלע געסט פאָהרען אַהיים.

דעם אידישען פאָלק איז ניט בעשערט געוועזן לאַנג צו געניסען די רוה, וואָס דיזער גוטער קעניג האָט איהם פערשאַפט. בלויז 4 יאָהר האָט ער רעגירט. אויף'ן פינפטען יאָהר איז ער דערשטאָכען געוואָרען פון א היידע אין טהעאַ-טער אין קיסריה. די אידען האָבען שטארק געטרויערט נאָך זייער געליבטען קעניג, און די רוימישע סאָלדאטען האָבען זיין טויט געמאכט פיר א יום טוב. דאָס אידישע לאַנד איז בעדעקט געוואָרען מיט שווארצע וואָלקענס. די רוימישע פּראָקוראַטאָרען האָבען ווידער אָנגעהויבען הערשען אין לאַנד.

## די רוימישע פּראָקוראַטאָרען און דער אויפשטאַנד (44—66).

ווען אגריפפא איז געשטאָרבען איז זיין איינציגער זוהן אגריפפא דער 2טער אַלט געוועזן 17 יאָהר און איז דאַמאָלס געוועזן אין רוים, וואו ער האָט גע-קריגען זיין ערציהונג. קלאַודיוס האָט איהם געוואָלט איבערגעבען די מלוכה, אָבער דעם קיסר'ס ראטגעבען האָבען עס ניט דערלאָזען, ווייל ער איז געוועזן צו יונג, און דאָס אידישע לאַנד איז געוועזן צו רעוואָלוציאָנער ער זאָל עס קענען רעגירען און איינהאַלטען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס יהודה, גליל און עבר הירדן זאָלען זיין אין גאַנצען אונטערוואָרפען אונ-טער רוים און פּ ר אָ ק ו ר א ט אָ ר ע ן זאָלען עס רעגירען (44). די אויפזיכט איבער'ן בית המקדש איז איבערגעגעבען געוואָרען צו ה ו ר ד ו ס כ א ל צ י-ד ע ס, אגריפפא'ס ברודער. שווער איז געוועזן דעם אידישען פאָלק זיך צוגע-וועהנען צום נייעם לעבען אונטער דער הערשאַפט פון די פּראָקוראַטאָרען, וועל-כע זיינען געוועזן מענשען מיט גראָבע כאַראַקטערען און פיינדליך צו אידען און צו זייער רעליגיאָן. באַלד דער ערסטער פּראָקוראַטאָר נאָך אגריפפא'ס טויט, פאַדוס, האָט זיך אָנגעהויבען מישען אין אידישע רעליגיאָנס-זאכען, אָבער א אידישע דעפּוטאַציע האָט גע'פּועל'ט ביי קלאַודיוס'ן ער זאָל איהם פערבּוועה-רען דאָס צו טאָן.

די אידען זיינען אין רוים געוועזן בעוואוסט אַלס געפעהרליכע רעוואָ-לוציאָנערען און דער נייער פּראָקוראַטאָר האָט געהאַט דעם אויפטראַג גוט אכטונג צו געבען אויף זייער יעדע בעוועגונג. אין יענער צייט איז אין פאָלק געוועזן פעסט דער גלויבען, דאָס אין גיכען וועט ערשיינען אַן אונ-געוועהנליכער רעטער (א משיח), וואָס וועט דאָס פאָלק בעפרייען פון יאָך פון אַנדערע פעלקער. עס איז ערשינען א מאַן מיט'ן נאָמען ט ה ע א ו ד א ס, וועלכער האָט פערשפּראָכען צו ווייזען דעם פאָלק וואונדער, דאָס דער ירדן וועט זיך שפּאַלטען און דאָס פאָלק וועט איהם איבערגעהן צו פוס, ווי אין די

צייטען פון יהושע'ן. פאַדוס האָט אין דיזער בעוועגונג געזעהן אַן אָנפאַנג פון אַ רעוואָלוציאָן און האָט עס באַלד דערשטיקט. פיעלע זיינען צו'הרג'עט געוואָרען, און טהעאודאַס'ן זעלבסט האָט מען דעם קאָפּ אַראָפּגענומען.

דער צווייטער פּראָקוראַטאָר איז געווען טיבעריוס אַלכסנדר, אַ אידישער משומד, דער זוהן פון פילאָן'ס ברודער, דעם אַלאַבאַרך (פירסט) אַלכסנדר. ווי אַלע משומדים האָט ער שטאַרק פערפאָלגט די אידען און דערפאַר איז ער גע-וואָרען שטאַטהאַלטער אין אַלקעסאַנדריען, און שפּעטער, בשעת די רוימער האָבען בעלאַגערט ירושלים, איז ער געווען אין דעם מיליטערישען הויפּט-שטאַב. אין יאָהר 48 איז געשטאָרבען אַגריפּפּאַ'ס ברודער הורדוס, וועלכער איז געווען דער הערשער איבער כאַלציס, אַ פירסטענטום ביים לבנון, און דער אויפזעהער איבער'ן בית המקדש, און קלאַודיוס האָט איבערגעגעבען די ביידע עמטער צו אַגריפּפּאַס'עס זוהן, אַגריפּפּאַ דעם 2טען.

דער 3טער פּראָקוראַטאָר איז געווען קומאַנוס. ער האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס אויפצורייצען דאָס פאָלק. צווישען אַנדערע זאַכען פלעגט ער אימער אין אַ יום טוב, ווען אין בית המקדש פלעגען זיין פערזאַמעלט פיעלע עולי רגל, אַוועקשטעלען פיעלע סאָלדאַטען אין די גאַלעריעס אַרום טעמפעל זיי זאָלען אַכטונג געבען אויף אַלעס, וואָס עס טוט זיך אין בית המקדש. דאָס האָט שרעקליך אויפגעבראַכט די אידישע מאַסען, ווייל די גראָבע רוימישע סאָלדאַטען פלעגען חוזק מאַכען פון די אידישע רעליגיעזע מנהגים און זייער געטליכען דינסט. איין מאָל זיינען די אידען אַרויס פון גע-דולד און האָבען אָנגעהויבען וואַרפען שטיינער אויף די סאָלדאַטען, קומאַ-נוס אָבער האָט זיך מיט די אידען אָפּגערעכענט. אויף זיין בעפעהל האָבען די סאָלדאַטען אויסגע'הרג'עט אייניגע טויזענד פון זיי.

זעהר ביטערע רעזולטאַטען האָט געהאַט אין דער צייט פון קומאַנוס'ן דער צוזאַמענשטויס צווישען די אידען און די שומרונים. ווען אַ גרופּע עולי רגל זיינען דורכגעגאַנגען שומרון, זיינען זיי די שומרונים בעפאַלען און האָ-בען אייניגע פון זיין ערמאָרדעט. די עולי רגל האָבען זיך בעקלאָגט אויף די שומרונים צום פּראָקוראַטאָר קומאַנוס, אָבער דיזער האָט גענומען שוחד און האָט עס פערשוויגען. די צעלאָטען (קנאים) האָבען זיך נוקם געווען אָן די שומרונים און האָבען צושטערט אייניגע זייערע דערפער. קומאַנוס האָט שטרענג בעשטראָפט די צעלאָטען. דיזע האָבען געוואָלט מאַכען אַן אויפ-שטאַנד, אָבער אייניגע אַריסטאָקראַטען אין ירושלים האָבען זיי געראַטען בע-סער די זאַך פאָרברייגגען פאַר'ן קיסר. זיי האָבען געפאָלגט און האָבען גע-שיקט אַ דעפּוטאַציע נאָך רוים. דאָרט האָט זיי אַגריפּפּאַ דער צווייטער גע-

האַלפען און דער קיסר קלאַודיוס האָט די זאַך ערנסט אונטערזוכט. דער רע-זולטאַט פון דיזער אונטערזוכונג איז געווען, דאָס 3 וויכטיגע פערזאָנען פון די שומרונים זיינען מיט'ן טויט בעשטראָפט געוואָרען און קומאַנוס איז פון זיין שטעלע אראָפּגעזעצט און פערשיקט געוואָרען. אָבער די וויטערע פּראָ-קוראַטאָרען האָבען פאָרטגעזעצט די זעלבע פּאָליטיק אין בעצוג צו די אידען, ווייל אין רוים איז מען אין אַלגעמיין געווען זעהר פיינדליך צום אידישען פאָלק.

נאָך קומאַנוס'ן האָט די רוימישע רעגירונג געשיקט אַלס פּראָקוראַטאָר אין יהודה דעם געוועזענעם שקלאַף פעליקס. דיזער איז געווען אַן ערגערער טיראַן פון קומאַנוס'ן. ער האָט געטאָן שרעקליכע רציחות און האָט גאָר ניט געאַכטעט אויף געזעץ. ער האָט גערעכענט אויף זיין ברודער, וועלכער איז געווען מיניסטער אין רוים, דאָס ער וועט איהם פערטיידיגען. צום אונגליק איז דאַמאַלס געשטאָרבען דער קיסר קלאַודיוס, וועלכער איז געווען אַ פריינד פון די אידען און דעם טראָן האָט פערנומען (54) דער בעוואוסטער האלב-משוגע'נער טיראַן נעראָ (נירון). פעליקס איז ניט געוואָרען בעסער צו אי-דען אויך נאָך דעם, ווי ער האָט געהייראַט די טאָכטער פון אגריפּפּאַס דעם 1טען, דרוסיללאַ'ן, וועלכע האָט אוועקגעוואָרפען איהר מאַן אזיז, דעם קעניג פון עמעסאַ, וועלכער האָט זיך צוליב איהר מגייר געווען, און איז אוועק צום שונא ישראל פעליקס. דיזער צורר האָט איבערהויפּט פערפאָלגט די אידישע פּאַטריאָטען (די צעלאָטען). דאַמאָלס האָט זיך געבילדעט צווישען די אי-דען אַ געהיימער פעראיין פון טעררואָריסטען, וועלכע האָבען זיך גערופען סיקאַריער אָדער סיקריקין (קינזשאַלניקעס). זיי האָבען גע-טראָגען אונטער די קליידער קורצע שאַרפע שווערדען, פלעגען זיך דרעהען אין דער מאַסע און פלעגען דערשטעכען זייער אָפּפער פון די רוימער אָדער זאָגאַר פון די אידען, וועלכער איז געווען פריינדליך צו די רוימער.

נאָך אַ נייע מכה איז ערשינען אין יענע צייטען אויף'ן אידישען פאָלק. דאָס זיינען געווען די פאַלשע משיחים. איינער איז געקומען פון עגיפּטען, האָט צוזאַמענגענומען אַ מאַסע אונוויסענדע מענשען און האָט זיי פערזיכערט, דאָס ווי באַלד זיי וועלען קומען צו די וועגט פון ירושלים, וועלען די וועגט איינפאַלען אָדער איינגעזונקען ווערען, ווי עס איז אַמאָל געווען מיט יריחו. אָבער איידער ער האָט בעוויזען צו קומען צו ירושלים איז פעליקס ארויס געגען דער מאַסע און מיט די רוימישע סאָלדאַטען האָט ער זי פערניכטעט. די שנאה פון רוים צו די אידען האָט צוגעגעבען מוט צו די סיריער און די גרי-כען אין קיסריה צו וועלען אָפּנעהמען פון זיי זייערע בירגער-רעכטען, וויל

דער פּלאַץ, אויף וועלכען די שטאָדט איז געבויט איז אַמאָל געווען סיריש. די אידען האָבען גע'טענה'עט דאָס די שטאָדט איז געבויט דורך דעם אידישען קעניג הורדוס דעם ערסטען און דאָס גיט זיי פולעס רעכט צו זיין גלייכבערעכטיגטע בירגער אין איהר. עס האָבען זיך אָנגעהויבען עפענטליכע געשלעגען צווישען די אידען און די סיריער. דאַן האָט זיך פעליקס אַריינגעמישט און האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען מאַכען אַ בעפאַל אויף אידען. פיעלע זיינען גע'הרג'עט געוואָרען און פיעלע פעראָרימט געוואָרען. צום גליק איז ער באַלד אַרונטער פון זיין שטעלע, וועלכע עס האָט פערנומען פעסטוס (60—62). הגם דיזער איז געווען פיעל בעסער ווי זיין פאָרגעגנגער האָבען די אונרוהען ניט אויפגעהערט, ווייל נעראָ האָט אָפּגענומען פון די אידען אין קיסריה זייערע בירגער־רעכטען. די סיקאַריער האָבען אָנגעהויבען אַגיטירען אין פאָלק מען זאָל מאַכען אַן ענד צום רוימישען יאָך, האָבען געצוואונגען פיעלע אַקערלייט צו נעהמען אָנטייל אין דער זאַך און מאַכען אַ רעוואָלוציאָן. די פאַלשע נביאים האָבען אויך געהעצט די מאַסען געגען די רוימער. פעסטוס האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צו בערוהיגען דאָס פאָלק, אָבער ער האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. די לופט איז געווען פול מיט רעוואָלוציאָן. יעדער האָט ערוואַרטעט אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע.

ווי מיר האָבען פריהער ערצעהלט איז אַגריפפאַ דער 2טער בעשטימט געוואָרען אַלס הערשער איבער'ן פירסטענטום קאַלכיס. קלאַודיוס האָט איהם נאָך דעם צוגעגעבען (53) נאָך אייניגע לענדער, און נעראָ האָט איהם צוגעגעבען אייניגע פּראָווינצען אין גליל און עבר הירדן. אָבער אין יהודה האָבען געהערשט די פּראָקוראַטאָרען. דאָרט האָט ער נאָר געהאַט צו זאָגען איבער'ן טעמפּעל און די כהנים גדולים. דער טיטעל זיינער איז אפילו געווען קעניג פון יהודה, ווי עס איז צו זעהן פון די אידישע מטבעות פון יענער צייט, אָבער ער איז געווען אַ קעניג אָהן אַ קעניגרייך. ער האָט געלעבט מעהרסטענס אין רוים. אין ירושלים פלעגט ער נאָר קומען אויף אַ יום טוב.

צוזאַמען מיט איהם האָט געוואוינט זיין שוועסטער ב ע ר ע נ י ק ע, וועלכע איז געווען די גרעסטע שעהנהייט פון יענער צייט. זי איז געווען אַ זעהר ענערגישע פרוי און אַגריפפאַ דער 2טער איז געווען אונטער איהר איינפלוס. זי איז פריהער געווען די פרוי פון הורדוס כאַלצידעס. נאָך זיין טויט האָט זי געוואוינט צוזאַמען מיט איהר ברודער אַגריפפאַ. די רוימישע דאַמען האָבען זי בעליידיגט דערפאַר און זי האָט חתונה געהאַט מיט'ן קעניג פון ציליציען, כאַליאָן, וועלכער האָט זיך צוליב איהר מגייר געווען. אָבער זיי האָ-

בען זיך באַלד גע'גט. שפּעטער האָט זיך אין איהר פערליבט טיטוס און זי האָט געהאַט גלענצענדע האָפנונג צו ווערען די קייזערין פון רוים.

אגריפּפּאַ דער 2טער און זיין שוועסטער בעריניקע זיינען געווען שוואַכע אָנהענגער פון יודענטום. אָבער זיי פלעגען זיין ביים געטליכען דינסט ווען זיי זיינען געווען אין ירושלים. אגריפּפּאַ האָט זיך פיעל מיה געגעבען צו פערשענערן דעם בית המקדש אין דער שטאָדט ירושלים. ער האָט ערלויבט די לוים צו טראָגען ביים געטליכען דינסט ווייסע לינען-קליידער ווי די כהנים. אָבער די פרומע אידען האָבען געהאַלטען, אז דאָס איז געגען דין. ער האָט אין זיין פּאַלאַץ, וואָס איז געווען נעבען בית המקדש, אויסגעבויט א הויכען טורם און ער האָט פון איהם געקוקט אין בית המקדש אין אזעלכע ערטער, וואו מען האָט ניט געטאָרט קוקען. די כהנים האָבען אויפגעשטעלט א הויכע וואַנט צו פערשטעלען דעם טורם. אגריפּפּאַ האָט געוואָלט מיט דער הילף פון פּראָקוראַטאָר פעליקס צוואווארפען די וואַנט. די כהנים האָבען געשיקט דעם כהן גדול ישמעאל בן פּאבי מיט נאָך איינינע צו נעראָ'ן אין רוים און האָבען אויסגעווירקט דורך די קייזערין פּאָפּפּעא, וועלכע איז געווען א פריינדין פון יודענטום, דאָס די וואַנט מוז בלייבען. אגריפּפּאַ האָט דעם כהן גדול אָרונטערגעזעצט פון זיין אמט און האָט בעשטימט אויף זיין אָרט יוסף כיפּא (קאַיאפּאַס).

אין יענער צייט האָבען זיך געפונען אין ירושלים 4 דינאַסטיעס פון כהנים גדולים, ווייל דאָס איז געווען א קוועלע פון כאַבאַר. יעדע דינאַסטיע האָט געהאַט איהרע אָנהענגער, וועלכע פלעגען זיך אָפט שלאָגען עפענטליך, ווען עס איז געקומען צו בעשטימען א נייעם כהן גדול. ווי עס איז געווען דער פאַל צווישען די כהנים גדולים יהודה בן דינאי און יהושע בן גמלא. דיזער לעצטער האָט געהאַט א רייכע פרוי מרתא, וועלכע האָט געגעבען אגריפּפּאַ'ן 2 מאָס גאָלדענע מטבעות ער זאָל איהם בעשטימען אַלס כהן גדול. אין תלמוד (פּסחים נ"ז) געפינט זיך א וועה-געשריי פון אבא שאול בן בטנית וועגען דער פערדאָרבענהייט פון די כהנים גדולים פון יענער צייט: וועגען דער מאַכט פון די שטעקענס פון דער דינאַסטיע בית ביתוס, די רכילות פון בית חנין, פון די מסירות פון בית קתרוס און פון די מעכטיגסטע קולאַקעס פון בית פּאבי. דיזע אַלע, זייערע זיהן און זייערע איידימס האָבען גרויזאַם בעהאַנדעלט דאָס פאָלק.

נאָך דעם טויט פון דעם פּראָקוראַטאָר פעסטוס האָט רוים געשיקט אויף זיין אָרט איינעם אלבינוס (62—64). דיזער האָט שרעקליך טיראַניזירט דאָס פאָלק. ער האָט גערויבט גאַנצע געמיינדעס און פּריוואַט-מענ-

שען. פיר געלט פלעגט ער בעפרייען מערדער און אַנדערע פערברעכער און דאָס לאַנד איז געוואָרען פול מיט רויבער־באַנדעס. ער האָט בעלעסטיגט דאָס פאָלק מיט שווערע שטייערן און די, וואָס האָבען ניט געקענט בעצאָהלען, זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין די געפענגניסען. ער האָט שטאַרק פער־פאָלגט די סיקאַריער, ווייל פון זיי פלעגט ער אויספּרעסען פיעל געלט פיר זייער בעפרייאונג. די סיקאַריער, אום צו בעקומען געלט, פלעגען צו־נעהמען אַ פערזאָן פון אַ רייכער פאַמיליע, וועלכע האָט געמוזט געבען פיעל אויסלייז־געלט פיר די בעפרייאונג. צוויי יאָהר האָט דיזער טיראַן אַלבינוס געפּייניגט דאָס אידישע פאָלק ביז מען איז פון איהם פּטור געוואָרען. רוים האָט געשיקט אַן אַנדער פּראָקוראַטאָר — ג ע ס ס י ו ס פ ל אָ ר ו ס. דאָס איז געווען דער לעצטער פּראָקוראַטאָר אין יהודה.

פלאָרוס איז געווען דער ערגסטער פון אַלע פּראָקוראַטאָרען. דאָס פאָלק האָט גערעכענט דעם פריהערדיגען פּראָקוראַטאָר אַלבינוס אַלס אַ צדיק אין פערגלייך מיט איהם. ער האָט זיך געטיילט מיט אַלע גנבים און רויבער־באַנדעס, וועלכע ער האָט ערלויבט צו טאָן אַלע מעשים תעתועים נאָר איהם געלט צו פערשאַפען. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו עמיגרירען נאָך אַנדערע לענדער. די אידען האָבען זיך געווענדעט צום סירישען שטאַט־האַלטער מיט אַ קלאַגע געגען דער טיראַני פון דעם פּראָקוראַטאָר. ער האָט אָבער גאָר ניט געטאָן פיר זיי. פלאָרוס איז געוואָרען אין כעס אויף די אידען פיר זייער קלאַגע געגען איהם און האָט זיי אָנגעהויבען נאָך מעהר צו פער־פאָלגען. פלאָרוס איז געווען אַ גריך, און זיין האַס צו אידען האָט ער גע׳־ירש׳עט פון זיינע עלטערן. ער האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס אום אַרויסצו־רופען אַ רעוואָלוציאָן אום דאַן צו מאַכען אַן ענד צום אידישען פאָלק.

מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, דאָס נעראָ האָט צוליב געטאָן די גריכען אין קיסריה און האָט אָפּגענומען פון יענע אידען זייערע בירגער־רעכ־טען. דאָס האָט געגעבען מוט די גריכען נאָך מעהר צו פערפאָלגען די אידען אין קיסריה. איין מאָל איז צוגעגאַנגען אַ גריך צו דער אידישער סינאַגאָגע און האָט געקוילעט אַ טויב — דאָס איז געווען דער קרבן, וואָס עס פלעגט ברייגען אַ אידישער מצורע ווען ער איז אויסגעהיילט געוואָרען פון זיין צרעת (צווישען די גריכען איז געווען פערשפּרייט דער גלויבען, דאָס די אידען זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון מצרים, ווייל זיי זיינען אַלע געווען קרעציג). דאָס האָט די אידען שטאַרק אויפגערייצט און עס איז געוואָרען אַ שטאַרקע געשלעג. פלאָרוס האָט פריהער געוואוסט וועגען דעם סקאַנדאַל, וואָס מען גרייט צו פיר די אידען, און ער איז אַוועק פון קיסריה אויף די צייט,

וואָס די אונרוהען האָבען בעדאַרפט פאַרקומען אין קיסריה. ווען ער איז צו-ריקגעקומען האָט ער אייניגע פון די אידען בעשטראָפט.

באַלד נאָך דעם האָט פלאָרוס געשיקט נעהמען 17 טאַלענטען גאָלד פון בית המקדש. דאָס פאָלק, וואָס איז געווען אויפגערייצט דורך זיין האנדלונג געגען די אידען אין קיסריה, איז יעצט נאָך מעהר אויפגערייצט געוואָרען און האָט זיך געשטעלט ענטקעגען און ניט געלאָזען נעהמען דאָס גאָלד פון טעמ-פעל. דערביי האָבען פיעלע פון דער מאַסע איהם געשימפט און בעליידיגט. אייניגע האָבען גענומען אַ צדקה־פושקע און זיינען געגאַנגען איבער'ן שטאָדט און געבעטען נדבות פיר דעם אָרימען פלאָרוס. דאָס האָט איהם נאָך מעהר אויפגערייצט און ער האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען מאַכען אַ בעפאַל. די פאָרנעהמסטע אידען פון ירושלים, אויך דעם קעניג'ס שוועסטער בערעניקע, האָבען איהם געבעטען ער זאָל אָפּהאַלטען דעם פּאָגראָם, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען. ענדליך האָט ער געזאָגט, דאָס ווען דאָס פאָלק וועט אויפ נעהמען פריינדליך די סאָלדאַטען, וואָס וועלען קומען פון קיסריה אין ירושלים, וועט ער עס אָננעהמען פיר אַ בעוויז, דאָס דער גרעסטער טייל פון די אידען זיינען ניט פיינדליך צו די רוימער. די אידען האָבען איינגעשטימט אויף דיזע פּראָבע. ווען די סאָלדאַטען זיינען אריין אין שטאָדט האָבען די אידען זיי פריינדליך בעגריסט, אָבער די סאָלדאַטען האָבען גאָר ניט געענטפערט אויף די בעגריסונג, אַזוי האָט זיי פלאָרוס אָנגעזאָגט. דאָס האָט יעדען שרעקליך אויפגערייצט און דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שימפען דעם פּראָקוראַטאָר. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דאָס פאָלק און האָבען אָנ-געמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה. דאַמאָלס האָבען זיך די צעלאָטען בעוואָפענט און האָבען אָנגעהויבען צו שיסען פיילען און וואַרפען שטיינער אויף די סאָלדאַטען. פלאָרוס האָט דערזעהן, אַז דאָס שמעקט מיט אַן ערנסטען אויפ-שטאַנד, האָט ער צוריקגעצויגען זיינע סאָלדאַטען און דער כהן גדול און אַנ-דערע פאָרנעהמע אידען אין ירושלים האָבען איהם פערזיכערט, דאָס זיי וועלען בערוהיגען די מאַסע.

דאָס פאָלק האָט זיך דאַן געווענדעט צו אגריפּפּאַ דעם 2טען און האָט איהם געבעטען ער זאָל געהן מיט אַ אידישער דעפּוטאַציע נאָך רוים און קלאָגר מאַכען דעם קיסר נעראָ די אַלע מעשים תעתועים פון פלאָרוס'ן. אגריפּפּאַ האָט ניט געוואָלט אָנטייל נעהמען אין דער דעפּוטאַציע און האָט זיי גע-ראַטען זיך בעסער אונטערוואַרפען אונטער זייער ביטערען שיקזאַל און צייגען רוים, דאָס זיי זיינען ניט קיין רעוואָלוציאָנערען, און האָט זיי געהייסען בעצאָהלען צו דער רוימישער רעגירונג די שטייערן, וואָס זיי זיינען שולדיג

און צוריק אויפשטעלען די גאַלעריעס, וואָס זיי האָבען צואוואָרפען אום צו פערניכטען די פעראייניגונג צווישען דער פעסטונג אַנטאָניאַ און דעם בית המקדש. דערביי האָט ער געהאַלטען אַ לאַנגע רעדע, אין וועלכער ער האָט קלאָר געמאַכט דעם פאָלק, וואָס עס וועלען זיין די פאָלגען פון אַן אויפשטאַנד געגען רוים. ביי דער רעדע האָט ער זיך שטאַרק צואוויינט, מיט איהם האָט אויך זיין שוועסטער בערניקע געוויינט. אָבער צו ענדע פון זיין רעדע האָט ער צוגעגעבען, דאָס אויך די טיראַניי פון פלאָרוס'ן דאַרפען זיי געדולדיג אַריבערטראָגען. דאָס האָט שטאַרק אויפגערייצט דאָס פאָלק, וועלכעס האָט פערשטאַנען, דאָס דאָס גאַנצע אונגליק פון זייערע ליידען איז ניט פלאָרוס, נאָר רוים זעלבסט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שימפען אַגריפפּאַ'ן, ער האָט זיך געפונען אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד און איז ענטלאָפען פון ירושלים און זיין הערשאַפט אויף יענער זייט פון ירדן.

יעצט האָבען די צעלאָטען אָנגעהויבען אַגיטירען פיר אַ רעוואָלוציאָן. צו זיי האָבען אָנגעהויבען אַריבערגעהן די אַריסטאָקראַטען, וועלכע זיינען ביז דאַן געווען פיר פרידען מיט רוים. פון די ערסטע פון דיזע פּאַרטיי, וואָס זיי-נען אַריבער צו די צעלאָטען, איז געווען יועזר דער זוהן פון כהן גדול חנניה. ער האָט אָנגעהויבען אָפען אַרויסוואַייזען שנאה צו די רוימער דערמיט, וואָס ער האָט אָפּגעשאַפט דעם קרבן, וואָס מען פלעגט ברייננען פיר די הצלחה פון די רוימער. די פּרושים זיינען געווען שטאַרק דאַגעגען און האָבען פאָרויסגעזאָגט, דאָס דיזער שריט וועט פיהרען צום אונטערגאַנג פון דעם אי-דישען לאַנד און פון דעם בית המקדש. די פרידענס־פּאַרטיי האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע צו אַגריפפּאַ'ן און געבעטען ער זאָל שיקען סאָלדאַטען געגען די צעלאָטען. ער האָט באַלד געשיקט 3,000 רייטער און מיט זייער הילף האָט עס געשיינט, דאָס די פרידענס־פּאַרטיי וועט זיגען די צעלאָטען. אָבער אונער-וואַרטעט האָבען דיזע בעקומען שטיצע פון די סיקאַריער פון דער פּראָווינץ און די זאַך האָט גענומען אַן אַנדער ווענדונג. די סיקאַריער האָבען פריהער פערכאַפּט די פעסטונג מאַסאַדאַ און האָבען בערויבט דעם אַרסענאַל, נאָך דעם זיינען זיי אַריין גריננג אין ירושלים צוזאַמען מיט די פּילגרימער, וואָס זיינען געקומען צום האַליג־יום טוב (חמשה עשר באב). אין ירושלים האָבען זיי זיך פעראייניגט מיט די צעלאָטען, האָבען פערברענט אייניגע וויכטיגע געביידעס, אונטער אַנדערע, אויך דעם אַרכיוו, און האָבען פערניכטעט אַלע שטרי חובות, וואָס די אָרימע האָבען געגעבען צו זייערע בעלי חובות, אום זיי זאָלען דערפאַר צושטעהן צו זיי אין דער רעוואָלוציאָן. אַגריפפּאַ'ס סאָל-דאַטען צוזאַמען מיט די רוימישע האָבען זיך פערשלאָסען אין דער פעסטונג

נעבען הורדוס'עס פּאַלאַץ. די צעלאָטען האָבען די פעסטונג בעלאַגערט. דריי וואָכען האָט געדויערט די בעלאַגערונג און די סאָלדאַטען האָבען זיך גע-מוזט אונטערגעבען. די צעלאָטען האָבען אַגריפּפּאַ'ס סאָלדאַטען אַרויסגע-לאָזט פריי, נאָר דאָס געוועהר האָט מען פון צוגענומען. די רוימישע סאָלדאַ-טען האָט מען נאָכהער אַלע אויסגעשאָכטען (אויגוסט 66).

אָבער באַלד האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען צווישען די צעלאָטען און די סיקאַריער. דיזע לעצטע זיינען געווען, אַלס טערראָריסטען, פיעל ער-גער פיר דאָס פאָלק פון די רוימער. זיי האָבען גערויבט און געמאָרדעט ווי-פיעל זיי האָבען געוואָלט. די צעלאָטען זיינען ענדליך זיי בעפאַלען אין בית המקדש, האָבען פיעלע פון זיי ערמאָרדעט און די איבריגע האָבען זיי פערטרי-בען. זייער פיהרער מ נ ח ם האָבען זיי איבערגעגעבען צום געריכט און מען האָט איהם פעראורטיילט צום טויט. פון ירושלים האָט זיך דער אויפ-שטאַנד פערשפּרייט אין אַנדערע לענדער, ווי עגיפּטען און סיריען, דאָרט איז עס געוואָרען אַ ראַסען-שטרייט. אָנגעהויבען האָט זיך עס אין קיסריה. דאָרט האָבען די גריכען אין גאַנצען פערניכטעט די אידישע געמיינדע. דיזע חוצפּה, דאָס פרעמדע, גריכען, זאָלען אויסקוילענען אַ אידישע בעפעלקערונג אין איהר אייגענעם לאַנד, האָט אָנגעצונדען אַ שרעקליכעס פייער ביים אידי-שען פאָלק. אין אַלע שטעדט, וואו די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג זיינען געווען אידען, זיינען זיי בעפאַלען די רוימער און די גריכען און האָבען אָנ-געמאַכט צווישען זיי הריגות, און וואו די מעהרהייט זיינען געווען ניט-אידען, האָבען יענע די אידען געשאָכטען אָהן רחמנות. צום ראַסענהאַס איז צוגע-קומען רעליגיאָנס-האַס, ווייל דאַמאָלס זיינען פיעלע פון די היידען געווען גענייגט צום יודענטום, און דאָס האָט נאָך מעהר אויפגערייצט די אידישע שונאים.

די אונרוהען אין פּאַלעסטינאַ און סיריען האָבען זיך באַלד פערשפּרייט אויך אין עגיפּטען. די גריכען אין אלקעסאַנדריען האָבען גערעכענט, דאָס יעצט איז אַ גינסטיגער מאָמענט צו בעטען פון קיסר נעראָ, וועלכער איז געווען זעהר פיינדליך צו די אידען, ער זאָל פון זיי צונעהמען זייערע בירגער-רעכטען. זיי האָבען זיך פערזאַמעלט אין טהעאַטער-הויז אום צו פערהאַנדלען וועגען דעם. די אידען זיינען אויך געקומען אַהין אום צו וויסען, וואָס די גרי-כען דענקען צו טאָן. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבען אַ קריג און אַ געשלעג. עס איז געקומען דערצו, דאָס די אידען האָבען געוואָלט אונטערצינדען דאָס טהעאַטער. דאַן האָט זיך אריינגעמישט דער שטאַטהאַלטער, דער משומד טיבעריוס, און האָט אָנגעמאַכט מיט זיינע סאָלדאַטען אַ שרעקליכע שחיטה

צוווישען די אידען. איבער 50,000 זיינען דאַמאָלס אויסגע'הרג'עט גע-וואָרען. די אידען אָבער האָבען געקעמפט ווי לייבען און האָבען פערניכ-טעט אַ גרויסע מאַסע גריכען.

ווען דער סירישער שטאַטהאַלטער צעסטיוס גאַללוס האָט געזעהן, דאָס דער אויפשטאַנד איז געוואָרען זעהר ערנסט, האָט ער גענומען זיינע סאָלדאַ-טען און איז אַוועק נאָך ירושלים. צו איהם איז צוגעשטאַנען אַגריפּפּאַ דער 2טער מיט זיינע סאָלדאַטען. אָבער די צעלאָטען האָבען פערכאַפּט פריהער און זיינען בעפאַלען די רוימער. אַגריפּפּאַ האָט זיי געבעטען זיך צו בערו-היגען און האָט זיי פערשפּראָכען, דאָס דער שטאַטהאַלטער וועט זיי אַלעס פערצייהען, אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט הערען פון פרידען. צעסטיוס האָט פערשטאַרקט זיין אַרמעע און איז געקומען נאָך ירושלים און האָט זי אָנ-געהויבען צו בעלאַגערן. אָבער ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס ירושלים איז צו גוט בעפעסטיגט, ער זאָל זי קענען נעהמען מיט דער מיליטערישער מאַכט, וואָס ער בעזיצט. דערצו איז דער ווינטער געווען נאָהענט און ער האָט מורא געהאַט, דאָס עס וועט איהם פעהלען פּראָוויזיאָן פיר זיין אַרמעע. ער האָט באַלד אויפגעגעבען די בעלאַגערונג און איז צוריק אַוועק נאָך אַנטיאָכיא. די רעוואָלוציאָנערען האָבען געזונגען זיג-לידער און האָבען זיך אָנגעהויבען צוגרייטען צו אַן ערנסטער מלחמה.

## ח. דער אונטערגאַנג פון דער אידישער מלוכה (66—73).

דער ערסטער ערפאָלג האָט שטאַרק בעגייסטערט דאָס אידישע פאָלק. יעצט איז אויך די פרידענס-פּאַרטיי צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערען. זיי האָבען אפילו גוט געוואוסט, דאָס די רוימער וועלען שיקען פיעלע לעגיאָ-נען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד, אָבער יעצט האָט דאָס פאָלק גע-האַט נייע האָפנונגען, וועלכע דאָס רעליגיאָנס-געפיהל האָט זיי געגעבען. די נביאים האָבען דאָך שוין לאַנג צוגעזאָגט, דאָס ענדליך וועט דאָס אידישע פאָלק, דער עם סגולה, בעפרייט ווערען פון דעם יאָך פון אַנדערע פעלקער. איז ניט דער נצחון איבער צעסטיוס גאַללוס אַ בעוויז, דאָס די גאָטהייט זעלבסט האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם? דאָס פאָלק האָט זיך גענומען איינצואָרדנען אַ צייט-ווייליגע רעגירונג. אויף אַ פערזאַמלונג אין בית המקדש האָט מען ערוועהלט בעאַמטע, אַ נייע סנהדרין מיט רבן שמעון בן גמליאל אַלס נשיא. מען האָט אויך ערוועהלט בעאַמטע פיר די פערשיידענע פּראָ-ווינצען. דאָס אַמט איבער גליל האָט מען איבערגעגעבען צו אַ יונגען כהן, יוסף בן מתתיהו, וועלכער איז שפּעטער בעקאַנט געוואָרען אונ-

טער דעם נאָמען י אָ ז ע פ ו ס פ ל א ו י ו ס. די פערטיידיגונג פון ירושלים האָט מען איבערגעגעבען צום געוועזענעם כהן גדול ח נ י ן און צום אריסטאָקראַט י ו ס ף ב ן ג ו ר י ו ן. נאָך דער פּראָווינץ אדום האָט מען געשיקט דעם גרינדער פון דער רעוואָלוציאָן א ל י ע ז ר ב ן ח נ נ י ה. יעצט זיינען אויך די אריסטאָקראַטען אריינגעצויגען געוואָרען אין דער בעוועגונג און זיי האָבען אָנטייל גענומען אין דער נייער רעגירונג. אָבער די וואהל פון די מיליטערישע בעאַמטע איז געווען זעהר ניט קיין גע-לונגענע. איבערהויפּט איז עס געווען דער פאַל מיט יאָזעפוס׳ן. ער איז ניט געווען קיין גוטער פעלדהערר און ניט קיין בעגייסטערטער פרייהייטס-קעמפער.

יוסף בן מתתיהו אָדער יאָזעפוס איז געווען פון א יחסנ׳ישער פאַמיליע פון די כהנים. ער איז געווען ערצויגען אין שטרענגען גייסט פון די פרושים. שוין אין זיין יוגענד איז ער געווען בעריהמט אַלס געלעהרטער אין תורה שבעל פה. א גרויסען איינפלוס האָט אויף איהם געהאַט זיין אויפהאַלטען זיך אין רוים, וואו ער האָט פערבראַכט צוויי יאָהר און איז גוט בעקאַנט געוואָרען מיט דער גריכיש-רוימישער ליטעראַטור. די קייזערין פּאָפּפּעא האָט איהם זעהר הויך געשעצט. ער איז געווען א גרויסער פערעהרער פון דער רוימישער פּאָליטיק און איז געווען איבערצייגט, דאָס ווען די אידען זאָלען זיך מעהר בעפריינדען מיט די רוימער, וואָלט עס זיי געבראַכט א גרויסען נוץ, הגם אין דער הינזיכט פון פּריהייט וואָלטען זיי פיעל פערלאָרען. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער פון די פּרושים. אָבער ער איז געווען זעהר ליבעראַל און פערגלייך מיט פיעלע אַנדערע פון דיזער פּאַרטיי. מיט דיזע איבערצייגונגען איז ער אין יאָהר 66 נ. קר. געקומען פון רוים צוריק נאָך ירושלים, און איז אין א קורצער צייט געוואָרען דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער גאַלילעאישער אַרמעע, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען צו שטרייטען מיט די רוימער.

אָנקומענדיג אין גליל האָט ער פריהער פון אַלץ איינגעאָרדענט די רע-גירונג. ער האָט ערוועהלט א סנהדרין פון 70 פּערזאָן מיט קלענערע גע-ריכטס-הייזער. נאָכדעם האָט ער בעפעסטיגט איניגע וויכטיגע פּונקטען, ווי י אָ ט אַ פּ אַ ט אַ (יודפת), ג אַ מ אַ ל אַ און ט ב ר י ה, און האָט אין א קורצער צייט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן מיט א שטרענגער דיסציפּלין נאָך די רוימישע מאַנירען. אין די שטעדט פון גליל, אין וועלכע די בעפעלקערונג איז געווען א געמישטע פון אידען און היידען, האָבען זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען: נאַציאָנאַליסטען און רוימער-פריינד,

דער אָנפיהרער פון די נאַציאָנאַליסטען איז געווען דער בעריהמטער העלד יוחנן פון גיסקאַלאַ (גוש־חלב). ער איז באַלד געוואָרען אַ פיינד פון יאָזעפוס'ן, און האָט איהם בעשולדיגט, דאָס ער איז אַ פריינד פון די רוימער. עס האָבען זיך דאַמאָלס געפונען מענשען פון דער נאַציאָנאַל־פאַרטיי, וואָס האָבען איהם געוואָלט ערמאָרדען. יוחנן האָט געשריבען געגען איהם פיער קלאַגעס אין ירושלים און די רעגירונג האָט געשיקט פיער בעפאָלמעכטיגטע איהם אַרונטערצוזעצען פון זיין שטעלע. אָבער יאָזעפוס האָט יעדען מאָל בעוויזען זיין אונשולד, און די רעגירונג אין ירושלים האָט צוריקגערופען איהר בעפעהל וועגען יאָזעפוס'עס אַרונטערזעצונג. און אַזוי איז געבליבען אָן דער שפּיץ פון דער גאַליליעאישער אַרמעע אַ מאַן, וואָס האָט געגלויבט, דאָס די אידען זיינען ניט אין שטאַנד צו קעמפען מיט די רוימער.

אַלס נעראָ האָט בעקומען די ידיעה, דאָס אין ירושלים האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן, און דאָס די אידען האָבען געהאַט אַ זיעג איבער צעסטיוס גאַללוס, איז ער געוואָרען אויסער זיך פון צאָרן. דער אויפשטאַנד פון די אידען האָט געדראָהעט צו ווערען עפּידעמיש פיר אַלע אַנדערע פעלקער אין אַזיען, וואָס זיינען געווען אונטער דעם רוימישען יאָך. נעראָ האָט גלייך געשיקט נאָך פּאַלעסטינאַ דעם בעסטען פעלדהערר פון יענער צייט, פלאַוויוס וועספּאַסיאַנוס. דיזער האָט אָנקומענדיג אין סיריען פערזאַמעלט אַלע לעגיאָנען, וואָס זיינען געווען פערשפּרייט אין פערשיידענע לענדער, און האָט זיי קאָנצענטירט אין פּטאָלעמאָאידע. אַהין איז אויך געקומען זיין זוהן טיטוס מיט אַ לעגיאָן פון עגיפּטען, ווי אויך פון איינינגע אַנדערע אונטערוואָרפענע מדינות פון אַזיען, צווישען זיי איז אויך געווען דער אידישער קעניג אַגריפּפּאַ דער 2טער מיט זיינע סאָלדאַטען און זייז שוועסטער די שענע בערניקע. צווישען איהר און טיטוס'ן האָט זיך פערקניפּט אַ ראָמאַן, און עס איז ניט וויט געווען זי זאָל ווערען די קייזערין פון רוים. דאָס איז אַ זעהר ריהרענדע טראַגעדיע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דער אידישער קעניג געהט העלפען דעם גרעסטען שונא פון אידען צו פערניכטען דאָס פאָלק אין זיין לאַנד, און זיין שוועסטער פערליבט זיך אין אַ מאַן, וועלכער האָט געגעבען דעם לעצטען טויט־שלאַג דער אידישער נאַציאָן, וועלכע האָט איהם אַנדערש ניט גערופען ווי טיטוס הרשע.

יאָזעפוס האָט קאָנצענטרירט זיין מיליטערישע מאַכט ניט וויט פון צפּורי. אָבער וויל זיין אַרמעע איז ניט געווען דיסציפּלינירט און שלעכט בעוואַפענט האָבען פיעלע אָנגעהויבען צו פערלאָזען דעם לאַגער און ער איז געווען געצוואונגען צוריקטרעטען צו טבריה. ער האָט געשיקט אָנפרעגען

די רעגירונג אין ירושלים אויב ער זאָל אָנפאַנגען צו פערהאַנדלען מיט וועס-פּאַסיאַנוס'ן וועגען פרידען, און אויב ניט האָט ער פערלאַנגט מען זאָל איהם צושיקען מעהר סאָלדאַטען, ווייל מיט די, וואָס ער האָט, קען ער פאַר קיין פאַל ניט רעכנען צו געווינען די שלאַכט מיט די רוימער. די רעגירונג פון ירושלים האָט זיך יעצט איבערצייגט, ווי יוחנן פון גוש חלב איז גערעכט געווען אין זיין קלאַגע געגען יאָזעפוס'ן. די רוימער האָבען לייכט איינגענומען דעם אונטערען טייל פון גליל, און יאָזעפוס האָט זיך בעפעסטיגט אין דער שטאַר-קער פעסטונג יאָטאַפּאַטאַ. וועספּאַסיאַנוס האָט בעלאַגערט די פעסטונג. 6 וואָכען האָבען די אידישע קריגער מוטיג פערטיידיגט יאָטאַפּאַטאַ, אָבער ענדליך זיינען זיי אָפּגעשוואַכט געוואָרען און וועספּאַסיאַנוס האָט גענומען די פעסטונג מיט שטורם. דאַן האָט ער אַלע מענער אויסגעשלאַכטעט, די פרויען און קינדער גענומען געפאַנגען, און די שטעדט אין גאַנצען פערוויס-טעט. אַלס די פעסטונג איז געפאַלען, איז יאָזעפוס ענטלאָפען און האָט זיך מיט 40 פון זיינע סאָלדאַטען בעהאַלטען אין אַ הֶעהל. וועספּאַסיאַנוס האָט גע-שיקט זאָגען, דאָס ער וועט זיי קיין שלעכטעס ניט טאָן, ווען זיי וועלען זיך אי-בערגעבען אין זיינע הענט. יאָזעפוס האָט עס געוואָלט טאָן, אָבער די סאָלדאַ-טען האָבען בעשלאָסען בעסער שטאַרבען איידער זיך איבערגעבען צום שונא. יאָזעפוס האָט עס אָבער אַזוי קונציג געמאַכט, דאָס יענע האָבען דערשטאָכען איינער דעם אַנדערען מיט אַ גורל, נאָר ער מיט נאָך איינעם איז איבערגע-בליבען. יעצט איז ער מיט זיין חבר אַרויס צו וועספּאַסיאַנוס'ן און האָט אונטער אַ מאַסקע פון אַ נביא איהם נביאות געזאָגט, דאָס ער וועט אין גי-כען ווערען קיסר אין רוים. וועספּאַסיאַנוס'ן איז געפעלען געוואָרען די נביאות און ער האָט איהם געמאַכט פיר זיין יועץ. דיזעס אַמט האָט ער פערנומען אויך אונטער טיטוס'ן. דער פאַל פון יאָטאַפּאַטאַ האָט אויפגעטרייסעלט גאַנץ ירושלים, יאָזעפוס'ן האָבען אַלע פעראַכטעט ווי מען האָט זיך דערוואוסט, דאָס ער האָט זיך איבערגעגעבען צום שונא.

נאָך דעם פאַל פון יאָטאַפּאַטאַ איז וועספּאַסיאַנוס אַוועק צו זיין פריינד אַגריפּפּאַ דעם 2טען און האָט דאָרט פערבראַכט 20 טעג אין גרויס פערגניגען און מען האָט זיך צוזאַמען געפרייט אויף דעם פאַל פון גליל. אָבער באַלד האָט ווידער אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד אין גליל. וועספּאַסיאַנוס האָט אַוועקגעשיקט זיינע לעגיאָנען נאָך טבריה, וואו זיי האָבען געמאַכט זייער לאַגער. דיזע שטאָדט האָט געהערט צו אַגריפּפּאַ'ן. די איינוואוינער זיינען געווען רוהיגע בירגער און האָבען בעשלאָסען אריינצונעהמען די רוימער אין שטאָדט. די צעלאָטען, וואָס זיינען דאָרט געווען, זיינען אַוועק נאָך דער

פעסטונג ט אַ ר י כ ע אַ. דאָרט האָבען די אײַנװאױנער געקעמפּט מיט גרױס העלדישקײט געגען די רױמער. זײ האָבען זיך לאַנג פערטײדיגט, אָבער ענדליך האָבען די רױמער זײ בעזיגט און האָבען די שטאָדט פערניכטעט. נאָר אַ קלײנע צאָהל צעלאָטען האָבען זיך גערעטעט און האָבען זיך פערשלאָסען אין דער פעסטונג גאַמאַלאַ. דיזע שטאָדט איז געשטאַנען אויף אַ הויכען שטײנער־נעם באַרג, װאָס האָט די אויסזיכט פון אַ קעמעל (זי האָט זיך דעריבער גע־רופען ג מ ל א, װאָס מײנט קעמעל). דער באַרג איז געװען זעהר שטײל (ניט משופּע) און אויף יעדען שריט זײנען געװען שרעקליכע שפּאַלטען,



יאָזעפוס ענטלויפט.

װאָס האָבען געפיהרט צו אַן אָפּגרונד. פיעלע אָפּפער האָט געקאָסט די רױ־מער צו נעהמען דיזע זונדערבאַרע פעסטונג. װען די אײַנװאױנער האָבען גע־זעהן, דאָס עס איז מעהר פיר זײ קײן רעטונג ניטאָ, האָבען זײ זיך אַראָפּגע־װאָרפען פון דעם שפּיץ באַרג אין די טיפע טאָלען און זײערע בײנער זײנען באַלד צושאָטען געװאָרען (אָקטאָבער 67). אין דער זעלבער צײט האָט טיטוס אײַנגענומען גיסקאַלאַ. יוחנן, דער פיהער פון די צעלאָטען, איז נאָך פריהער

ענטלאפען ביי נאכט נאך ירושלים און איז אנגעקומען אהין בשלום. דער-מיט האט זיך געענדיגט דער פאל פון גליל. וועספאסיאנוס האט אפגעלעגט די בעלאגערונג פון ירושלים ביז איבער ווינטער.

נאך דעם פאל פון גליל האט די ציטוויילינע רעגירונג, וואס איז בע-שטאנען פון אריסטאקראטען און פרושים, פערלארען דעם צוטרויען פון די ראדיקאלען, צוליב דעם איבערגאנג פון זייער ערוועהלטען פעלדהערר יאזע-פוס אין דעם לאגער פון שונא. די ראדיקאלען אדער די צעלאטען, האבען גוט פערשטאנען, דאס די אריסטאקראטען מיט די פרושים וועלען באלד אנפאנגען אונטערהאנדלונגען מיט וועספאסיאנוס'ן וועגען פרידען. דער פרינציפ פון די ראדיקאלען אבער איז געווען: „פרייהייט אדער טויט". עס איז דעריבער ענטשטאנען יעצט א שטרייט: ווער עס זאל שטעהען אן דער שפיץ פון דער פארלויפיגער רעגירונג — די אריסטאקראטען אדער די צעלאטען.

די צעלאטען מיט זייער פיהרער יוחנן פון גיסקאלא האבען אנגעהויבען אגיטירען אין פאלק, דאס די אריסטאקראטען מיט די פרושים ווילען שליסען פרידען מיט די רוימער און איבער־א־ניים זיך אונטערוואַרפען אונטער די פראקוראטארען, און דעריבער, אום דאס צו פערהינדערן, זאל מען די רע-גירונג ארויסנעהמען פון זייערע הענט. די יונגע לייט פון ירושלים און פון דער פראווינץ זיינען איבערגעגאנגען אויף די זייט פון די צעלאטען און הא-בען באלד איינגעפיהרט א שרעקענס־הערשאפט, א טעראריזם. זיי האבען ער-מארדעט אייניגע פון דער רעגירונג, האבען בעהערשט דעם בית המקדש, הא-בען ארונטערגעזעצט דעם כהן גדול חנין אדער ענן, און האבען ערוועהלט צום כהן גדול א דארפסמאן פינחס.

די רעגירונג איז ארויס געגען די צעלאטען. צווישען די געגנער זיינען געוועזען אייניגע געוועזענע כהנים גדולים, רבן שמעון בן גמליאל און דער בע-ריהמטער רייכער מאן יהושע (נקדימון?) בן גוריון. דיזע האבען ערקלערט דעם פאלק, וואס פיר אן אונגליק עס שטעהט איהם פאר, ווען די רעגירונג וועט איבערגעהן צו די צעלאטען. עס האט זיך אנגעפאנגען א בירגער־קריג און דער רעגירונג איז געלונגען צו פערשליסען די צעלאטען אין הויף פון בית המקדש. אבער די צעלאטען, וואס זיינען געבליבען אין שטאדט האבען אויפגערייצט דאס פאלק געגען דער רעגירונג, דערצו האבען די צעלאטען אריינגעלאזען אין שטאדט די אדומים, וועלכע זיינען געקומען זיי צו הילף; מען האט ערמארדעט פיעלע פון דער רעגירונג, אונטער וועלכע עס זיינען אויך געווען די געוועזענע כהנים גדולים חנין און יהושע בן גמלא, און זייערע

קערפּערס האָבען זיך געוואַלגערט אייניגע טעג אין די גאַסען און מען האָט זיי ניט מקבר געווען. דער סוף איז געווען, דאָס די רעגירונג איז אַריבער צו די צעלאָטען, און אָן דער שפּיץ זיינען געשטאַנען אליעזר בן שמעון און יוחנן פון גיסקאַלאַ.

וועספּאַסיאַנוס איז געווען זעהר צופרידען פון דעם בירגער־קריג אין ירושלים. ווען זיינע בעאַמטע האָבען איהם געראַטען ער זאָל זיך יעצט נעה-מען צו די אידען, האָט ער געענטפערט: „צו וואָס זאָל איך מאַטערן מיינע סאָלדאַטען צו מאָרדען די אידען, ווען זיי מאָרדען אַליין איינע די אַנדערע?" ער איז אָבער ניט געזעסען גאָר לעדיג; ער האָט דערווייל איינגענומען אייניגע אַנדערע שטעדט אין דעם פּראָווינץ אדום. וועספּאַסיאַנוס איז שוין געווען פערטיג צו נעהמען זיך צו ירושלים, איז דערווייל דער קיסר נערא געשטאָר-בען און אין רוים איז געוואָרען אַ מין אַנאַרכיע. עס זיינען געוואָרען פיעלע פּאַרטייען און יעדע האָט געוואָלט איהר קאַנדידאַט. אויך די אַרמעע האָט גענומען זאָגען אַ דעה ווענען זי וויל. יעדע לעגיאָן האָט פאָרגעשלאָגען איהר קאָמאַנדיר. ענדליך זיינען אַלע געקומען צום בעשלוס, דאָס וועספּאַסיאַנוס זאָל ווערען קיסר. וועספּאַסיאַנוס'עס גאַנצע ענערגיע איז געווען פערטאָן אין דער קיסר־פראגע און ער האָט ווייניג אין זינען געהאַט די אידען. די צעלאָטען האָבען זיך בענוצט מיט דיזען צושטאַנד און געטריבען זייער אַרבייט צו בעפרייען דאָס פאָלק פון רוימישען יאָך. אין דער פּראָווינץ איז דערווייל ערשינען אַ נייער פיהרער פון די סיקאַריער (טעררארישטען) און האָבען גע-רויבט און געמאָרדעט אין די שטעדטלאך און די דערפער יעדען, וועה עס איז ניט צוגעשטאַנען צו דער ראַדיקאַלער פאַרטיי. דער העלד **שמעון בר גיורא** (דער זוהן פון אַ גר) איז געווען זעהר בעליבט ביי די סי-קאַריער און ער האָט זיך געלאָזען נאָך ירושלים. דאָס איז ניט געפעלען גע-וואָרען דעם ירושלים'ער דיקטאַטאָר יוחנן פון גיסקאַלאַ און ער איז אַרויס געגען שמעון בר גיורא אויף אַ שטרייט. אָבער די איינוואוינער פון ירושלים האָבען אַריינגעלאָזען שמעון בר גיורא אין שטאָדט, וואַהרשיינליך מיט דער אַבזיכט, דאָס ביידע פיהרער זאָלען זיך רייסען צווישען זיך און מען זאָל פון זיי ביידען פּטור ווערען. דערווייל איז אין רוים רוהיג געוואָרען. וועספּאַסיא-נוס איז אוועק נאָך רוים זיך זעצען אויף'ן טראָן און די בעלאַגערונג פון ירושלים האָט ער איבערגעגעבען צו זיין זוהן טיטוס, אום ער זאָל ענדיגען די מלחמה מיט די אידען (70 נאָך קר.).

אין ירושלים האָבען געהערשט דריי פּאַרטייען: די סיקאַריער אונטער שמעון בר גיורא, די ראַדיקאַלע צעלאָטען אונטער יוחנן פון גיספאַלאַ,

די מעסיגע צעלאָטען אונטער אליעזר בן שמעון. די 3 פּאַרטייען האָבען צו-טיילט די שטאָדט אויף 3 טייל: אליעזר מיט זיינע אָנהענגער האָט פער-כאַפּט דעם אויבערסטען טייל פון הר הבית, יוחנן — דעם אונטערסטען טייל און שמעון — די שטאָדט. דיזע פּאַרטייען האָבען געשטריטען איינע מיט דער אַנדערער, האָבען ערמאָרדעט זייערע געגנער און האָבען פערניכטעט דאָס איי-גענטום פון די אַנדערע פּאַרטייען. די סיקאַריער האָבען זאָגאַר פערברענט די מאַגאַזינען מיט שפּייז, וואָס די פריהערדיגע רעגירונג האָט אָנגעגרייט. דיזער פערברעכען איז געווען די וויכטיגסטע אורזאַך פון דעם פּאַל פון ירושלים. דערווייל איז אָנגעקומען פּסח און אליעזר האָט געמוזט עפנען די טויערן פון בית המקדש אריינצולאָזען דאָס פּאָלק צו מקריב זיין דעם קרבן פּסח. דערמיט האָט זיך בענוצט יוחנן און האָט זיך אריינגעכאַפּט אין בית המקדש און די פּאַרטיי פון אליעזר'ן האָט זיך פעראייניגט מיט דער פּאַרטיי פון יוחנן. און אַזוי זיינען אין דער צייט, וואָס טיטוס האָט בעלאַגערט ירושלים, אין שטאָדט נאָר געבליבען צוויי פּאַרטייען: יוחנן'ס און בר גיורא'ס. דיזע האָבען זיך ענדליך פעראייניגט צו קעמפען מיט'ן שונא, מיט טיטוס'ן.

טיטוס האָט זיך גענומען ערנסט צו דער בעלאַגערונג פון ירושלים. ער האָט צוזאַמענגעבראַכט 80 טויזענד מאַן, אונטער וועלכע עס זיינען אויך געווען אידישע סאָלדאַטען פון דעם אידישען קעניג אַגריפּפּאַ דעם 2טען. די הויפּט-ראַטגעבער אין טיטוס'עס הויפּט-שטאַב זיינען געווען: אַגריפּפּאַ דער 2טער, טיבעריוס דער משומד, וועלכער האָט אָנגעטאָן די אידען נאָך פריהער גרויסע צרות אַלס פּראָקוראַטאָר אין ירושלים און האָט אָנגעמאַכט א פּאָגראָם אין אַלעקסאַנדריען, וואו ער איז געווען שטאַטהאַלטער, און יאָ-זעפוס פלאַוויוס. דיזע 3 אידען האָט די געשיכטע געשטעמפּעלט מיט פער-אַכטונג פיר זייער גלייכגילטיגקייט צו-צו-זעהן ווי דאָס אידישע פּאָלק גוסס'ט און געהט אונטער.

באַלד ווי טיטוס איז פערטיג געוואָרען מיט זיינע פּאָרבערייטונגען צו דער בעלאַגערונג האָט ער געשיקט זאָגען אין ירושלים, דאָס ער איז בערייט מוחל צו זיין די אידען פיר דעם אויפשטאַנד, ווען זיי וועלען זיך אונטערגע-בען אונטער דער רוימישער הערשאַפט און בלייבען ביי זייער אויטאָנאָמיע. די צעלאָטען האָבען געענטפערט, דאָס זיי זיינען גרייט צו קעמפען ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט פיר זייער פרייהייט. זיי האָבען די ערסטע צייט ווירק-ליך בעוויזען גרויסע העלדישקייט. זיי האָבען שיער אריינגעכאַפּט אין פּלען טיטוס'ן זעלבסט און האָבען פערניכטעט א גרויסען טייל פון דער 10טער לעגיאָן פון די בעלאַגערער. די רוימער האָבען זיך דאַן ערנסט גענומען צו

שטורמען די שטאָדט ירושלים פון צפון־זייט, וואו זיי זיינען געווען ארומ־גערינגעלט מיט דריי מויערן. זיי האָבען געמאַכט הויכע וואַלען (אָנשיטונ־גען), האָבען ארויפגעשטעלט אויף זיי זייערע שליידער־מאַשינען, וועלכע האָ־גשליידערט אין שטאָדט אונגעהייערע גרויסע שטיינער און האָבען פיעלע איינוואוינער געטויט. פיר די מויערן האָבען זיי געהאַט אייזערנע באַראַנעס (אילי הברזל) — דאָס זיינען געווען מאַשינעס ווי אַ קאָפּ פון אַ באַראַן מיט אייזערנע הערנער, און מיט זיי האָט מען געשטורמט די מויערן. די צעלאָ־טען פון זייער זייט האָבען אויך בענוצט שליידער־מאַשינען און האָבען פיעלע



די אייזערנע באַראַנעס.

רוימער געטויט. איין אָפּטיילונג פון אונערשראָקענע צעלאָטען איז איינ־מאָל ארויסגעלאָפען פון שטאָדט, האָט פערניכטעט די רוימישע שליידער־מאַשינען, און האָט פיעלע סאָלדאַטען פון די רוימער צו׳הרג׳עט און זיך צוריק אין שטאָדט אריינגעכאַפּט.

צוויי וואָכען האָט געדויערט דאָס שטורמען פון דער ערסטער וואַנט ביז עס איז געלונגען די רוימער נאָך גרויסע פערלוסטען זי צו צושטערען. נאָך מעהר מיה האָט געקאָסט די רוימער צו נעהמען די צווייטע וואַנט,

אָבער דאַן האָט זיך טיטוס איבערצייגט, וואָס פיר אַ שווערע ארבייט איהם שטעהט פאָר צו נעהמען די פעסטונג פון בית המקדש און די פעסטונג אַנטאָניאַ, וועלכע זיינען געווען פערטיידיגט פון די צוויי העלדען יוחנן און שמעון און וועלכע האָבען זעהר געשטערט די רוימער אין זייער ארבייט. טיטוס האָט ווידער פאָרגעשלאָגען צו ענדיגען דעם שטרייט אויף אַ פריד־ליכען אופן. ער האָט אויך געבעטען יאָזעפוס'ן ער זאָל האַלטען אַ רעדע פאַר די אידען און זיי ערקלערען דעם סוף פון דיזער מלחמה, אָבער די צעלאָטען האָבען ניט געוואָלט הערען און וויסען פון קיין זאַך, נאָר פאָלשטענדיגע פרייהייט.

טיטוס האָט זיך גענומען מאַכען גרויסע פאָרבערייטונגען צו נעהמען דיזע צוויי פעסטונגען. 4 לעגיאָנען האָבען שווער געארבייט אַ לאַנגע צייט ביז עס איז איהם געלונגען אויפשטעלען דריי הויכע וואַלען און אויף זיי ארויפברייגנען די שווערע מאַשינען צו שטורמען די פעסטונגען. אָבער די צעלאָטען האָבען אין דערזעלבער צייט געמאַכט אונטער די וואַלען מיט די מאַשינען אַ טונעל, וועלכען זיי האָבען אונטערגעשטיצט מיט שווערע היל־צערנע סלופּעס, און ווען די מאַשינען זיינען שוין געשטאַנען אויף די וואַלען האָבען די צעלאָטען אונטערגעצונדען די סלופּעס און די וואַלען מיט די מאַ־שינעס זיינען אריינגעפאַלען אין טונעל און זיינען דאָרט פערברענט געוואָרען. דאָס האָט געבראַכט די רוימער אין פערצווייפלונג. זיי האָבען בעשלאָסען צו נעהמען די פערטיידיגער דורך אויסהונגערן. זיי האָבען געמאַכט אַ וואַנט ארום דער שטאָדט, אום עס זאָל אונמעגליך זיין אריינצובריינגען אין שטאָדט שפּייז דורך אונטער־ערדישע וועגען. דערצו האָבען זיי צושטעלט אין 30 פונקטען שטרענגע וואַכען. דער הונגער איז געוואָרען שרעקליך אין שטאָדט. די רייכע פלעגען צאָהלען פיר אַ ברויט אַ מעסטעל גאָלד און די אָרימע פלע־גען זיך ארויס'גנב'ענען פון שטאָדט צו זוכען שפּייז, אָבער דאָרט האָבען זיי די רוימער געכאַפּט און זיי אָפּגעהאַקט די הענט און צוריק אריינגעטרי־בען אין שטאָדט, וואו זיי זיינען ענדליך געשטאָרבען פון הונגער און יסורים. דער הונגער איז געווען שרעקליך אין ירושלים. מענשען זיינען געפאַלען טויט אין די גאַסען. אויך אין דער אָרמעע האָט געפעהלט שפּייז און די קריגער זיינען געוואָרען מוטלאָז. דאַמאָלס האָט טיטוס געהאַט אַ גינסטיגען מאָמענט צו שטורמען די פעסטונג אַנטאָניאַ און האָט זי ווירק־ליך אין אַ קורצער צייט גענומען. די צעלאָטען האָבען זיך פערשפּאַרט אין בית המקדש. אין יענער צייט האָט דער געטליכער דינסט אויפגעהערט אין טעמפּעל, ווייל עס איז ניט געווען קיין שאָף צו מקריב זיין דעם קרבן

תמיד. טיטוס האָט געבעטען יאָזעפוס'ן ער זאָל ווידער האַלטען פאַר די צעלאָטען אַ רעדע און ראַטען זיי זיך בעסער אונטערגעבען און רעטען די הייליגע שטאָדט ירושלים און דעם בית המקדש פון גענצליכען אונטערגאַנג, אָבער זיי האָבען איהם ניט געוואָלט הערען. טיטוס האָט בעשלאָסען אָנצו-ווענדען אַלע זיינע קרעפטען צו מאַכען אַן ענד צום טעמפעל און ירושלים, ווייל כל זמן דיזער וועט עקסיסטירען וועט קיין סוף ניט נעהמען צו דעם עקשנות'דיגען שטרייט. „דער טעמפעל מוז פערברענט ווערען און דאַן איז



יאָזעפוס רעדט צו דער שטאָדט.

אַ סוף", האָט ער געזאָגט. אויף זיין בעפעהל האָבען די סאָלדאַטען אונטער-געצונדען דעם זילבערנעם טויער, וואָס איז געווען פון האָלץ בעדעקט מיט זילבער, און פון דאָרט האָט זיך דער פייער פערשפּרייט איבער די גאַלעריעס און דורך דעם איז די עזרה, דער חצר החיצון, געוואָרען אָפען פיר די רוימער. אַריינקומענדיג האָבען די רוימער געפונען די צעלאָטען פערשלאָסען אין „חצר הפנימי" (אינוועניגסטען הויף). טיטוס האָט געהייסען די סאָלדאַטען פערניכטען די גאַנצע געביידע מיט פייער, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס דער

קריגס־ראט האט בעשלאסען עס ניט צו טאן, ווייל עס איז א זינד צו פערניכ־
טען אזא וועלט־בעריהמטע געביידע. א שרעקליכע סצענע איז דאמאלס פאר־
געקומען. די גאנצע געביידע פון בית המקדש איז געוועזן איינגעטונקט אין
פלאמען, טייכען בלוט פון די פערצווייפעלטע צעלאטען איז געפלאסען אי־
בער׳ן הר הבית, דער יאמער־געשריי פון די ברענענדיגע פרויען און קינדער
און דער זיג־געשריי פון די רוימישע סאלדאטען צוזאמען מיט דעם קראכען
פון די איינגעפאלענע ווענט האט פערהילכט די שטאדט און א גרויסע שטרע־



סאלדאטען צינדען אונטער דעם בית המקדש.

קע ארום. איינינע פון די צעלאטען מיט זייער פיהרער איז געלונגען זיך צו
רעטען אין דעם אויבערסטען טייל פון שטאדט, וועלכער איז נאך ניט געווען
אין די הענט פון די רוימער. אין דיזען טייל האבען זיי זיך בעפעסטיגט אין
דעם פאלאץ פון הורדוס׳ן. זיי האבען זיך אבער באלד איבערצייגט, דאס
עס איז שוין אונמעגליך צו פארטזעצען דעם קאמף און זייגען ענטלאפען דורך
אונטער־ערדישע וועגען. די רוימער האבען זיך מיט גרויס מוט גענומען צו
פערניכטען די גאנצע שטאדט ירושלים מיט אלע איינוואוינער, יונג און אלט,

מענער און פרויען, מיט זייער האב און גוטס דורך שווערד און פייער. מען האט נאר איבערגעלאזען א טייל פון די מענשען אום צו בעשענען דעם טרי-אומף-צוג פון טיטוס'ן, ווען ער וועט צוריק קומען אין רוים אלס זיגער, און נאכדעם צו פערקויפען זיי אלס שקלאפען. צווישען די געפאנגענע זיינען אויך געווען די צוויי העלדען יוחנן פון גיסקאלא און בר גיורא, וועלכע זיינען געווען געשמידט אין קייטען און זיינען געפיהרט געווארען צוזאמען מיט אנ-דערע געפאנגענע נאך רוים.



רוימישע סאלדאטען ברעכען זיך אריין אין בית המקדש.

באלד נאך דעם זיג איבער יהודה איז טיטוס אוועק צו זיין פריינד דעם אידישען קעניג אגריפפא דעם 2טען זיך אויסרוהען פון זיין גרויסער מיה. דארט האט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס שמחה און מען האט געמאכט גרויסארטיגע בעלער צו זיין עהרע און אויך א גלאדיאטארען-געפעכט. דאס איז געווען א שטרייט צווישען אידישע געפאנגענע און רויב-טיערען. איבער 700 פערזאן זיינען אומגעקומען אין דיזען געפעכט. טיטוס האט גרויס פערגניגען געהאט פון דיזער אונטערהאלטונג, ווייל אידישעס בלוט האט זיך געגאסען ווי וואסער. אזא סארט אונטערהאלטונג האט מען

געמאַכט פון זיינעט וועגען אויך אין ביירוט. נאָך דעם איז ער אַוועק צוריק אין רוים. דאָרט האָט מען איהם פערשאַפט גרויס כבוד מיט אַ טריאומף־צוג. דאָס איז געווען אַ לאַנגע פּראָצעסיע, אין וועלכער עס האָבען אַנטייל גענומען דער קיסר זעלבסט, אַלע רוימישע סענאַטאָרען און הויכע בעאַמטע מיט זעהר פיעלע סאָלדאַטען. הינטער דער פּראָצעסיע זיינען געגאַנגען 700 אידישע העלדישע קעמפּפער מיט די הויפּט־פיהרער יוחנן און שמעון. ווען די פּראָצעסיע איז געקומען צום טעמפּעל פון יופּיטער אין רוים האָט מען דעם אידישען העלד הינגעריכטעט, דאָס איז געווען אַ דאַנק־אָפּפער צו יופּיטער׳ן פיר דעם זיג, וואָס ער האָט פערשאַפט די רוימער. נאָכדעם האָט מען דעם אַנדערען



טיטוס׳עס טריאומף.

העלד יוחנן אריינגעוואָרפען פיר דאָס גאַנצע לעבען אין געפענגניס. אין דער פּראָצעסיע האָט מען אויך געפיהרט די צוגענומענע כלים פון בית המקדש, די גאָלדענע מנורה, דעם גאָלדענעם טיש פון לחם הפנים א. אנד. די רוימער האָבען דאַמאָלס אויסגעבויט אַ טריאומף־טויער, איבער וועלכען עס זיינען געווען געמאַכט איינינע בילדער פון דיזער פּראָצעסיע. די אידען אין רוים פלעגען אויסמיידען ניט צו זעהן דיזע בילדער. דער זיג פון רוים איבער יהודה איז אַזוי וויכטיג געווען פיר זיי, דאָס מען האָט געלאָזט מאַכען צום אָנדענקען אַ ספּעציעלע מטבע, אויף וועלכער עס זיינען געשטאַנען די ווערטער: Judaea capta (יהודה איז געפאַנגען).

דער פאַל פון אידישען פאָלק איז געוועזן שרעקליך. אויסער די גרויסע אונגעהייערע צאָהל אויסגעשלאַכטעטע זיינען צעהנדליגע טויזענדע פערקויפט געוואָרען אין פערשיידענע לענדער אַלס שקלאַפען. פיעלע טויזענדע זיינען אין די צירקען אַריינגעבראַכט געוואָרען אַלס גלאַדיאַטאָרען, אום מיט זייער בלו צו פערשאַפען פערגניגען זייערע ביטערע שונאים, די גריכען און די רוי־מער. אין תלמוד און מדרש געפינען זיך זעהר פיעלע שילדערונגען פון הערצ־רייסענדע סצענעס פון דעם אידישען פאָלק אין יענער צייט. אַזוי ווערט ער־צעהלט פון אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, קינדער פון ר׳ ישמעאל כהן גדול, וועלכע זיינען אַלס שקלאַפען פערקויפט געוואָרען צו צוויי היידען. ווייל די קינדער זיינען געוועזן זעהר שען, האָבען די הערען בעשלאָסען זיי חתונה צו מאַכען אום פון זיי צו בעקומען שענע קינדער. ווען די צוויי קינדער זיינען צונויפגעקומען האָבען זיי זיך דערקענט אַלס שוועסטער און ברודער, זיינען







רוימישע מטבע צום אָנדענקען פון דעם זיג איבער יהודה.

געפאַלען איינער דעם אַנדערען אויף׳ן האַלז און האָבען ביטער געוויינט אויף זייער שיקזאַל ביז זיי זיינען געשטאָרבען פון טרויערן.

נאָך דעם פאַל פון ירושלים זיינען נאָך געבליבען די פעסטונגען, וואו די צעלאָטען האָבען זיך פערטיידיגט: ה ע ר אָ ד י ו ם, מ כ י ר און מ אַ ס אַ ד אַ. אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און אויך דיזע פעסטונגען זיינען איבערגעגאַנגען צו די רוימער. די פעסטונג הערָאדיום האָט זיך באַלד אונטערגעגעבען; די צווייטע, מכיר, האָט זיך אַ קורצע צייט פערטיידיגט, נאָכ־דעם האָבען די איינוואוינער בעשלאָסען איבערצוגעבען די פעסטונג, מיט דער בעדינגונג מען זאָל זיי אַרויסלאָזען פריי מיט זייערע וואַפען. די רוימער האָבען זיי פערשפּראָכען צו ערפילען זייער פערלאַנג, אָבער זיי האָבען ניט געהאַלטען וואָרט און האָבען זיי אַלע געפאַנגען און פערקויפט פיר שקלאַפען. די פעס־טונג מאַסאַדאַ האָט זיך געהאַלטען לענגער פון אַלע. אָבער ווען זיי האָבען

געזעהען, דאָס זיי קענען זיך מעהר ניט פערטיידיגען, האָבען זיי אַלע צושאָכ־טען זייערע ווייבער און קינדער, און נאָכהער זיך זעלבסט, אום ניט אַריינ־פאַלען אין די הענט פון די רוימער. דאָס איז געווען דער לעצטער אַקט פון דער גרויסער טראַגעדיע פון דעם פאַל פון אידישען פאָלק, וועלכעס האָט בע־וויזען אונגעוועהנליכע העלדישקייט ביים פערטיידיגען זיין פרייהייט.

דאָס לאַנד יהודה איז יעצט געוואָרען דאָס אייגענטום פון וועספּאַסיאַ־נוס'ן. ער האָט עס צוטיילט צו גריכען און צו רוימער. ביי די גרויסע מענ־שען פון אידישען פאָלק איז געווען די פראַגע: ווי זאָל מען יעצט אויפהאַל־טען דאָס פאָלק, וואָס האָט קיין לאַנד ניט?

## ט. דאָס יודענטום אין ארץ ישראל און אין די גלות־לענדער.

די גייסטיגע בעוועגונג אין ערסטען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג האָט דאַמאָלס גענומען צוויי פערשיידענע ריכטונגען: אַ נאַציאָ־נאַל־רעליגיעזע און אַ קאָסמאָפּאָליטישע. ליידער זיינען מיר יעצט ניט אין שטאַנד צו געפינען דעם ריכטיגען שליסעל צו פאָרשען די אורזאַכען, וואָס האָבען בעשאַפען דיזע צוויי ריכטונגען. דער לאָזונג פון די פּאָליטישע קאַטאַ־סטראָפען האָט פערהילכט די אידעאַלען, צו וועלכע עס האָבען געשטרעבט די גרויסע גייסטער פון יענער צייט. אין דער שטורמישער צייט פון די רוימישע פּראָקוראַטאָרען זיינען אַרויף אויף די סצענע די צעלאָטען און זייערע געגנער, די פּרושים. אמאָל האָבען די ערסטע געהאַט די אויבערהאַנט, און אַמאָל — די צווייטע, ווי אין דער צייט פון אַגריפּפּאַ דעם 1טען. עס זיינען אויך געווען צייטען, ווען ביידע האָבען זיך פעראייניגט צו פּראָטעסטירען געגען די רוימער, ווי ביי דער פאָדערונג פון צענזוס און ביים אַריינשטעלען קאַליגולאַ'ס בילד אין טעמפּעל. די צדוקים האָבען שוין דאַן מעהר קיין ראָלע ניט געשפּילט.

אָן דער שפּיץ פון די סנהדרין איז דאַמאָלס געשטאַנען רבן גמליאל דער עניקעל פון הלל'ן. ער האָט פיעל געטאָן צו שאַפען האַרמאָניע צווישען דעם געזעץ און דעם לעבען, און האָט איינגעפיהרט רעפאָרמעס, אום די וועלטליכע בעציהונגען צווישען מענשען צו פערבעסערן, אָדער אום מעהר פרידען צו שאַפען צווישען אידען און אַנדערע פעלקער. אין דער צייט פון דער נשיאות פון רבן שמעון בן גמליאל איז פאָרגעקומען דער בלוטיגער שטרייט צווישען די אידען און די גריכען און רוימער אין פּאַלעסטינאַ און אין די גלות־לענדער. דאַמאָלס האָבען די אידישע חכמים געפונען פיר נעטיג צו מאַכען 18 נייע געזעצען (שמונה עשר גזירות), וועלכע האָבען געהאַט אַלס צוועק צו האַלטען די אידען אָפּגעזונדערט פון די היידען. לויט דיזע געזעצען האָט אַ איד ניט



דער כותל מערבי פון בית המקדש, וואו אידען קלאָגען אויף'ן חורבן.

געטאָרט קויפען שפּייז פון אַ היידע, ניט אָננעהמען זיין עדות=זאָגען און איבערהויפּט ניט צו הייראַטען מיט זייערע טעכטער. די הויפּט=גרינדער פון דיזע גזירות זיינען געווען די חכמים פון דער שול פון שמאַי (בית שמאַי), צו וועלכער עס האָט אויך געהערט דער צעלאָט אליעזר בן חנניה. די מעסיגע פּרושים פון בית הלל זיינען געווען געגען דיזע גזירות, און עס איז זאָגאַר פאָרגעקומען אַ בלוטיגער שטרייט צווישען די צוויי שולען, אָבער בית שמאי האָט געהאַט דעם זיג. נאָך דעם זיג איבער צעסטיוס גאַללוס איז רבן שמעון בן גמליאל געווען אַ טעטיגער מיטגליד פון דער אַריסטאָקראַטישער רעגירונג. אָבער ווי נאָר די רעגירונג איז אַריבער צו די ראַדיקאַלען, האָט ער זיין אַיינפלוס אָנגעוואָרען. דיזער רבן שמעון בן גמליאל איז איינער פון די צעהן מאַרטירער, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרען פון די רוימישע הערשער (עשרה הרוגי מלכות). עס איז אָבער ניט קלאָר בעשטימט די צייט, ווען ער איז הינגעריכטעט געוואָרען. דער נשיא פון די סנהדרין איז דאַמאָלס געווען ר ב י י ו ח נ ן ב ן ז כ א י. ער האָט געהערט צו די דאָזיגע פּרושים, וועלכע זיינען געקומען צום בעשלוס, דאָס יעצט איז אונמעגליך צו רעטען די פּאָליטישע פרייהייט פון פאָלק, און מען מוז בעסער זאָרגען, ווי מען זאָל רעטען דאָס פאָלק פון אונטערגאַנג. עס איז בעשלאָסען געוואָרען אויפצוהאַלטען דעם נאַציאָנאַל=גייסט אין פאָלק דורך רעליגיעזע אויטאָנאָמיע.

עס ווערט ערצעהלט אין תלמוד, דאָס ר' יוחנן בן זכאי האָט זיך מיט דער הילף פון זיינע תלמידים אַרויסגע'גנב'עט פון שטאָדט ירושלים דורך דעם, וואָס מען האָט איהם אַריינגעלעגט אין אַן אָרון אַלס אַ טויטען, און ער האָט גע'פּועל'ט ביי וועספּאַסיאַנוס'ן ער זאָל איהם ערלויבען צו גרינדען אין יבנה, אַ שטעדטעל נעבען ירושלים, אַ רעליגיעזען צענטער פיר דאָס אידישע פאָלק, ווייל די פּרושים און אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָבען אויפגעגעבען די האָפנונג אויף פּאָליטישע פרייהייט. וועספּאַסיאַנוס האָט איהם ערלויבט צו בעזעצען אין יבנה די סנהדרין און מאַכען עס פיר אַ רעליגיעזען מיטעלפּונקט פון דעם אידישען פאָלק. דאָרט איז געלעגט געוואָרען אַ נייער פונדאַמענט פיר די עקסיסטענץ פון דער אידישער נאַציאָן, וועלכע האָט גענומען אַ נייע געשיכטליכע ווענדונג.

**דער אונטערגאַנג פון די צדוקים און די ניי=געבורט פון די אסיים (עסעער).** מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם פּאָליטישען לעבען פון פאָלק איז אויך אונטערגעגאַנגען די פּאַרטיי צדוקים, וועלכע איז הויפּטזעכליך געווען נאָר אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. די פאָרשטעהער פון פאָלק האָבען יעצט געהאַט צו זאָרגען נאָר וועגען דעם גייסטיגען צושטאַנד פון פאָלק, און פיר דיזען הא-

בען די צדוקים קיינמאָל קיין אינטערעס ניט געהאַט. די אסיים האָבען באַלד נאָך דער מלחמה צווישען די חשמונאים און די גריכען זיך דערווייטערט פון פּאָליטישען לעבען און האָבען געפיהרט אַ לעבען פון מאָנאַכען. דאָס פּאָלי־טישע לעבען פון פאָלק האָט פיר זיי קיין ווערט ניט געהאַט. דער עיקר איז דער מענש מיט זיין נשמה; גוטע זיטען — דאָס זיינען געווען זייער אידעאַל. די רייסערייען מיט די רוימער, די קריגען צווישען די פּאַרטייען — דאָס אַלעס איז ביי זיי געווען אַ בעוויז, דאָס עס קומען אָן די לאַנג ערוואַרטעטע טעג פון דעם ערשיינען פון אַ משיח. אָבער דער משיח וועט ניט זיין אַ פּאָליטי־שער ערלעזער פון דעם רוימישען יאָך, נאָר אַ מאָן, וואָס וועט שאַפען אַ נייעם געזיטעטעם לעבען פיר יעדען איינצעלנעם, אַ לעבען, וואָס וועט ברייגגען מיט זיך די מלכות שדי, די געטליכע הערשאַפט איבער דער וועלט, וואָס וועט בעפרייען יעדען איינצעלנעם פון זיינע זינד, פון אייביגען גהינם, פון יצר הרע. אום אַזאַ משיח אַראָפּצוברייגגען מוז יעדער מענש תשובה טאָן. דאָס זיינען געווען די אידעען פון די אסיים. דיזע פּאַרטיי, וועלכע איז פריהער געווען אָפּגעזונדערט, פערשלאָסען אין זיך, איז אין יענער צייט אַרויס פּראָפּאַגאַנ־דירען איהרע אידעען אין די שטעדט און האָט געשיקט רעדנער בעוועגען דאָס פאָלק צו טאָן תשובה. איינער פון דיזע רעדנער רעכענט זיך צווישען די קריסטען אַלס דער מבשר, דער אָנזאָגער, דאָס אין גיכען וועט ערשיינען דער וואָהרער משיח, דער גרינדער פון קריסטענטום.

דער צושטאַנד פון די אידען אין אַנדערע לענדער. ווי מיר האָבען שוין געשריבען איז אין אַלעקסאַנדריען און אין סיריען דער האַס פון די גריכען און רוימער צו די אידען געווען זעהר גרויס. די היידען האָבען גע־מאַכט פּאָגראָמען און האָבען פיעלע אידען ערמאָרדעט אין דער צייט פון קאַלי־גולאַ׳ן. אין דער צייט פון קלאַודיוס׳ן איז זייער לאַגע בעסער געוואָרען צוליב דעם איינפלוס פון דעם אידישען קעניג אַגריפּפּאַ דעם 1טען. קלאַודיוס האָט איבעראַל געגעבען די אידען אויטאָנאָמיע און האָט בעפוילען אין רוימישע פּראָווינצען, דאָס מען זאָל די אידען ניט מאַכען קיין שטערונג אין זייער רעליגיעזען און געזעלשאַפטליכען לעבען.

אָבער די גריכען האָבען ניט אויפגעהערט צו אַגיטירען געגען די אידען און צו וואַרפען אויף זיי שמוץ דורך פערשיידענע שקרים. איבערהויפּט האָט זיי פערפאָלגט דער שרעקליכער צורר ישראל, דער גראַמאַטיקער אַ פּ י אָ ן. דיזער געמיינער ליגנער איז ארומגעפאָהרען איבער פערשיידענע שטעדט צו האַלטען לעקציעס איבער דער אַלטער גריכישער ליטעראַטור און כמעט אין יעדער לעקציע האָט ער איינגעפלאָכטען אַ שקר וועגען אידען. זיינע שקרים

זיינען געווען לעכערליך. ער האט בעהויפּטעט, דאָס מען האט זיי אַרויסגע-טריבען פון מצרים, ווייל זיי זיינען אַלע געווען מצורעים; דאָס אין קדשי הקדשים בוקען זיי זיך צו אַ קאָפּ פון אַן עזעל, דאָס יעדען יאָהר כאַפּען זיי אַ גריך, קאָרמענען איהם אָפּ ביז ער ווערט פעט און נאָכדעם שעכטען זיי איהם און עסען איהם אויף (דאָס איז פיעללייכט דער אָנהויב פון עלילת דם). הגם אַלע אין יענער צייט האָבען איהם געקענט פיר אַ ליגנער און אַ בעריה-מער, אַזוי דאָס דער קיסר טיבעריוס האָט איהם גערופען „דער וועלט-גלעקעל", האָבען דאָך פיעלע פון די גרויסע היסטאָריקער פון יענער צייט, ווי פּלוטאַרך, טאַציטוס א. אנד., זיך בענוצט מיט זיינע ליגענס און האָבען געהאָלפען פער-שמוצען דעם אידישען נאָמען, און דאָס האָט געפיהרט צו אַ גרויסען פּאָגראָם אויף אידען אין אַלעקסאַנדריען אין יאָהר 38 און צו אַנדערע בעפאַלען אויף אידען. יאָזעפוס פלאַוויוס איז אַרויס געגען דיזען ליגנער מיט אַ ווערק אונטער'ן נאָמען: „געגען אַפּיאָן" און האָט בעוויזען, ווי ער האָט געפעלשט היסטאָרישע פאַקטען. קלאַודיוס האָט בעשיצט די אידען און האָט ניט דערלאָזען מען זאָל זיי טאָן שלעכטעס. אָבער אין דער צייט פון נעראָ'ן האָבען די אידישע שונאים ווידער זיך גענומען צו פערפאָלגען די אידען און איבערהויפּט האָבען זיי אַלעם מעגליכעס געטאָן אום פון זיי צוצונעהמען זייערע בירגער-רעכטען אי-בעראַל, בעזונדערס אין אַלעקסאַנדריען.

אויך אין אַנטיאָכיאַ, וואו עס איז געווען אַ גרויסע אידישע קהילה מיט אַ ברייטער אויטאָנאָמיע, האָבען זיך די גריכען גענומען צו מאַכען פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען. זעהר פיעלע צרות האָט זיי אָנגעטאָן אַ אידישער משומד מיט'ן נאָמען אַנטאָכוס. דיזער איז אַמאָל אין טהעאַטער אַרויס מיט אַ בלבול, דאָס די אידישע פאָרשטעהער האָבען בעשלאָסען אין אַ געוויסער נאַכט אונטערצוצינדען און פערברענען די שטאָדט. דער ווילדער המון האָט באַלד געכאַפּט די פּערזאָנען, אויף וועלכע דער משומד האָט אָנגעצייגט, און מען האָט זיי פערברענט. אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט זיך געמאַכט אַ שרפה אין אַנטיאָכיאַ און עס זיינען פערברענט געוואָרען אייניגע רעגי-רונגס-געביידעס. עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַן אַגיטאַציע צו מאַכען אַ פּאָגראָם אויף אידען צוליב דיזער שרפה. נאָר דער רוימישער לעגאַט קאָל-לעגאַ האָט ניט דערלאָזען צו קיין זאַך ביז ער וועט מאַכען אַ ריכטיגע אוים-פאָרשונג וועגען דער שרפה. די פאָרשונג האָט בעוויזען, דאָס די שרפה האָבען געמאַכט אייניגע בעלי חובות, וועלכע האָבען געוואָלט דורך דעם פער-ניכטען זייערע וועקסלען, וואָס זיינען געלעגען אין שטאָדט-אַרכיוו, אום זיי זאָלען ניט דאַרפען צאָהלען זייערע שולדען. די אידישע שונאים אין אַנטיאָכיאַ

האָבען ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען די אידען. ווען טיטוס איז דורכגע-פאָהרען אַנטיאָכיאַ נאָך דעם בעפאַל פון ירושלים האָבען זיך צו איהם געווענ-דעט פיעלע פון די אידישע שונאים מיט אַ ביטע ער זאָל אַרויסטרייבען די אי-דען פון אַנטיאָכיאַ. טיטוס האָט זיי געענטפערט, דאָס ער קען עס ניט טאָן, בעזונדערס יעצט, ווען די אידען האָבען פערלאָרען זייער פאָטערלאַנד. דיזע אידישע פיינד האָבען איהם אויך געבעטען ער זאָל פערניכטען די קופערנע טאַפלען, אויף וועלכע עס זיינען געוועזען אויסגעקריצט די רעכטען, וואָס די אידען האָבען בעקומען אין אַנטיאָכיאַ אין די פריהערדיגע צייטען, אָבער ער האָט זיי אויך דאָס ענטזאָגט. אויך אין דמשק האָבען די אידען פיעל געליטען פון די גריכען און די רוימער. בעזונדערס האָט מען דאָרט שטאַרק פערפאָלגט די אידען נאָך דעם, ווי צעסטיוס גאַללוס האָט געהאַט די מפלה פון די צע לאָטען.

אין רוים האָבען אַפילו די אידען ניט געוואוסט פון פאָגראָם=שרעקען, אָבער זיי האָבען מאָראַליש געליטען פון דעם פאַל פון דער אידישער נאַציאָן. דער טריאומף פון טיטוס'ן נאָך דעם חורבן פון ירושלים און דעם בית המקדש, די מאַסע געפאַנגענע, וואָס מען האָט געבראַכט פון ארץ ישראל אין רוים, די גרויסע אידישע העלדען צו זעהן געשמידט אין קייטען און ערנידריגט, האָט זיי זעהר פיעל מאָראַלישע קרענקונג פערשאַפט. אָבער זיי האָבען גאָר ניט געקענט העלפען צו דיזען גרויסען פאָלקס=אונגליק. דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבען געקענט טאָן, איז געווען, אויסצוקויפען די געפאַנגענע, זיי זאָלען ניט פערקויפט ווערען אַלס שקלאַפען. דאָס האָבען זיי געטאָן און די געוועזענע געפאַנגענע זיינען געוואָרען מיטגלידער פון דער אידישער געמיינדע אין רוים און האָבען פערשטאַרקט דאָס נאַציאָנאַל=געפיהל צווישען די אידען דאָרט.

די עפידעמיע פון אידען=האַס האָט זיך אין יענער צייט פערברייטעט אויך אין די לענדער, וואָס זיינען געווען אויסער דער רוימישער אימפעריע. אין בבל האָבען צוויי אידישע העלדען, אַ נ י ט אַ י און אַ ז י נ אַ י, צוזאַ-מענגעשטעלט אַ רויבער=באַנדע און האָבען געגרינדעט אַ רעפובליק, וועלכע האָט עקסיסטירט 15 יאָהר (פון 25 ביז 40 נ. קר.). אָבער ענדליך איז די רעפובליק געפאַלען און די סיריער און גריכען פון יענער געגענד האָבען שרעק-ליך פערפאָלגט די אידען פון דער געפאַלענער רעפובליק און האָבען פיעלע פון זיי פערניכטעט.

מערקווירדיג איז, דאָס אין דער צייט, ווען דער יודענהאַס איז געוואָרען אַן אַלגעמיינע קראַנקהייט, איז דאָס יודענטום געוואָרען מעהר און מעהר בע-ליבט אין פיעלע קרייזען פון דער העכערער געזעלשאַפט פון די היידען פון

יענער צייט. פיעל האָבען געווירקט אויף זיי די קריטישע אויפקלערענדע ווערק, וואָס אידישע געלערטע האָבען אין יענער צייט פערברייטערט. זיי האָבען געמאַכט אויפמערקזאַם די בעסערע קלאַסען פון די היידען, ווי שעדליך עס איז פיר די זיטליכקייט פון המון דער גלויבען אין פיעלע געטער, וועלכע האָבען ווייבער און פערליבען זיך אין פרעמדע ווייבער און זינדיגען מיט זיי. דער מענש האָט אימער געזוכט נאָכצוטאָן די געטער. ווען געטער טוען עט-וואָס, מעגען דאָך מענשען עס געוויס טאָן. די העכערע קלאַס פון די היידען האָבען געריהמט דעם אידישען קולט (געטליכען דינסט) אָהן בילדער און זייער זיבערעס, רוהיגעס פאַמיליען-לעבען. יאָזעפוס ערצעהלט, דאָס אין פיעלע שטעדט האָבען די היידען אָנגענומען אידישע מנהגים, זיי האָבען געהיט שבת צוזאַמען מיט די אידען, זיי האָבען דעם טאָג געפייערט אַלס הייליג, זיי האָבען זאָגאַר פיעלע ליכט אָנגעצונדען פרייטאָג צו נאַכט. אין אַנטיאָכיא האָבען פיעלע פאַמיליעס אָנגענומען די אידישע געזעצען פון שפייז; פיעלע פלעגען שבת געהען אין די אידישע סינאַגאָגע צו הערען די פּרעדיגט פון דעם רב. אויך אין רוים האָבען פיעלע אַריסטאָקראַטישע פרויען אָנגענומען דאָס יו-דענטום. זאָגאַר די קייזערין פּאָפּפּעא סאַבינאַ, די פרוי פון קיסר נעראָ, איז געווען זעהר גענייגט צום יודענטום. אין יענער צייט האָט די קעניגליכע פאַמיליע פון אַדיאַבנע, א קעניגרייך אונטער דעם שוץ פון די פּאַרטהער, אָנגענומען דאָס יודענטום. דער קעניג איזיאָטעס, זיין מוטער העלענאַ און זיין ברודער מונבז האָבען זיך מגייר געווען און האָבען זיך שטאַרק בעפריינדעט מיט די אידען אין ירושלים. די קעניגין העלענאַ פלעגט פערברייינגען זעהר פיעל צייט אין ירושלים, זי פלעגט געבען גרויסע נדבות פיר דעם בית המקדש און פלעגט שטיצען אידישע אָרימע לייט. עס איז דאַמאָלס אויסגעבראָכען א גרויסער הונגער אין ארץ ישראל, און די קעניגין האָט פערשאַפט פיעלע שיפען מיט ברויט פון עגיפּטען און פרוכט פון ציפּערן און האָט פערטיילט צווישען די אידישע אָרימע לייט אין ארץ ישראל. זיי האָבען געהאַט א רייכען קעניגליכען פּאַלאַץ אין ירושלים, האָבען זיך ערוואָרבען א פאַמיליען-גראַב נעבען ירושלים, וואו די גאַנצע פאַמיליע איז מיט דער צייט דאָרט בעערדיגט געוואָרען. אייניגע מיטגלידער פון דער קעניגליכער פאַמיליע האָבען געהאָלפען די אידען אין דעם קאַמף מיט די רוימער פיר זייער פּאָליטישע פרייהייט, און זיינען אַריינגעפאַלען אַלס קריגס-געפאַנגענע אין די הענט פון די רוימער און האָבען געמוזט געהן אין דעם טריאומף-צוג פון טיטוס'ן.

עס זיינען דאַמאָלס געווען צוויי סאָרטען גרים: גרי צדק, וועלכע האָבען אָנגענומען דאָס יודענטום מיט אַלע זיינע פאָדערונגען, און סתם גרים, וועלכע

האָבען נאָר אַנערקענט די הויפּט־פּרינציפּען פון יודענטום, ווי די איינהייט פון גאָט, שבת א. ד. גל. צווישען דיזער צווייטער קלאַס האָט דאָס קריסטענטום געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג, ווייל עס האָט פון זיי ווייניג פערלאַנגט, וועהרענד די אידען האָבען קוים געוואָלט צונעהמען אפילו אַ גר צדק. דער פּרינציפּ פון די אידען איז דאַמאָלס געווען — זיך האַלטען וויט פון אַנדערע פעלקער, אום זיך ניט צו אַסימילירען מיט זיי און אין גאַנצען אונטערגעהן אין די גלות־לענדער.

די אידיש־גריכישע ליטעראַטור אין אַלעקסאַנדריען אין געגענטייל האָט געשטרעבט צו בעקאַנט מאַכען די וועלט מיט דער איינהייט פון גאָט און מיט דער הויכער מאָראַל פון דער תורה. צו דיזען צוועק האָבען זיי געשריבען ווערק, וועלכע האָבען געצייגט אַ האַרמאָניע צווישען דער תורה און דער גריכישער פילאָזאָפיע. אַלס ביישפּיל פון דיזער ליטעראַטור קען דינען דער ספר „חכמת שלמה" (פון די אַפּאָקריפישע ביכער), וועלכער איז פערפאַסט געוואָרען אין יענער צייט פון אַ אידען אין דער גריכישער שפּראַך. דיזער ספר ענטהאַלט אין זיך פיעלע פילאָזאָפישע געדאַנקען וועגען דער איינהייט פון גאָט, וועגען דער הויכער מאָראַל פון דער תורה. ער מאַכט אַ פערגלייך צווישען די אידען און די עגיפּטער און בעשרייבט מיט אַ בייסענדער איראָניע דעם געצענדינסט: ווי אַ קינסטלער מאַכט אַ בילד פון האָלץ אָדער פון מע־טאַל און נאָכדעם ווערט עס פּלוצלינג אַ גאָט, ער בוקט זיך צו איהם, טוט תפלה צו איהם און בעט פון איהם הילף אין זיין נויט. אַ גרויסע ווירקונג אויף די היידען האָבען געהאַט די ווערק פון דעם אידישען פילאָזאָף פּ י ל אָ ן, וועלכער האָט זיך גרויס מיה געגעבען צו פעראידישען די גריכישע פילאָזאָפיע און פערפילאָזאָפירען דאָס יודענטום.

פילאָן איז געבאָרען געוואָרען אין אַלעקסנאַדריען פון אַ זעהר בעריהמ־טער אידישער פאַמיליע. ער האָט גוט פערשטאַנען די ביבעל אין אָריגי־נאַל און איז אויך געווען גוט בעוואַנדערט מיט דער תורה שבעל פּה (טראַ־דיציאָנעלע לעהרע). דערצו איז ער געווען אַ גרויסער קענער אין דער גריכישער פילאָזאָפיע. זיינע ווערק האָט ער געשריבען אין דער גריכישער שפּראַך אום די אידען, וואָס פערשטעהען נאָר גריכיש, זאָלען דערפון לערנען דעם גייסט פון יודענטום. אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט ער אויך געוואָלט בעקאַנט מאַכען די היידען מיט'ן יודענטום. אויף דער עלטער האָט ער געהאַט דאָס אונגליק צוצוזעהן דעם פּאָגראָם אין אַלעקסאַנדריען. ער איז געשטאַ־נען אָן דער שפּיץ פון דער דעפּוטאַציע, וואָס די אידען פון אַלעקסאַנדריען האָ־בען געשיקט צו קאַליגולאַ'ן צו בעטען ער זאָל זיי ניט צווינגען צו שטעלען

זיין סטאַטוע אין די סינאַגאָגען און זיך בוקען צו איהר. זיינע ווערק ווערען איינגעטיילט אין צוויי טיילען: איין טייל ענטהאַלט די אַלעגאָרישע ערקלערונג פון די ערצעהלונגען פון דער ביבעל, וואו ער שטרעבט איינצובריינגען פיעל פון דער גריכישער פילאָזאָפיע; אין דיזען טייל ערקלערט ער צ. ב., דאָס דער אויסדרוק אין דער ביבעל „עיני ה׳" די אויגען פון גאָט — מיינט די השגחה פון גאָט אויף זיינע בעשעפניסען; „יד ה׳" — די האַנט פון גאָט— מיינט די געטליכע מאַכט א. ד. גל. דער צווייטער טייל ערקלערט דעם זין פון משה׳ס געזעצען, ווי די געזעצען וועגען אָרימע, וועגען שמטה און וועגען יובל, ווי אַלע איינוואוינער פון אידישען לאַנד זיינען גלייך פאַר דעם געזעץ, וועגען די שפייז־געזעצען, וועגען ריינליכקייט. פילאָן גלויבט, אַז אידען זיינען ווירקליך אַן עם סגולה, אַן ערוועהלטעס פאָלק, צו זיין לעהרער פיר אַלע פעלקער, זיי זאָלען זיך לערנען פון אידען איינצואָרדנען זייער סאָציאַלעס לעבען, פאַמיליען־לעבען און פריוואַט־לעבען לויט די געזעצען פון תורת משה.

## י. די ענטשטעהונג פון קריסטענטום.

אין דער צייט, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געצאַפּעלט אונטער די שטאַרקע קלעפּ פון דעם רוימישען האַמער און האָט מיט אַלע קרעפטען געקעמפט פיר זיין נאַציאָנאַלע פרייהייט, האָט זיך געפונען אַ קליינער טייל אין פאָלק, וועלכער האָט אין גאַנצען פערוואָרפען די אידעע פון נאַציאָן און האָט אַלע זיינע קרעפטען אָנגעווענדעט צו זאָרגען וועגען דעם אינדיווידואום, דעם יחיד, און איבערהויפּט פיר זיין נשמה. נאָך זייער מיינונג איז אויסגעקומען, אַז דער צוועק פון רעליגיאָן איז ניט צו האַלטען צוזאַמען אַ נאַציאָן, נאָר צו רעטען די נשמה פון דעם יחיד. דאָס איז געגען דעם גייסט פון דער תורה, וואו דער עיקר איז דאָס פאָלק, און דער יחיד שטעהט אין הינטערגרונד. דיזע פּאַרטיי האָט פערברייטערט די אידעע, דאָס מען קען לעבען גאַנץ גליקליך און רוהיג אויך אונטער דעם יאָך פון די רוימער, אויב די נשמה, דאָס געוויסען, איז רוהיג און איז פריי פון זינד. נאָר דיזע בעפרייאונג פון זינד קען בריינגען יעדען איינצעלנעם אַ משיח, וועלכער וועט אָראָפּבריינגען די מלכות שדי אין די הערצער פון יעדען מענשען, בעפרייענדיג איהם פריהער פון זיינע זינד. וועגען אַזאַ מין משיח האָט אָנגעהויבען פּראָפּאַגאַנדירען אַ סאָרט מבשר, אַן אָנזאָגער, דאָס ער וועט באַלד, באַלד ערשיינען ניט נאָר פיר אידען, נאָר אויך פיר די גאַנצע מענשהייט.

אין אַ קורצער צייט איז די נייע לערע דורכגעגאַנגען 3 פּעריאָדען:

1) די פּעריאָדע פון תשובה און ענטזאַגונג פון לוקסוס (מותרות) אין לעבען.

די הויפט־פערזאָן אין דיזער פעריאָדע איז געווען יוחנן דער טויפער. דאָס איז געווען אַ מין אליהו הנביא, וואָס האָט אָנגעזאָגט, דאָס באַלד וועט משיח קומען. דעם נאָמען טויפער האָט מען איהם געגעבען, ווייל די אָנהענגער פון דער נייער לערע האָבען בעדאַרפט פּראַווען טבילות; 2) די צווייטע פעריאָדע איז געווען די צייט, וואָס דער נייער משיח האָט געלעהרט דאָס פאָלק. ער האָט געלעהרט, דאָס די נאַציאָנאַלע אידישקייט האָט קיין ווערט ניט, דער עיקר איז די מאָראַל פון דעם יחיד. דאָס איז געווען די אַרבייט פון ישוע הנוצרי (יעזוס); 3) די דריטע פעריאָדע — די צייט פון פּראָפּאַגאַנדאַ זיך צו ענטזאָגען פון נאַציאָנאַלען יודענטום. דאָס איז געווען די אַרבייט פון דעם אַפּאָסטעל פּאַולוס.

יוחנן (יאָהאַן) איז געווען אַ נזיר פון די אסיים. ער האָט זיך אָנגעטאָן אין פּראָסטע קליידער, ווי אליהו הנביא האָט אַמאָל געטראָגען, און האָט מעורר געווען די אידען אין גליל צו טאָן תשובה, ווייל דער יום הדין איז נאָהענט, ווען די צדיקים וועלען געניסען גוטעס און די רשעים וועלען זיין אונגליקליך. די אָנהענגער פון זיין לעהרע האָבען זיך געמוזט טובל זיין אין ירדן אַלס אַ צייכען, דאָס זיי וואַשען אָפּ זייערע זינד און ווערען פיינע מענשען. אויף די פראַגע פון זיינע אָנהענגער: וואָס איז תשובה טאָן? האָט ער געענטפערט: טיילט זיך מיט'ן אָרימען מיט אַלץ וואָס איהר האָט. ער איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די אידען, וואָס שטאָלצירען מיט זייער יחוס, דאָס אברהם אבינו איז געווען זייער פאָטער. דער עיקר איז יחוס עצמו, אַליין זיין אַ העכסט געזיטעטער מענש, די נאַציאָן האָט קיין ווערט ניט.

זיין ענדע איז געווען זעהר טראַגיש. עס ווערט ערצעהלט, דאָס איין מאָל האָט הורדוס אַנטיפּאַס, דער טעטראַרך פון גליל, געמאַכט אַ באַל. אויף'ן באַל האָט זיין טאָכטער פון דער צווייטער פרוי זעהר שען געטאַנצט און ער האָט זי געפרעגט, וואָס זי פערלאַנגט פיר דאָס פערגניגען, וואָס זי האָט איהם פערשאַפט. זי האָט זיך בעראַטען מיט איהר מוטער און דיזע האָט איהר געהייסען, זי זאָל פערלאַנגען מען זאָל איהר געבען דעם קאָפּ פון יאָהאַן דעם טויפער, וועלכער איז דאַמאָלס געווען אין געפענגנים, ווייל ער האָט גראָב בעליידיגט הורדוס אַנטיפּאַס'ן. די מוטער איז געווען אין כעס אויף יאָהאַן'ען דערפאַר, וואָס ער האָט זי און איהר מאַן געזידעלט פיר זייער הייראַט, ווייל זי איז פריהער געווען די פרוי פון הורדוס אַנטיפּאַס'עס ברודער, און דאָס אידישע געזעץ ערלויבט ניט אַזאַ סאָרט הייראַט. הורדוס אַנטיפּאַס האָט ערפילט דעם וואונש פון דער טענצערין און מען האָט באַלד יאָהאַן'ען דעם קאָפּ אָראָפּגעהאַקט און איהם געבראַכט צו דער טענצערין (29 נ. קר.).

דאָס איז געווען אַ געוועהנליכע זאַך אין יענער צייט. דאַמאָלס האָבען די רוימער אין דער נייער סעקטע געזעהן אַ גרויסע געפאַהר פיר די רעגירונג. זיי האָבען אין אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדעס געזעהן אַ בונט געגען דער רעגירונג. די אַטמאָספערע פון יענער צייט איז געווען פול מיט משיח־געדאַנקען. באַלד איז אַנשטאַט יאָהאַן דעם טויפער ארויף אויף די סצענע אַ נייער שווערמער, אַ נייער פּרעדיגער פון דיזער לעהרע. אָבער דער נייער שווערמער האָט געגעבען דיזער לעהרע אַ גאַנץ אַנדערען קאָליר.

צווישען די, וואָס זיינען געקומען צו יאָהאַן דעם טויפער, ער זאָל זיי רעטען מיט זיין טבילה אין ירדן פון זייערע עברות און פערשאַפען זיי די מלכות שדי, איז אויך געווען אַ יונגער מאַן פון נ צ ר ת (אַ שטאָדט אין גליל). דיזער יונגער מאַן האָט געהייסען י ש ו ע (אויף לאַטייניש און גריכיש: י ע ז ו ס). דיזער ישוע איז געווען אַ זוהן פון אַ סטאָליער מיט'ן נאָמען יוסף; זיין מוטער האָט געהייסען מרים, זי האָט איהם געבאָרען נאָך פאַר דער חופּה, בשעת זי איז געווען אַ פער'קנס'טע כלה. ווען ער איז אַלט געווען 12 יאָהר האָבען איהם די עלטערן געבראַכט אין בית המקדש, וואו ער האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיט די גרויסע לייט פון די פּרושים, און זיי זיינען געווען פערוואונדערט פון זיין טיפען קענען די אידישע געזעצען און זייער ליטעראַטור. אָבער ער איז באַלד געוואָרען אַ געגנער פון רעליגיעזע צערעמאָניעס. ער איז געווען גענייגט צו מיסטיציזם (סתרי תורה) און דיזע נייגונג האָט איהם צוזאַמענגעבראַכט מיט יאָהאַן דעם טויפער. ער איז ניט אין שטאַנד געווען צו פערשטעהן די געשיכטליכע ענטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיאָן, און דעריבער זיינען איהם פיעלע זאַכען ניט געווען געפעלען; אַנשטאַט זיי האָט ער אָנגענומען אייניגע אידעען פון די נביאים, האָט צוגעמישט אַ ביסעל מיסטיציזם און האָט צוזאַמענגעשטעלט זיין נייע לעהרע.

ער האָט אָנגעהויבען געהן אין די שולען צו פּראָפּאַגאַנדירען זיין לעהרע. אָנפאַנגס האָט ער געהאַט זעהר ווענינ אָנהענגער. דאָס פאָלק האָט געפרעגט: ווי איז עס יוסף דעם סטאָליער'ס זוהן פּלוצלינג געוואָרען אַזאַ גרויסער לעהרער? ער האָט בעשלאָסען אַוועקצוגעהן אין אַנדערע שטעדט צו פערברייטען זיין לעהרע, ווייל קיין „נביא קען ניט אָנערקענט ווערען אין זיין אייגענער שטאָדט". דאָרט האָט ער זיך אָנגעגעבען פיר אַ הייליגען בעל מופת, וואָס קען טאָן וואונדער, היילען פערשיידענע קראַנקהייטען, איבערהויפּט ארויסטרייבען שדים און גלגולים פון אַ מענשען'ס קערפּער, ווי די אסיים פּלעגען עס דאַמאָלס טאָן. אין זיינע דרשות איז ער געווען זעהר פריינדליך צום המון, צום איינפאַכען פאָלק, זיין לעהרע האָט ער געמאַכט פּאָפּולער און פער-

שטענדליך צו זיי. ער האָט באַלד געקריגען פיעלע אָנהענגער פון דער פּראָס-טער מאַסע, איבערהויפּט פון די פישער אין גליל, פון וועלכע איינינע זיינען געוואָרען זיינע הויפּט־תלמידים.

דער ערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט אין גליל, האָט איהם געגעבען מוט צו קומען אין ירושלים און צו שטורמען דאָס יודענטום. דאָרט האָט ער זיך ערקלערט אַלס משיח (גריכיש: כ ר י ס ט ו ס), וואָס איז געקומען צו רעטען די זעעלען פון זייערע זינד און פון דעם שטראָף, וואָס ערוואַרט זיי אויף יענער וועלט. די פּרושים האָבען געזעהן אַ געפאַהר און אַ שפּאַלטונג אין יודענטום און האָבען אָנגעהויבען צו דעבאַטירען מיט איהם. דאָס האָט איהם נאָך מעהר מוט צוגעגעבען און ער האָט זיך אָנגעהויבען צו רעכנען אַלס אַ שליח פון גאָט צו בעפעסטיגען די מלכות שדי אויף דער ערד. דאָס פאָלק האָט איהם אָנגעהויבען צו רופען „משיח", „גאָט'ס זוהן". די רוימער איז איבערהויפּט ניט געפעלען געוואָרען, וואָס דאָס פאָלק האָט איהם גערופען „אידישער קע-ניג". זיי האָבען דערין געזעהן אַן אָנהייב פון אַן אויפשטאַנד. דער פּראָקו-ראַטאָר פון יענער צייט, פּילאַטוס, האָט איהם פער'משפּט צום טויט און האָט איהם געהייסען קרייציגען — דאָס איז געווען אַ געוועהנליכע רוימישע טויט-שטראָף אין יענע צייטען. קיינער האָט דאַמאָלס ניט פאָרויסגעזעהן, דאָס דער קרייץ, וואָס די רוימער האָבען אויפגעשטעלט אויף'ן בארג גאָלגאָטהאַ פיר יעזוס'ן זאָל שפּילען אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער וועלט־געשיכטע און זאָל פער-שאַפען דעם אידישען פאָלק אַזוי פיעל ליידען, פערפאָלגונגען און בלוט־פער-גיסונגען.

יעזוס'עס לעהרע. די זיטען־לעהרע פון יעזוס'ן איז געווען אַ צו-אידעאַלע, ניט קיין פּראַקטישע. זי איז ניט געווען צוגעפאַסט צו דער מענש-ליכער נאַטור, און דעריבער האָבען זאָגאַר זיינע הייסעסטע אָנהענגער קיין מאָל ניט ערפילט איהרע פאָדערונגען. לויט זיין לעהרע, דאַרף אַ מענש, ווען איינער גיט איהם אַ פּאַטש אין איין באַק, אונטערשטעלען אויך די אַנ-דערע באַק, אום יענער זאָל איהם קענען לייכט געבען נאָך אַ פּאַטש, און ער דאַרף יענעם נאָך ליב האָבען דערפאַר; ווען איינער האָט אָפּגענומען פון אַן אַנדערען אַ ראָק, מוז דער בערויבטער איהם נאָך צוגעבען אויך זיין העמד און נאָך ליב האָבען איהם דערפאַר. דאָס איז געגען דער מענש-ליכער נאַטור. יעזוס איז אויך שאַרף אַרויס געגען דער רעליגיעזער פּראַק-טיק. ער האָט חוזק געמאַכט פון די שפּייז־געזעצען פון די פּרושים, און ער איז געווען געגען די שטרענגע געזעצען פון שבת. דיזע אַלע פּראַקטישע פאָדערונגען פון די פּרושים האָבען צוזאַמענגעבונדען דאָס אידישע פאָלק אין

איין גאַנצעס, און ווען דאָס וואָלט געוואָרען אָפּגעשאַפּט וואָלט דערמיט צו־ריסען געוואָרען דער בונד, וואָס האָט פעסטגעהאַלטען די אידישע געמיינדען פון אַלע לענדער, דאָס וואָלט געהייסען אָפּצומעקען דעם נאָמען ישראל פון דער געשיכטע. דעריבער זיינען עס אַזוי פיינדליך געווען געשטימט צו דיזער לעהרע ניט נאָר די פּרושים, נאָר אויך די צעלאָטען און אפילו אויך די ראַ־דיקאַלען.

הגם אין דער טהעאָריע איז יעזוס געווען געגען דער פּראַקטישער רע־ליגיאָן, האָבען דאָך זיינע ערסטע אָנהענגער ערפילט אַלע פאָדערונגען פון דער אידישער רעליגיאָן. יעזוס זעלבסט האָט געזאָגט, דאָס ער איז ניט גע־קומען מבטל צו זיין איין איינציגע זילבע פון דער תורה און די רעליגיעזע פאָדערונגען. זיין לעהרע האָט ער געוואָלט פערשפּרייטען נאָר צווישען אידען, די אונגליקליכע שאָף, פיר די היידען, וועלכע ער האָט אָנגערופען „הינט״, האָט ער ניט געזאָרגט און האָט ניט געהייסען זיינע תלמידים זאָרגען פיר זיי (מתיא טו, 26 ; י, 5—6).

די בעגייסטערטע אָנהענגער פון יעזוס׳ן האָבען נאָך זיין טויט געגרינ־דעט אַ ברידערשאַפט אָהן פּריוואַט־אייגענטום אויף די זעלבע פּרינציפּען ווי די אסיים. אָבער צו גלייכער צייט זיינען זיי געווען טרייע אידען און האָבען אָפּגעהיט אַלע אידישע דינים און מנהגים. זיי האָבען געזוכט נייע מיטגלי־דער נאָר צווישען אידען. זיי האָבען געוואָלט, דאָס אַלע אידען זאָלען אָנער־קענען די געטליכקייט פון זייער לעהרער, וועלכער איז נאָך זייער מיינונג גע־ווען דער וואָהרער גייסטיגער משיח, אויף וועלכען אַלע נביאים האָבען נביאות געזאָגט.

די אָנהענגער פון יעזוס׳ן האָבען געצעהלט נאָך זיין טויט 500 מיטגלי־דער. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען העלעניסטען, דאָס זיינען געווען אי־דען, וואָס האָבען אָנגענומען די גריכישע קולטור. די פּרושים האָבען זיי שטאַרק פערפאָלגט, ווייל זיי האָבען זיי גערעכענט פיר געפעהרליכע שונאים פון אידישען פאָלק. אַזוי האָבען זיי פערשטיינערט אַ גריכישען אידען מיט׳ן נאָמען סטעפאַנוס, וועלכער האָט געזאָגט אין נאָמען פון יעזוס׳ן, דאָס ירושלים ווערט צושטערט ווערען און דאָס גאָט ווערט געבען די אידען אַ נייע תורה און די אַלטע תורה ווערט אָפּגעשאַפּט ווערען. מען האָט אויך הינגעריכטעט דעם אַפּאָסטעל יעקב בן זבדיהו. דעם אַפּאָסטעל שמעון פּעטרוס האָט מען אַריינ־געוואָרפען אין געפענגניס. צו זיין גליק איז ער פון דאָרטען ענטלאָפען. אָבער די הייסע אָנהענגער פון יעזוס׳עס לעהרע האָבען אָנגעהויבען צו פער־ברייטערן די אידעען פון קריסטענטום צווישען די היידנישע פעלקער. דער

וויכטיגסטער פון דיזע פּראָפּאַגאַנדיסטען איז געווען שאול הטרסי, וועלכער איז שפּעטער בעקאַנט געוואָרען אַלס אַפּאָסטעל פּאַולוס. זיין טעטיגקייט האָט געדויערט אַ היבשע צייט.

שאול אָדער פּאַולוס איז געבאָרען געוואָרען אין דער שטאָדט טאַרסוס אין קליין־אַזיען. ער איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער גריכישער קולטור, ער האָט אָבער אויך געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין דער ליטעראַטור פון די פּרושים. ווי די קריסטליכע זאַגע ערצעהלט, איז ער אין זיין יוגענד געווען אַ תלמיד פון רבן גמליאל, דעם פּרעזידענט פון די סנהדרין. צו יענער צייט איז שאול געווען אַ שרעקליכער פיינד פון דער קריסטליכער לעהרע. שאול איז דאַמאָלס גע־ווען דער הויפּט פערפאָלגער פון סטעפאַנוס'ן, וועלכען דאָס פאָלק האָט פער־שטיינט (זעה אויבען). ער פלעגט אויסזוכען די אָנהענגער פון יעזוס'עס לעהרע און פלעגט זיי איבערגעבען צום געריכט מען זאָל זיי בעשטראָפען פיר פערברייטערן שעדליכע לעהרעס. ער איז אויך געפאָהרען נאָך דמשק מיט אַ בריף פון כהן גדול אום צו פערפאָלגען די דאָרטיגע אָנהענגער פון יעזוס'עס לעהרע. אין דמשק, ערצעהלט די זאַגע, איז אין איהם פאָרגעקומען אַ גאַנצע ענדערונג. יעזוס איז איהם געקומען צו חלום און האָט איהם געמאַכט פאָר־ווירפען, וואָרום ער פערפאָלגט איהם, און פון דאַן אָן איז ער געוואָרען אַ הייסער אָנהענגער פון קריסטענטום. די זאַך ווערט ערקלערט גאַנץ איינפאַך. שאול איז געווען בעקאַנט מיט צוויי קולטורען, מיט דער אידישער און גריכי־שער. דיזעביידע קולטורען האָבען ניט געקענט האַרמאָנירען אין זיין גייסט — אַמאָל האָט גובר געווען אין שאול'ן דער איד און אַמאָל דער גריך. ענדליך האָט ער געפונען אַ קאָמפּראָמיס אין קריסטענטום, וועלכעס איז אַ צוזאַמענמישונג פון ביידע קולטורען. פּאַולוס איז געווען אַ פיעל העכערער מענש פון די אַנדערע אַפּאָסטעלן, די פישער פון גליל; ער האָט פערשטאַנען, דאָס עס איז בעסער צו פערשפּרייטען די לעהרע צווישען מענשען, וואָס זיינען בעקאַנט מיט דער גריכישער קולטור. פון דמשק איז ער אַוועק אין אַנטיאָכיא, וואו עס איז שוין געווען אַ געמיינדע פון אידען, וועלכע האָבען זיך גערופען „קריסטען", ד. ה. משיחים—מענשען, וואָס גלויבען, אַז יעזוס איז געווען דער משיח, וואָס די נביאים האָבען פאָרויסגעזאָגט וועגען זיין ערשיינען. אין אַנטיאָכיא האָט איהם געהאָלפען אין זיין פּראָפּאַגאַנדאַ אַ געוויסער מיסיאָנער ב ר נ ב א. פון דאָרט איז ער געגאַנגען צו פּרעדיגען די נייע לעהרע אין אַנ־דערע שטעדט. איבעראַל האָט ער געזעהן צופּאַסען די נייע לעהרע צום יו־דענטום, גריכענטום און היידענטום. אום ער זאָל האָבען דעם געווינשטען ערפאָלג האָט ער אָפּגעזונדערט די אידעע פון אַ משיח אין צוזאַמענהאַנג מיט

דעם אידישען לאַנד. די פּערזאָן פון יעזוס האָט ער פאָרגעשטעלט אַלס אַ געט-ליכעס וועזען, וואָס איז אַראָפּ אויף דער ערד דורכצופיהרען אַ שליחות פון גאָט. דיזעם געטליכע וועזען ווערט גערופען „דער זוהן פון גאָט", און איז געקומען אויף דער ערד צו רעטען די מענשען פון דער גרויסער זינד, וואָס אדם איז בעגאַנגען. אום דיזעם דורכצופיהרען האָט ער, יעזוס, זיך געמוזט מקריב זיין צו גאָט זיין פאָטער און דערמיט האָט ער מכפּר געווען אויף די זינד פון דער גאַנצער מענשהייט. די הויפּט־זאַכען, מיט וועלכע אַן אָנהענגער פון קריסטענטום פערדינט דאָס אייביגע לעבען אויף יענער וועלט, זיינען די טויפונג (טבילה) און די הייליגע אָבענד־מאָהלצייט, ד. ה. דאָס צוזאַמען-שפּייזען פון יעזוס'עס אָנהענגער צום אָנדענקען פון זיין טויט דורך קרייציגונג. דיזע לעהרע פון אַ גאָט־מענש, פון זיין טויט און צוריק לעבעדיג ווערען איז געווען בעקאַנט צווישען די גריכישע היידען, וועלכע האָבען שוין פריהער גע-גלויבט, דאָס דער גאָט אדאָניס שטאַרבט און ווערט ווידער לעבעדיג. די סטאַטוע פון דיזען גאָט פלעגט מען פריהער בעגראָבען מיט גרויס געוויין און נאָכדעם פלעגט מען זי צוריק אַרויסנעהמען פון קבר מיט גרויס שמחה. און דעריבער האָט זיך דער היידע געפיהלט זעהר היימיש מיט דער נייער רעליגיאָן.

אום ער זאָל האָבען מעהר ערפאָלג האָט פּאַולוס געזוכט אויסצוראָטען די אידעע, דאָס די אידען זיינען אַן אויסערוועהלטעס פאָלק. אַלע זיינען גלייך פאַר דער גאָטהייט. די תורה האָט די אידען ניט בעסער געמאַכט, נאָר ער-גער, ווייל ווען ניט די תורה, וואָלטען מענשען ניט זינדיג געווען. יעזוס איז געקומען צו בעפרייען די וועלט פון דער תורה, פון געזעץ, דער עיקר איז גלויבען, נאָר דורך גלויבען קען יעדער מענש רעטען זיין נשמה; די תורה האָט יעצט אָנגעוואָרען איהר גאַנצען ווערט, ווייל משיח איז שוין געקומען, דאָס איז געווען יעזוס. דער גלויבען בעשטעהט דערין, דאָס יעזוס האָט מיט זיין טויט מכפּר געווען אויף אַלע זינד פון דער מענשהייט.

דער קאַמף צווישען די אידען־קריסטען און פּאַולוס'ן. אָבער ניט אַלע אָנהענגער פון יעזוס'ן זיינען געווען איינפערשטאַנען מיט פּאַו-לוס'עם לעהרע, דאָס מיט דעם ערשיינען פון יעזוס'ן איז אָפּגעשאַפט גע-וואָרען תורת משה. צווישען די אידען־קריסטען אין ירושלים האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם געגען פּאַולוס'ן. אין זייערע רעדעס האָבען זיי זיך פיעל מיה געגעבען צו בעווייזען, דאָס גלויבען אָהן מעשים האָט קיין ווערט ניט. שוין פריהער האָבען די אידען־קריסטען פון ירושלים געשיקט אַ געזאַנדטשאַפט נאָך אַנטיאָכיא צו פּראָטעסטירען געגען פּאַולוס'עם מעטהאָדע צו פערברייטערן דאָס קריסטענטום. פּאַולוס איז געקומען אין ירושלים און

האָט ערקלערט, דאָס עס איז אונמעגליך צו קריגען אָנהענגער צום קריסטענטום צווישען היידען, ווען מען וועט פאָדערן פון זיי צו נעהמען אויף זיך דעם יאָך פון תורת משה. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס פּאולוס זאָל פאָרטזעצען זיין אַרבייט צווישען די היידען און די איבריגע אַפּאָסטעלן זאָלען אַרבייטען צווישען אידען, פאָדערנדיג פון זיי צו מקיים זיין תורת משה, ווי אַלע אידען. ווען פּעטרוס איז געקומען אין אַנטיאָכיא האָט ער ניט געוואָלט עסען צוזאַמען מיט די היידען־קריסטען. פּאולוס האָט איהם געזידעלט דערפאַר און האָט איהם גערופען היפּאָקריט, און איז אַרויס מיט שימפּערייען געגען דער תורה און געגען אידען, ווי דער ערגסטער שונא ישראל.

פּאולוס האָט אין דער צייט פון יאָהר 50 ביז 60 געגרינדעט זעהר פיעלע קריסטליכע געמיינדעס אין גריכענלאַנד. אין יעדער שטאָדט פלעגט ער אַריינ־קומען אין אַ אידישע שול און האָט גע'דרש'עט וועגען קריסטענטום, אָבער ער האָט צווישען אידען קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דערפאַר האָט ער געשאַפען זעהר פיעלע אָנהענגער צווישען די היידען. זיי איז שטאַרק געפעלען געוואָרען די אידעע פון אַ רעליגיאָן, וועלכע שרייבט ניט פאָר קיין געזעצען צו איהרע אָנהענגער. ער האָט זיך אָבער באַלד איבערצייגט, דאָס דיזע לעהרע האָט זעהר שלעכט געווירקט אויף די זיטליכקייט פון די אָנהענגער, זיי זיינען געוואָרען זעהר אויסגעלאַסען. ער האָט דעריבער אָנגעהויבען צו פּראָפּאַגאַנ־דירען אַסקעטיזם — זיך אָפּצוזאָגען פון יעדען קערפּערליכען גענוס, ווייל דער קערפּער איז די קוועלע פון אַלעם שלעכטען. דיזע פּראָפּאַגאַנדע איז אויך געגען דעם אידישען גייסט, וועלכער לעהרט: געניס פון דער וועלט אַלעס וואָס דו קענסט, אָבער אין עהרליכען אופן, אין אַ מעסיגען וועג. פּאולוס האָט אָנגעהויבען צו דרש'ענען צו פיהרען אַן איינזאַמעס לעבען, ניט אַ פאַמיליען־לעבען. נאָר ווען איינער האָט בעשלאָסען צו הייראַטען טאָר ער זיך ניט שיידען מיט דער פרוי, וואָס ער האָט גענומען—געגען דעם אידישען געזעץ, וועלכעס ערלויבט זיך שיידען, ווען די אומשטענדען פאָדערן עס.

אין יאָהר 59 אַלס פּאולוס האָט זיך צוריקגעקעהרט פון די לענדער פון אייראָפּאַ אין יהודה אום איבערצוגעבען דער קריסטליכער געמיינדע אין ירושלים דאָס געלט, וואָס ער האָט דאָרט געזאַמעלט, האָט מען איהם גע'־מסור'ט פאַר די רוימישע בעאַמטע, דאָס ער איז אַ געפעהרליכער אַגיטאַטאָר. דער פּראָקוראַטאָר פעליקס האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס. דער פּראָקוראַטאָר פעסטוס האָט איהם געוואָלט איבערגעבען צו די ריכטער פון ירושלים, אָבער פּאולוס האָט פערלאַנגט מען זאָל איהם שיקען פּראָצעסירען אין רוים, ווייל ער איז אַ רוימישער בירגער. דער פּראָקוראַטאָר האָט ערפילט

דיזען וואונש זיינעם און האָט איהם אוועקגעשיקט נאָך רוים. דאָרט האָט ער פאָרטגעזעצט זיין פּראָפּאַגאַנדאַ אין פערלויף פון 2 יאָהר. וואָס מיט איהם איז נאָכדעם געוואָרען, ווייס מען ניט. מען רעכענט, דאָס ער איז הינגעריכ-טעט געוואָרען אין דער צייט, ווען נעראָ האָט שטאַרק פערפאָלגט די קריסטען אין רוים.

קורץ פאַר דעם, ווי די אידען האָבען ערקלערט מלחמה געגען רוים, האָט אויפגעהערט די אַרבייט פון אַפּאָסטעל פּאַולוס. ער האָט די מלחמה פון די אידען מיט די רוימער געהאַלטען פיר אַ בונט פון דער אידישער זייט. ער האָט ניט סימפּאַטיזירט מיט דעם שטרעבען פון אידען נאָך פרייהייט. שקלאַ-פעריי האָט ער בעטראַכט אַלס אַ נאַטור-געזעץ. אויך די קריסטליכע גע-מיינדע אין ירושלים איז געווען גלייכגילטיג צו דעם קאַמף פון די אידען מיט די רוימער, און אַזוי באַלד, ווען מען האָט ערוואַרטעט די בעלאַגערונג פון ירושלים האָבען זיי פערלאָזען די שטאָדט און האָבען זיך בעזעצט אין דער שטאָדט פעללו אויף יענער זייט ירדן, וואו קיין אידען זיינען גאָר ניט געווען. אַ גרויסע שנאה צום יודענטום האָט פּאַולוס איינגעפלאַנצט אין די קריסטליכע געמיינדען דורך זיינע רעדעס. די אויפגאַבע פון קריסטענטום איז געווען צו בעפרייען יעדען איינצעלנעם מענשען פון זיינע זינד, און ניט אַ פאָלק פון זיי-נע בעדריקער. דאָס קריסטענטום האָט פּראָפּאַגאַנדירט זיך אונטערוואַרפען אונטער דעם פּאָליטישען דרוק פון יעדער רעגירונג און קיין קאַמף ניט פיהרען פיר גערעכטיגקייט און פּאָליטישע פרייהייט. דער היסטאָריקער האַרנאַק אין זיין ווערק וועגען קריסטענטום זאָגט: „דער הויפּט-פּרינציפּ פון קריסטענ-טום בעשטעהט אין ענטזאַגען זיך פון אַלע ערדישע רעכטען אום נאָר צו ער-ווערבען אינערליכע פרייהייט פון דער זעעלע". אויך גראַף טאָלסטאָי האָט בעהויפּטעט, דאָס דאָס וואַהרע קריסטענטום פאָדערט ניט צו קעמפען מיט דעם עקסיסטירענדען פּאָליטישען איבעל.

אין דיזער לעהרע ליגט דער גרויסער ערפאָלג פון קריסטענטום אין דער וועלט. פיר די הערשער און די הערשענדע קלאַסען איז עס געווען אַ גוטער מיטעל צום אונטעריאָכען אונטער זייער מאַכט די שוואַכע. אויך מיט דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט, וואָס דיזע לעהרע האָט פּראָפּאַגאַנדירט, האָבען זיך די הערשער בענוצט צו בעהערשען דעם שוואַכען, און דעריבער האָבען זיי אונטערגעהאַלטען דעם קריסטליכען גלויבען. אַלע מענשען זיינען ווירקליך גלייך, האָבען די הערשער געזאָגט, אָבער נאָר אין דעם הימלישען רייך, דאָרט, וואו יעדער וועט בעקומען אַ גוטע, רייכע בעלוינונג פיר זיינע ליידען אויף די-זער זינדיגער וועלט. ווען אַ גערדיקטער האָט געשריען און האָט פערלאַנגט

גערעכטיגקייט, ווען א הונגעריגער האָט געליטען און פערלאַנגט ברויט צו שטילען זיין הונגער, האָט מען איהם געטרייסט מיט די גליקען פון א יענער וועלט, פון א הימלישען רייך, פון א מלכות שדי; אויף דיזער וועלט אָבער, האָבען זיי געזאָגט דורך זייערע אַגענטען די גייסטליכע, איז ליידען דער בעס-טער שיקזאַל פיר א וואהרען קריסט. און אזוי איז דאָס קריסטענטום, וועל-כעס איז אייגענטליך געווען א פּראָטעסט געגען דעם דרוק פון די שטאַרקערע אויף די שוואכערע, געוואָרען א מיטעל צו דיזען דרוק. עס איז שווער צו געפינען אין דער געשיכטע אַן עהנליכע ערשיינונג, וועלכע זאָל אין אַזאַ קורצער צייט ווירקען דעם געגענטייל צו די פּרינציפּען, וועלכע האָבען ארויס-גערופען דיזע ערשיינונג.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אין דער צייט פון קאָנסטאַנטין'ען איז דאָס קריסטענטום געוואָרען די הערשענדע רעליגיאָן. קאָנסטאַנטין האָט גוט פערשטאַנען, אַז דאָס קריסטענטום קען איהם זעהר פיעל דינען צו דערגרייכען זיינע צוועקען. איהם איז אויך שטאַרק געפעלען געוואָרען די אידעע פון קריסטענטום, דאָס קעניגען דאַרפען ניט זיין אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון פאָלק. זיי, די קעניגען, זיינען פון „גאָט'ס גנאַדען" בעשטימט צו רעגירען די פעלקער. פיר דיזען הערשער, פיר קאָנסטאַנטין'ען, וועלכער האָט ער-וואָרבען די קרוין דורך מאָרד און פאַלשקייט, איז געווען א זעהר גוטע זאַך צו ווערען גאָט'ס סטראַפּטשע; עס האָט איהם בעסער געלוינט אָפּצוגעבען דין וחשבון פאַר זיינע מעשים תעתועים צו גאָט איידער צום פאָלק. מיט איין וואָרט — ניט די אידעאַלע בעגייסטערונג פון דעם נייעם גלויבען, ניט די מאָראַל פון דער קריסטליכער לעהרע האָט געהאָלפען צו פערברייטערן דאָס קריסטענטום צווישען די אייראָפּעאישע פעלקער, נאָר דער נידריגסטער עגאָ-איזם און די האָפנונג דורך דיזען גלויבען צו זיין אין שטאַנד לייכטער צו דריקען און בערויבען די שוואכע.

ווי מיר האָבען געזעהן, האָט דאָס קריסטענטום געוואָלט וויסען פון דעם יחיד און פון דער גאַנצער מענשהייט, אָבער ניט פון דעם פאָלק, וועלכעס האָט געקעמפט פיר זיינע רעכטען, פיר זיין פרייהייט. דאָס אידישע פאָלק, אויסער א קליין הייפעלע פון איהם, האָט ניט געוואָלט און האָט ניט געקענט אָננעהמען דיזע לעהרע, א לעהרע, וואָס האָט פערלאַנגט פון איהם צו בעגעהן זעלבסט-מאָרד, צו אַסימילירען זיך מיט אַנדערע פעלקער, צו דערטרונקען ווערען אין גרויסען ים פון דער מענשהייט, עס זאָל פון איהם קיין זכר ניט בלייבען, צו פערגעסען זיין טויזענד-יעהריגע קולטור און צוזאַמענמישען זיך מיט דער קולטור פון דער היידען-וועלט. דאָס אידישע פאָלק האָט מיט זיינע

לעצטע קרעפטען געקעמפפט פיר זיין פרייהייט, כל זמן עס האָט געקענט. אָבער אויך נאָך דעם, ווי דאָס פאָלק האָט פערלאָרען זיין פּאָליטישע זעלב-שטענדיגקייט, האָט עס ניט אויפגעהערט צו פיהרען אַ זעלבשטענדיגעם גייס-טיגעם לעבען, אויפהאַלטענדיג זיין תורה און זיין קולטור.

## יא. די תלמודישע צייט, פּאַלעסטינא און די גלות־לענדער.

יבנה ביז בר כוכבא (73—138 נ. קר.). דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער קאַמף האָט זיך געענדיגט. דאָס אידישע פאָלק האָט פערלאָרען זיין פּאָלי-טישע פרייהייט. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבען דער גייסטיגער קאַמף פון דער נאַציאָן. אָנשטאָט די צעלאָטען זיינען אויפגעשטאַנען חכמים, וואָס האָבען געקעמפפט פיר די גייסטיגע עקסיסטענץ פון פּאָלק. דיזע נייע קעמפּער־האָבען זיך געמאַכט אַלס אויפגאַבע צו פערשאַפען דעם פּאָלק די מעגליכקייט פּאָרטצוזעצען זיין עקסיסטענץ אויך אונטער די נייע אומשטענדען.

שרעקליך זיינען געווען די אומשטענדען, אין וועלכע דאָס אידישע פּאָלק האָט זיך געפונען נאָך דעם חורבן פון ירושלים. עס איז אָבער נאָך געבליבען אַ שטראַהל פון האָפנונג ניט צו דערלאָזען דעם פּאָלשטענדיגען אונטערגאַנג פון פּאָלק. דער טרויעריגער שיקזאַל האָט פון אידען צוגענומען די רעגירונג, אָבער ער האָט זיי נאָך געלאָזען זייער באָדען, זייער פּאָטערלאַנד. זיי האָבען נאָך געהאַט אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ צו לעגען. דאָס פּאָלק האָט פערלאָרען ירושלים, אָבער עס האָט נאָך געהאַט אַ קליינעם גייסטיגען צענטער אין י ב נ ה. די סנהדרין האָבען פערלאָרען זייער פּאָליטישע מאַכט, אָבער זיי האָבען נאָך געווירקט אויף דאָס גייסטיגע לעבען פון פּאָלק און האָבען פּאָרט-געזעצט צו זיין אַ געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט.

דיזען נייעם פונדאַמענט פיר די עקסיסטענץ פון אידישען פּאָלק האָט געלייגט אַ קליינע צאָהל פון אידישע גייסטיגע העלדען פון די געזעץ־לעהרער. צו דיזען גייסטיגען צענטער אין יבנה האָט זיך געווענדעט דאָס גאַנצע אידישע פּאָלק פון פּאַלעסטינא און פון די גלות־לענדער. אַלע האָבען אָנערקענט די פיהרערשאַפט פון די חכמים אין יבנה. די אויסגעוואַנדערטע אידען נאָך דעם חורבן ירושלים האָבען פערשטאַרקט דעם פערבאַנד צווישען די פריהער-דיגע גלות־אידען און דעם רעסט פון דער נאַציאָן אין ארץ ישראל. דער הויפּט־פערבאַנד איז געווען די תורה, וואָס אַלע אידען אָהן אויסנאַהמע האָבען געהאַלטען אַלס אַ הייליגע פליכט שטרענג אָפּצוהיטען.

די תורה איז דאַמאָלס געוואָרען דער שטאַרקסטער פערבאַנד צווישען אַלע אידען אין דער וועלט. די רעליגיאָן האָט דאַמאָלס געטאָן דאָס זעלבע, וואָס

א בעוואפּענטע אַרמעע טוט פיר א פאָלק מיט אַן אייגענעם לאַנד. די תורה האָט געשיצט זייער עקסיסטענץ אַלס פאָלק, הגם זיי האָבען ניט געהאַט קיין אייגען לאַנד. צו מאַכען די תורה פיר דעם הויפּט־פערבאַנד פון אידישען פאָלק, האָבען זיך שוין די גאַנץ אַלטע חכמים געשטעלט אַלס אויפגאַבע. זיי האָבען שוין לאַנג אַנגעהויבען מאַכען גדרים און סיגים, נייע געזעצען אין דעם גייסט פון דער אידישער לעהרע, וועלכע האָבען געהאַט דעם צוועק צו גע־וועהנען דאָס פאָלק צו אַ סאָרט לעבען, וואָס איז פערשיידען פון דעם לעבען פון אַנדערע פעלקער, אום עס זאָל ניט קענען און ניט וועלען זיך אַסימילירען מיט זיי. ווי עס ווייזט אוים האָבען די אַלטע חכמים פאָרויסגעזעהן, דאָס די אידישע רעגירונג אין אַן אייגענעם לאַנד איז ניט דויערהאַפט, און זיי האָבען דעריבער געזוכט צו שאַפען אַן אַנדער באַנד פיר די אידישע געמיינדעס. אי־בערהויפּט האָבען זעהר ערנערגיש געאַרבייט אין דיזער ריכטונג די גרינדער פון דעם גייסטיגען צענטער אין יבנה: ר ב ן  י ו ח נ ן  ב ן  ז כ א י, ר ב ן  ג מ ל י א ל  ד ע ר 2טע ר, ר ב י  ע ק י ב א און אַנדערע. דיזע חכמים האָבען מיט זייערע געזעצען געשאַפען אַ נייעם פאַנציר צו בע־שיצען דאָס אונבעשיצטע פאָלק, „די שוואַכע שאָף צווישען די זיבציג וועלף" (שבעים אומות).

עס האָבען אָבער זיך נאָך געפונען אין פאָלק מענשען, וואָס האָבען ניט געקענט פערגעסען זייער פריהערדיגע פּאָליטישע פרייהייט. עס זיינען נאָך פערבליבען פונקען פון רעוואָלוציאָן אין אייניגע הערצער, און דיזע פונקען האָ־בען זיך צופלאַקערט אין דער צייט פון די רוימישע הערשער טראַיאַנוס און אַדריאַנוס. די שרעקליכע פערפאָלגונגען פון דעם קיסר דאָמיציאַנוס און נאָכהער פון טראַיאַנוס זיינען געוועזען ווי אויל אויף דעם פייער, וואָס האָט גע־ברענט אין די אידישע הערצער. מעהר פון אַלע אַנדערע אידישע פערפאָלגער האָט אַדריאַנוס אויפגערייצט דאָס אידישע פאָלק מיט זיין בעפעהל אויפצו־בויען אויף'ן אָרט פון בית המקדש אַ טעמפּעל פיר דעם רוימישען גאָט יופּי־טער, און ירושלים האָט ער געהייסען איבערבויען און געבען אַ נייעם נאָמען אֶ ל י אַ  ק אַ פּ י ט אָ ל י נ אַ. דיזער בעפעהל האָט אַרויסגערופען דעם אויפ־שטאַנד פון  ב ר  כ ו כ ב א  (132—135). אָבער דיזע רעוואָלוציאָן איז דערשטיקט געוואָרען מיט טייכען בלוט. נאָכדעם האָבען די רוימער אָנגעהויבען שרעקליך צו פערפאָלגען די אידען. עס האָבען זיך ווידערהאָלט די פערפאָל־גונגען פיר אָפּהיטען די רעליגיעזע געזעצען ווי אין דער צייט פון אַנטיאָכוס עפּיפאַנעס. דאָס האָט געדויערט ביז אַדריאַנוס איז געשטאָרבען. נאָך די־זער רעוואָלוציאָן האָבען די אידישע חכמים זיך ווידער גענומען צו זייער

אויפגאבע — צוזאמענבינדען די אידישע געמיינדעס פון דער גאנצער וועלט אין איין נאציאן מיט דער הילף פון דער תורה.

די סנהדרין אין יבנה (75—115). נאך דער צושטערונג פון דעם לאנד יהודה האט די רוימישע רעגירונג איבערגעלאזען א קליינע מיליטערישע מאכט צו האלטען ארדנונג אין לאנד. אין ירושלים איז געשטאנען א שטענדיגע גארני־זאן, ניט אכטענדיג דערויף, וואס עס איז גאר ניט איבערגעבליבען קיין סימן, דאס דארט איז ווען עס איז געשטאנען א שטאדט. דאס ציינט, דאס די רוימער האבען נאך אלץ מורא געהאט פאר א נייעם אויפשטאנד. דאס גאנצע לאנד איז געווארען דאס אייגענטום פון רוימישען קיסר. די ערד־ארבייטער אין די דער־פער זיינען אפילו געבליבען אויף זייערע ערטער, אבער זיי האבען געמוזט דא־פיר צאהלען צו דער רוימישער רעגירונג, ווייל עס איז שוין ניט געווען זייער אייגענטום. אין פיעלע ערטער האבען זיך די רוימער און גריכען בעזעצט אויף אידישע ערד, בעזונדערס ארום שומרון.

אין דער צייט פון וועספאסיאנוס׳ן און טיטוס׳ן (70—81) האבען אידען ניט געליטען קיין בעזונדערע פערפאלגונגען. אבער עס איז פיר זיי געווען זעהר בעליידיגענד, וואס מען האט זיי געצוואונגען צו געבען דעם מחצית השקל, וואס יעדער איד פלעגט צאהלען יעהרליך צו אויפהאלטען דעם בית המקדש, — פיר אויפהאלטען דעם טעמפעל פון יופיטער. עס קען זיין, דאס די לאגע פון די אידען אין דער צייט פון וועספאסיאנוס׳ן און טיטוס׳ן איז געווען ערטרעגליך צוליב דעם איינפלוס, וואס דער אידישער קעניג אין גליל אגריפפא דער 2טער און זיין שוועסטער בערעניקע האבען געהאט אין רוימי־שען הויף. בערעניקע, ווי בעוואוסט, איז געווען טיטוס׳עס געליבטע. אין רוים האט מען גערעכענט, דאס טיטוס וועט זי הייראטען. אבער וועספאסיאנוס און די רוימישע אריסטאקראטיע האבען עס ניט דערלאזען און זי איז צוריק אוועק נאך פאלעסטינא. ווי זיי האבען געענדיגט זייער לעבען ווייס מען ניט. נאר דאס ווייס מען, דאס נאך דעם זייער טויט איז דאס לאנד, וואו אגריפפא האט געהערשט, איבערגעגאנגען צו דער רוימישער רעגירונג.

די רוימער האבען טיטוס׳ן גערופען „דער טרויסט פון דער מענשהייט", אבער די אידען רופען איהם „טיטוס הרשע", ווייל ער האט צושטערט זייער לאנד, זייער הייליגטום און די נאציאן. א תלמודישע לעגענדע ערצעהלט. דאס ווען טיטוס איז געפאהרען פון ירושלים צוריק אהיים, איז איהם א מוק (יתוש) ארייגעפלויגען אין נאז און האט איהם געלעכערט אין מוח ביז ער איז געשטארבען. נאך זיין טויט איז זיין ברודער דאמיציאן ארויף אויף׳ן טראן (81—96). דיזער דעספאט איז געווען זעהר שלעכט צו אידען. ווער

פון די רוימער עס האט אנגענומען דאס יודענטום איז בעשטראפט געווארען מיט'ן טויט. זיין קרוב דער קאנסול פלאוויוס קלעמענטוס און זיין ווייב דאמיציליא זיינען פערטריבען געווארען פון לאנד דערפאר, וואס זיי זיינען געוועזען גענייגט צום יודענטום. אין תלמוד ווערט ערצעהלט, דאס דאמיציאנוס האט געגעבען א בעפעהל מען זאל אויס'הרג'ענען אלע אידען אין דער רוימי־שער אימפעריע, נאר פיער חכמים פון יבנה זיינען געקומען אין רוים און מיט דער הילף פון דעם פריהער דערמאהנטען קאנסול פלאוויוס קלעמענטוס איז די גזרה בטל געווארען. דיזע לעגענדע, אפילו ווען זי איז איבערטריבען, ווייזט, דאס די אידען האבען פיעל געליטען אין דער צייט פון דאמיציאנוס'עס הערשאפט.

דאמיציאנוס איז ערמארדעט געווארען און דעם טראן האט פערנומען נערווא (96—98). אין זיין צייט איז דער צושטאנד פון אידען אביסעל בע־סער געווארען. אבער זיין נאכפאלגער טראיאנוס (98—177) האט זיי וויע־דער אנגעהויבען צו פערפאלגען. צו ענדע פון זיין רעגירונג האבען די אידען פון מערב־אזיען אנגעהויבען א רעוואלוציאנערע בעוועגונג צו מאכען אן ענד צו זיינע פערפאלגונגען.

רבי יוחנן בן זכאי און דער צענטער אין יבנה. ווי מיר ווייסען האט רבי יוחנן בן זכאי מיט נאך אייניגע חכמים געגרינדעט אין יבנה אן אקאדעמיע און א גייסטיגען צענטער פיר דאס יודענטום נאך איידער ירושלים איז חרוב געווארען. ווען די שרעקליכע בשורה פון חורבן ירושלים און בית המקדש איז אנגעקומען אין יבנה האט רבי יוחנן און אלע חכמים צוריסען זייערע קליידער אלס א צייכען פון גרויס טרויער. די חכמים זיינען געוועזען בעזונדער ענטמוטיגט פון חורבן בית המקדש, ווייל זיי האָ־בען גערעכענט, דאס אהן דעם בית המקדש און אהן קרבנות קען דאס פאלק מעהר ניט עקסיסטירען. אבער רבי יוחנן האט זיי איבערצייגט פון תנ"ך, דאס דער עיקר פון געטליכען דינסט זיינען נאר מעשים טובים, ווי עס שטעהט געשריבען: „צדקה תרומם גוי וחסד לאומים חטאת", ד. ה. צדקה מאכט גרויס א פאלק, און חסד טאן דינט פיר פעלקער אנשטאט א קרבן חטאת. ר' יוחנן האט אין יבנה געגרינדעט א סנהדרין מיט א בית־דין הגדול, וועלכע זיינען אנערקענט געווארען אלס די העכסטע געזעצגעבענדע מאכט פיר דאס אידישע פאלק אין אלע לענדער.

די סנהדרין אין יבנה האבען געשאפען א גאנצע רייהע פון געזעצען אום איינצוארדנען דאס בירגערליכע און רעליגיעזע לעבען פון פאלק עס זאל פאסען צו די נייע אומשטענדען. אייניגע טיילען פון פריהערדיגען געטליכען

דינסט זיינען פערבליבען אין קראַפט אויך ביי דער נייער אָרדנונג, ווי צ. ב. שופר בלאָזען אום ראש השנה, בענשען אתרוג און לולב אום סוכות, ברכת כהנים און אנד. דאָס פאָלק האָט געהאַפּט מיט דער צייט צוריק אויפבויען דעם בית המקדש, און דעריבער האָט מען פאָרטגעזעצט צו געבען די כהנים תרומה און מעשר. דער פונדאַמענט פון די נייע געזעצען איז געווען די תורה, פון וועלכער מען האָט אַרויסגעצויגען נייע שלוסען דורך די לאָגישע כללים פון הלל הזקן (זיבען מדות פון הלל'ן), און דעריבער זיינען זיי פון אַלעמען אָנערקענט געוואָרען אַלס ריכטיגע געזעצען פון דער תורה. דאָס האָט זיך דאַמאָלס גערופען „הלכה". די חכמים האָבען זיך אָבער דאַמאָלס בעשעפטיגט אויך מיט פאָרשען די מאָראַלע פּרינציפּען פון דער תורה. דיזער סאָרט פאָר־שונג האָט געהייסען „אגדה". די בעסטע פון אַלע מדות פון אַ מענשען, האָט ר' יוחנן געלעהרט, איז אַ גוט הארץ. פאַר זיין טויט האָבען זיינע תלמידים איהם געבעטען ער זאָל זיי בענשען. ער האָט זיי געזאָגט: „הלוואי זאָלט איהר מורא האָבען פאַר גאָט, ווי פאַר מענשען". דער זין דערפון איז: פריהער, ווען איהר האָט געהאַט אַ רעגירונג, האָבען מענשען, בעאַמטע, אייך געצוואונגען טאָן גוטעס, ניט שלעכטעס, יעצט איז די רעליגיאָן דאָס איינ־ציגע, וואָס קען אייך אָפּהאַלטען פון צו טאָן שלעכטעס.

רבן גמליאל דער 2טער. נאָך דעם טויט פון רבי יוחנן בן זכאי איז רבן גמליאל דער 2טער געוואָרען פּרעזידענט פון די סנהדרין אין יבנה. זיין פאָטער, רבן שמעון בן גמליאל, איז געווען איינער פון דער אַריסטאָ־קראַטישער רעגירונג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען נאָך דעם זיג פון די צעלאָטען איבער צעסטיוס גאַללוס. דיזער רבן שמעון איז הינגעריכטעט געוואָרען פון די רוימער אַלס רעוואָלוציאָנער און איז בעוואוסט אַלס איי־נער פון די עשרה הרוגי מלכות. רבן גמליאל איז געווען נאָך זעהר יונג, ווען זיין פאָטער איז הינגעריכטעט געוואָרען, און איז איבערגעגעבען גע־וואָרען צו רבי יוחנן בן זכאי ער זאָל איהם ערציהען. יעצט, אַז רבי יוחנן איז געשטאָרבען, איז רבן גמליאל געוואָרען נשיא — אַן אַמט, וואָס איז געווען אין דער משפחה פון הלל הזקן אָן. רבן גמליאל איז געווען אַ בעסערער אַדמיניסטראַטאָר אַלס רבי יוחנן בן זכאי. ער האָט געוואוסט ווי צו הערשען. דערצו איז ער געווען אַ טיכטיגער געזעץ־פאָרשער און האָט געהאַט פיעל וועלטליכע בילדונג, ער האָט געוואוסט לאַטייניש און גריכיש און איז געווען אַ גוטער אַסטראָנאָם. דאָס אַלעס איז זעהר נעטיג געווען אין יענער צייט צו וויסען פיר אַ אידישען פאָרשטעהער, ווייל עס איז זעהר אָפט איהם אויסגעקומען זיך משתדל צו זיין פיר'ן כלל ישראל פאַר דער רוימישער

רעגירונג. רבן גמליאל׳ס נשיאות איז געווען אין דער צייט, ווען אין רוים האָבען געהערשט די טיראַנען דאָמיציאַנוס און טראַיאַנוס, אונטער וועלכע אי-דען האָבען געהאַט אויסצושטעהן שרעקליכע פערפאָלגונגען. אויך איז דאָס יודענטום געווען דאַמאָלס אין געפאַהר פון דער פּראָפּאַגאַנדאַ פון די אידען-קריסטען, וועלכע האָבען אַלע מיטלען אָנגעווענדעט אויסצואוואָרצלען דאָס נאַציאָנאַל-געפיהל פון די אידישע הערצער.

אום צו קעמפען געגען אַזעלכע אומשטענדען האָט דער נשיא געמוזט האָבען אַ גרויסע מאַכט. דערצו האָט רבן גמליאל געשטרעבט. אויסער דעם האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען ענטוויקלען אַ נייע געפאַהר פיר דאָס יודענטום. די אַקאַדעמיע אין יבנה האָט ארויסגעגעבען גרויסע געזעץ-לעהרער, פון וועל-כע אייניגע האָבען געגרינדעט אייגענע שולען. צ. ב. אליעזר בן הורקנוס האָט געגרינדעט אַ שולע אין לוד, ר׳ יהושע בן חנניה — אין פקיעין. אויך די צוויי שולען פון שמאי און הלל, וועלכע זיינען בעוואוסט אונטערן נאָמען „בית שמאי" און „בית הלל", האָבען זיך יעדע ענטוויקעלט פערשיידען איי-נע פון דער אַנדערער. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס איינע און די זעלבע רעליגיאָנס-פראַגע איז געלעזט געוואָרען פערשיידען — איין שולע האָט מתיר געווען וואָס די אַנדערע האָט גע׳אסר׳ט. עס האָט אָנגעהויבען אויסצואווייזען, דאָס עס זיינען דאָ ביי אידען צוויי תורות. רבען גמליאל האָט געזעהן וואָס פיר אַ געפאַהר דאָס איז פיר דאָס יודענטום, און ער האָט בע-שלאָסען צו מאַכען אַן ענדע צו דיזען צושטאַנד.

אום צו פערהיטען אַ שפּאַלטונג אין יודענטום האָט רבן גמליאל געאָרדענט צו זאַמלען אַלע געזעצען, וועגען וועלכע עס עקסיסטירען פערשיידענע מיינונ-גען, און זיי פאָרלעזען פאַר אַ פערזאַמלונג פון חכמים צו דעבאַטירען וועגען זיי, און ווי די מעהרהייט וועט זיי ענטשיידען, אַזוי זאָלען זיי בלייבען, און דער יעניגער, וואָס וועט ניט אָננעהמען דעם בעשלוס פון דער מעהרהייט, זאָל שטרענג בעשטראָפט ווערען. ער האָט נאָך אַ זאַך געטאָן: ער האָט אויסגעווי-זען פון דער אַקאַדעמיע מענשען, וואָס האָבען אַ נייגונג צו מחלוקת. ער האָט אָבער דערפאַר געקריגען פיעלע שונאים. עס האָט זיך איינמאָל געמאַכט, דאָס ר׳ אליעזר הגדול (בן הורקנוס) האָט זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער דעם בעשלוס פון דער מעהרהייט אין אַ פראַגע פון טומאה וטהרה, און רבן גמליאל האָט איהם דערפאַר אין חרם אריינגעלעגט און ר׳ אליעזר איז ארויס פון דער אַקאַדעמיע. אַן אַנדער מאָל האָט ער אָנגעגריפען דעם גע-לעהרטען ר׳ יהושע בן חנניה, וועלכער איז זעהר בעליבט געווען ביי אַלעמען צוליב זיין נאָבעלען כאַראַקטער און זיינע גרויסע קענטניסען. דער סוף פון

דער שטרענגקייט פון רבן גמליאל געגען די חכמים איז געווען, דאָס מען האָט איהם אָרונטערגעזעצט פון דער נשיאות און מען האָט ערוועהלט צום נשיא ר׳ א ל י ע ז ר ב ן ע ז ר י ה.

ר׳ אליעזר בן עזריה איז געווען יונג, רייך און אַ גרויסער יחסן. ער האָט געשטאַמט פון ע ז ר א ׳ ן. ער האָט באַלד אָפּגעשאַפט די בעגרענצונג פון רבן גמליאל וועגען אַריינגעהמען נייע תלמידים אין דער אַקאַדעמיע, און עס זיינען דאַן צוגעקומען זעהר פיעלע נייע תלמידים פון רבן גמליאל׳ס געגנער. מען האָט דאַמאָלס אָנגענומען פיעלע געזעצען אין דעם גייסט פון בית שמאי, געגען רבן גמליאל׳ן, וועלכער האָט געווירקט אין גייסט פון בית הלל. מען האָט דאַמאָלס פערהאַנדעלט די פראַגע וועגען דער מדרגה פון הייליגקייט פון צוויי ספרים פון כתבי הקדש, שיר השירים און קהלת, וועלכע זיינען ניט לאַנג פאַר דעם אַריינגענומען געוואָרען אין די כתבי הקדש (זעה משניות עדיות). רבן גמליאל האָט דאַמאָלס געציינט די גאַנצע גרויסקייט פון זיין נשמה. ער האָט אָנטייל גענומען אין דער דעבאַטע און אַלס זיין מיינונג איז פערוואָרפען געוואָרען פון דער מעהרהייט, האָט ער זיך אונטערגעגעבען. ער האָט דאַן אָנערקענט, דאָס ער איז געווען צו שטרענג צו ר׳ יהושע׳ן און האָט בעשלאָסען איהם בעטען אום פערצייהונג, און ער איז געגאַנגען צו איהם אין הויז. דאָרט האָט ער געפונען, דאָס ר׳ יהושע איז זעהר אָרים און איז זיך מפרנס פון מאַכען נאָדלען, און ער האָט זיך זעהר פערוואונדערט איבער דעם. ר׳ יהושע האָט איהם ביטער בעמערקט, דאָס אַ נשיא מוז אייגענטליך וויסען דעם מאַטעריעלען צושטאַנד פון די חכמים פון זיין צייט. די חכמים האָבען זיך שפּעטער איבערצייגט, דאָס רבן גמליאל׳ס שטרענגקייט איז געווען אַ נויטווענדיגקייט אום ניט צו דערלאָזען קיין שפּאַלטונג אין דער אַקאַדעמיע. מען האָט איהם ווידער ערוועהלט אַלס פּרעזידענט, אָבער מען האָט ר׳ אליזער׳ן אויך ניט אַרונטערגעזעצט. רבן גמליאל האָט געהאַלטען לעקציעס 2 שבתים און ר׳ אליעזר 1 שבת.

רעפאָרמעס אין געטליכען דינסט. נאָך דעם חורבן בית המקדש איז די תפלה געוואָרען דער עיקר פון געטליכען דינסט. אום די תפלה זאָל האָבען אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער האָט מען פערפאַסט געבעטען וועגען הערשטעלען ירושלים, צוריק אויפבויען דעם בית המקדש, וועגען קבוץ גליות, א. ד. גל. רבן גמליאל מיט זיינע קאָלעגען האָבען פערפאַסט 18 אַזעלכע תפלות, וועלכע זיינען בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען „שמונה עשרה״. דיזע תפלות צוזאַמען מיט דער אַלטער תפלה „שמע״ (קריאת שמע) זיי-נען געוואָרען דער יסוד פון דעם אידישען געטליכען דינסט, און זיינען איי-

געפיהרט געוואָרען צו בעטען 3 מאָל א טאָג (שחרית, מנחה און מעריב) אין אַלע סינאַגאָגען. רבן גמליאל האָט אויך אין דער פראַגע פון תפלה געהאט געגנער. אזוי צ. ב. איז ר׳ אליעזר הגדול געווען פון דער מיינונג, דאָס עס איז בעסער צו לאָזען יעדען מענשען בעטען, וואָס זיינע געפיהלען דיקטירען איהם. רבן גמליאל אָבער האָט פערשטאַנען די וויכטיגקייט פיר דאָס גאַנצע פאָלק צו האָבען איין פאָרמע פון געטליכען דינסט, אום דער גלות־איד זאָל זיך איבעראַל געפינען אלס א מיטגליד פון אידישען פאָלק.

אויך די אידישע ימים טובים האָבען געשפּילט א גרויסע ראָלע אלס מיטעל צוזאַמענצובינדען דאָס אידישע פאָלק אין איין גאַנצען קערפּער. אזוי ווי אַלע אידישע ימים טובים זיינען אָפּהענגיג פון דעם ערסטען טאָג אין חודש ניסן און תשרי, האָט דער בית דין אין יבנה געגעבען צו וויסען די אידישע געמיינדעס אין פּאַלעסטינא דורך סיגנאַלען, און אין אנדערע לענדער דורך שלוחים — ווען דער ערסטער ניסן און דער ערסטער תשרי איז אויסגע־קומען, אום מען זאָל פייערן אין דעם ריכטיגען טאָג פסח, ראשה השנה, יום כפור און סכות. אָבער ווייל אין די גאַנץ ווייטע לענדער איז אונמעגליך געווען צו שיקען שלוחים, האָט מען מתקן געווען, דאָס אין די גלות־לענדער זאָל מען פייערן פון ספק וועגען צוויי טעג אַנשטאָט איין טאָג, וואָס שטעהט געשריבען אין דער תורה. דיזער צווייטער טאָג יום טוב איז בעקאַנט אונטער׳ן נאָמען „יום טוב שני של גליות״, ווייל נאָר אין די גלות־לענדער פייערט מען איהם.

רבן גמליאל איז אויך געווען זעהר טעטיג אלס פאָרשטעהער פון אידישען פאָלק פאַר דער רוימישער רעגירונג. אין דער צייט פון דעם טיראַן דאָמיציאַ־נוס איז אַרויס א גזרה מען זאָל אַלע אידען אַרויסטרייבען פון דער רוימישער אימפּעריע. רבן גמליאל מיט נאָך אייניגע חכמים זיינען אוועק אין רוים און מיט דער הילף פון א סענאַטאָר, וואָס איז געווען זעהר געניי.גט צום יו־דענטום, האָבען זיי אויסגעפיהרט, דאָס די גזרה איז בטל געוואָרען. פאַר זיין טויט האָט רבן גמליאל געלאָזען צוואה מען זאָל איהם מקבר זיין אין אַן איינפאַכען לייוועגטענעם לייַלאַך, גענען דעם אַלטען מנהג מקבר צו זיין א מת אין טייערע קליידער. דיזער מנהג איז געווען א שווערע משא אויף אָרימע פאַמיליעס. מיט דיזער צוואה האָט ער מבטל געווען דעם נאַרישען מנהג, און פון דאַמאָלס אָן האָט מען אָנגעהויבען מקבר צו זיין ביי אידען זייערע מתים אָהן אונטערשייד צווישען רייך און אָרים אין ווייסע לייוועגטענע תכריכים.

**ר׳ עקיבא און זיינע חברים.** אין אָנפאַנג פון 2טען יאָהרהונדערט האָט זיך אויסגעצייכענט צווישען די אידישע חכמים ר׳ ע ק י ב א ב ן י ו ס ף. ווי וועגען אַלע גרויסע מענשען בײַ אַלע פעלקער ווערען וועגען איהם אויך ערצעהלט לעגענדעס. אין דער יוגענד איז ער געווען זעהר אָרים. ער האָט געדינט אַלס פאַסטוך ביים ירושלים׳ער גביר בן כלבא שבוע. די טאָכטער פון דיזען גביר, רחל, האָט זיך פערליבט אין דעם פאַסטוך עקיבא און איז געווען גרייט איהם צו הייראַטען בתנאי ער זאָל ווערען אַ געלעהרטער. עקיבא איז מרוצה געוואָרען אויף דעם תנאי און זיי האָבען געהייראַט. בן כלבא שבוע האָט דערפאַר זיין טאָכטער אַרויסגעטריבען פון זיין הויז. רבי עקיבא איז אַוועק לערנען תורה אין פערשיידענע אַקאַדעמיעס. די פרוי זיינע רחל איז געבליבען אין דער היים אין גרויס אָרימקייט. מיט איינינע יאָהר שפּעטער איז ער בעוואוסט געוואָרען אין דער אידישער וועלט אַלס דער גרעסטער געלעהרטער, איז געוואָרען אַ מיטגליד פון די סנהדרין אין יבנה און אַ מיטהעלפער צום נשיא רבן גמליאל און האָט געגרינדעט אַן אייגענע אַקאַדעמיע אין בני ברק, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען זעהר פיעלע תלמידים.

רבי עקיבא פערנעהמט אַ זעהר וויכטיגען אָרט אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון תורה שבעל פה. צו די פרינציפּען פון הלל הזקן צו צייגען דורך לאָגישע בעווייזען, דאָס די טראַדיציאָנעלע געזעצען זיינען אַ ווייטערע ענטוויקלונג פון תורה שבכתב (תורת משה), האָט ער צוגעגעבען פאָרשונגען אין דער תורה, וועלכע האָבען בעוויזען, דאָס די טראַדיציאָנעלע געזעצען זיינען אָנגעדייטעט אין דעם אויסדרוק פון דעם אָדער יענעם געזעץ אין דער ביבעל. דיזעס איז זעהר נעטיג געווען אין יענער צייט, ווען דאָס קריסטענטום, וועלכעס האָט בעזונדערס געקעמפט געגען דער לעהרע פון די פרושים, האָט זיך אין יענער צייט אָנגעהויבען פערברייטערן.

אָבער דיזע נייע מעטהאָדע צו פערברייטערן און ערקלערען די געזעצען האָבען אויך געהאַט זייער שלעכטע זייט. זיי האָבען ענטוויקעלט אַ שעדליכען פלפול, וועלכער האָט געפיהרט צו די זעלבע רעזולטאַטען ווי דער גריכישער סאָפיזם, אַ קונסט צו בעווייזען אַז שוואַרץ איז ווייס און פערקעהרט. איין תלמיד האָט געוואָלט בעווייזען פון דעם פרינציפּ פון „קל וחומר", דאָס אַ איד טאָר קיין מאָל ניט הייראַטען. „ווען איך טאָר ניט הייראַטען די טאָכטער פון מיין ווייב פון ערסטען מאַן, הגם מיט מיין ווייב מעג איך דאָך שוין יע וואוינען, טאָר איך דאָך די טאָכטער פון אַ פרעמדער פרוי, מיט וועלכער איך טאָר ניט וואוינען אַלס מאַן און ווייב, אַודאַי ניט הייראַטען". אמת

מען האָט דיזען תלמיד אויסגעשלאָסען פון דער אַקאַדעמיע, אָבער דאָס צייגט, וואָס פיר א ריכטונג דער פלפול האָט אָנגענומען. מען האָט אָנגעהויבען איהם אָפּצושאַפען, אָבער עס איז שוין געווען שטאַרק איינגעוואָרצעלט און עס איז געווען אונמעגליך פון איהם פּטור צו ווערען.

ר׳ עקיבא האָט אָנגעהויבען צוזאַמענקלייבען אַלע הלכות פון תורה שבעל פה און האָט געמאַכט א זאַמלונג, וועלכע איז בעקאַנט אונטער׳ן טיטעל „משנת ר׳ עקיבא״. אום צו מאַכען לייכטער זיי צו געדענקען האָט ער זיי גרופּירט אונטער צאָהלען: 39 מלאכות זיינען פערווערט צו טאָן אום שבת, 15 פעלען בעפרייען א פרוי פון חליצה א. ד. גל. ר׳ עקיבא׳ס גרויס-קייט איז געווען הויפּטזעכליך אין הלכה, אין אגדה (די אידישע עטהיק און מאָראַל־לעהרע) האָט ער זיך ניט אויסגעצייכענט. ער איז אויך גוט בעקאַנט געווען מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע. אָבער די שווערע רעליגיאָנס־פראַגעס פון יענער צייט האָט ער געלעזט ניט מיט פילאָזאָפיע, נאָר מיט אמונה. צ. ב. די שווערע פראַגע פון „ידיעה ובחירה״, דאָס גאָט וויים אַלעס, וואָס דער מענש וועט טאָן און דאָך איז דער מענש פריי אין זיינע מעשים, און ווערט בעשטראָפט פיר זיינע שלעכטע טאַטען, האָט ער אויסגעדריקט מיט די ווער-טער „הכל צפוי והרשות נתונה״, אַלעס איז פאָרויסגעזעהן פון דער גאָטהייט, און דאָך איז דער מענש פריי אין זיינע מעשים. ד. ה., דער פרינציפּ איז אמת, הגם דער מענשליכער פערשטאַנד פערשטעהט עס ניט. זיין גלויבען אין א גליקליכע אידישע צוקונפט איז געווען אַזוי פעסט, דאָס ער האָט ניט צוגעלאָזען צו זיך צופיעל טרויער נאָך׳ן חורבן. ער איז אַמאָל געווען מיט רבן גמליאל און ר׳ יהושע בן חנניה אין רוים. ווען יענע האָבען דערזעהן דאָס פרעהליכע גליקליכע לעבען אין רוים און האָבען עס פערגליכען מיט דעם אונ-מוטיגען טרויעריגען לעבען אין ירושלים, האָבען זיי זיך צוואויינט. ר׳ עקיבא האָט געצייגט א פרעהליכען פנים. ווען זיי האָבען איהם געפרעגט: „וואָס איז מיט דיר די שמחה?״ האָט ער זיי געענטפערט: „ווען גאָט גיט אַזוי פיעל גוטעס צו רשעים, ווי פיעל קען האָפען אויף גוטעס אונזער ליבענדעס גערעכטעס פאָלק״? דיזער גלויבען האָט געפיהרט דערצו, דאָס שפּעטער האָט ער גענומען א גרויסען אַנטייל אין דעם אויפשטאַנד פון בר כוכבא.

די סנהדרין אין יבנה זיינען דאַמאָלס בעוואוסט געווען אונטער׳ן נאָ-מען „כרם שביבנה״ (דער וויינגאָרטען פון יבנה), ווייל דאָס אידישע פאָלק איז פאָרגעשטעלט אין דער ביבעל אַלס א וויינגאָרטען און די חכמים זיינען דער עסענץ פון אידישען פאָלק. אויסער די פערזאָנען, וואָס מיר האָבען פרי-

הער בעשריבען, זיינען אויך געווען זעהר וויכטיגע מיטגלידער פון יענע סנהדרין: ר׳ ישמעאל בן אלישע און ר׳ טרפון.

ר׳ ישמעאל איז געווען דער זוהן פון א כהן גדול. אין דער יוגענד איז ער געווען א קריגס־געפאַנגענער און איז געבראַכט געוואָרען אין רוים אַלס שקלאַף. דאָרט האָט איהם ר׳ יהושע בן חנניה אויסגעקויפט און האָט איהם צוריקגעבראַכט אין יהודה און ער איז געוואָרען איינער פון די גרויסע אידישע חכמים פון יענער צייט. ר׳ ישמעאל איז געווען געגען ר׳ עקיבא׳ס מעטהאָדע צו זוכען נייע געזעצען אין אַן איבריגען בוכשטאַב אין דער תורה. ער האָט נאָר געהאַלטען פון די 7 לאָגישע פּרינציפּען פון הלל הזקן (די שבע מידות) און האָט זיי פערמעהרט ביז 13 (ר׳ ישמעאל אומר בשלוש עשרה מדות התורה נדרשת). אין תלמוד געפינען זיך זעהר פיעלע הלכות, וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען פון די תלמידים פון זיין אַקאַדעמיע. דיזע הלכות זיינען בעוואוסט אונטער׳ן טיטעל „תנא דבי ר׳ ישמעאל״.

ר׳ טרפון איז געווען א כהן און האָט נאָך געטאָן די עבודה אין בית המקדש. נאָך דעם חורבן איז ער געווען א וויכטיגער מיטגליד פון די סנהדרין אין יבנה. אין פיעלע זאַכען איז ער געווען געגען ר׳ עקיבא׳ן מיט זיין אַרט ערקלערען די תורה שבעל פּה. ער איז אויך געווען געגען רבן גמליאל׳ן צו־ליב זיין שטרענגקייט, און האָט געהאָלפען אַרונטערזעצען איהם פון דער נשיאות.

עס האָבען זיך אויך געפונען אין יענער צייט אידישע געלעהרטע, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פילאָזאָפישע פאָרשונגען וועגען „מעשה בראשית״, ווי אַזוי די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, און „מעשה מרכבה״, ווי גאָט פיהרט די וועלט. וועגען צוויי פון דיזע חכמים בן עזאי און בן זומא, ווערט ערצעהלט, דאָס זיי האָבען געהאַט א שלעכטען סוף: בן זומא איז פון זינען אַראָפּ און בן עזאי איז געשטאָרבען א יונגער, ווייל ער האָט געפיהרט אַן אַסקעטישעס לעבען (ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די תענוגים פון דער וועלט).

## יב. יודענטום און קריסטענטום, ליטעראַטור, גלות־לענדער.

דער חורבן פון ירושלים און פון בית המקדש איז געווען פיר די קריסט־ליכע סעקטע צווישען אידען א בעווייז, אַז די אידען האָבען מעהר ניט צו האָ־פען אויף א משיח, וואָס זאָל זיי בעפרייען פון דעם יאָך פון די רוימער און זיי צוריקקעהרען זייער פּאָליטישע פרייהייט, און דעריבער דאַרף דאָס אידישע פאָלק גלויבען, דאָס דער ערוואַרטעטער משיח דאַרף נאָר בעפרייען יעדען

איינצעלנעם פון זיינע זינד אום ער זאָל קומען אַ ריינער אויף יענע וועלט און קענען געניסען די מלכות שדי. די אידען־קריסטען האָבען דאַמאָלס צוגע־צויגען צו זייער לעהרע פיעלע פון אידישען פאָלק, ניט אַזוי פיעל מיט דער לעהרע זעלבסט, ווי מיט דעם אַרט לעבען, וואָס זיי האָבען געפיהרט. זיי האָבען געלעבט ווי ברידער פון איין פאַמיליע, זיי האָבען פעראַכטעט רייכע און רייכטום, און האָבען געעהרט אַרימע. איין גרופּע צווישען זיי האָט זיך דאַמאָלס גערופען „אביונים". זיי האָבען זיך אויך געמאַכט אַ נאָמען אַלס בעלי מופתים — וואונדער־מאַכער — וואָס פלעגען היילען אַזעלכע קראַנקהייטען, וואָס קיין דאָקטאָר איז ניט אין שטאַנד געווען צו קורירען, ווי אַרויס טרייבען שדים און גלגולים פון מענשען. עס האָבען זיך דאַמאָלס געפונען אויך צווישען דער אינטעליגענטנער קלאַס פון די אידען אייניגע, וואָס האָבען גע גלויבט אין זייער קראַפט צו היילען געפעהרליכע קראַנקהייטען.

די סנהדרין אין יבנה האָבען גוט פערשטאַנען, וואָס פיר אַ געפאַהר עס שטעהט פאַר דעם אידישען פאָלק פון דעם אומגאַנג מיט די אידען־קריסטען. זיי האָבען איבערהויפּט מורא געהאַט, דאָס די קריסטליכע לעהרע וועט אָפּ־שוואַכען דאָס נאַציאָנאַל־געפיהל אין אידישען פאָלק — אַ געפיהל, וועלכעס זיי האָבען זיך פיעל מיה געגעבען איינצופלאַנצען און אויפצוהאַלטען אין די הערצער פון די אידען. זיי האָבען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט דערלאָזען צום פאָלק די אידעע, דאָס אידען האָבען ניט מעהר צו האָפען אויף אַ משיח, וואָס זאָל זיי אויסלעזען פון גלות און צוריק אומקעהרען צו זיי די פּאָליטישע פרייהייט, און דעריבער דאַרפען זיי אַנערקענען דעם משיח־מכפּר, וועלכער וועט פערשאַפען די גלויביגע אַ מלכות שמים, אַ ליכטיגען גן עדן. דיזע אידעע האָבען די סנהדרין אין יבנה בעטראַכט אַלס נאַציאָנאַלען זעלבסט־מאָרד, ווייל ווען זי זאָל אָנגענומען ווערען פון פאָלק, וואָלט אין אַ קורצער צייט פון איהם קיין זכר ניט געבליבען, עס וואָלט זיך אַסימילירט מיט אַנ־דערע פעלקער. רבן גמליאל מיט די סנהדרין האָבען דעריבער מתקן געווען, דאָס דאָס פאָלק זאָל יעדען טאָג בעטען אין זיינע תפלות וועגען צוריק הער־שטעלען דאָס אידישע לאַנד, מיט זיין הויפּטשטאָדט ירושלים מיט זיין אייגע־נעם קעניג פון דער פאַמיליע דוד, און די מינים (אידען־קריסטען), וועלכע גלוי־בען ניט אין דיזע מעגליכקייט און פיהרען אַראָפּ דאָס פאָלק פון דיזען גלויבען, זאָלען פערניכטעט ווערען. דיזע תפלה האָט דאַמאָלס געהייסען „ברכת המינים", און מען האָט שטאַרק אַכטונג געגעבען מען זאָל זי ניט אויסלאָ־זען. און ווען איינער האָט זי יע דורכגעלאָזען האָט מען שטאַרק חוקר ודורש געווען, אויב ער געהערט ניט צו דער סעקטע אידען־קריסטען. שפּעטער האָ־

בען די קריסטען אָנגעהויבען פערפאָלגען די אידען פיר דיזע תפלה, האָט מען איבערגעמאַכט דעם נוסח פון „ולמינים" אויף „ולמלשינים", אונטער וועלכע מען האָט געמיינט משומדים, ווייל דיזע פלעגען אויף אידען אימער געבען מסירות און אָנטאָן זיי פיעלע צרות. אין אַנדערע נוסחאות געפינט מען ווירקליך דאָס וואָרט ולמשומדים אַנשטאָט ולמלשינים. אָט דיזע תפלות, וועלכע אַלע אידען אין אַלע לענדער האָבען דריי מאָל אַ טאָג געבעטען, האָבען עס פערשטאַרקט אין פאָלק דאָס נאַציאָנאַל-געפיהל ביז היינטיגען טאָג.

**די כתבי הקודש און די ספרים חצונים.** אין דיזער צייט האָבען די חכמים אָנגענומען מיטלען און געזאָרגט, דאָס אין די כתבי הקודש (תנ"ך) זאָל ניט אַריינגענומען ווערען עטוואָס פון דער עוואַנגעלישער ליטעראַטור. הגם די כתבי הקודש זיינען שוין פון אַ לאַנגער צייט פריהער געוועזען איינגעטיילט אין דריי טייל: תורה, נביאים און כתובים (ת'נ'ך'), איז דאָך דער דריטער טייל, כתובים, נאָך ניט געוועזען געשלאָסען, ער האָט זיך נאָך געהאַלטען אין פאָרמירען. עס זיינען נאָך אין דיזער אָפּטיילונג געוועזען ספרים, געגען וועלכע אַנדערע האָבען מתרעם געוועזען און פערלאַנגט מען זאָל זיי אויסשליסען פון כתבי הקודש, ווי דער ספר קהלת, ווייל ער ענטהאַלט אין זיך אייניגע צו-פרייע געדאַנקען. וויעדער האָבען זיך געפונען צווישען די ספרים חצונים אַזעלכע, וועלכע אייניגע האָבען געפונען, דאָס זיי זיינען ווערט מען זאָל זיי אַריינגנעהמען אין די כתבי הקודש, ווי צ. ב. דער ספר „בן סירא". אויך וועגען שיר השירים איז געוועזען אַ פראַגע, אויב עס זאָל בלייבען אין די כתבי הקדש. אויף דער גרויסער פערזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יבנה, ווען מען האָט רבן גמליאל'ן אַרונטערגעזעצט פון דער נשיאות און מען האָט ערוועהלט ר' אליעזר בן עזריה, איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, וועלכע ספרים עס זאָלען געהערען צו די כתבי הקדש. דאַמאָלס איז בעשטימט געוואָרען, דאָס שיר השירים און קהלת זיינען אויך כתבי הקודש, אָבער אַנדערע ספרים טאָר מען ניט אַריינגעהמען אין תנ"ך. דאָס האָט געהייסען „חתימת כתבי הקודש" (די אָפּשליסונג פון דער הייליגער שריפט). אַ שטאַרקער פערטיידיגער פון שיר השירים, מען זאָל עס אַריינגנעהמען אין תנ"ך, איז געוועזען ר' עקיבא בן יוסף, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט, דאָס שיר השירים איז „קודש קדשים". דאָס ווייזט, דאָס שוין אין יענער צייט איז בעוואוסט געוועזען די מעטהאָדע צו ערקלערען שיר השירים אַלס אַ סימבאָלישען ראָמאַן צווישען גאָט און כנסת ישראל.

מיט דעם זעלבען צוועק צו פערהינדערן יעדען איינפלוס פון קריסטענטום אויף אידען, האָבען די סנהדרין אין יבנה געלאָזען מאַכען אַ נייע

גריכישע איבערזעצונג פון דער ביבעל, ווייל די גריכישע איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען מיט 200 יאָהר פריהער און איז בעוואוסט מיט דעם נאָמען „סעפּטואַגינטאַ" (העתקת השבעים), איז אין פיעלע שטעלען געפעלשט געוואָרען פון די קריסטען מיט'ן צוועק צו בעווייזען, דאָס די נביאים האָבען שוין לאַנג פאָרויסגעזאָגט וועגען דער ערשיינונג פון יעזוס'ן. און ווייל פיעלע אידען אין אייראָפּא און אזיען האָבען זיך בענוצט מיט דיזער איבערזעצונג, האָבען די סנהדרין געאָרדענט צו מאַכען אַ נייע, און האָבען איבערגעגעבען די אַרבייט צו אַ גר עקילס, וועלכער איז געווען אַ געבילדעטער גריך. די זאַגע ערצעהלט, דאָס ער איז געווען אַ נאָהענטער קרוב פון קיסר אַדריאַנוס. דער איבערזעצער איז גוט בעקאַנט געווען מיט תורה שבכתב און תורה שבעל פה און האָט געמאַכט די איבערזעצונג אונטער דער אויפזיכט פון רבן גמליאל און אַנדערע חכמים פון יבנה, און זי איז געוואָרען די הערשענדע איבערזעצונג צווישען די אידען, וואָס האָבען גערעדט גריכיש, און זי האָט אין גאַנצען אַרויסגעשטופּט פון געברויך די סעפּטואַגינטאַ. ליידער זיינען פון דיזער איבערזעצונג נאָר געבליבען אייניגע אויסצוגען אין אַלטע ביכער. דער תרגום אונקלוס, וואָס ווערט געדרוקט מיט די אידישע חומשים, איז געמאַכט געוואָרען שפּעטער, אָבער אין דעם זעלבען גייסט ווי דער גריכישער תרגום פון עקילס'ען.

יאָזעפוס'עס ווערק. אין יענער צייט איז געזעסען אין רוים יאָזעפוס פלאַוויוס, דער געוועזענער קאָמאַנדיר אין גליל, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבען צו די רוימער, און האָט געשריבען אַן אויספיהרליכע אידישע געשיכטע אין דער גריכישער שפּראַך. אין רוים איז ער געווען אונטער'ן שוץ פון די קיסרים. זיין אייגענטליכער נאָמען איז געווען יוסף אָדער יאָזעפוס; דעם צונאָמען „פלאַוויוס" האָט איהם געגעבען דער קיסר וועספּאַסיאַנוס. דאָס איז געווען וועספּאַסיאַנוס'עס פאַמיליען-נאָמען און ער האָט איהם געגעבען יאָזעפוס'ן אַלס צייכען פון עהרע. יאָזעפוס האָט אין דעם פאַל פון ירושלים בעשולדיגט די צעלאָטען. זיי האָבען געוואוסט, דאָס זיי זיינען ניט אין שטאַנד צו בעזיגען די רוימער, און אַלס ריכטיגע פאָלקס-העלדען האָבען זיי בעדאַרפט זיך אונטערגעבען און ניט ברייננגען אויף דאָס פאָלק אַזאַ שרעקליכען חורבן. אָבער זיי זיינען ניט געווען קיין פאָלקס-העלדען, נאָר פערקאָכטע בונטאָווששיקעס, וועלכע האָבען זייער אַמביציע געשטעלט העכער פון די אינטערעסען פון אידישען פאָלק. דאָס איז געווען די מיינונג פון יאָזעפוס'ן וועגען די צעלאָטען.

נאָך דעם פאַל פון ירושלים האָבען די רוימישע סאָלדאַטען פערכאַפּט דעם גאַנצען גרונד אַרום ירושלים, אויך דאָס שטיק לאַנד, וואָס האָט געהערט צו



יאָזעפוס פלאַוויוס.

(קאָפּירט פון דעם פראָנטיספּיס צו הוויסטאָן׳ס ענגלישער איבערזעצונג
פון יאָזעפוס׳עס ווערק.)

יאָזעפוס'ן. וועספּאַסיאַנוס האָט איהם אָפּגעגעבען דאָפיר אַן אַנדער גוט, אָבער יאָזעפוס האָט זיך ניט געוואָלט בעזעצען אויף איהם און איז אוועק נאָך רוים. דאָרט האָט איהם וועספּאַסיאַנוס זעהר פריינדליך אויפגענומען, האָט איהם אָפּגעגעבען זיין הויז, אין וועלכען ער האָט געוואוינט איידער ער איז געוואָרען קיסר, און האָט איהם בעשטימט אַ געהאַלט אויף זיין גאַנצעס לעבען. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן טיטוס און אויך דער טיראַן דאָמיציאַנוס. יאָזעפוס איז געשטאָרבען 30 יאָהר נאָך'ן חורבן ירושלים.

יאָזעפוס איז געווען אַ טאַלענטפולער היסטאָריקער. אין די 30 יאָהר, וואָס ער האָט געלעבט אין רוים, האָט ער אויפגעשריבען זיין בעריהמטעס היסטאָרישעס ווערק: די געשיכטע פון אידען פון דער גאַנץ אַלטער צייט ביז זיין צייט, און די געשיכטע פון דער מלחמה צווישען די אידען און די רוימער. דיזע לעצטע ארבייט האָט ער געצייגט וועספּאַסיאַנוס'ן, טיטוס'ן און אַגריפּפּאַ דעם 2טען, און זיי האָבען זיין געשיכטע אָנערקענט פיר טריי און ריכטיג. דאָס ווערק אין אַלגעמיין איז אַ זעהר וויכטיגעס, אָבער עס האָט אין זיך אייניגע פעהלערן, ווי צ. ב. וואָס ער שטעלט פאַר וועספּאַסיאַנוס'ן און טיטוס'ן אַלס גוט-הערציגע מענשען און די צעלאָטען רופט ער אַן רויבער, בונטאָוושטשיקעס. עס פערשטעהט זיך, דאָס האָט ער געטאָן אום די רוימער צופרידענצושטעלען. אין יאָזעפוס'עס געשיכטע פון אידישען פאָלק איז בעזונדערס זעהר וויכטיג די געשיכטע פון דער צייט פון דער הערשאַפט פון די חשמונאים און הורדוס דעם 1טען, ווייל דאָס איז די איינציגע קוועלע, וואָס מיר האָבען פיר די געשיכטע פון דיזער צייט.

אין דער צייט פון דעם טיראַן דאָמיציאַנוס איז אַרוים איינער יוסטוס פון טבריה און האָט בעשריבען יאָזעפוס'ן אַלס דעם הויפּט-אָנפיהרער פון דעם אויפשטאַנד אין גליל און אַלס דעם גרעסטען פיינד פון די רוימער. יאָזעפוס האָט מורא געהאַט, דאָס דיזעס ווערק וועט איהם זעהר שאַדען, האָט ער אָנגעשריבען זיין לעבענסבעשרייבונג, אין וועלכער ער רעדט ווייניג וועגען זיך זעלבסט, נאָר וועגען דעם אויפשטאַנד אין גליל. דאָרט שרייבט ער, דאָס שוין אין אָנפאַנג פון דעם אויפשטאַנד איז ער געווען אַ פריינד צו די רוימער, נאָר די אומשטענדען האָבען איהם געצוואונגען צו קעמפען געגען זיי. פון דער אַנדערער זייט איז איהם אויך געווען ניט אָנגענעהם זיך צו צייגען פאַר די אידען אַלס אַ פריינד פון די רוימער, האָט ער זיך אויך פאַר די אידען פאַרענטפערט, און דעריבער איז דיזעס ווערק פול מיט ווידערשפּרעכונגען. מען זעהט קלאָר, דאָס ער זאָגט ניט דעם גאַנצען אמת.

דאָס יאָזעפוס איז ווירקליך געווען אַ אידישער פּאַטריאָט און האָט ליב
געהאַט דאָס אידישע פאָלק און דאָס יודענטום צייגט קלאָר זיין ווערק, וואָס
ער האָט געשריבען געגען דעם גרויסען שונא ישראל אַ פּ י אָ ן און געגען דעם
עגיפּטישען פּריסטער מ אַ נ ע ט ה אָ. אין זיין ווערק געגען דיזע שרעקליכע
אידען־פיינד האָט ער פערטיידיגט דאָס אידישע פאָלק און דעם אידישען גלוי־
בען געגען אַלע פערלוימדונגען און בלבולים, וואָס זיי האָבען אויסגעטראַכט
אויף אידען. עס איז געווען אַ צייט, ווען די גרויסע מענשען פון אידישען
פאָלק האָבען געהאַט אַ שלעכטע מיינונג וועגען יאָזעפוס׳ן. אָבער די אידישע
געלעהרטע פון דער נייערער צייט האָבען געלערנט צו שעצען זיין ליבע צום
יודענטום, וועלכעס ער שטעלט זעהר הויך אין פערגלייך מיט דער גריכישער
קולטור. אויף זיינע היסטאָרישע פערדינסטען זיינען אָנערקענט געוואָרען
זעהר הויך.

**די אידען אין בבל און אין דער רוימישער אימפעריע.** נאָך דעם
פאַל פון ירושלים זיינען פיעלע פון די אידען צולאָפען אין אַנדערע לענ־
דער און האָבען זיך פעראייניגט מיט די קהלות, וואָס האָבען דאָרט עק־
סיסטירט פון די פריהערדיגע צייטען. דיזע נייע מיטגלידער האָבען גע־
בראַכט מיט זיך דעם האַס צו די רוימער, זייערע בעדריקער, און האָבען דער־
מיט אויך אָנגעשטעקט די אידען, וואָס זיינען שוין דאָרט געווען פון פריהער.
אַזוי האָבען איינינע צעלאָטען, וואָס זיינען ענטלאָפען נאָך אַלעקסאַנדריען,
אויפגערייצט דעם אידישען המון צו מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען די רוי־
מער. נאָר די פאָרשטעהער האָבען זיך גרויס מיה געגעבען צו בערוהיגען
די מאַסע, וועלכע זיי האָבען איבערצייגט, וואָס פיר אַן אונגליק עס שטעהט
זיי פאָר פון דיזען אויפשטאַנד. אָבער אין אַנדערע לענדער האָבען די נייע
אָנקומענדע פון יהודה געהאַט ערפאָלג אין אויפבונטעווען די אידען געגען
די רוימער, און דיזע לעצטע האָבען פיעל געליטען דערפון. עס פערשטעהט
זיך, דאָס די רוימער האָבען הארט בעשטראָפט די אידען פיר די קלענסטע
אונרוהען, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט. אַזוי צ. ב. פיר די אונרוהען אין אַלעק־
סאַנדריען האָט מען צושטערט זייער בית המקדש. אויך אין קירענאַאיקאַ
האָבען די צעלאָטען געמאַכט אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט געהאַט דעם רע־
זולטאַט, דאָס פיעלע אָפּפער פון די אידען זיינען געפאַלען און דער הויפּט־
אָנפיהרער פון דעם אויפשטאַנד, דער צעלאָט יהונתן, איז פערברענט געוואָרען.
דאָס אַלעס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די לאַגע פון די אידען אין דער רוי־
מישער אימפעריע איז געוואָרען אונערטרעגליך און זיי האָבען געמוזט אויס־
וואַנדערן. די פערפאָלגטע אידען פון רוים זיינען געגאַנגען נאָך בבל. דאָרט

האבען זיי געגרינדעט קהלות, און די רעגירונג האט זיי געגעבען אויטאנאמיע. עס האבען זיך דארט אין א קורצער צייט ערהויבען צוויי גרויסע גייסטיגע אידישע צענטערן אין נהרדעא און אין נציבין. דא האבען זיך געגרינדעט צוויי וויכטיגע ישיבות, אין וועלכע עס האט זיך שפעטער ענט־וויקעלט דער תלמוד. אבער דיזע ישיבות האבען אנערקענט די אויטאריטעט פון די סנהדרין אין יבנה און עס איז געווען א שטענדיגע קאמוניקאציאן צווישען זיי. די קהלות אין בבל און די ישיבות האבען ערהאלטען אלע נעטיגע אינפארמאציאנען פיר די רעליגיאן פון די סנהדרין אין יבנה, ווי צ. ב. די בעשטימונג פון דער ריכטיגער צייט פון די ימים טובים א. ד. גל. די בני הגולה האבען געשטיצט די סנהדרין און די ישיבות אין ארץ ישראל מיט אלץ, וואס זיי האבען געקענט. דיזער פערבאנד האט געהאט זעהר וויכ־טיגע רעזולטאטען אין דער צייט פון דעם אידישען אויפשטאנד אונטער דער רעגירונג פון טראיאנוס און אדריאנוס (115—138 נ. קר.).

## יג. טראיאנוס'עס פעלד־צוג און דער אויפשטאנד פון די בני הגולה.

אין יאהר 14 האט טראיאנוס אונטערגענומען א פעלד־צוג נאך מעסא־פאטאמיען, וואו די פארטהער האבען געהערשט. אין אנפאנג האט ער גע־האט אן ערפאלג, אבער די פארטהער האבען זיך באלד פעראייניגט מיט די אידען, וועלכע האבען זיך אויך גענומען צו די וואפען און מיט אלגעמיינע קרעפטען ארא־פגעווארפען פון זיך דעם אייזערנעם יאך פון די רוימער. די עפידעמיע פון אויפשטאנד האט זיך פערשפרייט ווייט און ברייט איבער אזיען און אפריקא, וואו די רוימער האבען געהערשט. די גריכען האבען גע מאכט א שרעקליכען פאגראם אויף די אידען אין אלעקסאנדריען, און די אי־דען פון זייער זייט האבען אנגעמאכט גרויסע שחיטות צווישען די גריכען אין קירענע און אויף דער אינזעל ציפערן. אין דיזע צוויי ערטער האבען די אי־דען אויסגע'הרג'עט 240,000 גריכען.

טראיאנוס האט געשיקט זיין פעלד־הערר טורבאן נאך אפריקא און די־זער האט נאך א לאנגער צייט און פיעל מיה דערשטיקט דארט דעם אויפ־שטאנד פון די אידען. די צאהל פון די אידען, וואס זיינען אומגעקומען אין דיזע שלאכטען איז געווען אונגעהייער גרויס. טורבאן האט צושטערט די בעריהמטע סינאגאגע אין אלעקסאנדריען. דאס איז געווען איינע פון די שענסטע געביידעס אין יענער צייט. זי איז געווען אזוי גרויס, דאס די, וואס זיינען געשטאנען ווייט פון חזן, האבען ניט געקענט הערען די ברכות, וואס ער זאגט, און כדי די מתפללים זאלען וויסען צו ענטפערן „אמן" אויף

א ברכה, פלעגט דער שמש אויפהויבען א פלאַג אַלס צייכען. זינט דעם גרויסען פאָגראָם אין אַלעקסאַנדריען איז דיזע געמיינדע געוואָרען אויס אידישער צענטער און איהר שטעלע האָט פערנומען בבל. די אידען אויף דער אינזעל ציפערן זיינען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען, און ווען אַ איד איז צופעליגערהייד פערוואָרפען געוואָרען דורך אַ שיפ־ברוך אויף דיזע אינזעל האָט מען איהם היגגעריכטעט.

וועגען דיזער טרויעריגער צייט ווערט ערצעהלט אין תלמוד, דאָס איין מאָל איז ביי טראַיאַנוס'ן געבאָרען געוואָרען אַ קינד אום תשעה באב און איז געשטאָרבען אום חנוכה. די אידישע פיינד האָבען טראַיאַנוס'ן געמאַכט אויפמערקזאַם, דאָס אידען טרויערן, ווען עס ווערט געבאָרען ביים קיסר אַ קינד און פרייען זיך ווען עס שטאַרבט. טראַיאַנוס איז אַליין אַוועק מיט אַ גרויסער מחנה סאָלדאַטען און האָט אַנגעמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה צווישען די אידען אין ארץ ישראל. נאָך דעם האָט ער געשיקט זיין פעלדהערר קוויעטוס נאָך מעסאָפּאָטאַמיען צו בערוהיגען דעם אידישען אויפשטאַנד דאָרט, אָבער טראַיאַנוס האָט באַלד געמוזט אויפגעבען מעסאָפּאָטאַמיען, ווייל די פּאַרטהער האָבען געהאַט איבער איהם גרויסע נצחונות, און ער איז פון גרויס קרענקונג געשטאָרבען אין קליין־אַזיען (117).

נאָך טראַיאַנוס'ן איז געוואָרען קיסר אין רוים אַדריאַנוס. עס האָבען זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען גרויסע אונרוהען אין אַזיען. די פעלקער האָבען געוואָלט זיך בעפרייען פון דעם אייזערנעם יאָך פון די רוימער. אויך די אידען אין יהודה זיינען געוואָרען אונרוהיג און האָבען אָנגעהויבען מאַכען פּאָרבערייטונגען צו אַן אויפשטאַנד. בעזונדערס האָבען אַגיטירט צווישען אידען צוויי ברידער לוליאַנוס און פּאַפּאַ. דיזע האָבען שוין פריהער אין דער צייט פון טראַיאַנוס'ן אָנגעהויבען אַגיטירען, זיי זיינען געכאַפּט געוואָרען און טראַיאַנוס האָט בעשלאָסען זיי צו הינריכטען. ער איז אָבער באַלד געשטאָרבען און זיי זיינען געבליבען לעבען. פיר די אידען איז דיזער צופאַל געווען אַזוי וויכטיג, דאָס מען האָט דיזען טאָג בעשטימט פאַר אַ האַלבען יום טוב אונטערן נאָמען „יום טראַיאַנוס" (מגלת תענית). דיזע צייט איז בעוואוסט אין תלמוד אונטערן נאָמען „פולמוס של קיטוס", די מלחמות מיט קוויעטוס, וועלכער איז געווען דער שטאַטהאַלטער פון יהודה אין יענער צייט. דיזער קוויעטוס האָט זעהר פיעל צרות פערשאַפט דעם אידישען פאָלק. נאָך דעם טויט פון טראַיאַנוס איז קוויעטוס אַרונטער פון זיין שטעלע, ווייל אַדריאַנוס איז איהם געווען אַ שונא.

אדריאנוס האט געוואלט בערוהיגען די אזיאטישע פעלקער ניט דורך פערפאלגונגען און שטראפען. ער האט פערשטאנען, דאס ווען ער זאל גע-ווינען די אידען אויף זיין זייט, וואלט איהם זיין לייכטער צו בערוהיגען דעם גאנצען מזרח, און דעריבער האט ער פערשפראכען די אידען צוריק אויפבויען ירושלים און דעם בית המקדש. אבער ער האט זיין ווארט ניט געהאלטען. די זאגע ערצעהלט, דאס די שומרונים האבען געהעצט אויף די אידען, דאס זיי וועלען ווערען געפעהרליך פיר רוים, ווען אדריאנוס וועט מקיים זיין די הבטחה, וואס ער האט זיי געגעבען. אום זיך צו בעפרייען פון זיין צוזאג, האט ער געהייסען בויען דעם בית המקדש אויף אן אנדער ארט. דאס האט באלד איבערצייגט די אידען, דאס אדריאנוס האט זיי גענארט, און זיי האבען בעשלאסען צו מאכען אן אויפשטאנד. צו דיזען צוועק האט זיך א גרויסע בעוואפענטע מאסע פערזאמעלט אין בית רימון. אבער ר׳ יהושע בן חנניה האט זיי דאמאלס מיט א משל איבערצייגט ווי גרויס די געפאהר איז פון אזא אויפשטאנד. דער משל איז געווען די בעוואוסטע פאבעל פון א לייב, וואס האט זיך דערווארגען מיט א ביין און א פויגעל מיט א לאנגען שנאבעל, א שטארך, האט דעם ביין ארויסגעשלעפט און האט פערלאנגט דערפאר בעלוינט צו ווערען. דער לייב האט געענטפערט דעם שטארך, דאס ער דארף צופרידען זיין, וואס ער איז געווען מיט זיין קאפ ביים לייב אין האלז און איז ארויס א לעבעדיגער. מיר דארפען צו-פרידען זיין, וואס די רוימער האבען אונז אין גאנצען ניט פערניכטעט, און ניט פערלאנגען פון זיי חסדים אויסבויען ירושלים און דעם בית המקדש, האט ר׳ יהושע געענדיגט זיין משל, און דאס פאלק האט זיך בערוהיגט.

אדריאנוס האט פארטגעזעצט זיין פאליטיק צו בערוהיגען די פעלקער. ער האט צוריק אויפגעבויט פיעלע שטעדט, וואס זיינען צושטערט געווארען פון די רוימער. אויך ירושלים האט ער זיך גענומען צוריק אויפבויען, אבער אלס א רוימישע פעסטונג, און אויף דעם ארט פון בית המקדש אויפבויען א טעמפעל צום רוימישען קריגס־גאט. דאס האט שרעקליך ערביטערט די אידען, וועלכע האבען ניט פערלארען די האפנונג צוריק אויפבויען ירושלים און דעם בית המקדש. עס האט זיי דערמאהנט אן די אמאליגע פערפאלגונ-גען פון אנטיוכוס הרשע (עפיפאנעס) און די העלדען פון חשמונאים, וועלכע האבען זיי בעפרייט פון גריכישען יאך, און זיי האבען געמאכט אן אויפ-שטאנד געגען רוים אין יאהר 132 נ. קר. דער אנפיהרער פון דיזען אויפשטאנד איז געווען דער העלד **ב ר  כ ו כ ב א.**

**דער אויפשטאַנד פון בר כוכבא.** אין גאַנצען לאַנד יהודה האָבען זיך געבילדעט גרופּען פון פרייהייטס־קעמפּער, וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען מיט די רוימער אַ געריללאַ־קריג, ד. ה. קליינע גרופּען האָבען זיך פערשטעקט אין העהלען און שפּאַלטען פון בערג און פון דאָרט בעפאַלען די ראָטעס סאָלדאַטען, וואָס פלעגען פערבייגעהן יענע ערטער. מיט אַזעלכע גרופּען קען אַ רעגולערע אַרמעע ניט קעמפּען, ווייל זי קען ניט צוקומען צו אַזעלכע ערטער און זי ווייס ניט, וואָס פיר אַ מאַכט אַרויסצושטעלען געגען זיי. דיזע אַרט קריג האָבען די ערסטע צייט די חשמונאים געפיהרט, ווי אויך די צעלאָטען אין גליל, און האָבען געהאַט גרויס ערפאָלג. אין די סנהדרין האָבען זיך געפונען איינינע, וואָס האָבען געהאַלטען מיט די רעוואָלוציאָנערען. דער וויכטיגסטער פון זיי איז געוועזן ר׳ עקיבא, וועלכער האָט שטאַרק געגלויבט, דאָס ווען דאָס פאָלק זאָל זיך שטאַרק מוסר נפש זיין פיר זיין פרייהייט וועט איהם געלינגען צו דערגרייכען זיין צוועק. עס זיינען אָבער געוועזן אין די סנהדרין אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געגלויבט, דאָס די רוימישע מאַכט קען נאָר דורך אַ געטליכע, איבערנאַטירליכע מאַכט געבראָכען ווערען. אַזוי האָט רבי יוחנן בן תרתא געזאָגט צו רבי עקיבא׳ן: „עקיבא, גראָז וועט פון דיינע באַקען גיכער אויסוואַקסען איידער משיח וועט קומען". אָבער דאָס פאָלק האָט געהאַלטען מיט רבי עקיבא׳ן. ער האָט בערייזט גאַנץ פּאַלעסטינאַ, קליין־אַזיען און בבל און האָט איבעראַל אַגיטירט און אויפגעמונטערט די אידען צו אַן אויפשטאַנד. צו דיזער צייט האָט זיך בעוויזען אויף דער סצענע אַן אונגעוועהנליכער העלד מיט׳ן נאָמען „בר כוכבא". זיין ריכטיגער נאָמען איז געוועזן בר־כזיבא (אַ געבאָרענער אין דער שטאָדט כזיב), אָבער ר׳ עקיבא האָט איהם גערופען בר כוכבא (דער זוהן פון אַ שטערן) און האָט בעהויפּטעט, דאָס אויף איהם האָט עס מרמז געוועזן דער פּסוק „דרך כוכב מיעקב", עס וועט אַרויסטרעטען אַ שטערן פון אידישען פאָלק און וועט איהם צוריקקעהרען זיין פרייהייט. און ווען דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלען, האָט איהם דאָס פאָלק גערופען בר כוזיבא „דער זוהן פון שקר וכזב". זיין ריכטיגער נאָמען, ווי עס שיינט, איז געוועזן שמעון, ווייל דיזען נאָמען געפינען מיר אויף די מטבעות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין זיין צייט.

ווי אַ העלישער פייער האָט זיך די רעוואָלוציאָן צופלאַקערט אין גאַנצען לאַנד יהודה. אין צייט פון איין יאָהר האָבען די רעוואָלוציאָנערען געהאַט אין זייערע הענט 985 שטעדט און דערפער און 50 פעסטונגען. פון די ווערטער „לחרות ישראל", וואָס שטעהען אויף איין זייט פון די מטבעות,

וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין בר־כוכבא'ס צייט, קען מען רעכנען, דאָס אויך ירושלים איז געווען אין זיינע הענט. דער רוימישער שטאַטהאַלטער אין פאַלעסטינא רופוס (אין תלמוד — טורנוס רופוס, ד. ה. טיראַנוס רופוס, דער טיראַן רופוס) איז ניט אין שטאַנד געווען צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן, אויך די הילף פון סירישען שטאַטהאַלטער האָט ניט געהאָלפען און אַדריאַנוס האָט געמוזט שיקען זיין בעריהמטען פעלדהערר סעווערוס, וועלכער האָט בעזיגט די בריטאַנניער (ענגלענדער), און דיזער האָט נאָך אַ לאַנגען קאַמף מיט די אידען ענדליך צוריקגענומען פון זיי אַלע שטעדט און פעסטונגען, און האָט ביסלאַכווייז פערניכטעט די רעוואָלוציאָנערען.

בר כוכבא האָט זיך פערשלאָסען אין דער שטאָדט ביתר, ניט ווייט פון ירושלים, און האָט זיך העלדיש פערטיידיגט. אָבער די שומרונים האָבען געוויזען די רוימער אויף אַן אָפענעם אָרט, דורך וועלכען זיי זיינען אריין אין די פעסטונג און האָבען דאָרט אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה. מען האָט צושניטען אַלט און יונג, פרויען און קליינע קינדער אָהן שום רחמנות. דריי מיט אַ האַלב יאָהר האָט געדויערט דיזער קאַמף. איבער 500,000 אידען זיינען געפאַלען אין דער מלחמה, אָבער פון די רוימער זיינען נאָך מעהר געפאַלען. דער סענאַט האָט געגעבען דעם קיסר אַדריאַנוס פיר דיזען זיג דעם טימעל „אימפעראַטאָר" צום צווייטען מאָל — אזוי וויכטיג איז געווען דיזער זיג פיר די רוימער. דיזער קריג האָט שרעקליך פערוויסטעט דאָס לאַנד. אויסער די געפאַלענע אין קריג זיינען פיעלע געפאַנגען געוואָרען אין פרעמדע לענדער אַלס שקלאַפען און פיעלע זיינען אַליין צולאָפען אין פרעמדע לענדער.

יעצט האָט זיך אַדריאַנוס גענומען ערנסט צו פערוואַנדלען ירושלים אין אַ היידנישע שטאָדט. ער האָט זי איבערגעבויט אין גריכישען און רוימישען סטיל, מיט זיילען, צירקען און טעהאַטערן; האָט זי בעזעצט מיט גריכען, רוימער און סיריער און האָט פערוועהרט אידען זאָגאַר נאָהענט צוטרעטען צו דער נייער שטאָדט, וועלכע ער האָט געגעבען דעם נאָמען אָליא קאַפיטאָלינא (אָליא איז געווען אַדריאַנוס'עס פאַמיליע־נאָמען און קאַפיטאָלינוס איז דער צווייטער נאָמען פון רוימישען גאָט יופיטער). אויף דעם אָרט, וואו דער בית המקדש איז געשטאַנען האָט ער אויסגעבויט אַ טעמפעל פיר דעם רוימישען גאָט יופיטער. אויף'ן טויער, וואָס האָט געפיהרט נאָך בית לחם איז געווען אַ בילד פון אַ חזיר.

דאָס אַלעס איז וועניג געווען פיר אַדריאַנוס'ן. ער האָט געוואָלט מיט'ן וואָרצעל אויסרייסען דאָס יודענטום און די אידישע נאַציאָן. ווי אַנטיאָכוס

עפּיפאַנעס האָט ער פערבאָטען די אידען צו היטען שבת, צו מל זיין די קינדער און צו לערנען די תורה. דער שטאַטהאַלטער רופוס האָט בעקומען דעם אויפטראַג גוט אַכטונג צו געבען, דאָס דיזער פערבאָט זאָל שטרענג דורכגעפיהרט ווערען. רופוס האָט איינגעפיהרט אַ גאַנצע מחנה פון שפּיאָנען, און האָט מיט׳ן טויט בעשטראָפט די יעניגע, וואָס האָבען איבערגעטראָטען אויף דיזען פערבאָט.

אין דער דאָזיגער שרעקליכער צייט איז געוואָרען אַ פראַגע: צי זאָל זיך אַ איד מוסר נפש זיין פיר די רעליגיאָן, אָדער ער זאָל זיך אונטערגעבען ביז די גזרות וועלען בטול ווערען. אין לוד איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס נאָר אויף 3 זאַכען זאָל זיך אַ איד מוסר נפש זיין: אויף עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים. עס האָבען אָבער זיך געפונען פיעלע, וואָס האָבען ניט געוואָלט נאָכגעבען קיין זאַך, וואָס די רעליגיאָן פאָדערט, ביז עס איז געקומען דער רוימישער תליון און האָט זיי הינגעריכטעט.

זעהר שטאַרק האָבען געליטען די אידישע חכמים פיר פערברייטען די אידישע לעהרע צווישען דעם פאָלק. מעהר פון אַלעמען האָט זיך איבערגעגעבען דערצו ר׳ עקיבא, נאָך דעם, ווי ער האָט זיך איבערצייגט, דאָס מיט אַן אויפשטאַנד וועלען די אידען גאָר ניט אויספיהרען געגען די רוימער, און דער איינציגער מיטעל אויפהאַלטען דאָס אידישע פאָלק איז די אידישע רעליגיאָן. איינער פון זיינע פריינד האָט איהם געפרעגט: ווי שטעלט ער איין זיין לעבען, ער וועט דאָך געוויס הינגעריכטעט ווערען פון די רוימער? אויף דעם האָט ער געענטפערט דאָס זעלבע, וואָס די פיש האָבען געענטפערט דעם פוקס, אין דער פאַבעל. אַ פוקס האָט אַמאָל בעמערקט, ווי די פיש ענטלויפען פון די נעצען, וואָס מענשען לעגען צו כאַפּען זיי, האָט ער זיי פאָרגעשלאָגען אַרויסגעהן צו איהם אויף דער יבשה און לעבען צוזאַמען מיט איהם אין רוה. די פיש האָבען געענטפערט: „ווען מיר זיינען ניט זיכער מיט אונזער לעבען אין וואַסער, וואָס דאָס איז אונזער עלעמענט, וואָס קען שוין פון אונז ווערען אָהן וואַסער?“ דאָס זעלבע איז לויט ר׳ עקיבא׳ן מיט׳ן אידישען פאָלק: ווען זיי זיינען אין סכנה היטענדיג די תורה, וואָס וועגען איהר איז געשריבען „כי היא חייך“, „דאָס איז דיין לעבענס־עלעמענט“, וואָס וועט פון זיי ווערען, ווען זיי וועלען זי ניט לערנען? דאָס ענדע איז געוועזען, דאָס דער רוימישער שטאַטהאַלטער רופוס האָט איהם גרויזאַם בעשטראָפט. מען האָט איהם געריסען מיט אייזערנע צוואַנגען שטיקער פלייש. ר׳ עקיבא האָט עס אָבער רוהיג און מוטיג איבערגעטראָגען און האָט דערביי געזאָגט דעם פּסוק „שמע ישראל“. די תלמידים האָבען זיך פערוואונדערט אויף זיין

העלדען־מוט. ר׳ עקיבא האָט זיי ערקלערט, דאָס ער איז אימער געוועזען בע־זאָרגט, אויב ער וועט קענען מקיים זיין „ואהבת את ה׳ אלקיך בכל נפשך״. יעצט איז ער גליקליך, דאָס ער קען אָפּפערן זיין נשמה צוליב דער געטליכער וואהרהייט, צוליב דער תורה און דער אידישער רעליגיאָן. זיין מוטיגע עהר־ליכע נשמה איז אַרויס ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט דעם וואָרט „אחד״, דעם לעצטען וואָרט פון פסוק „שמע ישראל״.

ר׳ עקיבא איז געוועזען איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, די 10 מאַרטי־רער, וואָס זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען פון די רוימער פיר פערשפּרייטען די תורה צווישען אידישען פאָלק. צווישען זיי זיינען אויך געוועזען דער גרייז־גרויער זקן ר׳ ישמעאל בן אלישע, ר׳ חנינא בן תרדיון און דער זקן ר׳ יהושע בן בבא. ר׳ חנינא בן תרדיון האָבען די רוימער אָנגעטאָן זעהר גרויסע יסורים ביי זיין טויט. מען האָט איהם געברענט אויף פייכטען האָלץ, און אויף׳ן הארצען האָבען זיי איהם אַרויפגעלעגט שוואָמען (גאָמקעס) אום ער זאָל לאַנג־זאַם ברענען. ר׳ יהודא בן בבא האָבען די רוימישע סאָלדאַטען דורכגעלעכערט זיין קערפּער מיט זייערע שפּיזען און האָבען איהם געמאַכט ווי אַ רעשעטע. דאָס איז געוועזען דער טרויעריגער סוף פון דעם אויפשטאַנד אין דער צייט פון אדריאַנוס׳ן. דאָס אידישע פאָלק אָבער האָט דאַמאָלס געצייגט דער וועלט, דאָס קיין טיראַנישע מאַכט איז ניט אין שטאַנד צו פערניכטען זיין גייסט. עס ווערט ערצעהלט, דאָס דער טיראַן אדריאַנוס זעלבסט האָט גע־זאָגט: „גרויס איז די שאָף (דאָס אידישע פאָלק), וועלכע קען אַנהאַלטען איהר עקסיסטענץ צווישען 70 וועלף (שבעים אומות), וועלכע זוכען זי צו פערניכטען״.

דער אונגליקליכער סוף פון דעם אויפשטאַנד האָט די אידען־קריסטען פערפעסטיגט אין זייער גלויבען, דאָס אידען האָבען ניט צו האָפען אויף אַ משיח, וואָס זאָל זיי צוריקקעהרען זייער פּאָליטישע פרייהייט. און דעריבער האָבען זיי געבעטען אדריאַנוס׳ן, ער זאָל זיי ניט רעכנען פיר אידען, און זיי ניט פערפאָלגען ווי די אידען, ווייל זייער גלויבען איז גאָר אין גאַנצען פערשיידען פון יודענטום.

## יד. פון בר כוכבא׳ס אויפשטאַנד ביז דעם אונטערגאַנג פון די נשיאות (138—395).

די לאַגע נאָך אדריאַנוס׳ן. די הויפּט־אַרבייט פון די אידישע חכמים פון יענער צייט איז געוועזען צו מאַכען געזעצען, וואָס זאָלען שטערען דעם אידישען פאָלק זיך אַסימילירען, פעראייניגען זיך מיט אַנדערע פעלקער, ווייל

דאָס וואָלט געמאַכט אַן ענדע צום אידישען פאָלק. דיזע געזעצען האָבען רעגולירט, דיסציפּלינירט דאָס לעבען פון די אידען אין דער פאַמיליע, אין דער געזעלשאַפט, און אפילו אין זייער פּריוואַט־לעבען. דיזע געזעצען זיי־נען שטרענג אָפּגעהיט געוואָרען פון אַלע אידישע קהילות אין פּאַלעסטינא און אין די גלות־לענדער און האָט זיי צוזאַמענגעבונדען אין איין פאָלק, וועל־כעס איז געוועזן אין זיין לעבען גאַנץ פערשיידען פון אַלע אַנדערע פעלקער, און האָט געמאַכט אונמעגליך פיר זיי זיך צו פעראייניגען מיט די היידען. די געזעצען האָבען ניט נאָר רעגולירט דאָס אידישע לעבען, נאָר אויך די אי־דישע דענקונגס־אַרט — עס איז פערוועהרט געוואָרען צו שטודירען די גרי־כישע פילאָזאָפיע, ווייל זי קען האָבען אַ שלעכטען איינפלוס אויף די אידישע נאַציאָנאַליטעט.

נאָך די שווערע צייטען פון אדריאַנוס'ן זיינען אָנגעקומען פיר דאָס אי־דישע פאָלק גרינגערע צייטען ביז עס זיינען אַרויף אויף דעם קייזערליכען טראָן קריסטליכע קיסרים (395). דאַמאָלס האָבען זיך אָנגעהויבען פיר דאָס אידישע פאָלק נייע פערפאָלגונגען. אין דיזער צווישען־צייט איז די פיהרער־שאַפט פון יודענטום געוועזן אין די הענט פון די אידישע חכמים אין פּאַלעס־טינא. אין דיזער צייט (אַן ערך 200 נ. קר.) איז פערפאַסט געוואָרען פון ר' יהודה הנשיא, דעם עניקעל פון רבן גמליאל השני, די „משנה" — אַ זאַמ־לונג פון אַלע געזעצען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון די תנאים, די אי־דישע חכמים, וועלכע ווערען דערמאָהנט אין דער משנה. נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבען בילדען דער תלמוד דורך די א מ ו ר א י ם — חכמים, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ערקלערען די משנה. דיזע בעשעפטיגונג האָט זיך פערשפּרייט אויך אין בבל.

די אידען אין בבל האָבען געהאַט פולע אויטאָנאָמיע. זיי האָבען גע־האַט זייערע אייגענע געריכטס־הייזער, אַקאַדעמיעס, אַלערליי לעהר־אַנשטאַל־טען. אָן דער שפּיץ פון אַלע אידישע געמיינדעס איז געשטאַנען אַ הויכער בעאַמטער מיט אַ גרויסער מאַכט פון דער רעגירונג, וועלכער איז געוועזן בע־קאַנט אונטערן נאָמען ריש גלותא (עקזילאַרך). דאָך זיינען זיי געוועזן אין רעליגיאָנס־זאַכען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון די סנהדרין און די נשיאים אין ארץ ישראל, הגם אידישע לעהר־אַנשטאַלטען אין בבל זיינען אין פיעלע הינ־זיכטען געשטאַנען העכער פון די שולען אין ארץ ישראל. אין די ביידע צענ־טערן איז די משנה געוואָרען דער פונדאַמענט פון געזעץ־פאָרשונג. די חכמים האָבען געשאַפען נייע געזעצען, וועלכע זיינען בעשטימט געוואָרען צו רעגו־לירען דאָס אידישע לעבען אין דער פאַמיליע און אין דער געזעלשאַפט. דיזע

פאַרשונגען זיינען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען תלמוד, און די געלעהרטע פאַרשער טראָגען דעם נאָמען אמוראים.

אין אָנפאַנג פון 4טען יאָהרהונדערט האָט דער פאַלעסטינישער צענטער אָנגעהויבען אונטערגעהן. די אורזאַך איז געווען, וואָס אויף'ן קייזערליכען טראָן האָבען זיך געזעצט קיסרים, וואָס האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום, און זיי האָבען שטארק פערפאָלגט די אידען און האָבען אָנגעהויבען אָפּנעהמען פון זיי זייערע רעכטען. דאַמאָלס איז די פיהרערשאַפט איבער די קהלות אריבער אויף אייניגע הונדערט יאָהר נאָך בבל.

די מלחמה פון בר כוכבא און די פערפאָלגונגען נאָך איהם האָבען פער־אָרימט דאָס לאַנד יהודה. פיעלע שטעדט זיינען אין גאַנצען חרב געוואָרען, אונטער זיי אויך די שטאָדט יבנה. די געזעץ־לעהרער האָבען זיך בעזעצט אין גליל, וועלכע איז ניט אַזוי פערוויסט געוואָרען ווי די אַנדערע ערטער אין יהודה. נאָך דעם טויט פון אדריאַנוס'ן איז געוואָרען קיסר אין רוים אַנטאָנינוס פיאוס (138—161). ער האָט באַלד אָפּגעשאַפט אַלע בעשרענקונגען געגען דער אידישער רעליגיאָן. נאָר גרים האָט מען ניט געטאָרט מל זיין און די אידען האָבען ניט געטאָרט אַריינקומען אין ירושלים.

אין תלמוד ווערט ערצעהלט, דאָס ר' יהודה בן שמוע מיט זיינע חכמים האָבען זיך געווענדעט צו אַ רוימישער מאַטראָנע זי זאָל זיי געבען אַן עצה, ווי מען זאָל פּטור ווערען פון די גזירות פון אדריאַנוס'ן. זי האָט זיי גע־ראַטען צו מאַכען אַ דעמאָנסטראַציאָן אום צו ווירקען אויף דאָס רוימישע פאָלק און אויף די רעגירונג. זיי זיינען אַרוים ביי נאַכט און האָבען מיט אַ גרויס געוויין אויסגעשריען: אַ הימעל! מיט וואָס זיינען מיר ערגער פון אַלע פעלקער, וואָס איהר פערפאָלגט אונז אַזוי גרויזאַם! דיזער געוויין האָט געהאַט אַ ווירקונג און מען האָט אָפּגעשאַפט די גזירות. אָבער דער גאַנצער דרוק איז ערסט אַרונטער אין דער צייט פון דער רעגירונג פון מאַרקוס אורעליוס דעם פילאָזאָף. ער האָט ניט דערלאָזען מען זאָל אָפּנעהמען פון די אידען זייער אויטאָנאָמיע, ווי די פריהערדיגע רעגירונג האָט געוואָלט. די אי־דישע קוועלען ערצעהלען, דאָס דיזער קיסר איז געווען אַן אינטימער פריינד פון ר' יהודה הנשיא, דעם פערפאַסער פון דער משנה. רוימישע קוועלען דאַ־געגען ערצעהלען, דאָס ער איז געווען פיינדליך צו אידען, ווייל זיי האָבען איהם ניט געגעבען כבוד אָפּגעגעבען, ווען ער איז דורכגעפאָהרען ארץ ישראל. אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון מאַרקוס אורעליוס'עס זוהן קאָממאָדוס (180—192) איז די לאַגע פון די אידען ערגער געוואָרען. נאָך איהם האָבען זיך אין רוים אָנגעהויבען שרעקליכע אונאָרדנונגען. גראָבע סאָלדאַטען האָ־

בען פערכאפט דעם טראָן איינער נאָך דעם אַנדערען און האָבען שרעקליך געדריקט די אידען. ווען די אידען האָבען געבעטען דעם סירישען שטאטהאַל־טער פעסצעניוס ער זאָל זיי קלענער מאַכען די שטייערן, האָט ער געענטפערט: „איך וואָלט װעלען נעהמען שטייער פון אייך אויך פיר די לופט, וואָס איהר אָטעמט". האָבען זיך דאַמאָלס ענטוויקעלט פיעלע רויבער־באַנדעס אין לאַנד, פון וועלכע אַלע האָבען זעהר פיעל געליטען. נאָר אין דער צייט פון סעפּ־טימוס סעווערוס איז די לאַגע פון אידען בעסער געוואָרען. ער האָט ערלויבט אידען צו דינען אין מאַגיסטראַט אַלס בעאַמטע.

די סנהדרין אין אושא (גליל). נאָך דעם, ווי די גזירות פון אדריאַנוס'ן זיינען בטל געוואָרען, האָבען זיך פיעלע אידישע חכמים צוריקגעקעהרט אין ארץ ישראל. די בעריהמטעסטע פון זיי זיינען געװען ר' עקיבא'ס תלמידים: ר' מאיר, ר' שמעון בן יוחאי, ר' יהודא בר' אילעאי. זיי האָבען זיך פערזאַמעלט אין אושא און האָבען געבילדעט אַ נייע סנהדרין, ווייל יהודה איז געווען זעהר פערוויסטעט. אָן דער שפּיץ פון דיזע סנהדרין איז ערוועהלט געוואָרען אַלס נשיא רבן שמעון בן גמליאל (פון יבנה), בעוואוסט אַלס רבן שמעון גמליאל דער 2טער (רבי שמעון בן גמליאל דער 1טער איז געוועזן פון די עשרה הרוגי מלכות). דיזער נשיא איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער גע־זעץ־לעהרער, נאָר אויך אַ גרויסער חכם אין גריכישע פילאָזאָפיע און וויסענ־שאַפטען. און אושא האָט דאַמאָלס אויך ערוועהלט נאָך צוויי חכמים אַלס גע־הילפען צום נשיא: ר' מאיר מיט'ן טיטעל חכם (געלעהרטער סעקרעטער) און ר' נתן הבבלי אַלס אב בית דין (פאָר־זיצענדער אין געריכט).

רבן שמעון בן גמליאל האָט גוט פערשטאַנען, ווי וויכטיג עס איז פיר דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, דאָס די סנהדרין זאָלען זיין אַן אינסטיטוציאָן, וועלכע אַלע אידישע קהילות אין דער גאַנצער וועלט זאָלען רעספּעקטירען אַלס איינציגען אידישען צענטער פון יודענטום. דעריבער האָט ער געוואָלט איינ־פיהרען, דאָס אַלע אידישע חכמים זאָלען זיין אונטערוואָרפען אונטער דעם בעשלוס פון די סנהדרין, וועלכע מוזען זיין אָנערקענט אַלס די גרעסטע אוי־טאָריטעט פון יודענטום. ער האָט ניט געלאָזען בעלעסטיגען דאָס פאָלק מיט געזעצען, וואָס זיינען צו שווער פיר די מעהרהייט דורכצופיהרען אין דער פּראַקטיק; בעסער זאָל דאָס פאָלק טאָן אַן איסור, ווייל עס וויים ניט, איי־דער ווייל די מצוה געפעלט איהם ניט. זיין שפּרוך איז געווען: „אויף דריי זאַכען שטעהט די וועלט: אויף דין, אמת און שלום".

אום די נשיאות זאָל זיין הויך געשעצט ביים אידישען פאָלק, האָט ר׳ שמעון בן גמליאל איינגעפיהרט, דאָס ווען דער נשיא קומט אריין אין גע-ריכטס-הויז אָדער אין די אַקאַדעמיע, זאָלען זיך אַלע אויפהייבען פון זייערע ערטער, און זיך צוריקזעצען נאָר ווען דער נשיא האָט זיך אַנידערגעזעצט. ווען דער אב בית-דין קומט אריין זאָלען זיך נאָר צוויי רייהען אויפהייבען. ווען דער חכם (סעקרעטער) קומט אריין זאָל זיך נאָר איין רייהע אויפהייבען. ר׳ נתן און ר׳ מאיר האָבען זיך געפונען ערנידריגט און האָבען אָנגעהויבען אינטריגירען געגען דעם נשיא, און דיזער האָט זיי אַרויסגעשיקט פון דער אַקאַדעמיע. די חכמים זיינען געוואָרען אויפגערייצט און דער נשיא איז געווען געצוואונגען זיי צוריק אריינצונעהמען, אָבער מיט אייניגע בעשרענקונגען. ר׳ מאיר האָט ניט געוואָלט זיך אונטערוואַרפען אונטער דער נייער דיסציפּלין און האָט געגרינדעט אַ בעזונדער ישיבה.

אין דער צייט, וואָס צוליב די גזירות פון אַנדריאַנוס׳ן איז די סנהדרין און די נשיאות אין ארץ ישראל אונטערגעגאַנגען, האָט חנניה, ר׳ יהושע׳ס אַ נעפע, געגרינדעט אַן אַנדער סנהדרין אין נהר פקוד. נאָך דעם, ווי די סנהדרין איז ווידער געגרינדעט געוואָרען אין אושא, האָט ר׳ שמעון בן גמליאל גע-שיקט אייניגע חכמים נאָך בבל מיט דער פאָדערונג אָפּצושאַפען זייער סנהדרין אום דערמיט ניט צו פעראורזאַכען אַ שפּאַלטונג אין יודענטום, וויל ווען ארץ ישראל וועט ניט אָנערקענט ווערען פון אַלע אידען אַלס דער צענטער פון יו-דענטום, וועט יעדע קהילה זיך מאַכען איהר סנהדרין, און דער נאַציאָנאַלער-באַנד וועט צוריסען ווערען און דאָס יודענטום וועט אונטערגעהן. די אידען אין בבל האָבען נאָכגעגעבען דעם פערלאַנג פון דעם נשיא רבי שמעון בן גמליאל און האָבען זיך געשטעלט אונטער די סנהדרין פון ארץ ישראל.

לויט די זאַגע ערצעהלט, זיינען ר׳ מאיר׳ס עלטערן געווען גרים. ר׳ עקיבא און ר׳ ישמעאל זיינען געווען זיינע הויפט-לעהרער. ער איז געווען אַ זעהר אינטערעסאַנטער פּאָרלעזער. ער פלעגט מאַכען זיינע פּאָרטראַגען זעהר אַנציהענד דורך דעם, וואָס ער פלעגט זעהר אָפט געברויכען אַ לעגענדע און אַ משל. מען ערצעהלט, דאָס ער האָט געשריבען 300 משלים פון פוקסען. ער איז געווען אַ גרויסער חריף און איז אין שטאַנד געווען צו געבען אַרגו-מענטען פיר אַ געוויסען נייעם געזעץ אָדער געגען איהם. ר׳ יהודה הנשיא, דער פערפאַסער פון דער משנה, האָט אריינגענומען זעהר פיעלע געזעצען, וועלכע שטאַמען פון ר׳ מאיר׳ן. עס איז אַ כלל „סתם משנה ר׳ מאיר", דאָס ווען אין דער משנה ווערט געבראַכט אַ געזעץ אָהן אַ נאָמען פון אַ

תנא, קומט עס פון ר׳ מאיר׳ן. אין זיינע געזעצען איז ער אימער געווען אויף דער זייט פון דעם שוואַכען.

פון די, וואָס זיינען געשטאַנען אין נאָהענטע פערבינדונגען מיט ר׳ מאיר׳ן, פערדינען צוויי פּערזאָנען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט: זיין ווייב ב ר ו ר י א (וועלוריאַ) און א ל י ש ע ב ן א ב ו י ה. דיזער איז גע-ווען ר׳ מאיר׳ס לעהרער און איז געווען פון די פיער אידישע חכמים, וועלכע האָבען זיך ערנסט בעשעפטיגט מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע און זיינען אַלע, אויסער ר׳ עקיבא׳ן, אַראָפּ פון וועג. אלישע איז געוואָרען אַ פריי-דענקער, נאָר ר׳ מאיר איז געבליבען צוגעבונדען צו איהם און פלעגט הערען פון איהם תורה, אפילו נאָך דעם, ווי ער איז אָפּגעפאַלען פון יודענטום. פאַר אלישע׳ס טויט האָט ר׳ מאיר איהם פאָרגעשלאָגען ער זאָל תשובה טאָן, אָבער אלישע האָט זיך צואווײנט און האָט געענטפערט: „יעצט איז שוין צו שפּעט", און איז געשטאָרבען. ר׳ מאיר האָט אין דיזע טרערען געזעהן די גאַנצע טראַגעדיע פון אלישע׳ס נשמה און ווי אין לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין שריט.

בעריהמט איז אויך געווען ר׳ מאיר׳ס פרוי ב ר ו ר י א, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר לומדות און חכמה. דעם כאַראַקטער פון דיזער פרוי שילדערט דער פאָלגענדער פאַקט. ר׳ מאיר האָט געהאַט זעהר שלעכטע שכנים, וועלכע פלעגען איהם זעהר אָפט פערביטערן זיין לעבען. ר׳ מאיר האָט זיך אַמאָל געווענדעט צו גאָט מיט אַ תפלה ער זאָל זיי בע-שטראָ. ברוריא האָט איהם געמאַכט פאָרווירפען, דאָס זיין תפלה איז ניט אין גייסט פון יודענטום, ווייל עס שטעהט געשריבען „יתמו חטאים", דאָס די זינד זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען, דאָס הייסט דעם מענשען׳ס הארץ זאָל מעהר גענייגט זיין צו טאָן גוטעס, וועלען ממילא ניט זיין קיין שלעכטע מענשען.

ר׳ שמעון בן יוחאי און זיינע חברים. איין מאָל זיינען געזעסען 3 חכמים פון די סנהדרין אין אושא: ר׳ שמעון בן יוחאי, ר׳ יוסי בן חלפתא און ר׳ יהודא בר אילעאי און האָבען געהאַט צווישען זיך אַ גע-שפּרעך וועגען די רוימער. ר׳ יהודא האָט געלויבט די רוימער, דאָס זיי זאָרגען זיך וועגען דעם וואוילזיין פון פאָלק — זיי מאַכען גוטע ברי-קען, וועגען, בעדער א. ד. גל. ר׳ שמעון האָט דערויף געענטפערט, דאָס זיי האָבען קיינמאָל ניט אין זינען די אינטערעסען פון פאָלק, נאָר זייערע אייגענע. ר׳ יוסי האָט געשוויגען, ער האָט גאָר ניט געזאָגט. די רוימער האָבען זיך צופעליגערווייז דערוואוסט פון דיזען געשפּרעך און האָבען ר׳ יהודא׳ן געגעבען אַ פּרעזענט, ר׳ יוסי׳ן האָבען זיי פערשיקט, און ר׳ שמעון בן

יוחאי האָבען זיי געוואָלט בעשטראָפען מיט'ן טויט, נאָר ער איז ענטלאָפען, און האָט זיך 13 יאָהר אויסבעהאַלטען אין א העהל. דערווייל האָבען זיך די אומשטענדען געענדערט און ער איז געקומען צוריק צו די סנהדרין, וועלכע האָבען איהם געשיקט נאָך רוים זיך משתדל זיין דאָרט צו מבטל זיין אייניגע שלעכטע גזירות אויף אידען. ר' שמעון בן יוחאי איז געווען א תלמיד פון ר' עקיבא'ן, אָבער ער האָט זיך ניט געגריבעלט ווי ער אין יעדען בוכשטאַב פון דער תורה, נאָר ער האָט געזוכט דעם זין פון יעדען געזעץ. צום ב. ש. ער האָט גע'אסר'ט צו הייראַטען יעדען פון די היידען, אויף'ן גרונד פון דעם פערבאָט „לא תתחתן בם", זאָלסט מיט קיינע פון זיי (פון די פעלקער פון כנען) זיך ניט פערבינדען דורך הייראַט, הגם דער פערבאָט איז נאָר אָרי-גינעל ארויסגעגעבען געוואָרען געגען די 7 פעלקער פון כנען, ווייל דער זין איז דער זעלבער — דער איד זאָל זיך ניט אַסימילירען. אין די שפּעטערע דורות איז ער בעקאַנט געוואָרען אַלס א הייליגער, א בעל סוד, און מען שרייבט צו איהם צו די פערפאַסונג פון דעם זוהר, וועלכער איז א מין ביבעל פיר די מקובלים. עד היום פייערן די אידען זיין יאָהרצייט ל"ג בעומר מיט גרויס פּאַראַד אויף זיין קבר אין מרון (ביי צפת).

ר' יהודא האָט אויך פיעל געטאָן צו פערשטאַרקען די אויטאָריטעט פון די סנהדרין אין זיין געבורטס־שטאָדט אושא. ער איז געווען א תלמיד פון ר' עקיבא'ן און האָט זיך ווי ער געגריבעלט אין יעדען בוכשטאַב פון דער תורה. ער האָט געגלויבט, דאָס מענשען דאַרפען זיך ערנעהרען פון פיזישער אַרבייט, און ער פלעגט זאָגען: „ווער עס לערנט ניט זיין קינד א מלאכה, איז גלייך ווי ער זאָל איהם לערנען צו זיין א רויבער". ר' יוסי איז געווען א זעהר רוהיגער מענש און האָט פיינד געהאַט דעבאַטירען וועגען רעליגיאָנס-זאַכען, ווייל זיי פיהרען צו קיין צוועק ניט. ער איז געווען איבערגעגעבען צו פאָרשען די אידישע פערגאַנגענהייט. מען גלויבט, דאָס ער איז דער פער-פאַסער פון דעם אַלטען אידישען היסטאָרישען ווערק „סדר עולם רבא".

ר' יהודא הנשיא. נאָך דעם טויט פון ר' שמעון בן גמליאל דעם 2טען איז ערוועהלט געוואָרען צום נשיא זיין זוהן ר' יהודה, בעקאַנט אונטער'ן נאָ-מען ר' י ה ו ד ה ה נ ש י א אָדער ר ב נ ו ה ק ד ו ש. ער איז געבאָ-רען געוואָרען אין דעם יאָהר, ווען ר' עקיבא איז הינגעריכטעט געוואָרען. די הויפּט אידישע בילדונג האָט ער בעקומען אין דער אַקאַדעמיע פון ר'שמעון בן יוחאי; ער האָט בעזוכט אויך אַנדערע אַקאַדעמיעס פון אידישע חכמים פון יענער צייט. ר' יהודה האָט געוואוסט ווי זיך צו פערהאַלטען מיט די רוימישע בעאַמטע און איז געווען גוט בעפריינדעט מיט דעם רוימישען קיסר פון יע-

נער צייט (מאַרקוס אורעליוס). ר׳ יהודא איז געווען זעהר רייך און דעריבער האָבען די רוימישע בעאַמטע איהם זעהר הויך געשעצט און ער האָט דורך זיי פיעל גוטעס געטאָן צום אידישען פאָלק.

אין דורכפיהרונג פון געזעץ איז ר׳ יהודה געווען אַ גרויסער מקיל און ער האָט געזוכט אָפּצושאַפען די געזעצען, וועלכע זיינען אַ לאַסט אויף׳ן פאָלק. מען האָט צו איהם געבראַכט אַן אָרימען לעהרער, וועלכער האָט זיך בענוצט מיט די פּירות פון שביעית. ר׳ יהודה האָט געהייסען איהם לאָזען צורוה. „וואָס זאָל אַן אונגליקליכער אָרימאַן טאָן, ווען ער איז הונגעריג?" האָט ר׳ יהודה געמאַכט אַ פאָרוואורף צו די, וואָס האָבען איהם געבראַכט די-זען בעל עברה. ער האָט געוואָלט אָפּשאַפען שמיטה, תרומות און מעשרות, ווייל נאָך דעם חורבן האָבען זיי אָנגעוואָרען זייער ווערט; ער האָט אָבער געהאַט פיעלע געגנער, וואָס האָבען איהם געשטערט דאָס דורכצופיהרען. ער האָט אויך געוואָלט אָפּשאַפען תשעה באב, ווייל דאָס האָט ערוועקט האס פון די רוימער צו די אידען, אָבער מען האָט פּראָטעסטירט געגען דעם. זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער געלעבט צוזאַמען מיט די סנהדרין אין צפורי, ווייל ער האָט געליטען פון אַ קראַנקהייט און דער קלימאַט פון צפורי איז אַ גע-זונטער.

די פערפאַסונג פון דער משנה. דער הויפּט-פערדינסט פון ר׳ יהודה הנשיא איז געווען די פערפאַסונג פון דער משנה. דאָס איז אַ זאַמלונג פון אַלע געזעצען (הלכות), וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אין די אַקאַ-דעמיעס פון דער צייט פון עזרא און די אנשי כנסת הגדולה ביז ר׳ יהודה הנשיא. אייניגע חכמים האָבען שוין פריהער אָנגעהויבען צו זאַמלען די אַלטע הלכות, ווי ר׳ עקיבא (משנה דר׳ עקיבא) און ר׳ מאיר (משנת ר׳ מאיר). אָבער יענע זאַמלונגען זיינען ערסטענס ניט געווען פאָלקאָמען און צווייטענס האָט זיי געפעהלט אָרדנונג. ר׳ יהודה האָט בעזייטיגט דיזע פעה-לערן. ער האָט איינגעטיילט דעם אונגעהייערן מאַטעריאַל אין 6 טיילען אונטער׳ן טיטעל „ששה סדרי משנה". דער ערסטער טייל הייסט „זרעים" און ענטהאַלט אַלע געזעצען וועגען זעען און אַקערן די פעלדער אין ארץ ישראל; דער צווייטער סדר איז „מועד", געזעצען וועגען ימים טובים; דער דריטער — „נשים", וועגען גט׳ן און קדושין און כתובה; דער פערטער — „נזיקין", ציוויל- און קרימינאַל-געזעצען; דער פינפטער — „קדשים", דינים פון קרבנות; דער זעקסטער — „טהרות", וועגען ריין און אונריין.

ר׳ יהודה הנשיא האָט אויך געהאַט געגנער, וואַהרשיינליך, ווייל ער האָט געפיהרט זיין נשיאות מיט שטאָלץ. צווישען זיינע געגנער איז געווען בר

קפרא, ווי אויך ר׳ חייא׳ס זיהן. איין מאָל איז ר׳ חייא מיט זיינע זיהן **געזע־סען ביי׳ן** טיש פון ר׳ יהודה הנשיא. אין מיטען דער סעודה האָבען ר׳ חייא׳ס **זיהן** אָנגעהויבען צו דרש׳ענען, דאָס משיח קען אַנדערש ניט קומען **סיידען** מען זאָל פטור ווערען פון די צוויי דינאַסטיעס — פון די נשיאים אין ארץ ישראל און פון די ריש־גלותא׳ס אין בבל. ר׳ יהודה׳ן האָט עס פערדראָסען. אָבער ר׳ חייא האָט זיינע זיהן פערענטפערט, דאָס זיי זיינען אביסעל אָנ־געטרונקען.

ר׳ יהודה איז געווען נשיא אַן ערך 40 יאָהר (ביז 210). זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער שטאַרק געליטען פון אַ קראַנקהייט, פון וועלכער ער איז גע־שטאָרבען אין צפורי. זיין קבר איז אין בית שערים. דאָס פאָלק האָט נאָך איהם שטאַרק געטרויערט און מען האָט איהם מספיד געווען אין אַלע לעהר־אַנשטאַלטען אין פערלויף פון אַ גאַנצען חודש.

## טו. די נשיאות אין די תלמודישע שולען אין ארץ ישראל זינט דער פער־פאַסונג פון דער משנה ביז די קריסטליכע רעליגיאָן איז געוואָרען די הער־שענדע אין רוים (210—312).

די פּאָליטישע לאַגע. נאָך דעם טויט פון ר׳ יהודה הנשיא איז אויף דעם רוימישען טראָן אַרויף קאַראַקאַללאַ (211—217). ער האָט געגעבען אַלע רוימישע אונטערטאַנען גלייכע רעכטען מיט די איינוואוינער פון רוים. מען ערצעהלט, דאָס ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד האָט ער געהאַט אַ חבר אַ אי־דישען אינגעל, מיט וועלכען ער פלעגט זיך אימער שפּילען. איין מאָל **האָט ער** זיך דערוואוסט, דאָס אין קייזערליכען הויף האָט מען בעליידיגט **זיין חבר, ווייל** ער איז אַ איד. דאָס האָט איהם שטאַרק אויפגערעגט און ער איז געוואָרען זעהר בייז אויף זיין פאָטער און אויף אַנדערע, וועלכע האָבען אָנטייל גענומען **אין** דיזער בעליידיגונג. מען ווייס ניט, ווי ער האָט בעהאַנדעלט די אידען **שפּע־**טער, ווען ער איז געוואָרען קיסר, אויך ווי זיין נאָכפאָלגער העליאָגאַבאַל איז געווען צו די אידען. מען ווייס אָבער, דאָס אין דיזע צייטען האָבען די אידען שטאַרק געליטען פון די שווערע שטייערן, וואָס זיי האָבען געמוזט צאָהלען צו דער רוימישער רעגירונג. **זיי האָבען** געמוזט צאָהלען די געוועהנ־ליכע אָפּגאַבען אויך אין שמיטה־יאָהר, אין וועלכען פריהער האָט מען זיי בעפרייט דערפון. ר׳ יהודה הנשיא׳ס **תלמיד, ר׳ ינאי, האָט דערלויבט** מתיר געווען צו בעאַרבייטען די פעלדער **אין** שמיטה־יאָהר.

דער קיסר אלכסנדר ס ע ו ו ע ר ו ס (222—235) **איז געווען זעהר גוט צו אידען און האָט געעהרט דעם אידישען גלויבען. די ווערטער פון**

הלל'ן „דעלך סני לחברך לא תעביד" (טו ניט צו אן אנדער מענשען, וואס דו ווילסט ניט מען זאל דיר טאן) זיינען געווען אנגעשריבען אויף'ן קיי-זערליכען הויף און אויף אלע געריכטס-הייזער. זיינע בעציהונגען צו אי-דען זיינען זעהר ניט געפעלען געווען די רוימער און די גריכען און זיי האָ-בען איהם אנגערופען מיט'ן נאָמען „דער גבאי פון דער אידישער שול".

נאָך אלכסנדר סעווערוס האָט אין רוים געהערשט קרוב צו 50 יאָהר א פאלשטענדיגע אנארכיע. ערסט אין יאָהר 285, ווען דיאָקלעציאנוס איז געוואָרען קיסר איז דאָרט ווידער געוואָרען אָרדנונג. דיאָקלעציאנוס איז גע-ווען א זוהן פון א שקלאף (די אידישע לעגענדע ערצעהלט, דאָס ער איז גע-ווען א פאסטוך פון חזירים, וועלכער פלעגט אָפט ליידען בעליידיגונגען פון אידישע קינדער). ווען ער איז געוואָרען קיסר האָט ער זיך געוואָלט נוקם זיין אָן די אידען פיר די שלעכטע בעהאנדלונג, וועלכע ער האָט פון זיי געקריגען אין זיין יוגענד. אָבער דער נשיא ר' יהודה דער צווייטער און די סנהדרין אין טבריה האָבען איהם איבערצייגט, דאָס די אידען זיינען איהם איבערגעבען מיט'ן גאנצען הארצען און ער האָט זיי געלאָזען צורוה. די תלמודיסטען האָ-בען דערפון געמאכט א מאָראל-לעהרע, דאָס מען זאָל קיינעם פון די היידען ניט בעליידיגען, זאָגאר ווען ער איז א קינד, ווייל ער קען אמאָל גרויס ווערען און זיך וועלען נוקם זיין.

די נשיאים אין טבריה. די שטעלע פון ר' יהודה הנשיא האָט פער-נומען זיין זוהן ר' ג מ ל י א ל ד ע ר 3 ט ע ר. מיר ווייסען ווע-גען זיין געלעהרזאמקייט און זיין פיהרערשאפט זעהר ווייניג. אין פרקי אבות געפינען זיך פון איהם אייניגע רעגלען צום לעבען, וועלכע צייגען זיין פראַקטישען פערשטאַנד און זיין בעגריף פון מענשליכער מאָראל. „עס איז גוט, ווען א מענש האָט צו זיין תורה א מלאכה אין זיין האנט. תורה אָהן מלאכה פיהרט אָפט צו זינד". אין אלגעמיין איז זיין צייט געווען אונפרוכט-באַר אין אידישער געלעהרזאמקייט.

נאָך ר' גמליאל דעם 4טען איז זיין זוהן ר' י ה ו ד ה ד ע ר 2 ט ע ר ארויף אויף די שטעלע פון נשיאות. ער איז נאָך געווען גאנץ יונג, ווען ער איז געוואָרען נשיא און האָט געפיהרט די נשיאות איבער א האלבען יאָהר-הונדערט (230—286). ער האָט אריבערגעטראָגען זיין זיץ פון צפורי נאָך טבריה. ער האָט געהאט א בעשטענדיגע פריינדליכע קאָמוניקאציאָן מיט דעם רוימישען שטאטהאלטער אין קיסריה און אויך מיט דער צענטראל-רעגירונג אין רוים. ער איז געווען פערזענליך בעקאנט מיט דעם ליבעראלען קיסר אלכסנדר סעווערוס, ווי אויך שפעטער מיט דעם קיסר דיאָקלעציאנוס. ווייל

ער איז געווען אזא מקורב למלכות האָבען איהם די גזוען־לעהרער ערלויבט זיך אַנדערס אויפפיהרען אין זיין לעבען, זיך אַנדערס קליידען און זאָגאַר לערנען די קינדער „חכמת יונית" (גריכישע קענטנים). ר' יהודה הנשיא דער 2טער האָט זיך פיעל בעמיהט צו פערברייטערן גוטע ערציהונג צווישען אידישע קינדער דורך גרינדען גוטע שולען און צו פערשטאַרקען אין זיי דעם אידישען גייסט. ער האָט געלעהרט, דאָס לערנען אי־דישע קינדער תורה איז וויכטיגער פון בנין בית המקדש. אָבער די געלעהרטע פון יענער צייט זיינען ניט געווען צופרידען מיט איהם דערפאַר, וואָס ער פלעגט געבען שטעלעס פיר געלט צו מענשען, וואָס זיינען ניט געווען ראוי זיי צו פערנעהמען. די חכמים פון יענער צייט זיינען אויך אונצופרידען געווען מיט איהם צוליב דעם, וואָס ער האָט געפאָדערט פון פאָלק צו גרויסע אָפּגאַבען אום די נשיאות זאָל געפיהרט ווערען אויף א גלענצענדע אַרט. אייניגע גע־לעהרטע זיינען אַרוים געגען איהם מיט א שאַרפער קריטיק, אָבער ער איז געוועזען זעהר מילד און גוטהערציג און האָט זיי באַלד פערציייהעט.

נאָך ר' יהודה דעם 2טען'ס טויט האָט די נשיאות אין ארץ ישראל אָנגע־הויבען פאַלען. זיינע נאָכפאָלגער: ר' גמליאל דער 4טער און ר' יהודה דער 3טער (286—330) האָבען געלאָזען נאָך זיך א קליינעם שפור אין דער געשיכטע פון תורה שבעל פה. אין הלכה ווערט אין תלמוד פון זיי גאָרנישט דערמאָהנט. ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי נאָר געווען בעאַמטע, אָבער וועניג געלעהרטע. אין זייערע צייטען האָט מען אָנגעהויבען שיקען שלוחים אין אַנדערע לענדער צו זאַמלען געלט אום אויפצו־האַלטען די נשיאות, וועלכע האָט געפאָדערט גרויסע אויסגאַבען. אין דער צייט פון ר' יהודה דעם 2טען איז דאָס קריסטענטום געוואָרען די הערשענדע רעליגיאָן אין דער רוימישער אימפעריע.

**די תוספתא אָדער ברייתות.** רבי יהודה הנשיא (דער 1טער) האָט ניט אריינגענומען אין זיין משנה אַלע הלכות, וואָס זיינען בעוואוסט גע־ווען אין זיין צייט. ער האָט פיעל דורכגעלאָזען. אייניגע פון די גע־לעהרטע האָבען געפונען פיר נעטיג צו זאַמלען דיזע אַלע הלכות און האָבען פון זיי צוזאַמענגעשטעלט א בעזונדער ווערק אונטער'ן טיטעל תוספתא אָדער ברייתא. אַנדערע געלעהרטע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ערקלערען די הלכות, וואָס די משנה ענטהאַלט אין זיך. אויסער דער תוספתא זיינען אין יענער צייט געמאַכט געוואָרען נאָך אייניגע זאַמ־לונגען אַלס א פירוש צו דער תורה. צו דיזען מין זאַמלונגען געהערען: 1) מכילתא, א סאָרט פירוש צום ספר שמות; 2) ספרא, א

פירוש צום ספר ויקרא, וועלכער טראָגט אויך דעם נאָמען „תורת כהנים״; 3) ס פ ר י, א פירוש צו במדבר און דברים. די זאַמלער פון דיזע ווערק, ווי דער תלמוד בעהויפּטעט, זיינען: פון דער מכילתא — ר׳ ישמעאל, פון ספרא — ר׳ יהודא ב״ר אילעאי און רב (אבא בתירא), פון ספרי — ר׳ שמעון בן יוחאי.

די משנה איז באַלד געוואָרען א געגענשטאַנד פון פאָרשען און ערקלערען, ווי די תורה שבכתב, ווייל די שפּראַך פון דער משנה איז זעהר קורץ און ערטערוויין ניט זעהר קלאָר. פון דער משנה האָט מען אויך אויסגעטייטשט נייע געזעצען, ווי פון דער תורה. דיזע ערקלערונגען און אויסטייטשונגען פון דער משנה, וועלכע האָבען געקראָגען דעם נאָמען ג מ ר א, זיינען געווע די אַרבייט פון די א מ ו ר א י ם (לעהרער, ערקלערער) אין עטליכע דורות.

די ערסטע אמוראים זיינען געוועזען די תלמידים פון ר׳ יהודה הנשיא, וועלכע האָבען נאָך זיין טויט געגרינדעט שולען אין גליל, יהודה און בבל, און יעדער האָט אָנגעהויבען צו ערקלערען די משנה אויף א בעזונדער אופן. אָן דער שפּיץ פון די אמוראים, וואָס האָבען געפאָרשט די משנה אין דער צייט פון רבן גמליאל דעם 3טען, דעם זוהן פון ר׳ יהודה הנשיא, איז געשטאנען ר׳ ח נ י נ א ב ר ח מ א, און דער הויפּט־פיהרער פון די אמוראים אין דער צייט פון ר׳ יהודה נשיאה איז געווען ר׳ י ו ח נ ן ב ר נ פ ח א.

אויסער די פיעלע הלכות, וואָס געפינען זיך אין תלמוד אין דעם נאָמען פון ר׳ חנינא בר חמא, וועלכער איז געווען דער הויפּט־בעאַמטער אין ר׳ יהודה הנשיא׳ס אַקאַדעמיע נאָך זיין טויט, זיינען פון איהם אויך געבליבען איניגע פילאָזאָפישע מיינונגען. צ. ב. וועגען דער שווערער פראַגע פון ידיעה און בחירה, אָדער פון פרייען ווילען, זאָגט ער: „הכל בידי שמים, חוץ מיראת שמים״, ד. ה. אַלעס איז בעשטימט פון גאָט, נאָר די מאָראַלע זייט פון מענשען איז אין זיין אייגענער מאַכט און ווילען, און ער איז פעראַנטוואָרטליך פיר יעדע שלעכטע טאַט, וואָס ער טוט. ר׳ חנינא בר חמא איז אויך געווען א חכם אין וועלט־זאַכען.

צו די וויכטיגע אמוראים אין גליל געהערט אויך, אויסער ר׳ חנינא בר חמא, ר׳ י נ א י, דער וואָס האָט אויף א קורצע צייט מתיר געווען אין שמיטה־יאָהר זעען און אַקערן, ווייל די צייט האָט עס געפאָדערט. ר׳ ינאי׳ס תלמיד איז געווען ר׳ יוחנן בר נפחא (230—286). ווען ער איז נאָך געווען גאַנץ יונג איז ער געזעסען אין ר׳ יהודה׳ס אַקאַדעמיע אין דער 17טער רייהע פון די תלמידים, און האָט זיך צוגעהערט, ווי ר׳ יהודה הנשיא איז זיך

מפלפל מיט זיין תלמיד אבא אריכא (רב), און ער, ר׳ יוחנן, האָט זאָגאַר ניט פערשטאַנען ווענען וואָס עס האַנדעלט זיך. ר׳ יוחנן איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ חנינא בר חמא, ר׳ ינאי און ר׳ אושיעא. בעת ער האָט געשטודירט האָט ער געליטען גרוים נויט. ער איז זאָגאַר געצוואונגען געווען אויף אַ צייט אויפצוגעבען זיין שטודיום און זיך בעשעפטיגען מיט מסחור. אָבער ער האָט גיך אַוועקגעוואָרפען דעם מסחור און האָט זיך ווידער גענומען צום לערנען. אום ער זאָל ווידער ניט געצוואונגען זיין זיך אָפצורייסען פון לערנען האָט ער פערקויפט זיין קליינע נחלה און האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צום שטודירען. ענדליך האָט ער געגרינדעט אַן אייגענע שולע אין טבריה. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ר׳ יהודה נשיאה איז אַרויף אויף׳ן שטול פון דער נשיאות און איז אַריבער פון צפּורי צו וואוינען אין טבריה.

ר׳ יוחנן איז געווען דער הויפּט־גרינדער פון „תלמוד ירושלמי“. פיר איהם איז די משנה געווען ווי די תורה, ער האָט יעדען זאַץ פון איהר אַנאַליזירט און ערקלערט. דערביי האָט ער זיך זעהר אָפט בענוצט מיט ברייתות און תוספתות. אין די ערסטע, וואו די משנה ברייננט פערשיידענע מיינונגען ווענען אַ געוויסער הלכה, האָט ער פעסטגעשטעלט געוויסע כללים, ווי מען זאָל זיך בענעהן און אַן וועלכער מיינונג מען זאָל זיך האַלטען. דער תלמוד ירושלמי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען מיט דער הילף פון אַ גרויסער צאָהל חכמים, וועלכע זיינען געקומען נאָך טבריה אין זיין שול. אין זיין פּראַקטישען לעבען איז ער געווען זעהר ליבעראַל, און האָט ערלויבט צו לערנען חכמת יונית, נאָר ער האָט שטרענג פערבאָטען זאַכען, וואָס פיהרען צו אַסימילאַציאָן.

דער חבר און מיטווירקער פון ר׳ יוחנן ביים בעאַרבייטען פון תלמוד ירושלמי איז געווען ר׳ שמעון בן לקיש (פערקירצט רש לקיש). אין זיינע יונגע יאָהרען האָט ער זעהר אָפט געליטען הונגער. די נויט האָט איהם אַמאָל געצוואונגען צו אַרבייטען אין אַ צירק צו קעמפען מיט ווילדע חיות, ווייל ער איז געווען אַ זעהר שטאַרקער מענש. ר׳ יוחנן האָט איהם אַרויסגעהאָלפען פון זיין אָרימער לאַגע און האָט איהם חתונה געמאַכט מיט זיין אונגעוועהנליך שענער שוועסטער. רש לקיש איז אָבער ביז ענדע פון זיין לעבען געבליבען נאָר אַלס מיטהעלפער פון זיין שוואָגער ר׳ יוחנן. עס קען זיין, דאָס זיינע פרייע מיינונגען האָבען איהם געשטערט צו גרינדען אַן אייגענע שול. אַזוי צ. ב. האָט ער געזאָגט, דאָס די געשיכטע פון איוב איז לא היה ולא נברא, נאָר עס איז אַ משל. די נעמען פון מלאכים, האָט ער געזאָגט, זיינען ניט אידיש — דאָס האָבען די אידען גענומען פון בבל. ווי מען ער-

צעהלט איז ער געשטאָרבען פון אַ קרענקונג אין אַ קריג אין אַ דבר הלכה מיט ר׳ יוחנן.

נאָך דעם טויט פון רש לקיש איז זיין מיטהעלפער אין שול געווען ר׳ א ל י ע ז ר ב ן פ ד ת (פון בבל). אָבער ר׳ יוחנן איז ניט זעהר צופרי-דען געווען מיט איהם. ער האָט איהם אַמאָל געזאָגט: „מיר געפעלט ניט, וואָס דו ביסט שטענדיג מסכים צו מיין מיינונג. רש לקיש פלעגט אימער גע-גען מיין מיינונג ברייננגען 24 ארגומענטען, און איך האָב זיי געמוזט פערטיי-דיגען און מיט דיזען אופן איז די זאַך ארויסגעקומען קלאָר און ריכטיג". דאָך איז ר׳ אליעזר׳ס נאָמען געווען זעהר בעוואוסט; זאָגאַר פון בבל פלעגט מען צושיקען צו איהם פערשיידענע פראַגען. די תלמידים פון ר׳ יוחנן׳ס אַקאַ-דעמיע האָבען פערברייטערט דעם תלמוד ירושלמי איבער אַלע ישיבות, וועלכע זיי האָבען געגרינדעט אין פערשיידענע שטעדט פון ארץ ישראל. זייער טעטיגקייט האָט געדויערט פון 280 ביז 315.

נאָך דעם טויט פון ר׳ אליעזר בן פדת זיינען געוואָרען די הויפט־פיהרער פון דער אַקאַדעמיע אין טבריה ר׳ א מ י און ר׳ א ס י, וועלכע זיי-נען געקומען פון בבל אין טבריה. צו זיי איז צוגעקומען אַ דריטער, ר׳ ח י י א ב ר א ב א, וועלכער האָט צוליב זיין אָרימקייט געמוזט אָננעהמען אַ שטעלע פון אַ משולח צו פאָהרען איבער׳ן לאַנד קלייבען נדבות פיר די ישיבה און פיר דעם נשיא.

איינער פון די וויכטיגסטע אמוראים פון ר׳ יוחנן׳ס אַקאַדעמיע איז געווען ר׳ א ב ה ו, וועלכער האָט געוואוינט אין קיסריה, וואו דער רוי-מישער שטאַטהאַלטער פון פאַלעסטינאַ האָט געהאַט זיין רעזידענץ. אין קיסריה איז דאַמאָלס געווען אַ גרויסע אידישע געמיינדע, וואו ר׳ אבהו איז געווען דער הויפט און ריכטער. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען גרויס אין תורה, האָט ער אויך בעזעסען פיעל וועלטליכע בילדונג. ער האָט גערעדט אַ שענע גריכישע שפּראַך און איז געווען אַ גרויסער רעדנער. ער איז שטאַרק בעפריינדעט געווען מיט די רוימישע בעאַמטע און די רוימישע מאַטראָנעס האָבען איהם הויך געשעצט. ער האָט זיין טאָכטער אויך געגעבען אַ וועלט-ליכע בילדונג, ווייל פיר אַ פרוי איז וועלטליכע בילדונג אַ צירונג, האָט ער זיך פערענטפערט פאַר די אָרטהאָדאָקסישע געלעהרטע, וועלכע האָבען עס איהם פאָרגעוואָרפען.

די בעלי אגדה. ניט אַלע אידישע געלעהרטע פון יענער צייט האָ-בען זיך בעשעפטיגט אויסשליסליך מיט פאָרשען די הלכה (די געזעצען פון דער אידישער רעליגיאָן). עס האָבען זיך געפונען פיעלע, וועלכע האָבען גע-

שטודירט די ביבעל מיט'ן צוועק אויסצופאָרשען די ערהאבענע מאָראַל, וואָס זי ענטהאַלט אין זיך. דיזע געלעהרטע האָבען זיך דאַמאָלס גערופען „רבנן דאגדתא" און האָבען זיך מעהרסטענס אויסגעצייכענט מיט דער רעדע־קונסט. פון די בעריהמטעסטע צווישען זיי איז געווען ר' ש מ ל א י, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט אַלע געבאָטען און פערבאָטען פון דער תורה און האָט אויסגעפונען, דאָס די צאָהל פון די אַלע איז 613 (תרי"ג מצוות), 248 (רמ"ח) מצות עשה, געבאָטען, וואָס אַ איד דאַרף טאָן, און 365 לא תעשה, פערבאָטען, וואָס אַ איד טאָר ניט טאָן. דיזע אַלע געבאָטען און פערבאָטען האָבען דעם צוועק צו מאַכען דעם אידען העכסט מאָראַליש. די אַנדערע בעריהמטעסטע בעלי אגדה זיינען געווען: ר' ש מ ו א ל ב ר נ ח מ ן, ר' ל ו י ב ר ח מ א און ר' א ב א ב ר כ ה נ א. דיזע דרשנים האָבען פראָטעסטירט געגען דעם, וואָס אידישע יונגע לייט האָבען אָנגעהויבען בעזוכען טהעאטערן און צירקען און האָבען געמאַכט פאַרווירפען די אידישע מוטערס, וואָס זיינען געווען גלייכגילטיג צו דער ערציהונג פון זייערע קינדער.

דיזע דרשנים האָבען אין יענער צייט געהאַט אָפטע דיספּוטען מיט די קריסטליכע געלעהרטע, וועלכע האָבען געזוכט צו בעווייזען פון דער ביבעל, דאָס די קריסטליכע רעליגיאָן איז פאָרויסגעזאָגט פון די נביאים. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי האָבען דערביי פערקריפּעלט דעם וואַהרען זין פון די פסוקים, אום זיי זאָלען קענען בעווייזען זייערע בעהויפּטונגען. אָבער די בעלי אגדה האָבען זיי בעוויזען פון תנ"ך די פאַלשקייט פון זייער גלויבען. אַזוי האָט זיי ר' אבהו ציטירט דעם פסוק אין ישעיה: „אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלהים" — „איך בין דער ערסטער", ד. ה. איך האָב ניט געהאַט קיין פאָטער, „ואני אחרון", „און איך בין דער לעצטער", ד. ה. איך האָב ניט געהאַט און האָב ניט און וועל ניט האָבען קיין זוהן. דיזע דיספּוטען זיינען געווען מעגליך, ווען די קריסטליכע אמונה איז נאָך ניט געווען די הערשענדע. אָבער באַלד ווי קאָנסטאַנטין האָט אָנערקענט דעם קריסטליכען גלויבען אַלס דעם הערשענדען, האָבען שוין די אידישע געלעהרטע מעהר ניט געהאַט די פרייהייט אַזוי אָפען צו בעווייזען עטוואָס געגען דיזער רעליגיאָן.

## טז. דער אידישער צענטער אין בבל.

די פּאַרטהער און די ניי־פּערסישע הערשאַפט. די פּאָליטישע לאַגע פון די אידען אין בבל, וואו די פּאַרטהער האָבען דאַמאָלס געהערשט, האָט

זיי געגעבען די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען פריי און זעלבשטענדיג. זיי האָבען דאָרט געהאַט פאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע: אייגענע געריכטס־הייזער, אייגענע אדמיניסטראַטיווע בעאַמטע, זאָגאר אַן אייגענעם פירסט, א „ריש גלותא". זיי האָבען זיך דאָרט בעשעפטיגט מיט אַקערבוי, פיהצוכט, פערשיידענע מלאכות און מסחר. די הויפּט־שטעדט, אין וועלכע די בעפעלקערונג איז בעשטאַנען כמעט אויסשליסליך פון אידען, זיינען געווען: נ ה ר ד ע א, פּ ו מ ב ד י ת א, ס ו ר א (אָדער מ ת א מ ח ס נ א) ביים טייך פּרת, און מ ח ו ז א ביים טייך חדקל (טיגרים). אָבער עס האָבען זיך געפונען פיעלע אידען אויך אין אַנדערע שטעדט.

עס האָט זיך אָבער באַלד געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרענים אין דער פּאָליטיק פון בבל, און די אידען האָבען שטאַרק געליטען פון דיזער איבערקעהרענים. די בבליים האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען די קעניגען פון די פּאַרטהער, וועלכע זיינען געווען אויסלענדישע, און האָבען צוריק אַרויפגעבראַכט אויף'ן פּערסישען טראָן די אַלטע דינאַסטיע סאַסאַנידען. איינער פון דיזער דינאַסטיע, אַרדאשיר, האָט ערמאָרדעט דעם קעניג פון די פּאַרטהער אַרטאַבאַן און האָט פערכאַפּט דעם טראָן. דער נייער קעניג האָט צוריק איינגעפיהרט דעם אַלטען פּערסישען גלויבען אין אָרמוזד, דעם גאָט פון ליכט, און האָט געגעבען פיעל מאַכט די מאַגיער, די פּריסטער פון דיזען גלויבען. זייער ערסטע אַרבייט איז געווען צו דריקען אַלע אַנדערע גלויבענס־גענאָסען, צווישען זיי אויך די אידען. מען האָט פון די אידען צוגענומען פיעל פון זייער אויטאָנאָמיע און מען האָט זיי ניט דערלאָזען צו קיין בירגערליכע עמטער.

אָבער דיזע אונטערדריקונג האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. די אידען אין בבל זיינען דאַמאָלס געווען אַ מאַכט, מיט וועלכער מען האָט זיך געמוזט רעכנען. דער צווייטער קעניג פון די נייע פּערסיער, שבור דער 1טער, איז געווען פיעל בעסער צו אידען ווי זיין פאָרגעננגער. דיזער קעניג איז געווען זעהר גוט בעפריינדעט מיט דעם אידישען חכם פון יענער צייט, ר' שמואל'ן, וועלכער איז געווען דער רעקטאָר (ראש ישיבה) פון דער בעוואוסטער אקאַדעמיע אין נהרדעא. אָבער שבור דער 1טער איז פערוויקעלט געוואָרען אין אַ קאַמף מיט די רוימער. אָנפאַנגס האָט ער בעזיגט די רוימער און האָט זאָגאַר גענומען אין פּלען דעם רוימישען קיסר וואַלעריאַנוס. אָבער דער הערשער פון פּאַלמירא, אָדענאַט, איז געקומען די רוימער צו הילף, איז בעפאַלען בבל, האָט צושטערט נהרדעא, און די גאַנצע ישיבה איז חרב געוואָרען.

דער קעניג שבור דער 2טער (309—379) האָט צוריק אָפּגענומען פון די רוימער די פּראָווינצען, וואָס זיי האָבען צוגענומען פון איהם, ער האָט פערפאָלגט די קריסטען פון יענע לענדער און איז געווען אויך פיינדליך צו אידען. נאָר זיין מוטער איפרא הורמיז איז געווען גוט צו אידען און האָט זיי בעשיצט ווי ווייט זי האָט געקענט. אָבער די אונפריינדליכע בעציהונגען פון די הערשער צו די אידען האָבען ניט געקענט זעהר פיעל שאַדען זייער פּאָ-ליטישען און עקאָנאָמישען צושטאַנד. זיי זיינען דאָרט געווען צו פעסט איינגעוואָרצעלט, דאָס דער ווילען פון די הערשער זאָל קענען צו פיעל אונ-טערגראָבען זייער עקסיסטענץ און אָפּנעהמען פון זיי זייער אויטאָנאָמיע.

דער ריש גלותא (עקזילאַרך). דאָס אַמט פון אַ ריש גלותא (דער הויפּט איבער די גלות-אידען) איז אין בבל געווען זעהר אַלט. די זאַגע ער-צעהלט, דאָס ווען די אידען זיינען פערטריבען געוואָרען אין בבל האָבען זיי שוין דאָרט געהאַט מיט דער ערלויבנים פון דער באַבילאָנישער רע-גירונג אַן אויבער-הויפּט איבער אַלע אידישע געמיינדעס, וועלכע האָבען זיך געגרינדעט פון די פערטריבענע אידען. דיזער אויבער-בעאַמטער איז געווען פון דער אידישער קעניגליכער דינאַסטיע (פון בית דוד), פון דער פאַמיליע פון דעם פערטריבענעם קעניג יהויכין. אין דער צייט פון דעם צווייטען טעמפּעל ווייסען מיר לחלוטין גאָר ניט וועגען די ריש גלותא'ס אין בבל. ערסט אין שפּעטערע צייטען, ווען חנניה האָט געגרינדעט אין בבל אַ בעזונדער סנהדרין, האָט ער געהאַט אויף זיין זייט אַ געוויסען בעאַמטען נ ח ו נ י א, וועלכער איז געווען פריהער אַן עקזילאַרך (ריש גלותא). אין דער צייט פון ר' שמעון בן גמליאל'ס נשיאות איז דער אב בית דין אין סנהדרין געווען ר' נתן הבבלי פון דער פאַמיליע פון דעם ריש גלותא אין בבל. אין יהודה הנשיא'ס צייט איז בעריהמט געווען דער ריש גלותא מ ר ה ו נ א, וועלכען מען האָט געבראַכט צום בעערדיגען אין ארץ ישראל. פון דיזער צייט אָן ווייסען מיר פיעל גענויערעס וועגען די ריש גלותא'ס אין בבל. דאָס אַמט פון אַ ריש גלותא איז געווען בירושה פון פאָ-טער צום זוהן, נאָר די רעגירונג האָט עס בעדאַרפט בעשטעטיגען. זיינע קליידער זיינען געווען אַ זיידענער מאַנטעל מיט אַ גאָלדענעם גאַרטעל. ער פלעגט זעהר אָפט האָבען אַן אוידיענץ ביים קעניג. אין אַלגעמיין האָט דער ריש גלותא געפיהרט אַ לעבען פון אַ פירסט און ער האָט געהאַט איבעראַל גרויס כבוד, ווי עס האָט געפּאַסט צו זיין גרויסען אַמט. ביים לייענען די תורה פלעגט מען איהם ניט רופען צו דער תורה, נאָר מען פלעגט די תורה צוטראָגען צו איהם.

די מאַכט פון עקזילאַרך איז געווען זעהר גרויס און פערשיידען. ער איז געווען דער העכסטער ריכטער איבער אידען אין לאַנד, איבער ציוויל- און קרימינאַל-פּראָצעסען. ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו בעשטראָפען פיר ניט פאָלגען זיינע בעפעהלען, זאָגאַר קערפּערליך. ער איז אויך געווען דער הויפּט-אַדמיניסטראַטאָר איבער אַלע זאַכען אין אידישען לעבען. ער האָט בעשטימט אויפזעהער אויף די מערק, וועלכע האָבען אַכטונג געגעבען אויף מאָס און וואָג, אויף פּרייזען און ד. גל. די רעגירונג האָט די אידען ניט גע-שטערט אין אַלע דיזע זאַכען, און דעריבער זיינען זיי אין בבל געשטאַנען פיעל העכער אין אַלע הינזיכטען פון די אידען אין ארץ ישראל, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער'ן דרוק פון די רוימער.

רב און שמואל. די זיילען, אויף וועלכע עס איז געגרינדעט געוואָרען די גרויסקייט פון די ישיבות אין בבל, זיינען געווען די צוויי געלעהרטע ר ב און ש מ ו א ל. דיזע צוויי גדולים זיינען געבאָרען געוואָרען אין בבל. אָבער דאָרט האָבען זיי ניט געהאַט די מעגליכקייט צופרידענשטעלען זייער פערלאַנג צום שטודירען. זיי זיינען ביידע אַוועק אין ארץ ישראל צו ר' יהודה הנשיא. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ר' יהודה האָט זיך בעשעפטיגט מיט'ן צוזאַמענשטעלען די „משנה". דיזע צוויי יונגע לייט, זיינען דאָרט באַלד געוואָרען זעהר בעריהמט. זייער וואונש איז אָבער ניט געווען צו בלייבען אויף אימער אין ארץ ישראל, נאָר ענדליך זיך צוריקקעהרען אין זייער היים, אין בבל, און דאָרט גרינדען לעהר-הייזער פון דעם זעלבען סאָרט, ווי די ישיבות אין ארץ ישראל.

אַן ערך אין יאָהר 210 נ. קר. האָבען זיך דיזע צוויי חכמים צוריקגע-קעהרט נאָך בבל. דאָרט, אין נהרדעא, איז רב די ערסטע צייט געוואָרען אַ מתורגמן (ד. ה. אַן ערקלערער פון די דרשות, וואָס דער ראש הישיבה האָט געזאָגט) ביי ר' שילא'ן. די תלמידים פון דער ישיבה האָבען באַלד דערזעהן, דאָס דער מתורגמן רב איז פיעל מעהר געלערנט פון ר' שילא'ן. ווען דיזער איז געשטאָרבען האָט מען רב'ן געוואָלט מאַכען פיר אַ ראש הישיבה, אָבער ער האָט עס ניט אָנגענומען און האָט אָפּגעטרעטען זיין כבוד צו זיין חבר שמואל'ן, און ער האָט אָנגענומען אַ שטעלע פון דעם עקזילאַרך אַלס קרייז-אינספּעקטאָר אַכטונג צו געבען אויף ריכטיגע וואָג, מאָס און פּרייזען פון שפּייז. אַרומפאָהרענדיג איבער דער פּראָווינץ אַלס אינספּעקטאָר האָט זיך רב בעקאַנט געמאַכט מיט דעם שלעכטען רעליגיעזען צושטאַנד פון דעם עולם אין די קלענערע ערטער. ער האָט צ. ב. אין איין אָרט געהערט, ווי אַ אידי-שע פרוי פרעגט די אַנדערע, ווי פיעל מילך מען ברויכט צו אַ פונט פליש,

דאַס האָט איהם איבערצייגט, דאַס זיי האָבען גאָר קיין אידעע ניט פון דעם איסור פון בשר בחלב. ער האָט געפונען פיר נעטיג צו גרינדען אַ שולע אין סורא אום צו פערברייטערן אידישע קענטניס אין לאַנד (219). די שול אָדער ישיבה האָט באַלד צוגעצויגען אַ גרויסע צאָהל תלמידים, פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָט בעקומען שטיצע פון רב'ן זעלבסט, ווייל ער האָט געהאַט גענוג מיטלען דערצו. אויסער זיינע לעקציעס צו זיינע תלמידים פלעגט ער צוויי מאָל אַ יאָהר, אין אדר און אין אלול, האַלטען לעקציעס פאַר'ן פאָלק, וועלכעס פלעגט אָנקומען פון פיעלע ערטער צו הערען איהם. רב איז געווען אַ גרויסער בעל אגדה (דרשן) און אַ רעליגיעזער פאָעט. ער איז דער פערפאַסער פון די תפלות פון מוסף ראש השנה: מלכיות, זכרונות, שופרות. דאָס פאָלק האָט איהם זעהר געשעצט און האָט איהם גערופען ניט אַנדערש ווי ר ב (זיין אייגענטליכער נאָמען איז געווען א ב א א ר י כ א). ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 247, און דאָס פאָלק האָט נאָך איהם געטרויערט 12 חדשים.

רב'ס חבר, ש מ ו א ל, וועלכער האָט זיך אויך גערופען י ר ח י נ א י, איז געווען דער רעקטאָר אין דער אַקאַדעמיע אין נהרדעא. אויסער זיינע אידישע לומדות, האָט ער בעזעסען די קענטניס פון מאַטהעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, נאַטור־וויסענשאַפט און מעדיצין. ער איז געווען רבי יהודה הנשיא'ס הויז־דאָקטאָר. איבערהויפּט איז ער געווען אַ גוטער אָקוליסט (אויגען־ארצט). פּראָפעסאָר דרעפּער שרייבט אין זיין ווערק „די געשיכטע פון דער גייסטליכער ענטוויקלונג אין אייראָפּאַ", דאַס אין אויג געפינט זיך אַ נערוו, וואָס טראָגט דעם נאָמען „סאַמועל", וואָס שמואל האָט אויסגעפונען און בעשטימט זיין פונקציע (ד. ה., וואָס ער טוט פיר דאָס אויג). דערצו איז ער געווען אַן אויסגעצייכענטער יוריסט. פון איהם שטאַמט דער פּרינציפּ „דינא דמלכותא דינא", די געזעצען פון יעדען לאַנד זיינען געזעצען, וועלכע אַלע איינוואוינער זיינען פערפליכטעט צו פאָלגען, און ניט זיך ריכטען נאָך אייגענע געזעצען.

שמואל איז געווען גוט בעפריינדעט מיט דעם נייעם קעניג פון דער דינאַסטיע סאַסאַנידען, שבור דעם 1טען. ער האָט ניט מורא געהאַט צו לערנען וויסענשאַפטען פון די פּערסישע מאַגיער, הגם זיי זיינען געווען גרויסע פאַנאַטיקער אין זייער רעליגיאָן. אין אַלגעמיין איז ער געווען אַ מענש מיט פרייע געדאַנקען. אַזוי צ. ב. האָט ער געזאָגט, דאָס קיין גרויסע וואונדער איז ניט צו ערוואַרטען אין משיח'ס צייטען. דאָס בעסטע, וואָס אידען קענען ערוואַרטען פון יענער צייט איז — זיין פריי און אָפּהענגיג פון אַן אַנדער

רעגירונג. עס קען זיין, אז דאָס איז די אורזאַך וואָרום דער תלמוד זאָגט הלכה כרב באיסורי, דאָס איז דינים, וואָס אָנבעטרעפען רעליגיאָנס־זאַכען, וואו רב און שמואל האָבען פערשיידענע מיינונגען, דאַרפען מיר זיך ריכטען נאָך דער מיינונג פון רב און שמואל. ער איז געשטאָרבען מיט צעהן יאָהר שפּעטער פון רב'ן (257).

נאָך שמואל'ן איז געוואָרען דער רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע אין נהרדעא ר' נ ח מ ן ב ן י ע ק ב. ער איז געווען נאָך זעהר יונג ווען ער האָט בעקומען די שטעלע. ער איז געווען דעם ריש גלותא'ס אַן איידים, זיין פרוי איז געווען די בעריהמטע י ל ת א, און דאָס האָט האָט איהם געהאָלפען צו ווערען רעקטאָר אויף שמואל'ס אָרט. אין ר' נחמן'ס צייט האָט זיך געטראָפען, דאָס אדענאַט האָט צושטערט די ישיבה פון נהרדעא, און ר' נחמן מיט זיינע תלמידים האָט געמוזט ענטלויפען נאָך מחוזא. רב נחמן איז געווען צו שטאָלץ געגען זיינע חברים און האָט זיי בעהאַנדעלט ווי אַן אויבער־בעאַמטער זיינע אונטערגעאָרדענטע. זיינע צייט־גענאָסען האָבען איהם אָנערקענט פיר אַ גרויסע אויטאָריטעט אין יורים־פּרודענץ, און עס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין דער פּראַקטיק איינינע זיינע רעפאָרמעס אין ציוויל־פּראָצעסען.

אין סורא איז דער עלטעסטער מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע נאָך רב'ס טויט געווען ר ב ה ו נ א. דיזער געלעהרטער איז אין דער יוגענד געווען אַן אַקערבויער. דיזע אַרבייט האָט ער פּאָרטגעזעצט אויך דאַן, ווען ער האָט בעקומען סמיכה אַלס געלעהרטער. מען פלעגט אויך דאַן זעהן, ווי ער געהט מיט'ן שופעל און מיט דער לאָפּעטע פון פעלד. שפּעטער איז ער רייך געוואָרען און איז געוואָרען רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע. דאַן האָט ער זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו דער וויסענשאַפט. ער האָט אויך גע־שטיצט פיעלע אָרימע ישיבה־לייט, אַזוי ווי רב, זיין פאָרגענגער. אַז ער איז געשטאָרבען האָט מען זיין קערפּער אַוועקגעפיהרט צו בעערדיגען אין ארץ ישראל, וואו די געלעהרטע האָבען איהם מקבר געווען מיט גרויס כבוד. נאָך איהם איז געוואָרען רב חסדא דער רעקטאָר פון דער אַקאַדעמיע אין סורא.

נאָך דעם, ווי נהרדעא איז צושטערט געוואָרען, האָט זיך געגרינדעט אַ נייער צענטער פיר תלמודישע וויסענשאַפט אין פומבדיתא. דער הויפּט־פיהרער פון דיזען נייעם צענטער איז געווען דער שאַרפזיניגער ר' י ה ו ד א ב ן י ח ז ק א ל, אַ תלמיד פון רב און שמואל. ער האָט ענטוויקעלט אין פומבדיתא די מעטהאָדע פון פלפול — דורך שאַרפזין, אויסצו'פשט'לען נייע געזעצען פון אַלטע, וועלכע האָבען זעהר ווענינ שייכות איינע צו די

אַנדערע. וועגען דיזער מעטהאָדע איז געווען אַ שפּריכוואָרט צווישען די חכמים, דאָס די תלמידים אין פּומבדיתא זיינען גרויסע בריות דורכצושפּאַרען אַ העלפאַנד דורך דאָס לעכעל פון אַ נאָדעל.

די דריטע גרופּע פון די אמוראים פון בבל האָט עקסיסטירט אין דער צייט פון 300 ביז 350 נ. קר. אין דיזער צייט איז די ישיבה אין פּומבדיתא געשטאַנען אויף איהר העכסטער שטופע פון בעריהמטהייט. זי האָט פיעל איבערגעשטיגען די ישיבה פון סורא. נאָך דעם טויט פון ר׳ יהודה בן יחזקאל איז געוואָרען רעקטאָר אין פּומבדיתא דער שאַרפזיניגער אמורא רבה בר נחמני. עס זיינען דאַמאָלס געווען צוויי קאַנדידאַטען אויף דיזעם אַמט: דער שאַרפזיניגער רבה בר נחמני און דער גרויסער בקי אין משניות און ברייתות ר׳ יוסף בן חייא. מען האָט אַנגעפרעגט ביי די חכמים פון ארץ ישראל, וועמען מען זאָל ערוועהלען, און זיי האָבען געענטפערט ר׳ יוסף׳ן, ווייל אין ארץ ישראל האָט מען וועניג געהאַלטען פון פּלפּול. אָבער ר׳ יוסף האָט זיך ענטזאַגט אַנצונעהמען די שטעלע, ווייל ער האָט געוואוסט, דאָס די תלמידים, וועלכע זיינען געוועהנט צו פּלפּול, וועלען ניט צופרידען זיין מיט איהם. רבה בר נחמני האָט ווירקליך צוגעצויגען אַ גרויסע מאַסע מענשען צו דער ישיבה. ער איז געווען אַ בעגאַבטער פּאַרלעזער. ער פלעגט געברויכען אין זיינע לעקציעס אַ וויץ, אַ לעגענדע, אַ משל און האָט דערמיט צוגעצויגען אַ גרויסע צאָהל סטודענטען און אַזוי צוהערער. מען ערצעהלט, דאָס עס זיינען געווען צייטען, ווען ער האָט געהאַט 12,000 צוהערער. דאָס האָט די פּערסישע רעגירונג ניט געוואָלט ליידען, ווייל די לייט, וואָס האָבען זיך איבערגעגעבען צום לערנען, האָבען ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען זייערע שטייערן צו דער רעגירונג, און זי האָט אָנגעהויבען צו פערפאָלגען רבה בר נחמני׳ן. ער האָט געמוזט ענטלויפען און זיך בעהאַלטען אין זומפּיגע ערטער, וואו ער איז זייענדיג נע ונד געשטאָרבען פון צרות.

דאַן האָבען די בני הישיבה ערוועהלט רב יוסף׳ן אַלס רעקטאָר. אָבער מיט איהם האָט זיך געטראָפען אַן אונגליק: ער איז קראַנק געוואָרען און האָט פערלאָרען זיין זכרון, און האָט פיעל פערגעסען פון זיינע בקיאות. די תלמידים און די געלעהרטע האָבען אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ שברי כלי. איהם האָט עס זעהר געקרענקט און ער האָט געזאָגט: „הזהרו בזקן ששכח תלמודו, כי לוחות ושברי לוחות מונחות בארון" — „פערלירט ניט דעם רעספּעקט צו אַ מאַן, וואָס האָט פערגעסען זיינע בקיאות, אין ארון הקודש זיינען אויך געלעגען די צובראָכענע לוחות צוזאַמען מיט די גאַנצע".

די העכסטע שטופע פון דער מעטהאָדע פון פּלפּול האָבען **די ישיבות** פון פומבדיתא און מחוזא דערגרייכט אין דער צייט פון **א ב י י** און **ר ב א**, פון וועלכע דער ערסטער איז געווען רעקטאָר (ראש ישיבה) **אין פומבדיתא** און דער צווייטער — אין מחוזא. זייער מעטהאָדע פון פּלפּול **איז בעקאַנט** אין תלמוד אונטערן נאָמען „הוויות דאביי ורבא". רבא האָט גענומען אַנטייל אויך אין געמיינדע־אַנגעלעגענהייטען און האָט פיעלע מאָל געגעבען מתנות דעם קעניג שבור דעם 2טען, וועלכער האָט געוואָלט אָפּנעהמען **ביי** די אידען אייניגע פון זייערע רעכטען. צום גליק איז דעם קעניג'ס מוטער איפרא הורמיז געווען אַ פריינדין פון אידען און האָט ניט דערלאָזען איהר זוהן זיי טאָן שלעכטס. באַלד נאָך רבא'ס טויט האָט מחוזא געטראָפען אַ גרויסער אונגליק. דער רוימישער קיסר יוליאַנוס האָט פערפיהרט אַ מלחמה מיט'ן פערסישען קעניג שבור דעם 2טען און אין דיזער מלחמה איז מחוזא צושטערט געוואָרען.

## יז. פּאַלעסטינאַ אונטער דער הערשאַפט פון די קריסטליכע קיסרים פון רוים און דער אונטערגאַנג פון דער נשיאות (312—395).

**קאָנסטאַנטין און קאָנסטאַנציוס.** אין אָנהויב פון 4טען יאָהרהונדערט האָט אַ נייער ווינט אָנגעהויבען בלאָזען אין דער וועלט־געשיכטע. די רוימישע רעגירונג, וועלכע האָט פריהער פערפאָלגט דאָס קריסטענטום, איז געוואָרען זיין פערטיידיגער און האָט דיזע רעליגיאָן געמאַכט צו זיין די הערשענדע. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי די קריסטען האָבען געהאָלפען דעם קיסר קאָנסטאַנטין דעם גרויסען צו בעזיגען זיין מיט־רעגירער מאַקסענציוס (312) און נאָכדעם דעם צווייטען מיט־רעגירער ליציניוס (323), און ער איז געוואָרען מיט זייער (קריסטליכער) הילף אַ זעלבשטענדיגער קיסר. קאָנסטאַנטין, וועלכער האָט אין דער ערסטער צייט פון זיין רעגירונג געגעבען גלייכע רעכטען צו אַלע איינוואוינער פון זיין אימפּעריע, אויך צו די אידען, איז שפּעטער געוואָרען זעהר שלעכט צו זיי און האָט אָנגעהויבען זיי צו פערפאָלגען. איבערהויפּט האָט זיך אָנגעפאַנגען די שלעכטע בעהאַנדלונג צו די אידען זינט דער בעריהמטער בישאָף אייזעביוס האָט בעקומען גרויס איינפלוס אין קייזערליכען הויף. דאַן האָט מען אידען פערוועהרט אָנצונעהמען גרים, און מען האָט אָנגעהויבען צו בעשיצען אידישע משומדים. די אידען האָבען ניט געטאָרט מעהר מל זיין זייערע קנעכט פון אַנדערע פעלקער.

די קריסטליכע קירכע האָט אַלעס געטאָן אום זיך צו דערווייטערן פון די אידען. די פערזאַמלונג פון קירכליכע גייסטליכע אין ניקאָאַ (325) האָט

בעשלאָסען איבערצוטראָגען זייער פסח אויף אַן אַנדער טאָג, ער זאָל ניט אויסקומען אין איין צייט מיט דעם אידישען, ווי עס איז געווען פריהער, ווייל עס פּאַסט ניט פיר דאָס קריסטענטום צו פייערן זייער הייליגען פסח צוזאַמען מיט דער „אונריינער, פערדאָרבענער אידישער סעקטע". קאָנסטאַנטין'ס זוהן, דער דעספּאָט קאָנסטאַנציוס, האָט פערבאָטען אידען צו הייראַטען מיט קריסטען (339), און האָט זיי פערבאָטען צו האָבען קריסטען אַלס קנעכט. די קירכע האָט דיקטירט אַלע סאָרטען בעשרענקונגען פיר אידען.

דער האַס צווישען דער קירכע און דער סינאַגאָגע איז געוואָרען שטאַרקער און שטאַרקער. אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון קאָנסטאַנטין דעם גרויסען איז ירושלים געוואָרען אויס „אֶליאַ קאַפּיטאָלינאַ", ווי אַדריאַנוס האָט זי געהייסען אָנרופען, נאָר זי איז צוריק געוואָרען די הייליגע ירושלים, אָבער הייליג ניט פיר אידען, נאָר פיר קריסטען, ווייל דאָרט, ווי זיי זאָגען, געפינט זיך דער קבר פון יעזוס'ן. די קריסטען האָבען אויסגעבויט אַ קירכע אויף'ן הר הזיתים, וואוהין עס האָבען אָנגעהויבען קומען זעהר פיעלע פּילגרימער (עולי רגל) פון די קריסטען. די אידען איז אַלץ נאָך געווען פערבאָטען אַריינגעהען אין ירושלים, נאָר איין מאָל אין יאָהר, אום תשעה באב, האָט מען זיי ערלויבט אריין אין ירושלים צו בעוויינען דעם חורבן בית המקדש, ווייל די קריסטען האָבען דערפון הנאה געהאַט. דערפאַר אָבער האָבען די אידען געמוזט בעצאָהלען.

אין יענער צייט האָבען אָנגעהויבען ערשיינען משומדים ביי אידען, וועלכע האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום, ווייל עס האָט זיי געגעבען רעכטען און פּריווילעגיעס. איינער פון דיזע משומדים איז געווען אַ געוויסער יוסף, וועלכער איז פריהער געווען אַ משולח פון דעם נשיא ר' יהודה דינם 3טען צו זאַמלען געלט פיר די ישיבות אין ארץ ישראל. ער איז געוואָרען אַ מקורב למלכות און האָט געקריגען הילף פון קיסר קאָנסטאַנטין צו בויען אַ קירכע אין טבריה און האָט דאָרט פערשאַפט די אידען אַ סך צרות. אום נושא חן צו זיין ביי די קריסטליכע גייסטליכע האָט ער אויסגעקלערט, דאָס דער נשיא ר' יהודה דער 3טער האָט פאַר זיין טויט אָנגענומען דאָס קריסטענטום.

**דער אויפשטאַנד אין צפורי ; הלל דער 2טער.** די אידען אין ארץ ישראל האָבען באַלד דערפיהלט דעם דרוק פון דער קירכע, וועלכע האָט אַלעס געטאָן אום צו שאַדען און שטערען זייער רעליגיעזען לעבען. דער קיסר קאָנסטאַנציוס האָט דאַמאָלס געפיהרט קריג מיט פּערסיען. פיעלע פון די סאָלדאַטען האָט ער געהאַלטען אין ארץ ישראל, ער האָט זיי צושטעלט אין אי-

דישע הייזער, און האָט געצוואונגען די אידען זיי זאָלען זיי געבען עסען. דערצו האָט מען זיי געצוואונגען באַקען פיר די סאָלדאַטען ברויט אום שבת און אום פסח. אויסער דער לאַסט פון אויסהאַלטען די אַרמעע, האָט די רוי-מישע רעגירונג בעשווערט מיט קאָפּ-שטייער און אַנדערע אָפּגאַבען. די ליי-דען פון די אידען זיינען געוואָרען אונערטרעגליך און די איינוואוינער פון צפורי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד. עס פערשטעהט זיך, דאָס די רוימער האָבען דעם אויפשטאַנד גיך דערשטיקט, און טויזענדער פון די אידען האָבען פערלאָרען זייערע לעבענס (352).

דיזער אויפשטאַנד האָט פערגרעסערט די אונטערדריקונג פון די אידען אין ארץ ישראל. דער נשיא (פּאַטריאַרך) און די סנהדרין האָבען פיעל פער-לאָרען פון זייער מאַכט. דאַמאָלס האָט דער נשיא **ר' הלל דער 2טער**, דער זוהן פון ר' יהודה הנשיא דעם 3טען, אויפגעטאָן אַ וויכטיגע נייעס פיר די אַלע אידען אין די גלות-לענדער — ער האָט פערפאַסט אַ לוח און האָט אויסגעאַרבייט אַ מעטהאָדע ווי יעדער איינער זאָל קענען פערפאַסען אַ לוח, מען זאָל וויסען ריכטיג ווען איז דער ריכטיגער טאָג פון יעדען ראש חודש און ווען עס מוזען אויסקומען די אידישע ימים טובים. דיזע מעטהאָדע האָט ער צוגעשיקט צו אַלע אידישע געמיינדעס אין די גלות-לענדער. פון דאַמאָלס אָן זיינען די אידישע געמיינדעס אין אַלע לענדער שוין מעהר ניט אָפּהענגיג געווען פון פּאַטריאַרך און פון די סנהדרין אין ארץ ישראל, אום צו וויסען ווען עס קומען אויס די ריכטיגע טעג פון די אידישע ימים טובים. אין יענער צייט איז עס געווען אַ זעהר וויכטיגער שריט פיר דאָס אידישע פאָלק. ווייל צוליב די מלחמות, וואָס די רוימער האָבען געפיהרט מיט די פערסיער האָט די רוימישע רעגירונג פערבאָטען יעדע קאָמוניקאַציאָן צווי-שען די אידען אין ארץ ישראל און אין בבל, און דעריבער האָבען די אידען אין די גלות-לענדער ניט געוואוסט, ווען די ריכטיגע טעג פון די ימים טובים קומען אויס, און דער לוח האָט זיי געמאַכט אונאָפּהענגיג פון ארץ ישראל.

**יוליאַנוס דער אַפּאָסטאַט.** אויף אַ קורצע צייט האָבען די אידען אין ארץ ישראל פריייער אָפּגעאָטעמט. דאָס איז געווען די צייט, וואָס יוליאַנוס, דער ברודער פון קאָנסטאַנציוס, איז געווען הערשער אין רוים (361—363). די קריסטליכע קירכע רופט אָן יוליאַנוס'ן מיט'ן נאָמען „אַפּאָסטאַט" (דער משומד). ער איז געווען אַ פילאָזאָף, פריינעזאָנען, און האָט פיינט גע-האַט דאָס קריסטענטום תכלית שנאה, און מעהר פון אַלעם די קירכע מיט איהרע שטרעבונגען צו דריקען אַלע רעליגיאָנען און זיין אַליין די הערשענדע רעליגיאָן ניט נאָר איבער די גייסטער, נאָר אויך איבער די קערפּערס און האָב

און גוטס פון אַלע מענשען פון דער וועלט. ער איז געוועזן בעזונדערס געניינט צום יודענטום, און האָט געזוכט צו פערבעסערן די לאַגע פון די אידען.

אין יאָהר 362 האָט ער צושיקט בריף צו די אידישע געמיינדעס אין ארץ ישראל און אין די פּראָווינצען פון דער רוימישער אימפּעריע. אין דיזען בריף שרייבט ער אַזוי: „צו די אידישע געמיינדעס. עס איז שווער אַי-בערצוטראָגען דעם יאָך פון אָפּהענגיגקייט, אָבער פיעל שווערער איז פיר אייך איבערצוטראָגען די לאַסט פון שווערע, ספּעציעלע שטייערן, מיט וועלכע מען האָט אייך אימער בעשווערט. דערצו האָט מען נאָך אייך בעליידיגט מיט שענדליכע נעמען („די אונעהרליכע גאָטלאָזע סעקטע"). איך האָב דע-ריבער אַליין צושטערט די ליסטען, אין וועלכע איהר זייט בעלעסטיגט מיט פערשיידענע אָפּגאָבען, דאָס קיינער זאָל מעהר ניט האָבען די מעגליכקייט אייך אויף ווייטער צו בעלעסטיגען מיט פערשיידענע ספּעציעלע שטייערן. איך האָב געשריבען צו מיין ברודער יולאָס (הלל), אייער פּאַטריאַרך, און האָב איהם פערזיכערט, דאָס איך וויל באמת אייך פערשאַפען רוה, אום איהר זאָלט מיט'ן גאַנצען הארצען קענען גאָט בעטען אין אייער היילינער שטאָדט ירושלים אין דעם היילינען טעמפּעל אייערן, וועלכען איך האָב בע-שלאָסען צוריק אויפצובויען אויף מיינע הוצאות. דאָרט וועל איך מיט אייך צוזאמען דאנקען גאָט פיר די חסדים, וואָס ער טוט מיט אונז".

יוליאַנוס האָט באַלד געשיקט נאָך ירושלים זיין פריינד אַליפּיוס מיט דער פולמאַכט צוריק אויפצובויען ירושלים און דעם בית המקדש. דערביי האָט ער געשריבען צו די בעאַמטע פון סיריען און פּאַלעסטינאַ, זיי זאָלען פון דער קייזערליכער קאַסע געבען די נעטיגע הוצאות דערצו. מען האָט שוין פּאָרבערייטעט אַ גרויסע מאַסע בוי-מאַטעריאַל צו דיזען בנין, זעהר פיעלע אַרבייטער זיינען געוועזן איינגעלאַדען און מען האָט שוין אָנגעהויבען אַפּראַמען די חורבות פון דעם צושטערטען בית המקדש, אום מען זאָל קענען אויף דעם זעלבען אָרט אָנהויבען בויען אַ נייעם בית המקדש. מערקווירדיג איז, דאָס אין די אידישע געשיכטליכע קוועלען פון יענער צייט ווערט ניט דערמאָהנט אין איינציגע זילבע וועגען דיזען פאַקט. מיר ווייסען נאָר פון אַנדערע קוועלען, דאָס פיעלע פון די אידען האָבען גערעכענט, דאָס זייער הילף, אויף וועלכע זיי האָבען אַזוי לאַנג געהאָפט, איז שוין געקומען און האָבען בייגעטראָגען וויפיעל זיי האָבען געקענט. פיעלע פרויען האָבען פער-קויפט זייער צירונג און אַוועקגעשיקט דאָס געלט צום בנין הבית, מאַנכע מע-נער האָבען זעלבסט אַנטייל גענומען אין דער אַרבייט. די פרומע קלאַס, ווי עס שיינט, האָט קיין אַנטייל ניט גענומען אין דיזער בעוועגונג, ווייל עס

איז געוועזן ביי זיי אין הארצען פעסט דער גלויבען, דאָס די אידישע גאולה מוז קומען בדרך נס, איבערנאַטירליך.

אָבער פון דעם גאַנצען עסק האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען צוליב דעם פאָלגענדען אונגליקליכען צופאַל: ווען די אַרבייטער האָבען זיך גענומען אַפּראַמען די שטיינער פון די חורבות פון דעם פערברענטען בית המקדש איז אַרויס אַ פייער פון אונטער די חורבות און האָט פערוואונדעט די אַרביי־טער. דאָס איז געוועזן אַ זעהר נאַטירליכע זאַך. די גאַזען, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אונטער די חורבות אין אַזאַ לאַנגער צייט, האָבען עקספּלאָדירט ווי זיי זיינען געקומען אין בעריהרונג מיט דער לופט. אָבער די פאַנאַטישע מאַסע האָט עס אָנגענומען פיר אַ צייכען פון הימעל, דאָס גאָט וויל ניט האָ־בען, דאָס אַ מענש, און דערצו אַ גוי, זאָל זיין דער אידישער ערלעזער. צום אונגליק איז יוליאַנוס גע'הרג'עט געוואָרען (363) פון אַ פייל,- וואָס, ווי מען ערצעהלט, אַ קריסטליכער סאָלדאַט פון זיין אייגענער אַרמעע האָט אין איהם אַריינגעשאָסען. און אַזוי איז פון זיין גאַנצער אידעע אומצוקעה־רען אידען זייער פרייהייט גאָר ניט געוואָרען.

טהעאָדאָסיוס דער 1טער און די קירכען־פּאַטערס. נאָך דעם טויט פון יוליאַנוס דעם אַפּאָסטאַט (אונגלויביגען) ביז דעם יאָהר 379, ווען טהע־אָדאָזיוס איז אַרויף אויף'ן קייזערליכען טראָן, איז די אידישע לאַגע געווען ערטרעגליך. די קירכע האָט דאַמאָלס געהאַט איהרע אינווענינגסטע צרות צו־ליב דער שפּאַלטונג פון די אַריאַנער, וועלכע האָבען געלייקענט אין די אַלע מעשיות פון יעזוס'ן, דאָס ער איז גאָט'ס זוהן, דאָס ער איז צוריק לעבעדיג געוואָרען און איז אַרויף אויף'ן הימעל. דיזע סעקטע, די אַריאַנער, איז געוועזן פיעל נעהענטער צום יודענטום. דער קיסר וואַלענטין איז זעלבסט געוועזן אַן אַריאַנער און איז געוועזן אַ שטאַרקער געגנער פון קאַטאָליציזם. אָבער דיזער צושטאַנד האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. די קאַטאָליקען האָבען ווידער אַריינגעכאַפּט די מאַכט אין זייערע הענט, און דאַן האָבען זיך איבער־אַ־נייס אָנגעהויבען די פערפאָלגונגען אויף די אידען.

טהעאָדאָסיוס דער 1טער (379—395) האָט נאָך ניט דערלאָזען, דאָס די קירכע זאָל האָבען די גאַנצע דעה אין דער רעגירונג. קוים איז די אידישע רעליגיאָן ניט געווען פערבאָטען פון געזעץ אַלס אַ שעדליכע, האָט זי געהאַט דאָס רעכט אָפּצוהאַלטען איהר געטליכען דינסט אָפען און קיינער האָט ניט גע־האַט דאָס רעכט זי צו שטערען. ער האָט דעריבער בעשטימט אַ גרויסע שטראָף פיר די פאַנאַטיקער, וועלכע האָבען זיך ערלויבט צו צושטערען אַ אידישע שול. אָבער די קאַטאָלישע קירכע האָט עס ניט געקענט פערטראָגען און האָט

געהאַלטען גיפטיגע פּרעדיגטען געגען די אידען און אַריאַנער און האָט גע-רייצט די מאַסען צו צושטערען אידישע שולען, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס דאָס געזעץ פערוועהרט עס זעהר שטרענג.

איבערהויפּט האָבען געאַרבייט אויף אַלע כלים געגען די אידען די הויכע קירכען־בעאַמטע, וועלכע זיינען בעוואוסט אין דער קירכען־געשיכטע אַלס די „קירכען־פּאַטערס", די הייליגע טאַטעס פון דער קירכע. אזוי האָט בעוויזען אַ שרעקליכע פיינדשאַפט צו אידען דער בישאָף אַמבראָזיוס פון מילאַן. דיזער האָט זאָגאר געהאַט אַ שטרייט מיט'ן קיסר טהעאָדאָסיוס וועגען דעם. אין דער שטאָדט קאַלליניק אין מעסאָפּאָטאַמיען (ארם נהרים) איז אַ קריסטליכע מאַסע בעפאַלען אַ אידישע סינאַגאָגע און האָט זי צו-שטערט. דער אָנפיהרער פון דיזער ווילדער מאַסע איז געווען דער עפּיסקאָפּ פון יענער שטאָדט. דער קיסר טהעאָדאָזיוס האָט געגעבען אַ בעפעהל מען זאָל שטרענג בעשטראָפען די פּאָגראָמשטשיקעס און דער עפּיסקאָפּ זאָל אויף זיין אייגענע רעכנונג אָפבויען אַ נייע סינאַגאָגע פיר די אידען אָנשטאָט דער צושטערטער. געגען דיזען בעפעהל האָט דער עפּיסקאָפּ אַמבראָזיוס געשריבען אַ זעהר שטאַרקען פּראָטעסט, אָבער דער קיסר האָט איהם גאָר ניט געענטפערט. ווען דער קיסר איז געקומען אין מילאַן, האָט דער הייליגער פאָטער געהאַלטען אין זיין אַנוועזענהייט אַ שאַרפע רעדע, אין וועלכער ער האָט גע'טענה'עט, דאָס עס איז אַ חלול השם צו צווינגען אַ קריסטליכען גייסטליכען צו בויען אַ אידישע סינאַגאָגע, אַן אָרט וואו אונגלויבען און אונ-עהרליכקייט הערשען. דער קיסר האָט געמוזט נאָכגעבען און דער בעפעהל איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. פון דאַמאַלס אָן האָבען זיך אָנגעהויבען אָפטע פּאָגראָמען אויף אידישע שולען און קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען.

אין דער זעלבער צייט איז אַן אַנדער הייליגער פון די קירכען־פּאָטערס, יאָהאַן כריסאָסטאָמאָס, אויפגעטרעטען געגען אידען און יודענטום. אין אַנטיאָכיא זיינען די קריסטען געווען זעהר פריינדליך צום יודענטום. זיי פלעגען אָפטער קומען אין אידישע שולען הערען די רעדעס פון אידישע פּרעדיגער, הערען שופר בלאָזען אום ראש השנה, זיין אַנוועזענד ביים דאַווענען אום יום כפור, פרייען זיך צוזאַמען מיט די אידען אום סוכות. זיי פלעגען געהן צו אַ אידישען ריכטער גיכער ווי צו אַ קריסטליכען, פלעגען רופען צו זייערע קראַנקע גיכער אַ אידישען דאָקטאָר איידער אַ קריסטליכען. דאָס האָט זעהר געקרענקט דעם הייליגען יאָהאַן און ער האָט געהאַלטען פייערדיגע רעדעס, אין וועלכע ער האָט אָנגערופען די אידישע סינאַגאָגע אַ נעכט פון רויבער, און האָט געזאָגט, עס איז אַ מצוה פיינט צו האָבען אַ אידען און עס

איז אַן עברה צו זיין גוט צו איהם. עס איז ווערט צו בעמערקען, דאָס דיזע ביידע הייליגע קירכען=פּאָטערס האָבען געהאַט אידישע לעהרער און האָבען זיך פיעל מאָל בענוצט אין זייערע רעדען מיט דער אידישער מאָראַל=לעהרע אין אגדתות און תלמוד, וועלכע האָבען זיך געבילדעט אין יענער צייט, נאָר זיי האָבען עס אַרויסגעגעבען פיר זייערע אייגענע געדאַנקען. עס האָט זיי ניט געפּאַסט צו שעפּען מאָראַל פון אידישע קוועלען.

דער אונטערגאַנג פון דער נשיאות. פון דער צייט, וואָס רוים איז געוואָרען אַ קריסטליכע רעגירונג, האָט די נשיאות אין ארץ ישראל מיט דער רעליגיעזער אויטאָנאָמיע אָנגעהויבען פאַלען. דאָס לאַנד ארץ ישראל איז געוואָרען קריסטליך, אויף יעדען שריט און טריט זיינען אויפגעוואַקסען קירכען און מאָנאַסטירען. אידען איז געוואָרען ענגער און ענגער; די רעכטען און פּריווילעגיעס פון די פּאַטריאַרכען (נשיאים) זיינען געוואָרען שמעלער און שמעלער. די נאָכפאָלגער פון דעם נשיא הלל דעם 2טען, ר' גמליאל דער 5טער און ר' יהודה דער 4טער (365—400), האָבען נאָך זיך גאָר ניט איבערגעלאָזען, וואָס זאָל ווערט זיין צו דערמאָהנען. די נשיאות האָט צום ענדע פון 4טען יאָהרהונדערט פערלאָרען יעדען ווערט און אין אָנפאַנג פון 5טען יאָהרהונדערט איז זי אָפיציעל אין גאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען.

מיט דער אָפּשאַפונג פון דער נשיאות האָבען אויך אָנגעהויבען פאַלען די אַקאַדעמיעס אין ארץ ישראל, און די אויטאָריטעט פון די געלעהרטע איז קלענער געוואָרען. די חכמים פון יענער צייט האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס דער מאַטעריאַל, וואָס איז אָנגעזאַמעלט געוואָרען פאַר ד'ער צייט פון ר' יוחנן בן נפחא ביז דעם מיטען פון 4טען יאָהרהונדערט וועט פערגעסען ווערען, און זיי האָבען בעשלאָסען צוזאַמענצונעהמען דיזען מאַטעריאַל, וועלכער האָט געדינט צו ערקלערען די משנה, און מאַכען דערפון אַן ענציקלאָפּעדיע אונטערן נאָמען גמרא ירושלמית אָדער תלמוד ירושלמי און עס אָרדנען נאָך די משנה'ס. נאָך יעדער משנה קומען די ערקלערונגען, וואָס זיינען נעטיג אום זי גרינדליך צו פערשטעהן. מיר האָבען נאָר תלמוד ירושלמי אויף פיער סדרים משניות: זרעים, מועד, נשים און נזיקין. אויף די לעצטע צוויי סדרים: קדשים, טהרות האָבען מיר ניט קיין תלמוד ירושלמי. דיזע אַרבייט פון צוזאַמענקלייבען דעם מאַטעריאַל פון די פריהערדיגע דורות, וועלכער האָט געדינט אַלס ערקלערונג צו דער משנה, האָט געדויערט אונגעפעהר 50 יאָהר (פון 350 ביז 400). די הויפּט=אַרבייטער אין צוזאַמענשטעלען דיזע ענציקלאָפּעדיע זיינען געוועזען: ר'

י ו ס י, ר' מ נ א און זיין חבר ר' י ו ס י ב ר א ב ו ן. דיזע חכמים האבען צוזאמענגענומען ניט נאר די הלכות און די ערקלערונגען אי-בער דער משנה, נאר זיי האבען אויך אריינגענומען פיעלע אגדות, דאס זיינען געווען דרשות, וועלכע זיינען געהאלטען געווארען אין די סינאגאגען פון געוויסע דרשנים אום שבת און יום טוב אדער אין א תענית צבור, מיט דעם צוועק צו בעלעהרען דאס פאלק אין מדות און אין מוסר און דרך ארץ.

## יח. די לעצטע יאהרען פון דעם רעליגיעזען צענטער אין ארץ ישראל און דער נייער צענטער אין בבל (395—628).

אלגעמיינער איבערבליק. אין יאהר 395 איז די רוימישע אימפעריע צוטיילט געווארען אויף צוויי מדינות: 1) די וועסטליכע אימפעריע און 2) די אסטליכע אדער ביצאנטינישע אימפעריע מיט דער הויפטשטאדט קאנ-סטאנטינאפעל. די קיסרים פון קאנסטאנטינאפעל האבען געהערשט אויף א גרויסען טייל פון מערב-אזיען און ארץ ישראל. א גרויסען טייל אין דער רע-גירונג פון קאנסטאנטינאפעל האבען געהאט די קריסטליכע גייסטליכע, וועלכע האבען גערעכענט, אז ארץ ישראל איז א הייליגעס לאנד פיר דאס קריסטענ-טום, ווייל דארט געפינט זיך „גאט'ס" קבר און די שטאדט נצרת, וואו גאט'ס זוהן איז געבארען געווארען. דאס אידישע פאלק איז געשטעמפעלט געווארען מיט'ן נאמען „גאט'ס מערדער". די פאנאטישע מאנאכען האבען איבעראל געברענט און צושטערט אידישע סינאגאגען. דאס קריסטענטום האט פיר קיין פאל ניט געקענט צולאזען, די אידישע רעליגיאן זאל האבען וועלכע עס איז מאכט אין לאנד און די נשיאות אין טבריה האט געמוזט אונטערגעהן.

דער צענטער פון יודענטום איז אריבער נאך בבל. דארט האבען די אידען געהאט א ברייטע אויטאנאמיע. און דאס יודענטום האט זיך שטארק ענטוויקעלט. זיי האבען אפילו אויך דארט אפט געליטען פון די פאנאטישע מאגיער, אבער די לייִדען זיינען געווען ניט קיין שטענדיגע, זיי זיינען ניט געווען סיסטעמאטיש אריינגעלעגט דורך די געזעצען פון לאנד, ווי דאס איז געווען אין דער ביצאנטישער אימפעריע אונטער די קריסטען. דעריבער האבען דארט, אין בבל, די אידישע חכמים געקענט פריי אויסבילדען דעם ת ל מ ו ד ב ב ל י, וועלכער איז געווארען דער פונדאמענט פון יודענ-טום אין דער גאנצער וועלט, און האט געדינט אלס דער בעסטער צעמענט צו פעראייניגען אלע אידען פון די גלות-לענדער אין איין פאלק.

אין פערלויף פון דער-זעלבער עפאכע איז די וועסטליכע רוימישע אימ-פעריע אויפגעלעזט געווארען און איז ארונטער אונטער די הערשאפט פון

די באַרבאַרען (ווי די רוימער האָבען זיי גערופען): די גאָטען, גאַלליער, וואַנדאַלען א. אנד. דיזע פעלקער האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום צוזאַמען מיט׳ן האַס צום יודענטום. זיי האָבען גרינג פערביטען זייערע פריהערדיגע געצען אויף דעם צלם, און זיינען געוועזען געשוואָרענע שונאים צו אַלע און אַלעם, וואָס זיינען ניט קריסטליך. מיט דיזע לענדער איז שפּעטער פערבונדען געוואָרען דער שיקזאַל פון יודענטום, וועלכעס האָט געגרינדעט זיין צענטער אין שפּאַניען און גאַלליען (פראַנקרייך).

דער דרוק פון דער ביצאַנטישער קירכע אויף אידען און יודענטום איז איבערהויפּט שטאַרק געוואָרען אין דער צייט פון קיסר טהעאָדאָזיוס דעם 2טען (408—450). דער פריהערדיגער קיסר אַרקאַדיוס (395—408), האָט נאָך ביז אַ געוויסען גראַד בעשיצט די אידען געגען דער שנאה פון די קריסטען. ער האָט פערזאָגט די שטאַטהאַלטער מען זאָל ניט דערלאָזען צושטערען אידישע סינאַגאָגען, ניט בעליידיגען דעם אידישען פּאַטריאַרך א. ד. גל. טהעאָדאָזיוס דער 2טער האָט שוין אָנגעהויבען אַרויסגעבען געזעצען אָפּצונעהמען ביי אידען זייערע רעכטען: עס איז פערוועהרט געוואָרען צו בויען נייע שולען, צו האָבען קריסטליכע קנעכט. דער איד, וואָס האָט מגייר געווען אַ קריסט, איז בעשטראָפט געוואָרען מיט׳ן טויט. דער נשיא (פּאַטריאַרך) אין זיין צייט איז געווען ג מ ל י א ל  ד ע ר  6 ט ע ר. הגם ער האָט געהאַט דעם טיטעל נשיא האָט ער קיין רעכטען ניט געהאַט עטוואָס צו טאָן פיר די אידען און יודענטום. אין יאָהר 415 האָט טהעאָדאָזיוס פון איהם צוגענומען דעם טיטעל נשיא דערפאַר, וואָס ער האָט געגעבען אַ אידישער קהילה אַן ערלויבנים צו בויען אַ סינאַגאָגע. אין יאָהר 425 איז די נשיאות אין גאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען און דעם טיטעל פּאַטריאַרך האָט מען אָפּגעגעבען צום עפּיסקאָפּ אין ירושלים.

דאָס ערשענדע קריסטענטום האָט אָנגעטאָן גרויסע צרות די אידען און די היידען. דיזע האָבען זיך פעראייניגט אום ראַכע צונעהמען פון זייערע בעדריקער, אין ווען און וואו זיי זיינען געווען די מעהרהייט האָבען זיי געהאַט אַן ערפאָלג. אזוי האָט דער רעליגיאָנס־האַס אָנגעמאַכט גרויסע אונאָרדנונגען אין געזעלשאַפטליכען לעבען. אין אַלעקסאַנדריען איז דער אַרכיעפּיסקאָפּ קיריללוס, וועלכער רעכענט זיך פון די ערסטע קירכען־פּאַטערס, געווען דער הויפּט־אָנפיהרער פון רעליגיאָנס־האַס. מיט זיין בענעהמונג געגען די אידען און די היידען האָט ער זיי אַרויסגעבראַכט פון געדולד. ווען זיי האָבען בעמערקט אין טהעאַטער דעם אַגיטאַטאָר און העצער גיעראַקס, קיריללוס׳עס מענש, האָבען זיי איהם איבערגעגעבען צום פּרעפעקט, וועלכער

האָט איהם אַרעסטירט און בעשטראָפט. באַלד נאָך דעם האָבען אידען ביי נאכט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אַז די קירכע פון אַלעקסאַנדריען ברענט, ווען די קריסטען זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען, זיינען די אידען זיי בעפאַלען און זיי געשלאָגען מכות רצח. אין אַנטיאָכיא האָבען די אידען איין מאָל אום פורים געמאַכט אַ תליה אין דער פאָרמע פון אַ צלם און האָבען אויפגעהאַנגען אויף איהר אַ פיגור אום צו שפּאָטען פון די קריסטען. דיזע לעצטע האָבען געטראָגען אַ שטאַרקע שנאה צו אידען און מיט איינינע יאָהר שפּעטער האָ- בען זיי פערכאַפט די אידישע סינאַגאָגען. דער פּרעפעקט פון שטאָדט האָט געמאַכט אַ קלאַגע אויף די קריסטען און דער קיסר האָט געגעבען אַ בעפעהל מען זאָל צוריקקעהרען זייערע סינאַגאָגען. אָבער דער פרומער מאָנאָך סימאָן סטאָלפּניק האָט געשריבען אַ פייערדיגען בריף צום קיסר און האָט דעם בע- פעהל אָנגערופען אַ גאָט-לעסטערונג, אַ חלול השם פיר די קירכע. דער בע- פעהל איז צוריקגערופען געוואָרען און דער פּרעפעקט איז אַרונטער פון זיין שטעלע (423).

די ליידען פון די אידען זיינען ביי די קריסטען געווען אַ בעוויז, אַז דאָס יודענטום איז פאַלש. מיט דיזער מיינונג איז געווען אויך דער גרויסער געלעהרטער טהעאָלאָג היעראָנימוס (געשטאָרבען אין 420). דיזער געלעהר- טער קריסט, וועלכער רעכענט זיך פון די בעסטע קירכען-פאָטערס, האָט פער- בראַכט 40 יאָהר אין ארץ ישראל און האָט געשטודירט די הייליגע שריפט אין אָריגינאַל (העברעאיש) מיט דער הילף פון אידישע חכמים. דאָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו מאַכען די בעריהמטע לאַטיינישע איבער- זעצונג פון דער ביבעל, וועלכע איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „וואולגאַטאַ". הגם ער האָט פיעל געלערנט פון זיינע אידישע לעהרער און האָט געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין דער ביבעל און אין דעם גייסט פון תלמוד און די מדרש־ים, האָט ער דאָך פעראַכטעט דאָס יודענטום צוזאַמען מיט די אידען.

**פערפאָלגונגען פון אידען און שומרונים; יוסטיניאַנוס'עס גע- זעצען.** די פערפאָלגונגען פון די קריסטען אויף די אידען איז פיעל ערגער געוואָרען אין דער צייט פון דעם קיסר זענאָן. אין דעם יאָהר 474 האָבען די „גרינע", אַ פאַרטיי פון די צירק-קעמפער, *) פערברענט אַ סינאַגאָגע, האָבען ערמאָרדעט אייניגע אידען און האָבען זיי דערנאָך פערברענט אין דעם פייער פון דער סינאַגאָגע. ווען מען האָט דעם קיסר ערצעהלט וועגען

---

*) די צירקען-קעמפער זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי פּאַרטייען: „די גרינע" און „די בלויע", וועלכע האָבען געשפּילט אַ שטיקעל פּאָליטישע ראָלע.

דעם פּאָגראָם און ווי די „גרינע” האָבען בעהאַנדעלט די אידען, האָט דער קיסר געזאָגט: „די „גרינע” זיינען ווערט בעשטראָפט צו ווערען דערפאַר, וואָס זיי האָבען פערברענט טויטע אידען און ניט לעבעדיגע”. דיזע ווער-טער האָבען ערמונטערט די מאַסען פון די פאַנאַטישע קריסטען צו מאָרדען און ברענען אידען וויפיעל זייער הארץ האָט געוואָלט. אין יאָהר 507 האָ-בען די קריסטען אין דאַפנע, אַ שטעדטעל נעבען אַנטיאָכיאַ, פערברענט אַ שול און האָבען ערמאָרדעט אַלע מתפללים. עס איז דאַמאָלס געוואָרען אַ מין מיסיאָנערישע פּראָפּאַגאַנדאַ צו ברענען שולען און מאָרדען די מתפללים. דורך דעם האָבען די קריסטען געהאָפט צו בעקומען נייע אָנהענגער צו זייער גלויבען. ווען די קריסטען האָבען געזעהן, דאָס אויך די אידען האָבען זייערע פערפאָלגונגען קיין ווירקונג ניט, האָבען זיי זיך גענומען צו האַלבע אידען, צו די שומרונים. אָבער דיזע האָבען געצייגט אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. ווען די קריסטען האָבען אָנגעהויבען זיי צו דריקען האָבען זיי ערמאָרדעט פיעלע קריסטען און געברענט זייערע קירכען. דער קיסר זענאָן האָט זיי ארויסגעטריבען פון זייער הויפּשטאָדט נאַבלוס אָדער שכם (490). מיט 40 יאָהר שפּעטער האָבען די שומרונים געמאַכט אַן אויפשטאַנד, אָבער די רעגירונג האָט איהם באַלד דערשטיקט. פיעלע פון זיי האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום.

דאָס איז שוין פאָרגעקומען אין דער צייט פון קיסר יוסטיניאַנוס (527—565). דאַמאָלס זיינען די פערפאָלגונגען פון אידען דורכגעפיהרט גע-וואָרען מיט אַ געוויסען סיסטעם. אַ איד האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו זיין אַן עדות אין אַ פּראָצעס געגען אַ קריסט. די שומרונים האָט מען נאָך ערגער בעהאַנדעלט. זייער עדות־זאָגען האָט מען גאָר ניט אָנגענומען. זיי האָבען אפילו ניט געהאַט קיין־רעכט איבערלאָזען זייער פערמעגען צו זייערע קינדער. וועגען אידישע רעכטען צו נעהמען אָנטייל אין שטאָדט־רעגירונג האָט יוסטיניאַן געשריבען זיין בעפעהל: „זאָלען די אידען זיפצען אונטער דעם יאָך פון די אָפּצאָהלונגען, אָבער זאָלען זיי קיין עהרען־שטעלע דאָרט ניט פערנעהמען”. דיזע און פיעלע אַנדערע בעדריקענדע געזעצען זיינען נאָכדעם אָנגענומען געוואָרען אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ אין מיטעלאַל-טער. יוסטיניאַן האָט די אידען געדריקט אויך אין זייער רעליגיאָן. דער אי-דישער פסח האָט געמוזט אָפּגעלעגט ווערען אויף איניגע טעג שפּעטער, ווען ער איז אויסגעקומען אין דער זעלבער צייט מיט׳ן קריסטליכען. ער האָט געצוואונגען די אידישע קהילות לייענען שבת די תורה ניט אין אָריגינאַל, אין העברעאיש, נאָר אין גריכיש. ער האָט אויך פערבאָטען צו לערנען

משנה און תלמוד אין די ישיבות, ווי אויך האַלטען אַ דרשה אין שול אין דעם גייסט פון תלמוד און מדרשים. עס זיינען אויך געווען פעלען, ווען מען האָט געצוואונגען גאַנצע אידישע קהילות אָננעהמען קריסטענטום און זייערע שולען פערוואַנדלען אין קירכען. די רעליגיאָנס־פערפאָלגונגען האָבען ארויס־גערופען אַן אויפשטאַנד אין פּאַלעסטינאַ. אין קיסריה זיינען די שומרונים מיט די אידען בעפאַלען די קריסטען און האָבען ערמאָרדעט דעם שטאַטהאַל־טער, וועלכער איז געקומען מיט סאָלדאַטען בעשיצען די קריסטען. יוסטיניאַן האָט געשיקט מיליטער צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד און פיעלע זיינען הינגעריכטעט געוואָרען.

די פערפאָלגונגען זיינען אַ ביסעל שוואַכער געוואָרען אין דער צייט פון די קיסרים נאָך יוסטיניאַן'ען (יוסטין דער 2טער, טיבעריוס און מאַו־ריציוס), אָבער זיי האָבען ווידער זיך אָנגעהויבען, ווען דער טיראַן פאָקאַס האָט פערכאַפּט דעם טראָן. די קריסטען האָבען ווידער אָנגעהויבען צו בעליידיגען די אידען אין אַנטיאָכיאַ. די אידען האָבען פערלאָרען די גע־דולד, זיי האָבען גענומען ראַכע פון זייערע פערפאָלגער און האָבען זאָגאַר ערמאָרדעט דעם אַנטיאָכישען פּאַטריאַרך. אָבער די רעגירונג האָט מיט מיליטערישער מאַכט איינגעשטילט דעם אויפשטאַנד און האָט גרויזאַם בע־שטראָפט די בונטאַווטשיקעס.

די פּערסיער אין פּאַלעסטינאַ. אין אָנפאַנג פון 7טען יאָהרהונדערט האָט די ביצאַנטישע אימפּעריע אָנגעהויבען האָבען גרויסע צרות פון פּער־סיען. דער פּערסישער קעניג כוזרו דער 2טער האָט אָנגעהויבען אָפּנעהמען פון איהר גאַנצע פּראָווינצען אין מערב־אַזיען. אין פּאַלעסטינאַ האָבען אידען געבילדעט אַ היבשע אַרמעע צו העלפען די פּערסיער געגען די ביצאַנטיער, פון וועלכע זיי האָבען אַזוי פיעל געליטען. אַ געוויסער רייכער מאַן ב נ י מ י ן פ ו ן ט ב ר י ה האָט געגעבען די סומע געלט, וועלכע דיזע אונטערנעה־מונג האָט געפאָדערט.

אין יאָהר 614 זיינען די פּערסיער מיט אַ געהילפס־אַרמעע פון אידען צוגעקומען צו ירושלים און האָבען זי בעלאַגערט. אין יולי איז ירושלים איינגענומען געוואָרען און די אידען זיינען מיט גרויס ענטהוזיאַזם אַרייַן אין זייער הייליגע הויפּטשטאָדט. די אידען האָבען זיך גרויזאַם אָפּגערעכענט מיט די קריסטען, זיי האָבען פיעלע פון זיי אויסגעה־רג'עט און צושטערט זייערע קירכען. פיעלע קריסטען האָבען זיך דאַמאָלס בעקעהרט צום יודענטום, ווייל זייער מפּלה איז ביי זיי געווען אַ צייכען, דאָס די קירכע געהט אונטער. צעהן יאָהר האָבען די אידען צוזאַמען מיט די פּערסיער געהערשט אין

ירושלים, אָבער זיי האָבען זיך באַלד איבערצייגט, דאָס זיי קענען פון די פערסיער קיין גוטס ניט ערוואַרטען פיר זייער פּאָליטישעס אויפלעבען. די פערסיער האָבען זיי אָנגעהויבען בעהאַנדלען ווי אַלע אַנדערע זייערע אונ- טערטאַנען און האָבען זיי אָנגעהויבען זאָגאַר צו אונטערדריקען. דערווייל האָט דער ביצאַנטישער קיסר הערַאקליוס זיך בעפרייט פון זיינע מלחמות אין איירָאָפּאַ און האָט בעשלאָסען צוריק אָפּנעהמען פון פערסיען די פּראָווינצען אין אַזיען. אום צו האָבען די אידישע הילף דערצו האָט ער זיי צוגעזאָגט, דאָס ער וועט זיי מוחל זיין אַלעס, וואָס זיי האָבען געטאָן צו די קריסטען, און ער וועט זיי זאָגאַר געבען פיעלע פּריווילעגיעס און בירגער־רעכטען. אייך דער גרויסער עשיר פון טבריה איז אַריבער אויף הערַאקליוס'עס זייט און אין יאָהר 628 איז ער אַריין אין ירושלים. הערַאקליוס האָט געוואָלט האַלטען זיין פערשפּרעכען, וואָס ער האָט געגעבען צו די אידען, אָבער דער פּאַטריאַרך פון ירושלים און די מאָנאַכען האָבען איהם ניט דערלאָזען דאָס צו טאָן און האָבען איהם בערזיכערט, דאָס זיין חטא פון ניט היטען זיין פּער- שפּרעכען צו די אידען קען פערגעבען ווערען דורך תעניתים, און אויסער דעם האָבען זיי איהם ערקלערט, דאָס פערפאָלגען אידען, וועלכע לייקענען אין יע- זוס'ן, איז זעהר אַ גאָט־געפעליגע זאַך. עס האָבען זיך אָנגעהויבען נייע פער- פאָלגונגען אויף אידען, מען האָט זיי מאסען־ווייז פערניכטעט, און מען האָט זיי פערוועהרט אַריינקומען אין ירושלים זאָגאַר אויף אַ קורצע צייט. אָבער אויך די קריסטען האָבען דאָרט ניט לאַנג געהערשט. מחמד מיט זיינע אַראַ- בער האָבען אין קורצען געמאַכט אַן ענד צו דער הערשאַפט פון די קריסטען אין ירושלים.

**די אידישע ליטעראַטור פון יענער צייט.** דער גייסטיגער צענטער פון די אידען אין פּאַלעסטינאַ אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון בי- צאַנטיום איז נאָך אַלץ געווען טבריה. דאָרט האָבען נאָך עקסיסטירט תלמודישע לעהר־הייזער, אָן דער שפּיץ פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען „רישי פירקי", דאָס זיינען געווען אַ סאָרט ראשי ישיבות, אָבער מען האָט זיך ניט בעשעפטיגט אין יענע אַקאַדעמיעס מיט נייע פאָרשונגען ווי אין דער צייט, וואָס דער תלמוד האָט זיך געבילדעט, נאָר מען האָט זיך בע- שרענקט מיט דעם שטודיום פון דעם פריהערדיגען מאַטעריאַל. די צייט איז ווירקליך ניט גינסטיג געווען צו שאַפען עטוואָס נייעס אויף דעם פעלד פון געזעצען, ווייל די אידען האָבען שוין דאַמאָלס קיין רעכט ניט געהאַט צו האָבען אייגענע געריכטס־הייזער. עס איז זיי נאָר געבליבען דאָס רעכט צו האַלטען דרשות יעדען שבת אָדער יום טוב וועגען דער אידישער עטהיק

אין מאָראַל. און דעריבער איז יענע צייט געווען גינסטיג נאָר צו ענטוויקלען אגדות און מדרשים. די אידישע חכמים פון יענער צייט זיינען נאָך גע-צוואונגען געווען צו דיסקוטירען זעהר אָפט מיט די קריסטליכע טהעאָלאָגען, וועלכע האָבען געוואָלט בעווייזען פון תנ"ך, דאָס די קריסטליכע לעהרע איז די ריכטיגע און די אידישע איז פאַלש. די אידישע חכמים האָבען געזוכט צו בעווייזען די קריסטען, ווי זיי פערדארבען דעם וואהרען זין פון די שטע-לען, וואָס זיי ציטירען, און דאָס דער ריכטיגער זין איז גאָר געגען זייער בעהויפּטונג. אַזעלכע דיסקוסיאָנען געפינען זיך זעהר אָפט אין די זאַמלונ-גען פון יענער צייט, וועלכע זיינען בעקאַנט אונטער'ן נאָמען מ ד ר ש י ם. דער צוועק פון דיזער אַרט ליטעראַטור איז צו שטאַרקען די האָפנונג אויף אַ גליקליכע צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק, צו ענטוויקלען אין די הערצער פון פאָלק אַ הויכע זיטליכקייט, ליבע צו גאָט, ליבע צו מענשען, ווי אויך מוט צו איבערטראָגען מיט געדולד זייערע ליידען און ניט קומען צו פערצווייפלונג פון די פערפאָלגונגען, וועלכע זיי מוזען זעהר אָפט אויסשטעהן. דאָס איז אַ סאָרט דרשות, איינגעטיילט לויט די סדרות, וואָס מען לייענט יעדען שבת אין די שולען און בתי מדרשים. דער דרשן נעהמט אַ פּסוק פון דער סדרה און לעגט אין איהם אריין געדאַנקען פון דעם אינהאַלט, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס בעשריבען. דערביי פלעכטען זיי איין משלים, לעגענדעס א. ד. גל. אום צו מאַכען עס אָנציהענד פיר די צוהערער. אַזעלכע זאַמלונגען פון מדרשים זיינען דאָ זעהר פיעלע, ווי צ. ב. מדרש רבה אויף גאַנץ תורה און חמש מגלות, מדרש תנחומא אויף תורה, ילקוט אויף גאַנץ תנ"ך, מדרש תהלים, פּסיקתא דרב כהנא, פּסיקתא רבתי א. ד. גל. דער תלמוד רעדט צום אידישען פערשטאַנד און די מדרשים צו זיין האַרץ.

## יט. די אידען אין בבל און אראביען.

**פּאָליטישע לאַגע.** וואָס שוואַכער עס איז געוואָרען דער אידישער צענ-טער אין פּאַלעסטינאַ, איז ער אַלץ שטאַרקער און פעסטער געוואָרען אין בבל. די אידען האָבען דאָרט אַפילו אָפט געליטען אונטערדריקונגען פון דער רעגי-רונג, אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען און די אידען האָבען צוריק בעקומען זייער אויטאָנאָמיע. נאָך שבור דעם 2טען האָט די פּערסישע רעגירונג אונטער דעם איינפלוס פון די מאַגיער אָנגעהויבען צו אונטערדריקען די אידען. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען און די אומשטענדען האָבען זיך געענדערט. יעזדע-גאַרד דער 1טער איז געווען זעהר גענייגט צו אידען. מען ערצעהלט, דאָס אַמאָל איז צו איהם געקומען דער עקזילאַרך (ריש גלותא) מיט אַ וויזיט, און

ער האָט בעמערקט, דאָס זיין גאָרטעל איז געוועזן ניט אין גוטער אָרדנונג. דער קעניג האָט איהם זעלבסט צורעכט געמאַכט דעם גאָרטעל און האָט דערביי בע-מערקט: „איהר זייט אַ פאָלק פון לויטער פריסטער (ממלכת כהנים), דאַרפט איהר טראָגען אייערע גאָרטלען ווי עכטע פריסטער". אָבער אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון זיין עניקעל יעזדעגאַרד דעם 2טען איז די לאַגע פון אידען אין פערסיען פיעל ערגער געוואָרען (438—457). דאַמאָלס האָבען די מאַגיער בעקומען אַ גרויסע מאַכט און האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו פערפאָלגען די אידען און האָבען זיי געפּלאָגט מיט זייערע דיסקוסיאָנען. איין מאַגיער האָט געוואָלט בעווייזען דעם ראש ישיבה אין נהרדעא, אמימר, דאָס די וועלט ווערט רעגירט פון 2 געטער: א ח ר י מ א ן און אָ ר-מ ו ז ד, אַ גאָט פון פינסטערנים און אַ גאָט פון ליכט. דער מענש, זאָגט ער, בעשטעהט אויך פון 2 חלקים; דער אויבערסטער טייל, וואו עס געפינט זיך דער קאָפּ און דאָס האַרץ, איז בעשאַפען געוואָרען פון גאָט פון ליכטיגקייט (אָרמוזד), און דער אונטערסטער טייל, וואָס איז דער מקור פון תאוה און אונ-ריינקייט, איז בעשאַפען געוואָרען פון דעם גאָט פון פינסטערנים (אחרימאַן). אמימר האָט מיט איראָניע איהם געפרעגט: ווי אזוי האָט עס אחרימאַן ערלויבט אָרמוזד'ן דורכצופיהרען דורך זיין טייל דעם קאַנאַל, וואָס ברייננגט ארויס אַלע אונריינקייט פון קערפּער?

אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון קעניג פירוז (459—486), וועל-כער איז בעקאַנט אין תלמוד אונטערן נאָמען „פירוז רשיעא", איז די לאַגע פון אידען פיעל ערגער געוואָרען. אין איספּאַהאַן זיינען 2 מאַגיער דער-הרג'עט געוואָרען אין אַ קריג צווישען אידען און די מאַגיער. פירוז האָט דערפאַר געהייסען ערמאָרדען אַ העלפט פון די אידען אין איספּאַהאַן.

אויך אין בבל האָבען די אידען געליטען שרעקליכע פערפאָלגונגען. דער ריש גלותא הונא מרי מיט נאָך איינינע אידישע חכמים זיינען הינגעריכטעט געוואָרען (468—474). די אידישע לעהר-הייזער (ישיבות) און די אידישע געריכטס-הייזער זיינען געשלאָסען געוואָרען. די לאַגע איז נאָך ערגער גע-וואָרען, ווען אַ רעפאָרמאַטאָר מיט'ן נאָמען מ אַ ז ד אַ ק האָט געפּרעדיגט די אידעע פון קאָמוניזם. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרען יעדעס אייגענטום, זאָגאַר פרויען זיינען געוואָרען פריי פון פאַמיליען-באַנד און זיינען געווען הפקר פיר יעדען. דער קעניג זעלבסט האָט געהערט צו די אָנהענגער פון דיזער לעהרע. אָבער ווייל ניט אַלע זיינען געווען איינשטימיג מיט דיזער רעפאָרמע, האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען צווישען די פערסיער זעלבסט, און דערפון האָ-

בען די אידען זעהר פיעל געליטען. מען האָט פיעלע פון זיי בערויבט, זייערע טעכטער און פרויען געשענדעט און פיעלע ערמאָרדעט.

אין אָנפאַנג פון 6טען יאָהרהונדערט האָבען די אידען געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין פּערסיען. ווי די אידישע קוועלען ערצעהלען איז די געשיכטע אַזוי געווען. דער ריש גלותא פון יענער צייט, רב הונא, האָט שטרענג בעשטראָפט זיין שוועהר דעם ראש ישיבה רב חנינא דערפאַר, וואָס ער האָט ניט צוגעלאָזען צו אַ שטעלע אַלס ריכטער איינעם, וואָס ער, דער ריש גלותא, האָט בעשטימט. לויט ווי די זאַגע ערצעהלט איז אין איין נאַכט די גאַנצע פאַמיליע פון ריש גלותא צושטאָרבען, נאָר זיין שוואַנגערע פרוי, די טאָכטער פון דעם בעליידיגטען ראש ישיבה רב חנינא, איז געבליבען. זי האָט נאָכדעם געבאָרען אַ זוהן מ ר ז ו ט ר א, וועלכער האָט געלערנטביי זיין זיידען רב חנינא. ווען ער איז אַלט געוואָרען 15 יאָהר איז ער געוואָרען ריש גלותא. די אידען האָבען דאַמאָלס זעהר פיעל געליטען פון די מאַגיער און די פּערסישע סאַטראַפּען און זיי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד מיט מר זוטרא אָן דער שפּיץ. זיבען יאָהר האָבען זיי זיך געהאַלטען מיט זייער אונאָפּהענגיגקייט אין מחוזא. אָבער ענדליך האָבען די פּערסיער זיי בעזיגט און מר זוטרא איז געהאַנגען געוואָרען. זיין פאַמיליע איז ענטלאָפען נאָך ארץ ישראל, וואו מ ר ז ו ט ר א ד ע ר 2 ט ע ר, דער זוהן פון דעם געהאַנגענעם מר זוטרא, איז געוואָרען דער פּרעזידענט (ריש פרקא) פון דער אַקאַדעמיע.

ווען אויף'ן פּערסישען טראָן איז אַרויף כוזרו דער 1טער אַנושירוואַן (531—578) איז אין פּערסיען רוהיג געוואָרען און די אידען האָבען צוריק בעקומען זייער אויטאָנאָמיע. זיין נאָכפאָלגער הורמיז דער 4טער האָט ווידער אָנגעהויבען צו פערפאָלגען די אידען, און זיי זיינען צוגעשטאַנען צו זיין חיל-פיהרער באַראַם, און האָבען איהם געהאָלפען מיט געלט און מיט סאָלדאַטען צו פערכאַפּען דעם טראָן. דערפאַר האָט ער זיי צוריקגעגעבען זייער אויטאָנאָמיע. אָבער באַראַם האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטען אויף'ן טראָן און כוזרו דער צווייטער איז אַרויף אויף זיין אָרט. דיזער האָט שטאַרק בעשטראָפט די אידען דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאָלפען באַראַם'ען, אָבער ווען אָרדנונג איז צוריק איינגעפיהרט געוואָרען אין לאַנד, האָט ער די אידען צוריקגעגעבען זייער אויטאָנאָמיע און זיי האָבען איהם געהאָלפען אין זיינע מלחמות אין אַזיען און איינגעהמען ירושלים. נאָך דעם טויט פון כוזרו דעם 2טען האָבען די אַראַבער בעהערשט פּערסיען.

**די אידישע קאָלאָניעס אין אַראַביען.** עס איז גענוי ניט בעוואוסט ווען די אידען האָבען זיך בעזעצט אין אַראַביען. אָבער דאָס ווייס מען קלאָר, דאָס אין 2טען יאָהרהונדערט איז שוין דאָרט געווען אַ היבשע קאָלאָניע פון אידען, וואָס זיינען ענטלאָפען בעת דעם חורבן ירושלים און נאָך דעם אויפ־שטאַנד פון בר כוכבא. שפּעטער, אין 5טען יאָהרהונדערט, זיינען צוגעקומען נייע עמיגראַנטען פון ביצאַנטיום און פּערסיען און האָבען מיט זיך געבראַכט די אידישע קולטור פון ארץ ישראל און בבל.

די איינוואוינער אין אַראַביען זיינען געווען איינגעטיילט אין נאָרדליכע, וועלכע זיינען געווען מעהרסטענס בעדואינען און האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פיה־צוכט, און זידליכע, וועלכע האָבען געוואוינט אין יעמען אָדער גליקליכע אַראַביען. דיזע זיינען געווען מעהר קולטורעל פון די נאָרדליכע; זיי האָבען זיך בעשעפטיגט מיט מסחר. די נאָרדליכע אַראַבער האָבען זיך גערעכענט, דאָס זיי שטאַמען פון ישמעאל׳ן, און די זידליכע — פון יקטן׳ען, דעם זוהן פון עבר,ביידע סעמיטען. אויך די אידען, וואָס האָבען זיך דאָרט בעזעצט, זיינען, אין פיעלע הינזיכטען, געווען עהנליך צו די אַראַבער. די נאָרדליכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פיה־צוכט, און די זידליכע מיט מסחר. די אידען אין אַראַביען זיינען געווען זעהר רעליגיעז. די הויפּט־קוועלע פון זייער רעליגיאָן איז געווען די תורה, הגם זיי האָבען געהאַלטען אויך איניגע תלמודישע געזעצען. שבת און יום טוב האָבען זיי שטרענג אָפּגעהיט. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה זיינען זיי שבת ניט געגאַנגען אין שלאַכט. עס האָבען זיך געפונען צווישען זיי אויך איניגע גוטע פּאָעטען. דער בעריהמטעסטער צווישען זיי איז געווען ש מ ו א ל א ב ן א ד י א. ער איז געווען בעריהמט מיט זיין אונגעוועהנליך עהרליכען כאַראַקטער, אַזוי דאָס אין אַראַביען פלעגט מען ריהמען אַן עהרליכען מאַן מיט די ווערטער: ער איז עהרליך ווי שמואל. מען ערצעהלט דאָרט וועגען איהם אַ געשיכטע, דאָס אַ געוויסער אַראַבישער פּרינץ אימרולקאַיס האָט איהם געגעבען בעהאַלטען זיינע געוועהר בעת זיינע פיינד האָבען איהם פערפאָלגט. באַלד זיינען געקומען די פיינד פון דעם פּרינץ, האָבען בעלאַגערט זיין שלאָס און האָבען געפאָדערט ער זאָל זיי אַרויסגעבען די געוועהר, וואָס אימרולקאַיס האָט איהם געגעבען בעהאַלטען, און אויב ער וועט ניט אַרויסגעבען זיי די געוועהר, וועלען זיי ערמאָרדען זיין קליינעם זוהן, וועלכען זיי האָבען גע־כאַפּט. שמואל האָט זיי געענטפערט: „איהר קענט טאָן מיט מיין קינד וואָס איהר ווילט, איך וועל מיין וואָרט ניט ברעכען”. די פיינד האָבען ווירקליך ערמאָרדעט דאָס קינד, און שמואל האָט זיין פערשפּרעכען געהאַלטען.

אין 6טען יאָהרהונדערט האָבען די אידען אין יאַטריב אין צפון פון אַראַביען געהאַט אַ ישיבה, אין וועלכער די לעהרער זיינען געווען פון די חכמי בבל. די ביבעל איז געווען שטאַרק פערברייטערט אין פאָלק, אָבער די ער־צעהלונגען פון דער ביבעל זיינען ביי זיי געווען צוגעפּוצט מיט לעגענדעס, תלמודישע אגדות און אַראַבישע זאַגעס.

די אַראַבער איז זעהר געפעלען געוואָרען די אידישע רעליגיאָן און גאַנצע פאַמיליעס פלעגען זיך בעקעהרען צום יודענטום. די אַראַבער איז עס ניט שווער געווען אָנצונעהמען דאָס יודענטום, ווייל זיי פלעגען סיי ווי מל זיין זייערע קינדער. אין אָנפאַנג פון 6טען יאָהרהונדערט האָט זיך געפו־נען אַ גאַנצעס שטיק לאַנד, וואו דער קעניג מיט אַלע אונטערטאַנען האָבען אָנגענומען די אידישע רעליגיאָן. דער ערסטער קעניג, וואָס האָט אָנגענומען די אידישע רעליגיאָן, איז געווען אַ ב ו ־ ק אַ ר י ב אַ (500), און נאָך איהם אויך דער קעניג פון יעמען י ו ס ו ף ד ו ־ נ אָ ו ו אַ ס. ער האָט זיך שטאַרק פעראינטערעסירט אין דעם שיקזאַל פין די אידען אין ביצאַנטיים, און איז געוואָרען שרעקליך ערביטערט אויף די קריסטען, וואָס האָבען פער־פאָלגט די אידען. ער האָט דערפאַר אָנגעהויבען בערפאָלגען די קריסטען אין זיין לאַנד. אין דער שטאָדט נאַדזשראַן האָט ער הינגעריכטעט 340 פאָרנעהמע קריסטען. ער האָט די קריסטען אויך בעשווערט מיט גרויסע אָפּצאָהלונגען, ווי די ביצאַנטישע קיסרים האָבען געטאָן צו די אידען. די קריסטען אין בי־צאַנטיום האָבען געפאָדערט, מען זאָל נעהמען ראַכע. דער קיסר יוסטין דער 1טער האָט געבעטען דעם קעניג פון אַביסיניען ע ל ע ס ב אַ אַ פערפיהרען אַ מלחמה מיט דו־נאָוואַס'ן. ווען דיזער האָט דערזעהן, דאָס ער וועט פערשפּי־לען די מלחמה, האָט ער זיך מיט זיין פערד אַריינגעוואָרפען אין ים און איז דערטרונקען געוואָרען (530). דאַן האָבען די זיגער געמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה אויף די אידען אין יעמען, און דאָס לאַנד איז אַרונטערגעפאַלען אונ־טער'ן יאָך פון די קריסטען. מיט 20 יאָהר שפּעטער האָט כוזרו דער 1טער אַרויסגעטריבען די קריסטען פון יעמען, און האָט דאָס לאַנד אונטערגעוואָר־פען אונטער פערסיען. נאָך דעם, ווי די אידישע מלוכה אין דרום־אַראַביען איז געפאַלען האָבען זיך פיעלע אידען בעזעצט אין צפון־אַראַביען. אויך דאָרט האָט זייער רעליגיאָן געמאַכט אַ גרויסע ווירקונג אויף די גייסטער פון די אַראַבער און האָט זיי פאָרבערייט אָנצונעהמען דעם איסלאַם (מאַחמעדאַ־נישען גלויבען), וועלכער האָט אין 2טען פערטעל פון 7טען יאָהרהונדערט בעקעהרט כמעט גאַנץ אַראַביען און נאָכדעם שיער גאַנץ אַזיען.

**רב אשי און דער תלמוד בבלי.** אין דער צייט, וואָס דער רעליגיעזער צענטער אין ארץ ישראל איז אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען, זיינען די אַקאַ-דעמיעס אין בבל געוואָרען נאָך מעהר טעטיג. דער מאַטעריאַל, וואָס איז אָנ-געזאַמעלט געוואָרען אין די ישיבות פון סורא, נהרדעא און פומבדיתא אין פערלויף פון 3טען און 4טען יאָהרהונדערט אין פערשיידענע צווייגען פון גע-זעץ-פאָרשונג, ערקלערונגען, זיטען-לעהרע א. ד. גל., האָט מען אָנגעהויבען סיסטעמאַטיזירען און ברייגנען אין אָרדנונג אין 5טען יאָהרהונדערט. דיזע אַרבייט האָט בעשאַפען דעם „תלמוד בבלי". און וועהרענד דער תלמוד ירושלמי איז בעשאַפען געוואָרען צו איילענדיג צוליב די שרעקליכע פערפאָל-גונגען פון די רוימער און איז צוליב דעם אַרוים ניט פאָלקאָמען, איז די אַר-בייט פון תלמוד בבלי צוגעגאַנגען פיעל רוהיגער און מיט פיעל וועניגער שטע-רונגען און איז דעריבער אַרוים פאָלקאָמען.

דעם פונדאַמענט צו דיזער קאָלאָסאַלער אַרבייט האָט געלעגט דער בע-ריהמטער געזעץ-פאָרשער ר ב א ש י (370—427), דער וויכטיגסטער אמורא פון דעם 4טען דור אמוראים. ער איז געווען דער ראש הישיבה אין סורא, און האָט געבראַכט די ישיבה צו דעם זעלבען צושטאַנד, אויף וועלכען זי איז געשטאַנען אין דער צייט פון איהר ערסטען גרינדער, אין דער צייט פון רב'ן. רב אשי איז אין פיעלע הינזיכטען געווען עהנליך צו רבי יהודא הנשיא (דעם פערפאַסער פון דער משנה). ער איז אויך געווען רייך, פיעל-זייטיג געלערנט און אַ גרויסע אויטאָריטעט. אפילו די ריש-גלותא'ס האָבען געהאַט גרויס רעספעקט פאַר איהם. 30 יאָהר האָט רב אשי ענערגיש גע-אַרבייט צוזאַמענצושטעלען מיט אַ סדר דעם גאַנצען מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין די ישיבות אין די פריהערדיגע יאָהרהונדערטען. ווען די אַרבייט איז מיט דער הילף פון פיעלע געלעהרטע פון ביידע ישיבות, סורא און פומבדיתא, פערטיג געוואָרען, האָט מען געקענט זעהן דעם געשיכט-ליכען גאַנג פון יעדען וויכטיגען געזעץ אין זיינע דריי שטופען — אין דער ביבעל, משנה און תלמוד. ווי עס שיינט האָט שוין רב אשי אָנגעהויבען צו-זאַמענשטעלען דיזע גרויסע מאַסע פון געזעץ-פאָרשונג און דאָס פערשריבען אין ביכער. אָבער אין גאַנצען איז דיזע ריזען-אַרבייט געענדיגט געוואָרען 70 יאָהר נאָך זיין טויט. מען האָט איהם געשטעלט אין איין רייהע מיט רבי יהודה הנשיא. דיזער האָט אויפגעשטעלט דעם צווייטען עטאַזש פון דער געזעץ-לעהרע, די מ ש נ ה (די תורה איז דער פונדאַמענט), און רב אשי האָט געמאַכט דעם דריטען עטאַזש, דעם ת ל מ ו ד ב ב ל י.

**חתימת התלמוד.** די לעצטע צעהן יאָהר פון רב אשי'ס טעטיגקייט האָבען זיך די אידען אין פּערסיען געפונען אונטער דער הערשאַפט פון יעזדע-גאַרד דעם 1טען, וועלכער, ווי מיר האָבען פריהער ערצעהלט, איז געווען זעהר גוט צו די אידען און האָט געעהרט די ריש=גלותא'ס און די אידישע חכמים. די בעאַרבייטער פון תלמוד נאָך רב אשי'ן זיינען געווען אין וועניגער גינסטי-גע אומשטענדען צוליב די פערפאָלגונגען פון יעזדעגאַרד דעם 2טען און פּירוז רשיעא. רב אשי'ס זוהן מ ר ב ר ר ב א ש י און די אַנדערע חכמים פון דער ישיבה האָבען פאָרטגעזעצט רב אשי'ס אַרבייט — זיי האָבען צוזאַמענגעקליבען דעם נאָך ניט געאָרדענטען תלמוד'ישען מאַטעריאַל און איהם מסדר געווען לויט דעם סיסטעם פון רב אשי'ן. פערענדיגט דיזע גרוי-סע אַרבייט האָט ר ב י נ א ב ר ה ו נ א, וואָס איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דעם 6טען דור אמוראים (467—500). דיזע אַרבייט איז בע-וואוסט אונטער'ן נאָמען „חתימת התלמוד". עס איז מעהר ניט ערלויבט גע-וואָרען צוגעבען צו דעם, וואָס זיי האָבען צוזאַמענגעקליבען אונטער'ן נאָמען „תלמוד בבלי". דער דור נאָך רבינא'ן האָט זיך גערופען ר ב נ ן ס ב ו ר א י. זיי האָבען נאָך רעדאַקטירט איניגע שטעלען פון תלמוד בבלי, אָבער האָבען גאָר ניט צוגעגעבען צו איהם.

דער תלמוד בעשטעהט פון צוויי עלעמענטען: ה ל כ ה און א ג ד ה. די הלכה מיינט אַלע געזעצען, וועלכע רעגולירען דאָס גאַנצע אידישע לעבען. די אגדה איז אַ זאַמלונג פון זיטען=לעהרעס, לעגענדעס, משלים, וויצען, פי-לאָזאָפישע געדאַנקען, און קורצע רעדעס אויף ביבלישע שטעלען. אין אַל-געמיין איז דער תלמוד אַ סאָרט ענציקלאָפּעדיע, וואָס ענטהאַלט אין זיך זעהר פיעלע צווייגען פון מענשליכען וויסען: אַסטראָנאָמיע, מעדיצין, נאַטור=וויסענשאַפט, געשיכטע א. אַז. וו. אָבער אין תלמוד זיינען די הלכה און די אגדה צוזאַמענגעמישט. דער תלמוד איז געוואָרען פיר דאָס אידישע פאָלק אַ מין צווייטע הייליגע שריפט נאָך די כתבי הקודש און האָט געהאַט אַן אונ-געהייערען איינפלוס אויף דאָס אידישע לעבען. ער איז געוואָרען דאָס הויפּט=געזעץ=בוך פיר אַלע אידען אין דער גאַנצער וועלט און האָט אָפּגע-האַלטען די אידען פון צומישען זיך מיט אַנדערע פעלקער, דורך פערשיידענע געזעצען וועגען שפּייז, פאַמיליען=לעבען א. ד. גל. דער תלמוד האָט אַריינ-געגעבען אין די אידישע הערצער מוט און שטאָלץ, האָט אויפגעהאַלטען די איינהייט פון אידישען פאָלק און האָט בעשיצט די אידען פון אונטערגאַנג.

# דאָס מיטעלאַלטער.

פון דער

## פעלקער־וואַנדערונג

ביז צו דער

## ענטדעקונג פון אַמעריקאַ

(375—1492).

# די פעלקער־וואנדערונג.

## 1) די הוננען.

אין אנפאנג פון מיטעלאלטער האבען איינגעוואנדערט אין מערב־ און דרום־אייראפא די בארבארישע גערמאנישע פעלקער און האבען דארט געגרינדעט א נייע בעפעלקערונג מיט נייע שטאאטען־איינריכטונגען. אין גערמאניען זעלבסט זיינען צו די איבערגעבליבענע דארט גערמאנען גע- קומען די סלאווען. ענדליך, ווען די פעלקער־וואנדערונג האט אויפגעהערט, האבען די איינגעוואנדערטע פעלקער זיך פעסט איינגעזעצט אין זייערע נייע ערטער. אין יענער צייט זיינען איניגע שוואכע וואנדערנדע שטאמען אין גאנצען אונטערגעגאנגען און פעלע האבען זיך צומישט מיט אנדערע און זיינען אויך פערשוואונדען געווארען.

אלס אנפאנג פון דער פעלקער־וואנדערונג רעכענט מען דאס אריינפאלען פון די הוננען אין אייראפא, אבער באמת האט די בעוועגונג פון די פעלקער צו אויסוואנדערען פון זייערע פריהערדיגע ערטער זיך נאך פריהער אנגע- פאנגען. די פעלקער, וואס זיינען פריהער געזעסען אין די גערמאנישע לענ- דער, האבען זיך מיט דער צייט אזוי שטארק פערמעהרט, דאס עס איז זיי ענג געווארען אין זייערע לענדער, עס זיינען דארט ווייניג געווארען נאה- רונגס־מיטלען פיר די גרעסערע צאהל איינוואוינער, און זיי זיינען געווען געצוואונגען פיר א געוויסען טייל פון דער בעפעלקערונג צו זוכען נייע לענ- דער. פיעלע פון די גערמאנען האבען זיך דאן בעזעצט אין די לענדער פון דער רוימישער אימפעריע. זיי איז עס ניט שווער אנגעקומען, ווייל פיעלע גערמאנישע שטאמען האבען שוין לאנג געדינט אין דער רוימישער ארמעע. אנדערע פון זיי האבען מיט'ן שווערד צוגענומען גוטע קולטיווירטע (בע- ארבייטע) לענדער. אזוי האבען די גאטען, א גערמאנישער שטאם, וואס איז געזעסען ביים צפון־ברעג פון שווארצען מעער, פערוויסטעט די ברעגען פון קליין־אזיען און פון דער באלקאנישער האלב־אינזעל און זיינען אויף דעם דונאי אריבער. די זאקסען, אן אנדערער גערמאנישער שטאם, האבען גע- פלינדערט די ברעגען פון בריטאנניען, גאלליען און אנדערע לענדער. מיר

האָבען שוין פריהער דערמאָהנט, דאָס די אַלעמאַננען האָבען זיך שוין לאַנג בעזעצט אין די לענדער, וואָס געפינען זיך צווישען די קוועלען פון דעם דו־נאַי ביז דעם שוואַרצוואַלד. אויך די לענדער צווישען דעם רהיין און דער עלבע האָבען בעקומען א נייע בעפעלקערונג, דאָרט האָבען זיך נעמליך בע־זעצט די פראַנקען. אָבער די ריכטיגע פעלקער־וואַנדערונג, ד. ה. די ריכטיגע בעוועגונג פון די גערמאַנען נאָך דרום־מערב און זייער פערפלייצען די רוי־מישע אימפעריע, האָט זיך ערסט אָנגעפאַנגען מיט דעם בעפאַל פון די הוננען אין אייראָפּאַ.

די הוננען זיינען וואַהרשיינליך די זעלבע, וועלכע האָבען שוין לאַנג, מיט 2,000 יאָהר פ. קר., אין דער געשיכטע פון כינא אויפגעטרעטען. פון זייער אַלטער געשיכטע ווייסען מיר נאָר, דאָס זיי האָבען אין יאָהר 207 נ. קר. געגרינדעט א פעלקערשאַפט אין אַזיען, אָבער זייער מדינה האָט ניט לאַנג עקסיסטירט, און אַנדערע פעלקער האָבען זיי געצוואונגען אויסצוואַנדערן פון דאָרט צו מערב. פון זייער כאַראַקטער האָבען מיר א בעשרייבונג פון א פערפאַסער פון אַלטע צייטען, פון א מ מ י א ן מ אַ ר צ ע ל י ן. מיר וועלען זי איבערגעבען דעם לעזער מיט זיינע ווערטער.

„די הוננען", זאָגט דיזער שריפטשטעלער, „איבערטרעפען אַלעס, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען אונטער די ווערטער ווילד און באַרבאַריש. מיט אייזערנע אינסטרומענטען באַהרען זיי דורך די באַקען פון זייערע ניי־גע־באָרענע קינדער, אום די האָאָר פון באָרד זאָלען דאָרט ניט וואַקסען. זיי האָבען ווירקליך ניט ביז אין גרויען אַלטער קיין בערד. דער קערפּער זייערער איז קורץ, אָבער די גלידער זייערע זיינען אויסערגעוועהנליך שטאַרק, דער קאָפּ ביי די הוננען איז גרויס אין פּראָפּאָרציאָן צו זייער קערפּער, און צו־ליב דעם איז זייער אויסזעהן ווילד, ניט־מענשליך. מען קען זיי אָנרופען צוויי־פיסיגע חיות. מען קען ווענען זיי זאָגען, דאָס זיי זיינען טיערען אין געשטאַלט פון מענשען. זיי ערנעהרען זיך מיט וואָרצלען פון ווילדע פלאַנ־צען און מיט פלייש, אָבער דאָס פלייש קאָכען זיי ניט אין פייער, נאָר מאַ־כען עס ווייך דורך דעם, וואָס זיי לעגען עס אונטער זייערע זאָטלען, ווען זיי רייטען אויף זייערע פערד. זיי האָבען ניט קיין הייזער און קיין געצעלטען. דיזע קומען זיי פאָר ווי קברים. זיי לויפען אימער דורך בערג און וועלדער און ברויכען ניט קיין שטענדיגע וואוינונגען. זיי זיינען פון יוגענד אָן גע־וועהנט צו ליידען קעלט, הונגער און דורסט. אונטער א פרעמדען דאַך קומען זיי זעלטען, ווייל זיי האַלטען זיך דאָרט ניט זיכער. זייער קליידונג

בעשטעהט פון א לייוועגטענעם העמד און א מאַנטעל צוזאַמענגענעהט פון פעלען פון פערשיידענע ווילדע חיות. דאָס העמד בייטען זיי קיינמאָל ניט, זיי טראָגען עס אזוי לאַנג ביז עס ווערט פערפוילט אויף זייער קערפּער און פאַלט אַליין אַראָפּ פון זיי. אויף׳ן קאָפּ טראָגען זיי א האַלב־רונדען העלם און די פיס וויקלען זיי איין אין פעל. זיי איז זעהר אונבעקוועם אין זייער פוס־קליידונג, דעריבער קענען זיי ניט גיך מאַרשירען און זיינען זעהר שלעכטע פוס־שטרייטער. דערפאַר זיינען זיי אימער ווי צוגענעגעלט אויף זייערע קליינע מיאוס׳ע, אָבער אונערמידליכע פערד. זיי עסען און טרינקען, קויפען און פערקויפען, וואַכען און שלאָפען אַלץ זיצענדיג אויף׳ן פערד. אַפילו זייערע פאָלקס־פערזאַמלונגען האַלטען זיי אָפּ זיצענדיג אויף זייערע פערד. זיי



הוננען אויף דעם מאַרש.

זיינען ניט שטאַרק אונטערוואָרפען אונטער זייערע קעניגען. אין קאַמף לויפען זיי אונטער דער פיהרונג פון זייערע עלטעסטע אָהן אָרדנונג, און וואַרפען זיך אויף דעם שונא מיט גרויס לאַרם און געשריי. ווען זיי בעגעגנען ווידערשטאַנד קעהרען זיי זיך אום צוריק מיט דעם זעלבען אימפּעט און לאַרם און רייטען איבער אַלץ, וואָס זיי טרעפען אָן אויף זייער וועג. ווי איינצונעהמען א פעסטונג אָדער א פערפעסטיגטען לאַגער האָבען זיי קיין אידעע ניט. דערפאַר אָבער זיינען זיי גרויסע בריות אין אָפענעם שלאַכט־פעלד. זייערע פיילען טרעפען זעהר ווייט אין ציל. ווען עס קומט זיי אויס צו שלאָגען זיך האַנט צו האַנט, בעווייזען זיי אונגעוועהנליכע

גבורות. אין איין האַנט האַלטען זיי אַ שווערד און אין דער אַנדערער אַ שטריק, וועלכע האָט אַ פעטליע ביים ענדע, און מיט דיזער שטריק פאַנגען זיי דעם שונא און מאַכען איהם אונשעדליך אָדער שלאָגען איהם טויט.

זיי אַקערן ניט און זעען ניט. זיי זיינען קיינמאָל ניט לאַנג אויף איין אָרט, נאָר אימער וואַנדערן זיי אין זייערע וואָגענס פון אָרט צו אָרט. די וואָגענס זיינען די הויפט־וואוינונגען פיר די פרויען און די קינדער ביז זיי וואַקסען אויס און בעזעצען זיך אויף אימער אויף זייערע פערד. די לייט וויסען ניט פון וואַנען זיי קומען, וואו זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. מען קען מיט זיי קיין אָפּמאַך ניט מאַכען, ווייל זיי האַלטען ניט קיין פערשפּרעכען. ווי די ווילדע חיות האָבען זיי קיין בעגריף ניט פון עהרע און פון אַנשטענדיגקייט. זייער שפּראַך איז אונפערשטענדליך, זיי האָבען ניט קיין רעליגיאָן און קיין רעליגיאָנס־דינסט. זיי האָבען אַן אונגעוועהנליכע ליידענשאַפט צו גאָלד".

די הוננען האָבען זיך שוין צוטיילט אין די פריהע צייטען. איין טייל האָט זיך בעזעצט צווישען דעם אָקסוס און יאַקסאַרטעס (טייכען אין טורקעסטאַן) און דער אַנדערער טייל — ביי די ברעגען פון דער וואָלגאַ. אין 4טען יאָהרהונדערט זיינען זיי פון דיזע לענדער ארויסגעשטויסען געוואָרען פון אַנדערע פעלקער און זיי האָבען געצוואונגען ווייטער צו מערב. צוערסט האָבען זיי אָנגעגריפען די אַ ל אַ נ ע ן, אַ מוטיגעס, פרייעס רייטער־פאָלק, וואָס איז דאַמאָלס געזעסען צווישען דעם דאָן און דער וואָלגאַ, און האָבען זיי בעזיגט, אַ טייל האָבען זיי פעריאָגט און אַ טייל געצוואונגען זיך מיט די הוננען פעראייניגען. אויך די גאָטען האָבען זיך געמוזט אונטערוואַרפען אונטער די הוננען. אַנפאַנגס האָבען די אָסט־גאָטען (די גאָטען פון מזרח) אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער פיהרער הערמאַנריך אָפּגעטריבען די הוננען, אָבער ענדליך האָבען די הוננען זיי בעזיגט, און הערמאַנריך האָט זיך פון עגמת נפש אַליין דאָס לעבען גענומען (אין יאָהר 373 נ. קר.). אונטער דער רעגירונג פון הערמאַנריך'ס נאָכפאָלגער האָט זיך אַ טייל פון די גאָטען אונטערוואָרפען אונטער די הוננען און אַ טייל איז געבליבען אונאָפּהענגיג. פון די וועסט־גאָטען (גאָטען פון מערב) האָט אַ טייל איבערגעוואַנדערט נאָך די קאַרפּאַטען־בערג און אַ טייל אונטער דעם פיהרער פ ר י ע ד י ג ע ר ן האָט געבעטען, מען זאָל זיי אויפנעהמען אין די רוימישע אימפעריע. פריעדיגערן, וועלכער איז שוין דאַמאָלס געווען אַ קריסט, איז צוזאַמענגעקומען צו דיזען צוועק מיט דעם קייזער וואַלענס אויף דעם דונאַי, און ער איז אָנגענומען געוואָרען אין דער רוימישער מלוכה. מיט אַ מחנה פון 200,000 מאַן איז פריעדיגערן איבערגעגאַנגען דעם דונאַי און האָט זיך בעזעצט אין דער פּראָ-

ווינץ מאָזיען, וואָס דער קייזער וואַלענס האָט זיי אָפּגעגעבען. אָבער די רוימישע שטאַטהאַלטער האָבען זיי אַזוי געפּרעסט און געשונדען, דאָס זיי זיינען געוועזען געצוואונגען צו מאַכען אַן אויפשטאַנד און האָבען אָנגעפאַנגען צו רויבען אין די בענאַכבאַרטע פּראָווינצען. דער קיסר וואַלענס איז אַרויס געגאַנגען זיי צו אונטעריאָכען זיי, אָבער זיי האָבען איהם ביי אַדריאַנאָפּעל גענצליך געשלאָגען און ער איז געוועזען געצוואונגען זיך צו בעהאַלטען אין אַ בויערן־שטיבעל. אָבער די גאָטען האָבען אָנגעצונדען דאָס שטיבעל און וואַלענס איז אומגעקומען אין די פלאַמען.

ערסט ט ה ע אָ ד אָ ס י ו ס ׳ ן, דעם קייזער פון מאָרגענלאַנד (מזרח), איז עס געלונגען צו מאַכען אַן ענד צו דעם קריג מיט די גאָטען. ער האָט פערשטאַנען, דאָס זיין מיליטער איז ניט אין שטאַנד צו שטרייטען אין אַן אָפענער שלאַכט מיט די מוטיגע נאַטור־מענשען. ער האָט דעריבער געזוכט צו מאַכען אונאייניגקייט צווישען די פערשיידענע שטאַמען פון די גאָטען און אַריבערצובריינגען זייערע פיהרער אויף דער זייט פון די רוימער. דיזע פּאָליטיק האָט געפיהרט דערצו, דאָס ענדליך האָבען די רוימער מיט די גאָטען געשלאָסען פרידען, לויט וועלכען די וועסט־גאָטען האָבען בעקומען די פּראָווינצען טהראַציען, מאָזיען און דאַציען זיך אויף אימער דאָרט צו בעזעצען, און דערפאַר האָבען זיי זיך פערפּליכטעט יעהרליך די רוימער צו צאָהלען אַ בעשטימטען טריבוט (מס).

באַלד נאָך דעם, ווי טהעאָדאָסיוס איז געוואָרען אַליין־הערשער, האָט ער אַרויסגעגעבען אַ שטרענגען בעפעהל צו בעקעמפען דאָס היידענטום. די טעמפּלען פון די היידען זיינען טיילס צושמעטערט געוואָרען און אַ טייל געשלאָסען געוואָרען, די קרבנות צו די געטער זיינען שטרענג פערבאָטען געוואָרען, און די אָנהענגער פון דעם היידענטום זיינען שטאַרק פערפאָלגט געוואָרען. די אומשטענדען האָבען זיך דאָרט געענדערט, די פערפאָלגטע קריסטען זיינען געוואָרען פערפאָלגער. ווי מעכטיג די קריסטליכע קירכע איז געוואָרען אין אַ קורצער צייט, איז צו שליסען דערפון, דאָס דער בישאָף אַמבראָזיוס פון מאַילאַנד (מילאַנאָ) האָט אַרויפגעלעגט אַ שווערע קירכען־שטראָף אויף דעם קייזער דערפאַר, וואָס ער האָט געלאָזט ערמאָרדען 7,000 בירגער פון טהעססאַלאָניק, ווייל זיי האָבען צום טויט געשלאָגען אַ רוימישען שטאַטהאַלטער און אייניגע מאַגיסטראַט־בעאַמטע, וועלכע האָבען אונמענשליך געדריקט. אַלס דער קייזער האָט געוואָלט נאָך דעם שרעקליכען בלוט־באַד אַריינגעהען אין די קירכע פון מאַילאַנד, האָט איהם דער בישאָף אַמ-

בראזיום ניט אריינגעלאזען, און האט איהם ניט ערלויבט קיין אנטייל נעהמען אין דער עבודה, ווייל זיינע הענט זיינען בעשמוצט געווען מיט בלוט פון אונשולדיגע. טהעאדאסיום האט זיך געמוזט אונטערוואַרפען אונטער א קירכען-תשובה, וועלכע האט געדויערט 8 פולע מאנאטען.

מיר האבען עס שוין פריהער ערצעהלט, דאס פאר זיין טויט האט טהעאדאסיום די רוימישע אימפעריע צוטיילט צווישען זיינע צוויי זיהן ארקאדיוס און האנאריוס, פון וועלכע דער ערסטער איז געוואָרען הערשער און דעם מזרח-טייל פון דער אימפעריע און דער צווייטער אין דעם מערב-טייל. די ביידע הערשער האבען צוזאמען געארבייט געגען די גאטען און געגען זייערע אנפאלען אויף די פראווינצען פון דער רוימישער אימפעריע. נאך דעם, ווי די גאטען האבען אויסגעשעפט די קראפט פון דעם באדען אין די ערטער, וואו זיי האבען זיך בעזעצט מיט דער ערלויבנים פון די רוימער, נעמליך: אין טהראציען און מאזיען, האבען זיי אויסגעוואנדערט פון דאָרט און האבען זיך געלאזען אין גריכענלאנד. אין אטהען האבען זיי בעקומען א גרויסע סומע אויסקויף-געלט. דאמאלס איז סטיליכא, דער אויסלענדישער מיניסטער פון דער מערב'דיגער אימפעריא ארויס געגען די גאטען מיט א פלאטע און האט זיי ארומגערינגעלט ארום פעלאפאננעסוס, וואו זיי האבען זיך דאמאלס געפונען. מיט גרוים מיה איז עס די גאטען געלונגען זיך ארויסצודרעהען פון דער געפאהר. אום זיי צו בערוהיגען האט זיי דער הערשער פון דער מזרח'דיגער אימפעריע אפגעגעבען די פראווינץ איללירי‌ען צו בעזעצען זיך דאָרט.

די גאטען אין איללירי‌ען זיינען אבער געוואָרען זעהר געפעהרליכע נאכבארען. עס האט ניט לאנג געדויערט און די גאטען, אונטער דער פיהרערשאפט פון אלאריך'ן, זיינען בעפאלען איטאליען, האבען בערויבט פיעלע שטעדט ביז זיי זיינען געקומען צו דער עבענע פון דעם טייך פא. דא איז איהם ענטקעגען געקומען סטיליכא און האט איהם, אלאריך'ן, צוויי מאל בעזיגט: איין מאל ביי פאללענטיא און דעם צווייטען מאל ביי וועראנא אין יאהר 305 נ. קר., אזוי דאס ער איז געווען געצוואונגען צוריקצוקעהרען זיך נאך איללירי‌ען. אבער נאך דעם, ווי די גאטען זיינען פערטריבען געוואָרען פון איטאליען, זיינען אנדערע בארבארען בעפאלען אויבער-איטאליען און האנאריוס איז געווען געצוואונגען איבערצוטראגען זיין רעזידענץ נאך דער בעפעסטיגטער ראוועננא. די בארבארען זיינען געווען פון פערשיידענע שטאמען: בורגונדער, סועווען, אלאנען און וואנדאלען,

וועלכע האבען איבערגעשטיגען די אלפען און זיינען אנגעפאלען אויף אי־טאליען אייער דער פיהרונג פון זייער קאמאנדיר ר א ד א ג א י ס. 200,000 מאן זיינען געווען אין דער ארמעע פון די בארבארען, וועלכע האבען פערוויסטעט גאנצע געגענדען. ביי דער פעסטער שטאדט פלארענץ איז געקומען אן ענד צו זייערע זיגען און פערוויסטונגען. די מויערן פון דיזער שטאדט זיינען געווען צו שטארק פיר זיי. דערוויל איז אנגעקומען סטיליכא מיט א גרויסער מעכטיגער מיליטער־מאכט און האט זיי גענצליך צושלאגען. דעם פיהרער פון די בארבארען, ראדאגאיס, האט מען געפאנגען און געטויטעט. פיעלע פון זייערע העלדען זיינען אריינגעטרעטען אין רוי־מישען מיליטער־דינסט. אבער דער גרעסטער טייל פון די בארבארען האט דער רוימישער שווערד פערניכטעט און זעהר פיעלע זיינען צושטארבען פון הונגער און קראנקהייט.

די רעסטען פון די בארבארישע טרופען זיינען געלאפען איבער די אל־פען־בערג צוריק, און האבען צושטערט פיעלע שטעדט: ווארמס, שפייער, שטראססבורג און באזעל. זיי האבען זיך אריינגעריסען אין גאלליען און האבען געבראכט דערצו, דאס גאלליען איז פיר די רוימער אין גאנצען פערלארען געגאנגען. דאס זעלבע איז געווען אין שפאניען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואס דיזע לענדער האבען זיך אזוי לייכט אפגעווארפען פון דער רוימישער רעגירונג, ווייל איהרע בעאמטע האבען אזוי געדריקט דאס פאלק און אזוי פיעל געשונדען פון זיי די הויט, דאס יעדע ענדערונג איז פיר זיי גוט געווען, יעדע אנדערע רעגירונג איז פיר זיי בעסער געווען פון דער רוי־מישער. עס האט זיך געפיהלט אין דער לופט, דאס די אלטע וועלט מיט איהר גאנצער קולטור איז באנקראט. עס מוז עפעס אן אנדער ארדנונג אריינטרעטען אין קראפט.

פריהער פון אלץ איז געווארען אן אנדער סארט גרופירונג פון די שטאא־טען. די וואנדאלען, סועווען און אלאנען האבען איינגענומען די פירענאאישע האלב־אינזעל און האבען זיך דארט בעזעצט. די וואנדאלען האבען זיך בע־זעצט אין אנדאלוזיען, די סועווען אין גאליציען (וואס אין שפאניען) און די אלאנען אין פארטוגאל. די ב ו ר ג ו נ ד י א נ ע ן האבען איינגענו־מען דאס שענע און פרוכטבארע געביט אויף דער רהאנע (טייך)ביים יורא (בארג) און ביים אויבער־רהיין, און האבען דארט געגרינדעט די בורגונ־דישע מלוכה. די הויפט־שטאדט פון דיזער מלוכה איז געווען ווארמס. זיי האבען נאך דעם פיעל פערגרעסערט זייער מלוכה, אבער די הונען האבען זיי א שטארקען שטויס געגעבען. מיר וויסען זעהר וועניג פון דער געשיכטע

פון יענער צייט. נאָר אייניגע שוואַכע קלאַנגען פון דער דאָזיגער צייט זיינען פערבליבען אין דעם בעוואוסטען ניעבעלונגען־ליד.

סטיליכאָ האָט ניט געקענט אָפּהאַלטען דעם אָפּפאַל פון דיזע פּראָ-ווינצען פון דער רוימישער אימפּעריע. ער האָט זיך אַלע מיה געגעבען וועגיגסטענס איטאַליען צו בעשיצען. אום דיזעס צו פערזיכערן, האָט ער געשלאָסען פריינדשאַפט מיט אַלאַריך׳ן, דעם גרעסטען פיינד פון די רוימער, וועלכע האָבען זיך פערפליכטעט צו צאָהלען יעהרליך צו די גאָטען 4,000 פונט גאָלד, אום זיי זאָלען איטאַליען ניט אָנגרייפען. מיט דיזען אָפּמאַך זיינען פיעלע געווען אונצופרידען, און די פיינד פון סטיליכאָ׳ן האָבען זיך בענוצט דערמיט אום איהם צו שטירצען. מען האָט איהם פערקלאָגט ביי דעם קעניג, דאָס ער וויל שטירצען דעם קעניג און פערכאַפּען דעם טראָן, און ער איז דעריבער צום טויט פעראורטיילט געוואָרען. סטיליכאָ האָט זיך געוואָלט שיצען ביי אַן אַלטאַר, אָבער דיזעס איז איהם ניט געלונגען. מען האָט איהם אַרויסגענאַרט פון טעמפּעל דורך פאַלשע פערשפּרעכונגען און מען האָט איהם ערמאָרדעט צוזאַמען מיט זיינע פריינד און אָנהענגער. ער איז געשטאָרבען מיט דעם העלדען־מוט און דער קאַלטבלוטיגקייט פון אַן אַלטען רוימער. דער פעהלער, וואָס האָנאָריוס האָט געמאַכט מיט דעם, וואָס ער האָט ערמאָרדעט זיין בעסטען און גרעסטען שטאַאטסמאַן, האָט געפיהרט צו אַן אַנדער פעהלער, וואָס ער האָט זיך ענטזאָגט צו צאָהלען דעם טריבוט צו די גאָטען. דאַמאָלס איז אַלאַריך געקומען אין איטאַליען און האָט בעלאַגערט רוים. עס איז באַלד ענטשטאַנען דאָרט אַ הונגער־נויט, און דיזעס האָט געצוואונגען די רוימער צו אונטערהאַנדלען מיט אַלאַריך׳ן.

די שלוחים, וואָס די רוימער האָבען געשיקט צו אונטערהאַנדלען מיט אַלאַריך׳ן, האָבען איהם פאָרגעשטעלט די גרויסע מאַכט פון רוים און די גרויסע צאָהל סאָלדאַטען, וואָס געפינען זיך אין שטאָדט, אַזוי דאָס רוים איז נאָך שטאַרק גענוג אום קריג צו פיהרען. דערויף האָט אַלאַריך מיט אַ געלעכטער געענטפערט: „וואָס געדיכטער די היי איז, אַלץ לייכטער צו שניידען”. אַלאַריך האָט פערלאַנגט פון די רוימער פיר זיין אַראָפּגעהמען די בעלאַגערונג 5,000 פונט גאָלד, 30,000 פונט זילבער, 3,000 פעלען געפאַרבט אין פורפור, 4,000 זיידענע קליידער און 3,000 פונט פעפער. די שלוחים זיינען דערשראָקען געוואָרען הערענדיג זיין פערלאַנג און האָבען איהם געפרעגט: „און וואָס לאָזט מען שוין אונז איבער?” „דאָס לעבען”, האָט אַלאַריך געענטפערט. גרויסע מיה און אָנשטרענגונג האָט געקאָסט די רוימער ביז זיי האָבען ערפילט די פאָדערונגען פון אַלאַריך׳ן. ענדליך האָט

אַלאַריך בעקומען וואָס ער האָט פערלאַנגט, און ער האָט אויפגעהויבען די בעלאַגערונג פון רוים און איז אוועק מיט זיין מחנה אין די עבענע פון טאָסקאַנאַ. אין דער זעלבער צייט האָט ער אונטערגעהאַנדעלט מיט דעם קייזערליכען קאַבינעט אין ראַוועננאַ וועגען איבערגעבען איהם די פּראָווינץ נאָריקום צום בעזיץ פיר איהם און זיינע לייט, און וועגען געבען איהם דעם טיטעל פון אויבער-קאָמאַנדיר אין דער רוימישער אימפּעריע. דער קאַבינעט אין ראַוועננאַ האָט איהם ענטזאָגט זיינע פאָדערונגען, און אַלאַריך איז ווידער געגאַנגען אויף רוים. דאָרט האָט ער דעם שטאָדט-פּרעפעקט (ביר-גער-מייסטער) אטטאַלוס געקרוינט פיר אַ צווייטען קיסר: דערמיט האָט ער געמיינט דעם קייזער אין ראַוועננאַ צו צווינגען נאָכצוגעבען איהם זיינע פאָדערונגען. אָבער ווען דאָס האָט ניט געווירקט, האָט ער בערויבט די שטאָדט רוים אויף דער שרעקליכסטער אַרט. אַלץ, וואָס האָט געהאַט עפּעס אַ ווערט, איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די גאָטען. מיט דער מאַכט פון שווערד און קנוט האָבען זיי געצוואונגען יעדען אויסצוזאָגען, וואו זיי האָבען בעהאַלטען זייערע ווערטפולע זאַכען. און נאָך דעם, ווי זיי האָבען אַלץ אוועקגערויבט, האָבען זיי די הייזער און אַנדערע געביידעס פערברענט, אַזוי דאָס גאַנץ רוים איז פערניכטעט געוואָרען.

ווי ווייט דער רוימישער קיסר פון יענער צייט האָט זיך אינטערעסירט אין זיין פאָלק און זיין לאַנד, קען מען קלאָר זעהן פון דער פאָלגענדער גע-שיכטע, וואָס דאָס פאָלק האָט דאַמאָלס ערצעהלט. אַלס דער עוונוך (סריס), וואָס איז געוועזען דער אויפזעהער איבער די געפליגעל (עופות) פון קייזערלי-כען הויף אין ראַוועננאַ, האָט אָנגעזאָגט די שלעכטע בשורה דעם קיסר, דאָס רוים איז פערניכטעט, האָט דער קיסר מיט פערוואונדערונג איהם געפרעגט: „ווי קען עס זיין אַזוי פּלוצלינג, זי האָט דאָך גאָר ניט לאַנג צוריק גענומען שפּייז פון מיין האַנט!" אום דאָס צו פערשטעהן, דאַרף מען וויסען, דאָס צווי-שען די עופות פון קייזערליכען הויף האָט זיך געפונען אַן אונגעוועהנליכע הוהן, וועלכע מען האָט גערופען ר אָ מ אַ. דער קיסר האָט געמיינט, דאָס דער עוונוך האָט איהם אָנגעזאָגט, דאָס זיין געליבטע גרויסע הוהן ראָמאַ איז אומגעקומען. אָבער אַלס דער עוונוך האָט איהם ערקלערט, דאָס די אייביגע שטאָדט רוים איז פערניכטעט געוואָרען, האָט דער קיסר קאַלטבלוטיג געזאָגט: „און איך האָב געמיינט, דאָס מיין געליבטע הוהן ראָמאַ איז פערניכטעט געוואָ-רען". פינף טעג נאָכאַנאַנד האָבען די גאָטען גערויבט און געברענט די שטאָדט רוים, און נאָך דעם, ווי עס איז שוין גאָרניט געבליבען וואָס צו טאָן דאָרט, האָבען זיי פערלאָזען רוים און האָבען זיך אריינגעריסען אין קאַמפּאַניען.

דאָרט האָבען זיי געלעבט אַ גוטען טאָג, האָבען געהולטייעוועט אויף וואָס די וועלט שטעהט. אַלאַריך האָט זיך אָנגעהויבען צוגרייטען צו אַ פעלד־צוג נאָך סיציליען, אָבער עס האָט איהם פערכאַפּט אַ פּלוצלינגע קראַנקהייט און ער איז געשטאָרבען. זיין קערפּער האָבען די גאָטען אַריינגעלעגט אין אַ טייערען אָרון מיט זעהר פיעלע רייכע אוצרות, האָבען אָפּגעצויגען דאָס וואַסער פון דעם טייך בוזענטאָ אָן אַ זייט, האָבען אויסגעגראָבען אַ קבר אויף'ן גרונד פון דעם טייך, און האָבען דאָרט בעגראָבען אַלאַריך'ן מיט אַלע אוצרות, און נאָכדעם האָבען זיי דאָס וואַסער פון דעם טייך צוריקגעלאָזען געהן אויף דעם געוועהנליכען פריהערדיגען גרונד. און אום קיינער זאָל ניט וויסען דעם אָרט, וואו אַלאַריך איז בעגראָבען געוואָרען, האָבען די גאָטען ערמאָרדעט די קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבען געגראָבען זיין קבר.

נאָך דעם טויט פון אַלאַריך'ן האָבען די גאָטען ערוועהלט אַלס זייער חיל־פיהרער זיין שוואָגער אַטהאולף. דיזער האָט ווידער אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלונגען מיט דעם קייזערליכען הויף אין ראַווענאַ און האָט פערלאַנגט מען זאָל איהם ערלויבען צו נעהמען פיר זיך דעם קיסר'ס שוועסטער, פּלאַצידיאַ, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אַלס געפאַנגענע ביי די גאָטען; אויסער דעם האָט ער פערלאַנגט מען זאָל איהם אָפּגעבען גאַלליען און שפּאַניען אַלס בעזיץ פיר זיין פאָלק, די גאָטען. דער קיסר האָט געמוזט איינשטימען אויף דיזע פאָדערונגען און האָט ערלויבט די גאָטען זיי זאָלען דיזע פּראָווינצען אונטערוואַרפען אונטער זייער מאַכט. אַטהאולף האָט אין אַ קורצער צייט אונטערוואָרפען אונטער זיין מאַכט דרום־גאַלליען (דרום־פראַנקרייך), און האָט אָנגעהויבען זיך צוגרייטען איבערגעהן די פּירענעאָאישע בערג אום אויף שפּאַניען צו אונטערוואַרפען. אָבער פריהער האָט ער געפייערט זיין האָכצייט מיט פּלאַצידיאַ'ן אין נאַרבאָננע, אַ שטאָדט אין דרום־גאַלליען. די גאָטען האָבען זיין פרוי זעהר פיעלע רייכע מתנות געגעבען אַלס חתונה־געשענק. פאַר דער הייראַט־צערעמאָניע איז אַטהאולף געזעסען נעבען איהר טראָן מיט אַ שטופע נידריגער, נאָך דער צערעמאָניע איז ער געזעסען גלייך מיט איהר. דער שלום צווישען די רוימער און די גאָטען האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. עס האָט ווידער אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען זיי, אין וועלכען אַטהאולף איז געפאַלען ביי באַרצעלאָנאַ (415).

נאָך דעם טויט פון אַטהאולף'ן האָבען די גאָטען ערוועהלט ו ו אַ ל־ל י אַ'ן צום מיליטערישען פיהרער. דיזער האָט ווידער געשלאָסען פריינדשאַפט מיט די רוימער, און דער קיסר האָט זיי פערשפּראָכען ערטער צום בעזעצען זיך אין דרום־גאַלליען, ווען זיי וועלען פערטרייבען די באַרבאַרען פון

דאָרט. די גאָטען האָבען זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט. זיי האָבען בעזיגט די גאַנצע פּירענאָאישע האַלב־אינזעל, האָבען דעם שטאַרקסטען שטאַם פון די באַרבאַרען, נעמליך די וואַנדאַלען, אין גאַנצען פערניכטעט, און די קלע־נערע שוואַכע שטאַמען האָבען די גאָטען צוזאַמענגעפּרעסט אין אַ קליינעם אָרט. אַלס בעלוינונג פיר דיזע אַרבייט האָבען די גאָטען ערהאַלטען אַ גרויסעס שטיק לאַנד, נעמליך די פּראָווינץ אַקוויטאַניען, צווישען די טייכען גאַראָנע און לואַר ביז צום מיטטעללענדישען מעער. דיזעס שטיק לאַנד האָט זיך פון דעם יאָהר 401 אָנגעפאַנגען צו רופען „די וועסט־גאָטישע מדינה”. די הויפּט־שטאָדט פון דיזער מדינה איז געווען דאַמאָלס טאָלאָזאַ, די היינטיגע טולוז. לערך 50 יאָהר האָבען די גאָטען געוואַנדערט אין פער־שיידענע לענדער: גריכענלאַנד, איטאַליען, גאַלליען און שפּאַניען, האָבען פיעלע צרות אָנגעטאָן די רוימישע אימפּעריעם פון מזרח און פון מערב ביז עס איז זיי ענדליך געלונגען גרינדען אַ מלוכה אין שפּאַניען. זייער בעריה־רונג מיט די רוימער האָט זיי פיעלע נוצען געבראַכט: זיי האָבען געלערנט פון זיי פיעלע וויכטיגע קולטור־זאַכען. זייערע אייגענע נאַטירליכע פעהיג־קייטען האָבען זיי געהאָלפען צו מאַכען גרויסע פאָרטשריטען אין קונסט און וויסענשאַפט, אַזוי דאָס זיי האָבען אין אַ קורצער צייט איבערגעשטיגען די רוימער.

נאָך דעם, ווי וואַלליאַ האָט די וואַנדאַלען פערטריבען ביז גאַליציען (אין שפּאַניען), האָט זיי גייזעריך ווייטער צו דרום געדריקט, און אין יאָהר 439 האָבען זיי געמוזט אין גאַנצען פערלאָזען די פּירענאָאישע האַלב־אינזעל און האָבען איבערגעוואַנדערט נאָך צפון־אַפריקאַ. דאַמאָלס איז דער רוימישער שטאַטהאַלטער באָניפאַציוס אָפּגערופען געוואָרען פון יע־נער פּראָווינץ, ווייל דער מיניסטער און שטאַאַטסמאַן אַעטיוס האָט ענטדעקט, דאָס ער וויל מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען דעם קיסר וואַלענ־טיניאַנוס דעם 3טען (425—455). באָניפאַציוס אָבער האָט פאָרויסגעזעהן די געפאַהר און האָט זיך פאָרבעררייטעט. ער איז נעמליך אָפען אַרויס מיט אַ בונט און האָט גערופען די וואַנדאַלען צו הילף. דיזע זיינען ווירקליך געקומען, אָבער ניט אַלס מיטהעלפער, נאָר אַלס זעלבשטענדיגע קריגער. באַלד ווי באָניפאַציוס האָט זיך דערוואוסט פון זייער אַבזיכט, איז ער אַרויס געגען זיי מיט אַ בעוואָפענטער מאַכט אום צו שטערען זייער לאַנ־דונג. ער איז אָבער צוויי מאָל געשלאָגען געוואָרען פון די וואַנדאַלען, און ער איז געווען געצוואונגען זיך צוריקציהען אין דער פעסטונג היפּפּאָ רעגיוס. אָבער די וואַנדאַלען האָבען איינגענומען פיעלע שטעדט איינע

נאָך דער אַנדערער און באַניפאַציוס איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען נאָך איטאַליען מיט אַ קליינער מחנה סאָלדאַטען. די וואַנדאַלען האָבען דאָ אַנגעמאַכט אַן אמת׳ען חורבן. עס איז ניט צו שילדערן, וואָס פיר אַ וויס-טענים זיי האָבען געמאַכט פון דער פרוכטבארער פּראָווינץ, וואָס האָט הונ-דערטער יאָהרען כסדר געשפּייזט רוים און גאַנץ איטאַליען מיט ברויט. די פּראָווינץ האָט געבליהט אין ליטעראַטור און וויסענשאַפט, אין האַנדעל און אין אינדוסטריע, יעצט האָבען זי די וואַנדאַלען אַזוי פערוויסטעט און בע-רויבט, אַז עס איז אין איהר קיין שפור פון לעבען ניט פערבליבען. זעהר פיעלע שטעדט מיט צאָהלרייכע בעפעלקערונגען זיינען פערניכטעט געוואָרען, און עס זיינען פון זיי נאָר חורבות איבערגעבליבען. די רייכע פּאַלאַצען זיינען בערויבט און נאָך דעם פערניכטעט געוואָרען. די קירכען זיינען אַלע גע-פּלינדערט געוואָרען, די גייסטליכע ערמאָרדעט, די איינוואוינער אַלע, אַלט און יונג, מענער און פרויען, אָרעם און רייך, זיינען ערמאָרדעט און געשענ-דעט געוואָרען אָהן שום ערבארמונג. די וואַנדאַלען האָבען דאָרט געבושעוועט איינפאַך ווי ווילדע חיות.

די וואַנדאַלען האָבען אין צפון־אַפריקאַ געגרינדעט אַ נייע רויבערישע מדינה, און פון דאָרט האָבען זיי פערברייטעט זייער הערשאַפט אויף סיציליען און אויף די באַלעאַרישע אינזלען און האָבען אויך דאָס גאַנצע מיטלענ-דישע מעער געמאַכט אונזיכער דורך זייער ים־רויבעריי. זיי האָבען אויך אַלע אינזלען און פיעלע האַפען־שטעדט אין דעם מערב־טייל פון מיטלענדישען מעער אויסגעפּלינדערט און פערוויסטעט. זיי האָבען אויך רוים ניט איבער-געלאָזען און האָבען ביי דער שטאָדט באַנאַ צושטערט אַ רוימישע פלאָטע פון טויזענד שיפען. ערסט אין 6טען יאָהרהונדערט איז עס געלונגען בע-ליזאַר׳ן, דעם קריגס־קאָמאַנדיר פון דעם מזרח־רוימישען קייזער יוסטיניאַ-נוס דעם 1טען, צו מאַכען אַן ענדע צו זייערע רויבערייען און פערוויסטונ-גען, און ער האָט זיי אַזוי פערניכטעט, דאָס דער נאָמען וואַנדאַל איז פון דער געשיכטע פערשוואונדען.

דער רעזולטאַט פון דער פעלקער־וואַנדערונג איז געווען, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, דאָס רוים האָט פערלאָרען איהרע שענסטע און בעסטע פּראָווינ-צען: דרום־גאַלליען, שפּאַניען און צפון־אַפריקאַ. באַלד האָט זי אויך ברי-טאַנניען פערלאָרען. די קעלטיש־רוימישע בעוואוינער פון בריטאַנניען אָדער די בריטען האָבען זיך אַליין ניט געקענט בעשיצען געגען די פרעמדע, וואָס האָבען אָנגעהויבען אָנצופאַלען אויף זיי קומענדיג פון שאָטלאַנד, אַזוי דאָס זיי זיינען געווען געצוואונגען רופען צו הילף די אַנגלען און די זאַק-

סען, גערמאַנישע שטאַמען, וועלכע האָבען געפּלינדערט און פּערוויסטעט אין דעם דרום־ענד פון בריטאַנניען. אָבער ווי די אַנגלען און זאַקסען זיי־נען געוואָרען די זיגער האָבען זיי זיך בעזעצט אין לאַנד, האָבען זיך גע־מאַכט פיר בעלי בתים, און האָבען דאָרט געגרינדעט 7 קליינע מלוכות, נעמ־ליך: קענט, סוססעקס, וועססעקס, עססעקס, גאָרטהומבערלאַנד, אָסטאַנגעלן און מערציא. נאָר אין טייל פון די אַלטע אור־איינוואוינער, נעמליך, די קעלטישע בעפעלקע־רונג פון דעם געבירג פון וועלס, האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפען אונטער די אַנגלאָ־זאַקסען. דאָס האָבען זיי געהאַט צו פערדאַנקען זייער העלדישען פיהרער אַרטהור (געשטאָרבען אין יאָהר 537). דיזער בעריהמטער קריגס־קאָמאַנדיר איז שפּעטער געוואָרען דער צענטער פון פיעלע זאַגעס, אַלס קע־ניג אַרטוס.

ווען דיזע בעזיגונגען פון די אַנגלאָ־זאַקסען האָבען זיך אָנגעפאַנגען, האָט די מערב־רוימישע אימפּעריע בעקומען אַ צווייטען שטויס דורך די פעלקער־וואַנדערונג, וועלכע איז נאָך פיעל געפעהרליכער געוועזען פון דעם ערסטען שטויס. די הויפּט־אורזאַך פון דיזען שטויס זיינען ווידער געוועזען די הונ־נען. זיי האָבען דאַמאָלס אַריינגעדרונגען אין די מדינה, וועלכע איז היינט בעוואוסט אונטער דעם נאָמען אונגאַרן, און האָבען זיך דאָרט בעזעצט. די גערמאַנישע פעלקער, וואָס זיינען דאָרט געזעסען אין יענער צייט, זיינען געצוואונגען געוועזען פון דאָרט אויסצואוואַנדערן. די איינצעלנע שטאַמען פון די הונען האָבען זיך דאַמאָלס פעראייניגט אין איין גרויסען בונד, אין דער שפּיץ פון וועלכען עס איז ערוועהלט געוואָרען אַטטילאַ. דיזער בעריהמטער קריגער האָט אונטערוואָרפען אונטער זיין מאַכט די בענאַכ־באַרטע פעלקער: די געפּידען, לאַנגאָבאַרדען, אַוואַרען, אָסט־גאָטען, הערולער, רוגיער און טורציליגגער, אַזוי דאָס די הונען־מלוכה האָט זיך אויסגעברייטעט פון דעם דונאַי ביז צו דער וואָלגאַ. די רעזידענץ פון דיזער מלוכה האָט אַטטילאַ געמאַכט נאָהענט פון די קאַרפּאַטען־בערג, צווישען די טייכען: טהייס און דונאַי. דאָס איז געוועזען אַ זעהר גרויסער דאָרף. אין מי־טען פון דיזען דאָרף איז געשטאַנען אַטטילאַ'ס שלאָס, אַ הילצערנער בנין מיט זעהר פיעלע צימערן, אַרומגערינגעלט מיט הויכע הילצערנע פּלעקער. דער רעדנער פּריסקוס שילדערט דאָס לעבען פון אַטטילאַ'ן און זיין שלאָס מיט פאָלגענדע ווערטער:

„דאָס גרויסע דאָרף, אין וועלכען אַטטילאַ האָט געהאַט זיין רעזידענץ, איז געווען אין דער געגענד, אין וועלכער עס געפינט זיך היינט די שטאָדט

טאקאי. אין מיטען פון דיזען דארף איז געשטאנען אטטילא'ס רעזידענץ. דאס איז געווען א זעהר גרויסע געביידע מיט פיעלע נעבען־געביידעס פיר פרויען, בעדינטע, אלעס געמאכט פון האלץ, אויסער דעם באד, וואס א רוי-מישער ארכיטעקט האט אויסגעבויט, וועלכעס איז געווען פון שטיין. אין דיזען קעניגליכען פאלאץ האט מען געלעבט אין דעם זעלבען לוקסוס ווי אין ראווענגא און קאנסטאנטינאפעל. די הייזער פון די גרויסע בעאמטע זיינען געווען פערפוצט מיט דעם רויב פון די גריכישע שטעדט. די מיליטער-פיהרער, די הויף־בעאמטע און די גרויסע צאהל פרויען פון דעם קעניג האבען געוואוינט אין זעהר פראכטפולע צימערן, בעדעקט מיט טייערע טעפי-כען (קאוויארען), די טישען זיינען געווען בעדעקט מיט טייערע כלים, די שיסלען, די וואזעס, די בעכערס זיינען געווען פון ריינעם גאלד, אפילו די פערד זיינען געווען בעפוצט מיט גאלד. זייערע שווערדען, ווי אויך זייערע שיך, זיינען געווען מיט טייערע עדעל־שטיינער בעזעצט".

„נאר אטטילא אליין האט זיך אויפגעפיהרט איינפאך, ווי זיינע על-טערן. ער האט געגעסען און געטרונקען פון הילצערנע כלים; זיין שפייז, זיינע קליידער און זיינע געוועהר זיינען געווען די זעלבע, ווי ביי א געוועהנ-ליכען מאנגאלישען פאסטוך. לויט ווי די גריכישע שרייבער שילדערן איהם, איז אטטילא געווען אן אויסערגעוועהנליכער מענש. ער איז געווען ערנסט, מיט פיעל ווירדע. מיט זיין פערזאן און אויפפיהרונג איז ער געווען א גרוי-סער קאנטראסט צו די טריילאזע, פערשווענדעריש־צולאזענע רוימער. די, וואס האבען זיך געפונען נאהענט צו איהם, האבען איהם מעהר פערעהרט איידער געפירכטעט. ער האט געלעבט איינפאך און איז געווען מעסיג אין זיינע גענוסען: פרויען און יונג־פרויען פלעגען איהם אימער מיט פרייד בעגריסען מיט זייערע ליוב־געזענג. ביי זיין ריכטער־שטוהל האבען אלע פארטייען געפונען גערעכטיגקייט. זיין מוח איז אימער געווען בעשעפטיגט מיט גרויסע וויכטיגע געדאנקען, דאך האט ער קיינמאל ניט געשטערט די לייט אין זיין הויף צו זיין פרעהליך און צו לעבען א גוטען טאג. ער האט זיינע לייט אפילו ניט פערוועהרט אפטמאל זיך נאריש צו מאכען און שפא-סען. ער האט אבער אויך געזארגט, דאס אין דער צייט פון א באל אין א גרויסער פרעהליכער מאהלצייט, זאל מען זינגען און שפילען אזעלכע לי-דער, וועלכע דערמאהנען די גוטע טאטען פון די עלטערן, אום דערמיט אויפ-צוואועקען אין די הערצער פון דער יוגענד עהרע צו די עלטערן און צו די פריהערדיגע דורות, און ליבע נאכצוטאן זייערע גוטע מעשים. זיינע פרויען האבען געלעבט צווישען זיך פריינדליך און זיינען געווען זעהר געזיטעט.

זיינע עלטערע זיהן האָט ער אויסגעצייכענט מיט פערשיידענע עמטער, יע- דען ווי ער האָט פערדינט, די קליינע פלעגט ער הערצליך קוסען און זיך שפּילען מיט זיי מיט גרויס פערגניגען. געגען די פרעמדע געזאַנדטע איז ער געווען זעהר פּאָרזיכטיג און האָט צו זיי וועניג צוטרויען געהאַט; ער האָט זיך די מיה געגעבען זיי צו צייגען די גרויסקייט פון זיין מאַכט און זיין גייסט, אָבער דערביי האָט ער גוט אויפגעפּאַסט אויף די געזעצען פון פעלקער־רעכט״.

די אויסערע זייט פון זיין פּערזאָן האָט אויף זיך געטראָגען דעם שטעמ- פּעל פון אַן אַזיאַטישען נאַמאַד (וואַנדערנדען פּאַסטוך). ער איז געווען קורץ און דיק מיט אַ גרויסען קאָפּ, מיט קליינע, אָבער קלוגע און שטאָלצע אוי- גען. ער אַליין האָט זיך אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „גאָדעגיזעל״, ד. ה. גאָט׳ס בייטש. אָבער ווי שטרענג ער איז געווען צו זיינע פיינד, אַזוי גוט און באַרמ- הערציג איז ער געווען צו די, וועלכע האָבען זיך אונטערוואָרפען אונטער איהם און געזוכט הילף ביי איהם. די פּערזענליכע פרייהייט, וואָס האָט געהערשט אין קעניגרייך, ווי אויך די פרייהייט פון אַלע אָפּגאַבען, ווייל דער טריבוט, וואָס די רוימער האָבען זיי געמוזט צאָהלען יעהרליך, איז געווען גענוג צו דע- קען אַלע נעטיגע אויסגאַבען פון דער רעגירונג, האָט צוגעצויגען אַ מאַסע מענ- שען פון אַנדערע לענדער זיך דאָרט צו בעזעצען. זעהר פיעלע רוימער האָ- בען זיך בעזעצט אין הונען־לאַנד.

אַטטילאַ איז געווען דער מעכטיגסטער פירסט אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג. זיין מאַכט איז געווען פערשפּרייט ווייט אין אַזיען ביז דעם טייך אייפראַט (פּרת) און דעם לבנון. די הוננען זיינען אָבער דערמיט ניט צופרידען געווען, און דעריבער האָבען זיי אין יאָהר 441 און 442 אָנגעפאַנגען אַ נייע בעוועגונג. זיי האָבען פערוויסטעט אַלע לענדער, וואָס זיינען געלעגען צווישען אַדריאַטישען און שוואַרצען מעער. דריי מאָל זיינען די קייזערליכע טרופּען געשלאָגען געוואָרען פון די הונען און איבער 70 שטעדט זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין חורבות. עס האָט שוין אויך געהאַלטען דערביי, דאָס קאָנסטאַנטינאָפּעל זאָל אריינפאַלען אין זייערע הענט. דער קיסר טהעאָדאָסיוס דער 2טער איז געווען געצוואונגען צו קוי- פען פרידען. ער האָט אָפּגעגעבען צו די הוננען די דרום־ברעגען פון דעם דונאַי און אויסער דעם פערגרעסערט דעם טריבוט, וואָס ער האָט ביז דאַן געצאָהלט, אויף 2,100 פונט גאָלד אַלע יאָהר מעהר. דער הויף פון ראַווענגאַ האָט אָבער גרויסע שוועריגקייטען געשטעלט אַטטילאַ׳ן אין וועג, און דערי- בער האָט ער בעשלאָסען צו אונטערנעהמען אַ צוג נאָך מערב.

אין יאָהר 451 האָבען 700,000 מאַן פון די הוננען אונטערגענומען אַ פעלד־צוג נאָך מערב. זייער מאַרשרוט איז געווען דורך בעהמען און טהי־רינגען צו געהן אין דאָס לאַנד פון די בורגונדער. דאָ האָבען זיי צו־שטערט די שטאָדט וואָרמס, געטויטעט דעם בורגונדער קעניג גונטהער מיט זיין מאַנשאַפט און פערוויסטעט דאָס לאַנד. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם בליהענדען רהיין־לאַנד, דעם היינטיגען עלזאַס־לאָטהרינגען, שאַמ־פּאַן און דעם געביט פון לואר. זיי האָבען אויך אָרלעאַנס דערלאַנגט און זי בע־לאַגערט. דאָ איז צוגעקומען אַעטיוס. אַטטילאַ האָט באַלד די בעלאַגערונג פון אָרלעאַנס אויפגעהויבען און האָט אָפּגעטרעטען אין שאַלאָן. דאָ האָט ער זיין לאַגער אויפגעשלאָגען אויף די ק אַ ט אַ ל אַ ו נ י ש ע פעלדער, איין מייל ווייט פון דער שטאָדט ט ר אָ י ע ס. דאָ איז פאָרגעקומען אַ פעל־קער־שלאַכט, וואָס האָט צו זיך כמעט קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע. צו די רוימער, וועלכע זיינען געווען אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַעטיוס'ן, זיינען צוגעקומען די גאָטען אונטער דער פיהרונג פון טהעאָדאָסיוס'ן און זיינע זיהן, גרויסע מחנות מיליטער פון די בורגונדען, אַלעמאַננען, פראַנקען, זאַקסען און אַלאַנען. אָבער די טרופּען פון אַטטילאַ'ן זיינען געווען פיעל צאָהלריי־כער. צווישען זיינע טרופּען האָבען זיך געפונען זעהר פיעלע פון די גער־מאַנישע שטאַמען: אָסט־גאָטען, הערולער, רוגיער, פראַנקען און טהירינגער.

ווי די געשיכטע־שרייבער ערצעהלען, האָט די ערד געציטערט, ווען דיביידע מחנות זיינען בעפאַלען איינע אויף די אַנדערע. מען האָט ניט גע־קענט אַרויסזעהן, ווער עס וועט בעזיגען. ווען אויף דער זייט פון די רוימער איז געווען דער פאָרצוג, וואָס זיי האָבען גוט פערשטאַנען די קריגס־קונסט, האָבען דערפאַר די הונען געהאַט אויף זייער זייט אַן אונגעהייער גרעסערע מענשען־מאַסע, וועלכע איז מעהרסטענס בעשטאַנען פון פרייע נאַטור־קינ־דער. אַטטילאַ האָט דורכגעבראָכען די רוימישע שלאַכט־רייהען, האָט פער־טריבען אַ טייל פון די וועסט־גאָטען, דערביי האָט דער אַלטער קעניג טהעאָ־דאָריך פערלאָרען זיין לעבען און די הוננען זיינען שוין געווען גרייט צו בע־פאַלען די רוימער. אָבער דעם מוטיגען העלד ט ה אָ ר י ס מ ו נ ד איז עס דאַן געלונגען אַ בערגעל צו פערכאַפּען. פון דער הויך פון דעם בערגעל האָט ער אָנגעהויבען צו פייערן אויף די הוננען, און דיזעס האָט צושטערט זיי־ער אָרדנונג: די הונען האָבען שוין מעהר ניט געקענט אויף די רוימער אָנ־פאַלען. אָבער די שלאַכט האָט זיך דערמ'ט ניט געענדיגט. זי איז פאָרטגע־זעצט געוואָרען פון ביידע זייטען מיט שרעקליכער ערביטערונג ביז די נאַכט האָט אַריינגעבראָכען און האָט געמאַכט אַן ענד צו די הריגות. אַלס די זון

איז אויפגעגאַנגען אויף דעם צווייטען טאָג, האָבען די הוננען מעהר קיין אָנ- גריף ניט געמאַכט און די רוימער האָבען זיך צוגעשריבען דעם זיג. 165,000 טויטע קריגער האָבען דאַמאָלס בעדעקט דאָס שלאַכט-פעלד.

אַטטילאַ האָט אָפּגעטראָטען פון שלאַכט-פעלד און האָט זיך בעגעבען נאָך פּאַננאָניען צוריק. אויף זיין וועג האָט ער פערוויסטעט אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעטראָפען. אָבער אַטטילאַ האָט נאָך זיין פּלאַן צו בעזיגען לענדער ניט אויפגעגעבען. אין פריהלינג פון דעם נעכסטען יאָהר זיינען די הוננען בעפאַלען איטאַליען און האָבען איינגענומען די פעסטונגען: אַקווילעיאַ, וועראָנאַ, קרעמאָנאַ און מאַילאַנד (מילאַנאָ). די ערשראָקענע איינוואוינער פון וועניציען האָבען פערלאָזען דאָס פעסטלאַנד און האָבען זיך בעזעצט אויף די אינזלען (די לאַגונען) פון אַדריאַטישען מעער און האָבען דערמיט גע- גרינדעט די שטאָדט וועניעדיג אָדער וועניציאַ, וועלכע איז שפּעטער אַזוי בע- ריהמט געוואָרען אין דער וועלט. ער איז אויך דורכגעגאַנגען אַנדערע פּראָ- ווינצען פון איטאַליען און האָט איבעראַל פערברייטערט מאָרד און בראַנד, אַזוי דאָס די גאַנצע האַלב-אינזעל איז געווען וואַפּענלאָז אָפען פיר דעם זי- גער. דער קיסר וואַלענטיניאַנוס איז ענטלאָפען פון ראַוועננאַ נאָך רוים. אַט- טילאַ האָט זיך דאַן געווענדעט צו רוים. דאָ איז געקומען צו איהם אַ גע- זאַנדטשאַפט פון רוים מיט דעם פּאַפּסט לעאָ דעם 1טען אָן דער שפּיץ און האָט איהם פערשפּראָכען אַ זעהר גרויסע סומע געלט, און דאָס האָט איהם בעוואויגען צו לאָזען רוים צורוה. עס איז אָבער מעהר גרונד צו גלויבען, דאָס אַטטילאַ האָט פערלאָזען איטאַליען, ווייל די זומפּיגע געגענדען, וואו ער איז געשטאַנען מיט זיינע אַרמעען, האָבען פערשפּרייט אַ פּעסט צווישען זיינע רייטער.

אין יאָהר 453 האָט אַטטילאַ אָנגעהויבען צו מאַכען אין פּאַננאָניען פּאָרבערייטונגען צו אַ נייעם אָנפאַל אויף די רוימער, אָבער דער טויט האָט איהם פערכאַפּט. ער האָט צו זיינע פיעלע פרויען נאָך איינע געהייראַט, אַן אונגעוועהנליכע שענהייט מיט'ן נאָמען א י ל ד י ק אָ. ער איז געווען אויף דיזער האָכצייט אונגעוועהנליך פרעהליך. ער האָט זיך דאַן ערלויבט צו טרינקען מעהר וויין, ווי ער איז געוועהנט געווען. דעם צווייטען פריהמאָר- גען האָט מען איהם געפונען טויט אין זיין בעט. אייניגע בעהויפּטען, דאָס ער איז געשטאָרבען פון אַ בלוטשטורץ, אַנדערע אָבער פערזיכערן, דאָס זיין נייע ווייבעל, אילדיקאָ, וועלכע איז געווען אַ טאָכטער פון אַ בורגונדער קע- ניג, וואָס איז ערמאָרדעט געוואָרען פון זיין האַנט, האָט זיך נוקם געווען אָן איהם פיר איהר פאָטער און די שמאַך פון איהר פאָלק. מיט אַטטילאַ'ס

טויט איז צופאלען דער בונד פון די הונישע שטאמען, און אלע אונטערוואר־פענע פעלקער האבען צוריק געקריגען זייער אלטע זעלבשטענדיגקייט. די הונען האבען זיך צוריקגעקעהרט אין די וואלגא־געגענד און האבען זיך צו־מישט מיט די נאמאדען־פעלקער פון יענער געגענד און זיינען פיר אימער פערשוואונדען פון דער סצענע פון דער וועלט־געשיכטע.

## 2) דאס ענדע פון דער מערב־רוימישער אימפעריע.

נאר איינציגע צעהנדליג יאהר האט נאך געדויערט דאס קייזערטום פון דער מערב־רוימישער אימפעריע. דער בעריהמטער העלד אעטיוס, וועלכער האט מיט אזא גרויסען ערפאלג די בארבארען אפגעטריבען פון דער רוימי־שער אימפעריע, איז בעשולדיגט געווארען פון דעם אויסגעלאסענעם קיסר וואלענטיניאן, דאס ער וויל דעם טראן פערכאפען. הגם עס איז קיין גרונד ניט געוועזען צו דיזען חשד, האט דער קיסר עס געגלויבט און האט איהם ער־מארדעט מיט זיין אייגענער האנט. א קורצע צייט נאך דעם איז וואַ־לענטיניאן ערמארדעט געווארען, ווי מען ערצעהלט, ווייל ער האט געשענדעט די פרוי פון דעם סענאטאר פ ע ט ר א נ י ו ס מ א ק ס י מ ו ס. דער מערדער זעלבסט איז ערוועהלט געווארען אלס קיסר אין יאהר 455. א קור־צע צייט נאכדעם זיינען די וואנדאלען געקומען פון צפון־אפריקא אונטער דער פיהרונג פון דעם אלטען העלד גייזעריך, און האבען בעלאגערט רוים, וועלכע איז דאמאלס געוועזען אהן שום מיליטער. מען האט ווידער געשיקט דעם בישאף לעא, וועלכער האט מיט א צייט צוריק גע'פועל'ט ביי אטטילא'ן ער זאל פיר א געוויסע סומע גאלד אויפהערען זיין בעלאגערונג ארום רוים, אבער דיזעס מאל האט ער גאר ניט געקענט מאכען.

אין יאהר 455 איז רוים געפלינדערט געווארען פון די בארבארען. 14 טעג נאך אנאנד האבען זיי גערויבט און געמארדעט אין רוים. אלץ, וואס האט געהאט וועלכען עס איז ווערט, פריוואט־אייגענטום, ווי אויך שטאאטס־אייגענטום, אלע טייערע סטאטועס, אלע רייכטימער פון די קריסטליכע קיר־כעס, — אלץ איז איבערגעגאנגען אין די הענט פון די בארבארען. די ארט און ווייזע, ווי די וואנדאלען האבען צושמעטערט אלע טייערע מייסטער־ווערק, איז געווארען שפריכווערטליך, און „וואנדאליזם" בעצייכענט נאך יעצט די ווילדע צושטערונג אדער פערדארבונג פון קונסט־ווערק. די וואנדאלען אבער האבען זיך ניט בענוגענט מיט דעם אוועקפיהרען פון ניט־לעבעדיגע געגענשטענדען, און האבען אוועקגעשלעפט מיט זיך פיעלע טויזענדע אדעל־ליט, מענער און פרויען. צווישען די געפאנגענע איז אויך געוועזען די קיי־

זערין עוראָקסיאַ מיט איהרע צוויי טעכטער. די קייזערין איז זעלבסט אַרויס ענטקעגען גייזעריך׳ן אין טייערע דימענטען אָנגעטאָן, אום אין איהם אַ גע־פיהל פון מיטלייד צו ערוועקען. אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפען. די קייזערין מיט איהרע צוויי טעכטער זיינען געפאַנגען געוואָרען און נאָך אַפריקאַ אוועקגעפיהרט געוואָרען אום דאָרט אַלס שקלאַפינס פערקויפט צו ווערען. דאָרט האָט דער בישאָף דעאָגראַציאַס פון קאַרטהאַגאָ אויסגעקויפט די אונגליקליכע געפאַנגענע. ער האָט פיר זייער בעפרייאונג געגעבען די זילבערנע און גאָלדענע כלים פון דער קירכע.

די קיסרים, וועלכע האָבען זיך נאָך דעם אין רוים זעהר אָפט געביטען, זיינען געווען ווי אַ שפּיעלצייג אין די הענט פון די גערמאַנישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט די רוימישע אַרמעע. עס איז פאָרגעקו־מען אַ גאַנצע רייהע פון אונאָרדנונגען אין דער רוימישער אימפּעריע. אַלס



אַ פערוואונדעטער באַרבאַר, וועלכער טויטעט זיך זעלבסט.

איינער פון די אויבער־קאָמאַנדירען אָ ר ע ס ט ע ס איז געוואָרען קיסר און האָט די קרוין נאָך דעם איבערגעגעבען צו זיין זוהן ר אָ מ ו ל ו ס אַ ו ־ ג ו ס ט ו ל ו ס מ אָ מ י ל ל ו ס, האָבען די גערמאַנישע סאָלדאַטען גע־פאָדערט מען זאָל זיי העכערן זייער געהאַלט און מען זאָל זיי אָפּגעבען אַ דריטעל פון איטאַלישען באָדען. ווען מען האָט זיי אין דעם ענטזאָגט, האָ־בען זיי געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אונטער דער פיהרונג פון אָ ד אָ אַ ק ע ר ׳ ן האָבען זיי בעלאַגערט אָרעסטעס׳ן, דעם קיסר׳ס פאָטער, אין פּאַוויאַ, האָ־בען איינגענומען די שטאָדט און האָבען אָרעסטעס׳ן ערמאָרדעט. גלייך נאָך דעם זיג פון פאַוויאַ זיינען זיי אַוועק נאָך ראַווענאַ. דאָרט האָט זיך ראָמו־לוס באַלד ענטזאַגט פון טראָן. די זיגער האָבען איהם זיין לעבען געשוינט, האָבען איהם געגעבען אַ לאַנד־גוט און אַ יעהרליכען געהאַלט. אָדאָאַקער איז

געוואָרען קעניג פון איטאַליען מיט דער צושטימונג פון דעם מזרח־רוימישען קיסר זענאָן. דאָס איז געשעהן אין יאָהר 479.

אזוי איז די מערב־רוימישע אימפעריע געפאַלען דורך די הענט פון די גערמאַנען. דער פאַל איז געקומען שטופעס־וויוז, עס זיינען פריהער אָפּגעפאַלען פון רוים איהרע פּראָווינצען אפריקאַ, שפּאַניען, גאַלליען, בריטאַנניען, און ענדליך איז אויך איטאַליען געפאַלען. די מזרח־רוימישע אימפעריע האָט עקסיסטירט פיעל לענגער, זי האָט עקסיסטירט ביז דעם יאָהר 1453, ווען זי איז אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער די טערקען. מיר וועלען נאָך שפּעטער האָבען די מעגליכקייט צו ערקלערען, וואָרום עס איז אזוי געשעהן— וואָרום האָט די מזרח־רוימישע אימפעריע מיט גאַנצע טויזענד יאָהר לענגער עקסיסטירט ווי די מערב־רוימישע אימפעריע. יעצט וועלען מיר נאָר אויפמערקזאַם מאַכען אויף צוויי רעפאָרמעס, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער מזרח־רוימישער אימפעריע, רעפאָרמעס, וועלכע האָבען פיעל געהאָלפען צו פערלענגערן איהר עקסיסטענץ. ערסטענס איז דאָס לאַנד דאָרט צוטיילט געוואָרען אין קליינע טיילען און אָפּגעגעבען געוואָרען צו בויערן, אַקערלייט. דערמיט האָט זיך דאָרט ענטוויקעלט דאָס דאָרפישע לעבען מיט אַלע זיינע מעלות און האָט פערהיט דאָס לאַנד פון גרויסע גוטס־בעזיצער; צווייטענס האָט מען דאָרט אָראָפּגענומען די פעראַנטוואָרטליכקייט פון די געמיינדעס פיר די אַלגעמיינע שטייער, א זאַך, וואָס האָט פיעלע מאָל געפיהרט צו דעם רואין פון גאַנצע געמיינדעס. מיר וועלען האָבען שפּעטער די געלעגענהייט וועגען דיזען געגענשטאַנד אויספיהרליכער צו רעדען.

## 3) די אָסט־גאָטען און איטאַליען.

אָדאָאַקער האָט ווייניג געענדערט די אָרדנונג אין לאַנד. די געזעצען זיינען געבליבען די זעלבע. די בעאַמטע און דער סענאַט זיינען געבליבען ביי זייערע פריהערדיגע פליכטען און רעכטען. ער האָט אויך די רוימישע גייסטליכע בעהאַנדעלט מיט אַכטונג. וואָס אָנבעטרעפט די פערטיילונג פון דער ערד, האָבען די בעזיגער זיך גענומען א דריטעל פון אַלע לענדערייען אין בעזיץ. דערביי האָט מען די אַלטע איינוואוינער פון לאַנד געשוינט און בעהאַנדעלט מיט יושר. מען האָט ניט בעריהרט די בעזיצער פון קליינע שטיקלאַך ערד, וואָס זיינען נאָר געווען גענוג פיר זייער לעבענס־אונטערהאַלט. מען האָט נאָר אָנגעגריפען גרויסע גוטס־בעזיצער. מיר מוזען נאָך בעמערקען, דאָס אין איטאַליען האָבען זיך דאַמאָלס געפונען זעהר פיעלע גרויסע שטיקער לאַנד, וואָס זיינען גאָר ניט געווען בעאַרבייטעט און האָבען געהערט

צו דער רעגירונג. די גרויסע אויסגאַבען אויף אויפצוהאַלטען דאָס מיליטער זיינען כמעט אין גאַנצען ארונטער, א זאַך, וואָס האָט פריהער אויסגעזויגען דעם לעצטען זאַפט פון די גרונד־בעזיצער. די קריגער האָבען יעצט בעקומען ערד אַלס אייגענטום צו אונטערהאַלטען דאָס לעבען, און זיי האָבען מעהר קיין געהאַלט ניט גענומען פיר זייער דינסט אין דער ארמעע. נאָר אין דער צייט פון קריג האָבען זיי בעקומען געהאַלט.

פון אויסווערטיגע שונאים האָט אָדאָאַקער די ערסטע צייט געשיצט איטאַליען גליקליך. סיציליען האָט ער גערעטעט דערמיט, וואָס ער האָט בעצאָהלט צו גייזעריך'ן א טריבוט און האָט זי בעפרייט. דעם וועסטגאָטען־קעניג עוריך האָט ער איבערגעלאָזען דרום־גאַלליען און מיט דיזען אופן האָט ער געזיכערט די גרענצען פון איטאַליען געגען די אָנפאַלען פון מערב און צפון. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט האַלטען געגען די אָסט־גאָטען. מיר האָבען שוין דערמאָהנט, דאָס די אָסטגאָטען האָבען זיך בעזעצט אין פאַננאָ־ניען און זיינען געוואָרען זעלבשטענדיג. אָבער ווייל זיי האָבען שטענדיג געליטען מאַנגעל און נויט, פלעגען זיי אָנגרייפען די גיטער און אייגענטום פון די, וועלכע זיי האָבען בעדאַרפט בעשיצען, און אזוי האָבען זיי בע־דרענגט די מזרח־רוימישע אימפעריע אָהן אָן אויפהער. אום דיזע געפעהר־ליכע שכנים פון זיינע גרענצען צו ערווייטערן, האָט זענאָן, דער מזרח־רוי־מישער קיסר, זיי ערלויבט געגען אָדאָאַקער'ן אויפצוטרעטען. זענאָן האָט דערביי געהאָפט, דאָס ווען די גאָטען וועט געלינגען אָדאָאַקער'ן צו אונטער־דריקען און איהם פון איטאַליען פערטרייבען, וועט ער דורך דעם קענען זיין מזרח־רוימישע אימפעריע פערגרעסערן און איבער־אַ־נייעם אויפשטעלען די אַלטע איינציגע רוימישע אימפעריע.

אַלס די אָסט־גאָטען האָבען בעקומען די ערלויבנים פון זענאָן'ען צו בע־דריקען אָדאָאַקער'ן, האָבען זיי זיך מיט ווייבער און קינדער געלאָזען געהן נאָך אויבער־איטאַליען. זייער אָנפיהרער איז געווען דער העלד ט ה ע אָ ־ ד אָ ר י ך. דיזער איז אַלט געווען 7 יאָהר, ווען די אָסט־גאָטען האָבען איינ־מאָל פרידען געשלאָסען מיט דעם מזרח־רוימישען קיסר, און אום צו פער־זיכערן, דאָס די גאָטען וועלען האַלטען די פרידענס־בעדינגונגען, האָט מען איהם, טהעאָדאָריך'ן, איבערגעלאָזען דעם קיסר אַלס משכון. ער האָט דאָרט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט דער רוימישער ציוויליזאַציאָן און האָט פיעל גע־לערנט און פיעלע ערפאַהרונגען בעקומען דאָרט. אַלס ער איז אַלט געוואָרען 18 יאָהר האָט איהם דער קייזער ערלויבט זיך צו זיין פאָטער און צו זיין היים צוריקצוקעהרען. די גאָטען האָבען באַלד דערזעהן אין איהם א קלו־

גען און ערהאַבענעם מאַן און האָבען איהם באַלד ערוועהלט אַלס פיהרער פון איין שטאַם פון די אָסט-גאָטען, נעמליך פון די אַ מ אַ ל ע ר. אין פריה-לינג פון דעם יאָהר 489 זיינען די גאָטען ענדליך אָנגעקומען אין אויבער-איטאַליען. דאָ האָט זיך אָדאָאַקער געשטעלט זיי ענטגעגען מיט זיין מילי-טער ביים טייך ס אָ נ ט י ו ס. עס איז געווען אַ האַרטער קאַמף פון גער-מאַנען געגען גערמאַנען. דער סוף פון דיזען קאַמף איז געווען, דאָס אָדאָאַקער איז בעזיגט געוואָרען. ער האָט זיך מיט זיין חיל צוריקגעצויגען נאָך ראַ-ווענגאַ, און דאָרט האָט ער געזוכט צוזאַמענצושטעלען אַ גרויסע אַרמעע. דאַן איז ער ווידער אַרויס געגען טהעאָדאָריך'ן, און נעבען דער פעסטונג פון וועראָנאַ איז פאָרגעקומען די צווייטע שלאַכט. אָבער אויך דיזעס מאָל איז אָדאָאַקער בעזיגט געוואָרען. זיין נידערלאַגע איז געווען אַ שרעקליכע, די רוימער זיינען געווען אַזוי שטאַרק אויפגעבראַכט געגען איהם, דאָס זיי האָ-בען איהם ניט געוואָלט עפנען די טויערן פון דער שטאָדט וועראָנאַ און ער איז געווען געצוואונגען צו לויפען נאָך ראַווענגאַ. טהעאָדאָריך האָט גע-מוזט בעשליסען אָנצופאַנגען די בעלאַגערונג פון ראַווענגאַ, און ערסט אין דריטען יאָהר איז עס איהם געלונגען אָדאָאַקער'ן צו צווינגען זיך צו אונ-טערגעבען.

ביי אַ מאָהלצייט האָט טהעאָדאָריך מיט דער אייגענער האַנט ערמאָר-דעט אָדאָאַקער'ן און אַלע זיינע אָנהענגער און האָט זיך פּראָקלאַמירט קעניג פון איטאַליען. ער האָט אויסגעטאָן זיינע גאָטישע קליידער און האָט זיך אָנגעטאָן אין פורפור ווי אַ קעניג. דער קיסר פון ביצאַנץ (מזרח-רוימישע אימפּעריע) האָט איהם אָנערקענט אַלס קעניג פון איטאַליען מיט דער בע-דינגונג, דאָס ער, טהעאָדאָריך, זאָל אָנערקענען איהם, דעם קיסר פון ביצאַנץ, אַלס העכער פון איהם. טהעאָדאָריך'ן האָט דיזע פאָדערונג ווייניג געקי-מערט, ווייל עס האָט גאָר ניט בעדייטעט, און ער האָט דיזע בעדינגונג אָנ-גענומען.

אַלס די גאָטען זיינען געוואָרען די הערשענדע קלאַס אין איטאַליען, האָ-בען זיי אָנגעהויבען צו פאָדערן אַ דריטעל לאַנד פיר זייער געברויך. טהעאָ-דאָריך האָט בעאויפטראַגט ל י ב ע ר י ו ס'ן דיזע פאָדערונג דורכצופיה-רען. דיזער האָט גענומען די גרויסע לאַנד-גיטער און האָט זיי צוטיילט אויף קליינע טיילען און האָט זיי פערטיילט צווישען די גאָטען. מיט דיזער אָרד-נונג האָט טהעאָדאָריך אַריינגעבלאָזען אַ נייעס לעבען אין דעם אַקערבוי פון איטאַליען, וועלכער איז געווען טיף געזונקען. אָבער ער האָט אַ גרויסען פעה-לער בעגאַנגען דערמיט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען די גאַנצע רוימישע

אָרדנונג און די זעלבע סאָרט רעגירונג און געזעצען ווי פריהער. דאָס פאָלק האָט נאָך אַלץ געליטען פון די אונגעהייערע אָפּגאַבען, וועלכע זיינען נעטיג געוועזן אום צו אויפהאַלטען די אַלטע אָרדנונג מיט דער גרויסער מחנה בע-אַמטע. דער אונטערשייד איז נאָר געוועזן דערין, דאָס אַנשטאָט וואָס פרי-הער האָבען די רוימער געדריקט דאָס פאָלק, האָבען עס איצט די גאָטען געטאָן, אַנשטאָט די רוימישע בעאַמטע האָבען געזויגען דאָס בלוט פון פאָלק די גאָטישע בעאַמטע, אָבער פון אַ בעפרייאונג פון דעם אונטערטרעגליכען שטייער-דרוק איז גאָר קיין רעד ניט געוועזן. גראַדע דאָס, וואָס די באַרבאַרען האָבען איינגעפיהרט אין אַנדערע פּראָווינצען, נעמליך: די צושטערונג און פערניכטונג פון דער אויסזויגענדער רעגירונגס-מאַשינערי, דעם בעאַמטען-שטאַאַט, גראַדע דאָס האָבען די אָסט-גאָטען איבערגעלאָזען פיר זיך זעלבסט אין איטאַליען. אָבער דערמיט האָבען זיי אַליין געגראָבען אַ קבר פיר זייער הערשאַפט. דאָס, וואָס האָט געדינט צו דער צושטערונג פון דער מעכטיגער רוימער-הערשאַפט, דאָס זעלבע האָט פערניכטעט די הערשאַפט פון די אָסט-גאָטען.

הגם טהעאָדאָריך האָט פיעל גוטעס געטאָן פיר די רוימער פון איטאַליען, האָט דאָס אַלץ אָבער ניט געהאָלפען אויפצוהאַלטען דאָס רוימישע רייך, צוליב דער אַלטער אָרדנונג, וואָס ער האָט געלאָזען ווייטער עקסיסטירען דאָרט. ער האָט אויסגעטריקענט די פּאָנטישע זומפּען, ער האָט איינגעפיהרט אַזעלכע גוטע רעפאָרמעס אין בעטרעף פון דעם געטריידע-פערקויף, דאָס רוים און ראַווענאַ האָבען מעהר ניט געליטען קיין מאַנגעל אין ברויט, ווי עס פלעגט זיך זעהר אָפט פריהער טרעפען. ער האָט פיעל געטאָן צו אונטער-האַלטען און צו ערנייערן די עפענטליכע געביידעס, די בעדער, אַמפיטהעאַ-טערן, וואַסער-לייטונגען, ווי אויך די דענקמעלער; ער האָט פיעל געטאָן צו פערשפּרייטען בילדונג און געלעהרזאַמקייט אין לאַנד, ער האָט איינגעריכ-טעט עפענטליכע לעהר-אַנשטאַלטען אין רוים, אין ראַווענאַ און אין אַנדערע שטעדט, און האָט איינגעלאַדען צו דיזען צוועק לעהרער פון יוריספּרודענץ, מעדיצין א. אז. וו. ער האָט אויך פיעל געטאָן אום דעם פאָלק'ס אַלטע פער-גניגענס אויפצולעבען; ער האָט איינגעריכטעט טיער-קאַמפּען אין דער אַרענאַ, דאָס וועט-לויפען און צירקוס און די מימישע פאָרשטעלונגען אין די טהעאַטערן. און אַלס ער איז צום ערסטען מאָל אַריין אין רוים, האָט ער געטיילט דעם פאָלק פיעל געלט און געטריידע, לויט דעם אַלטען מנהג.

די הויפּט-שטרעבונג פון טהעאָדאָריך'ן איז געוועזן צו פעראייניגען די רוימער מיט די גאָטען אין איין פאָלק. דיזעס איז איהם אָבער פיר קיין פאַל

ניט געלונגען. עס איז אימער געבליבען צווישעןביידע נאציאנען א טיפער אפגרונד. דא האט געווירקט אויסער דער פערשיידענהייט פון שפראך, פון זיטען און פון כאראקטער הויפטזעכליך דער אונטערשייד אין רעליגיאן. די אסט־גאטען זיינען אויך געווען קריסטען, אבער זייער קריסטענטום איז געווען גאנץ פערשיידען פון דעם רוימישען: זיי זיינען געווען א ר י א נ ע ר, זיי האבען פערעהרט יעזוס'ן, דעם גרינדער פון דער קריסטליכער רעליגיאן, לויט דער לעהרע פון א ר י ו ס'ן, דאס יעזוס איז געווען א געטליכער מענש, וועהרענד די רוימיש־קאטהוילישע רעליגיאן האט בעטראכט יעזוס'ן אלס ־י גאטהייט זעלבסט. די רוימער האבען דעריבער שרעקליך געהאסט די גא־טען פיר זייער אפיקורסישען גלויבען. מען דארף ניט פערגעסען, דאס דער האס איז פיעל שארפער געווארען, ווייל דיזע קעצער (אפיקורסים) זיינען גראדע געווען די, וועלכע האבען די רוימער בעזיגט און האבען זיי בערויבט פון א גרויסען טייל פון זייער אייגענטום.

דאס אינערע און געזעלשאפטליכע לעבען פון די גאטען נאך דעם, ווי זיי האבען איינגענומען איטאליען און האבען זיך דארט בעזעצט, האט זיך אין דעם עיקר געענדערט. די אלטע שטאם־פערפאסונג איז פערשוואונדען און אנשטאט איהר איז אריין אין קראפט די שטאאטס־פערפאסונג. דער דריטעל לאנד, וואס די גאטען האבען ערהאלטען, איז ניט געווען אין איין ארט, נאר יעדעס גרויסע לאנדגוט איז געווען איינגעטיילט אין 3 טיילען און אויף איינעם פון די דריי טיילען האט זיך בעזעצט איין גאטישע פאמיל־ליע, אדער מעהר פון איינער, לויט דעם, ווי גרויס דער דריטעל איז גע־ווען. דיזע פערטיילונג האט געפיהרט דערצו, דאס די גאטען האבען פערלארען די פאלקס־פרייהייט. די פאלקס־פערזאמלונג איז געווארען אונ־מעגליך, ווייל דאס פאלק איז געווען צו ווייט צוזעעט און צושפרייט איבער'ן גאנצען לאנד. דאס האט ניט ווילענדיג איבערגעלאזען צום קעניג אליין די גאנצע הערשער־מאכט. דער קעניג מיט זיין ראט איז געווען די איינציגע און העכסטע מאכט אין לאנד. אין דיזער הינזיכט איז ער געווען דער וואה־רער נאכפאלגער פון די רוימישע קיסרים. ער האט גוט פערשטאנען, ווי פיעל העכער ער שטעהט איבער אלע אנדערע גערמאנישע מיליטער־פיהרער, און דעריבער האט ער געהייסען מען זאל איהם טיטולירען: „קייזערליכע הויכקייט".

די רוימער זיינען אבער ניט געווען צופרידען מיט דער הערשאפט פון די גאטען. און דעריבער האבען רוימישע גרויסע בעאמטע, ב א ע ט ה י ו ס און זיין שוועהר ס י מ מ א כ ו ס, אנגעהויבען פערהאנדלען מיט דעם

ביצאַנטישען קייזער וועגען הילף אום זיך צו בעפרייען פון זייער הערשאַפט. ווען טהעאָדאָריך האָט זיך דערוואוסט, דאָס די צוויי בעאַמטע מאַכען פּלאַ-נען צוזאַמען מיט דעם מזרח־רוימישען קיסר די גאָטען פון איטאַליען צו פערטרייבען, האָט ער זיי גלאָזט אַרעסטירען און דער סענאַט האָט זיי צום טויט פעראורטיילט. דערויף האָט טהעאָדאָריך׳ס רעגירונג, וועלכע האָט גע-דויערט פון יאָהר 493 ביז צום יאָהר 526, זיך אויסגעצייכענט מיט גערעכ-טיגקייט און מילדקייט. אויך אַלע אַנדערע גערמאַנישע פעלקער האָבען בע-טראַכט טעהאָדאָריך׳ן אַלס דעם גרעסטען און געוואַלטיגסטען הערשער. פון ווייטע לענדער פלעגט מען זיך ווענדען צו איהם אַן עצה פון איהם צו הערען אין שווערע פראַגעס און פערלעגענהייטען. דיזע פּאָפּולאַריטעט האָט אין איהם ערוועקט דעם גערדאַנק צו פעראייניגען אַלע גערמאַנישע פעלקער אונ-טער זיין פיהרונג.

טהעאָדאָריך איז געשטאָרבען דעם 26טען אויגוסט פון יאָהר 526. דער האַס און דער כעס פון די רוימער צו דיזען בעריהמטען מאַן איז געווען אַזוי גרויס און שטאַרק, דאָס באַלד נאָך זיין טויט האָבען זיי אַרויסגע׳גנב׳עט די אַש פון זיין קערפּער, וואָס איז געווען בעהאַלטען אין דעם בעריהמטען קבר, וואָס ער האָט נאָך ביים לעבען אויסגעבויט אין ראַווענגאַ, און האָבען עס צושפּרייט אויף׳ן ווינט אין אַלע פיער עקען פון דער וועלט. דאַגעגען די דייטשען האָבען פעראייביגט זיינע העלדענטאַטען אין זאַגעס, אין וועלכע ער איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ד י ע ט ר י ך פ ו ן ב ע ר ן, און ווערט בעשריבען אַלס דער גרעסטער פון אַלע גבורים און קעניגען. טהעאָדאָריך האָט איבערגעלאָזען נאָר איין טאָכטער, וועלכע האָט געהייסען א מ א ל א-ז ו נ ט ה א ; איהר זוהן א ט ה א ל א ר י ך האָט טהעאָדאָריך בעשטימט אַלס זיין טראָן־פּאָלגער. אָבער אַטהאַלאַריך האָט געפיהרט אַ זעהר אויסגעלאַ-סענעם לעבען און איז דערפון פריה געשטאָרבען. אַמאַלאַזונטהאַ איז דאַן בע-שטימט געוואָרען אַלס רעגענטין ביז איהר קליינער זוהן וועט אויפוואַקסען און וועט אין שטאַנד זיין אַליין צו רעגירען. אום בעסער צו רעגירען האָט זי גע-נומען איהר קוזין ט ה ע אָ ד אַ ה אַ ט אַלס מיט־רעגענט. דיזער האָט באַלד פון וועג אָפּגעראַמט אַלע אָנהענגער פון דער קעניגין, און האָט אפילו זיין ווייב ערמאָרדעט אין באָד, און האָט געגעבען דערמיט די מעגליכקייט און דעם וואונש צו יוסטיניאַן׳ען, דעם קיסר פון ביצאַנץ, אָנצופאַנגען אַ קריג געגען די אָסט־גאָטען אין איטאַליען.

פריהער אָבער האָט יוסטיניאַן געמאַכט אַן אָנגריף אויף די וואַנדאַלען אין אַפריקאַ, וועלכע האָבען איבערגענומען פון די רוימער אַלע פערדאָרבענ-

היטען און זיינען געווארען גענצליך אפגעשוואכט און געזונקען. „צווישען אלע פעלקער, וועלכע מיר קענען, זיינען די וואנדאלען געווען די פערצער-טעלטסטע”, זאגט פראקאפ. „זינט זיי האבען זיך בעזעצט אין אפריקא האבען זיי אנגעהויבען צו פיהרען אן אריסטאקראטישעס לעבען פון לוקסוס און שווענדעריי. זייערע שפייזען זיינען געווען די אויסערוועהלטעסטע, טייערסטע און זעלטענסטע אין לאנד. יעדען טאג האט דער וואנדאל גע-מוזט זיין באד האבען מיט אלע פערגניגענס, וואס זיינען דערמיט פערבונדען. זיי האבען כמעט אלע געטראגען די טייערסטע קליידער און גאלדענע צי-רונג, זיי האבען זיך פערשאפט צום צייט-פערטרייב שוישפילען, טיער-קאמפען און אנדערע אמוזירונגען. זיי האבען געהאט קונסט-טענץ, מימיק-שפילען, מוזיקאלישע אונטערהאלטונגען א. אנד. פיעלע פון זיי האבען גע-וואוינט אין קונסט-גערטנער. זיי האבען די מעהרסטע צייט פערבראכט אין הוליאנקעס און נאכגעבען אלע זייערע תאוות”.

צו זייער אפשוואכונג קומען נאך צו די שטרייטיגקייטען וועגען טראן, און דאס האט געגעבען דעם קיסר יוסטיניאן גרונד גענוג ער זאל זיך אריינ-מישען אין די אנגעלעגענהייטען פון די וואנדאלען. דער קעניג פון די וואנ-דאלען אין יענער צייט, הילדעריך, וועלכער האט רעגירט פון יאהר 523 ביז דעם יאהר 530, האט געפונען פיר נעטיג צו פאנגען די אלמנה פון זיין פאטער, וועלכע האט שטארק אינטריגירט געגען איהם. אבער די אריא-נישע וואנדאלען זיינען זעהר ניט צופרידען געווען מיט איהם דערפאר, וואס ער איז צופיעל איבערגעגעבען געווען צו די רוימער און צום קאטוילישען גלויבען. און דעריבער איז עס געלונגען זיין קוזין געלימער, וועלכער איז געווען אן אור-עניקעל פון דעם בעריהמטען גייזעריך, איהם צו שטירצען פון טראן און אליין איהם פיר זיך צו פערכאפען (אין יאהר 530). דער קיסר האט געבעטען געלימער'ן ער זאל שוינען דאס לעבען פון דעם קעניג. אבער געלימער האט איהם ענטזאגט. דאס האט דער קיסר שטארק פערדראָ-סען און ער האט אין יאהר 533 געשיקט 15,000 אויסגעוועהלטע קריגער נאך אפריקא ראכע צו נעהמען פון געלימער'ן פיר זיין אונגעהארזאמקייט. אן דער שפיץ פון דיזע טרופען איז געשטאנען בעליזאר. דיזער קא-מאנדיר האט געשטאמט פון בויערן און איז געווען וועניג געבילדעט, אבער דער העלדענמוט, וואס ער האט ארויסגעוויזען אין דעם קריג מיט די פערסיער, זיין פעהיגקייט צו זיין א פיהרער פון חיל און זיין ענטשלאסענ-הייט און ענערגיע ביי דער אונטערדריקונג פון אן אויפשטאנד, האבען איהם פערשאפט דאס אויסערגעוועהנליכע צוטרויען פון קיסר. אבער דיזער מוטי-

גער און ענטשלאָסענער קריגער איז געווען זעהר ניט ענטשלאָסען אין לעבען. איהם האָט געפעהלט זעלבסטשטאַכטונג, ווירדע און עהרענגעפיהל. דער קיסר און די קייזערין האָבען מיט איהם געמאַכט וואָס זיי האָבען געוואָלט און זיין ווייב האָט איהם פאַר דער נאָז געפיהרט.

בעליזאַר איז אויף זיין וועג נאָך אַפריקאַ געווען אונטערוואָרפען אונטער פערשיידענע געפאַהרען ביז עס איז איהם ענדליך געלונגען צו קומען צו דעם פאָרגעבירג קאַפּוטראַדאַ, און פון דאָרט האָט ער אָנגעפאַנגען לאַנגזאַם צו רוקען זיך געגען די וואַנדאַלען. ער איז געווען קלוג גענוג און פאָרזיכטיג ניט צו ערלויבען זיינע סאָלדאַטען וועלכע עס איז רויבערייען געגען די בעוואוינער פון אַפריקאַ, אַזוי דאָס די אַפריקאַנער האָבען איהם גערעכענט ניט אַלס פיינד, נאָר אַלס פריינד, וועלכער איז געקומען זיי צו בעפרייען פון דעם יאָך פון די וואַנדאַלען. און דעריבער האָבען איהם אַלע אַפריקאַנישע שטעדט מיט פרייד געעפענט אַלע זייערע פעסטונגען. געלימער איז שטאַרק צוקלאַפּט געוואָרען פון בעליזאַר'ן און ער איז געווען געצוואונגען זיך צו רעטען אין דער פעלזען=בורג פּאַפּוּאַ. דאָ האָט איהם בעלאַגערט אַן אונטער=קאָמאַנדיר פון בעליזאַר'ן מיט'ן נאָמען פאַראַס אין פערלויף פון דעם גאַנצען ווינטער. אַלס דיזער האָט צום ענדע געפאָדערט פון געלימער'ן ער זאָל איהם עפענען די טויערן פון דער בורג, האָט איהם יענער געבעטען ער זאָל איהם שיקען אין בורג אַ ברויט, אַ שוואָם און אַ האַרפּע. פאַראַס האָט מיט פערוואונדערונג געפרעגטביים שליח, וואָס בעדייטעט דיזע ביטע? דערויף האָט איהם דער שליח געענטפערט: דער קעניג פערלאַנגט ברויט, ווייל ער האָט עס ניט געזעהן זינט ער איז אין דער בורג פערשלאָסען, אַ שוואָם ברויכט ער אום זיינע אויגען צו קיהלען, וועלכע זיינען רויט פון וויין, און די האַרפּע וויל ער האָבען אום צו בעגלייטען זיינע לידער וועגען זיין גרויסען אונגליק. פאַראַס איז געווען גערי‌הרט פון דיזער ביטע און האָט איהם געשיקט די אַלע זאַכען, וואָס ער האָט געבעטען. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם איז געלימער געצוואונגען געווען זיך אונטערצוגעבען און ער איז געבראַכט געוואָרען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל געשמידט אין זילבערנע קייטען צוזאַמען מיט אַלע זיינע אוצרות. ער איז געשטאָרבען אין גאַלאַטיען, וואו די מזרח=רוימער האָבען איהם אָפּגעגעבען אַ רייכעס גוט צום בעזיצען. עס האָט געדויערט קוים 3 מאָנאַטען און די רוימער זיינען ווידער געוואָרען די הערשער אין אַפריקאַ און האָבען פון דאָרט די גערמאַנען פערטריבען. אַלס די רוימישע פלאָטע איז צוגעקומען צו סאַרדיניען, האָבען זיך די איינוואוינער פון דיזער אינזעל באַלד אונטערגעגעבען צו די רוימער.

דאָס זעלבע איז געווען ביי דער אינזעל קאָרסיקאַ, אויף די סיציליש׳ע פעס־טונג ליליבאַאום איז אַריבער צו די רוימער. באַלד האָבען די רוימער אויך די גיבראַלטאַר־שטראַס געהאַט אין זייערע הענט און דאַן האָט זיך די הער־שאַפט פון דער מזרח־רוימישער אימפּעריע פערברייטערט איבער דאָס גאַנצע מיטעלענדישע מעער. זינט דאַן זיינען די וואַנדאַלען אין גאַנצען פערשוואונ־דען, זייער נאָמען איז נאָר געבליבען אין דער וועלט־געשיכטע.

נאָך דעם, ווי די וואַנדאַלען־מדינה אין אַפריקאַ איז געשטירצט געוואָ־רען און אַפריקאַ איז ווידער געוואָרען אַ פּראָווינץ פון דער מזרח־רוימישער אימפּעריע, האָט יוסטיניאַן נאָך שטאַרקער אָנגעפאַנגען צו טראַכטען און צו האָפען איבער־אַ־ניים אויפצושטעלען די אַלטע רוימישע אימפּעריע אין איהר אַמאָליגען גלאַנץ. דער ערסטער שריט צו קומען צו דיזען צוועק איז געווען צו שטירצען די אָסט־גאָטישע מדינה. דער אָנגריף אויף סאַרדיניען און סיציליען איז געווען אַ מין הקדמה, אַ מין איינלייטונג צו דיזער אונטער־נעהמונג. ענדליך איז בעליזאַר איינגעדרונגען אין איטאַליען אין יאָהר 536 מיט מיליטער, האָט אונטערגעוואָרפען אייניגע קליינע שטעדט און האָט בע־זיגט נעאַפּעל נאָך דעם, ווי ער האָט דאָרט געמאַכט אַ שרעקליכעס בלוט־באָד. דער קעניג טהעאָדאַהאַט האָט גאָר ניט געזוכט זיך צו פערטיידיגען, ער האָט זיך בעהאַלטען און האָט גאָר ניט געטאָן. דאָס האָט אויפגעוועקט ביי די גאָטען אַ חשד, דאָס דער קעניג האָט זיך פעראייניגט מיט יוסטי־ניאַן׳ען. אויב זיי זיינען געווען גערעכט אין זייער חשד אָדער ניט — דאָס איז געווען שווער יעצט צו זאָגען, נאָר די גאָטען האָבען דאַמאָלס שטאַרק גע־גלויבט דערין און דאריבער האָבען זיי דעם קעניג ערמאָרדעט. זיין שטעלע האָט פערנומען דער העלדישער ו ו י ט י ג ע ס, וועלכער האָט באַלד גענומען ענערגישע מיטלען אום דאָס רייך צו בעשיצען.

בעליזאַר האָט זיך דאַן געווענדעט צו רוים, וועלכע איז דאַמאָלס געווען שוואַך בעשיצט — נאָר 4,000 גאָטען זיינען דאַמאָלס געשטאַנען אין רוים צו בעשיצען די שטאָדט. די קאַטוילישע גייסטליכע, וועלכע האָבען זעהר געהאַסט די גאָטען, ווייל זיי זיינען געווען אַריאַנער, האָבען ערמונטערט דאָס פאָלק זיי זאָלען עפנען די טויערן פון שטאָדט פיר בעליזאַר׳ס אַרמעע. מען האָט זיך באַלד דערוואוסט וועגען דעם אין ראַווענאַ און וויטיגעס האָט שוין אין אַ קורצער צייט בעוויזען צוזאַמענצוקלייבען אַן אַרמעע פון 150,000 גאָטען און האָט מיט זיי בעלאַגערט רוים. די בעלאַגערונג האָט געדויערט מעהר פון אַ יאָהר. די גאָטען האָבען אָבער ניט פערשטאַנען די קונסט פון בעלאַגערונג. דערווייל האָט זיך אין זייער לאַגער ענטוויקעלט אַ פּעסט,

זיי האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו לײדען פון הונגער ניט ווייניגער ווי די איינ־וואוינער אין רוים און דאָס האָט זיי געצוואונגען אויפהויבען די בעלאַגע־רונג. זיי האָבען פערברענט זייער לאַגער און האָבען פערלאָזען רוים. דאָס איז פאָרגעקומען אין מערץ פון דעם יאָהר 538. אויך איז וויטיגעס'עס בע־לאַגערונג פון ארימינום געוועזן אָהן ערפאָלג. ער האָט געמוזט פון דאָרט אָפּציהען צוריק נאָך ראַווענאַ אַזוי באַלד, ווי דער עוונוך נארסעס איז צו־געקומען אָהין מיט 7,000 מאַן. צוקומענדיג צו ראַווענאַ האָט ער זי בעלאַ־גערט פון אַלע זייטען. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די גאָטען האָבען בעליזאַר'ן פאָרגעשלאָגען די קעניגס־קרוין פון איטאַליען, ער האָט דעם פאָר־שלאַג אָנגענומען און זיי האָבען איהם געעפענט די טויערן פון ראַווענאַ. אין דעצעמבער 539 איז ער אַריין מיט זיין מיליטער אין די פעסטונג פון ראַווענאַ. די גאָטען זיינען געזעסען ווי לעדיגגעהער און האָבען געקוקט מיט עהרפורכט אויף זייערע זיגער. נאָר זייערע פרויען האָבען געצייגט, דאָס אין זיי געפינט זיך נאָך דער אַלטער גערמאַנישער גייסט. זיי האָבען געשפּיגען זייערע מענער אין די געזיכטער מיט פעראַכטונג פיר זייער פייג־הייט און האָבען מיט זייערע הענט געצייגט אויף די זיגער אום צו בעשעמען זיי. דעם קעניג וויטיגעס האָט מען געהאַלטען אין עהרענפולער געפאַנגענ־שאַפט, און שפּעטער האָט מען איהם געגעבען רייכע גיטער אין אַזיען אַלס ערבגיטער. נאָך דעם, ווי ראַווענאַ האָט זיך אונטערגעגעבען, האָבען זיך נאָך פיעלע אַנדערע שטעדט פון איטאַליען אונטערגעוואָרפען. בעליזאַר האָט אַלע בעזיגטע ערטער גענומען אין בעזיץ און דעם נאָמען פון יוסטיניאַן'ען, דאָך האָט מען איהם פּלוצלינג אָפּגערופען נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל. דאָרט האָט מען איהם אַפילו קיין דאַנק ניט געזאָגט פיר אַלע העלדענטאַטען, וואָס ער האָט בעוויזען, מען האָט איהם אַפילו קיין טריאומף־צוג ניט פערגונען צו מאַכען.

ווי בעליזאַר האָט אָפּגעצויגען, האָבען די גאָטען ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד און האָבען צוריק איינגענומען כמעט גאַנץ איטאַליען. די אונפע־היגע רוימישע קאָמאַנדירען האָבען גאָר ניט געקענט מאַכען געגען דעם ניי־ערוועהלטען גאָטישען קעניג ט אָ ט י ל אַ ס, און דער קיסר איז געווען געצוואונגען ווידער בעליזאַר'ן געגען די גאָטען צו שיקען. ער האָט אָבער געהאַט ווייניג טרופּען און ווייניג געלט פיר דעם קריג, און דעריבער האָט ער ווייניג געקענט אויפטאָן. ער האָט נאָר בעלאַגערט רוים, אָבער ער האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט אין אַ אָפענער שלאַכט מיט די אָסט־גאָטען אַריינצוטרעטען. זיין לאַגע איז געווען פיר איהם אונערטרעגליך, און ער

האָט זעלבסט געבעטען דעם קיסר ער זאָל איהם בעפרייען פון זיין אמט. דער קיסר האָט ערפילט זיין וואונש און האָט דעם עוונוף נ א ר ס ע ס גע-שיקט אויף זיין אָרט. הגם נארסעס איז געווען קליין אין וואוקס און האָט



טעיאַס ערוועהלט אַלס קעניג פון די גאָטען. (ז. 180.)

אַלס עוונוך פערבראַכט אַ גרויסען טייל פון זיין לעבען צווישען פרויען און האָט זיך אָפגעגעבען מיט פרויען־בעשעפטיגונגען, איז ער געווען זעהר אַ

טיכטיגער קריגער. ער האָט זיך איבערהויפט אויסגעצייכענט מיט זיין פּאָ-
ליטישער קלוגהייט, און האָט געהאַט אין זיך גענוג דיפּלאָמאַטישע שלויהייט.
ביי טאָגינאַ איז פאָרגעקומען אַן אָפענע שלאַכט, אין וועלכער נאַרסעס
האָט ענדליך געזיגט. איבער 6,000 גאָטען זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכט-
פעלד. דער קעניג פון די גאָטען, טאָטילאַס, איז אויך געפאַלען אין שלאַכט,
און די גאָטען האָבען ערוועהלט אויף זיין אָרט אַן אַנדער קעניג מיט'ן נאָמען
טעיאַס. נאַרסעס האָט דערוייל בעלאַגערט די שטאָדט קומאָ, אין וועל-
כער אַליגערן, דער ברודער פון קעניג טעיאַס, איז געווען קאָמאַנדאַנט,
ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מיליטער די פעסטונג צו בעשיצען. זעכציג
טעג נאָכאַנאַנד האָבען די ביידע אַרמעען זיך געשלאָגען ניט ווייט פון פּאַוויאַ,
ענדליך איז עס געלונגען די רוימער דעם קעניג טעיאַס צו טויטען. די גאָטען
האָבען אָבער אויך דאַן פאָרטגעזעצט צו קעמפען ווי לייבען מיט שרעקליכער
פערצווייפלונג, אָבער ענדליך האָבען זיי אויפגעגעבען די האָפנונג דעם קאַמף
צו געווינען און זיינען אַוועק פון שלאַכטפעלד און האָבען זיך צוזעעט און
צושפּרייט איבער גאַנץ איטאַליען. די רוימער האָבען דאַן אויך די אַנדערע
פעסטונגען, וואָס זיינען נאָך געווען אין די הענט פון די גאָטען, איינגענומען,
און האָבען אויך פערניכטעט אַן אַרמעע פון 7,000 אַלעמאַננען, גאָטען און
פראַנקען, וועלכע די רוימער האָבען בעגעגענט ביים וואָלטורנוס (טייך) אין
יאָהר 554. איבער 20 יאָהר האָט געדויערט דיזער האַרטנעקיגער קריג, ביז
עס איז ענדליך געלונגען די רוימער אין גאַנצען צו פערניכטען די גאָטען,
אָבער צוזאַמען מיט זיי האָבען די רוימער אויך דאָס לאַנד איטאַליען פער-
ניכטעט. איטאַליען איז געוואָרען אַ פּראָווינץ פון ביצאַנץ, וועלכע האָט
איבערגעגעבען די פערוואַלטונג פון לאַנד צו אַ שטאַטהאַלטער אָדער, ווי
מען האָט עס דאַמאָלס גערופען, אַן עקזאַרך, וועלכער איז געזעסען אין
ראַווענאַ, וואָס איז בעשטימט געוואָרען אַלס זיין רעזידענץ.

## 4) די לאַנגאָבאַרדען.

אָבער דער מזרח־רוימישער קיסר האָט ניט לאַנג געהערשט אין אי-
טאַליען. עס האָט קוים געדויערט איין דור, און אַנשטאָט די גאָטען זיינען
אָנגעקומען נייע פעלקער־שטאַמען אונטער דעם נאָמען לאַנגאָבאַרדען
און האָבען אָפּגענומען איטאַליען פון דעם מזרח־רוימישען קיסר און האָבען
דאָרט געגרינדעט אַ נייעם קעניגרייך. מען זאָגט, דאָס דיזע ענדערונג האָט
דער מזרח־רוימישער קיסר געהאַט נאַרסעס'ן צו פערדאַנקען. נאַרסעס האָט
13 יאָהר פערוואַלטעט איבער איטאַליען. אַלס יוסטיניאַן איז געשטאָרבען

אין יאָהר 565, און יוסטיניאַן דער 2טער איז געוואָרען קיסר, האָט די גאַנ־צע דעה אין דער רעגירונג געהאַט זיין ווייב די קייזערין. דיזע האָט שטארק געהאַסט נארסעס'ן. זי האָט איהם צוגעזאָגט א שפינדעל מיט א ביסעל וואָל און אויך ווייבערשע קליידער, און האָט דערביי געלאָזט זאָגען, דאָס עס איז זעהר פאסענד פיר איהם זיך אָנטאָן ווי א פרוי און טאָן ווייבערשע מלאכות און דאָס קריגסאַמט זאָל ער בעסער איבערגעבען צו מענער. דערויף האָט ער איהר געענטפערט, דאָס ער וועט אָנשפינען אזא לאנגען פאָדים, דאָס זי וועט איהר גאַנצען לעבען האָבען צו אָפּוויקלען און וועט ניט פערטיג ווערען דערמיט. ער האָט זיך דאַן געווענדעט צו די לאנגאָבאַרדען, זיי זאָלען פער־




דער קיסר יוסטיניאַן און זיין סוויטע.

לאָזען זייערע אונפרוכטבארע ערטער אין פאַננאָניען און זיך בעסער בעזע־צען אין די פרוכטבארע לענדער פון דרום־איטאַליען. דערביי האָט ער זיי געשיקט פיעלע טייערע פרוכטען פון דרום־איטאַליען צו צייגען די פרוכט־באַרקייט פון יענע לענדער, אום אין זיי מעהר חשק צו דערוועקען צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף איטאַליען. די לאנגאָבאַרדען זיינען צופרידען געוועזען מיט דיזער איינלאַדונג און אין יאָהר 568 זיינען זיי אָנגעקומען אין איטאַליען.

אזוי ערצעהלט אונז פ א ו ל ו ס ד י א ק אָ נ ו ס, וועלכער האָט גע־לעבט אין דער צייט פון פּיפּין און קאַרל דעם גרויסען, אין זיין געשיכטע געשריבען אין דער לאַטיינישער שפּראַך, וועלכע געפינט זיך נאָך היינט

און וועלכע ער האָט צוגעפיהרט ביז דעם יאָהר 774. אין דיזער געשיכטע ערצעהלט ער אויספיהרליך די נאַציאָנאַלע זאגעס פון די לאַנגאָבאַרדען. לויט דיזער געשיכטע האָבען די לאַנגאָבאַרדען, וועלכע האָבען געהערט צום סועווישען שטאַם, אין די ערסטע צייטען פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג, בעוואוינט דעם אונטערען טייל פון דער עלבע. אין די יאָהרען 4 ביז 6 נ. קר. האָט דער רוימישער קיסר טיבעריוס זיי אונטעריאָכט, און פון יענער צייט אָן האָבען די לאַנגאָבאַרדען אָנטייל גענומען אין אַלע אויפשטאַנדען געגען די רוימער. פון דער צייט פון דעם אויפשטאַנד אונטער מאַרקוס אורעליוס, אין וועלכען זיי האָבען אַ גרויסען אָנטייל גענומען, ווערען זיי פון קיין געשיכטע־שרייבער ניט דערמאָהנט אין פערלויף פון 300 יאָהר. נאָך דעם טויט פון אַטטילאַ אין יאָהר 455 געפינען מיר זיי ווידער אין מעהרען, אָבער ניט אַלס אַ פרייעס פאָלק, נאָר אַלס אונטערגעוואָרפענעס אונטער די הערולער. אין יאָהר 493 האָבען זיי זיך בעפרייט פון די הערולער און זיינען געוואָרען זעלבשטענדיג. זיי האָבען פערברייטערט זייער לאַנד איבער דעם גאַנצען לינקען ברעג פון דעם דונאַי און זיינען געוואָרען נאַכבאַרען מיט די געפידען, מיט וועלכע זיי האָבען שטענדיג געפיהרט קריג. אין דיזע קאַמפען האָט זיך אויסגעצייכענט איין קעניג און העלד מיט'ן נאָמען אַ ל ב אָ י ן, וועלכען די העלדען־זאַגע שטעלט פאָר במעט אין אַן איבערנאַטירליכען גלאַנץ, אַזוי, דאָס עס איז שווער דאָרט צו אונטערשיידען צווישען זאַגע און וואַהרהייט.

נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער אַ ו ד אָ י ן איז אַלבאָין ערוועהלט געוואָרען צום קעניג און ער האָט מיט אייגענער האַנט ערשלאָגען דעם קעניג פון די געפידען ק ו נ י מ ו נ ד. פון דעם שאַרבען פון דעם ערמאָרדעטען האָט ער געהייסען מאַכען פיר זיך אַ בעכער צום טרינקען וויין. די טאָכטער פון דעם ערמאָרדעטען קעניג, ראָזאַמונדע, וועלכע ער האָט גענומען געפאַנגען מיט פיעלע אַנדערע מענער און פרויען, האָט ער גענומען פיר אַ ווייב, ווייל זיין ערסטע פרוי איז איהם דאַמאָלס אָפּגעשטאָרבען. דיזער קריג מיט די געפידען האָט איהם אויך געבראַכט גרויסע אוצרות און רייכטימער. דיזע רייכטימער האָבען אין די לאַנגאָבאַרדען ערוועקט אַ שטאַרקען וואונש צו קול־טור־גיטער, און זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו פאָרשטעלען זיך, וואָס איטאַליען קען זיי פערשאַפען אין דיזער הינזיכט.

אין דעם יאָהר 568 האָבען די לאַנגאָבאַרדען זיך פערבונדען מיט 20,000 זאַקסען און זיינען אַריבער די אַלפען־בערג. אין אַ קורצער צייט האָבען זיי אונטערוואָרפען אויבער־איטאַליען. אַלע שטעדט האָבען זיך איבערגעגעבען

צו זיי, אויסער דער שטאָדט פּאַוויאַ. דריי יאָהר האָט דיזע שטאָדט אויסגע-האַלטען די בעלאַגערונג פון די לאַנגאָבאַרדען. דיזע עקשנות פון די בעלאַגער-טע האָט שרעקליך אויפגעבראַכט די פיהרער פון די לאַנגאָבאַרדען און אַלבאָין האָט געשוואָרען פון כעס, דאָס ווען ער וועט איינגעהמען די שטאָדט, וועט ער ניט איבערלאָזען קיין שריד ופליט פון די בעלאַגערטע. ענדליך האָט דער הונ-גער געצוואונגען די איינוואוינער פון פּאַוויאַ זיך אונטערצוגעבען, און אַלבאָין האָט זיי בעהאַנדעלט מילד, ניט ווי ער האָט געשוואָרען פון כעס; ער האָט אויך די שטאָדט געמאַכט פיר זיין רעזידענץ. עס האָט ניט לאַנג גע-נומען און די לאַנגאָבאַרדען האָבען אונטערוואָרפען אונטער זייער מאַכט



לאַנגאָבאַרדישע קליידער.

גאַנץ איטאַליען. אין די הענט פון די מזרח־רוימער זיינען נאָר געבליבען איינינגע געביטען, וואָס זיינען געווען בעשיצט פון ים, ווי סיציליען, סאַרדיניען און אייניגע האַפען־שטעדט, ווי ראַווענגאַ, נעאַפּעל, גענואַ, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס עקזאַרכאַט פון ראַווענאַ. אויך רוים איז געבליבען אונטער דער הערשאַפט פון ביצאַנץ לפנים, אָבער אין גרונד גע-נומען האָט אין רוים דער פּאַפּסט זעלבשטענדיג געהערשט.

אַלבאָין האָט ניט לאַנג גענאָסען די פרוכט פון זיינע זיגען. ער איז באַלד ערמאָרדעט געוואָרען. ווי די זאַגע ערצעהלט, האָט ער אַמאָל, ווען ער

איז געווען שכור, געצוואונגען זיין פרוי צו טרינקען פון דעם שאַרבען פון איהר פאָטער'ס קאָפּ, פון וועלכען ער האָט געמאַכט אַ בעכער פיר זיך. דיזעם האָט ערוועקט אין איהר אַ געפיהל פון ראַכע, און זי האָט געמאַכט אַ בונד מיט אַן ערעלמאַן פון אַלבאָין'ס סוויטע מיט'ן נאָמען העלמיכיס, און מען האָט איהם ערמאָרדעט. זי האָט פון זיין שלאָף־צימער אַרויסגעטראָגען אַלע געוועהר, און אַלבאָין האָט ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו בעשיצען געגען זיין מערדער און איז אַזוי ערמאָרדעט געוואָרען (אין יאָהר 573).

זיין נאָכפאָלגער קלעף איז אויך אין אַ קורצער צייט ערמאָרדעט געוואָרען. נאָך זיין טויט האָבען די הערצאָגען געפּרובּט הערשען אָהן אַ קעניג, אָבער זיי האָבען גיך אויסגעפונען, אַז זיי קענען ניט אויסקומען אָהן אַ קעניג, און האָבען ערוועהלט דעם זוהן פון קלעף'ן, אַנטהאַרי, אויף דעם קעניגליכען טראָן אין יאָהר 584. זיין רעגירונג האָט זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס ער האָט געגעבען דער רעגירונג אַ פעסטע מאָנאַרכישע פאָרם און האָט אײַנגעאָרדענט די ריכטיגע פערהעלטניסען צווישען דעם קעניג און די אַדעללייט. ער האָט נעמליך צוטיילט דאָס לאַנד צווישען זיינע הערצאָגען, וועלכע האָבען געהערשט יעדערער אין זיין געביט, און האָט אַליין בעשטימט בעאַמטע פיר זיין הערצאָגטום. ביי די רוימער האָט מען אָפּגענומען אַלע פּאָליטישע רעכטען, אויך זייער גרונד־אייגענטום. פון דיזע הערצאָגען האָט ער געגרינדעט אַ שטאַאַטס־אַדעל, אַזוי דאָס אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגט דאָס פאָלק ערוועהלען הערצאָגען, האָט יעצט דער קעניג זעלבסט אָנגעפאַנגען זיי צו בעשטימען פון דעם אַדעל, וואָס ער האָט געגרינדעט. זיי זיינען יעצט געוואָרען ניט נאָר חיל־פיהרער, נאָר אויך ריכטער אין די שטעדט, וואו זיי האָבען געהערשט, און אויך אין די געביטען, וואָס האָבען געהערט צו דיזע שטעדט. די געזעץ־געבער פון לאַנד זיינען געווען: דער קעניג מיט זיינע ראַט־געבער פון דעם אַדעל. אָבער די געזעצען זיינען נאָר דאַמאָלס אַריין אין קראַפט, ווען די פאָלקס־פערזאַמלונג האָט זיי אָנגענומען. ווען ניט, האָבען זיי קיין קראַפט ניט געהאַט. זינט דעם יאָהר 644 זיינען די געזעצען שריפטליך אַרויסגעגעבען געוואָרען. די רעגירונג פון אַנטהאַרי האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט דעם, וואָס דער מאַטעריעלער צושטאַנד פון פאָלק האָט זיך פיעל געבעסערט. אַקערבוי, האַנדעל און אינדוסטריע האָבען זיך שטאַרק אויפגעהויבען.

אַנטהאַרי האָט געהייראַטעט די בעוואוסטע שענהייט פון יענער צייט, טהעאָדאָלינדע, די טאָכטער פון דעם בייערן־הערצאָג גאַריבאַלדי. וועגען דיזער הייראַט ערצעהלט די זאַגע פאָלגענדעס. אַנטהאַרי האָט לאַנג

זיך גע׳שדכ׳ענט צו דער שענער טהעאָדאָלינדע. ענדליך איז איהם מיאוס געוואָרען ווארטענדיג אויף אַן ענטפער, און ער האָט בעשלאָסען זעלבסט פאָה־רען צו איהר, צו רעדען מיט איהר פערזענליך. ער איז געקומען אין בייערן מיט זיין מוטער, אָבער ער האָט ניט אויסגעזאָגט, דאָס ער איז דער קעניג פון איטאַליען. דער בייערן־הערצאָג האָט זעהר פריינדליך אויפגענומען די לאַנגאָבארדישע געסט, וועלכע די שענע טהעאָדאָלינדע זעלבסט האָט אויפ־גענומען מיט כבוד. ווען טהעאָדאָלינדע האָט איהם דערלאַנגט אַ בעכער ווייִן, האָט ער זי בעגריסט אַלס די קעניגין פון איטאַליען, האָט זי שטארק די האַנט געדריקט, און האָט איהרע באַקען געגלעט. זי האָט עס באַלד ערצעהלט צו איהר אַם און יענע האָט איהר באַלד געזאָגט, דאָס דיזער מוז זיין דער איטאַליענישער קעניג אַנטהאַרי, וועלכער שדכן׳ט זיך צו איהר שוין אַזוי לאַנג. באַלד נאָך דעם האָט זיך אַנטהאַרי אַרויסגעגעבען צו די בייערן ווער ער איז, און דער שדוך איז געשלאָסען געוואָרען. ווענען דיזער הייראַט זיינען פערפאַסט געוואָרען פון די אַלטע לאַנגאָבארדען זעהר פיעלע זאַגעס.

עס איז אָבער קיין וואונדער ניט, וואָס די לאַנגאָבארדען האָבען געשענקט אַזוי פיעל אויפמערקזאַמקייט צו דיזער הייראַט ; די פערבינדונג פון אַנטהאַרי מיט דער טאָכטער פון דעם בייערישען הערצאָג האָט געהאַט זעהר וויכטיגע פאָלגען פיר דאָס רייך פון די לאַנגאָבארדען. אונטער איהר איינפלוס זיינען די לאַנגאָבארדען, וואָס זיינען ביז יעצט געווען אַריאַנער, געוואָרען קאַטאָ־ליקען, און פון דאַמאָלס אָן האָבען אין איטאַליען אָנגעהויבען צו הערשען נאָר קאַטוילישע קעניגען. הויפּטזעכליך האָט איטאַליען צו פערדאַנקען דיזע וויכטיגע ענדערונג צום פּאַפּסט גרעגאָרי דעם 1טען, וועלכער איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אַלס גרעגאָר דער גרויסער. דיזער פּאַפּסט האָט פיעל מיטגעווירקט צו פערברייטערן דעם קאַטאָליציזם אויך צווישען די אַנגלאָ־זאַקסען, איבערהויפּט איז גרעגאָר דער 1טער געווען איינער פון די וויכ־טיגסטע ערשיינונגען אין דעם רוימישען שטול. ער האָט איינגעפלאַנצט דעם גלויבען אין דער גאַנצער קריסטליכער וועלט, דאָס דער רוימישער בישאָף איז דער נאָכפאָלגער פון דעם אַפּאָסטעל פּעטרוס, און דעריבער איז ער דער ערסטער פּריסטער איבער אַלע קריסטליכע פּריסטער, אָדער פּאַפּסט ; אויסער דעם האָט ער פיעל געזאָרגט פיר די פּעראייניגונג פון דעם רעליגיאָנס־דינסט אין די קירכען, פון דער אָרדנונג און פון די געזענג, אַזוי דאָס מען קען זאָגען, דאָס דער היינטיגער גלאַנץ פון דעם קאַטוילישען רעליגיאָנס־דינסט שטאַמט כמעט אין גאַנצען פון איהם.

אין דער צייט פון זיין קורצער רעגירונג האָט אַנטהאַרי דריי מאָל די פראַנקען געשלאָגען און האָט דערמיט געזיכערט די רוה פיר זיין רייך אויף אַ לאַנגע צייט. ער האָט געטראַכט וועגען אַ פּלאַן, ווי אין גאַנצען זיך צו בעפרייען פון דער הערשאַפט פון ביצאַנץ אין איטאַליען, אָבער דער טויט האָט איהם פערכאַפּט פריהער. נאָך זיין טויט האָבען די לאַנגאָבאַרדען מעהר קיין קעניג ניט געוואָלט ערוועהלען. זיי האָבען בעשלאָסען דעם יעניגען אָנערקענען פיר זייער קעניג, וועמען זייער געליבטע קעניגין טהעאָדאָלינדע וועט געבען איהר האַנט. די יונגע אלמנה האָט בעשלאָסען צו הייראַטען דעם הערצאָג פון טורין, אַגילולף, וועלכער האָט גליקליך רעגירט 25 יאָהר, פון 590 ביז 615. די ביצאַנטינער זיינען כמעט אין גאַנצען ארויסגעטריבען געוואָרען פון איטאַליען. זיי וואָלטען רוים אויך געהאַט פערלאָרען, ווען ניט דער קלוגער ערפאַהרענער פּאַפּסט גרעגאָר דער 1טער, וועלכער האָט גוט פערשטאַנען, ווי צו געברויכען פיר דיזען צוועק זיין גייסטליכען, ווי אויך פּאָליטישען איינפלוס. פון די קעניגען, וואָס האָבען געהערשט נאָך אַגילולף'ן, איז ניטאָ עטוואָס וויכטיגעס צו ערצעהלען. די קעניגליכע מאַכט האָט מעהר און מעהר פערלאָרען איהר בעדייטונג, דאַגעגען האָט די זעלבשטענדיגע מאַכט פון די הערצאָגען געשטיגען העכער און העכער. איבערהויפּט האָט הויך געשטיגען די מאַכט פון די הערצאָגען, וואָס זיינען געווען ביי די גרענצען, ווי צ. ב. אין בענעווענט, פריאול, ספּאָלעטאָ און טרידענט. דאָס לאַנד האָט דאַמאָלס געליטען אויך פון די אוואַרען, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען אָנצופאַלען אויף די לענדער פון די לאַנגאָבאַרדען אויף דעם שטייגער פון די הונען. פיר די לאַנגאָבאַרדען איז אויך זעהר שעדליך געווען וואָס פּאַפּסט גרעגאָר דער 1טער איז געווען זייער געגנער. וועגען דיזען אומשטאַנד וועלען מיר שפּעטער האָבען די מעגליכקייט אויספיהרליך צו רעדען.

## א. די פראַנקען.

די מזרח=גערמאַנען, ווי די גאָטען, וואַנדאַלען, הערולער און אַנדערע פעלקערשאַפטען, האָבען פיר דאָס שפּעטערע מיטטעלאַלטער ניט געהאַט קיין שום בעדייטונג. זיי האָבען אויך וועניג איינפלוס געהאַט אויף דעם רוימישען באָדען, וואו זיי האָבען קיין דויערנדע שפּורונג ניט איבערגעלאָזען. די הויפּט=ראָלע אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע אין ווייטערען מיטעל=אַלטער שפּילען די מערב=גערמאַנען.

דער הויפּט פיינד פון די גערמאַנען איז אויך שפּעטער געבליבען די מזרח־רוימישע אימפּעריע. מזרח־רוימישע אַרמעען האָבען צושטערט דאָס וואַנדאַלען־רייך און די וועסט־גאָטען, און יעצט האָבען זיי זיך גענומען צו צושטערען די מערב־גערמאַנען, נעמליך די לאַנגאָבאַרדען אין איטאַליען. צו די מזרח־רוימער איז צוגעקומען אַ נייער פיינד, דער איסלאַם, ד. ה. די מאַחמעדאַנער. די גערמאַנען האָבען אָנגעפאַנגען צו ערוואַרטען די אָנגריפען פון איסלאַם פון דרום און מערב.

דיזע לאַגע האָט אַרויסגערופען אויף די ביהנע פון דער געשיכטע אַ קליינעם שטאַם, וואָס איז געזעסען דאַמאָלס ביי די ברעגען פון די טייכען רהיין, מאַאַס און שעלדע, דעם שטאַם, וואָס טראָגט דעם נאָמען ס אַ ל ־ פ ר אַ נ ק ע ן. די פראַנקען האָבען געגרינדעט דאַמאָלס אַ קעניגרייך אין דרום־פראַנקרייך און האָבען אָפּגעשטויסען די אַראַבער אין שפּאַניען און גע־האָלפען די לאַנגאָבאַרדען געגען די אָנגריפען פון דער ביצאַנטישער מלוכה, און דערמיט האָבען זיי געלעזט אַ וויכטיגע וועלט־געשיכטליכע אויפגאַבע.

אין אָנפאַנג פון 3טען יאָהרהונדערט זיינען די פראַנקען געזעסען אין די אונטערע רהיין־געגענדען. די פראַנקען זיינען אייגענטליך אַ רייהע פון גערמאַנישע פעלקערשאַפטען, נעמליך: די ש אַ מ אַ ו ו ע ן, די אַ ט ־ ט ו אַ ר י ע ר, די אַ מ פּ ס י ו ו אַ ר י ע ר, די ס י ג אַ מ ב ר ע ר און די ס אַ ל י ע ר. מען ווייס ניט גענוי, וואָס דער נאָמען „פראַנקען" בעדייט. איינינגע מיינען, דאָס דיזער בעדייט „פרייער"; אַנדערע דענקען, דאָס ער שטאַמט פון דעם קעלטישען וואָרט „פראַנק", וואָס מיינט „האָאָריג". די פראַנקישע פעלקער־מאַסע האָט זיך שפּעטער אָפּגעזונדערט אין צוויי הויפּט־גרופּעס, די ס אַ ל י ע ר ביים אונטערען רהיין און די ר י פּ ו אַ ־ ר י ע ר ביים מיטעלען רהיין. אונגעפעהר זינט דעם יאָהר 240 נ. קר. געפי־נען מיר די פראַנקען אין פיינדליכע בעציהונגען צו די רוימער. אין יענער צייט זיינען אַ גרופּע פראַנקען דורכגעגאַנגען גאַלליען און האָבען דאָרט גערויבט און געפּלינדערט. אָבער דאָס קייזערליכע מיליטער האָט זיי געשלאָגען און פערטרי־בען פון גאַלליען. פון דאַמאָלס אָן האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטרייטיגקייטען צווישען די רוימער און די פראַנקען. הגם די פראַנקען האָבען פיעל מאָל געלי־טען נידערלאַגעס פון די רוימער, האָבען זיי דאָך אין יאָהר 290 איינגענומען די באַטאַווער־אינזעל. פון דאַנען האָבען זיי פערברייטעט זייערע בעזעצונגען איבער די לאַנדשאַפט טאָקסאַנדריען (דער היינטיגער נאָרד־בראַבאַנט). דיזעס געביט איז דאַמאָלס ניט געווען גענוג פערטיידיגט פון די רוימער. אין יאָהר 358 זיינען די פראַנקען געשלאָגען געוואָרען פון דעם קייזער אליין, און זיינען

געווען געצוואונגען צו אַנערקענען די אויבערהערשאַפט פון די רוימער איבער זיך, און אַרויסצושיקען יעדעס יאָהר אַ געוויסע צאָהל קריגער צו דער רוימי־שער אַרמעע. אָבער אין אָנפאַנג פון 5טען יאָהרהונדערט האָבען די סאַלישע פראַנקען וויטער געוואונען זייער זעלבשטענדיגקייט און די רוימער האָבען אויפגעהערט צו רעכנען זייער געבּט אַלס אַ טייל פון זייער אימפּעריע. קורץ נאָך דעם האָבען די פראַנקען וויטער פערברייטעט זייערע בעזעצונגען צו מערב און האָבען צוגענומען דאָס גרויסע לאַנד בייביידע זייטען פון דער שעלדע.

מען דאַרף ניט מיינען, דאָס די זיגען פון די סאַליער האָבען אַרויסגע־רופען אַ שטאַרקע ערביטערונג פון דער זייט פון די רוימער. די רוימער זיי־נען שוין דאַמאָלס געוועהנט געוואָרען צו זעהן, ווי מען רייסט שטיקערווייז פון זייער אימפּעריע ; זיי זיינען שוין געוועהנט געווען צו זעהן דעם רע־זולטאַט פון דעם, וואָס זיי האָבען געבעטען הילף פון די גערמאַנישע פעלקער־שאַפטען, וועלכע האָבען זיי געהאָלפען נאָר אום פיר זיך זעלבסט נוצען צו ציהען. ווען כ ל אָ ד י אָ האָט געהאָלפען די רוימער געגען די הונען, האָט ער די לענדער, וואָס ער האָט אָפּגעריסען פון זיי, פון די הונען, אַליין בע־זעצט, דאָס זעלבע האָט געטאָן כ י ל ד ע ר י ך, דער זוהן פון כלאָדיאָ׳ן, זוען ער האָט געהאָלפען די רוימער געגען די וועסט־גאָטען אין זאַקסען.

אַזוי איז געווען די פּאָליטישע לאַגע, ווען דער 15־יעהריגער כ ל אָ ־ ד ע ו ו י ך, דער נאָכפאָלגער פון כילדעריך׳ן, איז אַרויף אויף׳ן טראָן (481—511). אין יאָהר 486 איז כלאָדעוויך בעפאַלען די רוימער, האָט זיי בעזיגט און האָט פערברייטערט די הערשאַפט פון די פראַנקען ביז צו דעם טייך סען און נאָך דעם אויך ביז צו דעם טייך לואַר. די שטאַמען פון צפון און מזרח זיינען אויך באַלד צו זיי צוגעשטאַנען. נאָך דעם האָט זיך כלאָ־דעוויך גענומען צו די אַלעמאַננען, האָט זיי בעזיגט אין יאָהר 496, און האָט דאַן אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיאָן צוזאַמען מיט 3,000 אַדעללייט. דער רוימישער בישאָף האָט איהם דאַמאָלס געגעבען דעם טיטעל „אַלער־קריסטליכער קעניג”. דיזער שריט איז געווען פון פּאָליטישען שטאַנד־פונקט אַ זעהר קלוגער און פּראַקטישער, וויל דורך דעם האָט ער געוואונען די סימפּאַטיע און אונטערשטיצונג פון די קאַטוילישע גייסטליכע געגען די אַריאַנישע וועסט־גאָטען און בורגונדער.

די איינצעלנע פראַנקישע שטאַמען, וואָס זיינען נאָך געבליבען זעלב־שטענדיג, האָט כלאָדעוויך מיט געוואַלד פעראייניגט מיט זיין רייך ; די קליי־נע קעניגען האָט ער פערטריבען אָדער אייגענהענטיג ערמאָרדעט. זיין מדינה

איז אָבער איהם געווען צו קליין, דעריבער האָט ער זיך גענומען אונטערצוווארפען אונטער זיין הערשאַפט די בורגונדער. אָבער דיזע אונטערנעהמונג האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט, הגם די קאַטױלישע בישאָפען האָבען איהם געהאָלפען מיט אַלץ, וואָס זיי האָבען געקענט. די בורגונדער האָבען איהם געצוואונגען צו שליסען מיט זיי אַ פריינדשאַפטס-בונד. נאָך דעם האָט ער זיך גענומען צו אונטערוואַרפען אונטער זיין מאַכט די וועסט-גאָטען, וועלכע האָבען דאַמאָלס געהערשט אין דעם שענסטען טייל פון דרום-גאַלליען. אין דיזען שטרייט האָט איהם פיעל געהאָלפען דאָס, וואָס די וועסט-גאָטען זיינען געווען אַריאַנער. כלאָדעוויך האָט ערקלערט צו די פראַנקען, דאָס מען מוז ביי די אַפּיקורסים, די ניט-גלױביגע וועסט-גאָטען, זייערע לענדער אָפּנעהמען. צו דערגרייכען דיזען צוועק האָט איהם געהאָלפען ג ו נ ד אָ ב אַ ל ד, דער קעניג פון די בורגונדער, און ז י ע ג ב ע ר ט, דער פירסט פון די ריפּואַריער. זיי זיינען אַלע צוזאַמען בעפאַלען די וועסט-גאָטען. דער קעניג פון די וועסט-גאָטען, אַ ל אַ ר י ך, איז ז י אַרויס ענטגעגען מיט זיין אַרמעע, ער איז אָבער געשלאָגען געוואָרען און איז זעלבסט געטויט געוואָרען אין דער שלאַכט ביי ב ו ל ל אָ ן. נאָך דעם האָבען די פראַנקען אויך ט אָ ל אָ ז אַ איינגענומען און האָבען די וועסט-גאָטען אין גאַנצען פון לאַנד פערטריבען, און דאָס גאַנצע לאַנד ביז די פּירענאָאישע בערג איז איבערגעגאַנגען אונטער די הערשאַפט פון די פראַנקען.

הגם די מדינה פון די פראַנקען איז שוין דאַמאָלס געווען איינע פון די גרעסטע מדינות אין אייראָפּאַ, איז דאָס אַלץ כלאָדעוויך'ן געווען ניט גענוג, און ער האָט זיך געמאַכט פיר אַן אויפגאַבע צו אונטערוואַרפען אונטער זיין מאַכט אויך די סאַלישע ריפּואַרישע פראַנקען. אָבער די פירסטען פון די ריפּואַרישע פראַנקען האָבען איהם געשטערט דיזען פּלאַן דורכצופיהרען. דיזע פירסטען זיינען געווען זיינע פערוואַנדטע. דער מעכטיגסטער פון זיינע קוזינס איז געווען זיעגבערט, דער קעניג פון די ריפּואַריער. זיעגבערט האָט געהאָלפען כלאָדעוויך'ן אין דער שלאַכט ביי צילפּיך, אין וועלכער ער האָט בעקומען אַ וואונד און איז געוואָרען הינקעדיג אויף אימער. זיעגבערט האָט נאָך איהם געשיקט סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין זוהן כלאָדעריך, צו העלפען איהם געגען די וועסט-גאָטען. יעצט האָט ער אויפגעהעצט דיזען זוהן אויף זיין פאָטער אום צו ערמאָרדען איהם און פערכאַפּען דעם טראָן. איין מאָל, ווען דער אַלטער זיעגבערט איז געווען אויף דער יאַגד, האָט איהם זיין זוהן אין שלאָף ערמאָרדעט. דער פאָטער-מערדער האָט מיט שמחה מיטגעטיילט כלאָדעוויך'ן פון דעם גליקליכען ערפאָלג און מען האָט איהם

פערשפּראָכען צו געבען אַ טייל פון די אוצרות, וואָס זיינען געבליבען פון זיין פאָטער. כלאָדעוויך האָט איהם געענטפערט, דאָס ער ענטזאָגט זיך צו נעה־מען וואָס עס איז פון די רייכטימער, דאָך קען כלאָדעריך זיי ווייזען צו די געזאַנדטע, וואָס ער, כלאָדעוויך, האָט צו איהם געשיקט. ער האָט אַזוי געטאָן און געצייגט די געזאַנדטע אַ קאַסטען, וואָס איז געווען פול מיט פערשיידענע גאָלדענע זאַכען. „איך וואָלט וועלען זעהן, ווי טיף דאָס גאָלד געהט אַראָפּ אין קאַסטען", האָט געזאָגט איינער פון די געזאַנדטע צום פאָטער־מערדער. כלאָדעריך האָט זיך איינגעבויגען און האָט אַריינ־געשטעקט די האַנט טיף אין די גאָלדשטיקער, וואָס זיינען געווען אין קאַס־טען. אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט איהם דער געזאַנדטער מיט אַ האַק דעם קאָפּ צושפּאָלטען. כלאָדעוויך איז באַלד געלאָפען נאָך קעלן און האָט געהאַלטען פאַר די צוזאַמענגערופענע דאָרט די פאָלגענדע קורצע רעדע: „כלאָדעריך האָט ערמאָרדעט זיין פאָטער און איז באַלד נאָך דעם ערמאָרדעט געוואָרען פון אַ מאַן, וואָס איך קען איהם ניט. איך האָב קיין אַנטייל ניט אין דיזער טאַט. עס וואָלט געווען ווירקליך אַ שאַנדע, ווען איך וואָלט דערין וועלכען עס איז אַנטייל גענומען. עס איז יעצט קיינער ניט געבליבען פון דער פאַמיליע פון אייער הערשער, אָנערקענט מיך פיר אייער קעניג. איהר וועט אונטער מיין הערשאַפט געפינען שוץ און רוה". די רהיין־פראַנקען האָ־בען מיט פערגניגען אָנגענומען דיזען פאָרשלאַג. זיי האָבען גלייך אָנגעטאָן זייערע וואַפען און איהם ערקלערט אַלס זייער קעניג.

אַן אַנדער קוזין פון כלאָדעוויך'ן, מיט'ן נאָמען כאַראַריך, האָט גע־הערשט איבער אַ פראַנקישען שטאַם אין צפון־מזרח פון גאַלליען. אום פון איהם און פון זיין זוהן פטור צו ווערען, האָט ער זיי געמאַכט פיר פּריסטער, אָבער דאָס איז פיר איהם ניט געווען גענוג זיכער, און ער האָט זיי בעסער די קעפּ אַרונטערגענומען. ער האָט נאָך געהאַט אַ וויטען קרוב מיט'ן נאָמען ראַגנאַכער, וועלכער האָט געהערשט אין קאַמבראַי. געגען איהם האָט דער פרומער קאַטוילישער כלאָדעוויך געברויכט דעם אַלטען מיטעל — כאַבאַר. ער האָט געגעבען גרויסע מתנות צו די קריגס־בעאַמטע פון זיין קרוב, און דיזע האָבען איהם דערפאַר גערופען אין זייער לאַנד צו קעמפען מיט זייער קעניג ראַגנאַכער. כלאָדעוויך איז געקומען אַהין מיט אַ גרויסער אַרמעע און ראַג־נאַכער איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען. זיינע לייט האָבען איהם גע־כאַפּט, געבונדען די הענט, און האָבען איהם געבראַכט צו כלאָדעוויך'ן. מיט איהם צוזאַמען האָבען זיי אויך זיין ברודער ריכאַר געבראַכט צום זיגער. ווי כלאָדעוויך האָט דערזעהן ראַגנאַכער'ן אַ געבונדענעם, איז ער געוואָרען

שרעקליך בעז און האָט אויסגעשריען: „קענסט דו אזוי פיעל שענדען אונזער פאַמיליע און זיך לאָזען בינדען? דער טויט איז פיר דיך שענער". ער האָט באלד איהם מיט זיין שטרייט־האַק אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. נאָך דעם האָט ער זיך געווענדעט צו ריכאַר׳ן און האָט צו איהם געזאָגט: „ווען דו וואָלסט אָבער געהאָלפען דיין ברודער אין זיין נויט, וואָלט ער ניט געבונדען געוואָרען", און האָט איהם אויך באלד ערמאָרדעט. נאָך דעם האָט כלאָדע-וויך בעהערשט ראַגנאַכער׳ס געביט און האָט עס פעראייניגט מיט זיין קע-ניגרייך. די לייט, וואָס האָבען בעקומען כאַבאַר פון כלאָדעוויך׳ן, האָבען זיך באלד אַרומגעזעהן, דאָס די גאָלדענע מתנות, וואָס ער האָט זיי געגעבען, זיי-נען ניט געווען פון מאַסיווען גאָלד, נאָר פון אויבען בעגאָלדעט. זיי האָבען זיך געווענדעט צו כלאָדעוויך׳ן מיט אַ קלאַגע. דיזער האָט זיי געהאַלטען אַ מאָראַל־פּרעדיגט: „ווער עס איז אונטריי צו זיין הערשער, פערדינט ניט בעסער בעהאַנדעלט צו ווערען. זייט צופרידען דערמיט, וואָס איך האָב אייך דאָס לעבען געשענקט".

יעצט איז דאָס רייך פון דעם אַלער־קריסטליכסטען קעניג געוואָרען זעהר גרויס און האָט פערנומען גאַנץ צפון־מזרח פון גאַלליען. דאָס מעכטיגע פראַנקענרייך, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך גוואַלד־טאַטען און אַ לאַנ-גע קייט פון געמיינע פערברעכענס, איז געוואָרען דער פונדאַמענט, אויף וועלכען דאָס בעריהמטע וועלט־רייך פון די קאַראָלינגער האָט זיך געגרינדעט.

דעם 27טען נאָוועמבער פון יאָהר 511 איז כלאָדעוויך געשטאָרבען אין פּאַריז. נאָך איידער ער האָט בעפעסטיגט די פערהעלטניסען, וועלכע ער האָט געשאַפען. נאָך איהם זיינען געבליבען פיער זיהן, טהעאָדעריך, כלאָדאָמיר, כילדעבערט און כלאָטאַר, וועלכע האָ-בען פאָרטגעזעצט די פּאָליטיק פון זייער פאָטער. זיי האָבען דאָס לאַנד צוטיילט אויף פיער טיילען. טהעאָדעריך האָט געהערשט אין רי-פּואַרישען און אויבער־פראַנקישען געביט, ווי אויך אין שאַמפּאַן מיט דער הויפּט־שטאָדט מעץ; כלאָדאָמיר האָט רעגירט איבער דאָס פריהערדיגע וועסט־גאָטישע לאַנד מיט דער רעזידענץ אָרלעאַנס; כילדעבערט איבער דאָס געביט צווישען דער סען און לואַר, ברעטאַן אין נאָרמאַנדיע מיט דער רעזידענץ פּאַריז; כלאָטאַר האָט געהערשט אין דעם אַלט־סאַלישען געביט און דעם ברעג־שטריך צו צפון פון דער סען מיט דער רעזידענץ סואַסאָן. הגם דאָס לאַנד איז צוטיילט געוואָרען אויף פיער טיילען, האָבען די הערשער געלעבט אין פרידען איינער מיט דעם אַנדערן און האָבען געווירקט צוזאַמען. פריהער פון אַלץ האָבען זיי צוזאַמען זיך גענומען בעהערשען דאָס לאַנד פון

די טהירינגער. הגם די פראַנקען האָבען געזיגט, זיינען זיי ניט זיכער געווען מיט'ן ערפאָלג ביז די זאַקסען האָבען זיי געשיקט זייער הילף. דאַן איז עס זיי געלונגען צו שטירצען דאָס רייך פון די טהירינגער. זייער קעניג, ערמאַנריך, האָט זיך געמוזט אונטערגעבען צו טהעאָדאָריך'ן. מען האָט איהם אָבער אַרונטערגעוואָרפען פון די מויערן פון צילפיך און ער איז גע'הרג'עט געוואָרען. דאָס בעזיגטע לאַנד האָבען די פראַנקען און די זאַק-סען צוטיילט צווישען זיך (אין יאָהר 511).

באַלד נאָך דעם איז אויך בורגונד בעזיגט געוואָרען. נאָך דעם, ווי די בורגונדער זיינען איינינגע מאָל געשלאָגען געוואָרען פון אַעטיוס'ן און די הונ-נען, האָבען זיי זיך ווידער פערשפּרייט אין גאַלליען, האָבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען און האָבען געגרינדעט אַ גרויסע מדינה, וועלכע האָט גערייכט פון די וואָגעזען-בערג ביז צום מעער ביי מאַרסייל. שוין כלאָדעוויך האָט געפיהרט אַ שטרייט מיט דעם בורגונדישען קעניג גונדאָבאַלד, אָבער ער האָט איהם ניט געקענט בעזיגען, און דיזער איז געבליבען קעניג אין זיין לאַנד. גונדאָבאַלד איז געשטאָרבען אין יאָהר 519 און זיין זוהן זיעגמונד איז אַרויף אויף דעם טראָן. ער האָט געגרינדעט אַ קלויס-טער (מאָנאַסטיר) אונטער דעם נאָמען סט. מאָריטץ אין וואַללים און די קיר-כע האָט איהם פערעהרט אַלס הייליגען. אָבער די פראַנקען-קעניגען כלאָדאָ-מער, כילדעבערט און כלאָטאַכאַר האָבען זיעגמונד'ן אָנגעגריפען און בעזיגט. כלאָדאָמער האָט איהם מיט זיין ווייב און זיינע קינדער אין אַ ברונען אריינ-געוואָרפען, וואו זיי זיינען דערטרונקען געוואָרען. די בורגונדער האָבען אפילו פאָרטגעזעצט דעם קריג מיט די פראַנקען אונטער זייער נייעם קעניג גונ-דאָמאַר, אָבער ענדליך זיינען זיי בעזיגט געוואָרע'. כילדעבערט און כלאָטאַכאַר האָבען זיך צוטיילט מיט דער מדינה פון די בורגונדער. די צוויי קינדער, וואָס זיינען געבליבען פון גונדאָמאַר האָט מען שפּעטער געבראַכט אין פּאַריז, דאָ האָט זיי כלאָטאַכאַר מיט זיינע אייגענע הענט ערמאָרדעט, ניט אַכטענדיג אויף זייערע ריהרענדע ביטעס און געוויין. דיזע אונגליקליכע קינ-דער האָבען זיך פריהער געפונען אונטער דעם שוץ פון כראָטעכילדיס, דער מו-טער פון די פראַנקישע קעניגען, אָבער די קעניגען האָבען איהר געשיקט אַ שווערד און אַ שער, דערמיט האָבען זיי געמיינט צו פרעגען איהר עצה, וואָס צו טאָן מיט דיזע קינדער: אָפּשערען זיי און שיקען זיי אין מאָנאַסטיר צו פער-בלייבען דאָרט אַלס מאָנאַכען, אָדער צו הרג'ענען זיי מיט'ן שווערד. די אַלטע קעניגין האָט געענטפערט, דאָס עס איז גלייכער זיי זאָלען שטאַרבען איידער לעבען אין אַ מאָנאַסטיר.

אויך אין איטאַליען האָבען די פראַנקען געהאַט ערפאָלג דורך זייער פּאָליטיק פון פאַלשקייט. זיי האָבען זיך געוואָרפען אַמאָל צו די רוימער, אַמאָל צו די גאָטען, ווי עס האָט זיי בעסער געפּאַסט. מיט דיזען אופן האָבען זיי דאָרט צוגענומען פּראָווינס און אַ טייל פון ראַציען. ניט פיעל שפּעטער זיינען אויך די בייערן אַרונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון די פראַנ- קען. דערצו האָט פיעל געהאָלפען דער פאַקט, וואָס דער בייערישער הערצאָג גאַריבאַלד האָט געהייראַט די אַלמנה פון אַ פראַנקישען קעניג. דאַמאָלס האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען די שטרעבונג פון די פראַנקישע קעניגען צו אונ- טערוואַרפען אונטער זייער מאַכט בייערן, זאַקסען און איטאַליען, אַ שטרעבונג וועלכע איז פערווירקליכט געוואָרען אין דער צייט פון קאַרל דעם גרויסען און זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע זיינען בעקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „די קאַראָלינגער”, ד. ה. די נאָכפאָלגער פון קאַרל דעם גרויסען. די פראַנקישע אַרמעען האָבען דורכגעצויגען די איטאַלישע האַלב־אינזעל ביז דעם דרום־ענד, און דער פּאַפּסט ו ו י ג י ל י ו ס (537—555) האָט אַרויס- געלאָזען אַ הילפס־רוף צו די רוימער געגען די גערמאַנישע אונטערדריקונגען.

אָבער די צייט פון פעראייניגען דיזע לענדער אונטער איין סצעפּטער (שבט מלכות) איז נאָך ניט געקומען. עס האָט נאָך געהערשט דאָס פּרינציפּ פון צוטיילען די לענדער צווישען אַלע יורשים פון מענליכען געשלעכט. די- זעם פּרינציפּ איז געווען די אורזאַך פון פיעל בלוט־פערגיסונג. די ברידער פון כלאָטאַכאַר'ן זיינען אַלע גיך צושטאָרבען און ער איז געבליבען אַליין דער הערשער אין גאַנצען לאַנד. אַלס ער איז געשטאָרבען האָט ער איבער- געלאָזען פיעלע זיהן. דאַמאָלס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אונאויפהערליכער בירגער־קריג, וועלכער האָט געפיהרט צו גרויזאַמקייטען און פערברעכענס, וועלכע די געשיכטע האָט ניעמאָלס געזעהן. איבערהויפּט האָבען זיך צוויי פרויען אונטער די פראַנקישע הערשער אויסגעצייכענט מיט זייער ווילדען האַס איינע צו דער אַנדערער, און האָבען קיין לעבען ניט געשוינט אום נאָר זייערע צוועקען און זייער הערשזוכט צו דערגרייכען. דיזע צוויי פרויען זיי- נען געווען ב ר ו נ ה י ל ד ע און פ ר ע ד ע ג ו נ ד ע.

ז י ע ג ב ע ר ט, דער קעניג פון אויסטראַזיען, האָט געהייראַט ברונ- הילדע'ן, די טאָכטער פון דעם וועסט־גאָטישען קעניג אַטהאַנאַגילד. זיין ברו- דער כילפּעריך, דער קעניג פון נייסטריען, האָט זיך גע'שדכנ'ט צו איהר שוועס- טער ג אַ ל ס ו ו י נ ט ה ע און האָט זי געהייראַט, אָבער צו איהר האָט ער געהאַט נאָך אַ קעבס־ווייב פ ר ע ד ע ג ו נ ד ע. ווייל ער איז צו זיין קעבסווייב געווען מעהר צוגעבונדען, ווי צו זיין ווייב, האָט די לעצטע גע-

וואָלט זיך צוריקקעהרען צו איהר פאָטער'ס הויז. זי איז אָבער ערמאָרדעט געוואָרען אין איהר בעט איידער זי האָט צייט געהאַט איהר פּלאַן אויסצופיה־רען, און כילפּעריך האָט דאַמאָלס געהייראַט זיין קעבסווייב און זי געמאַכט פיר קעניגין. דיזער סקאַנדאַל האָט שרעקליך אויפגערייצט ברונהילדע'ן, די שוועסטער פון דער ערמאָרדעטער גאַלסווינטהע, און זי האָט אויפגערייצט איהר מאַן זיעגבערט, ער זאָל אַרויס אין אַ קאַמף מיט זיין ברודער כילפּעריך. דיזער האָט געליטען עטליכע נידערלאַגעס איינע נאָך דער אַנדערער, און פרע־דעגונדע האָט בעשלאָסען צו דינגען מערדער אום זיעגבערט'ן צו ערמאָרדען. די מערדער האָבען איהר וואונש אויסגעפיהרט, נאָר דער פינף־יעהריגער זוהן זיעגבערט'ס כ י ל ד ע ב ע ר ט ד ע ר 2 ט ע ר איז גערעטעט גע־וואָרען דורך דעם הערצאָג גונדאָבאַלד, וועלכער האָט איהם נאָך פּעטץ גע־בראַכט. כילפּעריך האָט שטאַרק געפּיהלט די שאַנדע, וועלכע זיין פרוי האָט אויף זיך געבראַכט דורך איהרע מערדערייען, און האָט איהר געמאַכט שטאַר־קע פאָרוואורפען. איהר זיינען באַלד איבערדריסיג געוואָרען זיינע פאָר־ווירפען און זי האָט בעשלאָסען פון איהם פטור צו ווערען. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און זי האָט דורכגעפיהרט איהר טייפעלשען פּלאַן און האָט ערמאָרדעט איהר מאַן. יעצט איז געקומען די רייהע פון איהר שטיפזוהן מ ע ר אָ ו ו ע ך, וועלכער האָט געהייראַט ברונהילדע'ן, די אַלמנה פון דעם ערמאָרדעטען זיעגבערט. פרעדעגונדע האָט איהם אויך אָפּגעראַמט פון וועג דורך אַ מאָרד. זי האָט אויך געלאָזט ערמאָרדען דעם בישאָף פון רועז, ווייל ער איז געווען דער פערמיטלער צווישען ברונהילדע'ן און מעראָוועך'ן; בשעת דער בישאָף פּ ר אָ ט ע ק ס ט אַ ט ו ס איז געלעגען אויף'ן טויטען־בעט פון די וואונדען, וועלכע ער האָט בעקומען פון די מערדער, וואָס פרעדע־גונדע האָט אָנגעשיקט אויף איהם, איז זי געקומען צו איהם מיט פאַלשקייט צו זעהן וואָס ער מאַכט. זי האָט זיך געמאַכט, ווי עס קרענקט איהר זעהר דער מאָרד־אַנגריף, און האָט אויסגעדריקט איהר וואונש, דאָס דער אָנגרייפער זאָל אויפגעזוכט און בעשטראָפט ווערען. דערויף האָט ער מיט גרויס צאָרן געענטפערט: „איך ברויך ניט צו זוכען דעם מערדער, איך וויים ווער עס איז; דאָס איז דער זעלבער, וואָס האָט אונזערע קעניגען ערמאָרדעט, וואָס האָט אַזוי פיעל אונשולדיגעס בלוט פערגאָסען און האָט אַזוי פיעל אַנגסט און ליידען אין אונזער לאַנד פערשאַפט. דו ביזט עס די קוועלע פון אַלע מערדערייען און אַלע אונגליקען פון אונזער לאַנד. פערפלוכט זאָלסטו זיין אויף אייביג. גאָט זאָל דיר אויף דיין קאָפּ בעצאָהלען פיר דאָס גאַנצע אונ־שולדיגע בלוט, וואָס דו האָסט פערגאָסען". זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס

זיך צו פערטיידיגען, און איז אוועקגעגאַנגען פון בישאָף׳ס בעט. ער איז באַלד נאָך דעם געשטאָרבען פון די וואונדען, וואָס די מערדער האָבען איהם געמאַכט.

אָבער דערמיט האָט זיך נאָך די רייהע פון פרעדעגונדע׳ס מערדערייען נאָך ניט געענדיגט. זי האָט אויך איהר צווייטען שטיפזוהן מיט זיין מו-טער אומגעבראַכט. אָבער ברונהילדע האָט זיך געגעבען מיה איבערצושטיי-גען איהר געגנערין מיט איהרע גרויל־טאַטען. די הויפּט־אורזאַך פון נייע ריי-סערייען און מאָרד־טאַטען איז געוועזען דער אָפּמאַך צווישען ג ו נ ט ר א ם, דעם קעניג פון בורגונד, און כ י ל ד ע ב ע ר ט, דעם הערשער פון אוסטראַ-זיען. לויט דיזען אָפּמאַך האָבען זיך די ביידע לענדער בעדאַרפט פעראיי-ניגען צו ווערען איין מלוכה אין פאַל, ווען איינער פון די קעניגען וועט ניט איבערלאָזען קיין נאָכפאָלגער. אויף דעם גרונד פון דיזען טראַקטאַט איז כילדעבערט געוואָרען הערשער איבער ביידע לענדער, איבער בורגונד און אוסטראַזיען, נאָך דעם, ווי גינטראַם איז געשטאָרבען אין יאָהר 593 און האָט קיין נאָכפאָלגער ניט געלאָזען. און אַלס כילדעבערט איז געשטאָרבען האָט זיין עלטערער 10־יעהריגער זוהן, טהעאָדאָבערט, ערהאַלטען אוסטראַזיען מיט מעטץ, און דער 9־יעהריגער טהעאָדאָריך האָט ערהאַלטען בורגונד. ווייל די ביידע הערשער זיינען געוועזען צו יונג, האָט פרעדעגונדע אָנגעפאַנגען צו טראַכטען, ווי זי זאָל די הערשאַפט פערשאַפען צו איהר זוהן כ ל אָ ט א ר ד ע ם 2 ט ע ן און דערביי ראַכע צו נעהמען פון ברונהילדע׳ן. צו דיזען צוועק האָט זי פערפיהרט אַ קריג, אין וועלכען זי האָט בעזיגט די אוסטראַזיש־בורגונדישע חיל און האָט גענומען די שטאָדט פאַריז. אָבער באַלד נאָך דעם איז די מערדערין געשטאָרבען.

ברונהילדע איז דאַן געצוואונגען געוועזען צו פליהען נאָך בורגונד. דאָ האָט זי אויפגערייצט איהר אינגערן עניקעל טהעאָדאָריך צו פערפיהרען אַ קריג מיט זיין ברודער טעהאָדאָבערט פון אוסטראַזיען. טהעאָדאָריך האָט גערופען צו הילף כלאָטאַר׳ן פון נייסטריען און אין צוויי גרויסע שלאַכטען האָבען זיי בעזיגט די אוסטראַזיער ביי טול און צילפּיך. טהעאָדאָבערט איז אין דער שלאַכט געפאַנגען געוואָרען און איז געבראַכט געוואָרען נאָך שאַ-לאָנס, וואו ער איז ערמאָרדעט געוואָרען לויט דעם וואונש פון ברונהילדע׳ן. זיין יונגער זוהן מ ע ר אָ ו אָ א ו ס איז צושמעטערט געוואָרען אָן אַ פעלז. טהעאָדאָריך האָט ווידער פעראייניגט די ביידע לענדער אונ-טער איין מלוכה. דאַמאָלס האָט ער אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען נייס-טריען צו בעזיגען, ער איז אָבער געשטאָרבען אין יאָהר 613. ברונהילדע

האַט דאַמאָלס געוואָלט פערשאַפען די הערשאַפט איהר עלטעסטען אור-ענקעל, זיעגבערט, דעם זוהן פון איהר ענקעל טהעאָדאָריך, אָבער די אַדעל-לייט פון אוסטראַזיען, פּ י פּ י ן פון לאַנדען, און אַ ר נ ו ל ף, דער וואָס איז שפּעטער געוואָרען בישאָף אין מעטץ, זיינען געווען געגען דעם. זיי האָבען אַרויסגערופען כלאָטאַר'ן פון נייסטריען און האָבען איהם ערוועהלט אַלס קעניג. ברונהילדע האָט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דעם און האָט געזאַמעלט אַן אַרמעע צו שטרייטען מיט איהרע געגנער. אָבער דער בורגונדישער פּאַלאַץ-מאַיאָר וואַרנאַכער האָט געווירקט, דאָס די אַרמעע איז אָפּגעפאַלען פון דער קעניגען. דאַן איז דאָס גאַנצע פראַנקענרייך ווידער פעראייניגט געוואָרען אין די הענט פון כלאָטאַר'ן דעם 1טען, דעם זוהן פון דער בעוואוסטער מערדערין פרעדעגונדע. דריי פון טהעאָדאָריך'ס זיהן זיינען געטויט געוואָרען און איינער איז ענטלאָפען. אויך ברונהילדע איז ענטלאָפען, אָבער מען האָט זי באַלד געכאַפּט. ווען מען האָט זי געבראַכט פאַר איהר שרעקליכען שונא כלאָטאַר, האָט ער איהר פאָרגעוואָרפען, דאָס צעהן קעניגען פון די פראַנקען האָבען דורך איהר דאָס לעבען פערלאָרען. ער האָט זי דריי טעג נאָכאַנאַנד אונטערוואָרפען אונטער די גרעסטע פּייניגונגען. נאָך דעם האָט ער זי אויף אַ קעמעל געזעצט און האָט געהייסען זי פיהרען איבער'ן שטאָדט און פאַר דעם מיליטער אום איהר צו פערשאַפען שאַנדע און שפּאָט. ענדליך האָט ער געהייסען, מען זאָל די 80-יעהריגע קעניגין צובינדען צו אַ ווילדען פערד און דיזער זאָל זי שלעפּען איבער שטיינער, בלאָטע און שמוץ, און אַזוי איז זי געשטאָרבען אין גרויסע יסורים.

הגם כלאָטאַר דער 2טער, וועלכער האָט געקיניגט פון יאָהר 613 ביז צום יאָהר 622, האָט פעראייניגט די פראַנקישע הערשאַפטען אין איין רייך אונטער דער מאַכט פון די מעראָווינגער, איז דאָך די מאַכט פון די פראַנקישע קעניגען געבראָכען געוואָרען. די פערבינדונגען פון די איינצעלנע געביטען זיינען געוואָרען שוואַכער און שוואַכער, און שוין אין 8טען יאָהרהונדערט זעהען מיר, ווי די הערצאָגען פון אַקוויטאַניען זיינען כמעט זעלבשטענדיג. אויך טהירינגען האָט זיך אָפּגעריסען. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין מזרח. מאַנכע מיינען, דאָס דיזעס איז געווען די שולד פון די מעראָווינגער, וויל זיי זיינען געווען צו שוואַכע רעגירער. עס איז אָבער פאַלש. עס איז גיכער געווען דער רעזולטאַט פון אַ סאָציאַלער בעוועגונג. דער אַדעל, דער וועלטליכער ווי דער גייסטליכער, איז געווען אונצופרידען מיט דער צענטראַליזירונג פון דער מאַכט אין די הענט פון די קעניגען. עס האָבען זיך דעריבער געבילדעט פּאַרטייען, וועלכע זיינען מיט מיליטערישער מאַכט אַרויס

געגען די קעניגען און האָבען, צו ענדע פון 7טען יאָהרהונדערט, ארויסגערופען אַ פאַלשטענדיגע רעוואָלוציאָן אין לאַנד.

אויף דיזער שטעלע האָבען מיר אייגענטליך בעדאַרפט בעהאַנדלען די ענטשטעהונג און אויסבילדונג פון דעם פרענקישען שטאַאט. אָבער, אום בעסער צו פערשטעהן דיזען העכסט אינטערעסאַנטען ענטוויקלונגס־גאַנג, מוזען מיר פריהער נעהענטער בעטראַכטען די אַלגעמיינע קולטורעלע פער־העלטניסען, וועלכע האָבען צוליב דער פעלקער־וואַנדערונג געליטען שטאַרקע פערענדערונגען.

## ב. די קולטור פון די גערמאַנען ביז די קאַראָלינגען.

דאָס לאַנד, אין וועלכען די גערמאַנען זיינען געזעסען אין דער אור־צייט, איז גאַנץ אַנדערס, ווי עס איז היינט. אין דעם יאָהר 90 פ. קר. בעשרייבט פ אָ ס י ד אָ נ י ו ס דייטשלאַנד אַלס אַ לאַנד בעדעקט מיט אַזעלכע גע־דיכטע וועלדער, דאָס די זון האָט קוים געקענט דורך די בוימער דורכדרינגען. די פלאַנצען און די חיות זיינען אויך היינט ניט די, וועלכע זיינען דאָרט אַמאָל געוועזען. איבער 15 פּראָצענט נייע פלאַנצען פון פרעמדע לענדער זיי־נען צוגעקומען אין דייטשלאַנד. דערפאַר זיינען פיעלע סאָרטען חיות אויס־געשטאָרבען. דער באָדען איז יעצט פיעל פרוכטבארער ווי אַמאָל און איז מעהר צוגאַפּעסט אַלס אַ היים פון אַ גרויסען צאָהלרייכען פאָלק.

עס איז דאָ ניט דער אָרט צו רעדען אויספיהרליך וועגען די אַלטע קול־טור־פערהעלטניסען פון די גערמאַנען. מיר מוזען זיך יעצט בעגנוגענען מיט די וויכטיגסטע זאַכען פון יענער צייט, ווען די גערמאַנען זיינען ארויף אויף די ביהנע פון דער געשיכטע. די הויפּט־קוועלע פיר דיזע איז די געשיכטע פון דעם רוימישען געשיכטע־שרייבער ט אַ צ י ט ו ס. מען מוז אָבער גע־דענקען, דאָס טאַציטוס אין זיין ווערק האָט געוואָלט אין די גערמאַנען פאָר־שטעלען אַ שפּיגעל פון די פערדאָרבענע רוימער פון זיין צייט, און דעריבער האָט ער דאָס לעבען פון די גערמאַנען פאָרגעשטעלט אין זעהר אַ העלען ליכט אַלס קאָנטראַסט צו דער אויסגעלאַסענהייט פון זיינע רוימישע מיט־בירגער. אָבער דאָך איז זיין שילדערונג פון די גערמאַנען פון זיין צייט זעהר נאָהענט צו דער ריכטיגקייט, ווי עס איז יעצט אָנערקענט געוואָרען פון אַלע נייע פאָרשער און קריטיקער. דעריבער וועלען מיר זיך מעהרסטענס בענוצען מיט זיינע בעשרייבונגען.

טאַציטוס רעכענט די גערמאַנען פיר די אור־איינוואוינער פון זייער לאַנד. איך שטים איין מיט דער מיינונג, זאָגט טאַציטוס, דאָס די גערמאַנען

האָבען זיך ניט צוזאַמענגעמישט מיט אַנדערע פעלקער. דאָס צייגט דער זעל-בער קערפּערבוי און זעלבער כאַראַקטער ביי אַלע פערשיידענע גערמאַנישע שטאַמען: פייערדיגע, בלויגע אויגען, רויטליכעס האָאָר, גרויסע קערפּערס, גאַנץ אונפעהיג דורסט און היץ צו פערטראָגען, אָבער געוועהנט קעלט און הונגער צו איבערטראָגען.

אין לאַנד זעלבסט ווערט אָם מייסטען טויש=האַנדעל געטריבען. זיי האָבען ליב אַלטעס, לאַנג=בעקאַנטעס געלט. זיי גיבען אַ פאָרצוג צו זילבערנע מטבעות געגען גאָלדענע, ווייל זיי זיינען מעהר נוצליך ביים קליין=האַנדעל. עס שיינט, דאָס זיי האָבען וועניג אייזען אין זייער לאַנד. דאָס בעווייזען זייערע וואַפען. זיי בענוצען זיך זעלטען מיט אַ שווערד. זייערע שפּיזען זיינען מיט שאַרפע, קורצע און שמאָלע אייזען=שפּיצען. דאָס פוס=פאָלק בע-נוצט אין שטרייט אויך פיילען, וועלכע זיי שליידערן זעהר וויט. אין שטרייט געהען זיי אָדער גאָר נאַקעט, אָדער זיי טראָגען אַ זעהר לייכטען קריגס=מאַנטעל. זייער אַנצוג איז איינפאַך, נאָר זייערע שילדען בעמאָלען זיי מיט פערשיידענע פאַרבען. פאַנצירען איז זעהר זעלטען צו זעהען צווי-שען זיי.

די הויפּט=שטאַרקקייט אין שטרייט איז דאָס פוס=פאָלק. צוריקטרעטען אין צייט פון שטרייט, אויב עס איז מיט דעם צוועק באַלד צוריק אָנצופאַלען, רעכענט זיך ביי זיי קלוגהייט. די גרעסטע שאַנדע פיר אַ סאָלדאַט איז, לאָ-זען דעם שילד אויף'ן שלאַכטפעלד. אַזעלכער ווערט ניט צוגעלאָזען בייצו-וואוינען דאָס אָפּפערן, אָדער אַריינצוטרעטען אין פאָלקס=פערזאַמלונג. פיעלע, וואָס האָבען ענטלויפענדיג אַוועקגעוואָרפען דעם שילד, האָבען נאָך דעם פון שאַנד זיך אויפגעהאַנגען. זייערע קעניגען, ערצעהלט טאַציטוס ווייטער, זיינען זעהר בעשרענקט אין זייער מאַכט. דער ביישפּיל פון דעם קעניג האָט אויף די חיל=פיהרער אַ גרויסען איינפלוס. ווען ער זעלבסט קעמפט אָן דער שפּיץ פון דער אַרמעע, פאָלגען איהם אַלע מיט בעגייסטערונג, ער דאַרף דאַן ניט אָנווענדען קיין צוואַנג אויף די קריגער, ווייל זיי טוען אַלץ, וואָס ער פער-לאַנגט פון זיי מיט'ן גוטען ווילען. דער בעסטער מיטעל צו אויפמונטערן אין די קריגער מוט איז דער פאַמיליענבאַנד. דעריבער געפינען זיך זייערע פרויען און קינדער אימער נעבען די קריגער אין שטרייט. דער יאָמער פון די פרויען און דער געוויין פון די קינדער האָט קיין מאָל ניט פערפעהלט אויפצואוועקען אין זיי אַ אונגעוועהנליכען העלדענמוט. צו זיין מוטער, צו זיין ווייב קומט דער גערמאַנער מיט זיין וואונד, וואָס ער קריגט אין שטרייט,

און זיי ווענדען אָן אַלע מיטלען איהם זיין שמערץ צו ערלייכטערן, צו היילען און טרויסט צו פערשאַפען.

מען דערצעהלט, דאָס פיעלע מאָל האָט געטראָפען, ווען די מענער זיינען ענטלאָפען פון שלאַכט־פעלד, האָבען די פרויען זיי אָפּגעהאַלטען פון צוריקטרעטען און האָבען זיי געבעטען ניט צו פערלאָזען דאָס שלאַכט־פעלד ביז זיי וועלען זיגען. דערביי האָבען זיי געשילדערט און דערמאָהנט די מענער, וואָס עס ערוואַרטעט זיי אין שקלאַפעריי, ווען זיי וועלען אַריינפאַלען אין די הענט פון פיינד. דער גערמאַנע שרייבט דער פרוי צו אַ געוויסע היילינקייט, אויך אַ פּראָפעטישע גאַבע. איהר עצה איז געשעצט, איהר וואָרט איז אַ תורה.



גערמאַנישע ראַטס־פערזאַמלונג.

אין ניט זעהר וויכטיגע זאַכען בעראַטען זיך נאָר די הויפּטלינגען צווישען זיך, אָבער אין וויכטיגע זאַכען מוז דאָס גאַנצע פאָלק אָנטייל נעהמען. דיזע פאָלקס־בעראַטונגען קומען פאָר צוויי מאָל אין מאָנאַט, נעמליך ביי דער נייער לבנה און פולער לבנה. די גערמאַנען רעכנען נאָך די נעכט, ניט נאָך די טעג. פריהער קומט די נאַכט, נאָכדעם דער טאָג. אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג זעצט זיך יעדערער וואו ער וויל און ווי ער וויל, אָבער ער מוז זיין אין זיינע וואַפען אָנגעטאָן. די פּריסטער שאַפען אָרדנונג אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג. דאַן בעקומט צום ערסטען דאָס וואָרט דער חיל־פיהרער אָדער דער הויפּטלינג, נאָך דעם יעדערער, וואָס האָט זיך מיט וואָס עס איז אויסגעצייכענט, פריהער עלטערע נאָכדעם איננגערע, גוטע רעדנער

א. ד. גל. ווען אַ פֿאָרשלאַג ווערט אָנגענומען, דאַן קלינגען אַלע מיט זייערע וואַפֿען, און דאָס איז דער עהרענפֿולסטער בעוויז פֿון צושטימונג.

אין די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען ווערען אויך פֿערהאַנדעלט פֿערשיידענע קלאַגעס און פּראָצעסען, און עס ווערען אויך שטראָפֿען בעשטימט.

די אַלע, וואָס האָבען אָנטייל גענומען אין די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען, האָבען געמוזט אין דער צייט פֿון די פֿערהאַנדלונגען זיין בעוואַפֿענט. קיינער האָט קיין רעכט ניט געהאַט וואַפֿען צו טראָגען איידער די געמיינדע האָט איהם געגעבען די ערלויבניס דערצו. די ערלויבניס צו טראָגען וואָפֿען פֿלעגט געגעבען ווערען אין אַן עפֿענטליכער פֿערזאַמלונג. אַ הויפּטלינג, אָדער דער פֿאָטער, אָדער אַ פֿערוואַנדטער האָבען דעם יונגען מאַן אָנגעטאָן די וואָפֿען און האָבען איהם געגעבען אַ שילד. דאָס איז זייער ערסטע עהרענשטופֿע פֿון אַ יונגען מאַן; ביז דאַן איז ער געווען אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַמיליע, יעצט איז ער אַ מיטגליד פֿון דער געמיינדע, פֿון פֿאָלק.

די גערמאַנישע פֿעלקער זיצען ניט אין שטעדט. איינזאַם בעזעצען זיי זיך נעבען אַ קוואַל, אַ טייך, נעבען אַ וואַלד א. ד. גל. זייערע דערפֿער בעשטעהען ניט פֿון אַ רייהע הייזער, ווי אַנדערע דערפֿער; יעדערער רינגעלט אַרום זיין הויז מיט אַ גרויסען פֿרייען פּלאַץ. פֿון מויער־שטיין און ציגעל ווייסען זיי ניט. די הייזלאַך זיינען געמאַכט פֿון האָלץ, ניט אַרומגעהאַקט, איינפֿאַך, נאָר איינצעלנע ערטער אין געביידע שמירען זיי אַרום מיט פֿערשיידענע סאָרטען ליים, אַזוי דאָס זיי זעהען אויס ווי געפֿאַרבט. פֿיר ווינטער גראָבען זיי אויס אין דער ערד העהלען און שמירען זיי אַרום אינוועניג אום זיך צו בעשיצען פֿון קעלט. אין דיזע אונטער־ערדישע קעהלערן בעהאַלטען זיי זייערע פּרוכטען און אַנדערע ווערטפֿולע זאַכען, אום צו פֿערבאָרגען זיי פֿון פֿיינד, ווען דיזער מאַכט אַן אָנפֿאַל אויף דאָס לאַנד.

דאָס הויפּט־קלייד איז אַ מאַנטעל, וועלכען זיי שפּיליען צו מיט אַ שפּאָנקע אָדער מיט אַ שטיפֿט. די רייכערע טראָגען קליידער, וואָס זיינען ענג צום קערפּער צוגעפּאַסט. זיי טראָגען אויך פֿעלען פֿון טיערען; די פֿרויען טראָגען קליידער פֿון דעם זעלבען שניט, ווי די מענער, נאָר זיי מאַכען אָפֿט זייערע קליידער פֿון ליינען בעפּוצט מיט רויטע שטרייפֿען. זייערע קליידער האָבען ניט קיין אַרבעל, און דעריבער זיינען זייערע הענט, די אַקסלען און אַ טייל פֿון דער ברוסט ניט בעדעקט.

דאָס הייראַט־לעבען איז ביי די גערמאַנען זעהר שטרענג. זיי זיינען די איינציגע באַרבאַרען, וואָס בעגנוגענען זיך מיט איין פֿרוי. אויסנאַהמעס קומען פֿאָר זעהר זעלטען. צו אַ הייראַט גיבען די עלטערן און פֿערוואַנדטע

מתנות, אבער ניט קיין צירונג, נאר נוצליכע און נויטווענדיגע זאכען, ווי א רינד, א פערד, א שילד מיט וואפען א. ד. גל. דיזע געשענקען ווערען איבערגעגעבען צו דער פרוי. און זי פון איהר זייט גיט איבער דעם מאן דעם שילד און די וואפען. דאס איז ביי זיי א צייכען פון אייביגער ליבע, טרייהייט און שוץ. די פרוי פון א גערמאנע איז איינס מיט'ן מאן. ער האט ניט קיין בעזונדערע געדאנקען, וואס זיינען פאר איהר פערבארגען, זי נעהמט אנטייל אין זיין גאנצען טאן און ווירקען, זי אינטערעסירט זיך אין קריג גלייך מיט'ן מאן. דאס בעדייטען די אלע מתנות, וואס מען גיט איהר צו דער חתונה: דער אקס, דער פערד, די וואפען — אנטייל אין ארבייט, אין וואנדערן און קריג גלייך מיט דעם מאן.

די גערמאנישע פרויען לעבען ריין זיטליך, ניט פערדארבען פון דעם איינפלוס פון פערשיידענע טהעאטער-פארשטעלונגען, ניט צורייצט פון בערוישענדע געטרענקען. ניט דער מאן, ניט די פרוי ווייסען פון געהיימע ליבע-בריוועלאך. אונטרייהייט פון פרויען איז ביי זיי א גרויסע זעלטענהייט. די שטראף פיר אזא אונטרייהייט איז איבערגעגעבען צום מאן זעלבסט. אין אזא פאל שערט דער מאן אפ דער זינדיגער פרוי איהרע האאר, טוט זי אויס נאקעט אין אגוועזענהייט פון די קרובים און פערטרייבט זי פון זיין הויז, שמייסענדיג זי מיט א בייטש. אויך א מיידעל, וואס לאזט זיך פערפיהרען, פערצייהט קיינער ניט. זי מעג זיין שען, יונג און רייך, וויל זי קיין מאן ניט נעהמען פיר א ווייב. פערפיהרען אדער פערפיהרט ווערען האט ביי זיי ניט דעם נאמען „צייט-גייסט". ביי זיי הייסט א זינד אויפהערען צו האבען קינדער, ווען די פרוי און דער מאן זיינען נאך פעהיג צו געבערען קינדער.

ניי-געבארענע קינדער ערנעהרען די מוטערס זעלבסט מיט זייערע בריסט. פון אמען און ערציהערינס ווייסען זיי ניט. דער הערר קריגט ניט קיין בעסערע ערציהונג פון דעם קנעכט. זיי הייראטען שפעט, דעריבער זיינען זיי קערפערליך געזונד און שטארק. די ערציהונג פון דעם ווייבליכען געשלעכט איז די זעלביגע ווי פון דעם מענליכען. ווען איינער שטארבט ירש'ענען איהם נאר זיינע קינדער, קיין צוואות מאכען זיי ניט; שטארבט אימיצער אהן קינדער, ירש'ענען איהם זיינע ברידער, זיינע אנקעלס פון פאטער'ס און פון מוטער'ס צד. וואס מעהר קרובים און קינדער איינער האט, איז עס פיר איהם מעהר כבוד. קינדערלאז צו זיין איז ביי זיי א שאנדע.

דער גערמאנע ירש'ענט פון זיין פאטער ניט נאר דאס אייגענטום, וואס ער לאזט איבער, נאר אויך זיינע פריינדליכע בעציהונגען. ער בלייבט א גוטער פריינד צו זיין פאטער'ס פריינד און א שונא צו זיין פאטער'ס שונאים.

אָבער זיי זיינען ניט קיין פערקאָכטע שונאים, ראכזיכטיג. זיי בעטען זיך אָפט איבער מיט זייערע עלטערן׳ם שונאים. אפילו אַ טויט־שלאַג קען מען ביי זיי אויסקויפען, בעצאָהלענדיג דערפאַר מיט גרויסע אָדער קליינע פיה, און די גאַנצע פאַמיליע פערצייהט דאַן דעם פערברעכער און שליסט פרידען. זייער גאַסטפריינדליכקייט האָט קיין גרענעץ ניט. פערשליסען די טיר און ניט אריינלאָזען אַ וואַנדערער, עס מעג זיין ווער עס איז, רעכענט זיך ביי די גערמאַנען פיר אַ גרויס אונרעכט. יעדערער רעכענט פיר אַ הייליגע פליכט צו אויפנעהמען אַ גאַסט מיט די בעסטע שפּייזען. האָט אימיצער ניט וואָס צו געבען דעם אורח, נעהמט דער ווירט דעם אורח און געהט אוועק



אַ גערמאַנישע פרוי. נאָך רוימישער פאָרשטעלונג.

מיט איהם אין אַן אַנדער הויז, און יענער פערשטעהט די אורזאַך און נעהמט זיי ביידען פריינדליך אויף מיט וואָס ער האָט. די פריינדליכע בעציהונגען צום גאַסט זיינען אָהן אַן אונטערשייד, אויב דער גאַסט איז אַ בעקאַנטער אָדער אַן אונבעקאַנטער.

אויפשטעהענדיג אין דער פריה פון שלאָף, איז די ערסטע זאַך ביי זיי זיך אויסבאָדען. די בעדער מאַכען זיי צום מעהרסטען וואַרימע, ווייל עס איז ביי זיי אַ קאַלטער קלימאַט. נאָך דעם באָדען זיך פריהשטיקט מען. יעדער האָט זיין בעזונדערן טיש. נאָך׳ן פרישטיק געהט מען אין געשעפט, אימער אין וואַפען. אז עס איז ניטאָ וואָס צו טאָן, פערברייגגט מען די צייט

ביי א גלאז ביער. עס איז קיין שאנדע ניט צו פערברייינגען טאג און נאכט אין א ביער־זאלאן. ביים טרינקען קריגט מען זיך געוועהנליך און אפט גיט מען זיך קלעפ איינע די אנדערע. אלע וויכטיגע זאכען ווערען געוועהנליך געענדיגט ביים גלאז ביער. דער הויפטלינג ווערט ערוועהלט ביים גלאז ביער, א שלום נאך א קריג ווערט געשלאסען ביי א גלאז ביער, אזוי אויך א גט, א שידוך. אבער אלע, וואס דער גערמאנע טוט איז אפענהערציג און אויפריכטיג, אהן פאלשקייט און אהן בעטרוג.



א גערמאנע. נאך רוימישער פארשטעלונג.

זייער געוועהנליכער געטראנק איז זאפט פון גערשטען (א מין ביער). די גערמאנען, וואס וואוינען ביים רהיין, טרינקען אויך וויין. זייער שפייז איז איינפאך: ווילדע פרוכט, פלייש פון געשאסענע חיות און עופות, אדער זויער־מילך. זיי נעהמען זיך ניט די מיה צו מאכען גוטע מאכלים. זיי שטילען נאר זייער הונגער. אין טרינקען אבער זיינען זיי ניט מעסיג. ווער עס וויל דעם גערמאנע בעזיגען, זאל איהם געבען טרינקען ווי פיעל ער וויל.

זיי האבען נאר איין סארט שוישפיל, וועלכעס זיי שטעלען פאר ביי יעדער געזעלשאפטליכער פערזאמלונג. אינגלאך, בחורים טאנצען ארום אויפגעשטעלטע שווערדען און שפיזען. דערביי צייגען זיי גרויסע העלדישקייט און

געשווינדקייט. קיין געלט פיר דאַס שפּילען נעהמען זיי ניט; די שפּילער זיינען בעגייסטערט מיט זייער קונסט און דער בייפאַל פון די צושויער איז ביי זיי טייערער פון אַלע בעלוינונגען. דאָס ליבסטע שפּיל איז ביי זיי דער ווירפעל, אָדער דאָס שפּיל איןביינדלאַך. זיי פערשפּילען אָפט דערין זייער גאַנצעס פערמעגען און פערקויפען זיך דאַן אַלס שקלאַפען אום פּאַרטצוזע-צען דאָס שפּיל. אָבער דער, וואָס געווינט אַזאַ שקלאַף, שעמט זיך איהם אַנ-צוהאַלטען און פערקויפט איהם ליבער צו אַן אַנדערן.

די גערמאַנען בעהאַנדלען די שקלאַפען פיעל מענשליכער ווי די רוימער. דער שקלאַף ביי די גערמאַנען איז אַ מין פּעכטער. דער הערר גיט איהם אָפּ אַ הויז מיט אַ געשעפט, צו אַקערן און זעען אַ פעלד, אָדער צו פיטערן פיה. דאָס געשעפט געהערט אין גאַנצען צום שקלאַף, נאָר ער איז פערפּליכטעט צו געבען צום הערר אַ געוויסע מאָס פון געטריידע אָדער אַ געוויסע צאָהל פון פיה, און אויסער דעם איז ער פריי אין אַלץ. עס קומט ביי די גער-מאַנען זעהר זעלטען פאָר, דאָס אַ הערר זאָל שטרענג בעשטראָפען זיין שקלאַף קערפּערליך אָדער אין געפענגניס אריינוואַרפען. דער פריינעלאַזענער שקלאַף שטעהט ניט העכער פון דעם שקלאַף. ער האָט קיין איינפלוס ניט אין הויז, אין דער געמיינדע, און איבערהויפּט אין שטאַאַט.

פון געלט-געשעפט, פון צינזען און וואוכער, האָבען די גערמאַנען גאָרניט געוואוסט. די לענדערייען זיינען געוועזן פערטיילט לויט דער צאָהל פון די פערזאָנען, וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט ערד-אַרבייט. זיי האָבען ניט געהאַט קיין לוסט אויסצובערייטען די בעאַרבייטונג פון דעם באָדען. אַלץ, וואָס זיי האָבען פּראָדוצירט, איז געוועזן געטריידע.

די גערמאַנען האָבען קיין צערעמאָניעס ניט ביי דער בעערדיגונג פון זיי-ערע טויטע. נאָר ווען עס שטאַרבט אַ בעריהמטער מאַן פערברענען זיי אויף זיין קבר זיין פערד און זיינע וואַפען. מען וויינט און מען יאָמערט ביי זיי ניט צופיל נאָך אַ טויטען. אָבער זיי פיהלען לאַנג טרויער און לייד.

דיזע שילדערונג פון דעם לעבען פון די גערמאַנען, וואָס מיר האָבען ארויסגענומען פון דער בעשרייבונג פון דעם רוימישען היסטאָריקער טאַצי-טוס, צייגט, דאָס די גערמאַנען האָבען נאָך דאַמאָלס געפיהרט אַ לעבען, וועל-כעס איז געוועזן געגרינדעט אויף אַ שטאַאַם-פערפאַסונג, אין וועלכער עס האָט געהערשט דאָס מוטער-רעכט. דיזעס איז געוועזן די אורזאַך, וואָרום די גער-מאַנען האָבען אַזוי שטאַרק פערעהרט די פרויען. אפילו אין די שפּעטערע צייטען, ווי אין דער צייט, ווען די מעראָווינגען האָבען געהערשט, האָט נאָך עקסיסטירט אַ געזעץ. דאָס אַ קינד, וואָס איז געבוירען געוואָרען פון אַ קעבס-

**ווייב**, ד. ה. פון א פרוי, וואס דער מאן האט זי ניט געהייראט מיט חופה וקדושין, האט זיך גערעכענט פיר א געזעצליכעס קינד, און האט געהערט צו דעם זעלביגען שטאנד, צו וועלכען די מוטער האט געהערט. אבער ווען



א גערמאנישע פרוי. נאך רוימישער פארשטעלונג.

עס האט זיך ביי זיי איינגעווארצעלט דער מנהג פון מ א נ א ג א מ י ע, ד. ה., דאס א מאן טאר ניט הייראטען מעהר ווי איין ווייב, האט אנגעפאנגען אריינטרעטען אין קראפט דאס פאטער־רעכט.

וואָס די פערפאַסונג און די רעגירונג פון די אַלטע גערמאַנען אַנבעטרעפט, איז לויט טאַציטוס בעשרייבט ביי זיי געווען פאָלגענדע אָרד-נונג: קליינע זאַכען האָט ענטשיידען דער ראַט פון די פאָרשטעהער. וויכ-טיגערע ענינים האָבען געמוזט פאָרקומען פאַר דער פאָלקס־פערזאַמלונג. דאָס פאָלק האָט ערוועהלט הויפּטלינגען און חיל־פיהרער. דיזע האָבען געפיהרט דאָס פאָלק צום שטרייט און האָבען אַכטונג געגעבען, דאָס דער רויב, וואָס זיי האָבען געבראַכט פון דער מלחמה, זאָל מיט יושר צוטיילט ווערען צווי-שען די קריגער. איבערהויפּט האָט דאָס פאָלק פיעל געוויכט געלעגט אויף די וואַהל פון די חיל־פיהרער און האָט אימער געזוכט צו ערוועהלען די טיכטיג-סטע און די מוטיגסטע. די הויפּט־מאַכט איז געלעגען אין די הענט פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג, וועלכע איז געווען די העכסטע און לעצטע אינסטאַנ-ציע אין אַלע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען. די פאָלקס־פערזאַמלונג איז אויך געווען דאָס געריכטס־טריבונאַל. אַלע וויכטיגע קלאַגעס זיינען פאַר דער פאָלקס־פערזאַמלונג געבראַכט געוואָרען. דיזע פערזאַמלונג האָט טויט־שטראָפען אַרויסגעגעבען. דער פאָרזיצענדער האָט געפיהרט די געריכטס־פערהאַנדלונגען, דעם אורטייל אָבער האָט דאָס פאָלק זעלבסט אַרויסגעגעבען. דיזע אָרדנונג איז אויך צו בעמערקען ביי די גערמאַנען אין דער ערסטער צייט, ווי זיי האָבען זיך בעזעצט אין די בעזיגטע לענדער. אָבער באַלד בע-קומט דער חיל־קאָמאַנדיר מעהר מאַכט אום צו האָבען די מעגליכקייט און קראַפט צו בעשיצען און איינהאַלטען די בעזיגטע לענדער. און אַזוי ווערט זיין מאַכט שטאַרקער און שטאַרקער ביז ער ווערט קעניג.

דעם בעסטען ביישפּיל דאַפיר גיט אונז דאָס פראַנקענרייך. נאָך דעם, ווי די סאַליער האָבען בעזיגט די לענדער, אויף וועלכע זיי האָבען זיך נאָכדעם בעזעצט, האָבען זיי נאָר אַ טייל צוטיילט צווישען דעם פאָלק, אָבער גרויסע און ברייטע לענדרייען זיינען נאָך געבליבען אונפערטיילט און האָבען זיך גערעכענט פיר דאָס אייגענטום פון דער געמיינדע. אַלס די מאַכט פון דעם חיל־פיהרער איז פערשטאַרקט געוואָרען און ער האָט בעקומען דעם טיטעל „קעניג”, האָט ער דאָס געמיינדע־אייגענטום פערוואַנדעלט אין קעניגליכעס אייגענטום. דיזעס האָט דער קעניג אָנגעפאַנגען אַוועקצוגעבען צו פערשיי-דענע פּריצים, אויף וועלכע ער האָט גערעכענט, דאָס זיי וועלען איהם שטיצען אין פאַל פון נויט. מיט דיזען אופן האָט דאָס פאָלק בּיסלאַכוויז פערלאָ-רען זיין אייגענטום. דיזע נייע גוטס־בעזיצער זיינען געוואָרען מיט דער צייט דער אַדעל פון פאָלק, ניט דער אַדעל, וואָס האָט געהאַט אַ גוטע זיטליכע

ערציהונג, נאָר דער אַדעל, וואָס האָט געוואוסט צו פיהרען אַ שווענדערישעס אויסגעלאַסענעם לעבען, אַ לעבען פון לוקסוס און פערדאָרבענהייט.

די היסטאָריקער רעכטפערטיגען דיזע עולה. זיי זאָגען, דאָס די קעניגען האָבען איינגענומען דיזע לענדער און דערפאַר האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט צו שענקען זיי צו וועמען זיי האָבען געוואָלט. אָבער מיר וואָלטען פרעגען דיזע היסטאָריקער: וואָלטען די קעניגען אַליין געקענט איינגעהמען אַ לאַנד? האָבען ניט פיעלע טויזענדער פון פאָלק געאָפפערט זייער לעבען אום דיזע לענדער איינצונעהמען, וואָס די קעניגען רעכנען עס פיר זייער אייגענטום, מיט וועלכען זיי קענען טאָן וואָס זיי ווילען? מען קען עס אַנדערס ניט רו-



אַלט־גערמאַנישע דאָרפישע שטוב.

פע אַלס אַן אָפענער רויב. יע, אָפענער רויב — דאָס איז דער פונדאַמענט, אויף וועלכען עס איז געגרינדעט דאָס רעכט פון די קעניגען און פון זייערע מיטהעלפער, דעם אַזוי־גענאַנטען אַדעל.

אום מען זאָל דעם קעניג דערקענען, ווען ער איז צווישען פאָלק, איז געווען איינגעפיהרט, דאָס ער זאָל טראָגען לאַנגע, ניט קיין געשאָרענע האָאָר, מיט אַ גאָלדענעם רינג אַרום קאָפּ. ווייטער האָט ער זיך אויפגעפיהרט, ווי אַ מאַן פון פאָלק. ווען ער האָט געדאַרפט איבערפאָהרען פון איין אָרט צו אַן אַנדערן פלעגט ער געברויכען די זעלבע מיטלען, ווי דאָס געמיינע פאָלק,

נעמליך: אַן איינפאַכען וואָגען געשפּאַנט מיט אַ פּאָאַר אָקסען. דער קעניג אין יענע צייטען ביי די גערמאַנען האָט גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט רעגירען דאָס לאַנד. דיזעס איז געוועזען איבערגעגעבען צו יעדער געמיינ־דע, צו יעדען דאָרף, וועלכע האָבען זיך פערוואַלטעט אַליין.

וועגען דער רעליגיאָן פון די אַלע גערמאַנען ווייסען מיר יעצט גאַנץ ווענינ. אָבער דאָס ווייסען מיר זיכער, דאָס זייער רעליגיאָן איז ענט־שטאַנען פון דער פערעהרונג פון די פערשטאָרבענע עלטערן. דער גערמאַנע האָט געגלויבט, דאָס די גאַנצע נאַטור איז בעזעעלט, ד. ה. דאָס יעדע זאַך האָט אַ נשמה, וואָס פיהלט און פערשטעהט. די נשמה פון מענשען קומט פון



פייער־רייבען און האַנד־מיהלען ביי די אַלטע גערמאַנען.

דער נאַטור צו איהם און קעהרט זיך אום צוריק צו דער נאַטור. איבעראַל דוכט זיך איהם שוועבען אַרום איהם די נשמות פון זיינע פערשטאָרבענע עלטערן. דיזע גייסטער זיינען גוט צו די לעבעדיגע, אָבער ווען מען בעליידיגט זיי, זיינען זיי זיך נוקם אָן די בעליידיגער, און ווען זיי שטאַרבען, נעהמען זיי די טויטע צו אין זייער אונטערערדישען רייך מיט טאַנץ און געזאַנג. אויך די הויז־גייסטער זיינען נאָך זייער מיינונג זעהר גוטע גייסטער, העלפען די הויז־איינוואוינער מיט וואָס זיי קענען, אָבער ווען מען צורייצט זיי, מאַכען זיי אָן צרות. צו די גוטע גייסטער האָבען אויך געהערט, ווי זיי האָבען

געגלויבט, די האָרבאַטע קאַרליקעס, וועלכע האָבען בעוואַכט אונגעהייערע אוצרות, די שענע לאַנג־האָאָריגע ניקסען (וואַסער־יונגפרויען), וואָס געפינען זיך טיף אין די ימים און טייכען, קומען אָבער אַרויס זעהר אָפט אויף די אויבערפלעך פון די וואַסערן און שפּילען זיך אויף'ן זון און וויגען זיך אויף די כוואַליעס פון ים און פערנאַרען זעהר אָפט יונגע מענשען אין די טיפעני־סען פון ים, וואו זיי ווערען דערטרונקען. זיי האָבען נאָך געגלויבט, דאָס עס געפינט זיך אַ סאָרט שלעכטע גייסטער, מלאכי חבלה, וועלכע זיינען



געטליכער דינסט ביי די הײדנישע גערמאַנען.

אימער אין קאַמף מיט גאָט, און זוכען צו צושטערען אַלץ, וואָס ער האָט בע־שאַפען. דאָס זיינען די ריזען, די טיטאַנען, וועלכע אָבער גאָט האָט אריינ־געוואָרפען טיף אין אָפּגרונד, אָדער אין די העל, פון וואַנען זיי קענען קיינ־מאָל ניט אַרויסקומען.

דער העכסטער גאָט איבער אַלע געטער האָט זיך ביי די אַלטע גער־מאַנען גערופען וואָדאַן אָדער אָדין. אַלץ קומט אַרויס פון איהם

און אַלץ קעהרט זיך צוריק צו איהם. די זון איז זיין אויג. ער איז אויך דער גאָט פון שטורם. ער איז די נשמה פון דער נאַטור, די נשמה, וועלכע גע-פינט זיך ווינטער אין דער אונטער-וועלט און בעווייזט זיך אין פריהלינג אויף דער אויבערפלעך צו בעלעבען די וועלט מיט איהרע בעשעפּניסען. אָדין איז די קוועלע פון אַלע הויכע בעגייסטערונגען און געפיהלען, ווי ליבע און פּאָ-עזיע. אין שלאַכט פערשאַפט ער זיג צו די קריגער, וואָס פערדינען זיין ליבע. דער זוהן פון אָדין און דער ערד איז דער גאָט ד אָ נ אַ ר, וועלכער מיט זיינע גרויסע און מעכטיגע האַמערן ברייננגט דעם דונער אויף דער וועלט. פון זיין רויטער באָרד שפּריצט ער אַרויס די בליצען, וואָס קומען צוזאַמען מיט די דונערן. אַן אַנדער זוהן פון אָדין האָט געהייסען ב אַ ל ד ע ר. דאָס איז ביי זיי געוועזען דער גאָט פון גערעכטיגקייט און געזעץ. די געטין פון ליבע און עהרע האָט זיך ביי זיי גערופען פ ר ע י אַ. זי מאַכט רייזעס איבער דער וועלט בייגאַכט אום די פערגניגענס פון ליבע צו פערשפּרייטען אונטער די מענשען.

זייער פערעהרונג צו די געטער האָבען זיי אויסגעדריקט אין געבעט און אין אָפּפער. זיי פלעגען אָפּפערן אויף די אַלטאַרען פון זייערע געטער פער-שיידענע חיות, איבערהויפּט הויז-טיערען, רינדער, שאָף, ציגען און פערד. אָבער דער בעסטער קרבן, מיט וועלכען מען האָט געקענט די געטער גוט מאַכען און שטילען זייער צאָרן, איז געוועזען אַ מענשען-אָפּפער. דעריבער פלע-גען זיי נאָך אַ שלאַכט זעהר אָפט מקריב זיין צו זייערע געטער קריגס-געפאַנ-גענע. ווען דער הערר פון הויז איז געשטאָרבען פלעגט מען זעהר אָפט פער-ברענען מיט זיין קערפּער אויך פיעלע פון זיינע קנעכט און דינסטען. די פרוי, וואָס האָט זיך איבערגעגעבען צום פערברענען צוזאַמען מיט'ן פער-שטאָרבענעם מאַן, איז געוועזען זעהר געשעצט פון אַלעמען. אין אייניגע געגענ-דען, איבערהויפּט אין צפון-גערמאַניען, פלעגט דער קעניג זיך לאָזען אָפּפערן צו די געטער אין פאַל פון אַ גרויסער פאָלקס-נויט. און אָפטמאָל פלעגט מען איהם אָפּפערן אַפילו געגען זיין ווילען, אום די גונסט פון די געטער צו קריגען. די אַלטע גערמאַנען האָבען שטאַרק געגלויבט אין פערשיידענע פּראָ-פעצייהונגען (נביאות). די גערמאַנישע פרויען פלעגען די קריגס-געפאַנגענע איבערשניידען די העלזער און לאָזען רינען זייער בלוט אין אַ קעסעל, און פלע-גען דורך דעם פאָרויסזאָגען די צוקונפט. זיי האָבען ניט געהאַט קיין טעמ-פּלען און קיין געטער-בילדער. זיי פלעגען נאָר בויען אַלטאַרען צו זייערע געטער אין די הייליגע וועלדער.

ווען האָט דיזער אַלטער גלויבען אָנגעהויבען צו מאַכען פּלאַץ דעם

קריסטענטום, קענען מיר יעצט גענוי ניט וויסען. אָבער דאָס וויסען מיר, דאָס שוין אין פערטען יאָהרהונדערט האָבען זיך אין איינינע גערמאַנישע שטעדט געפונען קריסטליכע קירכען. אין דעם א ר ע ל א ט י ש ע ן קאָנ־ציל (צוזאַמענקונפט) וועלכעס איז צוזאַמענגערופען געוואָרען אין יאָהר 314, האָבען אָנטייל גענומען בישאָפען פון קאָלן און טריער. עס שיינט זיכער צו זיין, דאָס די גערמאַנען האָבען פון די רוימער איבערגענומען צוזאַמען מיט זייער קולטור, אויך דעם קריסטליכען גלויבען. אָנפאַנגס, פערשטעהט זיך, איז עס צוגעגאַנגען לאַנגזאַם, אזוי דאָס ביז קאָנסטאַנטין'ען איז געווען אין גאַנצען מערב קוים 100,000 קריסטען, אָבער נאָכדעם האָט זיך דאָס קריס־טענטום אָנגעהויבען שנעל פערברייטערן. אויף דעם וואונק פון קאָנסטאַנ־טין'ס הויף האָבען פיעלע בעאַמטע און אדעליגע אָנגענומען דאָס קריסטענטום און נאָכדעם האָט עס זיך זעהר גיך פערברייטערט אונטער אַלע שיכטען פון פאָלק.

די גאָטען זיינען געווען די ערסטע, וואָס האָבען אָנגענומען דעם קריסט־ליכען גלויבען. עס איז געווען ווען די הוננען האָבען זיי געצוואונגען צו פערלאָזען זייער לאַנד און זיי זיינען אויפגענומען געוואָרען פריינדליך אין ביצאַנץ. דאָרט האָט דער בישאָף א ו ל פ י ל א פיר זיי איבערזעצט די ביבעל אין די גאָטישע שפּראַך. אָבער זיי האָבען אָנגענומען דאָס קריס־טענטום נאָך די פּרינציפּען פון די אַריאַנער, און אין דיזען גייסט האָבען זיי עס פערשפּרייט צווישען אַנדערע גערמאַנישע שטאַמען. דאַגעגען האָט זיך דער פראַנקע כלאָדעוויך געלאָזט טויפען נאָך דעם קאַטוילישען מנהג, און איהם האָט נאָכגעטאָן אַ גרויסע מאַסע, וועלכע האָט זיך אויך בעקעהרט צום קאַטוילישען קריסטענטום. אויך די זאַקסען אין ענגלאַנד האָבען אָנ־גענומען דאָס קאַטוילישע אָדער רוימישע קריסטענטום. דער בישאָף באָני־פאַציוס האָט אָנגעפאַנגען צו פערפאָלגען די גאָטען פיר זייער אָנהענגליכקייט צו דער אַריאַנישער קירכע, און צוליב דעם איז אין אַ קורצער צייט גאַנץ גער־מאַניען געוואָרען קאַטויליש.

די קריסטליכע קירכע איז דאַן געוואָרען אַ שטאַרקע סאָציאַלע מאַכט. אָנפאַנגס זיינען די קריסטליכע פּריסטער געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון די קעניגען, ווייל פריהער האָט דער קעניג אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיאָן און ער האָט זי מיט זיין מאַכט ארייַנגעבראַכט אין פאָלק. דעריבער האָבען זיך די פּריסטער גערעכענט צו זיין פּערזענליכער סוויטע. אָבער דיזער צו־שטאַנד האָט זיך באַלד געענדערט, ווי נאָר די קירכע איז געוואָרען שטאַרק און זעלבשטענדיג. פיעל האָבען געהאָלפען צו דיזער ענדערונג די רייסערייען,

ווי אויך די פערדאָרבענהייט פון די קעניגען אין יענער צייט. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגען די קעניגען זיין דער שוץ פיר פרעמדע, אלמנות און יתומים, זיינען עס נאָך דעם געוואָרען די פריסטער. דיזע פלעגען בעשיצען די שקלאַפען געגען דער בעהאַנדלונג פון זייערע הערען, זיי פלעגען זעהר אָפט ווירקען אויף די ווילדע כאַראַקטערען פון די פראַנקישע קעניגען צו בעסערן זיי. אונטער דעם שוץ פון די פריסטער איז די קירכע געוואָרען אַ זיכערער צופלוכטס־אָרט פיר אונגליקליכע און פערפאָלגטע. אַלס היילינער צופלוכטס־אָרט האָט זיך גערעכענט ניט נאָר דער אַלטאַר און די קירכע זעלבסט, נאָר אויך אַלע געביידעס און דער גאַנצער הויף, וואָס האָט געהערט צו דער קירכע אָדער צום מאָנאַסטיר. וועלכער פערפאָלגטער עס האָט זיך נאָר אַריינגעכאַפט אין דעם הויף פון אַ מאָנאַסטיר אָדער פון אַ קירכע, איז ער שוין געוועזן זיכער פון ווייטערער פערפאָלגונג. די קירכע איז געוועזן אין דיזער הינזיכט אַזוי פערהייליגט, דאָס הילפעריך האָט זיין זוהן מעראָוועך, וועלכער איז ענטלאָפען אין די קירכע פון דעם הייליגען מאַרטין, ליבער בעלאַגערט, איידער צו פערשוועכען די הייליגקייט פון דער קירכע און איהם מיט גוואַלד פון דאָרט אַרויסרייסען. אַזוי האָט זיך לאַנגזאַם אָבער זיכער ענטוויקעלט די מאַכט פון דער קירכע, וועלכע האָט געשפילט אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין שפעטערען מיטעלאַלטער.

אָבער די מילדקייט, וואָס די קירכע האָט געצייגט דעם פאָלק, איז ניט געוועזן פון געפיהל פון מענשענליבע, אָדער ווייל די גייסטליכע זיינען געוועזן דורכגעדרונגען מיט די פרינציפען פון דער קריסטליכער לעהרע, נאָר עס איז געוועזן איינפאַך אַ שלויע בערעכנונג. עס קען זיין, דאָס די אונטערע גייסטליכע, וועלכע זיינען מעהרסטענס געוועזן פון פאָלק און זיינען גוט בעקאַנט געוועזן מיט זיין טרויעריגער לאַגע, האָבען געהאַט צום פאָלק אַן אמת'ן מיטלייד, אַן אמת'ע סימפאַטיע, און זיינען ווירקליך געוועזן גרייט מיט'ן גאַנצען האַרצען איהם צו העלפען איז זיין נויט. אָבער די אונטערע גייסטליכע זיינען געוועזן ניט מעהר ווי אינסטרומענטען אין די הענט פון די העכערע גייסטליכע. די בישאָפען אָבער און די איבריגע העכערע גייסטליכע האָבען צו גוט געוואוסט, וואָרום זיי שטיצען זיך אויף דאָס פאָלק. זיי האָבען זייער הערשאַפט געבויט אויף די אַרבייט, פון וועלכער זיי האָבען געשעפט זייער עקסיסטענץ, און זיי זיינען געוועזן קלוג גענוג צו פערשטעהן, דאָס ווען זיי וועלען שטיצען די אַרבייט, וועלען זיי פון איהר מעהר געניסען, ווי די אַרבייטער זעלבסט. זיי האָבען ניט אונטערגעגראָבען דעם באָדען, אויף וועלכען זיי זיינען געשטאַנען, ווי די וועלטליכע מאַכט האָט עס זעהר אָפט גע-

טאָן. זיי האָבען, אין געגענטייל, איהם געשטיצט, וויסענדיג, דאָס דיזער וועט זיי אויך פעסטער שטעלען און וועט זיכערן זייער עקסיסטענץ און זייער וואוילשטאַנד. די גייסטליכע האָבען צו אַלע צייטען אויסגעזויגען דאָס פאָלק ניט ווענינער ווי די וועלטליכע מאַכט, אָבער זיי האָבען אין דער זעלבער צייט אויך מיטגעווירקט צו בעפרייען די קולטור, זיי האָבען געשטיצט די אַרבייט, זיי האָבען אָפּגעשאַפט, ווי ווייט זיי האָבען געקענט, די הינדער-ניסען, וואָס האָבען געשטערט די פאַרבעררייטונג און ענטוויקלונג פון דער אַר-בייט. דערביי, נאַטירליך, האָבען זיי אין זינען געהאַט נאָר זיך, זייער איי-גענע טובה.

מיר וועלען נאָך מעהרערע מאָל צו דיזען געגענשטאַנד צוריקקומען און איהם אויספיהרליכער בעשפּרעכען. אויף דיזען פּלאַץ האָבען מיר נאָר צו ענטפערן אויף די פראַגע: וואָרום האָט זיך דאָס קריסטענטום אַזוי ראַש פערברייטערט אין גערמאַניען? עס איז גרינג צו פערשטעהן, וואָרום דאָס היידענטום איז אַזוי לייכט געשטירצט געוואָרען אין דער צייט פון דער פעל-קער-וואַנדערונג. די היידענישע פעלקער האָבען געגלויבט. דאָס יעדער אָרט, יעדע מדינה, יעדע שטאָדט האָט זיך איהר אייגענעם גאָט, ספּעציעל פיר זיך אַליין. ווען אַנדערע פעלקער האָבען זיי פון זייערע ערטער ארויס-געטריבען, האָבען זיי צוזאַמען מיט דעם פערלאָרען דעם שוץ פון די געטער פון יענער ערטער, וואו זיי זיינען לאַנג געזעסען, און האָבען דערמיט אויך פערלאָרען דעם גלויבען אין דער מאַכט פון יענע געטער, אין וועלכע זיי האָ-בען פריהער געגלויבט און וועלכע האָבען זיך געוויזען מאַכטלאָז געגען די פעלקער, וואָס האָבען זיי אַרויסגעשטופּט פון זייערע ערטער. דיזעס האָט געמאַכט אַ וועג צום גלויבען אין מאָנאָטעאיזם, אין אַן איינציגען גאָט איבער דער גאַנצער נאַטור. דאָס זעלבע האָבען מיר אויך בעמערקט ביי די אידען. דער גלויבען אין אַן איינציגען גאָט איז איינגעפלאַנצט געוואָרען אין פאָלק נאָך דעם, ווי זיי זיינען פון זייער לאַנד פערטריבען געוואָרען נאָך בבל. דערצו האָט דער קריסטליכער רעליגיאָנס-דינסט זעהר צוגעצויגען די באַרבאַרען מיט זיין גלאַנץ, מיט די פייערליכע צערעמאָניעס, מיט דעם אָריענטאַלישען קירכענגעזאַנג. קורץ, די גייסטליכע האָבען אַלץ געטאָן אום די פאַנטאַזיע צו שמייכלען און אויפצופלאַקערן, אָבער דעם פערשטאַנד צו פערשלעפערן.

די גערמאַנען האָבען אָבער איבערגענומען דאָס קריסטענטום מיט אַ צומישונג פון זייער פריהערדיגען היידענטום. זיי האָבען פערגליכען דאָס קריסטענטום מיט זייער אַלטער היידענישער רעליגיאָן און זיי האָבען אויסגע-

פונען, דאָס עס איז כמעט איינס און דאָס זעלבע. אָדין דער גאָט איבער אַלע געטער, איז דאָס אייגענע, וואָס דער אַלגעמיינער איינציגער גאָט. די הייליגע מאַריאַ איז ביי זיי אויסגעקומען דאָס זעלבע, וואָס די ליבע־געטינס. זאַגעס וועגען וואונדער, וואָס די אַלטע געטער האָבען געטאָן, האָט מען אי־בערגעניצעוועט און צוגעפּאַסט צו הייליגע פון דער קירכע. די גייסטליכע האָבען ניט נאָר ניט פּראָטעסטירט געגען דעם, נאָר זיי האָבען עס נאָך פּער־פיינערט און צוגעפּוצט. אָבער נאָך אַלע זאַכען האָט דאָס קריסטענטום זיי געבעסערט אין מאָראַלישער הינזיכט, ווען ניט מיט איין מאָל, איז לאַנגזאַם און מיט דער צייט.

די מאַטעריעלע קולטור פון די גערמאַנען אין דער צייט, וואָס טאַציטוס בעשרייבט זיי, איז געווען זעהר אונבעדייטענד. דער געברויך פון אייזען איז נאָך דאַמאָלס ביי זיי געווען זעהר זעלטען. אַלס די פראַנקען האָבען איינגענומען טריער, האָבען זיי דאָרט צום ערסטען מאָל דערזעהן איי־זען און האָבען אָנגעווענדעט פיעל מיה און קראַפט אַרויסצורייסען פון די ווענט אייזערנע האַקענס אום זיך צו בענוצען מיט דיזען טייערע מעטאַל.

די דיכט־קונסט פון די גערמאַנען איז בעשטאַנען אויסשליסליך פון העלדען־געזענג. דיזע לידער זיינען געוואָרען דער קערן פון די עפּישע פאָלקס־לידער פון דער שפּעטערער צייט.

## ג. דאָס ביצאַנטישע רייך.

די געשיכטע פון ביצאַנטישען קייזער־רייך געהערט צו די טרויעריגסטע פּעריאָדעס פון דער וועלט־געשיכטע. די געשיכטע פון יענער צייט שטעלט אונז פאָר אַ צוזאַמענשטוים פון פּראַכט און עלענד, שטאָלץ און פייגהייט, גע־זעץ און הפקרות, מאַיעסטעט און שוואַכקייט. אַלע פערדערבליכע קרעפטען, וועלכע האָבען זיך געפונען פריהער אין דער רוימישער אימפּעריע, איידער זי איז צוטיילט געוואָרען אויף צוויי העלפטען—מזרח און מערב—האָבען פאָרט־געזעצט זייער עקסיסטענץ אין דעם ביצאַנטישען רייך. צו די צרות פון טראָן־רייסערייען, סאָלדאַטען־הערשאַפט, קייזער־מאָרד, בירגער־קריג, בונטען, רע־וואָלוציאָנען, געמיינהייטען פון בעאַמטע—צו אַלע דיזע צרות קומט נאָך צו אַ פערדאָרבענע גייסטליכקייט, וועלכע האָט מיט שטאָלץ און ענגהערציגקייט פערפאָלגט יעדען, וואָס האָט זיי געשטערט אין זייערע פערדאָרבענע צוועקען. נאָך מעהר האָבען פערגרעסערט די ביטערע לאַגע די שטענדיגע אָנפאַלען פון די באַרבאַרישע פעלקער, די שווערע קריגען, די שלעכטע לאַגע פון די פינאַנ־סען דורך די גרויסע אויסגאַבען אויף דינגען סאָלדאַטען פון אַנדערע פעלקער

און דורך די פּראַכט פון קייזערליכען הויף, און ענדליך די שטאַרקע אַנגריפען פון די מאַהמעדאַנער, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס ענטוויקעלט צו אַ גרויסער און שטאַרקער וועלט־מאַכט. ווען מען נעהמט אין בעטראַכט דיזע אַלע אור־זאַכען, קומט עס פאָר וואונדערבאַר, ווי אַזוי דאָס ביצאַנטישע רייך האָט נאָך געקענט עקסיסטירען אַזאַ לאַנגע צייט, איבער טויזענד יאָהר, נאָך דעם, ווי די מערב־רוימישע אימפּעריע איז שוין געווען אונטערגעגאַנגען. דעם ענטפער דערויף דאַרפען מיר זוכען אין די סאָציאַלע רעפאָרמעס פון יענער צייט, וועלכע האָבען אַריינגעבראַכט נייעס לעבען אין דעם שטאַאַט.

נאָך דעם טויט פון אַרקאַדיוס'ן האָט בעשטיגען דעם ביצאַנטישען טראָן זיין זוהן טהעאָדאָסיוס דער 2טער. זיין רעגירונג האָט זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכענט. דאָס איינציגע, וואָס איז ווערט צו דערמאָה־נען פון זיין צייט, איז, וואָס דאַמאָלס האָט מען אונטערגענומען צו מאַכען אייניגע רעפאָרמעס אין געריכטס־זאַכען, אין די געזעצען. צו דיזען צוועק האָט מען דאַמאָלס געאָרדענט צוזאַמענצונעהמען אַלע געזעצען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען זינט דער צייט פון קאָנסטאַנטין'ען ביז טהעאָדאָסיוס'ן. דיזע זאַמלונג איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען: „קאָדעקס טהעאָדאָסי־אַנוס". פון זיינע נאָכפאָלגער וועלען מיר דאָ דערמאָהנען נאָר די וויכטיגסטע. לעאָ דער 1טער, וועלכער איז ערהויבען געוואָרען אויף דעם טראָן דורך דעם גאָטע אַספּאַר, דעם פּאַטריציוס (גייסטליכען שוץ־הערר) פון דער אימפּעריע, האָט געהייסען זיין קריגס־קאָמאַנדיר באַסיליסקוס צו אונטערנעהמען אַ פעלד־צוג געגען די וואַנדאַלען (אין יאָהר 468). ער האָט אָבער געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע און איז געווען געצוואונגען צו קויפען ביי זיינע זיגער די רוה און זיכערהייט פון לאַנד פיר אַ זעהר גרויסע סומע. די רעגירונג פון יוסטיניאַן דעם 1טען איז אין די אויסלענדישע בעציהונגען אַפילו געווען גלענצענד, אָבער אין דעם אינערען איז זי געווען אַ בילד פון שרעקליכער טיראַניי, בעדריקונג און אונזיטליכקייט. זיין רעגירונג האָט געדויערט 38 יאָהר, נעמליך פון יאָהר 527 ביז 565. די הויפּט־ראָלע אין דער רעגירונגס־צייט פון יוסטיניאַן האָט געשפּילט זיין פרוי, די קייזערין טהעאָדאָראַ. זי איז פריהער געווען אַ טהעאַטער־מיידעל, די טאָכ־טער פון אַ בערען־היטער אַקאַציוס. זי האָט אָבער מיט איהר רייץ און דורך אויסגעלאַסענע קונצען געוואוסט ווי אַריינצוכאַפּען אין איהר נעץ דעם פּאַט־ריציער יוסטיניאַן און זי איז געוואָרען זיין געהיימע געליבטע. שפּעטער איז דער סוד אַרויס און זי איז עפענטליך בעקאַנט געוואָרען אַלס זיין געליבטע, און ענדליך איז זי געוואָרען זיין געזעצליכע פרוי, הגם דאָס געזעץ האָט

פערוועהרט אַ סענאַטאָר צו הייראַטען אַ שוישפּילערין. אַפילו ווען יוסטיניאַן איז געוואָרען קייזער, איז ער געווען שטאַרק איבערגעגעבען צו איהר צוליב איהר שענהייט און צוליב איהר קלוגהייט. ער האָט אַפילו אין די געזעצען, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, זעהר שטאַרק געלויבט די חכמה פון זיין ווייב, „די עהרווירדיגע פרוי, וואָס גאָט אַליין האָט איהם געגעבען". זי איז אָבער אויך געווען די הויפּט-אורזאַך פון אַלע שענדליכע מעשים און אַלע אונגערעכטיגקייטען, וואָס האָבען זיך געטראָפען אין דער צייט פון יוסטיניאַן'ס רעגירונג.


רוימישער מייל-שטיין.

ווענען דעם קריג געגען די וואַנדאַלען און געגען די גאָטען, די שטרייטען, וואָס עליסאַר און נאַרסעס האָבען געפיהרט, האָבען מיר שוין פריהער ערצעהלט. די נצחונות פון דיזע קריגס-קאָמאַנדירען האָבען אָנגעוואָרפען אַ מורא אויף דעם פערסישען קעניג כאָזרו דעם 1טען נושירוואַן און האָבען איהם געפיהרט דערצו, ער זאָל בענייען דעם קריג מיט די רוימער. אָבער איידער מיר ווע־לען שילדערן דיזען קריג מוזען מיר נאָך עטוואָס פערוויילען ביי דער פערסישער געשיכטע, אום אונזער ערצעהלונג זאָל זיין פערשטענדליכער.

נאָך דעם, ווי די איראַנישע פעלקער האָבען זיך אָפּגעריסען פון אַנטיאָכוס דעם גרויסען (190 פ. קר.), האָט זיך פון מעדיען און פערסיען געגרינדעט די מלוכה פון די פּאַרטהער, וועלכע זיינען געווען פערוואַנדטע מיט די פערסיער. אָבער די פערסיער זיינען געווען ניט לאַנג אונטערוואָרפען אונטער די פּאַרטהער, און אין יאָהר 226 נ. קר. האָט אַרדעשיר געגרינדעט דאָס ניי-פערסישע רייך פון די סאַסאַנידען. דריי מאָל האָט אַרדעשיר בעזיגט די פּאַרטהער ביז ער האָט ענדליך בעקומען זעלבשטענדיגקייט און געגרינדעט זיין נייעם קעניגרייך. אַרדעשיר, אָדער אַרטאַקסערקסעס דער 1טער, האָט זיך בעמיהט צוריק אויפשטעלען די אַלטע פערסישע מלוכה מיט איהר גאַנצען אַלטען כאַראַקטער, ווי אין די צייטען פון כורש'ן און דריוש'ן. דער נאַציאָנאַלער גלויבען איז ווידער געוואָרען די ליכט-רעליגיאָן פון דעם בעריהמטען געזעצגעבער צאָראָאַסטער, די מאַגיער, ד. ה. די פּריסטער פון דיזען גלויבען, זיינען ווידער אַריין אין מאַכט, און די פערשיידענע סעקטעס

זיינען מיט גוואַלד געווען געצוואונגען אַנצושליסען זיך צו דיזער ליכט־רעלי-
גיאָן. דער צוועק דערפון איז געווען צו פערשטאַרקען די איינהייט פון דיזען
נייעם קעניגרייך און די מאַכט פון דעם קעניג. די רעזידענץ פון דעם קעניג איז
געווען די שטאָדט עקבאַטאַנאַ אין זומער און די שטאָדט מאַדאַאין
ביים טיגרים אין ווינטער. דיזע שטאָדט איז געווען אויפגעבויט אויף די
חורבות פון דער אַלטער שטאָדט קטעסיפאָן. אַרדעשיר האָט אַלץ אָנגעווענ-
דעט, דאָס אויך די גרויס פון דער נייער מלוכה זאָל זיין די זעלבע, ווי זי



רוימישער וואַך־טורם.

איז געווען אין די אַלטע צייטען, אין די צייטען פון כורש'ן און דריוש'ן.
אין יאָהר 230 איז אַרדעשיר בעפאַלען די רוימישע פּראָווינצען אין מעסאָפּאָ-
טאַמיען, אויסער דעם האָט ער געשיקט 400 פּערסיער פון גרויסען אַדעל
נאָך רוים צו איבערצייגען דעם סענאַט, דאָס דיזע לענדער געהערען צו זיי,
צו די פּערסיער, און די רוימער האָבען קיין רעכט ניט אויף זיי. דער קייזער
אַלכסנדר סעווערוס פון רוים האָט נאָך ניט געקענט שיקען
געגען אַרדעשיר'ן וועלכע עס איז חיל, און אַלס נאָך דעם טויט פון אַרדעשיר'ן

איז אַרויף אויף'ן טראָן זיין זוהן סאַפּאָר דער 1טער (241—271), האָט ער דעם קייזער וואַלעריאַנוס געשלאָגען ביי עדעססאַ, ער האָט זיך אויך אין סיריען אַריינגעריסען, האָט איינגענומען אַנטיאָכיא און איז אַוועק אויך אין קאַפּפּאַדאָציען, אָנמאַכענדיג אויף'ן וועג גרויסע חורבנות.

די רוימער האָט געלונגען אויף אַ קורצע צייט צוריק אָפּנעהמען די פּראָווינצען, וואָס סאַפּאָר דער 1טער האָט ביי זיי אָפּגענומען. אָבער סאַפּאָר דער 2טער דער גרויסער (309—380) האָט צוריק אָפּגענומען אייניגע פּראָווינצען אין מעסאָפּאָטאַמיען פון די רוימער און האָט זיי שטאַרק צושלאָגען אונטער קאָנסטאַנציוס'ן ביי סינגאַראַ (348). אַלס סאַפּאָר האָט אָנגעפאַנגען צו פאָדערן פון די רוימער אויסער מעסאָפּאָטאַמיען אויך אַרמעניען, האָט אויסגעבראָכען צווישען זיי אַ נייער קריג. סאַפּאָר איז געווען געצוואונגען זיך צוריקציהען, ווען דער קייזער יוליאַן האָט געמאַכט אַן אָנגריף אויף פּערסיען אין יאָהר 363. אָנפאַנגס האָבען די רוימער געהאַט גרויסען ערפאָלג אין דעם קריג, זיי האָבען שוין געהאַט איינגענומען די ווינטער-רעזידענץ, אָבער דער הונגער האָט זיי געצוואונגען זיך צוריקציהען. דאַמאַלס איז יוליאַן אויך געשטאָרבען אין וועג. אויך דער קייזער יאָוויאַן האָט ניט בעסער אָפּגעשניטען מיט די פּערסיער. ער האָט געקויפט זיין אָפּצוג פון פּערסיען מיט אַ שענדליכען פרידען. נאָך דעם, ווי סאַפּאָר האָט אָפּגענומען מעסאָפּאָטאַמיען און אַנדערע לענדער, האָט ער אויך אַרמעניען אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט. אָבער ער האָט דאָרט ניט לאַנג געהערשט. נאָך אין דער צייט פון דעם לעבען פון סאַפּאָר'ן איז אַרמעניען געוואָרען זעלבשטענדיג.

פון די פּערסישע קעניגען, וואָס האָבען געהערשט נאָך סאַפּאָר'ן, איז ווערט צו דערמאָהנען נאָר כוזרו דעם 1טען אַנושירוואַן, וועלכער האָט רעגירט פון יאָהר 531 ביז 578. אין זיין צייט איז דאָס לאַנד געווען שרעקליך אונרוהיג, און ער האָט ווידער געבראַכט רוה און אָרדנונג. ער האָט ליב געהאַט פילאָזאָפיע, איבערהויפּט די פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָ'ן און אַריסטאָטעלעס'ן, האָט געגרינדעט אין זיין לאַנד שולעס און האָט געלאָזען איבערזעצען די בעריהמטעסטע גריכישע ווערק אין פּערסיש. ער האָט אויך איינגעפיהרט אייניגע רעפאָרמעס אין די געזעצען פון לאַנד, ווי אויך אין דער אַרט און פאָרמע פון דער רעגירונג. אָבער די פיהרונג זיינע איז געווען זעהר דעספּאָטיש, דאָס לאַנד איז אימער געווען אין גרויסע שרעקען פון איהם, זיין ווילען איז געווען אַ געזעץ. ער האָט זיך גערופען דער גערעכטער (אַנושיר-וואַן), אָבער וואו איז די גערעכטיגקייט, ווען אום צו דערגרייכען דעם טראָן

האַט ער ערמאָרדעט זיינע צוויי עלטערע ברידער מיט זייערע קינדער? מיט דעם מזרח־רוימישען קייזער האַט ער געפיהרט זינט דעם יאָהר 540 אייניגע קריגען, אין וועלכע ער איז געווען דער זיגער. ער האַט געדויבט אין סיריען און האַט זיך געלאָזט געהן אויף פּאַלעסטינאַ און ירושלים, נאָר בעליזאַר האַט איהם געצוואונגען צוריקצוציהען. לאַנג האָבען געדויערט די שטרייטיגקייטען איבער לענדער, וואָס זיינען געלעגען ארום שווארצען מעער. אָבער ענדליך איז אַלץ גערעגעלט געוואָרען. דאָס פּערסישע רייך איז געבליבען אונבעדריקט, נאָר כוזרו האָט געמוזט צאָהלען 30,000 גאָלדשטיקער טריבוט.

וואָס אָנבעטרעפט יוסטיניאַן׳ס אינערע רעגירונג, האָט ער אָפּגעשאַפט דעם קאָנסולאַט און דערמיט פערניכטעט יעדע שפּור פון רעפּובליקאַנישער רעגירונג. ער האָט אַרויסגעטריבען פון לאַנד אַלע אָנהענגער פון היידענטום אָדער פון דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. ער האָט אויך בלוטיג פערפאָלגט אַנדערע סעקטעס פון קריסטליכען גלויבען, אויסער קאַטאָליקען. בעריהמט איז דער קאָדעקס יוסטיניאַנעאוס, ד. ה. דאָס געזעץ־בוך, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, און האָט דערמיט איינגעאָרדענט אייניגערליי געזעץ אין גאַנצען לאַנד. דיזער קאָדעקס איז בעריהמט געוואָרען נאָך דעם אין גאַנץ איראָפּאַ, און איז געוואָרען אַ נאָרמע פון אַלע רעגירונגען אין פערלויף פון פילע יאָהרהונדערטער. אָבער ניט אַכטענדיג דערויף האָט אין לאַנד ניט געהערשט קיין רוה. איבערהויפּט האָט געשטערט די רוה אין לאַנד דער קאַמף צווישען צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבען זיך גערופען: די „גרינע” און די „בלויע”, נאָך די קאָלירען פון די וואָגען־פיהרער אין צירק — די גרינע פּאַרטיי האָט געהאַט גרינע וואָגען־פיהרער און די בלויע פּאַרטיי האָט געהאַט בלויע וואָגען־פיהרער. ווייל די רעגירונג האָט געשטיצט די בלויע פּאַרטיי, האָט די גרינע פּאַרטיי געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אין דיזען אויפשטאַנד איז אַ גרויסער טייל פון קאָנסטאַנטינאָפּעל פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַש. טייכען בלוט האָבען זיך געגאָסען אין די גאַסען. די בלויע האָבען געמוזט מיט זייער לעבען בעצאָהלען פיר דאָס, וואָס זיי האָבען געזינדיגט געגען די גרינע אונטער דעם שוץ פון קייזער. דאָס ענדע איז געווען, דאָסביידע פּאַרטייען האָבען זיך פעראייניגט און האָבען ביידע אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען געגען דער רעגירונג. דאָס פאָלק האָט שוין אָן אַנדער קייזער ערוועהלט, יוסטיניאַן האָט שוין אָנגעגרייט אייניגע שיפען צו אַנטלויפען, אָבער די ענטשלאָסענהייט פון טהעאָדאָראַ׳ן און די מוטיגע טרייהייט פון בעליזאַר׳ן האָבען געבראַכט הילף און רעטונג. די ביידע פּאַרטייען האָבען זיך ווידער צוריסען. יוסטיניאַן האָט געפונען פיר זיך ניצליך דעם האָט

צווישען די פּאַרטייען נאָך מעהר צו צופלאַמען, און אין לאַנד איז געוואָרען געשטערט יעדע רוה, קיינער איז מיט קיין זאַך ניט געווען זיכער. מיר ווייסען יעצט ניט, וואָס איז געווען די הויפּט־אורזאַך פון דיזער שרעקליכער שנאה צווישען די פּאַרטייען. די געשיכטע־שרייבער פון יענער צייט ערצעהלען אונז אַפילו, דאָס די קעניגין טהעאָדאָרא איז געווען גינסטיג צו די בלויע, ווייל די גרינע האָבען אמאָל אָפּגעזאָגט איהרע א ביטע, נאָך איידער זי איז געווען קייזערין, ווען זי האָט געבעטען מען זאָל אָפּנעהמען די שטעלע פון א טיר־היטער פון איהר פאָטער און געבען זי צו דעם צווייטען מאַן פון איהר מוטער. אָבער די וואהרע אורזאַך, וואָרום 30,000 מענשען האָבען אין צירק זיך איינע די אַנדערע געשלאַכטעט — דאָס האָבען זיי ניט געזעהן.

נאָך דעם טויט פון יוסטיניאַן'ען, אין דער צייט פון זיינע נאָכפאָלגער, האָט די מזרח־רוימישע אימפּעריע אָנגעפאַנגען צו זינקען מעהר און מעהר. די לאַנגאָבאַרדען האָבען אָנגעהויבען בעזיגען איטאַליען, די וויכטיגסטע שטעדט אין מעסאָפּאָטאמיען זיינען אָפּגעפאַלען און דערצו האָבען זיך באַלד ווידער אָנגעפאַנגען קריג מיט די פּערסיער. ה ע ר א ק ל י ו ס האָט געמוזט אויפגעבען סיריען, פּאַלעסטינא און פעניציען. עגיפּטען האָבען די אַראַבער אָפּגענומען (אין יאָהר 640). די וועסטגאָטען האָבען די לעצטע בעזיצונגען אין שפּאַניען אָפּגענומען. אונטער דער רעגירונג פון ק אָ נ ס ט א נ ט י ן דעם 4 ט ע ן (668 ביז 685) האָבען די אַראַבער צום ערסטען מאָל בעלאַגערט קאָנסטאַנטינאָפּעל. וועגען דיזען פאַקט ועט אונז שפּעטער אויסקומען אויספיהרליכער צו רעדען. קאָנסטאַנטין'ס נאָכפאָלגער י ו ס ט י נ י א ן ד ע ר 2 ט ע ר איז געווען א שרעקליכער טיראַן, איינער פון די, וועלכע זיינען א שאַנדע פיר די מענשהייט, ניט אזוי פיעל דערפאַר, וואָס זי האָט ארויסגעגעבען אזא אויסוואורף, ווי דערפאַר, וואָס זי האָט זיין הערשאַפט אזוי לאַנג געדולדעט. צעהן יאָהר לאַנג האָט ער טיראַניזירט זיין פאָלק, ביז ענדליך דער פּאַטריציער לעאָנטיוס האָט איהם פון טראָן געשטירצט (אין יאָהר 695). אַלס שטראָף האָט מען איהם דעם נאָז פערקריפּעלט און פערטריבען אין כערסאָן אויף דער האַלב־אינזעל טאווריס. לעאָנטיוס האָט געהאַט די אייגענע שטראָף פון א פּ ס י מ א ר'ן אָדער ט י ב ע ר י ו ס ד ע ם 3 ט ע ן, ווי ער האָט געטאָן צו יוסטיניאַן'ען. דיזער לעצטער איז מיט דער הילף פון דעם קעניג פון בולגאַריען, ט ע ר ב ע ל י ס, און מיט דער הילף פון דעם פאָלק אין דער הויפּטשטאָדט, איבער־א־ניים געקומען צו זיין הערשאַפט. פאָהרענדיג צוריק פון זיין פערבאַנונג נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט זיך איהם געמאַכט א שטורם אויף'ן ים, פון וועלכען זיינע שיפען האָ-

בען געהאַלטען ביים אונטערגעהן. איינער פון זיינע בעגלייטער האָט איהם געראַטען, ער זאָל טאָן אַ נדר צו גאָט, דאָס ווען ער וועט איהם רעטען אין דיזער נויט, וועט ער פערצייהען זיינע שונאים און דערפאַר וועט איהם גאָט אויך פערצייהען זיינע שולדען. דערויף האָט דער טיראַן געענטפערט: „מעגען מיר די וועללען פון ים דערשלינגען, ווען איך וועל איינעם פון מיינע פיינד טאָן גנאַדע". און ער האָט זיין וואָרט געהאַלטען. די גאַנצע 6 יאָהר פון זיין צווייטער רעגירונגס־צייט זיינען פול מיט שרעקליכע גרויזאַמקייטען, איבערהויפט געגען לעאָנטיוס'ן און אַפּסימאַר'ן. ענדליך איז ער מיט זיין



יוסטיניאַן דעם 2טען'ס גרויזאַמקייט געגען לעאָנטיוס'ן און אַפּסימאַר'ן.

זוהן ערמאָרדעט געוואָרען דורך די האַנט פון דעם שטאַאטהאַלטער פ י ל י פ - פּ י ק ו ס ב אַ ר ד אַ נ ע ס (אין יאָהר 710). מיט איהם האָט זיך גע-ענדיגט דאָס הויז פון הערַאקליוס'ן.

נאָך דעם האָבען דריי הערשער אַ קורצע צייט רעגירט אין לאַנד, ביז ל ע אָ ד ע ר 2 ט ע ר האָט ענדליך געגרינדעט אַ נייע דינאַסטיע, פון וועלכער פיער קיסרים האָבען געהערשט איינער נאָך דעם אַנדערן. אונטער איהם האָט זיך אָנגעפאַנגען דער שרעקליכער ב י ל ד ע ר ־ ק ר י ג, וועלכער האָט מעהר פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט דאָס לאַנד אויפגעקאָכט. דאָס פאָלק

איז שוין פון לאַנג אָן געוועהנט געוואָרען צו פערעהרען די בילדער פון געוויסע הייליגע. דערפון האָט זיך ענטוויקעלט אַ סאָרט געצענדינסט. אום אָן ענדע צו מאַכען צו דיזען געצענדינסט, האָט לעאָ דער 2טער אַרויסגעגע־בען אין יאָהר 726 אַ געזעץ, וועלכעס האָט פערבאָטען דעם בילדער־דינסט אין די קירכען. ער האָט געהייסען מען זאָל די בילדער אַראָפּנעהמען פון די אַלטאַרען און מען זאָל זיי שטעלען העכער, אום מען זאָל ניט קענען קומען אין בעריהרונג מיט זיי און בעטען צו זיי. ווייל די בילדער־פערעהרער האָ־בען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דיזען בעפעהל פון לעאָ דעם 2טען און האָ־בען איהם שטאַרק אויפגערייצט, האָט ער געהייסען אַלע בילדער פון דער קירכע, יעזוס׳עס, מאַריאַ׳ס, פון מלאכים און פון הייליגע אין גאַנצען פון דער קירכע אַרויסצוטראָגען, און האָט אויך שטאַרק בעשטראָפט די יעניגע, וואָס האָבען צו הויז געהאַט בילדער און זיי פערעהרט. די בעסערע, די אויפ־געקלערטע קלאַס פון דער געזעלשאַפט, איז זעהר צופרידען געווען מיט דיזען בעפעהל. אָבער די אונטערע גייסטליכע און די מאַסע פון פאָלק זיינען גע־ווען זעהר אונצופרידען. עס איז ענטשטאַנען אַ לאַנגער שרעקליכער קאַמף. דאָס פאָלק איז געוואָרען זעהר אויפגערייצט און האָט צושמעטערט די סטאַ־טועס פון קייזער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין עפענטליכע פּלעצער. עס איז געוואָרען אָן אָפענער אויפשטאַנד און עס האָט געקאָסט פיעל בלוט ביז מען האָט דיזען אויפשטאַנד איינגעשטילט. די גייסטליכע האָבען גערייצט און געהעצט דאָס פאָלק געגען דעם קייזער, אַזוי דאָס פיעלע שטעדט, אי־בערהויפּט אין איטאַליען, האָבען זיך ענטזאַגט פון קייזער, און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די לאַנגאָבאַרדען איז לייכט אָנגעקומען דאָס לאַנד צו בעזיגען און אונטער זייער מאַכט צו אונטערוואַרפען.

לעאָ׳ס זוהן, קאָנסטאַנטין דער 5טער, האָט פערפאָלגט די בילדער־פערעהרער נאָך מעהר פון זיין פאָטער. עס זיינען דערפון ענט־שטאַנען אַזעלכע גרויסע אונרוהען, דאָס קאָנסטאַנטין איז פון טראָן פער־טריבען געוואָרען, ער איז אָבער צוריק אַרויף אויף׳ן טראָן און האָט דאַן זיך אָפּגערעכענט מיט זיינע פיינד, ווי זיי האָבען פערדינט. מען האָט איהם אין אייניגע היגזיכטען גערעכט געמאַכט, ווייל דאָס פאָלק האָט איהם צו פיעל אונגעהאָרזאַם געצייגט און האָט צופיעל געהערט די העצערייען פון די גייסטליכע.

אַלס קאָנסטאַנטין דער 5טער איז געשטאָרבען איז זיין זוהן לעאָ דער 3טער נאָך געווען צו יונג צו הערשען און זיין מוטער אירענע איז געווען די רעגענטין ביז ער איז אויפגעוואַקסען. אָבער

ווי נאָר ער איז געוואָרען גרויס גענוג צו רעגירען, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכער שטרייט צווישען איהם און זיין מוטער. זי האָט פּשוט ניט געוואָלט אָפּטרעטען איהר זוהן די הערשאַפט און עס איז געקומען אַזוי ווייט, דאָס די מוטער האָט ערמאָרדעט איהר זוהן. אויף איהר בעפעהל האָבען איהרע לייט אויסגעשטאָכען איהם די אויגען בשעת ער איז געשלאָפען, און קורץ נאָך דעם איז ער פון די וואונדען און פון די יסורים געשטאָרבען. דאָס איז אַ שרעקליכעם ביישפּיל, צו וואָס די דורסט צו הערשאַפט קען פיהרען. די פירסטען, וועלכע שטאָלצירען אַזוי פיעל מיט זייער יחוס און עדעלקייט, און שטעלע זיך העכער פון אַלע אַנדערע מענשען, מעגען זיך בעריהמען מיט דער אונגעהייערער צאָהל מאָרד־טאַטען, וואָס זיי האָבען בעגאַנגען זינט די געשיכטע האָט אָנגעהויבען פערשרייבען זייערע מעשים תעתועים; זיי מעגען זיך בעריהמען, דאָס אונטער זיי זיינען פאָרגעקומען מעהר מאָרד־טאַטען צווישען בלוט־פערוואַנדטע — פאָטער־מאָרד, מוטער־מאָרד, ברודער־מאָרד, שוועסטער־מאָרד, קינדער־מאָרד — פיעל מעהר ווי צווישען געוועהנליכע מענשען.

עס איז צו וואונדערן זיך, ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט געדולדעט אַזאַ מערדערין אויף'ן טראָן. עס איז אַ גוטער בעווייז, ווי ווייט די זיטען פון פאָלק זיינען געווען פערדאָרבען. עס איז נאָך מעהר צו וואונדערען זיך, דאָס זי איז געווען געשטיצט פון די גייסטליכע דערפאַר, וואָס זי האָט גע־האָלפען דעם בילדער־דינסט צוריק איינפיהרען. אירענע האָט זיך געטראָ־גען מיט אַ פּלאַן צוריק אויפצושטעלען די אַלטע רוימישע אימפּעריע דורך דעם, וואָס זי וועט הייראַטען ק א ר ל דעם גרויסען, אָבער דער פּלאַן איז צושטערט געוואָרען דורך דעם, וואָס די גרויסע לייט אין קאָנסטאַנטינאָפּעל האָבען ערוועהלט דעם גרויס־שאַצמייסטער נ י צ ע פ אָ ר ו ס אַלס זייער קייזער (אין יאָהר 802), און האָבען די מערדערין פערשיקט אויף די אינזעל לעסבאָס, וואו זי איז געשטאָרבען עלענד אין אָרמוט און פעראַכטונג.

די קריסטליכע קירכע. אין דער פּעריאָדע פון דער פעלקער־וואַנ־דערונג איז די קריסטליכע פיעל פערענדערט געוואָרען. אין דיזער צייט איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט צו דעם גרויסען געביי פון דער היעראַרכיע און גייסטליכקייט. די צייט, ווען די קריסטען זיינען געווען געצוואונגען צו טאָן זייער רעליגיאָנס־דינסט, בעהאַלטענדיג זיך אונטער דער ערד אין העהלען, איז פאָריבער. די מאַכט פון די גייסטליכע איז אויסגעוואַקסען און האָט זיך ענטוויקעלט צו אַ גרויסער ערהאַבענער קראַפט. שוין קאָנסטאַנטין האָט געגעבען די פרייהייט צו די קריסטען און צו אַנדערע

צו געבען נדבות דער קאַטוילישער קירכע אָדער ירושה לאָזען פיר זי פיעל יעדער וויל. און דאָס האָט די קירכע פיעלע רייכטימער געבראַכט. די גייסטליכע האָבען ביסלאַכווייז בעקומען מעהר און מעהר פּריווילעגיעס, זיי האָבען אויסגעוווירקט, דאָס קירכען־אייגענטום זאָל זיין בעפרייט פון אַלע שטייערן און דאָס מען זאָל אָנשטאָט דעם בעלעסטיגען די גיטער פון פאָלק. ביסלאַכווייז זיינען די בישאָפען בעפרייט געוואָרען פון יעדער וועלטליכער שטראָף, און די קירכעס האָבען באַלד בעקומען דאָס אַזיל־רעכט, ד. ה. דאָס רעכט צו געבען שוץ צו אַ פערברעכער געגען זיינע פערפאָלגער. און די־זעם אַזיל־רעכט האָט טהעאָדאָסיוס דער 2טער פערברייטערט אויף דעם גאַנצען באָדען, וואָס האָט געהערט צו דער קירכע, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער אויס־פיהרליך ערצעהלט.



ביצאַנטישער בישאָף.

אָבער די גייסטליכע האָבען זיך ניט געלאָזט בענוגענען מיט אונאָפּהענגיגקייט, זיי האָבען געשטרעבט נאָך הערשאַפט. און זיי האָבען דאָס בעקומען, ווייל זיי זיינען געווען גייסטיג מעהר ענטוויקעלט פון דער רויהער, גראָבער וועלטליכער מאַכט. דאָס ביסעל וויסענשאַפט, וואָס די וועלט האָט דאַמאָלס פערמאָגט, איז פערבליבען אין די קירכעס און מאָנאַסטי־רען פיר הונדערטער יאָהרען, און דאָס האָט די גייסטליכע געגעבען די מעגליכ־קייט צו פערשטאַרקען זייער מאַכט און זייער אויטאָריטעט איבער דער וועלטלי־כער מאַכט און אויטאָריטעט. די אַלגע־מיינע פּאָליטיק פון די פּריסטער פון דער גאַנצער וועלט, צו פערברייטען אונוויסענהייט צווישער דער מאַסע, אום עס זאָל זיי גרינגער אָנקומען צו הער־שען איבער'ן פאָלק, האָבען אויך די קריסטליכע גייסטליכע אָנגענומען, און אַזוי איז עס ענדליך געלונגען די גייסטליכע צו בעהערשען די וועלטליכע מאַכט און אַריינצוכאַפּען אַלץ אין זייערע הענט. אַזוי זעהען מיר, דאָס שוין אין קאָנסטאַנטין'ס צייטען האָט די קירכע געהאַט אַן אַנדערע פערפאַסונג, ווי די בירגער־וועלט, אַזוי דאָס שוין דאַמאָלס איז די קירכע געווען ווי אַ

שטאאט אין א שטאאט. עס האט זיך אויסגעבילדעט אין דער קירכע א לאנ-
גע רייהע פיר בעאמטע, גרויסע און קליינע, ווי אין דעם בירגערליכען שטאאט.
איבער די געוועהנליכע בישאפען האבען זיך ערהויבען: מעטראפאליטען,
ערצבישאפען און פאטריארכען. דער טיטעל „פאטריארך" איז דאמאלס גע-
ווען דאס העכסטע קירכען־אמט, און דיזען טיטעל האבען געהאט נאר די בי-
שאפען פון רוים, אנטיאכיען, אלעקסאנדריען, קאנסטאנטינאפעל און ענדליך
אויך פון ירושלים.

דער רוימישער בישאף האט שוין דאמאלס אנגעפאנגען צו מאכען
פרעטענזיעס אויף א העכערעס אמט געגען אלע אנדערע בישא-
פען. דער רעזולטאט פון דיזער שטרעבונג איז געווען, דאס קאנ-
סטאנטין האט אונטערגעווארפען אונטער דער מאכט פון דעם רוי-
מישען בישאף אלע שטעדט, וואס זיינען געווען נאהענט צו רוים.
וואלענטיניאן דער 3טער האט אונטערוווארפען די גאללישע קיר-
כעס אונטער דער רוימישער אוי-
טאריטעט, און דער מיסיאנער אוגוסטינוס — די ענגלישע קיר-
כען אונטער רוים, אזוי דאס עס האט זיך שוין דאמאלס געבילדעט
א פאפסטטום, ד. ה. אן אויבער-מאכט איבער אלע בישאפען און
פאטריארכען. רוים האט ווירק-
ליך געהאט פיעל פארצוג געגען


מעטהאדיוס, פאטריארך פון קאנ-
סטאנטינאפעל (געשט. 847).

אנדערע שטעדט, און דאס האט געהאלפען דעם רוימישען בישאף צו שטעלען
זיך העכער פון אלע אנדערע בישאפען. רוים איז נאך דאמאלס געווען די
וועלט־שטאדט, מיט דער גרעסטער בעפעלקערונג פון אלע אייראפעאישע
גרויסע שטעדט. רוים האט געהאט די עלטעסטע און צאהלרייכסטע קריסט-
ליכע געמיינדע אין יענער צייט. די מיסיאנערען פון רוים האבען געגרינדעט
איבעראל פיעלע קריסטליכע געמיינדעס. אויך די פאליטישע פערהעלטני-
סען זיינען געווען גינסטיג צום רוימישען בישאף. דער רוימישער בישאף

האָט דעריבער געהאַט מעהר אויטאָריטעט. ווען עס האָט זיך ערגעץ־וואו געמאַכט אַ שטרייטיגקייט אין רעליגיאָנס־זאַכען, פלעגט מען זיך ווענדען גיכער צום רוימישען בישאָף איידער צו אַן אַנדערען בישאָף, און דיזער פלעגט די שוויריגקייט געוועהנליך אויסגלייכען אַזוי, דאָס ביידע קעמפּענדע צדדים זיינען געבליבען צופרידען. אַזוי האָט זיך אימער פערגרעסערט די אויטאָריטעט פון דעם רוימישען בישאָף און דאָס האָט געפיהרט צום פּאַפּסטטום.

די פּאַפּסטען האָבען געוואוסט ווי צו ציהען פיר זיך נוצען פון דעם שטרייט וועגען דער בילדער־פערעהרונג. גרעגאָר דער 2טער און גרעגאָר דער 3טער האָבען אויפגעהעצט דאָס פאָלק צו אַן אויפשטאַנד געגען דעם קייזער פיר זיין פערפאָלגען די בילדער־פערעהרער. די ביצאַנטישע קיסרים האָבען געמוזט זיך מיט זיי פרידליך פערהאַלטען און האָבען זיי מעהר מאַכט געגעבען, אום זיי אויף זייער זייט צו געווינען.

דאָס קריסטענטום האָט אויך געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די קונסט פון אַלטערטום. איבערהויפּט איז דאָס צו בעמערקען אין דער ארכיטעקטור. זינט דעם זעקסטען יאָהרהונדערט האָט זיך אין ביצאַנטישען רייך אויסגעבילדעט אַ סטיל פון בוי־קונסט פיר קירכעס זעהר פערשיידען פון די אַלטע היידענישע טעמפּלען. אין דער מיט פון דער קירכע איז געמאַכט געווען אַ קופּעל, וועלכע האָט דער גאַנצער קירכע געגעבען אַ בעזונדערעס אויסזעהן. די קופּעל האָבען אויפגעהאַלטען הויכע זיילען, וועלכע זיינען געווען פערבונדען דורך רונד־בויגענס (אַרקעס). אַרום די זיילען איז געווען געמאַכט אַ גאַלעריע פון פרויען, ווייל נאָך דעם אָריענטאַלישען מנהג האָבען די פרויען ניט געטאָרט זיין אין אַ געבעט־הויז צוזאַמען מיט מענער. אין מערב־רוימישען רייך זיינען נאָר אין ראַווענגאַ געווען קירכעס אין ביצאַנטישען סטיל.

דאָס שענסטע דענקמאַל פון ביצאַנטישען בוי־סטיל איז אָהן צווייפעל די סאָפיאַ־קירכע אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, וועלכע יוסטיניאַן האָט אין יאָהר 530 איבער־אַ־ניים אויסגעבויט, נאָך דעם, ווי די קירכע, וואָס קאָנסטאַנטין האָט געבויט, איז אָפּגעברענט געוואָרען. זיבען יאָהר האָט גענומען ביז די קירכע איז פערטיג געוואָרען. זי עקסיסטירט נאָך היינט צו טאָג, נאָר זי איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מאַהמעדאַנישע מאָשעע. איין פאָרהויף ארומגערינגעלט מיט זיילען פיהרט צו דער ערסטער פאָרהאַלע. דורך 5 אייזערנע טויערן געהט מען אריין אין אַ צווייטע פאָר־האַלע, דאָרט שיידען זיך די וועגען פיר מענער און פרויען. די פרויען געהען דורך די טרעפּ ארויף צו זייערע גאַלערעען, און די מענער געהען אריין דורך פליגעל־טירען אין דאָס



קירכע פון דער הייליגער סאָפיע אין קאָנסטאַנטינאָפעל.

אינערע פון דער קירכע. די קירכע איז כמעט פיער־עקיג, זי איז 252 פוס אין דער לענג און 228 פוס אין דער ברייט. די קופּעל אין דער מיט פון דער קירכע כאַראַקטעריזירט דאָס גאַנצע געביי. פיער גוואַלדיגע זיילען בע-צייכנען די עקען פון דעם מיטעל־קוואַדראַט. זיי זיינען פערבונדען איינער מיט דעם אַנדערן דורך רונד־בויגענס (אַרקעס), און טראָגען אויף זיך די קו-פּעל, וועלכע שוועבט איבער דעם באָדען 177 פוס הויך. אין אַלגעמיין מאַכט די קירכע אויף דעם צושויער אַן אַנגענעהמען איינדרוק מיט איהר פּראַכט, גרויסקייט און ערהאַבענהייט. מעהר פון אַלץ איבעררעאשט די קירכע מיט איהר אונגעהייערען רוים, מיט דער מאַסע גלענצענדע מאַטעריאַלען און מיט דער האַרמאָניע פון די טיילען. די סאָפיאַ־קירכע אין קאָנסטאַנטינאָפּעל ער-שיינט גרויס, ווי נאַר מען דערזעהט זי, וועהרענד די גרויס פון דער פּע-טערס־קירכע אין רוים דערזעהט מען ערסט נאָך פיעל נאַכדענקען.

די ליטעראַרישע שאַפונגען אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג זיינען ניט געוועזען בעדייטענד. איבערהויפּט האָבען זיך דאַמאָלס פערברייטערט די קירכליכע שריפטען, די שענע ליטעראַטור איז אין גאַנצען ווי אויסגעלאָשען געוואָרען. פון די וויכטיגסטע ווערק פון יענער צייט איז דאָס ווערק פון סעווערינוס באָעטיוס „איבער די טרויסטענדע קראַפט פון דער פילאָזאָפיע", וועלכעס האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די לעזער אין פערלויף פון איינינע הונדערט יאָהר. דיזער פילאָזאָף איז אויך פיעל בעריהמט דורך זיין איבערזעצען די ווערק פון אַריס-טאָטעלעס'ן. דיזע איבערזעצונג האָט געהאַט אַ גרויסען ווערט פיר די בילדונג פון מיטעל־אַלטער. מען האָט דאַמאָלס געגלויבט, דאָס ער האָט אויך געשריבען ווערק איבער טהעאָלאָגיע. אין 7טען יאָהרהונדערט איז די פּאָעזיע אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען אין איטאַליען און פראַנקרייך און דאָס גייס-טיגע לעבען איז אַריבערגעגאַנגען נאָך שפּאַניען און אירלאַנד.



# דער איסלאַם

(מאַחמעדאַנישער גלויבען).

מיר זיינען יעצט געקומען צו אַ קולטור־פּעריאָדע, וועלכע איז די וויכטיגסטע פיר די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. אָהן דער אַראַביש־מאַחמעדאַנישער קולטור־פּעריאָדע וואָלט דער גאַנצער מיטעלאַלטער געווען אַן אונגעהייערע גייסטיגע וויסטעניס און די מענשהייט וואָלט זיך צוריקגעקעהרט צום אַלטען באַרבאַרישען צושטאַנד. די אַראַביש־מאַחמעדאַנישע קולטור איז דער רינג, וואָס בינדט צוזאַמען די רוימיש־גריכישע קולטור, וועלכע איז דאַמאָלס שוין געווען אונטערגעגאַנגען, מיט דער רענעססאַנס־צייט, מיט דער צייט, ווען אין איירּאָפּאַ האָט אָנגעהויבען צוריק אויפבליהען די אַלטע קולטור. אָהן דער אַראַביש־מאַחמעדאַנישער קולטור וואָלט איירּאָפּאַ יעצט ניט געשטאַנען אויף דער שטופע פון אויפקלערונג, אויף וועלכער זי שטעהט יעצט. ווייל דאָס קריסטענטום האָט גאָר גאַנץ אַנדערע צילען געהאַט און איז גאָר געווען פיינדליך צו דער נייער קולטור־מאַכט. די קריסטליכע קירכע פון מיטעל־אַלטער איז געווען געגען יעדער אויפלעבונג פון גייסט. פון דער צייט, וואָס די מערב־רוימישע אימפּעריע איז אונטערגעגאַנגען, ביז דער רענעססאַנס־צייט איז די מענשהייט געווען אין אַ צושטאַנד פון פאָלשטענדיגער פוסטקייט פון גייסט און מאָראַליש שרעקליך געזונקען. דאָס קריסטענטום האָט אויסגעראָמט און אַרויסגעוואָרפען דעם לעצטען רעסט פון דער אַלטער קולטור, נאָר די אַראַבער האָבען די איירּאָפּעאישע קריסטליכע פעלקער געגעבען אין די הענט די קולטור־מיטלען, מיט וועלכע זיי זיינען אין שטאַנד געווען מיט גרויס אָנשטרענגונג צו ברעכען די אייזערנע וואַנט, וואָס דאָס קריסטענטום האָט געשטעלט געגען גייסט.

די הויפּט־מאַכט, וואָס האָט געגעבען די אַראַבער די מעגליכקייט אַרויסצוטרעטען אין זייער ראָלע אויף די ביהנע פון דער וועלט־געשיכטע, איז געווען דער מאַחמעדאַניזם. ביז מאַחמעד איז אויפגעשטאַנען איז אַראַביען געווען אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון אַלע פעלקער און האָט קיין אָנטייל ניט

גענומען אין זייער שיקזאַל. אַראַביען איז אין פיעלע הינזיכטען עהנליך צו דער וויסטענים סאַהאַראַ, נאָר זי האָט מעהר בערג און ערטערוויי א ביסעל מעהר וואַסער ווי סאַהאַראַ. די מעהרסטע בערג פון אַראַביען זיי-נען נאַקעט, איהרע קוואַלען ענטהאַלטען וואַסער געמישט מיט זאַלץ און די זון בריהט די פיס פון די וואַנדערער. די פאַלשע ערשיינונגען (מיראַזשען) פון דער אַראַבישער לופט, וועלכע צייגען דעם מידען וואַנדערער פאַלשע וואַ-סערן און פערפיהרען איהם אָפט צו אַן אונגליק אין די טיפע וויסטע, וואַרפען אַן אויף איהם אונגעהייערע שרעקען. די ווינטען פון דער אַראַבישער וויסטע האָבען שוין פיעלע מאָל גאַנצע קאַראַוואַנען פערשאָטען און לעבעדיגערהייד בעגראָבען אונטער דעם הייסען זאַמד פון איהר באָדען. אָבער ניט אַב-טענדיג דערויף האָט די מוטער נאַטור געזאָרגט פיר די ערהאַלטונג פון לע-בען אין דיזער וויסטע. דאָס לאַנד איז אָרעם אין רעגען, איז אָבער רייך אין טוי, וועלכע מאַכט וואַקסען טייערע פרוכטען און גוטעס גראָז פיר דעם קעמעל, „דאָס שיף פון דער וויסטע". אין פיעלע געגענדען פון דער אַראַ-בישער האַלב־אינזעל געפינען זיך אַלע סאָרטען גאָרטען־גרינסען אין איבער-פלוס. דאָס לאַנד גיט אַרוים אַ גרויסע מאַסע קאָרן, רייז, טייערע פרוכטען, צוקער־ראָהר, טרויבען א. אַנד. די לופט איז אָנגעפילט מיט טייערע ריחות פון בשמים, קאַפע און ווייהרויך, מיט וועלכע עס ווערט געטריבען אַ גרוי-סער האַנדעל.

אַראַביען איז כמעט פינף מאָל אַזוי גרוים ווי דייטשלאַנד. די מעהרסטע ערטער זיינען גוט נאָר פיר פיהצוכט, און דעריבער זיינען די איינוואוינער פון אור־אַלטע צייטען אַן געוועזען און זיינען נאָך היינט נאָמאַדען, ד. ה. פאַסטוכער, וואַנדערער. דער אַראַבישער באָדען, ווי אויך די זיטען און בעשעפטיגונג פון די בעוואוינער, איז געבליבען אין היינטיגע צייטען, ווי עס איז געוועזען מיט טויזענדער יאָהרען צוריק: די זעלבע אָאַזען, ד. ה. ערטער אין מדבר, אויף וועלכע עס געפינט זיך וואַסען מיט פלאַנצען, דער זעלבער זאַמד־ים, די זעלבע ברונענס דינען נאָך הייטע אַלס פערזאַמלונגס־פלעצער פיר די בעדואינען (וואַנדערנדע אַראַבער), די זעלבע צוויי טיערען, דער קעמעל און דער פערד, זיינען היינט צו טאָג דער הויפט־רייכטום פון די איינוואוינער, ווי עס איז געווען אין די אוראַלטע צייטען. דער האַנדעל אין אַראַביען עקסיסטירט שוין אויך טויזענדער יאָהרען. איבערהויפט איז צו בעמערקען אַ גרויסע האַנדעלס־בעוועגונג אין די האַפען־שטעדט. דאָרט זעהט מען נאָך היינט, ווי אַמאָל, שיפען פון פערשיידענע לענדער: בבל,

מצרים, עטהיאָפּיען (כוש), פעניציען (צור און צידון), וועלכע קומען קויפען די פּראָדוקטען פון דיזען אָרט פיר זייערע לענדער.

אין דעם כאראקטער פון דעם אראבער דריקט זיך אויס דער אלגעמיינער גייסט פון גאנצען אָריענט (די מזרח־לענדער). דיזעס פאָלק פון דער וויסטע בעזיצט א הויכען פייערדיגען גייסט, א רייכע פאנטאזיע און א ברענענדען ענטהוזיאזם. די בעדואינען ליבען זעהר פּאָעזיע, און דעריבער איז אויך זיי לייכטער צו ווירקען מיט דער קראפט פון ווערטער איידער מיט דער מאכט פון שווערד. זיי זיינען אונערשראָקען, מעסיג, ערנסט, גרויסמוטיג, גאסט־פריינדליך, אָבער אויך רויבעריש, ראכזיכטיג, ליידענשאפטליך, אונרוהיג



אראבישע רייטער.

און פערענדערליך. איז דער בעדואין א פיינד, איז ער געפעהרליך; מאכט מען מיט איהם א בונד, איז מען ניט זיכער, דאָס ער וועט האלטען זיין פער־שפּרעכען; זיין פליכט מעסט ער מיט דעם נוצען, וואָס ער וועט האָבען, ווען ער וועט זי ערפילען; זיין רעכט מעסט ער מיט זיין קראפט: וואָס שטאר־קער ער פיהלט זיך געגען ווערמען עס איז, פאָדערט ער פון איהם אלץ מעהר רעכטען פיר זיך. ער האָט א בעזונדער אנטיפּאטיע צו פרעמדע און איז גרוי־זאם, ווען ער איז אין צאָרן. דער הויפּט־צוג פון די אראבער'ס כאראק־טער איז פרייהייטס־ליבע. אלס קינדער פון דער פרייער נאטור האסען

זיי יעדען דרוק, יעדע בעשרענקונג פון וועלכער עס איז רעגירונג. נאָר די בעציהונגען פון בלוט־פערוואַנדטשאַפט בינדט זיי שטאַרק צוזאַמען, ווייל דיזעס איז אַ נאַטירליכער באַנד. דער שטאַם (דער שבט) איז די העכסטע געזעלשאַפטליכע גרופּירונג צווישען אַראַבער; זעהר זעלטען טרעפט זיך, דאָס וועלכער עס איז אומשטאַנד זאָל צוזאַמענבינדען איינינע אַראַבישע שבטים אין איין פאָלק. זעלבסט די פעראייניגונג, וואָס מאַחמעד האָט געשאַפען, האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. ווי נאָר זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיך בעזעצט אין אַנדערע לענדער, איז דאָס פערבאַנד צוריסען געוואָרען. הגם די רעליגיאָן האָט זיי צוזאַמענגעבונדען, האָבען די אַראַבער דאָך ניט געקענט אַזוי וויט זיך פעראייניגען, דאָס זיי זאָלען זיין איין פאָלק, אונטערוואָרפען אונטער גלייכע געזעצען און אונטער איינער און דערזעלבער רעגירונג. זיי האָבען ניט געקענט אויפגעבען זייער אַלטעס פרייעס לעבען און איינשנירען זיך אין בינדענדע געזעצען און אָרדנונגען פון איין רעגירונג. דאָס איז די אורזאַך, וואָרום עס האָט נאָך ביז יעצט ניט געלונגען וועלכען עס איז וועלט־הערשער אַראַביען גענצליך צו אונטעריאָכען. מצרים, פּרס, רוים האָבען אַלע געפּרובּט אונטערוואַרפען אַראַביען אונטער זייער הערשאַפט, און עס האָט זיך געענדיגט מיט אַ מפּלה פיר די בעצווינגער. לייכטער צו בעצווינגען זיינען געווען דרום־אַראַביען און יעמען (תמן). דער באָדען פון יעמען צייגט ניט אַזעלכע שרעקליכע הינדערניסען, ווי די וויסטע, און די איינוואוינער, וואָס זיינען געווען פערצערטעלט פון צופיעל פערגניגען, זיינען געווען צו שוואַך צו שטרייטען מיט די בעזיגער. דערפאַר איז יעמען אַרונטערגעפאַלען אונטער דעם יאָך פון די אַביסיניער, פּערסיער א. אַנד.

איינער פון די ערדעלסטע אַראַבישע שטאַמען איז געווען דער שטאַם פון די ק אָ ר י י ש י ט ע ן, וועלכער האָט פון אור־אַלטע צייטען געוואוינט אין מ ע ק ק אַ. דיזען שטאַם איז איבערגעגעבען געוואָרען די פליכט צו היטען דאָס נאַציאָנאַל־הייליגטום, נעמליך דעם שוואַרצען שטיין אין דער ק אַ אַ ב אַ (פּיער־עקיגער טעמפעל). די זאַגע ערצעהלט, דאָס דיזען שטיין האָט דער מלאך גבריאל פון הימעל אַראָפּגעבראַכט און האָט איהם איבערגעגעבען צו זייער אור־פאָטער ישמעאל, דעם זוהן פון אברהם'ן. וואהרשיינליך איז דאָס אַ מין מעטעאָר־שטיין, וואָס איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד אונטער דונערן און בליצען, און די פאַסטוכער האָבען דאָס געזעהן און האָבען דאָס פערגעטערט. דיזע ערשיינונג האָט געפיהרט דערצו, דאָס אַרום דער קאַאבאַ האָט מען באַלד אויסגעבויט אַן אונגעהייערען

טעמפּעל, און די קאַאבאַ איז געוואָרען אַ הייליגער אָרט פיר פּילגרימער (עולי רגל).

פון דיזען שטאַם פון די קאָריישיטען איז מאַחמעד געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 569 אין דער שטאָדט מעקקאַ פון דער בעריהמטער פאַמיליע האַשעם. זיין פאָטער האָט געהייסען אַבדאַללאַה. ער איז געווען שען און געראָטען און איז געווען דער שטאָלץ פון זיין שטאַם.

אַבדאַללאַה איז געשטאָרבען זעהר פריה און האָט איבערגעלאָזען זיין זוהן 5 קעמלען מיט איין קנעכט. דער גרעסטער טייל פון דער ירושה איז אָנגעקומען צו זיין אָנקעל. אַבו־טאַלעב, אַן אַנדער אָנקעל פון מאַח-



מעקקאַ מיט דער קאַאבאַ.

מעד'ן אין מעקקאַ, האָט דעם יתום צוגענומען צו זיך און האָט איהם ערצויגען אַלס קויפמאַן. ער האָט איהם איינינע מאָל געשיקט מיט קאַראַוואַנען סחורה נאָך סיריען, פּאַלעסטינאַ און מעסאָפּאָטאַמיען. ווען מאַחמעד איז אַלט געוואָ-רען 25 יאָהר, איז ער אַריינגעטראָטען אין דינסט צו אַ רייכער אַלמנה קאַ-דידזשאַ, וועלכע האָט זיך באַלד פערליבט אין איהם צוליב זיין מענליכער שענהייט און זיינע גייסטיגע אייגענשאַפטען, און זיי האָבען געהייראַט. הגם ער האָט דורך דיזע הייראַט געקריגען אַ גרויסען רייכטום, איז איהם אָבער אין זיינע געשעפטען ניט גוט געגאַנגען, און ווען זיין פרוי איז געשטאָרבען איז זיין מאַטעריעלע לאַגע געווען וויים ניט גלענצענד.

אַלס פּראָפעט איז מאַחמעד אויפגעטראָטען ערסט ווען ער איז אַלט געוועזן 40 יאָהר. ער האָט זיך אָנגעהויבען שטאַרק צו גריבלען אין די געהיימניסען פון רעליגיאָן, דערפון האָט זיך זיין פאַנטאַזיע שטאַרק צושפּילט או ער האָט אָנגעהויבען צו זעהן רעליגיעזע ערשיינונגען, וועלכע האָבען איהם געמאַכט גלויבען, דאָס גאָט האָט איהם ערוועהלט צו בענייען די אַלטע רעליגיאָן, וואָס ער האָט געגעבען צו אברהם'ן. אָבער ניט אַכטענדיג אויף זיין גרויסע רעדענסקראַפט, אויף זיין אונגעוועהנליכע בעגייסטערונג און אויף זיין הדרת־פנים, האָט ער וועניג אָנהענגער געפונען. אין אַ צייט פון דריי יאָהר זינט ער האָט אָנגעהויבען צו פּרעדיגען זיין נייעם גלויבען, האָט ער קוים געקריגען פערצעהן אָנהענגער. אונטער דיזער קליינער צאָהל אָנהענגער זיינען געוועזן אַ ל י, דער זוהן פון אַ ב ו ־ ט אַ ל ע ב, און זיין פריינד אַ ב ו ־ ב ע ק ע ר. אַלי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדענמוט און מיט זיין שווערמערישער פאַנטאַזיע. זיינע ביטערסטע פיינד זיינען געוועזן זיינע אייגענע שטאַם־ברידער, די קאָריישיטען. דיזע זיינען געוועזן די בערופענע וועכטער פון דער קאַאבאַ און זיי האָבען מורא געהאַט, דאָס די נייע רעליגיאָן וועט שאַדען דעם אַנזעהן פון דער אַלטער אמונה און שמעלערן די איינגאַהמעס פון די אונצעהליגע פּילגרימער. ווען די קאָריישיטען האָבען דערזעהן, דאָס די צאָהל פון זיינע אָנהענגער האָט אָנגעהויבען צו וואַקסען, האָבען זיי איהם אָנגעפאַנגען צו פערפאָלגען, אַזוי דאָס ער איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען נאָך מעדינאַ, און די בעוואוינער האָבען איהם מיט גרויס פרייד אויפגענומען, ווייל זיי האָבען שרעקליך געהאַסט די לייט פון מעקקאַ. דאָס איז געשעהן דעם 15טען יולי פון יאָהר 622 נ. קר. דיזער טאָג איז דער אָנפאַנג פון דער נייער מאַחמעדאַנישער צייטרעכנונג, וועלכע איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „העדזשרא" (דאָס ענטלויפען).

אין מעדינאַ האָט מאַחמעד צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 10,000 מאַן און איז געגאַנגען מיט זיי נאָך מעקקאַ אום ראַכע צו נעהמען פון זיינע פערפאָלגער. דאָס איז געוועזן אין יאָהר 630 נ. קר. די שטאָדט האָט זיך איהם אונטערגעגעבען און האָט זיין נייע לעהרע אָנגענומען. מאַחמעד האָט קיינעם ניט בעשטראָפט, נאָר ער האָט אַלע זיינע שונאים גרויסמוטיג פערציייהט. ער האָט נאָך דעם בעזיגט מעהרערע אַנדערע שטעדט און שבטים און האָט זיי געצוואונגען די נייע אמונה אָנצונעהמען. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דער איסלאַם איז פערשפּרייט געוואָרען אין גאַנץ אַראַביען. נאָכדעם האָט זיך מאַחמעד צוריקגעקעהרט אין מעדינאַ און האָט דאָרט גע-

פייערט זיין טריאומף. ער האָט געהאַט בדעה צו מאַכען אַ פעלד־צוג געגען ביצאַנץ, ער האָט אָבער ניט דערלעבט דורכצופיהרען דיזען פּלאַן. ער איז גע-שטאָרבען דעם 8טען יוני פון יאָהר 632, נאָך דעם, ווי ער האָט געליטען פון פיבער און רעליגיעזע ערשיינונגען, פון וועלכע ער פלעגט זעהר אָפט קומען אין גרויס עקסטאַז. ער איז בעגראָבען געוואָרען אויף דער שטעלע, וואו ער איז געשטאָרבען, נאָר שפּעטער האָט מען זיין קערפּער געבראַכט נאָך מדינה



די קאַאַבאַ אין מעקקאַ מיט נעבען־געביידעס און טויערן צו דער צייט, ווען די מאַהמעדאַנער זיינען עולה־רגל.

און מען האָט איהם בעערדיגט אין דער גרויסער מאָשעע (מאַהמעדאַנישען טעמפּעל) פון יענער שטאָדט.

דער איסלאַם איז אַ צוזאַמענמישונג פון היידענטום, יודענטום און קריס-טענטום. דיזעס איז צו ערקלערען דערמיט, וואָס מאַהמעד האָט אין דער צייט פון זיינע קאַראַוואַנען־צוגען זיך בעגעגענט מיט אָנהענגער פון דיזע אַלע דריי רעליגיאָנען און האָט מיט זיי דיסקוטירט וועגען רעליגיאָנס זאַכען. ער לערענט צו גלויבען נאָר אין איין איינציגען גאָט; דאָס קריסטליכע פּרינ-

ציפ צו גלויבען אין א דריי־איינינגקייט האָט ער אין גאַנצען פערוואָרפען, ווייל ער האָט עס גערעכענט פיר היידעניש. זיך אַליין האָט ער ערקלערט אַלס פּראָפעט פון גאָט: „אַללאַה איז גאָט און מאַחמעד איז זיין פּראָפעט". ער האָט אָבער קלאָר געזאָגט, דאָס דערמיט מיינט ער ניט צו מאַכען גלויבען, דאָס משה און קריסטוס זיינען געוועזען פאַלשע נביאים; אין געגענטייל, ער גלויבט, דאָס זיי זיינען געוועזען אמת'ע נביאים, וואָס גאָט האָט געשיקט צו דער מענשהייט, נאָר זיי זיינען געוועזען זיינע פאָרלויפער, פאָרצובערייטען די מענשהייט צו זיין, מאַחמעד'ס, נייע רעליגיאָן. מאַחמעד האָט געגלויבט אין א „יענע וועלט", וואו מענשען ווערען בעלוינט פיר זייערע מעשים טובים, און בעשטראָפט פיר זייערע זינד.

אויספיהרליך ווערט מאַחמעד'ס לעהרע געגעבען אין דעם הייליגען בוך פון דעם איסלאַם, וועלכעס איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „קאָראַן". דיזעס בוך איז ענטשטאַנען פון די ענטפלעקונגען, וואָס דער פּראָפעט האָט געהאַט אין זיינע רעליגיעזע ערשיינונגען, און ענטהאַלט פערשיידענע פּרע-דיגטען, געבאָטען, לידער א. אז. וו. זיינע געבאָטען זיינען מעהרסטענס אוי-סערליכע פאָרמעס. מאַחמעד פאָדערט פון זיינע אָנהענגער פינף מאָל א טאָג זיך ריין וואשען און 5 מאָל א טאָג בעטען, דערביי ווערט גענוי ערקלערט, וועלכע בעוועגונגען מען מוז מאַכען ביי די תפלות און ביי וועלכער שטעלע מען זאָל מאַכען אזא און אזא בעוועגונג, און ביי וועלכער מען מוז מאַכען אן אַנדער סאָרט בעוועגונג. ער לעגט א גרויסען ווערט אויף תפלה בצבור — בעטען גאָט צוזאַמען מיט א גרויסער מאַסע מענשען, — ווייל אזא געבעט האָט א גרעסערע ווי־קונג, זאָגט ער. ער האָט אויך געגעבען דינים, וועלכע לעגען אַרויף בעשרענקונגען אויף עסען און טרינקען. ער ערלויבט אָבער פיעלע ווייבער צו נעהמען. מען ערקלערט דיזע פרייהייט דורך דעם, וואָס ער אַליין איז געוועזען א שרעקליכער ליבהאָבער פון פרויען און א גרויסער בעל תאוה, וואָס דיזעס האָט זיין קערפּער נאָך אין דער יוגענד רואינירט. מאַחמעד זאָגט שטרענג אָן זיינע אָנהענגער רחמנות צו האָבען אויף אַלמנות, יתומים, אָרימע און אונגליקליכע און אויך אויף שקלאַפען. ער האָט געפאָדערט פון זיינע בעקענער צו פערברייטערן זיין גלויבען איבער דער גאַנצער וועלט מיט אַלערליי מיטלען. דער קאָראַן זאָגט: „בעקעמפט די אונגלויביגע אזוי לאַנג ביז דער איסלאַם זאָל זיין דער איינציגער גלויבען אין דער וועלט". מאַחמעד האָט אָבער געמאַכט אין דיזער הינזיכט אן אונטערשייד. אַראַבישע שטאַ-מען, וועלכע נעהמען אָן דעם נייעם גלויבען, ווערען אָנערקענט אַלס גלייכ-בערעכטיגטע. די אַנדערע פעלקער, וואָס בעקעהרען זיך צום איסלאַם, זיי-



מועדדין. אַראַבישער שמש, וועלכער רופט פון דעם לייכט־טורם צום דאַווגען.

גען נאָר בערעכטיגט אַלס שוץ־ברידער. ביי די אונטערגעוואָרפענע פעלקער טאָר מען ניט אַפּנעהמען זייער ערד, וועלכע איז זייער שפּייזערין, זיי מוזען אָבער געוויסע שטייערן צאָהלען, וועלכע דאַרפען אַריינקומען אין די קאַסע פון פּראָפעט און פון זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע דאַרפען דאָס צוטיילען צווישען די שטאַם־ברידער. איינס פון די וויכטיגסטע פּרינציפּען פון איסלאַם איז דער פאַטאַליזם, ד. ה. דער גלויבען, אַז דאָס לעבען פון יעדען איינצעלנעם מענשען איז אָפּהענגיג פון דער געטליכער בעשטימונג פון דעם טאָג, וואָס ער איז געבאָרען געוואָרען: יעדער מוז שטאַרבען אין דעם טאָג, וואָס גאָט האָט פיר איהם בעשטימט און קיין זאַך קען ניט איבערמאַכען, קען ניט ענדערן דיזע געטליכע בעשטימונג. דיזע לעהרע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די מוטיגע אַראַבער. און ווירקליך, ווען דער טאָג פון טויט איז בעשטימט פון גאָט זעלבסט און קיין זאַך אין דער וועלט קען עס ניט ענדערן, ניט מאַכען ער זאָל קומען פריהער און ניט אָפּלעגען איהם אויף שפּעטער — וואָרום זאָל דער מענש זיך שרעקען געהן אין דעם געפעהרליכסטען קריג און מורא האָבען פאַר די געפעהרליכסטע אונטערנעהמונגען? דאָס האָט ענטוויקעלט אין די אָנ-העננער פון איסלאַם אַן אונגעהייער שטאַרקעס געפיהל פון בטחון אויף גאָט.

די שפּעטערע אידישע לעהרע, דאָס דיזע וועלט איז נאָר אַ פּאָרבערייטונג צו דער קינפטיגער אייביגער וועלט, האָבען אויך די מאַחמעדאַנער אָנגענומען, און שוין מאַחמעד האָט געלערנט, דאָס אַ מענש דאַרף זיך ענטזאָגען פון פיע-לע זאַכען אום ווערט צו זיין צו האָבען אַ גוטע קינפטיגע וועלט. די הויפּט־לעהרע פון קאָראַן איז, דאָס אַ מענש זאָל נאָר זאָרגען פיר זיין אייביגעם גליק, ער זאָל זיין מיט לייב און זעעלע איבערגעבען צו גאָט'ס ווילען. דער מענש מוז אימער דענקען אַן גאָט, דענקען אַן איהם ווען ער זיצט און ווען ער שטעהט.

מאַחמעד'ס נאָכפאָלגער האָבען זיי וואונש מקיים געווען און האָבען פערברייטערט די נייע רעליגיאָן מיט פייער און מיט שווערד. דער ערסטער הערשער אָדער כאַליף נאָך איהם איז געווען זיין שוועהר אַבו־בעקר (632—634). ער האָט אונטערגענומען אַ פעלד־צוג נאָך סיריען און ער האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג. ער האָט אויך געהאַט אייניגע קלענערע קריגען מיט ביצאַנץ און ניי־פּערסיען און ער האָט זיי בעזיגט. נאָך אַבו־בעקר איז אָמאַר ערוועהלט געוואָרען אַלס כאַליף. ער האָט בעניית דעם שטרייט מיט סיריען. פּערסיען און עגיפּטען. סיריען האָט ער אין גאַנצען אונטער-וואָרפען. פּערסיען האָט ער נאָר צום טייל בעזיגט. אָמאַר'ס קריגס־קאָ-מאַנדיר, אַמרו, האָט איינגענומען אַלעקסאַנדריען און האָט אויסגעבויט

א נייע רעזידענץ ק א א י ר אָ. אָמאַר איז געווען אזוי עדעל, אזוי קרעפ־טיג, אזוי מוטיג און אזוי מעסיג ווי זיין פאָרגענגער אבו־בעקר. ער האָט געהערשט נאָך 10 יאָהר און איז ערמאָרדעט געוואָרען.

נאָך אָמאַר׳ס טויט איז דער סעקרעטער פון מאַחמעד׳ן, אָ ט ה מ א ן, ערוועהלט געוואָרען אַלס כאַליף (אין יאָהר 644). צוליב זיין אַלטקייט און זיין שוואַכען כאַראַקטער איז ער ניט פעהיג געווען צו רעגירען. ער האָט אפילו געהאַט גליק אין זיינע מלחמות, ער האָט בעזיגט קליין־אַזיען, אַרמע־ניען, נוביען, ציפּערן און רהאָדוס. אָבער אין אַראַביען זעלבסט איז גע־וואָרען אַן אויפשטאַנד. די אורזאַך פון דער אונצופרידענהייט איז געווען, וואָס אָטהמאַן האָט די גרעסטע עמטער צוטיילט צו זיינע קרובים פון דער פאַמיליע אָ מ ע י א און האָט זיי נאָך ארויסגעגעבען זעהר פיעל גאָלד פון דער פאָלקס־קאַסע. עס האָבען זיך אויפגעהויבען איינינע אַראַבישע שטאַ־מען, זיינען אַוועק נאָך מעדינאַ, האָבען זי בעלאַגערט און איינגענומען און האָבען געטויטעט דעם 82־יעהריגען כאַליף אָטהמאַן, און דאָס פאָלק האָט אָנ־שטאָט איהם ערוועהלט אַלס כאַליף א ל י. זיין רעגירונג איז געווען קורץ און אונגליקליך, הגם ער האָט בעוויזען גרויסע העלדענטאַטען. עס האָבען זיך אויפגעהויבען געגען איהם מ ו א ו י י א, דער שטאַטהאַלטער פון סיריען, און א י ש א, די געליבטע פרוי פון מאַחמעד׳ן. אַלי האָט בעזיגט מואַוויאַ׳ן און האָט געפאַנגען אישאַ׳ן, אָבער דער זיג האָט איהם קיין רוה ניט געבראַכט — ער איז ערמאָרדעט געוואָרען פון א פאַנאַטיקער אין דער מאָשעע פון קופאַ. זיינע אָנהענגער האָבען ערוועהלט זיין עלטערען זוהן ה ו ס י י ן פיר כאַליף, אָבער ער איז געשלאָגען געוואָרען דורך אַ קריגס־קאָ־מאַנדיר פון י ע צ י ד ד ע ם 1 ט ע ן (679—683), וועלכער איז גע־ווען דער זוהן פון מואַוויאַ׳ן. נאָך אַ קאַמף, וועלכער איז געווען פול מיט טראַגישע סצענעס, איז דער עדעלער עניקעל פון מאַחמעד׳ן געפאַלען מיט 33 וואונדען אין זיין קערפּער נאָך דעם, ווי ער האָט געזעהן, ווי אַלע זיינע פריינד זיינען געפאַלען אין שטרייט, ווי זיין זוהן און קוזין זיינען אין זיינע אָרימס געטויטעט געוואָרען. פיר זיינע פיינד איז עס נאָך אַלין וועניג געווען, זיי האָבען נאָך אַראָפּגעריסען זיין קאָפּ, און זיין קערפּער גע־לאָזען פון פערד צוטרעטען. שפּעטער האָבען זיך די אַראַבער ארומגעזעהן, דאָס זיי האָבען געטאָן אונרעכט צו הוסיין׳ען, און זיי האָבען איהם גע־שטעלט א מאָנומענט, נאָכהער אויך א מאָשעע, און מען האָט איהם פער־הייליגט, און עד היום רייזען אויף זיין קבר זעהר פיעלע פּילגרימער און פער־גיסען דאָרט הייסע טרערען.

דער קאַמף צווישען די מיטגלידער פון דער פאַמיליע פון אַלי און דער פאַמיליע אָמעיאַ אָדער די אָמעיאַדען האָט פעראורזאַכט אַ רעליגיעזע שפּאַלטונג און האָט צוריסען דעם איסלאַם אויף צוויי סעקטעם: איין סעקטע האָט זיך גערופען שיאיטען, צו וועלכער עם געהערען היינט די פּערסיער; זיי בעטראַכטען דאָס געשלעכט פון אַלי אַלס די געזעצליכע הערשער פון די גלויביגע, און דעם קאָראַן אַליין אַלס די וואהרע און עכטע קוועלע פון דעם מאַהמעדאַנישען גלויבען. די אַנדערע סעקטע אָבער, די אַזוי־גענאַנטע סוננִיטען, צו וועלכע די טערקען געהערען היינט, בעטראַכטען אַלי נידריגער אין הייליגקייט פון אַבו־בעקר, אָמאַר און אָטהמאַן, און נעהמען אָן פיר הייליג אויך די מינדליכע טראַדיציאָן אָדער סוננאַ.

מיט דעם כאַליף מואַוויאַ דעם 1טען (661—679) האָט די פאַמיליע פון די אָמעיאַדען דערלאַנגט צו הערשאַפט, וועלכע האָט געדויערט ביז דעם יאָהר 750. דיזער כאַליף האָט די רעזידענץ איבערגעטראָגען נאָך דמשק. פון דאַנען האָט ער אָנגעפאַנגען צו דריקען די ביצאַנטישע מלוכה, וועלכע האָט פון דער צייט פון דעם קייזער הערעקליוס (641) אָנגעהויבען ווערען אימער שוואַכער, און ער האָט איינינגע מאָל בעלאַגערט קאָנסטאַנטינאָפּעל. זיבען יאָהר נאָכאַנאַנד האָט ער בעדריקט די שטאָדט, אָבער ער האָט זי ניט געקענט איינגעהמען, ווייל די ביצאַנטינער האָבען געגען זיי געוואָרפען דאָס בעוואוסטע „גריכישע פייער", וועלכעס קאַלליניקאָס פון העליאָפּאָליס האָט ערפונדען. דיזעס גריכישע פייער איז געווען אַ מישונג פון ברענענדיגע שטאָפען, וואהרשיינליך פון סאַלפּעטער, שוועבעל, קויהלען, פעך א. אז. וו., וועלכע ווערען ניט פערלאָשען אפילו אין וואַסער. דיזעס פייער פלעגט פריהער אַרויסלאָזען אַ געדיכטען רויך, נאָך דעם פלעגט עס אַרויסלאָזען אַ שרעקליכען קנאַל אין גרויסע פלאַמען. עס איז זעהר עהנליך צו אונזערע באָמבעס פון דינאַמיט. דיזע ערפינדונג האָבען די גריכען געהאַלטען בסוד 400 יאָהר. אָבער אַ פעררעטער האָט אַרויסגעגעבען דעם סוד צו די סאַראַצענער. ענדליך האָט מען עס אין גאַנצען פערגעסען ווי צו פּראָדוצירען. מואַוויאַ האָט ביי דער בעלאַגערונג פערלאָרען 30,000 מענשען־לעבענס, און איז ענדליך געווען געצוואונגען צו שליסען פרידען מיט דעם ביצאַנטישען קייזער און אויך אַ טריבוט צו צאָהלען.

נאָך דעם טויט פון מואַוויאַ'ן האָבען זיך אָנגעהויבען צווישען די מאַהמעדאַנער אונאָרדנונגען. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער בירגער־קריג צווישען די צוויי הערשענדע הייזער: צווישען די אַלידען (אָנהענגער פון אַלי) און די אָמעיאַדען. ענדליך, נאָך דעם, ווי מערוואַן איז געשטאָרבען, איז זיין

זוהן אבד אל מאליק (685—705) ארויף אויף'ן טראָן. דיזער הער־שער האָט געזוכט צו בענייען די פריהערדיגע גרויסקייט פון דער מאהמעדאַנישער אימפעריע, אָבער איהם איז קוים געלונגען אונטערצוואוארפען אונטער זיין מאכט סיריען און עגיפּטען. אין דער צייט, ווען זיין זוהן וואליד דער 1טער האָט רעגירט (705—715), האָט די אראבישע מאכט דער־לאַנגט איהר העכסטע שטופע. די ארמעע פון דיזען כאליף האָבען געהאַט נצחונות אין 3 וועלט־טיילען. עס זיינען בעזיגט געוואָרען פיעלע לענדער ארום קאספּישען מעער; דער קריגס־קאָמאַנדיר מוסלימא האָט איינגענומען קליין־אזיען: מוסא האָט איינגענומען די מאוורען אין צפון־אפריקא און האָט זיי געצוואונגען אָנצונעהמען דעם איסלאַם און די אראבישע שפּראַך. שפּעטער האָבען די אראבער זייערע וואפען אריבערגעטראָגען אויך אין סי־ציליען און איטאליען. רוים אָבער האָבען זיי ניט געקענט נעהמען. דיזעס האָט רוים צו פערדאנקען דער גרויסער מיה און ענערגיע פון דעם פּאַפּסט לעאָ דעם 4טען. אין א שלאכט ביי אָסטיא איז די מוסולמאנישע פלאָטע פון די רוימער בעזיגט געוואָרען.

זינט דעם יאָהר 711 האָבען זיך די אראבער בעפעסטיגט אין שפּאניען. פריהער, אין יאָהר 710, האָט דער אויבער־קאָמאַנדיר מוסא געשיקט טא־ריק'ן נאָך שפּאניען אום פּארצובערייטען די נעטיגע זאכען פיר א גרויסע אונטערנעהמונג. דעם נעכסטען פריהלינג איז ער געקומען אהין, האָט בעפעסטיגט א מעכטיגען פעלז, וועלכען ער האָט א נאָמען געגעבען געבעל־אל־טאריק (דאָס זעלבע וואָס גיבראלטאר), און האָט זיך נאָך דעם מיט זיין גרויסער מאכט אָפּגעשטעלט אין די פעלדער פון קסערקסעס דעלא פראָנטערא. אלס דער וועסט־גאָטישער קעניג ראָדעריך האָט זיך דער־וואוסט פון דער געפאהר, האָט ער צוזאמענגעקליבען אן ארמעע פון 100,000 מאן, די בעסטע און טיכטיגסטע קריגער פון זיין פאָלק. טאריק האָט מעהר ניט געהאַט ווי 12,000 סאראצענען, וועלכע זיינען בעשטאנען פון קריסטען, וואָס זיינען איבערגעגאנגען צום איסלאַם. דאָס איז געווען ניט מעהר, ווי א באנדע פון האלב־נאַקעטע רויבער. מיט דיזער קליינער ארמעע האָט ער געוואגט ארויסצוטרעטען געגען ראָדעריך'ן מיט זיין גרויסער מאכט. זיבען טעג האָט געדויערט די שלאכט, וועלכע איז געווען זעהר בלוטיג. אָנפאנגס איז דער ערפאָלג געווען צווייפעלהאַפט. פּלוצלינג זיינען די פּרינצען מיט זייער אָנקעל אָפּפּאס ארויס פון זייערע רייהעס און זיינען אריבער צו די אראבער אויס ראכע, פארוואָס מען האָט זיי אויסגעשלאָסען פון דעם רעכט דעם טראָן ווען עס איז צו בעשטייגען. דיזער איבערגאנג איז געווען נאָך

וויכטיגער דערמיט, וואָס דער אָנקעל אָפּפּאַס איז געוועזן דער בישאָף פון סעווילאַ. דיזער פערראַט איז געוועזן אַ טויט־קלאַפּ פיר די וועסט־גאָטען. ראָדעריך האָט זעלבסט קיין אָנטייל אין קאַמף ניט גענומען. ער האָט נאָר געקוקט פון ווייטען וואָס דאָרט אויף׳ן שלאַכט־פעלד איז פאָרגעקומען. און ווען ער האָט דערזעהן, דאָס די אַראַבער האָבען געזיגט, איז ער ענטלאָפען. ער איז אָבער אויף׳ן וועג דערטרונקען געוואָרען אין דעם טייך גוואַדאַלקוויוויר.

נאָך דעם גרויסען זיג איז צו טאַריק׳ן צוגעקומען מוסאַ מיט אַ גרויסער מאַכט און האָט אָהן שום הינדערנים אונטערגעוואָרפען דאָס גאַנצע לאַנד. אין אַלע שטעדט, וואוהין די אַראַבער זיינען געקומען, אויסער ס ע ו ו י ל אַ און מ ע ר י ד אַ, האָבען די איינוואוינער זעהר פריינדליך בעגעגענט די אַראַבישע אַרמעע און האָבען פערשפּראָכען טרייהייט צום כאַליף. צו דיזען זיג האָט פיעל געהאָלפען דער אומשטאַנד, וואָס די איינוואוינער פון שפּאַניען זיינען צווישען זיך אַליין געווען צוריסען. נאָר אין אַ ס ט ו ר י ע ן איז נאָך געבליבען אַ קליינער רעסט פון דער מאָנאַרכיע. דאָס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען די מוטיגסטע קעמפּער פון פאָלק. די צאָהל זייערע איז געווען קליין, אָבער דיזע אַלע זיינען געווען מוטיגע אונערשראָקענע העלדען, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דעם בעפעהל פון דעם העלד פּ ע ל אַ י אָ. יאָהרען־לאַנג האָבען זיי אונערמידליך געשטריטען געגען די סאַראַצענען. זייער ליבע צום פאָטערלאַנד און זייער בעגייסטערונג פיר דעם קריסטליכען גלויבען האָבען זיי איבערגעגעבען צו זייערע קינדער און שפּעטערע דורות, און ענדליך איז זיי געלונגען צו גרינדען אַ נייעם קריסטליכעם רייך, וועלכעס האָט מיט דער צייט אין גאַנצען די אַראַבער פערטריבען פון שפּאַניען.

נאָך וואַליד דעם 1טען, וועלכער האָט געהאַט אַ בעזונדערע נייגונג צו בויקונסט, איז אַרויף אויף׳ן טראָן זיין ברודער ס ו ל י י מ אַ ן (715—717). אונטער איהם און זיינע נאָכפאָלגער זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד שרעקליכע אונרוהען און אויפשטאַנדען. די אורזאַך פון דיזע אונרוהען איז געווען, וואָס די מיטגלידער פון דער פאַמיליע אַ ב ב אַ ס, מאַחמעד׳ס אָנקעל, האָבען אָנגעפאַנגען פּרעטענדירען, דאָס די מלוכה געהערט צו זיי, ניט צו די אָמעיאַדען. אַ ב ע ל אַ ל ל אַ ה אַ ב ו ל אַ ב ב אַ ס, וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער הויפּט פון די אַבבאַסידען, האָט אַרויסגערופען מ ע ר ו ו אַ ן ד ע ם 2 ט ע ן (745—752) אויף אַ שטרייט ניט ווייט פון די חורבות פון נינוה ביים טייך צ אַ ב. דער קאַמף איז געווען אַ בלוטיגער און מערוואַן איז אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. מערוואַן איז ענטלאָפען נאָך עגיפּטען, מען האָט איהם אָבער דאָרט געפאַנגען און געטויטעט. דער

בלוט־דורסטיגער אָנקעל פון אַבבאַס'ן, אַ ב ד אַ ל ל אַ ה, האָט שרעקליך פערפאָלגט אַלע אָמעיאַדען און האָט זיי אין גאַנצען פערניכטעט. ער האָט די אַלע מיטגלידער פון דער אָמעיאַדען־פאַמיליע פערנאַרט אין באַגדאַד דורך דעם, וואָס ער האָט זיי פערשפּראָכען פאָלשטענדיגע פערצייהונג און צוריק אָפּגעבען זיי זייערע קאָנפיסקירטע גיטער. אין באַגדאַד האָט ער פיר זיי געמאַכט אַ רייכע מאָהלצייט און אין דער צייט, ווען זיי האָבען זיך משמח געווען ביים עסען און טרינקען, האָט ער זיי אַלעמען ביז איינעם ערמאָרדעט. נאָר איינער האָט זיך גערעטעט פון דיזער בעריהמטער פאַמיליע. נעמליך אַ ב ד ע ר ר אַ ח מ אַ ן, דער עניקעל פון מואַוויאַ דעם 1טען. ער איז אַוועק נאָך שפּאַניען און האָט דאָרט געגרינדעט אַ זעלבשטענדיגען כאַליפאַט. דיזער כאַליפאַט האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון קונסט און ווי־סענשאַפט אין די צייטען פון אַ ב ד ע ר ר אַ ח מ אַ ן ד ע ם 3 ט ע ן (912—961) און פון זיין זוהן ה אַ ק ע ם ד ע ם 1ט ע ן (961—976).

דער וויכטיגסטער פון זיינע נאָכפאָלגער איז געווען ה אַ ר ו ן ־ אַ ל ־ ר אַ ש י ד (786—809). ער האָט געלעבט און געווירקט אין דער זעלבער צייט, ווען אין אייראָפּאַ האָט געהערשט דער בעריהמטער קייזער קאַרל דער גרויסער. האַרון־אַל־ראַשיד האָט צו איהם געשיקט אַ געזאַנדטשאַפט אום מיט איהם פערבינדונגען צו מאַכען. די אַראַבער רעכנען זיין רעגירונגס־צייט פיר די גלענצענדסטע אין דער געשיכטע פון איסלאַם. האַרון־אַל־ראַשיד האָט געהאַט גרויסע נצחונות אין זיין קאַמף מיט אַנדערע פעלקער. ער האָט איינגענומען קליין־אַזיען און האָט איינינע מאָל בעזיגט די ביצאַנטישע אַר־מעען און האָט אויך קאָנסטאַנטינאָפּעל געדראָהעט צו בעלאַגערן, אָבער ניט דיזעס איז די אורזאַך פון זיין וויכטיגקייט ביי די אַראַבער. איבערהויפּט איז עס דער גרויסער און וואונדערבאַרער כאַראַקטער פון דיזען בעריהמטען כאַליף, וואָס האָט איהם אַזוי בעליבט געמאַכט ביי די אַראַבער און זויך אין דער וועלט. זעהר פיעלע לידער זיינען פערפאַסט געוואָרען וועגען איהם. זעהר פיעלע זאַגעס ערצעהלען וועגען זיין לעבען, זיין האַנדלען און טאָן, און אַלע ערצעהלען נאָר זיין קראַפט, זיין גוטסקייט, זיין גערעכטיגקייט, זיין חכמה, זיין ליבע צו קונסט און וויסענשאַפט. די שריפטשטעלער בע־וואונדערן דעם גלאַנץ פון זיין הויף, די פּראַכט פון זיין רעזידענץ־שטאָדט. דיזעס איז אָבער ניט איינשטימיג מיט די ריכטיגע בעריכטען, וואָס די היס־טאָריע גיט אונז וועגען איהם.

נאָך דעם טויט פון האַרון־אַל־ראַשיד האָט דאָס איסלאַמישע רייך אָנ־געפאַנגען צו זינקען. די הויפּט אורזאַך דערפון איז געווען וואָס דאָס רייך

איז צוטיילט געוואָרען נאָך זיין טויט צווישען זיינע דריי זיהן, וועלכע האָ-
בען געשטריטען צווישען זיך או האָבען פעראורזאַכט אונאויפהערליכע ביר-
גער־קריגען. דערצו האָבען די הערשער אין יענער צייט פעראורזאַכט אַ
יקרות אויף אַלע לעבענסמיטלען דורך דעם, וואָס זיי האָבען אַרויפגעלעגט
גרויסע אָפּצאָהלונגען אויף אַלע נעטיגע זאַכען צום לעבען. די שטייערן,
וואָס דאָס פאָלק האָט געמוזט צאָהלען צו דער רעגירונג פון בערג־ווערק און
פּאַשע־ערטער, האָבען בעטראָפען מעהר פון אַ פינפטעל פון די איינקונפטען,
און די שטייערן פון די ערד־פּראָדוקטען האָבען איבערשטיגען די העלפט
פון דעם, וואָס עס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען. די אורזאַכען פון דיזע
הויכע שטייערן און אָפּגאַבען איז פון איין זייט געווען דאָס פערשווענדערישע
לעבען פון דעם הויף פון די כאַליפען, און פון דער אַנדערער זייט — דאָס
שלעכטע סיסטעם, וואָס איז געווען איינגעפיהרט איינצונעהמען דיזע שטייערן
און אָפּגאַבען. דאָס סיסטעם איז געווען זעהר עהנליך צו דעם רוימישען
אָפּצאָהל־סיסטעם. די איינקונפטען פון די אָפּצאָהלונגען פון גאַנצע פּראָווינ-
צען פלעגען איבערגעגעבען ווערען צו איין פּערזאָן, וועלכע האָט פיר געוויסע
פערדינסטען אָדער פשוט פיר געלט געהאַט חן אין די אויגען פון דעם הער-
שער. דיזע פּערזאָן איז געווען פערפליכטעט אַריינצוברענגען אין די רעגי-
רונגס־קאַסע אַ געוויסע סומע יעהרליך און האָט געהאַט דאָס רעכט צו זאַמ-
לען שטייערן אַזוי פיעל, ווי עס האָט זיך געלאָזען. עס פערשטעהט זיך,
דאָס דיזע פּערזאָן האָט געזוכט מיט אַלערליי מיטלען צו פערגרעסערן איהרע
איינקונפטען, ניט אַכטענדיג אויב די מיטלען זיינען געווען גערעכטע אָדער
אונגערעכטע, און די רעגירונג האָט געמוזט העלפען דורכפיהרען די שטייערן־
זאַמלונג מיט שטרענגע מיטלען אום וואָס מעהר געלט אָדער נאַטור־שטייער
אויסצופרעסען פון פאָלק. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס דאָס
פאָלק איז אימער מעהר געזונקען אין אָרימקייט.

אין דעם יאָהר 909 איז די איינהייט פון דער מאַחמעדאַנישען רייך אין
גאַנצען אונטערגעגאַנגען. די מיטגלידער פון דער פאַמיליע פון פאַטימאַ,
וועלכע האָבען שוין פריהער געגרינדעט אַ רייך אין צפון־אַפריקאַ, האָבען
שפּעטער געבראַכט אונטער זייער מאַכט אויך עגיפּטען און סיריען. מזרח־
פּערסיען איז געוואָרען אַ בעזונדער כאַליפאַט, און שפּאַניען האָט אויך געביל-
דעט אַ בעזונדער רייך אונטער אַ זעלבשטענדיגען עמיר. אין די הענט פון
די כאַליפען פון באַגדאַד איז נאָר געבליבען באַגדאַד מיט איניגע שטעדט
פון דער אומגעגענד, און די איבריגע פּראָווינצען, וואָס האָבען געהער'ט צו
באַגדאַד האָבען אָנדערע צוגענומען, נעמליך די ס ע ל ד ז ש ו ק ע ן, אָדער

די טערקען, וועלכע האָבען אין יענער צייט בעדרענגט דאָס רייך פון די כאַלי־פען. אין אַ קורצער צייט נאָך דעם האָבען זיי עס אין גאַנצען בעזיגט. דאָס איז פאָרגעקומען ווען דער אבבאַסיד ר ה אַ ד י (934—940) האָט איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער דאָס מיליטער צו דעם סעלדזשוק א ב ן ר אַ י ע ק, און האָט איהם געגעבען דעם טיטעל ע מ י ר אַ ל אָ מ ר אַ, ד. ה. דער פירסט איבער אַלע פירסטען, פיר זיך אַליין האָט דער אבבאַסיד רהאַדי איבערגעלאָזען די פיהרונג פון די רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד. דערמיט האָבען די טערקען געהאַט אין זייערע הענט די



קאַרל דער גרויסער נעהמט־אויף האַרון־אַל־ראַשיד'ס געזאַנדטען.

גאַנצע מאַכט פון לאַנד, הגם נאָך ניט אָפיציעל. ביסלאַכווייז איז די מאַכט אויך אָפיציעל צו זיי איבערגעגאַנגען און אין יאָהר 1538 האָבען די טערקישע סולטאַנען אָנגעפאַנגען צו טראָגען דעם טיטעל כאַליף.

די גאַנצע געשיכטע פון די אַראַבער ערשיינט ווי אַן אייניציגע גרויסע טאַט, וועלכע האָט קיין צוזאַמענהאַנג ניט מיט זייער פערגאַנגענהייט און זייער צוקונפט און איז בלויז מיט אַ בליק אויף די געגענוואַרט אַריין אין לעבען און פערשוואונדען געוואָרען. דער אַראַבער האָט שנעל, אָבער בלינ־

ערפילט די בעפעהלען פון זיין גאָט, אָבער קוים האָט ער געבראַכט די וועלט פון זיין צייט אונטער זיין מאַכט האָט ער מעהר ניט געזוכט קיין מיטלען זי אָנצוהאַלטען אין דער צוקונפט, אָדער ער האָט געזוכט, נאָר ער האָט ניט געקענט געפינען, ווייל עס האָט איהם געפעהלט די גרונדלאַגע פון פרייהייט. און דעריבער האָט נאָך אַ פערלויף פון אייניגע הונדערט יאָהר דער שטאָלצער געביי אַנגעפאַנגען צו פאַלען. די אורזאַכען פון דיזער איינצעלנער ערשיינונג אין דער געשיכטע זיינען געווען פערשיידענע. ערסטענס איז עס דער כאַראַק-טער פון אַראַבישען פאָלק און פון איסלאַמיזם זעלבסט. עס איז זעהר נאַטיר-ליך געווען, וואָס די קריגערישע אַראַבער מיט זייער נאַטירליכער אונגעבראָכע-נער קראַפט האָבען לייכט צוריסען אין שטיקער די לענדער פון די מערב־פעל-קער, וועלכע זיינען שוין געווען מעהר אָפּגעשוואַכט פון זייער אויסגעלאַסענעם הולטייסקען לעבען. די אויסזיכטען אויף עהרע און רוהם איז געווען גענוג אויפ-צומונטערן דעם שטאָלצען זוהן פון דער וויסטע צו גרויסע אונטערנעהמונגען. די רעליגיאָן האָט פערשפּראָכען דעם אַראַבער, וואָס איז געפאַלען אין קריג פיר זיין אַללאַה, אַזעלכע גליקען און פערגניגענס, געגען וועלכע אַלע ערדישע פערגניגענס האָבען קיין שום בעגייסטערונג ניט. די רעליגיאָן האָט צוגעזאָגט דעם אַראַבער, וואָס זיין הערץ ברענט אימער פיר ליבע, וועלכע עס איז איהם כמעט אונמעגליך צופרידענצושטעלען אויף דיזער זינדיגער וועלט, — אַ גרוי-סע צאָהל פון שענע פרויען מיט שווארצע לאַנגע האָאָר, מיט אַלאַבאַסטער־ווייסע קערפּערס, מיט שענע רעגעלמעסיגע גלידער, אַלס בעלוינונג פיר זיין אָפּפערן דאָס לעבען אין קאַמף פיר זיין אַללאַה. וואָס איז דער וואונדער, ווען דיזער אַראַבער איז מיט גרויס מוט, מיט אינערליכע האָפנונג און פרייד געגאַנגען אין שלאַכט, וועלכע איז פיר איהם געווען דאָס בעסטע מיטעל צו-דערגרייכען דאָס הימלישע גליק, צו וועלכען ער האָט אַזוי שטאַרק געשטרעבט. אָבער אויסער דער הימלישער בעלוינונג האָט דער שטרייט אויך פערשפּראָכען בעלוינונג אויף דיזער וועלט. לויט די געזעצען פון קאָראַן זאָל דער רויב, וואָס די קריגער בעקומען אין שלאַכט, צוטיילט ווערען אונטער די קריגער, נאָר איין פינפטעל דערפון זאָל אַרונטערגענומען ווערען פיר די רעגירונג. אמת, דאָס איינגענומענע לאַנד פון די אונגליקליכע האָט דער קאָראַן פערבאָ-טען ביי זיי אָפּצונעהמען, אָבער זיי האָבען בעדאַרפט געוויסע שטייערן צאָה-לען צו דער קאַסע פון די כאַליפען, און די איינקונפטען זיינען צוטיילט גע-וואָרען צווישען די קריגער, וואָס האָבען אַריינגעבראַכט זיגער־רויב צו דער רעגירונג.

אבער דער וויכטיגסטער גרונד צו דער פערברייטונג פון דעם אראבער-טום איז, דאס די אראבער זיינען געווען די טרעגער און פערשפרייטער פון פארטשריט און קולטור. ניט דער שווערד אליין איז עס געווען, וואס האט זיי געגעבען די מעגליכקייט די וועלט צו אונטערוואַרפען. נאר די ארבייט. אין מיטען צווישען די ארמעען האבען זיך אויך בעוועגט די קאראוואנען מיט זייערע סחורות. ווייל די קריגער האבען אויך געשיצט דעם קויפמאן, וועלכער האט געפיהרט אין אנדערע לענדער די פראדוקטען פון זייער לאנד צו פערקויפען, און האבען דערמיט געהאלפען דער ארבייט. איבעראל, וואו-הין דער אראבער איז געקומען, האט ער פערוואנדעלט די וויסטע אין בליהענדע פעלדער. פערברענטע שטעדט און אלטע חורבות זיינען געווארען פאלאצען און איבעראל האבען זיך פערשפרייט אקערבויער, בעארבייטער פון וויינגארטענס און ערציהער פון פיה. מלאכות פון אלערליי ארטען זיינען געגאנגען האנט אין האנט מיט קונסטווערק, און דער קויפמאן האט געוואנדערט צוזאמען מיט דעם פילגער-צוג (עולי רגל) און אונטער זיין שוץ. דער ארכיטעקט האט אי-בעראל אויפגעשטעלט פרעכטיגע פאלאצען און מאשעען (מאחמעדאנישע גע-בעט-הייזער), דער דיכטער האט בעזונגען די גבורות פון די העלדען אדער דעם הימלישען רייץ פון דער ליבע, אדער ער האט געלאזען זיין פאנטאזיע זיך צו-שפילען אין צויבערהאפטע ערשיינונגען און וואונדער-מעשיות; דער געלעהר-טער און דער דענקער האבען זיך געגריבעלט אין די ביכער פון דער פארצייטי-גער וויסענשאפט און זי בעלייכטעט מיט א נייער זון. קורץ, איבעראל האט געהערשט לעבען און בעוועגונג, איבעראל האבען זיך געווארפען אין די אויגען מאטעריעלעס גליק און צופרידענהייט צוזאמען מיט גייסטיגען שטרעבען, אי-בעראל האבען די אראבער געזעעט זוימען פון הויכער קולטור און געלעגט א פונדאמענט צו א העכערער זיטליכקייט, אפילו צווישען די ווילדעסטע פעל-קערשאפטען. עס זיינען נאך עד היום צו מערקען די שפורען פון יענער גרויס-ארטיגער קולטור, און בעזונדערס, ווען מיר פערגלייכען די קולטור פון די ארא-בער אין מיטעלאלטער מיט דער קולטור-פיינדליכער ראלע פון דעם אזוי פיעל בעריהמטען קריסטענטום.

## די מאחמעדאנישע קולטור.

אויף די רואינען פון דעם געפאלענעם רוימישען קייזער-רייך האבען די אראבער אויפגעשטעלט א נייע אימפעריע און זיינען געווארען די וויכטיגסטע קולטור-טרעגער פון דער מענשהייט. מאחמעד איז געווען א גרויסער סוחר און האט אליין בעזוכט מיט זיינע וואארע די גרעסטע מארק-פלעצער פון

אַקאַדי ביי מעקקאַ און האדראַמאַוט. ער האָט ניט פערכאַכטעט די מאַטע-ריעלע זייט פון לעבען און האָט ניט געגעבען קיין פּאָרצוג דעם אידעאַל, נאָר ער האָט געזוכט צו פעראייניגען די פּראַקטישע זייט פון לעבען מיט דעם געווינשטען אידעאַל, ווי ווייט דיזעס איז נאָר מעגליך געווען צו טאָן און ווי ווייט זיין צייט האָט ערלויבט דורכצופיהרען דיזע פעראייניגונג פון מאַ-טעריאַל מיט אידעאַל, פון פּראַקטישען מיט גייסטיגען שטרעבען. זיינע נאָכפאָלגער האָבען געקענט פיעל טאָן פיר די ענטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע, ווייל דאָס איז ניט געווען געגען די רעליגיעזע פּרינצי-פּען פון דעם גרינדער פון דער נייער רעליגיאָן. די הייליגע קאַאַבאַ (דער מאַחמעדאַנישער טעמפּעל אין מעקקאַ) איז געווען אַ ביישפּיעל פון פעראייניגונג פון רעליגיאָן מיט פּראַקטיק, גייסט מיט מאַטעריאַל. די קאַאַבאַ איז געווען דאָס גרעסטע הייליגטום פיר די מאַחמעדאַנער, אָבער צוזאַמען מיט דעם איז זי אויך געווען איינער פון די גרעסטע האַנדעלס-פּונקטען אין לאַנד. אַרום דער קאַאַבאַ פלעגען זיך צוזאַמענפאָהרען די גרעסטע סוחרים פון לאַנד און אויך פון אַנדערע לענדער אום צו קויפען און פערקויפען זייערע וואַארען.

מען קען מיט רעכט זאָגען, דאָס דער קאָראַן איז די תורה פון דעם סוחר, דאָס די אַראַבער, וועלכע זיינען בעזעעלט מיט דעם גייסט פון האַנדעל פון אייביג אָן, האָבען געשטרעבט דורך דאָס פערשפּרייטען פון דעם קאָראַן אַריינצובלאָזען דעם גייסט פון האַנדעל אין אַלע פעלקער פון דער וועלט און דורך דעם זיי פעראייניגען. ניט נאָר דער איסלאַם האָט בעשאַפען דעם אַראַבישען האַנדעל, נאָר דער האַנדעל האָט בעשאַפען דעם קאָראַן, דאָס איז די אורזאַך, וואָס אין קאָראַן געפינען זיך אַזוי פיעלע בעשטימונגען און געזעצען, וועלכע האָבען אַלס צוועק צו ערלייכטערן דעם פערקעהר פון מסחר. דער קאָראַן לעגט אַרויף אַ פליכט אויף יעדען פון זיינע בעקענער צו זיין גאַסטפריינדליך געגען רייזענדע קויפלייט; ער פאָדערט, מען זאָל גראָבען נייע ברונענס אין דער וויסטע און אויפפּאַסען אויף די אַלטע, און אַנדערע מיטלען, וואָס זאָלען ערלייכטערן דעם וואַנדערנדען סוחר זיין רייזע דורך די וויסטע. דער קאָראַן לעגט אַרויף אַ פליכט אויף די רעגירונג צו בויען נייע גוטע שאָסעען, שטעלען אויף זיי מיילען-צייגער, גאַסטהייזער און אַנ-דערע וויכטיגע זאַכען פיר דעם האַנדעל. קורץ, דער קאָראַן איז דער בעסטער בעשיצער פון דעם האַנדעל. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער האַנדעל און צוזאַמען מיט איהם דער אַקערבוי און די פּראָדוקציאָן האָבען זיך אַזוי שנעל עפּטוויקעלט אין אַלע לענדער, וואו די אַראַבער האָבען פער-

שפרייט זייער נייע רעליגיאן. קיין וואונדער ניט, וואס דארט האבען זיך ענטוויקעלט קונסט און וויסענשאפט אזוי געשווינד, ווי מיט א צויבערקראפט, ניט נאר אין די גרויסע צענטערן, וואו די כאליפען האבען געהאט זייערע רעזידענצען, ווי דמשק און באגדאד, נאר אויך אין די ווייטע אפגעלעגענע געגענדען. מאחמעד, דער אראבישער קויפמאן, האט וואונדערבאר שפעקולירט. דורך דעם קאראן האט ער פעראייניגט די פירשיידענע אראבישע שטאמען אין איין נאציאן, ער האט געשיקט קריגער צו פערשפרייטען דעם קאראן אין אנדערע לענדער, ער האט אבער אין דער זעלבער צייט אויך געשאפען נייע האנדעלס־פונקטען צום אפזעצען די פראדוקטען פון אראביען און פון אנדערע לענדער און האט געזוכט צו פעראייניגען נאציאנען דורך א גרויסען וועלט־פערקעהר. מיר קענען ניט פערזיכערן, דאס מאחמעד האט דאס אלץ געטאן מיט א כיוון, אבער עס איז דא א גרונד צו רעכנען, דאס ער האט עס געטאן אינסטינקט־מעסיג. אין דיזער הינזיכט זיינען די אראבער זעהר עהנליך צו די פעניציער. דאס וואס די פעניציער האבען געטאן פיר דאס אלטערטום, דאס זעלבע האבען די אראבער געטאן פיר די פעלקער פון מיטעל־אלטער. דיזעס איז ניט צופעליג. די אראבער און די פעניציער געהערען צו איינער און דער זעלבער ראסע, די געאגראפישע לאגע פון ביידע לענדער, פון אראביען און פעניציען, זיינען אויך זעהר עהנליך איינע צו דער אנדערער; ביידע געפינען זיך אין דער מיט פון די קולטור־פעלקער פון מזרח און מערב און זיינען ביידע ווי געשאפען ספעציעל צום טויש־האנדעל פון די פראדוקטען פון מזרח און מערב.

דער מיטעלפונקט פון האנדעל אין אזיען איז דמשק און באגדאד. דמשק געפינט זיך אין זעהר א פרוכטבארער עבענע און שטעהט אויף דער גרויסער קעניגליכער שטראס (שאסעע), וואס פיהרט די קאראוואנען נאך מעקקא. צוזאמען מיט די רייכע פראדוקטען פון דעם פרוכטבארען ארט האט זיך אין דמשק אויך ענטוויקעלט א זעהר לעבעדיגע טעטיגקייט פון מאנופאקטור. פערשיידענע וואפען, סאמעט, זיידענס, לעדער, פערשיידענע פערפומעס פיר פרויען־טואלעטע האבען צוגעצויגען צו איהר א זעהר גרויסע מענגע סוחרים פון דער גאנצער דאמאלס בעוואוסטער וועלט. דמשק איז געבליבען א וויכטיגער בליהענדער האנדעלס־פונקט אויך נאך דעם, ווי די כאליפען האבען איבערגעטראגען זייער רעזידענץ אין באגדאד און האבען פערלאזען די אלטע הויפט־שטאדט.

איהר העכסטען רוהם האט די אלטע שטאדט דמשק דערגרייכט אין די צייטען פון הארון־אל־ראשיד אין 9טען יאהרהונדערט. דיזע שטאדט איז נאך

היינט־צו־טאָג אַרומגערינגעלט מיט אַ צויבער־גלאַנץ אין די זאַגעס פון „טויזענד און איין נאַכט". לעזענדיג דיזע וואונדער־מעשיות ווערט אין אונזער פאַנטאַזיי ווידער אויפגעלעבט די אַלטע צויבערהאַפטע בבל. און באמת האָט דיזע כאַליפען־רעזידענץ איבערשטראַהלט מיט איהר גלאַנץ, רייכטום, בילדונג און געלעהרזאַמקייט אַלע שטעדט אין אזיען. ווי אין דער אַלטער בבל זיינען אויך אין דמשק און נאָכדעם אין באַגדאַד געווען הענגענדע גאָרטענס, רזיגע וואַסער־ווערק און קאַנאַלען, קאָלאָסאַלע פּראַכט־געבייען, לוקסוס, שווענדעריי און בליהענדער האַנדעלס־פערקעהר אויף'ן וואַסער און אויף דער יבשה. אַלץ האָט זיך אין דמשק און אין באַגדאַד ווידער געפונען, וואָס עס איז געווען אין דער אַלטער בבל, מיט דעם אונטערשייד, דאָס די אַראַבער, וועלכע זיינען אין גייסטיגער בילדונג געשטאַנען פיעל העכער פון די אַלטע באַבילאָניער און זיינען געווען מעהר וויסענשאַפטליך פון זיי, האָבען זייערע רעזידענצען נאָך פיעל מעהר פערפיינערט. באַגדאַד'ס גאָלד־ און זילבער־וואַרען, איהרע בעריהמטע זיידענע און וואָלענע קליידער־שטאָפען, איהרע שטיקערייען, ליימענע כלים, זיינען געווען געשעצטע און געזוכטע אַרטיקלען אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט פון יענער צייט. צו די באַזאַרען פון באַגדאַד פלעגען די פעלקער פון אַלע לענדער ברייגנען זייערע בעסטע פּראָדוקטען, ווי היינט אויף אַן אויסשטעלונג. אויך אַנדערע שטעדט, ווי מאָזול, נעזיבים (נציבין), האָבען ענטוויקעלט אַ זעהר לעבהאַפטע פאַבריק־טעטיגקייט. אין דער שטאָדט באַסאָראַ (בצרה), וואָס איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, וואו די ביידע גרויסע טייכען פּרת און חדקל פעראייניגען זיך און פאַלען אריין אין ים, איז געווען אַן אונגעהייערער האַנדעלס־פערקעהר. מען האָט פון דאָרט איבער־אַ־ניים געעפענט די אַלטע וועגען, וואָס זיינען געווען פערלאָזען אין פערלויף פון פיעלע יאָהרהונדערטער. ביז אינדיען און כינאַ זיינען געגאַנגען די פערבינדונגען פון די אַראַבישע קויפלייט. איבעראַל האָבען די אַראַבער פערשפּרייט זייער האַנדעל, איבעראַל האָבען זיי געהאַט אַגענטען און קאָלאָניעס, וואָס האָבען זיי געהאָלפען פערגרעסערן דעם מסחר. אין מזרח־אינדיען האָבען זיי געהאַט אַ קאָלאָניע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 20,000 סוחרים און זייערע געהילפען; אויך אויף דער אינזעל צייכלאָן, אויף די סונדאַ־אינזלען, אין סיאַם און טאָנקין זיינען געווען אַראַבישע קאָלאָניעס. די פּראָדוקטען, וואָס די אַראַבער פלעגען ברייגנען פון יענע לענדער זיינען געווען: עדעלשטיינער, פּערל, זייד, באַוועל, מוסעלין, צימרינג, קאָקאָס־נים, פעפער, קאַמפער, אינדיגאָ, סאַנדעל־האָלץ, עבען־האָלץ, העלפאַנד־ביין און פיעלע אַנדערע זאַכען.

אין די שטעדט אַרום דעם מיטלענדישען ים איז דער האַנדעל פון די אַראַבער ניט געווען אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט, ווי אין די אַזיאַטישע געגענדען, ווייל דאָרט האָבען זיי געפונען שטאַרקע קאָנקורענטען אין די איטאַליענער. אָבער אויך דאָ איז זייער האַנדעל געווען שטאַרק פערשפּרייט. דורך דעם גיבראַלטאַר פלעגען זיי אַריינפאָהרען אין אַטלאַנטישען אָצעאַן, זיי פלעגען קומען מיט זייערע שיפען און זייערע סחורות צו די אַזאָרישע ווי אויך צו די קאַנאַרישע אינזלען, פון וועלכע די אייראָפּעער האָבען גאָר ניט געוואוסט און האָבען אַזוי גאָר קיין אידעע ניט געהאַט וועגען זייער עקסיסטענץ. איינינגע געשיכטע־שרייבער בעהויפּטען, דאָס די אַראַבער האָבען אַרום דעם אַפריקאַנישען וועלט־טייל געמאַכט אַ רונד־רייזע. אויב דיזע בעהויפּטונג איז ניט ריכטיג אין גאַנצען, איז וועניגסטענס זעהר וואַהרשיינליך, דאָס זיי האָבען בערייזט דעם מזרח־ברעג פון אַפריקאַ ביז קאַפּפערן־לאַנד, און האָבען איבעראַל אין דיזע געגענדען געגרינדעט קאָלאָניעס אום זייערע פּראָדוקטען אָפּצוזעצען. פון דיזע ערטער פלעגען זיי ברייננגען גאָלד, שילדקרעטשאָלעכץ, העלפאַנד־ביין און אַמברא (אַ סאָרט פּעך). די אַראַבער האָבען געשיקט קאַראַוואַנען אויך נאָך נוביען, אַביסיניען, נאָך סענעגאַל און גאַמביאַ, ניגער־טייך און טשאַד־זעע, און האָבען אין וויטען דרום פון אַפריקאַ געגרינדעט קאָלאָניעס, וועלכע די פּאָרטוגעזען האָבען מיט זעקס הונדערט יאָהר שפּעטער ענטדעקט אַלס אַ נייעס לאַנד.

פיר דאָס אַלטע קולטור־לאַנד עגיפּטען זיינען ווידער אָנגעקומען גליקליכע יאָהרען. דיזע מדינה האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו שפּילען אַ ראָלע אין וועלט־האַנדעל. דער נילוס־טאָל האָט בעקומען אַ קינסטליכעס קאַנאַלסיסטעם און האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו ליפערן דער וועלט זיינע אונערשעפּליכע פּראָדוקטען. אין דרום פון לאַנד האָבען די מינעס געליפערט: אייזען, קופּער, בליי, אַסבעסט, עדעלשטיינער, א. אז. וו. דאָס דעלטאַ־לאַנד האָט באַלד פערברייטערט זיין אינדוסטריע פון שטיקעריי, ליינען־געוועב, זיידען־געוועב, פּרעכטיגע טעפּיכען (קאָוויאָרען). אַלעקסאַנדריען און דאַמיעטטע זיינען געווען די פערמיטלער פון האַנדעל מיט אינדיען, און קאַאירא איז געוואָרען דער זאַמעל־פּונקט פון אַלע אוצרות פון דער וועלט. די קונסטפול בעאַרבייטעטע גאָרטענס מיט שמעקענדע בלומען, די פאַנטאַסטישע אַרכיטעקטור פון פּאַלאַצען און מאָשעען, די רייכע מיט גאָלד דורכגעשטיקטע שטאָפען פון טייערע קליידער, די רייך אויסגעפּוצטע זאַלאָנען, די עדעלשטיינער און טייערע פּאַרפומעס, די קיהלענדע פאָנטאַנען און מאַרמאָרנע באַסיינען צוזאַמען מיט דער שענער זיסער אַראַבישער פּאָעזיע, — האָבען געמאַכט

קאַאירא פיר זיי העראליכסטע און שענסטע שטאָדט פון דעם איסלאָם. דאָס זעלבע קענען מיר זאָגען וועגען די היינטיגע טריפּאָליס, טוניס און אַל-זשיר, ווי אויך וועגען מאַוריטאַניען מיט דער שטאָדט פעז. דיזע שטאָדט איז געווען די גרעסטע און די שענסטע פון אַלע אַראַבישע שטעדט. פעז האָט געצעהלט 90,000 הייזער מיט 785 מאָשעען. אויסער דעם האָט זי געהאַט זעהר פיעלע שולען און אקאַדעמיעס. די הויפּט האַנדעלס-אַרטיקלען אין דיזער שטאָדט זיינען געווען, אויסער די פּראָדוקטען פון דער ערד פון די געגענדען אַרום, פערשיידענע פאַבריקאַציאָנס-אַרבייטען פון גאָלד, מעטאַל, זיידענס און לעדער, פערשיידענע מיצען-געוועבען, זייפען, ווי אויך פיעלע פּראָדוקטען פון אינערער אפריקא, וועלכע פלעגען געבראַכט ווערען אין פעז דורך 'ס ע ד ז ש ע ל מ ע ז א (ט א פ י ל ע ט).

אין שפּאַניען האָבען די אַראַבער אויסגעשטעלט דעם גלענצענדסטען מאָנומענט פון זייער קולטור-פעהיגקייט. דאָס ערסטע האָבען זיי בעוויזען, דאָס אַ דאַנק זייער אמת'ער בילדונג, זיינען זיי געווען טאָלעראַנט און האָ-בען געגעבען רעליגיאָנס-פרייהייט צו אידען און צו קריסטען. ווי מיר האָ-בען עס שוין פריהער ערצעהלט, האָבען די אַראַבער קיינמאָל ניט בערויבט די אייגענטימער פון גרונד און ערד אין די אונטערוואָרפענע לענדער. עס האָט ניט געדויערט קיין 100 יאָהר און דאָס לאַנד שפּאַניען אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וואהרען גן עדן. דורך זייער וואונדערבאַרעם סיסטעם פון בעוועסערונג האָבען זיי בע-שאַפען אַ גלענצענדע פרוכטבאַרקייט אין לאַנד; מען קען זאָגען, דאָס פיע-לעס, וואָס אָנבעטרעפט אגריקולטור און פאַבריקאַציאָן אין שפּאַניען פון היינטיגער צייט, האָט שפּאַניען צו פערדאַנקען די אַראַבער פון יענער גליק-ליכער צייט. פיעלע פון די קאַנאַלען און בעוועסערונגס-מיטלען פון יענער צייט זיינען נאָך היינט דאָ און מען געברויכט זיי נאָך. די טאָלען פון די טיי-כען האָבען געבליהט מיט אַזאַ רייכטום פון פערשיידענע פּראָדוקטען, וואָס מען האָט אין שפּאַניען ניט געזעהן ניט פאַר די אַראַבער, ניט נאָך זיי. איבעראַל זיינען אימער נייע שטעדט ענטשטאַנען, וועלכע האָבען ענטוויקעלט אַ רייכע און לעבהאַפטע אינדוסטריע. עס האָט זיך שנעל פערברייטערט אַ לעבעדיגער האַנדעל מיט וויין, רייז, צוקער, אויל, באַוועל, זייד, וואָל, אַלערליי דרום-פרוכטען, פערשיידענע געוועבען, וואַפען, מעטאַל-אַרבייט א. ד. גל.

די העכסטע שטופע פון בליהונג האָט שפּאַניען דערגרייכט אין דער צייט פון אַבד-ער-ראַחמאַן דעם 2טען, וועלכער האָט געהערשט 50 יאָהר. ווי די אַראַבישע שריפטשטעלער ערצעהלען, האָבען זיך דאַמאָלס אין שפּאַניען

געפונען 6 זעהר גרויסע שטעדט, 80 מיטעלע און 700 קלענערע, אויסער אַן אונגעהייער גרויסער צאָהל דערפער. דער טאָל פון דעם טייך גוואַדאַלקיוויר האָט ענטהאַלטען אין זיך מעהר פון 12,000 אָרטשאַפטען. קאָרדאָוואַ איז געשטאַנען ניט פיעל נידריגער פון דער וועלט־בעריהמטער שטאָדט באַגדאַד. קאָרדאָוואַ האָט געהאַט 28 פאָרשטעדט, 200,000 הייזער, 600 מאָשעען, 500 האָספּיטעלער, 80 עפענטליכע שולען צום לערנען, 600 בעדער פיר דאָס פּובליקום (דאָס ווייזט ווי ריינליך די אַראַבער זיינען געווען!) און איבער אַ מיליאָן איינוואוינער. ניט ווייניגער ווי 130,000 מענשען האָבען זיך ערנעהרט פון זייד־וויבעריי. די גאַסען זיינען געווען גוט געפלאַסטערט און גאַנץ גוט בעלויכטען. די בעלייכטונג דורך לאַנטערנעס האָט זיך געצויגען ווייט אונטער דער שטאָדט, ביי די ברעגען פון דעם טייך גוואַדאַלקוויוויר, וועלכע האָבען געדינט אַלס דער בעסטער שפּאַציר־פּלאַץ פיר דאָס פאָלק. ווי ווייט די אַראַבער זיינען דאַמאָלס אין קולטור געשטאַנען העכער פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, קען דינען אַלס בעסטער בעווייז דער פאַקט, דאָס 700 יאָהר שפּעטער איז נאָך אַפילו אין דער בעריהמטער שטאָדט לאָנדאָן קיין איין לאַנטערנע ניט געווען אין די גאַסען צו בעלייכטען פיר די דורכגעהער, דאָס אין פּאַריז האָט מען מיט 700 יאָהר שפּעטער געבראָדיעט אין טיפע בלאָטעס, ווען עס איז געווען אַ רעגען־צייט, ניט רעדענדיג שוין פון בערלין, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אַ שמוציגער, קליינער פישער־דאָרף. עס איז אויך צו בעוואונדערן די בעקוועמליכקייט פון די וואוינונגען אין אַראַבישען שפּאַניען, ווען מען פערגלייכט זיי מיט די שמוציגע הילצערנע אָדער ליימענע הייזלאַך, און וועלכע אַפילו די אַדעללייט פון אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער האָבען געוואוינט, הייזלאַך וועלכע האָבען קיין פענסטער ניט געהאַט, אַפילו קיין קוימענס ניט, נאָר אַ לאָך אין דאַך, פון וועלכער דער רויך פלעגט אַרויסגעהען, ווי עס איז נאָך צו בעגעגנען אין היינטיגע יאָהרען אין פיעלע דערפער פון רוסלאַנד.

אין גאַנץ אייראָפּאַ זיינען דאַמאָלס נאָר געווען צוויי אוניווערזיטעטען, און אין דער אַראַבישער שפּאַניען זיינען געווען ניט ווייניגער ווי זיבצעהן. פיעלע פון זיי עקסיסטירען נאָך אויך היינט. גרויסע ביבליאָטהעקען זיינען געווען אין דער אַראַבישער שפּאַניען מעהר ווי 70, בשעת אין דער גאַנצער איבריגער אייראָפּאַ איז נאָר איינע געווען. אַלע דיזע אוצרות פון ביכער זיינען געווען פריי אָפען פיר יעדען איינעם פון פאָלק. די צאָהל פון די ביכער אין יעדער ביבליאָטהעק איז געווען זעהר גרויס. די ביבליאָטהעק פון קאָרדאָוואַ אַליין האָט געהאַט מעהר פון 600,000 נומערן. עס איז קיין

וואונדער ניט, דאָס פון אַלע לענדער פלעגען אין די אַראַבישע שפּאַניען שטראָמען מאַסען יונגע לייט, וואָס האָבען געשטרעבט צו וויסען און צו רי-טערליכער אויסבילדונג. ווארום אויך אין ריטערליכקייט איז שפּאַניען, אי-בערהויפּט קאָרדאָוואַ, געווען די בעסטע שולע. דאָ איז געווען דער אָרט, וואו מען האָט פערעהרט שענע פרויען דורך די דיכט־קונסט און פון דאַנען האָט זיך דיזע פערשפּרייט איבער אַלע לענדער פון אייראָפּאַ. די פראַגע, אויב פרויען זאָלען זיך בעטייליגען אין קונסט און וויסענשאַפט, וועלכע איז נאָך היינט צו טאָג ניט אין גאַנצען געלעזט ווי עס געהערט צו זיין, האָבען די אַראַבער שוין לאַנג געלעזט צו גונסטען פון די פרויען, וועלכע האָבען אין דער אַראַבישער שפּאַניען געהאַט דאָס רעכט צוגלייך מיט די מענער צו שטו-דירען אין די אוניווערזיטעטען אַלין, וואָס זייער האַרץ האָט געגלוסט.

איבערהויפּט האָבען די אַראַבער זיך אויסגעצייכענט אין דער מעדיצין, ווייל זייער רעליגיאָן האָט עס זיי ניט פערוועהרט, ווי די קריסטליכע. די אַראַבישע דאָקטוירים זיינען געווען בעוואוסט אין דער וועלט אין יענער צייט מיט די גרויסאַרטיגע אָפּעראַציאָנען, וואָס זיי פלעגען מאַכען. אויך פיר אַנדערע וויסענשאַפטען האָבען זיי פיעל געטאָן צו פערברייטערן זיי אין פאָלק. זיי האָבען איבערזעצט פון גריכיש אין אַראַביש די בעריהמטע ווערק פון אַריסטאָטעלעס'ן, עאוקלידעס'ן, פּטאָלעמאָאוס'ן, גאַלענוס'ן, היפּאָקראַ-טעס'ן. דיזע אַרבייט פון די אַראַבער איז געווען ווי אַ דאָרן אין די אויגען פון די הויכע קריסטליכע גייסטליכע פון יענער צייט. זיי האָבען זיך בעקלאָגט, דאָס די יונגע קריסטען פערוואָרפען די הייליגע שריפט, דאָס נייע טעסטאַ-מענט, זיינען מבזה די ווערק פון די קירכען־פעטער, זיינען פויל צו שטודירען די לאַטיינישע שפּראַך, און גיבען זיך איבער מיט בעזונדערער בעגייסטערונג צו שטודירען אַראַביש. אין אַסטראָנאָמיע, מאַטהעמאַטיק און כעמיע האָ-בען די אַראַבער באַלד איבערשטיגען זייערע גריכישע לעהרער. דורך גענויע בעאָבאַכטונגען אין הימעל און דורך געאָמעטרישע מעסטונגען, האָבען זיי פערגרעסערט די ידיעות פון מאַטהעמאַטישע געאָגראַפיע. אפילו צווישען די גראָבע סעלדזשוקען אין ווייטען מזרח האָבען געבליהט מאַטהעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. באַגדאַד, סאַמאַרקאַנד, בוכאַראַ, הערַאַט און אַנדערע שטעדט האָבען אין יענע צייטען געהאַט גרויסע אָבסערוואַטאָריעס (געביידעס, פון וועלכע מען בעאָבאַכטעט די בעוועגונגען פון די שטערן), אַקאַדעמיעס און ביבליאָטהעקען. זייערע אַסטראָנאָמישע אויסרעכנונגען פון דעם גאַנג פון דער זון און פון דער ווירקליכער ווייטקייט צווישען דער ערד און דער לבנה, אַ זאַך, וואָס איז זעהר וויכטיג פיר אַסטראָנאָמין צו וויסען גענוי, שטימען

מיט די נייע פאָרשונגען און אויסרעכנונגען פון אונזער צייט מיט זעהר קליינע אונטערשיידען. די אראַבער האָבען שוין גענוי אויסגערעכנט ריכטיג אויסצו-רעכנען און אויסצומעסטען די גרויס פון א גראַדוס פון א מערידיאַן פון דער ערד, וואָס צייגט, דאָס זיי האָבען שוין לאַנג געוואוסט, אַז די ערד איז א קוגעל.

די ענטוויקלונג און פערברייטונג פון מאַטהעמאַטיק איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער פערברייטונג פון אַסטראָנאָמיע. די ערפינדונג פון אַל-געברא האָבען מיר צו פערדאַנקען די אַראַבער, ווי עס איז זיך לייכט צו איבערציינגען פון דעם נאָמען זעלבסט פון דיזער וויסענשאַפט. אויך האָבען די אַראַבער געמאַכט וויכטיגע פאָרטשריטען אין געאָמעטריע און טריגאָנאָ-מעטריע. עס איז שווער צו בעשטימען, אויב דאָס איז צו פערדאַנקען זייער אָריגינעלען גייסט, אָדער זיי זיינען אין דיזער הינזיכט נאָר געווען פער-מיטלער פון פרעמדע קולטור-טרעגער. ווענינגסטענס דאָס ווייסען מיר, דאָס די ציפערן, וואָס מיר געברויכען, וועלכע זיינען בעוואוסט מיט דעם נאָמען „אַראַבישע", שטאַמען פון די אינדיער. וואָס פיזיק אָנבעטרעפט האָט אַ ל - ח אַ ס אַ ן ערפונדען דאָס מיטעל צו קענען רעכנען און מעסטען די צייט דורך די שווינגונגען פון פענדולום. דער כאַליף האַרון-אַל-ראַשיד האָט געשיקט קאַרל דעם גרויסען אַ מתנה אַ וואַסער-אוהר, וועלכע מען האָט דאַמאָלס בעוואונדערט צוליב איהר קינסטלערישער מעכאַנישער אַרבייט. דער בעריהמטער פיזיקער אַל-חאַסאַן, וואָס מיר האָבען עבען דערמאָהנט, האָט אויפגעשטעלט אַ טעהאָריע פון דעם חוש פון זעהן, האָט געפּרובּט מעסטען די הויכקייט פון דער לופט און האָט גענוי אויסגערעכענט דאָס ספּעציפישע געוויכט פון פיעלע פערשיידענע קערפּערס (ד. ה. די בעזונדערע געוויכטען פון קערפּערס, וואָס האָבען די זעלבע גרויס, אָבער ניט די זעלבע גע-דיכטקייט), אַ זאַך, וואָס איז זעהר וויכטיג אין דער פיזיק און דער מעכאַ-ניק. די טאַבעלעס, וועלכע דיזער פיזיקער האָט אויפגעשטעלט, זיינען פיעל פּינקטליכער פון די, וועלכע די אייראָפּעאישע געלעהרטע האָבען געהאַט אין די פאָריגע יאָהרהונדערטער.

די כעמיע האָט זיך ענטוויקעלט פון דער אַלכעמיע. דאָס איז געווען אַ מין וויסענשאַפט, דורך וועלכע מען האָט געהאָפט אויסצוגעפינען די קונסט, ווי צו מאַכען גאָלד. צו ענדע פון 8טען יאָהרהונדערט האָבען די אַראַ-בער ענטדעקט סאַלפּעטער-זייערקייט און קעניגס-וואַסער און דערמיט ער-פונדען אַ מיטעל ווי גאָלד אויפצולעזען. אויך די אַרט, ווי צו בעקומען אַלקאָהאָל, פאָספאָר, אויך פולווער, וועלכעס מען האָט שפּעטער אָנגעפאַנגען

צו געברויכען צו קריגס־צוועקען. די אראַבער האָבען שוין לאַנג געוואוסט די קונסט, ווי אַזוי צו מאַכען. די אייראָפּעאישע פעלקער האָבען עס ערפונדען ערסט אין 16טען יאָהרהונדערט. אין דער זאָלאָגיע זיינען זיי ניט ווייטער געגאַנגען פון אריסטאָטעלעס'ן, אָבער אין דער באָטאַניק האָבען די אראַבער פיעל זעלבשטענדיגעס געשאַפען. די אראַבער זיינען געוועזען די ערסטע, וועלכע האָבען אויסגעפונען, דאָס אויך צווישען פלאַנצען זיינען דאָ זכר און נקבה. אויך אין דער פילאָזאָפיע האָבען זיי עטוואָס בעזונדערעס געליפערט, ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהן, ווען מיר וועלען בעהאַנדלען די סכאָלאַסטיק פון מיטעל־אַלטער. זעהר פיעלע בעריהמטע אראַבישע נעמען בעגעגנען מיר אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון געאָגראַפיע. דיזעס האָבען מיר בעדאַרפט ערווארטען פון אַזאַ אונטערנעהמענדען האַנדעלס־פאָלק, ווי די אראַבער.

אָבער לײדער איז די פערברייטונג און ענטוויקלונג פון בילדונג אין דער אראַבישער שפּאַניען געוועזען בעשרענקט אויף אַן ענגען קרייז. דאָס פאָלק האָט וועניג נוצען דערפון געהאַט, הגם עס איז בעוואוסט, דאָס די אראַבער האָבען מעהר פון אַלע אַנדערע פעלקער געגרינדעט פאָלקס־שולען. די אראַבישע קולטור האָט אין דער הינזיכט קיין אויסנאַהמע ניט געמאַכט פון אַלע אַנדערע קולטורען, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט נאָר אין געוויסע פּריווילעגירטע קלאַסען, און די וואָס זיינען געשטאַנען אויסער דיזע מיוחסים זיינען געבליבען אויסגעשלאָסען, און אַזוי ווי אין אונזערע צייטען זעהען מיר נעבען דער העכסטער קולטור די נידריגע שענדליכע אונקולטור, אַזוי איז עס אויך געוועזען ביי די אַלטע אראַבער. מעהר ווי אומעטום האָט מען דאָס אַרויסגעזעהן אין באַגדאַד. אויף איין זייט פון טיגריס האָבען געגלענצט די רייכע פּאַלאַצען פון די אַריסטאָקראַטען, אַרומגערינגעלט מיט אַ ראָמאַנטישער געגענד פול מיט צויבער. די אַנדערע זייט פון טיגריס האָבען בעדעקט די הייזלאַך פון דער אַרבייטער־קלאַס און בעלי מלאכות. גאַנץ ריכטיג, ווי אין אונזערע צייטען זעהען מיר אין די גרויסע שטעדט, ווי נעבען דעם קאָלאָסאַלען רייכטום געפינען זיך מאַסען עלענדע און אָרימע. אויך באַגדאַד, ווי אַלע אַנדערע גרויסע שטעדט פון די אַראַבער, איז געוועזען פול אויף יעדען טריט און שריט מיט מאַסען פון פּראָלעטאַריער, בעטלער, שקלאַפען, וואָס זיינען ענטלאָפען פון זייערע מערדערישע פּריצים, פעראָרימטע אַקערלייט, וועלכע זיינען געוועזען געצוואונגען פערקויפען אָדער פערלאָזען זייערע שטיקלאַך ערד, ווייל זיי האָבען זיי ניט אַריינגעבראַכט גענוג צו דעקען די שווערע אָפּצאָהלונגען צו דער רעגירונג און פיר זיך עטוואָס צו איבערלאָזען. דיזע און נאָך פיעלע אַנ-

דערע אונגליקליכע האָבען געזוכט אין די גרויסע שטעדט אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ צו לעגען און אַ שטיקעל טרוקען ברויט אום דעם הונגער צו שטילען. פיעל האָט געהאָלפען צו פערגרעסערן די צאָהל פון די אָרימע אונגליקליכע און אונצופרידענע די דעספּאָטיע פון דער רעגירונג, וועלכע פלעגט זעהר אָפט פערפאָלגען און פערשיקען רייכע אַריסטאָקראַטען און בירגער, וואָס האָ-



מורישע געמישטע ראַסע צווישען הינדו און אַראַבער.

בען זיך ערלויבט עטוואָס צו בעמערקען וועגען דעם לעבען אין הויף, און מיט זייער פאַל האָבען זיי מיט זיך געשלעפּט אַ גאַנצע אַרמעע פון אונ-גליקליכע, וועלכע זיינען געוועזען אָפּהענגיג פון די פערשיקטע און פערפאָלגטע. אויך אַנדערע אורזאַכען האָבען געהאָלפען צו פערמעהרען און פערגרעסערן

די אָרימקייט, ווי פערשווערונגען און די שטרענגע מיטלען פון דער רעיירונג צו דערשטיקען זיי. דער איינפאַכער רעזולטאַט דערפון איז געווען גרויס'ע אונצופרידענהייט אין פאָלק. די כאַליפען האָבען געזוכט איינצושטילען די אונצופרידענע דורך די זעלבע מיטלען, וואָס רוים האָט בענוצט — דורך גע-בען דער אָרימער קלאַס שטיצע, איבערהויפּט פערטיילען ברויט.

עס איז בעקאַנט, דאָס די אַראַבער האָבען אויך געהאַט שקלאַפען. אין קאָראַן געפינען זיך שטעלעס, אין וועלכע מאַחמעד פערזאָגט, מען זאָל שקלאַפען בעהאַנדלען מילד און מען זאָל זוכען מיטלען זיי צו בעפרייען. „וועד עס שענקט אַ גלויביגען שקלאַף (ד. ה. אַ שקלאַף פון מאַחמעד'ס אָנערקענער) זיין פרייהייט, דער האָט גרויסע פערדינסטען פאַר אַללאַה". ער האָט אויך בעשטימט, דאָס אַ טייל פון דער טאַקסע, וואָס איז בעשטימט פיר שטיצען די אָרימע, זאָל מען געברויכען פיר די בעפרייאונג פון שקלאַפען. ער האָט זיך אָבער ניט אויסגעשפּראָכען פיר די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. מיר האָ-בען ניט קיין גענויע ידיעות, ווי ווייט עס איז ביי זיי געווען פערשפּרייט און ענטוויקעלט די שקלאַפעריי. דאָך מעגען מיר אָננעהמען, דאָס אויך ביי די אַראַבער זיינען די שקלאַפען געווען די עקאָנאָמישע גרונדלאַגע פון דער גע-זעלשאַפט פון יענער צייט.

די אַראַבישע קונסט און ליטעראַטור. די נייע פאָרמע פון רע-ליגיאָנס-דינסט, וואָס דער איסלאַם (מאַחמעדאַנישער גלויבען) האָט מיט זיך געבראַכט, האָט געפאָדערט אַ נייע פאָרמע פון קונסט. ווייל אָבער די אַראַבער האָבען ניט געקענט בעשאַפען אַן אייגענע, אָריגענעלע בוי-קונסט, האָבען זיי זיך געמוזט צופרידען שטעלען מיט דער בויקונסט, וואָס זיי האָ-בען געפונען ביי אַנדערע פעלקער. זיי האָבען געבויט זייערע מאָשעען נאָך דער אַרט פון די ביצאַנטישע גריכען, מיט קופּלען און זיילען, נאָר די זיילען ביי די אַראַבער זיינען געווען העכער און דינער און מיט מעהר פער-צירונגען. איבערהויפּט האָבען זיי געגעבען די אַרקעס, די האַלב-קרייזען, וואָס האָבען פעראייניגט די זיילען, אַ זעהר פערצירטע, פאַנטאַסטישע פאָר-מע, דאָס זעלבע האָבען זיי געטאָן מיט די קופּלען, אום מעהר האַרמאָני'ע צו שאַפען צווישען די פערצירונגען. אין אַלגעמיין האָט געהערשט אין דער אַרכיטעקטור פון די אַראַבער דאָס פּרינציפּ פון דעקראָראַציאָן (פערצירונג).

די מאַורישע *) אַרכיטעקטור אין שפּאַניען איז געווען די זעלבע, ווי די

---

*) די אַראַבער אין שפּאַניען האָט מען אָנגערופען מ אַ ו ר ע ן, ווייל פיעלע פון זייער מיליטער זיינען געווען פון דיזען סעמיטישען פאָלק פון צפון-אַפריקאַ.

אַראַבישע אין אַלע אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבען געהערשט. צווישען די עלטעסטע בויווערק פון די אַראַבער, וואָס זיינען פערבליבען אין שפּאַניען, איז צו דערמאָהנען די מאָשעע פון קאָרדאָווא. נייערע עלעמענטען פון אַר־כיטעקטור איז צו בעמערקען אין דעם קעניגליכען שלאָס פון סעווילאַ, וועל־כער איז בעוואוסט מיט'ן נאָמען אַ ל ק אַ צ אַ ר. דאָ איז דער הויף אַרומ־געריגנעלט פון העהלען און גאַלעריעס. איבער די אַלהאַמבראַ און די ווערק פון דער שפּעטערער צייט וועלען מיר שפּעטער רעדען.

אויך אין אַנדערע לענדער האָט די אַראַבישע קונסט אָנגענומען בעזונ־דערע פאָרמען. איבערהויפּט איז דאָס צו בעמערקען אין אינדיען, וואו די מאַהמעדאַנער האָבען זיך בעזעצט אין גרויסע מאַסען, און האָבען זיך מיט די איינוואוינער אַזוי צוזאַמענגעשמאָלצען, דאָס עס איז פון זיי געוואָרען אַ מיש־ראַסע. זייט דעם 13טען יאָהרהונדערט קאָנקורירען די אַראַבישע גע־ביידעס אין דעלפי (אינדיען) מיט די ריזען־מאַסען און מיט דער פּראַכט פון די אַלט־אינדישע בוי־ווערק. נאָך רייכער און פּרעכטיגער זיינען די גע־ביידעס אין אַגראַ (אינדיען). דאָס גראָבמאַל, וואָס דער שאַך דזאַכעהאַן האָט אויסגעבויט אויף דעם קבר פון זיין פרוי, רעכענט זיך אַלס איינער פון די גרויסע וואונדער פון דער וועלט און איינע פון די שענסטע צירונגען אין אזיען. דער ט אַ ד ז ש (קבר־געביידע) איז אַזוי גרויס, דאָס די גרעסטע אייראָפּעאישע קירכע וואָלט אינעווענינג געקענט אריינגעהן, דאָך איז ער אַזוי קינסטלעריש און אַזוי פּינקטליך אויסגעאַרבייטעט, דאָס ער ערוועקט וואונ־דער און שטוינען אין יעדען צושויער. דאָס בוי־מאַטעריאַל איז בלענדענדער ווייסער מאַרמאָר, אַזוי דאָס ביי פולען זונען־ליכט איז כמעט אונמעגליך זיך צו מאַכען אַ בעגריף וועגען דעם גאַנצען געביי.

דער גרונד־צוג פון אַראַבישער ד י כ ט ק ו נ ס ט איז די ליריק, וועל־כע האָט איהר שענסטען מאָנומענט אין דעם פאָלקס־ליד. פון אַלע פאָלקס־לידער פון אַראַבישען פאָלק לייכט אַרויס שאַרף דער כאַראַקטער פון דעם אַראַבער. אין זיינע לידער דריקט ער אויס לויב צו מוט און ענטשלאָסענהייט, צו ליבע און טרייהייט און גאַסטפריינדשאַפט, אָבער אויך ראַש ווילדע געפיהל פון ראַכע און האַס. יעדע שורה פון דער אַראַבישער פאָלקס־ליריק צייגט אויף די אור־שפּרינגליכע קראַפט פון דיזען פאָלק, פון דער הויכער פאַנטאַזיע, וואָס בעגייסטערט איהם צייטענווייז, און פון דעם בילדער־רייכטום פון דער אַראַבישער שפּראַך. די שענסטע בליהונגס־צייט פון דיזער פאָלקס־פּאָעזיע איז געווען אין דער פעריאָדע פאַר מאַהמעד'ן. אין דער צייט נאָך זיין אויפ־טרעטען אַלס פּראָפעט איז אימער מעהר געשאַפען געוואָרען די קונסט־דיכ־

טונג, וועלכע האָט געלעגט מעהר געוויכט אויף די פאָרמע, אויף די שענע שפּראַך, ווי אויף ליידענשאַפט און געפיהל.

די בעריהמטע דיכטער פון דער שפּעטערער צייט זיינען געוועזן: אַ ס־מ אַ י (געשט. 827), מ אָ נ ט ע נ ע ב ב י (געשט. 965), אַ ב ו נ אָ־ו ו אַ ס און ה אַ ר י ר י (געשט. 1121). אבו נאָוואַס איז דער אַראַבישער היינריך היינע, צו וועלכען ער איז עהנליך אין בייסענדען שפּאָט, אין רייכטום פון בילדער און אין געניאַלער אויפפאַסונג. נאָר אייגענאַרטיג איז דער פּאָעט האַרירי, וועלכער איז געוואָרען בעריהמט דורך זיינע „מאַקאַמעס" אָדער האַלב־פּאָעטישע ערצעהלונגען. פון דיזע האָט זיך אויסגעבילדעט אַ פרייע פאָרמע פון פּאָעזיע, אין וועלכער עס האָבען געקענט איינגעפלאָכטען ווערען זעהר פיעלע קליינע זאַכען.

מיר וועלען שפּעטער אין פערלויף פון אונזער ערצעהלונג נאָך האָבען די געלעגענהייט צו זאָגען עטוואָס מעהר איבער די אַראַבישע קולטור.



דער טאַדזש ביי אַגראַ. (אַראַבישע קברים־געביידעס.)

# כינאַ.

## געשיכטע פון דער טאַנג־דינאַסטיע ביז די מאָנגאָלען זיינען פערטרי־בען געוואָרען (618—1368).

---

אין דער צייט, ווען אין מערב האָבען די גערמאַנישע באַרבאַרען צו־שטערט דעם רעסט פון דער רוימישער קולטור און די גערמאַנען האָ־בען זעלבסט צושטערט זייער אור־שפּרינגליכע פרייהייט און בעשאַפען אַ באָ־דען פיר שרעקליכע פערגוואַלטיגונג און קנעכטשאַפט, אַזוי דאָס די אַראַ־בער אַליין זיינען געבליבען די איינציגע קולטור־טרעגער אין יענע פינסטערע צייטען — זיינען די כינעזער אין ווייטען מזרח געגאַנגען מיט זיכערע שריט אויף דעם וועג פון ענטוויקלונג פון אַרבייט און ווירטשאַפטליכער זעלבשטענ־דיגקייט. מיר ווידערהאָלען, דאָס די אַלע גרויסע נצחונות פון די מערב־פעלקער מיט דעם כבוד, וואָס זיי האָבען זיך פערשאַפט דורך זייערע שלאַכט־פעלדער, ערוועקען אין אונז נאָר אַ געפיהל פון פעראַכטונג. אַ גאַנץ אַנדער כבוד שטעלט אונז פאָר דאָס כינעזישע פאָלק, וועלכעס האָט אין פערלויף פון טויזענדער יאָהרען ערהאַלטען זיין פרייהייט און ווירטשאַפטליכע אונ־אָפּהענגיגקייט. אין דיזער הינזיכט איז כינאַ אַ קאָנטראַסט צו פיעלע אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען פערלאָרען זייער פרייהייט מיט דער ענטוויקלונג פון דער קולטור. כינאַ האָט אין דער לאַנגער פעריאָדע פון איהר געשיכטע ניט בעשאַפען קיין קלאַסען־קולטור, ד. ה. אַ קולטור, וועלכע האָט זיך ענטווי־קעלט נאָר אונטער געוויסע קלאַסען, נאָר זי האָט ענטוויקעלט אַן אַלגעמיינע קולטור. אין דעם פערלויף פון דיזער לאַנגער פעריאָדע פון איהר געשיכטלי־כען לעבען האָט זי ניט געוואוסט פון קיין שקלאַפעריי, פון קיין לייב־אייגענ־שאַפט, פון קיין לוין־שקלאַפעריי, אָדער וועלכער עס איז אַנדערער פערקנעכ־טונג. ווען מיר זאָלען מעסטען דאָס גליק פון דער גאַנצער מענשהייט נאָך דעם מאַטעריעלען צושטאַנד פון יעדען איינצעלנעם מענשען, וועלען מיר קו־מען צום שלום, דאָס כינאַ האָט מעהר פון אַלע פעלקער בייגעטראָגען צום אַלגעמיינעם גליק פון דער מענשהייט. אין אייראָפּאַ שלעפען נאָך היינט 95 פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג אַ זעהר שווערעס לעבען אין אנגסט און

זאָרג, הונגער, עלענד און פערצווייפלונג. די שרעקליכסטע לוין־שקלאַפעריי טרייבט מעהר אַלס די העלפט פון די אייראָפּעער צום פריהצייטיגען טויט. דאָס איז דער רעזולטאַט פון קלאַסען־קולטור. פון אַזאַ צושטאַנד ווייס מען ניט אין כינא, וואו עס הערשט די אַלגעמיינע קולטור.

דער אייראָפּעער ווערט אויסער זיך פון כעס, ווען אימיצער האָט די חוצפּה צו פערגלייכען זיין קולטור מיט דער קולטור פון די לאַנג־צעפּיגע מאָנגאָלען. דער אייראָפּעער שטעלט אַרויס אין פראָנט זיין קונסט און זיין וויסענשאַפט, וועלכע איז נאָך אַזוי יונג, ערסט קוים הונדערט יאָהר אַלט. וואָס פיר אַ ווערט געגען דער יונגער אייראָפּעאישער קולטור האָט די טויזענדער־יעהריגע כינעזישע? אָבער ווער געניסט פון דער אייראָפּעאישער קולטור? אַ זעהר קליינער פּראָצענט, די מאַסע וואַקסט אויס דום ווי אַ טיער. גראַדע דאָס געגענטייל זעהען מיר אין כינא. די קולטור שטעהט אמת פיעל נידריגער פון דער אייראָפּעאישער, אָבער זי איז פערברייטעט אין גלייכער מאָאָס צווישען אַלע קלאַסען; וועגען דעם זאָרגט דאָס אַלגעמיינע שול־וועזען, וועלכעס עקסיסטירט דאָרט זינט טויזענדער יאָהרען. אָבער אויסער קונסט און וויסענשאַפט זיינען נאָך פאַראַן אַנדערע פאַקטאָרען, ד. ה. וויר־קענדע קרעפטען, וועלכע ליגען אין פּאָליטישען, סאָציאַלען און עקאָנאָמישען לעבען. דיזע קולטור־פאַקטאָרען האָבען געבראַכט די כינעזער צו אַ העכערער ענטוויקלונג ווי אַלע אַנדערע פעלקער. די גלייכע רעכטען, וואָס אַלע האָבען דאָרט, די פרייע קאָנקורענץ אין ווירטשאַפטליכען לעבענס־קאַמף האָבען די כינעזער שוין זינט טויזענדער יאָהרען פערווירקליכט אין לעבען. און ווען עס האָט געדראָהעט אַ געפאַהר דיזע פּרינציפּען אומצואוואַרפען, האָבען זיי מיט אויסדויער געקעמפט ווי לייבען פיר זייערע רעכטען און האָבען גע־מאַכט רעוואָלוציאָנען, אין וועלכע מיליאָנען מענשען האָבען זייערע לע־בענס פערלאָרען, רעוואָלוציאָנען, געגען וועלכע די ענגלישע און פראַנצויזישע זיינען פּשוט'ע קינדער־שפּילען געוועזען. דיזע פּרינציפּען פון גלייכע רעכ־טען און פרייער קאָנקורענץ אין ווירטשאַפטליכען לעבענס־קאַמף האָבען די אייראָפּעאישע פעלקער ערסט ניט לאַנג אָנגעפאַנגען צו געבען אַ שוואַכען אויסדרוק אין דער סאָציאַלער בעוועגונג, זיי האָבען נאָך ניט געשלאָגען טיפע וואָרצלען אין לעבען.

די סאָציאַלע רעוואָלוציאָנען אין כינא, וועלכע זיינען איבערהויפּט געווען געריכטעט געגען דער מאַכט פון גרויס גרונד־בעזיץ און האָבען געפאָדערט די ווידער־הערשטעלונג פון דער אַלטער גלייכבערעכטיגונג פון גרונד־בעזיץ, האָבען געקאָסט איבער 100 מיליאָנען מענשען־לעבענס. די גרעסטע און

שטאַרקסטע רעוואָלוציאָנען צוליב דיזען געגענשטאַנד זיינען געווען אין אָנ-פאַנג פון 7טען און צו ענדע פון 8טען יאָהרהונדערט. פון דיזע רעוואָלוציאָ-נען איז די בעפעלקערונג פערקלענערט געוואָרען פון 50 מיליאָן נפשות אויף 8, 15 און 9 מיליאָן. אין יאָהר 760 נ. קר. האָט דאָס כינעזישע פאָלק מיט בלוטיגען שווערד געמאַכט אַן ענד איין מאָל פיר אַלע מאָל פון אַלע בע-דריקונגען און בעשרענקונגען. דאַמאָלס האָבען זיי אויסגעקעמפט יענע עקאָ-נאָמישע פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט, וועלכע זיינען געוואָרען דער גרונד, דער יסוד, אויף וועלכען זיי האָבען שפּעטער אויפגעבויט זייער גאַנצע ענט-וויקלונג, וואָס האָט געמאַכט כינאַ צו דעם צאָהלרייכסטען פאָלק אין דער וועלט. דיזע בעריהמטע זיגרייכע רעוואָלוציאָן האָט קיין גלייכען ניט צו זיך אין דער געשיכטע פון וועלכער עס איז נאַציאָן אין דער וועלט. אום דייטליכער צו זעהן דעם שנעלען צוואוקס און ענטוויקלונגס-גאַנג פון כינעזישען פאָלק, גיבען מיר דאָ אַ ליסטע פון די בעפעלקערונג-צאָהלען, וועלכע זיינען גענומען געוואָרען פון געשיכטליכע קוועלען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 680 | פ. קר. | 19 | מיליאָן |
| 23—24 | „ | 21 | „ |
| 124 | נ. קר. | 49 | „ |
| 155 | „ | 50 | „ |
| 240—220 | „ | 8 | „ |
| 280 | „ | 46 | „ |
| 627 | „ | 15 | „ |
| 754 | „ | 45 | „ |
| 760 | „ | 9 | „ |
| 780 | „ | 19 | „ |
| 841 | „ | 25 | „ |
| 1125—976 | „ | 100—43 | „ |
| 1290 | „ | 59 | „ |
| 1540 | „ | 56 | „ |
| 1644 | „ | 37 | „ |
| 1742 | „ | 142 | „ |
| 1761 | „ | 201 | „ |
| 1776 | „ | 268 | „ |
| 1812 | „ | 362 | „ |
| 1842 | „ | 415 | „ |

ניט קוקענדיג אויף דעם הערען מיר נאָך עד היום אין אייראָפּאַ רעדענדיג ווע-
גען כינאַ, דאָס זי איז אַ לאַנד, וואָס געהט ניט פאָרווערטס, וואָס שטעהט
אויף איין אָרט, אָהן אַ שום בעוועגונג. נאָך מעהר נאַאיווע איז די מיינונג
פון אונזערע געשיכטע-שרייבער, וועלכע בעהויפּטען, אַז דאָס כינעזישע פאָלק
איז זעהר פייג, ניט קריגעריש. דאָס כינעזישע פאָלק האָט מיט זיינע רעוואָ-
לוציאָנען בעוויזען, דאָס ווען עס איז נעטיג צו שטרייטען פיר זיין פרייהייט
און זיינע רעכטען, האָט עס אין זיך מעהר מוט אַלס וועלכעס עס איז אַנדער
פאָלק אין דער וועלט. אונזערע געשיכטע-שרייבער האָבען געזעהן און זעהען
אין דעם קריגערישען גייסט פון אַ פאָלק דעם צוועק פון בעזיגונג, אונטעריאָ-
כונג, פערשקלאַפונג, פערקנעכטונג, בעדריקונג. דיזען גייסט האָבען די כי-
נעזער וויט ווייניגער ענטוויקעלט, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דאָס כינעזישע
פאָלק, אַלס אַ פאָלק פון ארבייט, איז קיינמאָל ניט אַרויס אין אַ שטרייט
מיט אַנדערע נאַציאָנען מיט'ן צוועק צו רויבען, בעזיגען, פערשקלאַפען. די
אונטערנעהמונג געגען קאָרעאַ אָדער געגען די מערב-לענדער זיינען געווען
זעלטענע אויסנאַהמעס. מיט דעם שווערד אין דער האַנט האָט דאָס כינעזישע
פאָלק בעוויזען, דאָס די ערד האָט גענוג פּלאַץ פיר זעהר פיעלע מענשען, דאָס
יעדער אַרבייטענדער מענש איז אין שטאַנד זיך צו ערנעהרען בכבוד, ווען ער
איז פריי, פון קיינעם ניט אונטערדריקט. אין אייראָפּאַ הערען מיר זעהר
אָפט די פראַגע פון קורצזיכטיגע מענשען, וועלכע זאָגען: נאַר יעצט, ווען מיר
האָבען געשאַפען אַ גרויסע אינדוסטריע, קענען מיר די אַרבייט פון מענשען
פערבייטען מיט מאַשינעריי און דורכפיהרען די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע
מענשען, ווייל די מאַשינען גיבען אונז די מעגליכקייט צו פערמעהרען די
צאָהל פון רייכטימער, אַזוי דאָס עס זאָל זיין גענוג פיר אַלעמען. דאָס כי-
נעזישע פאָלק אָבער האָט בעוויזען, דאָס אויך אָהן אַ גרויסער אינדוסטריע
איז מעגליך צו געבען גלייכע רעכטען צו געניסען דאָס לעבען פיר אַלעמען
גלייך, אָבער די גלייכבערעכטיגונג מוז מיט'ן שווערד אין דער האַנט בע-
קעמפט און אויפגעהאַלטען ווערען. דיזען וויכטיגען פּונקט האָבען די אייראָ-
פּעאישע פעלקערמאַסען קיינמאָל ניט בעגריפען און, ווי עס שיינט, וועלען זיי
עס קיינמאָל ניט בעגרייפען. ביי די אייראָפּעאישע פעלקער וועלען אַלע
פרייהייטען און פּריווילעגיעס פיר אימער פערבלייבען קלאַסען-פרייהייטען
און קלאַסען-פּריווילעגיעס.

צו ענדע פון 8טען יאָהרהונדערט, ווען די כינעזער האָבען שוין געהאַט
געענדיגט מיט דעם רעסט פון די פעאָדאַל-הערען, האָבען די גערמאַנישע
פעלקער פון אייראָפּאַ זיך געלאָזען מען זאָל אויף זיי אַרויפלעגען די קייטען

פון לייב־אייגענשאפט, מען זאָל פערפינסטערן זייער לעבען מיט דער נאַכט פון שקלאפעריי, זיי האָבען זיך געלאָזען ערנידריגען, ווי קיין ראסע אין דער וועלט האָט ניט ערלויבט מען זאָל זי אַזוי פיעל ערנידריגען, און דיזע פינסטערע נאכט בעדעקט נאָך אין היינטיגע צייטען אַ גרויסען טייל פון די אייראָפּעאישע פעלקער, און נאָר אין אייניגע ערטער הייבט זיך אָן צו ווייזען אַ שטראַהל פון ליכטיגקייט, אַ שטראַהל פון מענשליכער פרייהייט.

ווי אַזוי איז עס מעגליך געווען, דאָס די גערמאַנישע פעלקער, וועלכע זיינען געווען פריי אין פולען זין פון וואָרט איידער זיי האָבען איבערגענומען די רוימישע קולטור, זיינען אַזוי שנעל אַרונטערגעפאַלען אונטער געגענזייטיגע בעדריקונג און פערקנעכטונג באַלד נאָך דעם, ווי זיי האָבען אָנגענומען די איבערגעבליבענע רוימישע קולטור? דאָס מיטעלאַלטער איז פול מיט אַזעלכע בעסטיאַלישע פערגוואַלטיגונגען, עס איז פערפינסטערט און פערדונקעלט פון רעליגיעזען האַס און פאַנאַטיזם, און שטייגט איבער אַלע שרעקען און פערדאָרבענהייטען פון דעם אַלטערטום. עס איז נאָך מעהר אויפפאַלענד און אונפערשטענדליך, וואָרום איז ביי די גערמאַנען פריהער און מעהר די פערגוואַלטיגונג און אונטערדריקונג געווען צווישען זייערע אייגענע שטאַם־ברידער. די גריכען און די רוימער האָבען געהאַט שקלאַפען פון אַנדערע נאַציאָנען, אָבער זייערע אייגענע שטאַם־ברידער זיינען אימער געווען און פערבליבען פריי. די רוימער האָבען אויך געהאַט זעהר פיעלע שקלאַפען, אָבער אויך נאָר פון אַנדערע פעלקער. דער לאַנגער, הונדערטער־יאָהרען לאַנגער קריג צווישען די פאַטריציער און פּלעבעיער האָט ניט געהאַט אין די געדאַנקען צו פערשקלאַפען די פלעבעיער, אפילו ווען זיי זיינען אַזוי פעראָרימט געוואָרען, דאָס זיי האָבען געמוזט אָנקומען צו בעטען ברויט פיר דעם אונטערהאַלט פון זייער לעבען. די גערמאַנען דאַגעגען האָבען באַלד נאָך דעם, ווי זיי האָבען זיך עטוואָס אָנגעאייגענט פון דער רוימישער קולטור, אַרויפגעוואָרפען די קייטען פון שקלאַפעריי אויף זייערע אייגענע ברידער און האָבען זיי געהאַלטען געבונדען אַ לאַנגע רייהע פון יאָהרהונדערטער, און ערסט אין פאָריגען יאָהרהונדערט איז עס די אונטערדריקטע לייב־אייגענע געלונגען צורייסען די קייטען פון שקלאַפעריי און ווערען ענדליך פרייע בעשעפּניסען, אָבער זייער פרייהייט איז נאָך ניט די ריכטיגע. ווייל די קלאַסען־געזעלשאַפט איז פערבליבען ווי פריהער. די שקלאַפעריי איז אין גרונד געבליבען אויך פערבליבען, נאָר אין אַן אַנדער פאָרמע, אין דער פאָרמע פון לוין־שקלאַפעריי, אונטער וועלכער, עס ווערען נאָך געדריקט אַלע אייראָפּעאישע פעלקער. די קנוטע פון די פעאָדאַל־

הערדען פון מיטעל־אלטער האט זיך פערוואנדעלט אין דער הונגער־קנוטע פון קאפּיטאל.

מיר האבען שוין געזעהן, דאס נאר די קולטור האט געבראכט די קנעכט־שאפט איבער די מענשען, דאס אלע קולטורען, אויסגענומען די כינעזישע, זיינען געווען קלאסען־קולטורען, און זיינען נאך אויך יעצט די זעלבע. אלע קלאסען־קולטורען ענטשטעהען דורך דעם, וואס איינצעלנע מענשען אדער קלאסען שאפען זיך דורך גוואלד־טאטען בעזיץ און פערמעגען פון קולטור־גיטער, וואס אנדערע איינצעלנע מענשען אדער קלאסען האבען זיך פער־שאפט דורך זייער מיה און ארבייט. דער קאמף וועגען דיזען בערויבטען בע־זיץ איז דער הויפּט־אינהאלט פון דער פּאליטישער געשיכטע פון אלע פעל־קער. די פערשיידענע שטרעבונגען צו מאכט, וואס איז אלגעמיין פיר אלע מענשען פון אלע קלאסען, נעהמט זיך פון איין קוועלע — פון דער אונער־זעטליכער לוסט צו האבען וואס מעהר אייגענטום. די גירדע, די תאוה צו בעזיצען וואס מעהר אייגענטום, איז די שטארקסטע טרייב־פעדער פיר אלע האנדלונגען פון מענשען. די געשיכטע בעווייזט אונז, דאס ביי אלע פעל־קער, וואס האבען זיך געשאפען בעזיץ און אייגענטום ניט דורך אייגענע ארבייט, אויף דעם נאטירליכען וועג, נאר האבען זיך אנגעאייגענט פערטיגע קולטור־גיטער פון אנדערע פרעמדע פעלקער, דאס ביי דיזע אלע פעלקער איז די לוסט צו בעזיץ פיעל שטארקער, פיעל ווילדער, דאס דיזע רויבערישע פעלקער רייסען זיך געוועהנליך צווישען זיך זעלבסט, יעדע קלאס רייסט צו זיך וואס מעהר בעזיץ און אייגענטום, וואס דער אנדערער האט פערכאפּט, און אין דיזען קאמף ווייסען זיי קיין גרענעץ ניט צו מאכען, זיי עפענען טיר און טויער צו אלע זייערע קרעפטען אום צו שטרייטען און אפּצונעהמען דעם רויב, וואס דער אנדערער האט אריינגעכאפּט. די כינעזער, די אינדיער, די באבילאניער, די עגיפּטער, די פעניציער, די גריכען, די רוימער האבען זעלבסט געשאפען זייערע קולטורען, זיי האבען לאנגזאם ענטוויקעלט זייערע קולטורען דורך נאטירליכען צוואוואוקס פון זייער אייגענער ארבייט און מיה, זיי האבען געשטיגען ביסלאכווייז פון זייער אנפאנג צו אימער העכערע שטו־פעס. בעזונדערס אין דעם אנפאנג פון זייער קולטור־ענטוויקלונג זיינען זיי געווען ווייט פון אזא רויבערישער לוסט צו בעזיץ, דאס זיי זאלען זיך איינער דעם אנדערען הרג׳ענען. דיזע געגענזייטיגע הריגה האט זיך ענטוויקעלט ביי די קולטור־פעלקער ערסט דאן, ווען זיי האבען אויפגעהערט אליין צו ארביי־טען און האבען אלץ ארויפגעווארפען אויף די שולטערן פון זייערע שקלאפען,

און אויך דאן זיינען די אייגענע שטאם=ברידער געבליבען פריי, ווייל די שקלאפען זיינען געוועזן מעהרסטענס פון פרעמדע עלעמענטען.

גאנץ אנדערע פערהעלטניסען געפינען מיר ביי די גערמאנישע פעלקער. זיי זיינען אלס בארבארען ארויס פון זייערע ערטער אין צפון און זיינען בעפאלען די קולטור פון די דרום=לענדער און האבען פלוצלינג געקריגען קולטור=גיטער, אויף וועלכע זיי האבען ניט געארבייט און קיין מיה ניט געלעגט. די לוסט צו בעזיצען וואס מעהר אזעלכע קולטור=גיטער האט זיך אין דיווילדע בארבארען אזוי שטארק צופלאקערט, דאס די רויב=לוסט האט ביי זיי אלץ איבערגעביטען. דיזעס איז גוט בעקאנט דעם לעזער פון די פאר"הערגעהענדע קאפיטלאך פון דיזער געשיכטע. וואס עס אינטערעסירט אונז יעצט מעהר, איז די וואונדערבארע טאטזאך, דאס די פרייע גאטען האבען פערווארפען זייער אלטע שטאם=פערפאסונג מיט איהרע פרייע געזעצען, אזוי דאס שוין אונטער טהעאדאריך'ן זעהען מיר זיי אלס א פאלק, וואס איז אונטערוואורפען אונטער דער מאכט פון א דעספאט. דאס זעלבע זעהען מיר ביי די פראנקען און ביי די נארמאנען. זיי האבען בעשאפען דאס פערפלוכטע רויבערישע פעאדאל=סיסטעם, זיי זיינען די ערסטע, וואס האבען דער פרייהייט דעם שרעקליכען שטויס געגעבען. די אווארען האבען בערויבט דאס גריכישע קייזער=רייך און האבען צוזאמענגעשלעפט די גרעסטע אוצרות, וואס יענע צייט האט פערמאגט. נאכדעם זיינען די פראנקען בעפאלען די אווארען, האבען ביי זיי אפגענומען דיזע אוצרות און זיינען פלוצלינג רייך געווארען. אבער ווי גיך האט זיך גענענדיגט זייער פרייהייט? ווי גיך האבען זיי אנגעפאנגען צו אונטערדריקען איינע די אנדערע! מיר האבען געקענט בריינגען נאך פיעלע אנדערע ביישפילען, אבער מיר ווילען ניט זיין לאנגווייליג. מיר וועלען נאך האבען שפעטער די מעגליכקייט אויספיהרליכער צו ערצעהלען, ווי אזוי עס האט זיך ענטוויקעלט די גערמאנישע פערקנעכטונג.

דאס כינעזישע פאלק איז דאס איינציגע, וועלכעס האט אליין געשאפען זיין קולטור, אהן יעדער רויבעריי פון אן אנדער פאלק. כינא האט אויסגעארבייט איהר קולטור אין פערלויף פון טויזענדער יאהרען פון אייגענער ארבייט, זעלבסטטעטיג. די כינעזישע קולטור איז אייגענארטיג, זעלבשטענדיג. זי בילדעט א וועלט פיר זיך אליין, זי האט קיין בעריהרונגס=פונקט ניט מיט דער אייראפעאישער קולטור. עס וואלט געוועזן זעהר נאאיוו פון אונז צו בעהויפטען, דאס אין כינא זיינען קיינמאל קיין פוילענצער ניט געוועזן. אויך אין כינא זיינען געוועזן אזעלכע ברואים, אויך אין כינא האט זיך ענטוויקעלט א הערשענדע קלאס, וועלכע האט געזוכט צו אלע צייטען מיט אלע מיטלען

איהר הערשאפט צו בעפעסטיגען און פערשפרייטען. אבער זיי האט ניט גע-לונגען איינצופיהרען שקלאפעריי, לייב=איינגענשאפט אדער לוין=שקלאפעריי צווישען די כינעזער. פערלאנגען און מיטלען צו פערשקלאפונג זיינען געווען גענוג, אבער צום אונטערדריקען געהערען אימער צוויי צדדים: איינער, וואס אונטערדריקט, און דער אנדערער, וואס לאזט זיך אונטערדריקען. דיזע לעצ-טע קלאס האט אין כינא אימער געפעהלט. פון דיזען וויכטיגען פאקט הא-בען די געשיכטע=שרייבער קיין אהנונג ניט געהאט. זיי האבען בעזונגען די העלדענטאטען פון קעניגען און פון גרויסע מענער, וועלכע האבען געדריקט איינער דעם אנדערען און זייערע פעלקער. דאס איינציגע פאלק אבער אין דער וועלט, וואס האט מיט אלע קרעפטען געשטריטען געגען זיין פערקנעכ-טונג און פיר זיין פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט, דיזעס פאלק שילדערן די געעהרטע געשיכטע=שרייבער אלס פייגלינגען, און רעכנען פיר גאר ניט וויר-דיג צו דערמאהנען. אפילו די יעניגע געשיכטע=שרייבער, וועלכע האבען גע-מאכט די געשיכטע פון כינא אלס זייער ספעציאליטעט, און האבען זי בע-טראכט מיט זייערע אייראפעאישע קלאסען=ברילען, פערשטעהן ניט די גרוי-סע קראפט פון זעלבשטענדיגקייט, וואס דאס כינעזישע פאלק האט געצייגט פיעלע מאל אין זיין געשיכטליכען לעבען; דיזען וויכטיגען פאקט פון דעם כינעזישען לעבען געהען זיי איבער מיט פערבונדענע אויגען און גריבלען זיך בעסער אין די נארישע אוננוציגע שטרייטען פון די גרויסע און מעכטיגע פון פאלק נאך דעם מוסטער פון די אייראפעער. ווען מען לעזט די געשיכט-ליכע ווערק איבער דאס כינעזישע פאלק, פערפאסט פון ספעציאליסטען אין דיזען פאך, ווי: גוצלאף, דיו האלדע, פלאטה, קלאפראטה, בולזשער און אנדערע, מוז מען ערשטוינט ווערען, זעהענדיג ווי ווייט דיזע ספעציאליסטען האבען ניט פערשטאנען די אייגענארטיגקייט פון דעם כינעזישען פאלק, און ווי ווייט דיזע מענשען זיינען ווייט פון א ריכטיגען פערשטענדניס פון גע-שיכטע אין אלגעמיין. מעהר פון אלץ האבען זיי ניט פערשטאנען די עקא-נאמישע פראגעס, וועלכע האבען גראדע אין כינא געפונען זייער פאלשטענ-דיגע לעזונג.

אבער דיזע געשיכטע=שרייבער וואלטען זיך באלד איבערצייגט, ווי פאלש זייער איבעראיילטער אורטייל איז איבער כינא'ס פייגהייט, ווען זיי וואל-טען גוט פערשטאנען די געשיכטע פון כינא, און ווען זיי וואלטען אין שטאנד געווען צו מאכען א פערגלייך צווישען פאקטען, וועלכע זיינען זיי אויך גוט בעקאנט. די כינעזישע קולטור איז פיעל פריהער און אין פיעל העכערען גראד געווען בעקאנט צו די בארבארישע פעלקער פון אזיען, איידער די אייראפעאי-

שע קולטור. הונדערטע יאָהרען נאָכאַנאַנד האָבען די הונען, די טאַטאַרען, די טערקען, די קין, די מאָנגאָלען א. אז. וו. אָנגעגריפען כינאַ, און אימער האָבען די כינעזער דיזע ווילדע פון אַלעמען געפירכטעטע קריגס-פעלקער צו-ריק אין זייער היימאַט געשיקט מיט צובלוטיגטע קעפּ, די זעלבע פעלקער, וועלכע האָבען אין אייראָפּאַ א גאַנצע איבערקעהרענעס אָנגעמאַכט, וועלכע האָבען פעראורזאַכט די פעלקער-וואַנדערונג און האָבען דעם רוימישען וועלט-רייך די לעצטע טויט-קלעפּ געגעבען און האָבען עס אין גאַנצען פון דער וועלט אָפּגעמעקט. יאָהרען-לאַנג האָבען זיך די טערקען מיט אַלע זייערע קרעפטען געפּרובט שטורמען כינאַ, זיי זיינען אָבער אימער צוריקגעשטויסען געוואָרען מיט גרויסע פערלוסטען, ביז זיי האָבען זיך א קעהר געטאָן צו אייראָפּאַ און אַריינגעשטעקט א פעסטען פוס און זיינען געוואָרען דער שרעק פון אַלע פעל-קער. נאָך דיזע פאַקטען — וואו איז די פייגהייט פון די כינעזער? מען זאָל דערביי אויך ניט פערגעסען, דאָס די כינעזישע טרופּען זיינען געווען פאָלקס-סאָלדאַטען, וועלכע זיינען גענומען געוואָרען פון די אַקערלייט און אַרביי-טער-קלאַס נאָר אין צייט פון קריג און באַלד ווי דער קריג איז פאָריבער האָבען זיי אַלע זיך צו דער אַרבייט צוריקגעקהרט, ווייל כינאַ האָט קיינמאָל ניט געהאַט א שטענדיג שטעהענדעס מיליטער; דאָך האָבען זיי פערטריי-בען די פּראָפעסיאָנעלע ספּעציעל געלערנטע און געאיבטע קריגער פון אַלע אַנדערע פעלקער. כינאַ האָט קיין מאָל ניט געליטען פון די רויבער אין סאָל-דאַטסקע קליידער, די לעדיג-געהער, קהל'שע פרעסער, וועלכע זיינען בע-וואוסט אונטער דעם נאָמען „שטענדיגע אַרמעע" און זיינען שוין זינט הונ-דערטער יאָהרען א קללה פיר גאַנץ אייראָפּאַ. ערסט אין 8טען יאָהרהונדערט איז אין כינאַ איינגעפיהרט געוואָרען א שטענדיגע אַרמעע. נאָך אַן ענדלאָזער רייהע פון געלונגענע מלחמות צווישען די כינעזער און אַנדערע פעלקער, איז עס געלונגען די מאָנגאָלען דעם כינעזישען טראָן צו פערכאַפּען, אָבער ניט מעהר. די זעלבשטענדיגקייט פון פאָלק איז ניט בעריהרט געוואָרען. די פרעמדע האָבען זיך געמוזט צופּאַסען צו דער כינעזישער קולטור ביז זיי זיינען ענדליך צוריק פערטריבען געוואָרען פון לאַנד.

די היסטאָריקער רעכנען די כינעזער אַלס א פאָלק פון פייגלינגען, ווייל זיי האָבען ניט געזוכט צו אונטערוואַרפען אַנדערע פעלקער און זיי בערויבען, נאָר זיי האָבען זעלבסט געאַרבייט און זיינען אין פערלויף פון טויזענדער יאָה-רען געבליבען זעלבשטענדיג און פריי. אָבער מיט דיזער מיינונג וועגען די כי-נעזער שלאָגען זיי דער געשיכטליכער וואַהרהייט אין געזיכט. זיי פעראַכטען און האַסען א פאָלק, ביי וועלכען זיי האָבען ניט געפונען קיין שקלאַפעריי,

קיין ליב־אייגענע, ביי וועלכען עס זיינען ניט געווען אַזעלכע העלדען, וואָס האָבען געלעבט און זיינען רייך געוואָרען פון דעם שווייס פון זייערע מיטמענשען. עס איז אמת, דאָס אַ געוויסע אורזאַך האָט ניט דערלאָזען, דאָס אין כינאַ זאָל זיך ענטוויקלען שקלאַפעריי. דיזע אורזאַך איז, וואָס דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען בעזעסען פון איין ראַסע, וועלכע האָט זיך נאָר געהאַט צו פערטיידיגען געגען אויסערווערטיגע פיינד, בשעת אין מערב, אין אייראָפּאַ, זיינען אין יעדען לאַנד געזעסען פערשיידענע פעלקער, וועלכע האָבען געקעמפט איינס מיט דעם אַנדערען, און ווען די בעזיגער האָבען ניט געקענט די אונטערדריקטע פעלקער אין גאַנצען פערוואַנדלען אין שקלאַפען, האָבען זיי אַלע קריגס־געפאַנגענע פערקויפט פיר שקלאַפען, און דיזעס איז אימער געווען אַן אונערשעפּליכע קוועלע פיר שקלאַפעריי, ווייל יעדער פ ר ע מ ד ע ר איז ביי זיי גערעכענט געוואָרען אַלס אַ שקלאַף. פון שקלאַפעריי איז שוין געווען נאָר איין טריט צו גערמאַנישער ליב־אייגענשאַפט, צו דער פאָרמע פון פערקנעכטונג, וועלכע די גערמאַנען האָבען נאָך דער צייט פון די רוימער איינגעפיהרט ביי זיך. די מעכטיגע און הערשזיכטיגע איז ניט שווער אָנגעקומען צו בענוצען דעם שווערד און די קנוטע געגען אייגענע שטאַם־ברידער נאָך דעם, ווי דאָס פאָלק איז צוגעוועהנט געוואָרען צו זעהן, ווי מען פערוואַנדעלט מענשען פון אַנדערע פעלקער אין שקלאַפען. דער אונטערשייד פון מענש צו מענש איז זעהר אַ קליינער.

עס וואָלט זיין געגען דער וואהרהייט, ווען מיר זאָלען בעהויפּטען, דאָס אין כינאַ האָבען די הערשענדע קלאַסען ניט געפּרובט און ניט געזוכט קיין מיטלען דאָס פאָלק צו פערקנעכטען, ווי עס איז געווען דער פאַל איז אַלע אַנדערע קולטור־לענדער. דאָס פאָלק האָט זיך אָבער מיט אַלע זיינע קרעפּטען געוועהרט געגען דיזע פערזוכען פון דער זייט פון די הערשער צו פערשקלאַפען עס. די כינעזישע פּאָליטישע מענער האָבען געגעבען דעם פאָלק דאָס רעכט צו רעבעלירען געגען אַ רעגירונג, וואָס שטרעבט זיין פרייהייט צו רויבען. אָבער וואָרום האָט דאָס פרייע זעלבסט־בעוואוסטע פאָלק אין גאַנצען ניט אָפּגעשאַפט די מאָנאַרכיע און ניט איינגעפיהרט ביי זיך אַ רעפּובליק ? דיזע נאַאיווע פראַגע האָט שוין בולזשער בעריהרט אין זיין געשיכטע פון כינאַ און האָט עס ערקלערט דערמיט, וואָס דאָס כינעזישע פאָלק איז איינפאַך ניט פעהיג צו אַזאַ שריט. בולזשער שטעהט נאַטירליך אויף דעם באָדען פון קלאַסען־קולטור. אין זיינע אויגען שטעהען די גריכישע און רוימישע רעפּובליקען מיט זייער שקלאַפען־סיסטעם און די אַמעריקאַנישע רעפּובליק מיט איהרע מיליאָנען פון לוין־שקלאַפען פיעל הע-

כער פון די עקאָנאָמיש זעלבשטענדיגע און גלייכבערעכטיגטע כינעזער. פיר אזעלכע געשיכטע־שרייבער איז די פּאָליטישע פאָרמע אַלץ און די רעאַלע עקאָנאָמישע לאַגע האָט ביי זיי קיין ווערט ניט. זיי הערען נאָר די אויסגע-


א כינעזישער האַפען (טיען־טסין).

שרייען וועגען פרייהייט פון די הערשענדע קלאַסען, זיי הערען אָבער ניט די זיפצען און די הונגער־קרעכצען פון די געקנעכטעטע צווישען די אייראָפּע-אישע פעלקער. דיזע לייט האָבען אָבער קיינמאָל ניט געהאַט וועלכע עס

איז פאַרשטעלונג וועגען דעם, דאָס אין כינאַ האָט דער שטאַאַט אַ גאַנץ אַנדערע בעדייטונג אַלס ביי די אייראָפּעאישע פעלקער.

ביי אונז איז דער שטאַאַט, סיי אין דער מאָנאַרכישער, סיי אין דער רעפּובליקאַנישער פאָרמע, קיין מאָל ניט געווען עטוואָס אַנדערס אַלס דער אויסדרוק פון אַ קלאַסען=געזעלשאַפט. מיט דער הילף פון שווערד, געזעצ-געבונג און וויסענשאַפט האָט די הערשענדע קלאַס געזוכט און האָט געפונען די מיטלען ווי אַזוי אַוועקצורויבען ביים אַרבייטער=פאָלק זיינע קולטור=גיטער, זיי אָנאַייגענען און צוטיילען צווישען זיך. צווישען די אייראָפּעאישע פעל-קער איז דערשטאַאַט געווען ניט מעהר, ווי אַן אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ ן פ ו ן ג ע ו ו אַ ל ט. דאָרט האָבען אימער נאָר איינצעלנע געשפּילט די הויפּט=ראָלע, זיי האָבען אימער געהאַט דאָס וואָרט. זייער גאַנצעס שטרעבען איז אי-מער געווען ניט צו דערלאָזען דאָס פאָלק זיך צו ענטוויקלען און זיין זעלב-שטענדיג. די העכסטע, די אייגענטליכע קולטור=אויפגאַבע פון שטאַאַט, נעמ-ליך די אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ ן פ ו ן אַ ר ב י י ט, האָט זיי קיינמאָל ניט אינטערעסירט, זיי האָבען זיך וועגען איהר גאָרניט געקימערט. זיי האָבען אויף דיזע אויפגאַבע געקוקט מיט פעראַכטונג.

דער כינעזישער שטאַאַט איז דער איינציגער, וואָס האָט דיזע העכסטע קולטור=אויפגאַבע פערשטאַנען און האָט זי אויפגענומען. דער כינעזישער שטאַאַט האָט נאָר געהאַט צו דינען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון פאָלק. פריעדריך דער גרויסער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער קעניג איז דער ערסטער דינער אין שטאַאַט". אָבער דיזע ווערטער אין זיין מויל זיינען נאָר געווען אַ פּוסטע פראַזע, זיי זיינען געווען פאַלש. ער האָט ניט געמיינט וואָס ער האָט געזאָגט. דאָס איז געזאָגט געוואָרען מיט דעם צוועק נאָר צו שיטען זאַמד אין די אויגען, מען זאָל ניט זעהן די ריכטיגע וואַהרהייט, וואָס אייגענטליך די אייראָפּעאישע הערשער ווילען. אַנדערס איז אָבער געווען ביי די כי-נעזישע קיסרים. זיי האָבען עס זיך געמוזט מאַכען אַלס זייער לעבענס=אויפגאַבע צו דינען באמת דעם פאָלק, זיי זיינען געווען אין גרויס געפאַהר ווען זיי האָבען דיזע אויפגאַבע ניט ריכטיג ערפילט. די ערסטע אויפגאַבע פון די כינעזישע קיסרים איז געווען צו זאָרגען און פעסטשטעלען די עקאָנאָ-מישע לאַגע פון פאָלק, צו שטיצען די שוואַכע און די אָרימע געגען די בע-דריקונג פון די שטאַרקע און מעכטיגע. ווייל דאָס כינעזישע פאָלק איז איבערהויפּט געווען אַ פאָלק פון ערד=אַרבייטער, דעריבער איז די העכסטע פּאָליטישע חכמה פון דער רעגירונג געווען ניט צו פיהרען דיפּלאָמאַטישע אינטריגען געגען אַנדערע פיינדליכע פעלקער אָדער צו זוכען און צו געברוי-

כען מיטלען, ווי דאָס פאָלק מעהר צו אונטערדריקען, נאָר צו עטאַבלירען אַ געזונדע אַגראַר־פּאָליטיק. דער הויפּט־ציל פון אַ גוטער רעגירונג איז געווען צו בעזאָרגען אַ גערעכטע פערטיילונג פון דער ערד צווישען די בירגער און צו זאָרגען פיר דאָס גליק פון די נידריגע שיכטען פון פאָלק. די אַלטע כינעזער האָבען פערלאַנגט פון אַ גוטער רעגירונג: „דער פירסט זאָל זיין דער פאָטער און די מוטער פון פאָלק; ער זאָל ניט רעגירען ווי ער וויל, נאָר ווי דאָס גליק פון פאָלק פאָדערט; דער קייזער איז נאָר דער פערטרעטער פון געזעץ. ער איז אייגענטליך ניט דער הערשער פון פאָלק, נאָר ער איז דער שקלאַף, אַפילו ניט זיין פּריווילעגער דינער". דער כינעזישער געזעצגעבער קאָנפוציוס זאָגט: „דער קייזער ערהאַלט זיינע בעפעהלען פון הימעל, דאַן פאָלגען און ערפילען זיי געוויסענהאַפט די בעאַמטע; ווען אָבער די בעפעהלען פון קייזער זיינען געגען די הימלישע בעפעהלען, זיינען די בעאַמטע געגען די געזעצען פון קייזער און די האַרמאָניע אין לאַנד איז צושטערט, און קיין פרידען איז ניט צו ערוואַרטען"... „ווען דאָס פאָלק האָט ניט גענוג צום לעבען, מוז עס ווערען אַ רויבער און אַ רעוואָלוציאָנער". אַ גרויסער בעאַמטער האָט זיך בעקלאָגט פאַר קאָנפוציוס'ן, דאָס גזלנים זיינען איהם בעפאַלען און בערויבט. דערויף האָט איהם קאָנפוציוס געענטפערט: „ווען דו וואָלסט ניט געווען האָבגיעריג, וואָלט דאָס פאָלק קיינע רויבערייען ניט בעגאַנגען, אַפילו ווען דו וואָלסט עס געדונגען דערצו. ווען אַ געזונדער מענש ווערט צוגעדריקט פון אָרימקייט ווערט ער בייז אויף די גאַנצע וועלט; ווען ער האָט ניט די נעטיגע מיטלען צום לעבען, — מעג ער זיין עהרליך ווי דער עהרליכסטער מענש קען זיין, איז איהם זעהר שווער צו בלייבען ביי זיין עהרליכקייט, סיידען ער איז הויך געבילדעט און הויך געזיטעט, און ער שטעהט העכער פון אַ געוועהנליכען מענשען. פעהלען אַ געוועהנליכען מענשען די געוועהנליכע לעבענסמיטלען, טרעט ער איבער דאָס געזעץ, זיין האַרץ ווערט פערדאָרבען, ער גיט זיך איבער צו זינד און ווערט פעהיג צו אַלעם בייז. ווען ער פאַלט אַריין אין אַ פערברעכען, בעשטראָפט מען איהם, דאָס הייסט אָבער נאָר דעם פאָלק לעגען נעצען, עס זאָל אין זיי אַריינפאַלען. זאָל אַן אמת גוטער פירסט זיין פאָלק אין נעצען אַריינכאַפּען? אַן אמת'ער גוטער פירסט דאַרף זאָרגען, דאָס יעדערער פון פאָלק זאָל האָבען גענוג מיטלען צום לעבען, אום ער זאָל האָבען מיט וואָס צו ערנעהרען זיינע עלטערן, זיין ווייב און זיינע קינדער, אויסער דעם זאָל ער האָבען די מעגליכקייט צו ערלערנען אין דער שולע די קענטעניס, וועלכע זיינען נעטיג אין לעבען. אַזאַ פירסט

וועט פיהרען דאָס פאָלק צו טאָן נאָר גוטעס, און דאָס פאָלק וועט צו אזא פירסט מיט פרייד און פערגניגען זיין געהאָרזאַם."

ווי אָבער קענען מיר פערשטעהן די אורזאַך פון דעם קאָנטראַסט, וואָס עקסיסטירט צווישען כינאַ און די אייראָפּעאישע מדינות? די אורזאַך דער־פון איז, וואָס די כינעזער זיינען אַ זעהר קאָנסערוואַטיוועס פאָלק, זיי האָבען זיך אימער שטארק געהאַלטען ביי זייערע אַלטע שטאַם־געזעצען, און וואָס פיר אַן ענדערונג עס האָט זיך זיי געמאַכט אין לעבען האָבען זיי צוגעפּאַסט צו זייערע אַלטע שטאַם־געזעצען, אין וועלכע די פאַמיליע שפּיעלט די הויפּט־ראָלע פון אַלע אינסטיטוציאָנען און אַלע אָרדנונגען. דער כינעזישער שטאַאַט איז דער שפּיגעל, אין וועלכען עס שטראַהלט אָפּ די כינעזישע פאַמיליע.

די כינעזישע פאַמיליע איז עד היום פערבליבען די זעלבע, ווי זי איז גע־ווען אין די אור־אַלטע צייטען, ווען דאָס פאָלק איז נאָך געווען צוטיילט אויף שבטים. דער אונטערשייד צווישען היינטיגער און אַמאָליגער כינעזישער פאַמיליע בעשטעהט דערין, דאָס די אַלטע פאַמיליע האָט זיך גערעכענט נאָך דער מוטערליכער אָפּשטאַמונג, און די היינטיגע פאַמיליע רעכענט זיך נאָך דער פאָטערליכער אָפּשטאַמונג. אין היינטיגע צייטען לעבען אין כינאַ אונ־טער איין דאַך די עלטערן מיט אַלע פאַמיליעס פון די מענליכע קינדער, נאָר די מיידלאַך פערלאָזען זייערע עלטערן'ס הייזער נאָך דער הייראַט און געהען איבער צו די עלטערן פון זייערע מענער. דער פאָטער איז דער קאָפּ פון דער פאַמיליע. ווען ער שטאַרבט, נעהמט אַן דער עלטערער זוהן זיין שטעלע. אזוי וואוינען אונטער איין דאַך 4 און 5 דורות. זייערע הייזער זיינען אזוי געבויט, דאָס יעדע פאַמיליע האָט איהר בעזונדער אָפּגעטיילטע וואוינונג, אזוי דאָס יעדע פאַמיליע איז גענצליך זעלבשטענדיג, האָט איהר אייגענע נעטיגע ווירטשאַפט. יעדער מאַן און זיין פרוי מיט זייערע קינדער פיהרען אַ לעבען אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע פאַמיליעס און דעם זעלבען הויז. ווען די משפחה ווערט צו גרוים, אזוי דאָס עס איז מעהר קיין פּלאַץ אין הויז ניטאָ פיר נייע פאַמיליעס, געהט איינער פון די מענער מיט זיין פאַמיליע, מיט זיין ווייב און קינדער, ארוים פון דעם הויז און גרינדעט אַ נייע משפחה, אָבער דיזע נייע משפחה טראָגט דעם זעלבען נאָמען, וואָס די משפחה פון דעם אור־גרינדער טראָגט. דערפון נעהמט זיך דאָס געזעץ און דער מנהג אין כינאַ, דאָס מענשען, וואָס האָבען גלייכע פאַמיליען־נעמען, זאָלען ניט הייראַ־טען איינער מיט דעם אַנדערען.

דערפון זעהען מיר, דאָס די פערפאַסונג פון דער פאַמיליע אין כינאַ איז אַ פּאַטריאַרכאַלישע. אום צו האַלטען אין אָרדנונג די אַנגעלעגענהייטען

פון דער פאַמיליע איז געגערינדעט אַ ראַט פון די עלטעסטע מיטגלידער פון דער פאַמיליע. דיזער ראַט רעגולירט ניט נאָר די אינטערעסען פון דער גאַנ-צער פאַמיליע אינוועניג, נאָר אויך פון אויסען, געגענאיבער דער געמיינדע און דער רעגירונג. דער פאַמיליע־ראַט דערלאָזט ניט קיין אונרעכט אין דער פאַמיליע פון איינעם צום אַנדערען און פון דעם הויפּט פון דער פאַמיליע צו אַלעמען.

זעהר וויכטיג איז וואָס די איינצעלנע פאַמיליעס פון יעדער משפחה זיינען אַזוי שטאַרק און ענג צוזאַמענגעבונדען, דאָס זיי מאַכען אויס איין גאַנצעס. אַזוי צום ביישפּיל האָבען אַלע איין אַלגעמיינע קאַסע. אין דיזער קאַסע ווערען אַריינגעבראַכט די אַלע פערדינסטען פון יעדער איינצעלנער פאַמיליע, קיין אונטערשייד, פון וואַנען די פערדינסטען קומען: פון דער אַרבייט אין דעם הויז אָדער אויסער דעם הויז. ווערען די עלטערן שוואַך און אונפעהיג צו אַרבייטען, ווערט איינער אָדער איניגע פון דער פאַמיליע פער-אונגליקט דורך קראַנקהייט אָדער אַנדערע צופעלען, אַזוי דאָס זיי זיינען ניט אין שטאַנד צו אַרביימען, בעקומען זיי אַלעס, וואָס איז נעטיג צום לעבען, ווי פריהער, פון דער אַלגעמיינער פאַמיליע־קאַסע, ניט אַלס צדקה, נאָר אַלס חוב, וואָס קומט זיי לויט די געזעצען פון דער פאַמיליע. אויב עס געפינען זיך אין דער פאַמיליע מיטגלידער, וואָס ווילען ניט אַרבייטען, וואָס זיינען איבערגעגעבען צו אַ צולאָזענעם לעבען, אָדער וואָס קענען ניט האַרמאָנירען מיט די איבריגע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, — צאָהלט מען זיי אַרויס פון דער אַלגעמיינער קאַסע זייערע טיילען און זיי געהען אַרויס פון דער משפחה צו געהן זייער אייגענעם וועג.

דיזע פאַמיליע־פערפאַסונג איז אַ מין גאָלדענער מיטעל־וועג צווישען סאָציאַליזם און אינדיווידואַליזם (די רעכטען פון איינצעלנע פערזאָנען), דער מיטעל־וועג, וועלכען קיין אַנדער קולטור־פאָלק אין דער וועלט האָט נאָך ניט אויסגעפונען. די פּערזענליכע פרייהייט איז געזיכערט, אָבער אום זי זאָל ניט געהן צו וויים, האָבען די פאַמיליע־אינטערעסען עטוואָס קאָנטראָלירט דיזע פּערזענליכע פרייהייט. די גרויסע פאַמיליע־גרופּעס האָבען פערפאָלגט אַלגע-מיינע אינטערעסען און האָבען ניט דערלאָזען צום ווילדען קאַמף פון אַלע געגען אַלע. די פאַמיליע האָט געבילדעט אַ סאָציאַלע מאַכט, פון וועלכער יעדער איינצעלנער האָט געפונען הילף געגען נויט און בעדריקונג פון אויסען דער פאַמיליע.

די מאָראַל־לעהרע פון די כינעזער און זייער געזעצגעבונג האָבען פון אור־אַלטע צייטען אָנגעצייגט, דאָס די פּאַטריאַרכאַלישע פערפאַסונג פון דער

פאמיליע זאָל אויף א האָר ניט געשטערט ווערען. די גרעסטע און שווער-סטע פון אַלע פערברעכענס איז ביי די כינעזער ניט צו עהרען עלטערן. קאָנ-פוציוס זאָגט: „גנבים, רויבער, בעטריגער, מערדער און אַנדערע פערברעכער זיינען געוויס ווערט פערהאַסט און פערפאָלגט צו ווערען, אָבער וויים ערגער און געפעהרליכער פון זיי זיינען מענשען, וואָס עהרען ניט זייערע עלטערן און פעראורזאַכען קריג און שנאה אין דער פאַמיליע". די עהרפורכט צו על-טערן, די הייליג־האַלטונג פון פאַמיליע־פערבינדונג לערנט מען דעם כינעזער פון קינדווייז אָן און מען ערקלערט עס איהם אַלס דעם העכסטען זיטליכען גרונדזאַץ פיר די מענשליכע געזעלשאַפט. דאָס איז די אורזאַך, וואָרום זיי פערפאַסונג פון דער צייט פון דעם שטאַם־לעבען איז נאָך ביז היינט גע-בליבען די הערשענדע פערפאַסונג אין דער כינעזישער פאַמיליע און האָט נאָך טיפע וואָרצלען אין פאָלק ווי מיט טויזענדער יאָהרען צוריק.

אויך די היינטיגע געמיינדע־פערפאַסונג פון די כינעזער איז געבליבען אויף דעם אַלטען פונדאַמענט פון שטאַם־פערפאַסונג. די כינעזישע געמיינדע איז גענצליך אונאָפּהענגיג און דורך און דורך דעמאָקראַטיש. די געמיינדע־מיטגלידער האָבען אונבעשרענקטעם פערזאַמלונגס־רעכט, זיי ערוועהלען אַליין זייערע אייגענע בעאַמטע, ריכטער, בירגערמייסטערס און האָבען די פערוואַל-טונג פון דער געמיינדע אין זייערע אייגענע הענט. די רעגירונגס־בעאַמטע האָבען נאָר אויף זיך די פליכט צו זאַמלען די שטייערן פיר דעם שטאַאַט און די אויפזיכט איבער די וועגען און שאָסעען, וועלכע זיינען אַזוי נעטיג פיר דעם האַנדעל, און אַכטונג געבען, זיי זאָלען אימער זיין אין גוטער אָרד-נונג. די רעגירונג האָט קיין רעכט ניט זיך אריינצומישען אין געמיינדע־אַנגעלעגענהייטען. אַזאַ סאָרט אויטאָנאָמיע פיר די געמיינדע האָט קיין אַנדער לאַנד ניט.

די פערפאַסונג פון דעם שטאַאַט אין כינא איז געמאַכט געוואָרען אין דעם זעלבען גייסט און אין דער זעלבער פאָרמע, ווי די פערפאַסונג פון דער פאַמיליע. דער קייזער איז דער אַלגעמיינער פאַטריאַרך, דער פאָ-טער פון פאָלק, און אַזוי ווי דער כינעזער קען זיך ניט פאָרשטעלען א פאַ-מיליע אָהן אַן אויבערהויפט, אַזוי קען ער זיך ניט פאָרשטעלען זיין רייך אָהן א קייזער. ביי אַלע אויפשטענדען, אַלע רעוואָלוציאָנען איז די ערסטע זאָרג געווען זיין מאָנאַרך ווידער צו האָבען, אָבער דיזער מוז זיין דער בעס-טער מאַן, וואָס דאָס פאָלק פערמאָגט. ער מוז זיין מיט לייב און זעעלע איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון פאָלק, ער מוז פערשטעהן די ראָלע אַלס פאָטער פון פאָלק דורכצופיהרען. דער קייזער מוז צו דיזען צוועק

ערלויבען דעם פאָלק צו האָבען אַ פרייע צענזור איבער זיינע מעשים. דיזע צענזור פון פאָלק שפּילט נאָך היינט אַ גרויסע ראָלע אין כינאַ.

מען דאַרף אָבער וויסען, דאָס דיזע פּאַטריאַרכאַלישע פערהעלטניסען צווישען פירסט און פאָלק האָט אימער געהאַט אַן עדעלען כאַראַקטער און האָבען זיך אימער אין דיזען גייסט פון זיך זעלבסט ענטוויקעלט. עס איז אַלגעמיין בעוואוסט, דאָס וואו עס איז דאָ אַ געלעגענהייט צו אריינכאַפּען מאַכט, געפינען זיך באַלד בעלנים דאָס צו טאָן. די פירסטען, ווי די געלעהרטע קלאַס, די מאַנדאַרינען, האָבען אימער געזוכט מיטלען און וועגען, ווי דאָס פאָלק צו פערקנעכטען, די פּאַטריאַרכאַלישע אָרדנונג אָפּשאַפען, און אָנשטאָט איהר איינצופיהרען אַן אבסאָלוטע, דעספּאָטישע רעגירונגס־פאָרמע. אָבער אין כינאַ האָט דיזע רעגירונגס־פאָרמע, ווען זי איז מיט געוואַלט איינגעפיהרט געוואָרען, זיך לאַנג ניט געקענט האַלטען. זי האָט ניט געקענט שלאָגען טיפע וואָרצלען אין פאָלק, ווי עס איז געווען דער פאַל אין די אייראָפּעאישע לענ- דער. ווייל דאָס כינעזישע פאָלק האָט אימער געמאַכט גרויסע הינדערניסען, וועלכע האָבען געשטערט דער דעספּאָטיע זיך איינצוואָרצלען אין לאַנד, אָבער וועלכע מיטלען האָט דאָס פאָלק געברויכט אין זיין קאַמף געגען דעס- פּאָטיזם?

יעדע מאַכט, יעדע געוואַלט פאָדערט אזא מין אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל פאַסען און העלפען צו דורכפיהרען אין לעבען איהרע שטרעבונגען. ביי אַלע אַנדערע פעלקער איז די שטאַם־פערפאַסונג אָפּגעשאַפט געוואָרען און עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די שטאַאַטס־פערפאַסונג דורך געוואַלט, וועלכע איז געווען גוט אָרגאַניזירט און האָט געדינט צו דעם צוועק פון דעם אבסאָלוטען הערשער. דיזע אָרגאַניזאַציאָן איז געווען געגרינדעט אויף די פונדאַמענטען פון בעוואַפענטער מאַכט, פּאָליציי, געזעצגעבונג, פערדומונגס- מיטלען א. אַז. וו. דיזע אַלע מיטלען האָבען צוזאַמענגעשטעלט די אָר- גאַניזאַציאָן פון מאַכט, פון געוואַלט. דיזע אָרגאַניזאַציאָן איז ביי די איי- ראָפּעאישע פעלקער אַזוי מעכטיג, אַזוי שטאַרק, דאָס עס איז נאָך קיינעם אין יענע לענדער ניט געלונגען אויף אַ לאַנגע צייט זי אָפּצושאַפען. די גע- שיכטע ווייס ניט פון איין איינציגען פאָלק, וואָס איז געווען אין שטאַנד אָפּצושאַפען און פערניכטען די קלאַסען־געזעלשאַפט. אין כינאַ דאַגעגען איז דער שטאַאַט געגרינדעט אויף דער אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ ן פ ו ן אַ ר ב י י ט. דיזע אָרגאַניזאַציאָן איז נאָך קיינעם ניט געלונגען אויף אַ לאַנגע צייט צו פערניכטען. עס איז וואהר, דאָס די אָרדנונג איז כינאַ האָט זיך אָפט ערנעהנטערט צו דער אייראָפּעאישער אָרדנונג. אָבער אין כינאַ האָט

עס ניט לאַנג געדויערט. אין אייראָפּאַ האָט זיך אימער די מאַכט געפונען אין די הענט פון דער הערשענדער קלאַס, די אונאַדערדריקטע האָבען קיין מעגליכקייט ניט געהאַט עטוואָס צו טאָן דאַגעגען. אין כינאַ איז עס גאַנץ אַנדערס. דאָס כינעזישע פאָלק האָט געוואוסט פון זיין זייט אַרויסצושטע־לען און אָרגאַניזירען אַ מאַכט געגען דער מאַכט פון דער רעגירונג און פון די מאַנדאַרינען. דיזע געגען־מאַכט פון כינעזישען פאָלק זיינען די אָפענע, אַלעמען בעוואוסטע גילדעם און חברות און נאָך מעהר די געהיימע געזעלשאַפטען. יעדער כינעזער געהערט צו אַ גילדע, וועלכע פערטיידיגט זיינע אינטערעסען. האָט אימיצער אַ קלאַגע פאָרצו־ברייננגען, מעג ער זיין ווי אָרים, ווערט זיין קלאַגע דורך זיין גילדע פאַר דער רעגירונג פאָרגעבראַכט און אויך פאַר דער עפענטליכקייט. אָבער די הויפּט־פּאָליטישע מאַכט פון פאָלק איז אין די געהיימע געזעלשאַפטען, וועלכע זיי־נען פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד און אויך אין אויסלאַנד, וואו עס געפינען זיך פיעלע כינעזער צוזאַמען. דיזע געהיימע געזעלשאַפטען זיינען אָרגאַניזירט וואונדערבאַר, זיי זיינען אימער געגען דער רעגירונג, איבער־הויפּט, ווען זי ערלויבט זיך צו דריקען דאָס פאָלק. זיי האָבען זייערע מיטלען, ווי אָפּצורעכנען זיך מיט בעדריקער אויף אַ בעזונדערע אַרט, און דאָס ווערט דורכגעפיהרט שנעל און אָפט זעהר גרויזאַם. אַן אָרגאַניזירטע מאַכט, ווי די רעגירונג איז, קען אין צוים געהאַלטען ווערען נאָר דורך אַן אַנדערע אָרגאַניזירטע מאַכט. אין דיזער אָרגאַניזירטער געהיימער מאַכט וואָרצעלט די פרייהייט פון כינעזישען פאָלק, און כל זמן די אייראָפּעאישע פעלקער ווע־לען זיך ניט אָרגאַניזירען אויף אַזאַ אופן, וועט זייער שטרעבען און פערלאַנ־גען נאָך פרייהייט בלייבען אַן אונערפילטער וואונש.

מיר האָבען דאָ נאָך צו בעמערקען איין זעהר וויכטיגען פונקט. נעמליך, דאָס די כינעזישע הערשער האָט צו אַלע צייטען געפעהלט איין זעהר וויכ־טיגעס מאַכט־מיטעל, און דאָס איז די פערדומונג פון פאָלק דורך די הילף פון די גייסטליכע. דעם כינעזער איז שווער צו פערפיהרען און פערבלענדען די אויגען דורך רעליגיעזען פאַנאַטיזם. די כינעזישע רעליגיאָן איז נאָך עד היום פערבליבען אַ מין עלטערן־קולט, ד. ה. אַ רעליגיאָן, וואָס איז געגרינ־דעט אויף דעם פּרינציפּ פון עהרען און פערגעטערן די גייסטער פון די על־טערן. כינאַ האָט ניט קיין שטאַאַטס־רעליגיאָן, קיין שטאַאַטס־קירכע, יעדע רעליגיאָן האָט דאָרט די פרייהייט צו עקסיסטירען און האָבען איהר קירכע, וואו איהרע אָנהענגער זאָלען אָפען און פריי האַלטען זייער רעליגיאָנס־דינסט. די כינעזישע גייסטליכע האָבען קיין בעזונדערע מאַכט ניט. די כינעזער האָ־

סען די אייראָפּעער ניט צוליב זייער קריסטליכער רעליגיאָן, נאָר ווייל זיי זיינען זייערע קאָנקורענטען אין זייער עקאָנאָמישען לעבען, ווייל זיי זיינען זייערע בלוטזויגער. דעריבער האָט די כינעזישע רעגירונג קיין הילף ניט גע- קענט ערוואַרטען פון די כינעזישע גייסטליכע. דאַגעגען אין אייראָפּאַ איז די מאַכט פון די גייסטליכע אויסגעוואַקסען צו אַן אונגעהייערער מאַכט, וועלכע דריקט נאָך אויך אין היינטיגער צייט זעהר שווער אויף די מאַסען פון די אייראָפּעאישע פעלקער. ווי די געשיכטע צייגט, איז די פערבלענדונג פון די מענשען דורך רעליגיעזען פאַנאַטיזם די געפעהרליכסטע וואַפע אין די הענט פון די מאַכט־האָבער. זי פערפינסטערט די גייסטער פון דער מאַסע אין אַזאַ הויכען גראַד, דאָס זיי פערלירען זייער גאַנצען פערשטאַנד און ווערען פערוואַנדעלט אין ווילדע בעסטיעס. רעליגיאָנס־פאַנאַטיזם איז דאָס גע- פעהרליכסטע גיפט פיר די מענשהייט, און די אייראָפּעאישע גייסטליכע האָ- בען זעהר גוט פערשטאַנען צו אַלע צייטען, ווי צום בעסטען און נוצליכסטען פיר זייערע צוועקען דיזעס גיפט צוצופערטיגען. די געשיכטע פון מיטעל- אַלטער און אויך פון היינטיגער צייט בעשטעטיגט עס אויף יעדער זייט. אפילו אין אָנפאַנג פון דעם 20טען יאָהרהונדערט קרענקען נאָך די אייראָפּע- אישע פעלקער און ליידען פון דיזען געפעהרליכען גיפט. מיר וועלען שפּעטער האָבען די מעגליכקייט אויספיהרליך צו ערצעהלען, צו וועלכער שטופע פון אבערגלויבען די גייסטליכע פון מיטעל־אַלטער האָבען געבראַכט די אייראָפּע- אישע מענשהייט און האָבען זיי פּשוט פערוואַנדעלט אין ווילדע טיערען. דאַ- געגען זעהען מיר אין ווייטען מזרח, אין כינאַ, אַ פאָלק, וואָס האָט שוין מעהר פון 4,000 יאָהר הינטער זיך אַ קולטור אָהן שקלאַפעריי, אָהן לייב־אייגענ- שאַפט, אָהן אינקוויזיציאָן, אָהן שייטער־הויפענס, מיט אַ דעמאָקראַטישער גע- מיינדע־פערפאַסונג, מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישער רעגירונג אונטער אַ צענ- זור פון פאָלק, מיט אַלגעמיינער שול־בילדונג, אָהן ערבליכען אדעל און מיוחסים, וואו אַלע האָבען גלייכע רעכטען צום הויכען שטודיום און צו פער- נעהמען די העכסטע שטעלעס אין שטאַאַט, אָהן אַ שטאַאַטס־רעליגיאָן, און וואָס איז נאָך וויכטיגער — אָהן גרויסען גרונד־בעזיץ און אָהן אַ פּראָלע- טאַריאַט. און דיזעס פאָלק רעכנען אונזערע אייראָפּעאישע היסטאָריקער פיר ניט ווערט צוגערעכענט צו ווערען צו די קולטור־פעלקער!

די טאַנג־דינאַסטיע (618—907 נ. קר.). די 289 יאָהר, וואָס די טאַנג־דינאַסטיע האָט רעגירט אין כינאַ, איז אַ פּעריאָדע פון דער כינעזישער געשיכטע, אין וועלכער דאָס פאָלק האָט דורכגעלעבט גוואַלדיגע איבער- קעהרעניסען. די פריהערדיגע דינאַסטיע ס ו א י האָט דאָס פאָלק שרעקליך

געדריקט און דאָס גאַנצע לאַנד איז ווי איין מענש אויפגעשטאַנען געגען דעם לעצטען סואי־קייזער. אין אַ מאַניפעסט, וואָס דער פיהרער פון די רע־בעלען האָט אַרויסגעגעבען, זאָגט ער: „ווען מען זאָל מאַכען פּאַפּיר פון דעם גאַנצען באַמבו, וואָס וואַקסט אין לאַנד, וועט עס ניט זיין גענוג אַלע פעהלער פון דעם קייזער אויסצורעכנען, און דאָס גאַנצע וואַסער פון ים איז ניט אין שטאַנד זיי אָפּצוואַשען". איינער פון די גובערנאַטאָרען לי־יו־ען האָט צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע און האָט פערכאַפּט דעם טראָן. ער איז גע־וואָרען דער גרינדער פון אַ נייער דינאַסטיע מיט דעם טיטעל „פירסט פון טאַנג". ער האָט אומגעביטען זיין נאָמען און האָט זיך גערופען ק אַ ־ אָ ט ־ ס ו און האָט געהערשט אין לאַנד 9 יאָהר (618—627).

אונטער זיין רעגירונג איז כינא געווען אָנגעגריפען פון אַ מעכטיגען פיינד, פון די טערקען. קאַ־אָט־סו איז געווען אַ זעהר טיכטיגער קריגס־קאָמאַנדיר און איז אין שטאַנד געווען דיזען פיינד אָפּצושטויסען. די טער־קען זיינען עטליכע מאָל געשלאָגען געוואָרען מיט גרויסען פערלוסט. אויך אין אינערען לאַנד האָט ער געמאַכט נייע אָרדנונגען. זיין גאַנצעס שטרעבען איז געווען דאָס לאַנד צו גרינדען אויף גערעכטיגקייט און מענשליכקייט. ער האָט ערוועהלט פיר זיין רעזידענץ די שטאָדט סינג־אַן.

איינער פון די בעסטע און גרעסטע הערשער, וועלכע האָבען ווען עס איז בעהערשט דעם כינעזישען טראָן, איז קאַ־אָט־סו'ס זוהן ל י ־ כ י ־ מ י ן, וועלכער האָט זיך זעהר שטאַרק אויסגעצייכענט אין די מלחמות מיט די טער־קען, ווען ער איז נאָך געווען קרוין־פּרינץ. ער האָט געהאַט אַריינקומענדיג אין סינג־אַן אַ רייכען טריאומף־צוג אויף דער אַרט און ווייזע, ווי דאָס פלעגט געגעבען ווערען צו די רוימישע קיסרים אָדער בעריהמטע חיל־קאָ־מאַנדירען. בעוואָפענט מיט גאָלדענע געוועהר און גאָלדענע קליידער, האָט ער אַריינגעמאַרשירט אין שטאָדט בעגלייט פון 40,000 געפּאַנצערטע רייטער, פון אַן אונענדליכען צוג פון קריגס־געפאַנגענע און זעהר פיעלע רייכטימער, וואָס ער האָט געבראַכט פון דעם קריג. ער איז געוואָרען קייזער נאָך פאַר זיין פאָטער'ס לעבען, ווייל דער פאָטער איז מיד געוואָרען פון צופיל אָנ־שטרענגונג און האָט איהם אָפּגעטרעטען דעם טראָן. לי־כי־מין האָט בעשטי־גען דעם טראָן אַלס קייזער ט אַ י ־ ט ס אָ נ ג (627—650). לויט זיינע גרויסע טאַטען וואָלט מען איהם אין איירָאָפּאַ געוויס בעטיטעלט מיט דעם ביינאָמען „דער גרויסער". מיר געפינען פיר וויכטיג וועגען דיזען קייזער עטוואָס מעהר איינצעלהייטען צו געבען.

טאַי־טסאָנג'ס הויפּט־שטרעבונג איז געווען צו ברייננגען דעם לאַנד די נעטיגע רוה און אָרדנונג, וועלכע עס האָבען געפעהלט דעם פאָלק, — רוה און אָרדנונג, וועלכע זיין פאָטער האָט נאָך געוואָלט איינפיהרען, אָבער עס איז איהם ניט אין גאַנצען געלונגען, ווי ער האָט געוואָלט. דאָס ערסטע האָט ער זיך גענומען איינצופיהרען די רעפאָרמעס, וואָס דאָס פאָלק האָט געפאָדערט. מיר האָבען שוין פריהער ערצעהלט, דאָס הונדערטער יאָהרען האָבען די פירסטען צווישען זיך געשטריטען, איינער האָט געוואָלט בעקעמפען דעם אַנדערען, דערווייל האָבען זיי די פּראָווינצען פערניכטעט און דאָס פאָלק איז פעראָרימט געוואָרען דורך דעם. אין איניגע שטאַאטען איז עס די פירסטען געלונגען צו צווינגען דאָס פאָלק צו אַרבייטען פיר די מיוחסים, ווי עס האָבען הונדערטער יאָהרען נאָכאַנאַנד געטאָן די לייב־אייגענע אין איראָפּאַ. דאָס פאָלק האָט מיט אַלע זיינע קרעפטען זיך עמפּערט געגען דיזער אונגערעכטיגקייט און האָט זעהר אָפט געמאַכט רעוואָלוציאָנען. טאַי־טסאָנג האָט קודם כל זיך גענומען צו מאַכען אַ נייע פערטיילונג פון ערד־אייגענטום. נאָך זיין נייער אָרדנונג האָט יעדערער בעקומען נאָר אַזוי פיעל ערד, ווי פיעל ער האָט געקענט אַליין אָדער מיט די מיטגלידער פון זיין פאַמיליע בעאַרבייטען. קיינער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט פערדינגען אַ טייל פון זיין ערד צו אַן אַנדערען, יענער זאָל דאָס בעאַרבייטען. דערמיט איז אָפּגעשאַפט געוואָרען יעדע מעגליכקייט צו בעזיצען גרויס־גיטער. ער האָט צוזאַמענגעקליבען די בעסטע געזעצען פון די פריהערדיגע קעניגען און האָט פון זיי געמאַכט אַ קאָדעקס (געזעץ־בוך). אויך אין ציוויל־דינסט האָט ער איינגעפיהרט גרויסע רעפאָרמעס.

עס פערשטעהט זיך, דאָס די פירסטען פון די פערשיידענע שטאַאטען און די וואַסאַלען זיינען געווען געגען אַלע אַזעלכע רעפאָרמעס. אום ער זאָל אין שטאַנד זיין זיי דורכצופיהרען, האָט ער געמוזט האָבען אַ גוט אָרגאַניזירטע שטענדיגע אַרמעע, וועלכע זאָל איהם העלפען אין זיינע אונטערנעהמונגען און העלפען זיינע פּלענער מיט גוואַלד דורכצופיהרען, וואו ער וועט בעגעגנען אַ ווידערשטאַנד פון דער זייט פון וועלכע עס איז פירסטען אָדער וואַסאַלען. דער כינעזישער בויער איז אימער געווען אַ גוטער קריגער, ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו שטרייטען מיט אַן אויסערווערטיגען פיינד. אָבער ער האָט אין גרונד געהאַסט קריג, ער האָט פערלאָזען זיין סאָכע נאָר אין אַ גרויסער נויט, און דעריבער האָט איהם געפעהלט די נעטיגע איבונג אין דער קריגס־קונסט און איבערהויפּט איז איהם שווער געווען זיך צו געוועהנען צו דער דיסציפּלין, וועלכע איז אַזוי נעטיג אין דיזער הינזיכט. און

גראַדע יעצט האָבען איבער־אַ־נייס די אויסערע פיינד אָנגעהויבען צו בעאונ־רוהיגען דאָס כינעזישע פאָלק. די טערקען און די טאַטאַרען האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען אָנפאַלען אויף דאָס לאַנד פון מערב און פון צפון און האָבען אָנגעהויבען צו פערכאַפּען כינעזישען באָדען ביי די גרענצען און זיך דאָרט בעזעצען. טאַי־טסאָנג האָט צוזאַמען געשטעלט אַ שטענדיגע אַר־מעע פון 900,000 מאַן, וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין רעגימענטען פון 1,200, 1,000 און 800 מאַן. צוזאַמען זיינען געווען אין דער גאַנצער אַר־מעע 895 רעגימענטען. פון דיזע רעגימענטען האָט ער 634 בעשטימט צו האַלטען אָרדנונג אין לאַנד זעלבסט, צו צווינגען די וואַסאַלען נאָכצוקומען זיינע רעפאָרמעס, און 261 רעגימענטען האָט ער געהאַלטען אָפּצושטויסען די אָנפאַלען פון די אויסערע פיינד. ביי דיזער איינריכטונג האָט ער שטאַרק פערבעסערט די בעוואָפנונג פון די סאָלדאַטען, ער האָט געזאָרגט צו שאַפען פיר די אַרמעע וויכטיגע אָפיצערען און האָט איינגעאָרדענט אַ קריגס־געריכט, וועלכעס האָט געהאַט צו טאָן נאָר מיט קריגס־אָנגעלעגענהייטען, און מיט פראָצעסען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער אַרמעע. ער פלעגט זעהר אָפט מאַכען מיליטערישע איבונגען און פלעגט מיט זיין אייגענער האַנט בעשענקען די סאָלדאַטען אָדער די אונטער־אָפיצערען, וואָס האָבען זיך אויס־געצייכענט ביי דיזע איבונגען. ער פלעגט זיך זעהר אָפט אונטערהאַלטען מיט די נידריגסטע סאָלדאַטען און איז געווען קאָלטבלוטיג צו אַלע סאָר־טען געפאַהרען. איינמאָל האָט איהם אַ מיניסטער אויפמערקזאַם געמאַכט, דאָס ער ברויכט זיך מעהר צו היטען פון זיינע שונאים. דערויף האָט ער געענטפערט: „איך רעכען, אז איך געפין זיך ווי אַ פאָטער צווישען זיינע קינדער, פאַר וואָס אַלזאָ זאָל איך מורא האָבען?”

נאָך איידער ער האָט זיין אָרגאַניזאַציאָן געענדיגט, זיינען די טאַטאַרען בעפאַלען דאָס לאַנד, האָבען פערוויסטעט און פערניכטעט די פעלדער, און זיי האָבען שוין געהאַלטען ניט ווייט פון די טויערן פון דער הויפּטשטאָדט. דאַן האָט ער געפּרובירט אַ דיפּלאָמאַטישע המצאה. ער האָט נעמליך גע־וואַגט אַליין, בלויז אין דער בעגלייטונג פון איינינגע פון זיינע טרייע דינער, צו רייטען אין דעם לאַגער פון פיינד. דאָרט האָט ער זיי גע'מוסר'ט פיר זייער ברעכען די שבועה, וואָס זיי האָבען געגעבען צו די כינעזער ביי דעם לעצטען פרידענס־אָפּמאַך מיט זיי. „איז עס שעהן פיר אַ געוועהנליכען עהרליכען מאַן, איך וועל שוין ניט זאָגען פיר אַ פירסט, אַזוי צו האַנדלען, ווי איהר האַנדעלט?” האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטאַרישען כאַן. „וועט זיך עס ערלויבען צו טאָן, וואָס איהר טוט, אַ מאַן, וואָס האָט אין זיך אַ פונק

פון עהרע? ווען איהר האָט פערגעסען די טובות, וואָס איהר האָט פון מיינע הענט ערהאַלטען, זאָלט איהר זיך וועניגסטענס ניט פערגעסען אייער שבועה, וואָס איהר האָט געגעבען ביים לעצטען אָפּמאַך צווישען אונז". די כינעזישע היסטאָריקער ערצעהלען, דאָס דיזע ווערטער צוזאַמען מיט דער מאַיעסטעטי-שער ערשיינונג פון דיזען מערקווירדיגען קייזער האָבען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די טאַטאַרען און זיי האָבען צוריקגעקעהרט און האָבען די כי-נעזער געלאָזען צורוה. עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ נייער פרידען צווי-שען די כינעזער און די טאַטאַרען אויף דעם בריק פון דעם טייך וועי־קוי, און אום צו פערהייליגען דעם נייעם בונד האָט מען געאָפּפערט אַ פערד. דיזע ערצעהלונג איז אַ ביסעל צוגעפּוצט מיט פאַנטאַזיע און די וואהר-הייט איז, דאָס טאַי־טסאָנג האָט געגעבען די טאַטאַרען אַ היבשע סומע געלד, זיי זאָלען זיך צוריקציהען. דאָס איז געווען דער איינציגער פאַל, וואָס טאַי־טסאָנג האָט זיך אויסגעקויפט פון אַ פיינד מיט געלד.

די טאַטאַרען האָבען דעם נייעם אָפּמאַך מיט די כינעזער ניט לאַנג גע-האַלטען. טאַי־טסאָנג איז אָבער דערווייל געוואָרען פערטיג מיט דעם צוזאַמענ-שטעלען זיין אַרמעע, און האָט זיך מקדים געווען צו בעפאַלען די טאַטאַרען אין זייער לאַנד, און האָט מיט זיין גרויסער מיליטערישער מאַכט אזוי צו-קלאַפּט די נאָמאַדען, דאָס אַלע זייערע כאַנען (קעניגען) זיינען איהם געוואָרען אונטערטעניג. אויף אַ גרויסער פערזאַמלונג איז ער אָנערקענט געוואָרען אַלס פאַן איבער אַלע כאַנען אונטער דעם טיטעל ט י ע ן ־ ק א ן, וואָס בע-דייט הימלישער הערשער. דאָס איז געווען דאָס ערסטע מאָל, וואָס די כינע-זישע הערשער האָבען אונטערוואָרפען אונטער זייער מאַכט דיזע נאָמאַדען־פעלקער און ביז היינטיגען טאָג הערשען זיי איבער די טאַטאַרען אונטער דעם זעלבען מיטעל. עס איז דאַמאָלס בעשטימט געוואָרען פיר די טאַטאַרען אַ נייע פּראָווינץ, וועלכע דער קייזער טאַי־טסאָנג האָט איבערגעגעבען אין די הענט פון זיין טרייען קריגס־קאָמאַנדיר לי־כי־טסי, ער זאָל זיין דאָרט אַלס וועכטער פון די מערב־גרענצען. פון דאַמאָלס אָן איז דער רוהם פון כינא בעקאַנט געוואָרען צווישען די בענאַכבאַרטע פעלקער.

אויך די טערקען האָט ער צוריקגעשטויסען. אין יאָהר 634 איז געקומען אַ געזאַנדטשאַפט פון טיבעט צו טאַי־טסאָנג אין סינג־אַן פון דעם פירסט סאַנפאָו, וועלכער האָט געבעטען אַ כינעזישע פּרינצעסין, זי זאָל הייראַטען מיט איהם. טאַי־טסאָנג האָט איהם ענטזאַגט אין דיזער ביטע, ווייל די טי-בעטאַנער זיינען נאָך געווען באַרבאַרען. דער פירסט סאַנפאָו האָט זיך גע-פיהלט בעליידיגט און האָט ערקלערט קריג צו כינא. אָבער טאַי־טסאָנג האָט

איהם אין איין שלאַכט פערניכטעט און האָט איהם אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט. סאַנפּאָו מיט זיין פאָלק האָט אָנגענומען די כינעזישע קולטור, און דאַן האָט איהם טאַי־טסאָנג געגעבען זיין טאָכטער פיר אַ פרוי.

טאַי־טסאָנג האָט געוואָלט אונטערוואַרפען קאָרעאָ, אָבער דיזע אונטערנעהמונג איז איהם ניט געלונגען. די קאָרעאַנער זיינען געווען אַ זעהר מוטיגעס פאָלק און האָבען פערטיידיגט זייער אונאַבהענגיגקייט מיט אַלע זייערע קרעפטען. די קאָרעאַנער האָט פיעל געהאָלפען זייער געאָגראַפישע לאַגע, וואָס זיי זיינען אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט'ן ים. טאַי־טסאָנג האָט זיי געקענט אַטאַקירען נאָר פון דער זייט פון דער יבשה און זיי האָבען געקענט אין יענעם פונקט קאָנצענטרירען אַלע זייערע קרעפטען געגען די כינעזער, וועלכע האָבען קיין פלאָטע ניט געהאַט צו שטרייטען מיט די קאָרעאַנער ביי דער ים־זייט.

אויך אין אינערען פון לאַנד האָט טאַי־טסאָנג פיעל געהאַט צו טאָן מיט די וואַסאַלען ביז ער האָט דאָרטען איינגעבראַכט אָרדנונג. טאַי־טסאָנג איז געווען ניט נאָר אַ בעריהמטער קאָמאַנדיר, נאָר ער איז אויך געווען אַ מענש מיט ערהאַבענע זיטען און שטאַרק בעוואַנדערט אין וויסענשאַפטען. ער איז געווען פיר די כינעזער דאָס זעלבע וואָס מאַרקוס אורעליוס דער פילאָזאָף איז געווען פיר די רוימער. און דאָס האָט איהם פערשאַפט זעהר פיעל עהרע און ליבע אין די אויגען פון די כינעזער. ער האָט אויסגעבויט אַ זעהר פּרעכטיגע אוניווערזיטעט אין לאַנד און האָט געצוואונגען די בעאַמטע זיי זאָלען שיקען זייערע זיהן אַהין צו שטודירען. ער האָט זיך שטאַרק בעשעפטיגט מיט שטודירען די קלאַסיקער, ער איז אָבער ווייט געווען פון אַפּיקורסישע געדאַנקען און האָט זיך אין אַלגעמיין ניט בעשעפטיגט מיט רעליגיאָנס־זאַכען. זיין טעטיגקייט איז געווען אונערמידליך און צו בעוואונדערן. די היסטאָריקער פון זיין צייט זאָגען, דאָס אויף דעם כינעזישען טראָן איז נאָך קיין מאָל ניט געזעסען אַזאַ טעטיגער קייזער, ווי טאַי־טסאָנג. ער האָט אַליין געפיהרט אַלע רעגירונגס־געשעפטען, יעדען טאָג האָט ער געהאַט וועגען עטוואָס זיך מיט זיינע מיניסטאָרען צו בעראַטען, ער האָט רוהיג צוגעהערט זייערע אַרגומענטען, און ווען עס איז נעטיג געווען האָט ער אויך רוהיג בעוויזען זייערע פאַלשע מיינונגען. ער פלעגט איבערהויפּט ליבען די דינער און בעאַמטע, וואָס האָבען פיינד געהאַט חניפה. פּרינצען, מיוחסים, וואָס האָבען קיין אייגענע פערדינסטען ניט געהאַט, האָט ער ווייניג געשעצט, דערפאַר האָט ער געוואוסט אויסצוזוכען טיכטיגע אָפּי-

צערען אָדער ציוויל־בעאַמטע און האָט זיי געגעבען גוטע שטעלעס מיט גוטען געהאַלט, אום זיי אָנצוהאַלטען אין זיין רעגירונג.

ער איז געווען אַ פיינד פון לוקסוס און אויסגעלאַסענהייט. באַלד ווי ער האָט בעשטיגען דעם טראָן האָט ער אַרויסגעשיקט פון הארעם 2,000 ווייבער. ער האָט געליבט נאָר איין פרוי, טשאַנג־סון, וועלכע איז געווען זיין איינציגע לעבענס־בעגלייטערין; זי איז געווען אַ פרוי מיט אַן עהרליכען כאַראַקטער, ווי ער, און איז געווען גייסטיג אויך זעהר שטאַרק ענטוויקעלט. זי איז געווען הויך געבילדעט און האָט גרינדליך געשטודירט די שטאַאַטס־ויסענשאַפט. דאָך האָט זי זיך קיינמאָל ניט געמישט אין שטאַאַטס־געשעפטען, אפילו ווען מען האָט זי איינגעלאַדען אָנטייל צו נעהמען אין לעזען אַ געוויסע פּאָליטישע אָדער שטאַאַטליכע פראַגע. זי האָט מיט איהר שענהייט און ווייבליכען חן יעדען בעצויבערט, אָבער זי האָט איהר ווייבליכען צויבער געברויכט נאָר דאַן, ווען עס איז נעטיג געווען אַן אונשולדיגען צו בעשיצען און צו פערטיידיגען. זי האָט געטרויסט איהר מאַן, ווען ער האָט געליטען און איז געווען אין אַ קריטישער לאַגע. ווען איהם האָט געטראָפען אַ גליק, האָט זי איהם ניט דערלאָזען, ער זאָל ווערען צו שטאָלץ פון זיין גליק. זי האָט איהם אויך געלערנט זיינע ליידענשאַפטען צו בעקעמפען. צום אונגליק איז דער עלטערער זוהן פון דיזע צוויי בעריהמטע עהרווירדיגע מענשען געווען אַן אויסגעלאַסענער און פערדאָרבענער מענש, און האָט זיי פיעל ליידען פערשאַפט. אויך די קעניגין טשאַנג־סון איז געווען פריי פון רעליגיעזען אַבערגלויבען און פאָראורטייל. פאַר איהר טויט האָט זי אָנגעזאָגט מען זאָל קיין רעליגיעזע צערעמאָניעס ניט פראַווען ביי איהר קבורה, און האָט פערבאָטען מען זאָל איהר שטעלען גרויסע אָדער קליינע מאָנומענטען, נאָר אַן איינפאַכע מצבה. דאָס כינעזישע פאָלק שעצט און עהרט איהר אַנדענקען אַלס אַ מוסטער פון אַ טרייער פרוי. צו איהר ווערט צוגעשריבען דער גרעסטער טייל פון דעם בעריהמטען כינעזישען בוך, וואָס איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „דער גאָלדענער שפּיגעל", און וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען טאַי־טסאָנג אַלס פערפאַסער. דער אינהאַלט פון דיזען בוך איז אַ גאַנצע רייהע פון לעבענס־רעגלען, וועלכע זי האָט דאָרט אַריינגעבראַכט. איינער פון איהרע שפּרוכען איז דאָרט: „דער גאַנצער ווערט פון אַ מענשען, און איבערהויפּט פון אַ פירסט און אַ רעגירער, איז טוגענד (מעשים טובים), און ניט זיין גלאַנץ, זיין רייכטום און זיין אָרט אין דער געזעלשאַפט". זי איז געווען איהר מאַן'ס בעסטער ראַט־געבער און אַלס זי איז געשטאָרבען איז מיט איהר אַלעס פיר איהם אָפּגעשטאָרבען.

ער האָט מעהר צו קיין זאַך אין דער וועלט ניט געפיהלט וועלכע עס איז לעבענס־לוסט, פיר איהם איז קיין גליק אין דער וועלט ניט געווען.

די כינעזישע היסטאָריקער ערצעהלען זעהר פיעלע געשיכטען וועגען דעם פערזענליכען מוט פון טאַי־טסאָנג. ער האָט זעהר ליב געהאַט די יאַגד און פלעגט זעהר אָפט זיין לעבען אין סכנה איינשטעלען ביי דער יאַגד. מען ערצעהלט, דאָס ער האָט אַמאָל אַליין דערשלאָגען אַ ווילדען שוויין. איין מאָל איז איהם בעפאַלען אַ טאַטאַרישער וואַסאַל און האָט איהם געוואָלט ערמאָרדען. אָבער טאַי־טסאָנג האָט מנצח געווען זיין אָנגרייפער און האָט איהם ערשלאָגען. זיין אייגענער זוהן, דער טראָן־פאָלגער האָט איהם אויך געוואָלט ערמאָרדען, אום גיכער צו ירש'ענען דעם טראָן, אָבער ער איז פון זיין אָנגריף ניצול געוואָרען, און האָט איהם דערפאַר אָפּגעזאָגט פון ירושה, און דער תכשיט איז נאָך דעם אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען פון דער סצע-נע פון דער כינעזישער געשיכטע.

טאַי־טסאָנג איז געווען אַ גרויסער פערעהרער פון קאָנפוציוס'ן. ער האָט איהם גערעכענט פיר דעם גרעסטען און קלוגסטען שטאַאטסמאַן אין דיער וועלט. טאַי־טסאָנג האָט געלעבט זעהר שפּאָרזאַם, אָבער אין אויסגאַ-בען פיר קונסט, וויסענשאַפט און נוצליכע בנינים פיר דאָס פאָלק, האָט ער קיין געלט ניט געשפּאָרט. די ליטעראַטור אין זיין צייט האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופע, אויף וועלכער זי איז נאָך קיינמאָל פריהער ניט געשטאַ-נען. ביי די עקזאַמענס אין די אוניווערזיטעטען איז דער קייזער זעלבסט אי-מער אָנוועזענד געווען. ער פלעגט זעהר אָפט אויפגעבען פלענער, ווי צו אויס-בעסערן דאָס לעהר־סיסטעם. אום דעם מסחר צו פערברייטערן, האָט ער געלאָזט מאַכען נייע וועגען, נייע שאָסעען און קאַנאַלען. ער האָט איינגע-טיילט דאָס גאַנצע לאַנד אין 358 דיסטריקטען אום עס זאָל בעקוועמער זיין צו רעגירען. דער צושטאַנד פון לאַנד האָט זיך אַזוי ווייט געבעסערט אין זיין צייט, דאָס אין דיזע דיסטריקטען זיינען געווען ביז 1,800 גרעסערע שטעדט. זיין נאָמען האָט זיך געהערט אין ווייטע לענדער. פון פּערסיען, פון אינדיען, פון די לענדער, וואָס זיינען געלעגען צו צפון פון קאַספּישען מעער — פון איבעראַל, זיינען געקומען געזאַנדטע אום אין נאָמען פון זייערע קעניגען איהם עהרע צו געבען. דער קייזערליכער זאַל איז געווען פול מיט געזאַנדטע פון זעהר פיעלע נאַציאָנען, אָנגעטאָן אין פערשיידענע נאַציאָנאַלע קליידער אום צו גריסען דעם הויכגעשעצטען קייזער. כינא האָט קיינמאָל ביז דאַן ניט געזעהן אַזאַ פּראַכט. טאַי־טסאָנג איז געווען דער גליקליכסטער

און גרעסטער קייזער, וועלכער עס איז ווען עס איז געווען אין כינא. אלע זיינע טאטען בעווייזען, דאס אין איהם איז געווען א נשמה פון א גרויסען רעגירער. ער איז געווען דער ערסטער גענעראל אין זיין צייט, דיזעס האט ער בעוויזען אין דעם קאמף מיט די טערקען. ער איז געווען א גרויסער שטאאטסמאן, ניט אום קריג צו מאכען, נאר אום פרידען פעסטצושטעלען, און דעם צארן פון גרעסטען שונא צו שטילען. אבער פיעל גרעסער איז ער געווען אין זיין אייגענעם לאנד. דא איז ער געווען דער פאטער פון זיינע אונטערטאנען, א רעגירער, וועלכער האט אלעם אליין בעזארגט און אכטונג געגעבען, וועלכער האט מיט אלץ געאפפערט אום דאס לאנד גליקליך צו מאכען, וועלכער איז געווען ווייט פון עגאאיזמוס, און האט זיין גאנצעס לעבען דעם פאלק געווידמעט. דערצו איז ער געווען אונגעוועהנליך בעשיידען, מעסיג, וואהרהייטס־ליבענד, און אונטער אלע אומשטענדען האט ער ארויסגעצייגט א קלארען, פרעהליכען זין, אזוי דאס מען קען מיט זיכערהייט זאגען, דאס ער איז געווען א זעלטענער הערשער אין דער וועלט. דאס פאלק האט געטרויערט נאך איהם, ווי נאך א פאטער, און די צוויי טערקישע פירסטען, וועלכע האבען געלעבט אין טאי־טסאנג'ס הויף און האבען געהאט די מעגליכקייט אלע זיינע בעוועגונגען צו בעטראכטען, האבען געוואלט זיך דאס לעבען נעהמען ביי זיין קבר — אזוי גרויס איז געווען זייער קומער איבער דעם טויט פון זייער געליבטען קייזער. נאר מען האט עס זיי ניט ערלויבט צו טאן.

די אלטע כינעזער האבען געהאט ניט נאר גרויסע רעגירער, נאר זיי האבען אויך געהאט פיעלע איינצעלנע גרויסע העלדען, ווי אויך גאנצע העלדישע פעלקערשאפטען. די בעפעלקערונגען פון זעהר פיעלע שטעדט האבען פיעלע מאל זיך געלאזען אוועקלעגען ביז דעם לעצטען מאן, אדער זיינען פון הונגער צושטארבען, און האבען ניט געעפענט די טויערן פון שטאדט פיר דעם פיינד, וועלכער האט זיי בעלאגערט. אין יאהר 715 זיינען די טאטארען פון מזרח בעפאלען כינא. אין איינעם פון זייערע שטרייטען האבען זיי געפאנגען א כינעזישען גענעראל. אלס זיי האבען בעלאגערט א שטאדט און זיי האבען דיזען געפאנגענעם גענעראל צוגעפיהרט נאהענט צו דער מויער פון שטאדט, אום ער זאל די בעלאגערטע איינרעדען זיך אונטערצוגעבען, האט ער אויסגעשריען צו זיי: „לאזט אייך ניט איבעררעדען צו איבערגעבען די שטאדט דעם פיינד, עס וועלען באלד קומען צו אייך הילפס־טרופען". אלס די טאטארען האבען עס דערהערט, האבען זיי איהם מיט זייערע שווערדען אין שטיקער צוהאקט. אט איז נאך א ביישפיעל פון גרויס-

מוט און זעלבסט־אָפּפער. דער עלטעסטער זוהן פון דעם קייזער יו־אַי־טסאַנג פון דער טאַנג־דינאַסטיע האָט זיך פרייוויליג אָפּגעזאָגט פון טראָן, וועלכער האָט געהערט צו איהם אַלס דער עלטעסטער זוהן, און האָט עס איבערגעגעבען צו זיין אינגערען ברודער, ווייל ער האָט זיך איבערציינגט, דאָס דיזער איז מעהר פעהיג צו רעגירען פון איהם.

אין יאָהר 714 האָבען אַראַבישע שיפען צום ערסטען מאָל בעזוכט די כינעזישע ברעגען און האָבען געבראַכט פיעלע געווירצען און פערל אין לאַנד. אָבער דער קייזער יו־אַי־טסאַנג האָט געפיהרט אַ זעהר מעסיגעס און שפּאָרזאַמעס לעבען ווי אַ פּריוואַט־מאַן, און דער הויף האָט פון אַזעלכע טייערע זאַכען ניט געוואָלט וויסען און האָט פון די אַראַבער גאָרניט געקויפט.

דאָס לאַנד איז געבליבען אויף דער הויכער שטופע פון גליק, אויף וועלכער טאַי־טסאַנג האָט עס געבראַכט, אויך אין פערלויף פון דער צייט פון דער רעגירונג פון די נעכסטע מעכטיגע קיסרים. אָבער מיט דער צייט האָבען די אויסערע פיינד וויעדער אָנגעפאַנגען צו בעאונרוהיגען כינאַ. די טאַטאַרען, די טיבעטאַנער, די קאָרעאַנער מיט זייערע בונד־חברים די יאַפּאַנעזער, האָבען אָנגעפאַנגען צו בעאונרוהיגען כינאַ מעהר און מעהר. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די אונרוהען אין לאַנד זעלבסט פון די וואַסאַלען, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו רייסען צווישען זיך, און דיזע רייסערייען האָבען געפיהרט צו אָפטע אויפשטענדען. דיזע אָפטע אויפשטענדען און אונרוהען, איבערהויפּט אין די צייטען פון די קיסרים מינג־טו, וועלכער האָט געהערשט פון יאָהר 722 ביז 756 נ. קר., סאָו־טסונג (756—763) און טאַי־טסאַנג דעם 2טען, האָבען געבראַכט דאָס לאַנד צום ברעג פון אָפּגרונד. דיזע אַלע קיסרים זיינען בעוואוסט מיט זייער שוואַכקייט, הגם זיי האָבען פיעל גוטעס געטאָן דעם פאָלק. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מינג־טי געגרינדעט די האַנלין־אַקאַדעמיע, ווי אויך די ערסטע גאַזעטע אין דער וועלט, די „פּעקינגער שטאַאַטס־צייטונג”. דיזע ביידע: די אַקאַדעמיע און די צייטונג, עקסיסטירען נאָך עד היום. אונטער סאָו־טסונג האָט מען אין כינאַ צום ערסטען מאָל איינגעפיהרט אַרטילעריע אין דער אַרמעע. וועגען טאַי־טסאַנג דעם 2טען ערצעהלט מען, דאָס אין זיין צייט האָט דער קייזער געהייסען צעהלען דאָס פאָלק, און מען האָט אויסגעפונען, דאָס דורך שווערד, פּעסט, אויפשטאַנד און הונגער־נויט זיינען צושטאָרבען מעהר פון אַ העלפט פון די איינוואוינער. און באמת האָט זיך דאַמאָלס גערעכענט אין כינאַ ניט מעהר ווי 9 מיליאָן מענשען. אָבער די פערניכטונג פון אַזאַ מאַסע מענשען האָט געבראַכט אויך די פערניכטונג פון די אַלטע אינסטיטוציאָנען

און פיר כינאַ האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען אַ נייע ענטוויקלונגס-פּעריאָדע.

פון די אור־אַלטע צייטען איז כינאַ געווען איין אַקערבוי־שטאַאַט. דער ווירקליכער קאַפּיטאַל איז דאָרט געוועז, ווי אין אָנפאַנג אין אַטהען, דער גרונד און באָדען און די אַלע שטייער האָט מען ארויפגעלעגט אויף דעם באָדען. אָבער אין ערסטען יאָהרהונדערט נ. קר. האָבען זיך אין כינאַ אָנגע-פאַנגען צו ענטוויקלען אינדוסטריע און האַנדעל. אָבער דיזע נייע בעשעפ-טיגונג איז געווען דאַמאָלס זעהר שלעכט בעהאַנדעלט אין פערגלייך מיט דעם אַקערבוי. דער בויער איז געווען געאַכטעט, דאַגעגען דער ארבייטער, דער פאַבריקאַנט און דער האַנדעלס־מאַן זיינען געווען פעראַכטעט. לאַנגזאַם, מיט דער צייט, האָבען די כינעזישע שטאַאַטס־מענער אָנגעפאַנגען צו בע-האַנדלען די פאַבריקאַנטען און סוחרים מיט מעהר רעספּעקט, ווייל זיי האָ-בען זיך ארומגעזעהן, דאָס זיי זיינען אויך אַ זעהר גוטע קוועלע צו שעפּען פון איהם פיעל שטייער. די לעצטע צוויי קלאַסען האָבען אָנגעפאַנגען צו פאָרדערן פיר זיך מעהר רעכטען און עס איז געקומען צו אַ ביטערן קאַמף, וועלכער האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס עס זיינען געגעבען געוואָרען גליי-כע רעכטען צו אַלע קלאַסען אָהן אונטערשייד. מסחר און אינדוסטריע זיינען געוואָרען גלייכע מיוחסים מיט אַקערבוי. אין יאָהר 780 איז ארויסגעגעבען געוואָרען אַן עדיקט, לויט וועלכען אַלע שטאַנדען האָבען בעקומען גלייכע רעכטען און גלייכע פרייהייט. די שטייערן האָט מען ארויפגעלעגט אויף'ן פאָלק לויט זייער פערמעגען, קיין אונטערשייד, אויב דער פערמעגען איז בע-שטאַנען אין ערד, סחורה, אָדער באַארעס געלט. צו דיזען צוועק איז דאָס פאָלק געווען איינגעטיילט אין 9 קלאַסען, לויט זייער פערמעגען. כינאַ האָט אויסגעקעמפט די פרייהייטען פיר דאָס פאָלק נאָך אין יאָהר 780 נ. קר., וועלכע אייראָפּאַ האָט פיר איהרע בעוואוינער קוים אויסגעקעמפט אין פאָ-ריגען יאָהרהונדערט.

אָבער מיט דיזער פערניכטונג פון דער מאָנאָפּאָל פון די אַקער־בויער האָט זיך פערשאַרפט די עקאָנאָמישע פראַגע און דער סאָציאַלער קאַמף איז ברענענדער געוואָרען ווי פריהער, ווייל יעצט האָט דער בויער זיך ניט גע-פיהלט אַזוי פערפליכטעט ווי פריהער צו זיין די שטיצע פון שטאַאַט. דער האַנדעל און די אינדוסטריע האָבען זיך שטאַרק ענטוויקעלט און האָבען גע-בראַכט פיעל פּראָפיט פון דעם אַקער־בוי, און דעריבער זיינען דיזע צוויי צווייגען געוואָרען מעהר אָנציהענד פיר יעדען. פיעלע האָבען פערלאָזען זייער אַלטע בעשעפטיגונג, דעם אַקערבוי, און האָבען זיך איבערגעגעבען צו אינ-

דוסטריע און האַנדעל. די רייכע האַנדעלס־לייט האָבען זיך בענוצט מיט דיזער ענדערונג און האָבען אָנגעפאַנגען צו קויפען זעהר שנעל פיעל גרונד, און אַזוי האָבען זיך לאַנגזאַם געבילדעט גרויסע גרונד־בעזיצער, ווייל די פריהערדיגע בעשרענקונגען ביים פערקויפען גרונד־אייגענטום זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען, און די קויפער האָבען געהאַט אַ פרייע האַנט צו קויפען גרונד ווי פיעל זיי האָבען געוואָלט. דערפון האָבען זיך ענטוויקעלט נייע סאָציאַלע פראַגעס, נייע פּלאָנטערס, נייע קאַמפען אין פאָלק, און די קיסרים זיינען געווען געצוואונגען זעהר אָפט אַרויסצוגעבען נייע געזעצען אום צו רעגולירען די לאַגע פון די קליינע לאַנד־בעזיצער און זיי צו בעשיצען געגען די רויבערייען און אונגערעכטיגקייטען פון די גרויסע גוט־בעזיצער. עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ ברענענדער קאַמף צווישען די אַקערבויער און קאַפּיטאַליסטען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך ענטוויקעלט אַ קאַמף צווישען די קיסרים און די וואַסאַלען, אין וועלכע די קיסרים זיינען ענדליך געוואָרען בעזיגט און די טאַנג־דינאַסטיע איז אין 907 געפאַלען.

אונטער דער הערשאַפט פון וואו־טסאַנג (841—847) האָט זיך דער בודהיזם שטאַרק פערשפּרייט אין כינאַ, און ווייל דיזע רעליגיאָן האָט פערברייטעט צווישען איהרע אָנהענגער דאָס מאָנאַרכענטום, האָט זי אָנגעהויבען צו ווערען געפעהרליך פיר דאָס כינעזישע פאָלק. מען האָט שפּעטער צוליב דעם אונטערדריקט 4,600 טעמפּלען און מאָנאַסטירען און 260,000 מאָנאַכען און מאָנאַשקעס צוריקגעשיקט צו וועלטליכער אַרבייט.

די ליטעראַטור האָט זיך אין יענער צייט אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט אין כינאַ, ווי עס איז קיינמאָל פריהער דאָרט ניט פאָרגעקומען. פיעלע ווערק פון יענער צייט האָט מען פאָרזיכטיג בעוואַהרט ביז צו דער יעצטיגער צייט. אונטער דיזע ווערק געפינען זיך זאַמלונגען, וועלכע בעשטעהען פון הונדערטער ביכער. דאָס וויכטיגסטע דערין זיינען די לידער פון זעהר אָריגינעלע דיכטער, לידער וועלכע ווערען נאָך יעצט געלעזען מיט גרויס בעוואונדערונג, און וועלכע דריקען אויס דעם העכסטען גייסט פון כינעזישען פאָלק. די קרעפטיגע פערשטענדליכע שפּראַך, און די גרויסע פערשיידענהייט פון געגענשטענדען, וואָס ווערען בעהאַנדעלט אין דיזע ווערק, גיבען אונז אַ זעהר הויכען בעגריף פון דיזע געלעהרטע פון מיטעלאַלטער אין כינאַ. פירסטען און גרויסע בעאַמטע זוכען צו איבערשטייגען איינער דעם אַנדערן אַרויסצוברייגגען דאָס העכסטע און דאָס בעסטע פון מענשליכען גייסט אין דער ליטעראַטור. זייערע געשיכטען זיינען אָנגעקלעפּט אין עפענטליכע ערטער אום די קריטיקער זאָלען זיין אין שטאַנד אַ מיינונג וועגען זיי פריי אַרויסצוזאָגען.



אַ כינעזישע פּאַגאָדאַ (טעמפּעל) אין סי־קיאַ־ווער.

ניט אַכטענדיג אויף די אַפטע רעוואָלוציאָנען און אונאָרדנונגען האָט זיך דאָס לאַנד געפונען אין אַ זעהר בליהענדען צושטאַנד. די כינעזישע גע-שיכטע־שרייבער ערצעהלען אונז אַפילו ווייניג וועגען דעם, ווייל צו בעשריי-בען אַרבייט־פלייסיגקייט פון פאָלק האָבען זיי בעטראַכט אַלס צו נידריג פיר זייער פעדער. פיר זיי האָט מעהר אינטערעס געהאַט צו בעשרייבען די אינ-טריגעס פון קייזערליכען הויף אָדער די שטרייטיגקייטען פון די גרויסע צווישען זיך. אָבער פון די אַראַבער ערפאַהרען מיר, דאָס זיי האָבען אין כינאַ געפונען מעהר בליהענדע שטעדט, אין וועלכע דער האַנדעל איז געווען שטאַרק ענטוויקעלט. די אַראַבער האָבען ענטדעקט דעם וועג נאָך כינאַ, און האָ-בען זיך בעזעצט אין אַ האַפען, וואָס איז דאַמאָלס געווען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ק אַ ן ־ פ ו (דאָס איז וואהרשיינליך די שטאָדט קאַנטאָן), און האָבען פון דאָרט געטריבען אַ גרויסען האַנדעל אין פערשיידענע שטעדט. די מאַנדאַרינען אָבער האָבען זיי שטאַרק געדריקט און געפרעסט, און זיי האָבען געמוזט צאָהלען 30 פּראָצענט פון יעדער סחורה, וואָס זיי האָבען אַריינגעבראַכט אין לאַנד (כינאַ). אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציאָן איז דיזער האַנדעלס־פּונקט צושטערט געוואָרען און האָט שוין מעהר ניט צוריק אויפגעבליהט. די אַראַבער האָבען פּראָפּאַגאַנדירט אין כינאַ דעם איסלאַם, און זיי איז ווירקליך געלונגען צו געווינען פיר די נייע רעליגיאָן טויזענדער אָנהענגער. די אַראַבער האָבען שטאַרק בעוואונדערט דאָס סיסטעם פון די כינעזער און זייער לעבען, די אָרדנונג, דעם פלייס, די פּינקטליכע ערפילונג פון געזעצען, דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד — דאָס אַלעס האָבען זיי בע-טראַכט מיט גרויס ערשטוינען. די אַראַבער האָבען געפונען אַ גרויסע צאָהל שטעדט, איבערהויפּט אַרום די ברעגען, אין וועלכע דער האַנדעל האָט שטאַרק געבליהט; דער ים האָט געשוויבעלט מיט אַן אונגעהייערער צאָהל שיפלאָך, די נאַציאָן אין אַלגעמיין איז געווען זעהר רייך געקליידעט, פיעלע אין זיידענע קליידער, אַלע זיינען געווען פריי, און אַפילו דער געמיינער מאַן האָט בעזעסען גרויסע פרייהייט. זיי האָבען געשילדערט די קולטור פון די כינעזער און זעהר אַ שעהנעם גלאַנץ. זיי האָבען געמאַכט אַ פערגלייך צווישען כינאַ און אַנ-דערע דערבייאיגע לענדער און האָבען געגעבען אַ גרויסען פאָרצוג צו כינאַ. מערקווירדיג איז, דאָס דער צושטאַנד פון כינאַ אין היינטיגער צייט איז ניט פיעל אַנדערס פון דעם צושטאַנד, אין וועלכען זי איז געווען מיט אונ-געפעהר 1,000 יאָהר צוריק, אין דער צייט ווען די אַראַבער האָבען זי בע-שריבען. דער זעלבער פלייס פיר אַרבייט, די זעלבע שולעס, די זעלבע ליבע

צום אַקערבוי, דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער גייסט געגען אונטערדריקונג, און די זעלבע שווינדלען אונטער די מאַנדארינען ווי פאַר 1,000 יאָהר צוריק.

**די סונג־דינאַסטיע** (967—1279). נאָך דער טאַנג־דינאַסטיע האָבען אין פערלויף פון א גאַנץ קורצער צייט, נעמליך פון 907 ביז 967, זיך



א כינעזישער שול־לעהרער.

געביטען פיעלע דינאַסטיעס. זיי זיינען אַלע געווען זעהר אונבעדייטענד און האָבען נאָר די אונאָרדנונג אין לאַנד פערגרעסערט. ענדליך איז ארויף אויף דעם כינעזישען טראָן דער מעכטיגער קייזער טאַי־טסו, וועלכער האָט די וואסאַלען אונטערדריקט און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבען בליהען פון דאָס

ניי. ער האָט געגרינדעט די ס ו נ ג = ד י נ א ס ט י ע. די אונאָרדנונג, וועלכע האָט געהערשט אין לאַנד איבער 700 יאָהר, האָט ער אָפּגעשאַפט, ווייל ער האָט געוואוסט וואו די וואָרצלען פון אַלע צרות זיינען. דיזע האָט ער מיט אַ מעכטיגער האַנט אויסגעריסען און פערניכטעט. די גובערנאַטאָרען אין די פּראָווינצען האָבען געהאַט צו פיעל מאַכט און זעלבשטענדיגקייט. טאַ=אי=טסו האָט פריהער פון אַלץ ביי זיי אָפּגענומען דאָס רעכט צו שטראָפען וועמען עס איז מיט טויט=שטראָף, ווייל זיי האָבען עס זעהר אָפט מיס-ברויכט פיר זייערע אייגענע נוצען, אום אַריינצוכאַפּען צו פיעל מאַכט אין זייערע הענט. דיזעם רעכט, צו בעשטראָפען אַ פערברעכער מיט'ן טויט, איז איבערגעגעבען געוואָרען נאָר צום קייזער, און עד היום איז אין כינאַ דיזעס רעכט נאָר אין דעם קייזער'ס הענט. טאַ=אי=טסו איז עס ניט לייכט אָנ-געקומען ביי די פירסטען דיזעס רעכט אָפּצונעהמען. ער האָט מיט זיי גע-האַט אַ ביטערען קאַמף. פיעלע שטרייטען האָט ער מיט זיי געפיהרט, פיעל בלוט איז פערגאָסען געוואָרען, ביז ער האָט ענדליך די מאַכט פון די פירסטען געבראָכען און האָט די געווינשטע רעפאָרמע דורכגעפיהרט. ער האָט אָנגע-זאָגט, דאָס די טירען און טויערן פון זיין פּאַלאַץ זאָלען אימער זיין אָפען פיר דאָס פאָלק, וואָס קומט צו איהם מיט אַ געבעט אָדער מיט אַ קלאַגע; אַזוי דאָס אפילו דער אָרימסטער פון זיינע אונטערטאַנען זאָל האָבען פרייען צו-טריט צו איהם. ער האָט געזאָגט: „מיין הויז זאָל זיין גלייך צו מיין האַרץ, וועלכע איז אָפען צו אַלע מיינע אונטערטאַנען".

אונטער די קיסרים פון דער סונג=דינאַסטיע האָבען אַלע שטאַאטסמענער געשטרעבט דערצו, דאָס אַלע געפאַהרען, וואָס האָבען געדראָהעט דעם בויערן=שטאַנד, זאָלען בעזייטיגט ווערען, און ער זאָל בעקומען די פולע מעגליכקייט זיין לעבענס=פעהיגקייט פריי, אָהן שטערונגען, צו ענטוויקלען. ער האָט גע-אָרדענט, דאָס די לענדער און גיטער, וואָס געהערען צו דער רעגירונג, זאָל מען פערדינגען פיר אַ קליינע סומע צו אָרימע בויערן, אָבער מען זאָל זיי ניט אָפּגעבען צו זיי אַלס אייגענטום, ווייל די רייכע און גרויסע גוטס=בעזיצער וועלען שוין געפינען אַ מיטעל, ווי זיי צו בערויבען פון זייערע פעלדער; דאָס קען אָבער ניט זיין דער פאַל, ווען מען וועט זיי נאָר פערדינגען די פעל-דער פיר אַ זעהר קליינע סומע. די סאָציאַלע פראַגע האָט זעהר אָפט בע-שעפטיגט דאָס כינעזישע פאָלק און האָט זעהר אָפט אַרויסגערופען ערנסטע אונרוהען. אונטער טשין=סאַנג דעם 2טען (1068—1086) האָט אַרויסגע-טרעטען אַ סאָציאַלער רעפאָרמאַטאָר מיט'ן נאָמען וו א נ ג = א ן = ט ש י, וועלכער האָט אַרויסגערופען אַן אונגעהייערע בעוועגונג צווישען די פאָלקס=

מאַסען. ער האָט פערלאַנגט, דאָס דער שטאַאַט זאָל נעהמען אין זיינע הענט אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דעם גאַנצען האַנדעל, די גאַנצע אינדוסטריע, און דעם אַקערבוי, און דער שטאַאַט זאָל מאַכען אַזעלכע אָרדנונגען, דאָס דער אַרבייטער זאָל בעקומען זיין גאַנצען פערדינסט און דער רייכער זאָל עס איהם ניט בערויבען. ער האָט בעוואונדערט דאָס גאַנצע לאַנד, האָט אי־בעראָל פּראָפּאַגאַנדירט זיין סאָציאַליסטישע אידעע מיט זיינע פייערדיגע רעדעס. דער קייזער האָט דיזען סאָציאַליסט ערנאַנט אַלס ערסטען מיניסטער און האָט איהם בעפולמעכטיגט זיינע פּלאַנען צו פערווירקליכען. וואַנג־אַן־טשי האָט באַלד אָנגעפאַנגען מאַכען פאָרבערייטונגען זיין פּלאַן דורכצופיה־רען. דאָס ערסטע האָט ער בעפרייט די אָרימע פון יעדער אָפּצאָהלונג. ער האָט פערטיילט לאַנד צווישען זיי. ער האָט זיי אויך די ערסטע צייט גע־געבען די נעטיגע אינסטרומענטען און זריעה צו פערזעען די פעלדער. ער האָט איינגעאָרדענט ספּעציעלע געריכטס־הייזער, וועלכע האָבען געהאַט זייער פליכט אַכטונג צו געבען, דאָס די אַקערבויער זאָלען אין קיין זאַך ניט האָבען קיין שטערונגען און דאָס קיינער זאָל זיי ניט עקספּלואַטירען. ער האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדעט זיינע פּלאַנען דורכצופיהרען, וועלכע זיינען איבערהויפּט בעשטאַנען דערין, דאָס עס זאָלען אין שטאַאַט זיך ניט געפינען קיין רייכע און קיין אָרימע. אָבער זיינע בעמיהונגען האָבען ניט געהאַט קיין ערפאָלג, ווייל זיינע פּלאַנען זיינען געווען געגען די נאַטירליכע ענטוויקלונגס־פערהעלט־ניסען. א פאָלק וועט קיינמאָל ניט דערלאַנגען פרייהייט און בעסערע לעבענס־בעדינגונגען, ווען עס האָט זעלבסט ניט געקעמפּט פיר זיי. אַן איינצעלנער מענש, מעג ער זיין דער גרעסטער אין דער וועלט, קען ניט געבען א פאָלק פרייהייטס־געשענקען. גרויסע וויכטיגע איבערקעהרעניסען אין א לאַנד מו־זען פון פאָלק זעלבסט געמאַכט ווערען, זיי קענען זיך ניט קינסטליך צו קלע־פּען צו א פאָלק. די רעפאָרמאַטאָרישע אידעען פון וואַנג־אַן־טשי האָבען אפילו געפונען אַן אונגעהייערען בייפאַל, אָבער זיי זיינען ניט געבאָרען גע־וואָרען אין פאָלק זעלבסט, און דעריבער האָט דאָס פאָלק געמוזט אָפּטרעטען דעם וועג צו אַנדערע שטאַרקערע שטרעמונגען. איהם האָבען אויך געשאַדעט צו דורכפיהרען זיינע פּלאַנען נאַטירליכע אונגליקען, ווי: איבער־שוועמונ־גען, הונגער, ניט קיין גוראַטענע יאָהרען אויף די פעלדער. דערצו האָט ער געהאַט פיעלע געגנער, וועלכע האָבען זיך אַלע מיה געגעבען איהם צו שטערען דורכצופיהרען זיינע אונטערנעהמונגען. אָבער זיין נאָמען און זיינע טהעאָריען ווערען נאָך עד היום געשעצט ביי זיינע לאַנדסלייט, און פיעלע האַלטען איהם פיר דעם גרעסטען חכם און שטאַאַטסמאַן.

ביי דעם צפון־גרענעץ פון כינא האָבען די קיטאַנען (אַ טאַטאַרישער שטאַם) געגרינדעט זינט דעם 10טען יאָהרהונדערט אַן אייגענע דינאַסטיע אין זייער הויפּטשטאָדט לע־אָו־טונג. הגם די קיטאַנען האָבען זעהר אָפט געשטריטען מיט די כינעזער, זיינען זיי דאָך געווען אַ שוץ פיר כינא געגען די באַרבאַרען, וואָס האָבען געוואוינט אין צפון. צווישען דיזע באַרבאַרען האָט זיך אויפגעהויבען אין אָנפאַנג פון 12טען יאָהרהונדערט אַ שרעקליכער פיינד, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען צו טאָן גרויסע צרות צו די קיטאַנען מיט די כינעזער צוזאַמען. דאָס איז געווען דער טאַטאַרישער שטאַם ני־אָו־טשין. דיזער שטאַם איז געווען אונגעוועהנליך מוטיג. זיי האָבען זיך צוקריגט מיט די קיטאַנען, זיינען זיי בעפאַלען, האָבען זיי אין אַ בלוטיגער שלאַכט שרעקליך צושלאָגען און האָבען די קעניגליכע דינאַסטיע אַראָפּגעוואָרפען. דער לעצטער פירסט פון די קיטאַנען איז ענטלאָפען אין מערב, די ני־אָו־טשין אָבער האָבען איהם געכאַפּט און ערמאָרדעט. אין יאָהר 1115 האָבען די ני־אָו־טשין געגרינדעט אַן אייגענע דינאַסטיע אָנשטאָט די קיטאַנען, און האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען „קין״ (גאָלד). די קין זיינען די אור־עלטערן פון די מאַנדזשו, וועלכע הערשען היינט אין כינא, און געגען וועלכע עס געהט יעצט פאָר אַ רעוואָלוציאָן.

נאָך דעם, ווי די קין האָבען בעזיגט די קיטאַנען האָבען זיי זיך גענומען צו די כינעזער. עס איז פאָרגעקומען צווישען זיי אַ לאַנגע רייהע פון בלוטיגע שלאַכטען. דאָס ענדע אָבער איז געווען, דאָס די קין האָבען בעזיגט די כינעזער און האָבען דאָרט געגרינדעט זייער דינאַסטיע, און האָבען זיך בעזעצט אין דעם טייל פון כינא, וואָס איז געלעגען צו צפון פון האָ־אַנגאָ. די סונג־דינאַסטיע איז געבליבען הערשען אין דרום (זידליכען טייל פון לאַנד). כינא איז דאַמאָלס צושפּאָלטען געוואָרען אין 2 טייל. די קין־דינאַסטיע האָט זיך געהאַלטען פון 1115 ביז 1234. די קין האָבען פיעלע מאָל געפּרובּט אַרונטערזועצען די סונג־דינאַסטיע און בעהערשען אויך דעם זידליכען טייל, עס איז זיי אָבער דאָס ניט געלונגען און דער סוף איז געווען, דאָס די כינעזער האָבען פערטריבען די קין פון צפון און האָבען צוריק פעראייניגט דיביידע העלפטען פון כינא, צפון און דרום, ווי פריהער.

דיזע אַלע מלחמות האָבען זעהר אָפּגעשוואַכט כינא. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס זיי זיינען אַרונטערגעפאַלען אונטער דעם יאָך פון די מאָנגאָלען, וועלכע זיינען דאַמאָלס געוואָרען דער שרעק פון דער גאַנצער וועלט. לויט דער געשיכטע פון די מאָנגאָלען, זיינען די ביידע גרויסע מאָנגאָלישע זיגער, אַטטילאַ און טשינגיס־כאַן, געווען פון איינער און דער זעלבער ראַסע.

אַז דיזער בעריכט איז אמת, ווייזט די אַרט און ווייזע, ווי דיביידע העלדען האָבען געפיהרט זייערע שטרייטען.ביידענס אַרט קריג־פיהרונג איז געווען זעהר עהנליך. אין יאָהר 1135 איז אַרויסגעקומען אַ שרעקליכע פיינדשאַפט צווישען די קין און די מאָנגאָלען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ביטערער שטרייט צווישען זיי. די מאָנגאָלען־פיהרער קאַבעל־כאַן, קוטולאַ (קובלאַי), איססוגעי, האָבען ניט געהאַט קיין דויערנדען ערפאָלג. אין יאָהר 1162 איז ט ש ע נ ג י ס, דער זוהן פון איססונגעי געבאָרען געוואָרען, ער האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פון די מאָנגאָלען, ווען ער איז אַלט געוואָרען 15 יאָהר. זיין גאַנצעס לעבען איז אַ לאַנגע רייהע פון זיגען. ער האָט אונטערגענומען פעלד־צוגען אין מיטעל־ און מערב־אזיען, אין אינדיען און כינאַ. ניט איין לאַנד פון שוואַרצען מעער ביז דעם כינעזישען איז געבליבען פריי פון זיינע אָנגריפען.

טשענגיס־כאַן האָט פאָרטגעזעצט דעם קריג מיט די קין, אָבער ער האָט זיי ניט געקענט בעזיגען. ער האָט גוט פערשטאַנען, דאָס אום כינאַ איינצונעהמען מוז ער פריהער בעזיגען די צפון־פּראָווינץ היאַ, און ער האָט ווירקליך געריכטעט זיינע אָנגריפען אויף דיזען פּונקט. אַלס די קין זיינען אַרויס געגען איהם צו דיזער פּראָווינץ, האָט ער מיט זיי געוואָלט שליסען אַ בונד צוזאַמען צו בעפאַלען און איינגעהמען כינאַ. זיי אָבער האָבען איהם ניט געטרויט; זיי האָבען מורא געהאַט, דאָס זיי וועלען פערלירען זייער אונאָפּהענגיגקייט. אין יאָהר 1211 האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן צו אַלע מאָנגאָלישע שטאַמען און האָט צוזאַמענגעקליבען אַן אונגעהייערע אַרמעע מיט׳ן צוועק צו בעזיגען כינאַ. טשענגיס איז דאַמאָלס בעפאַלען די צפון־פּראָווינצען: שען־סי, שאַן־סי און פּע־טשי־לי, און צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד האָט ער פערוויסטעט דאָס גאַנצע לאַנד. אָבער די גרענעץ־פעסטונג טאַי־טאָנג און זאָגאַר די הויפּטשטאָדט פון די קין, טענג־קינג, האָבען געשטערט די מאָנגאָלען געהן ווייטער. מיט 2 יאָהר שפּעטער, נעמליך אין יאָהר 1213, האָט טשענגיס ווידער אונטערגענומען אַ פעלד־צוג געגען כינאַ דורך די פּראָווינצען פון די קין, אָבער זיי האָבען איהם פערשטעלט דעם וועג און ער האָט זיך געמוזט צוריקקעהרען צו זיין לאַנד, נאָך דער טאַטאַריי.

טשענגגיס־כאַן איז אַ דריטען מאָל אַרויס געגען די קין. דיזען מאָל איז עס איהם געלונגען אייניגע כינעזישע גענעראַלען צו געווינען אויף זיין זייט און זיי האָבען איהם געהאָלפען געגען די קין. מיט זייער הילף האָט ער איינגענומען די פעסטונג יען־קינג, אויף וועלכען אָרט עס שטעהט היינט די שטאָדט פּעקין. דערמיט האָט ער זיך געמאַכט אַ וועג צו די אינערליכע פּראָ-

ווינצען פון כינא. נאָך דעם, אַלס ער האָט דורכגעמאַכט אַ וועג צו געהן ווייטער אין כינא, האָט ער איבערגעגעבען די ווייטערע בעזיגונג צו זיין גרעסטען קאָמאַנדיר מוהולא און ער אַליין איז אַוועק איינצונעהמען מערב־אַזיען. מוהולא האָט מיט גרויס ערפאָלג פאָרטגעזעצט זיינע בעזיגונגען, אַזוי דאָס אין יאָהר 1219 איז ער שוין געווען אריינגעדרונגען אין דער פּראָווינץ האָ־נאַן. אָבער ער איז פּלוצלינג געשטאָרבען, און טשענגיס איז געווען געצוואונגען אויפצוגעבען זיין פּלאַן אינדיען איינצונעהמען און האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין אַרמעע צו פערנעהמען די שטעלע פון מוהולא. דיזער צופאַל האָט געראַטעט אינדיען און אויך אייראָפּאַ פון גרויסע געפאַהרען, וואָס האָבען זיי דאַמאָלס געדראָהעט פון טשענגיס־כאַן. נאָך דעם טויט פון מוהולא האָט זיך דער פירסט פון היא געשטעלט געגען טשענגיס־כאַן מיט דער האָפנונג צו גרינדען אַן אייגענע מאַכט געגען די טאַטאַרען. אָבער ער האָט פערלאָרען די שלאַכט ביי דעם טייך אַן־גאַ, וועלכער איז דאַמאָלס געווען פערפראָרען, און וועהרענד ער, דער פירסט פון היא, האָט זיך געפונען מיט זיין אַרמעע אויף דעם אייז פון דעם פערפראָרענעם טייך, האָט טשענגיס אויפגעבראָכען דעם אייז מיט זיינע קריגס־מאַשינען און דער פירסט פון היא מיט אַלע זיינע קריגער זיינען דערטרונקען געוואָרען, און היא איז דאַמאָלס געוואָרען אַ מאָנגאָלישע פּראָווינץ.

דעם 17טען אוגוסט 1227 איז טשענגיס־כאַן געשטאָרבען אין זיין לאַגער ביי דער גרענעץ פון שאַן־סי אין עלטער פון 65 יאָהר. פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעזאָגט זיינע קאָמאַנדירען צו פיהרען דעם קריג ניט מיט אַזאַ גרויזאַמקייט, ווי זיי האָבען פריהער געפיהרט. די זיגען פון טשענגיס־כאַן זיינען די גרעסטע, וועלכע זיינען בעקאַנט אין דער געשיכטע. אונטער דעם יאָך פון די טאַטאַרען אָדער מאָנגאָלען האָבען זיך אַ צייט לאַנג געפונען: כינא, רוסלאַנד, פּוילען, אונגאַרן, בולגאַריען, רומעניען, באָסניען. דריי הונדערט יאָהר שפּעטער האָבען זיינע אור־אור־עניקלאַך אויך אינדיען אונטעריאָכט. דערפון זעהען מיר קלאָר, דאָס כמעט גאַנץ אַזיען און אַ גרויסער טייל פון אייראָפּאַ האָט זיך געפונען אונטער דער מאַכט און הערשאַפט פון די מאָנגאָלען. עס איז זעהר צו גלויבען, דאָס די פערשפּרייטונג פון דער מאָנגאָלישער מאַכט איבער אַזיען האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די ענטוויקלונג פון אייראָפּאַ, דורך דעם נעמליך, וואָס זיי האָבען די אַראַבער אַרויסגעשטופּט פון אַזיען, אַזוי דאָס זיי האָבען זיך געמוזט ווענדען צו אייראָפּאַ, וואו זיי האָבען פערברייטערט וויסענשאַפט און אויפקלערונג. עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס טשענגיס איז געווען דער גרעסטער זשעניע אַלס קריגס־

קאָמאַנדיר. די גרויסע מבינים אויף אַזעלכע מענשען צווייפלען זעהר, אויב יוליוס צאֶזאַר און נאַפּאָלעאָן דער ערסטער קענען געשטעלט ווערען אַלס פעלד־קאָמאַנדירען אין איין רייהע מיט איהם. אויך די כינעזער גיבען צו, דאָס ער האָט געפיהרט זיינע אַרמעען מיט אַזוי פיעל כח און פערשטאַנד,



כינעזישע קונע פיר פערברעכער.

וואָס איז גאָר ניט מענשליך, נאָר איבערנאַטירליך. די אַרט און ווייזע, ווי ער האָט געפיהרט גרויסע אַרמעען איבער פרעמדע ווייטע לענדער, זיין פעהיג-קייט צו פיהרען פערשיידענע שטרייטען אין איינער און דער זעלבער צייט און ווייט איינער פון דעם אַנדערען, זיין גרויסער פערשטאַנד ווי צו פיהרען

מלחמות אין געגענדען, וועלכע זיינען איהם געווען דורכאויס אונבעקאַנט, זיינע גלענצענדע זיגען — דיזעס אַלעס בעווייזט קלאָר, דאָס טשענגיס איז געווען אַ מיליטערישער זשעניע, וואָס אייראָפּאַ האָט זיין גלייכען ניט געהאַט. פיעלע יאָהרהונדערטער זיינען שוין אַוועק זינט טשענגיס־כאַן האָט פערשפּרייט זיין מאַכט איבער דער דאַמאָלס בעקאַנטער וועלט און מען האָט נאָך ניט אויפגעהערט צו בעוואונדערן זיין זשעניע.

נאָך דעם טויט פון טשענגיס האָט זיין זוהן אַ ג אַ ט אַ י פאָרטגעזעצט זיינע פּלענער וועגען דער בעזיגונג פון כינאַ. געשטערט די מאָנגאָלען צו דערגרייכען זייער צוועק האָבען די קין־טאַטאַרען. אין יאָהר 1232 האָבען די מאָנגאָלען בעלאַגערט די הויפּטשטאָדט פון די קין, די שטאָדט קאַי־פאָנג. דער קעניגליכער הויף איז ענטלאָפען, אָבער די גאַרניזאָן און די בירגער האָבען בעשלאָסען ניט אונטערצוגעבען זיך און שטרייטען מוטיג ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט. דיזער ווידערשטאַנד האָט קוים זיין גלייכען אין דער געשיכטע. די שטאָדט־מויערן האָבען פערנומען 36 מייל אַרום און אַרום. איבער 140,000 פאַמיליען אָדער 7 מיליאָנען מענשען האָבען זיך געפונען אין שטאָדט. די מאָנגאָלען האָבען איבערגעגעבען די בעלאַגערונג צו די בעסטע קאָמאַנדירען, וועלכע האָבען געבראַכט די בעסטע בעלאַגערונגס־מאַשינען. זיי האָבען אויך געבראַכט אַ סאָרט קאַנאָנען, פון וועלכע זיי האָבען געשליידערט אויף די שטאָדט גרויסע קוגלען און בראַנד־שטאָפען. דאָך זיינען אַריבער 12 מאָנאַטען און די איינוואוינער האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען, ביז דער הונגער האָט זיי דערצו געצוואונגען. סובוטאַי האָט זיי אַלעמען געוואָלט אויס׳הרג׳ענען, נאָר אָגאָטאַי האָט צו דעם ניט איינגעשטימט.

נאָך דיזען פאַל האָבען זיך די סונג פעראייניגט מיט די מאָנגאָלען, און דיזע פעראייניגטע קרעפטען איז עס געלונגען אין יאָהר 1234 צו מאַכען אַן ענד צו דער מאַכט פון די קין, וועלכע האָבען 118 יאָהר געהערשט אונטער 9 קיסרים אין נאָרדליכען טייל פון כינאַ. דער פאַקט, דאָס זיי האָבען אין פערלויף פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט געקענט אַליין, אָהן דער הילף פון וועלכען עס איז בונד־חבר, ביישטעהן געגען די אַלמעכטיגע מאָנגאָלען, צייגט, ווי גרויס עס איז געווען זייער העלדען־מוט און זייערע פעהיגקייטען. דער לעצטער קיסר פון די קין, נין־קיאַס־סו, האָט זיך זעלבסט גענומען דאָס לעבען, ווייל ער האָט ניט געקענט איבערטראָגען די שאַנדע פון דעם פאַל פון זיין פאָלק.

די סונג האָבען זיך אָבער אַליין זייער גרוב געגראָבען דורך דעם, וואָס זיי האָבען זיך פעראייניגט מיט די מאָנגאָלען. זיי האָט ערוואַרטעט די זעלבע מפּלה, דער זעלבער שיקזאַל ווי די קין. אין יאָהר 1235 איז אָגאָטאַי ארוים מיט אַן אַרמעע פון אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען געגען די סונג און האָט בע-זיגט אַ טייל פון זייער לאַנד און האָט זיך דאָרט בעזעצט. אָגאָטאַי, וועלכער איז געוועזען איינער פון די מענשען-פריינדליכסטע פירסטען פון די מאָנגאָלען, איז געשטאָרבען, און האָט ניט געלאָזען נאָך זיך קיין טראָן-פאָלגער. דעריבער האָבען זיך אָנגעפאַנגען צאַנקערייען און רייסעניסען צווישען די מאָנגאָלען וועגען דער פראַגע, ווער עס זאָל פערנעהמען דעם טראָן נאָך איהם. די כינע-זער האָבען, אין דער צייט פון די אונרוהען צווישען די מאָנגאָלען, אַ ביסעל פריי אָפּגעאָטעמט. אָבער ענדליך האָבען די מאָנגאָלען געפונען אַ פּאַסענדען פירסט אין דער פּערזאָן פון קובלאַי-כאַן, וועלכער איז ארויף אויף'ן טראָן אין יאָהר 1251, און דיזער מאָנגאָלישער פירסט האָט געמאַכט אַן ענד צו דער סונג-דינאַסטיע.

דאָס ערסטע, וואָס קובלאַי האָט געטאָן, איז געוועזען, זיך אָנאייגנען די פּראָווינצען, וואָס די כינעזער האָבען אָפּגענומען פון די קין. נאָכדעם, אין יאָהר 1260, האָט ער אָנגענומען דעם טיטעל קיסר אונטער דעם נאָמען ט ש י - ט ז ו. דאַן האָט ער בערוהיגט די נאָרדליכע פּראָווינצען. ער האָט אָבער געלאָזען די אַלע כינעזישע איינריכטונגען אונטער זייער אייגענער פער-וואַלטונג, ווי פריהער. ער האָט זיך פערשאַפט אַ ראַט פון די וויכטיגסטע און בעסטע מענער, און האָט געזוכט צו מאַכען אַ גוטען איינדרוק מיט זיין רעגי-רונג און אויפפיהרונג אויך אויף דעם זידליכען טייל פון כינאַ. אין יאָהר 1263 האָט קובלאַי זיך ערנסט גענומען צו די וואַפען און האָט אָנגעגריפען די סונג פון אַלע זייטען — פון ים און פון דער יבשה. עס האָט זיך אָנגע-פאַנגען אַ שרעקליכער קאַמף. די סונג האָבען בעוויזען אַזוי פיעל מוט און גבורות, וואָס די וועלט-געשיכטע האָט נאָך ביז זיין צייט ניט געזעהן. און ווען קובלאַי וואָלט ניט געברויכט זעהר קלוגע דיפּלאָמאַטישע מיטלען, וואָלט ער קיינמאָל זיין ציל ניט ערדייכט. ער האָט איינגענומען נאַן-קין און קאַן-טאָן, און האָט געבראַכט זיינע זיגען אַזוי ווייט, דאָס דער קיסר טי-פּינג, דער לעצ-טער פון דער סונג-דינאַסטיע, האָט געמוזט ענטלויפען, איז אָבער אויף'ן וועג דערטרונקען געוואָרען, און מיט איהם איז די סונג-דינאַסטיע אין גאַנצען אונ-טערגעגאַנגען אין יאָהר 1279. כינאַ איז דאַמאָלס ארונטערגעפאַלען אונטער דעם יאָך פון די מאָנגאָלען. אַזוי האָט קובלאַי גלענצענד געענדיגט די אַר-בייט, וואָס זיין זיידע טשענגיס האָט אָנגעפאַנגען מיט 70 יאָהר צוריק. דאָס

איז געווען דער שווערסטער טריאומף פיר די מאָנגאָלען. די כינעזער האָבען געקעמפט ווי לייבען געגען דער גרעסטער עראָבערנדער ראַסע, וואָס אַזיען האָט ווען עס איז געזעהן. די כינעזער זיינען ניט געווען געניטע קריגער, זייערע גענעראַלען זיינען מעהרסטענס געווען אונפעהיג אין דער קריגס־קונסט, פון דעסטוועגען האָבען זיי לאַנג אויסגעהאַלטען דעם קאַמף און האָבען זיך אונטערגעגעבען. אין דיזער הינזיכט האָבען זיי קיין גלייכען ניט צו זיך אין דער געשיכטע. עס וואָלט די מאָנגאָלען קיינמאָל ניט געלונגען צו בעזיגען די כינעזער, ווען זיי וואָלטען ניט געקריגען אויף זייער זייט אַ גרויסען טייל פון כינעזישען פאָלק זעלבסט. און דערפאַר האָבען זיי צו פערדאַנקען קובלאַי'ען, וועלכער האָט איבערציינגט אַ גרויסען טייל פון די כינעזער, דאָס ער איז ניט נאָר אַ בעריהמטער עראָבערער, נאָר ער קען אויך זיין, און וועט זיין אַ גוטער און גערעכטער קיסר.

קובלאַי איז געווען קלוג גענוג צו פערשטעהן דעם כאַראַקטער פון כינעזישען פאָלק, וועלכעס איז מיט שטאַרקער ליבע צוגעבונדען צו זיינע איינריכטונגען, און האָט דאַרום דיזע ניט בעריהרט אום ניט אַרויסצובריינגען די כינעזער פון געדולד און ניט אויפרייצען זיי ביז דאָס אייסערסטע, צו בעשיצען דאָס, וואָס איז זיי אַם טייערסטען. ער האָט געלאָזען שטעהן די פערוואַלטונג ווי זי איז געווען און האָט ניט געמאַכט קיין ענדערונג. ער האָט געזאָרגט פיר דאָס אַלגעמיינע גליק, האָט געשטיצט האַנדעל און אינדוסטריע, און האָט פיעל געהאָלפען דורכצופיהרען דעם גרויסען קאַנאַל, וועלכער האָט פערבונדען די נאָרדליכע כינא מיט דער זידליכער. ער האָט געמאַכט זיין הויף אַזוי גלענצענד, דאָס ער האָט אין דיזער הינזיכט איבערטראָפען אַלע זיינע פאָרגענגער. אָבער אום צו שאַפען דערצו די מיטלען, האָט ער געמוזט בעשווערען דאָס פאָלק מיט גרויסע שטייערן, און איבערהויפט האָט דאָס פאָלק געליטען פון זיין פאַפּיר־געלט, וועלכעס ער האָט דורך צווינגענדע מיטלען אַריינגעבראַכט אין די האַנדעלס־וועלט, און וועלכעס האָט אָבער געשאַדט זעהר פיעל דעם מסחר, ווייל דאָס פאַפּיר־געלט האָט ניט געהאַט דעם ריכטיגען ווערט צוליב דעם, וואָס אַ גרויסער פראָצענט דערפון איז געברויכט געוואָרען פיר די אויסגאַבען אויף דעם גלאַנץ פון הויף, און די קעניגליכע קאַסע איז ניט געווען אין שטאַנד אויסצוצאָהלען אַקוראַט דאָס פאַפּיר־געלט. דיזעס האָט געמאַכט, דאָס פיעלע האָבען אָנגעהויבען צו זיין שטאַרק אונצופרידען מיט קובלאַי'ס רעגירונג, וועלכע איז אָהן דעם אויך ניט געווען שטאַרק בעליבט אין פאָלק, ווייל זי איז דאָך געווען אַ פרעמדע, ניט קיין אייגענע.

קובלאי איז געווען זעהר גלייכגילטיג צו רעליגיאן, דעריבער איז ער געווען טאלעראנט צו אלע רעליגיאנען. ער האט אין דער רעליגיאן נאר געזעהן א מיטעל אפטמאל צו דערגרייכען פאליטישע צוועקען. דעריבער איז ער צוגעשטאנען צו די בודהיסטען, וועלכע האבען זיך זעהר פיעל פערמעהרט אין גאנץ אזיען, פון טיבעט אן און ווייטער צו מזרח. קובלאי האט זיך אויך מאנכמאל דערנעהנטערט צו די אייראפעער, ווען ער האט געזעהן, דאס זיי קענען ברייגען נוצען דעם לאנד. אזוי האט ער איינגעלאדען צו זיין דינסט דעם בעריהמטען ווענעציאנישען רייזענדען מארקא פאלא, וועלכער האט אין יאהר 1271 בערייזט אזיען און כינא, און דיזער רייזענדער האט זיך געפונען אין קובלאי'ם דינסט 17 יאהר. מארקא פאלא האט אין זיינע ווערק אויספיהרליך בעשריבען און געשילדערט די כינעזישע פערהעלטניסען און די רעגירונג פון קובלאי. ער בעשרייבט דאס לעבען פון קובלאי, דעם גלאנץ פון זיין הויף, זיינע פאלאצען, זיינע יאגדען, אין וועלכע עס פלעגען אנטייל נעהמען 20,000 מענשען, 10,000 הינט, 10,000 וועכטער, און דינער גאר אהן א שיעור. מארקא פאלא'ם שילדערונג פון די רייכטימער פון לאנד ווייזט אויס צו זיין איבערטריבען. זעהר אינטערעסאנט איז זיין בעשרייבונג פון קווינסאי (די הימלישע שטאדט), וועלכע איז היינט בעוואוסט אונטער דעם נאמען: האנג-טשעו-פו. לויט ער בעשרייבט זי, האט זי געהאט א שטח פון 100 מייל ארום און ארום, און עס האבען זיך דארט געפונען איבער 800,000 הייזער. די ברייטע גאסען, די פיעלע קאנאלען און די מארק-פלעצער, פון וועלכע 10 זיינען געווען אונגעוועהנליך גרויס, האבען ארויסגערופען אין איהם גרויס בעוואונדערונג. די גאסען זיינען געווען אין איין ליניע מיט די קאנאלען, אזוי דאס שיפען און פוהרען זיינען געפאהרען איינער נעבען דעם אנדערען. מעהר פון 12,000 גרויסע און קליינע בריקען זיינען דארט געמאכט געווארען איבער די קאנאלען, אום עס זאל זיין בעקוועם אריבערצוגעהן אדער אריבערצופאהרען פון איין זייט אויף די אנדערע. די בריקען איבער די הויפט-קאנאלען האבען געהאט אזעלכע הויכע האלב-רונדע טויערן, דאס אונטער זיי האבען געקענט דורכפאהרען גרויסע שיפען מיט זייערע מאסטען. די הויפט מארק-פלעצער זיינען געווען פיער-עקיג, יעדע זייט איז געווען א האלב מייל לאנג; דיזע מארק-פלעצער האבען זיך געפונען אן דער זייט פון דער הויפט-שטראס, וועלכע האט געהאט אין דער ברייט 40 פוס און האט דורכגעשניטען די שטאדט פון איין עק ביז צום אנדערן, ווי אויך אן דער זייט פון הויפט-קאנאל. יעדער מארק-פלאץ איז בעזוכט געווארען אונגעפעהר פון 50,000 מענשען 3 טעג אין דער וואך. דיזע מארק-פלעצער זיינען אימער גע-

ווען פול מיט פערשיידענע פליישען, עופות, ווילדע פויגלען און געשאָסענע וואלד־חיות, אלערליי גרינסען און פרוכט. די אלע זייטיגע גאסען האבען זיך געענדיגט אין דער הויפט־גאס. איבעראל זיינען געווען זעהר פיעלע קאלטע און ווארימע בעדער מיט גענוג דינערשאפט, צו בעדינען די בעזוכער צו יעדער צייט. דארט זיינען מענער און פרויען געווען געוועהנט פון קינדוויז אן צו נעהמען א קאלטע באד יעדען טאג פאר דעם עסען. לארם און טומעל זיינען דארט געווען פון די גרויסע זעלטענהייטען. צו פרעמדע האבען זיך די איינוואוינער בענומען זעהר פריינדליך און הערצליך, שטענדיג גרייט צו העלפען מיט ראט און טאט. מיר האבען געקענט קאפירען נאך מעהר זעהר אינטערעסאנטעס פון מארקא פאלא'ס בעשרייבונג, אבער דער פלאץ ערלויבט אונז ניט אזעלכע איינצעלהייטען.

קובלאי האט געזוכט צו לאזען פיהלען זיין מאכט אויך אין אויסלאנד. געגען קארעא האט ער ווענייג געקענט אויספיהרען, ווי די כינעזישע קיסרים, און דעריבער איז ער געווען געצוואונגען צו שליסען פרידען מיט קארעא. ער האט געפרובט אונטערווארפען יאפאן אונטער זיין מאכט. אין יאהר 1274 האט ער ארויסגעשיקט א מאכט פון 100,000 מאן און א גרויסע פלאטע געגען יאפאן, אבער אויך דיזע גרויסע מאכט האבען די יאפאנעזער אין גאנצען פערניכטעט, נאר 2 זיינען געבליבען, וועלכע האבען זיך גערעטעט און האבען געבראכט קובלאי'ען די ידיעה פון דער גרויסער מפלה, וואס די מאנגאלען האבען געהאט — א מפלה, וואס איבערטרעפט אלע גרויסע נידערלאגעס, וועלכע זיי האבען ווען עס איז געליטען. דער צענזאראט האט געמאכט קובלאי'ען זעהר שטרענגע פארווירפען פיר זיינע אונטערנעהמונגען, און האט איהם פערוועהרט אויף ווייטער אונטערצונעהמען אזעלכע מלחמות. קובלאי האט געמוזט פאלגען.

דערפאר האט ער געהאט אן ערפאלג אין זיין אונטערנעהמונג געגען בירמא. הגם די בירמאנען האבען ארויסגעשטעלט 81,000 מאן, 2,000 העלפאנדען און אן ארטילעריע מיט 16 קאנאנען, וועהרענד די מאנגאלען האבען דאמאלס אויף'ן שלאכטפעלד געהאט נאר 12,000 קריגער, זיינען דאך געבליבען די מאנגאלען די זיגער און האבען איינגענומען גאנץ בירמא. אבער קובלאי'ס אנגריפען אויף טאן־קווין און אנאם זיינען געווען ניט קיין געלונגענע. דער קאמף מיט אנאם האט געדויערט איניגע יאהר; דער סוף איז אבער געווען, דאס די אנאמיטען האבען גענצליך פערטריבען די מאנגאלען, אזוי דאס די לעצטע האבען אין גאנצען און אויף אימער אויפגעגעבען דעם פלאן צו אונטערייאכען אנאם.

דיזע אַלע אונגליקליכע אונטערנעהמונגען צוזאַמען מיט די הויכע שטייערן, וואָס האָבען בעלעסטיגט דאָס פאָלק, האָבען געפיהרט דערצו, דאָס אין פערשיידענע טיילען פון לאַנד האָבען זיך אָנגעפאַנגען אויפשטענדען צווי-שען די כינעזער. די לאַגע איז נאָך פיעל פערערגערט געוואָרען, ווען אויך צווישען די מאָנגאָלען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אונרוהען. צום ערסטען איז אַרויס געגען איהם זיין קוזין קאַידו, וועלכער איז געווען זעהר ערביטערט אויף איהם, דערפאַר וואָס ער האָט אָנגענומען אַלע כינעזישע זיטען און מנהגים. ער האָט געשיקט געגען קובלאַי זיין טיכטיגען גענעראַל נאַיאַן. קוב-לאַי איז אַרויס געגען איהם מיט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן. מאַרקאָ פּאָלאָ האָט בעגלייט דעם קיסר אין דיזער שלאַכט, אום אַליין צו זעהן ווי אַ מלחמה געהט דאָ פאָר. נאַיאַן איז בעזיגט און געפאַנגען געוואָרען. מען האָט איהם פערנעהט אין אַ זאַק און ערמאָרדעט. קאַידו האָט זיך פאַר דיזער מפּלה ניט דערשראָקען און האָט פאָרטגעזעצט דעם קריג אייניגע יאָהר ביז קובלאַי איז געשטאָרבען (1293) און זיין עניקעל טימור איז אַרויף אויף'ן טראָן. קובלאַי איז אַלט געווען 80 יאָהר ווען ער איז געשטאָרבען און ער האָט רעגירט אין כינאַ 35 יאָהר.

ניט קובלאַי און ניט זיין נאָכפאָלגער האָבען, ביי זייער בעסטען ווילען, פערשטאַנען די כינעזישע קולטור. זיי האָבען ניט פערשטאַנען די פערהעלט-ניסען פון כינעזישען פאָלק, די בעדייטונג פון כינעזישען קייזערטום, זייערע פליכטען פון איינעם צום אַנדערן, ד. ה. פון קיסר צום פאָלק און פון פאָלק צום קיסר, און דעריבער האָט ניט געקענט זיין אַ פאָלקאָמענעם פערשטענדניס צווישען פאָלק און קיסר און אַ פולעס צוטרויען פון איינעם צום אַנדערן. די מאָנגאָלישע קיסרים זיינען דעריבער געבליבען אָהן אַ שום ווירקונג און איינ-פלוס אויף די געשיכטע פון כינאַ. ניט פערשטעהענדיג דעם כאַראַקטער און דעם גייסט פון כינעזישען פאָלק, האָבען די מאָנגאָלישע קיסרים גערעכענט פערשאַפען צו זיך רעספּעקט פון פאָלק דורך זייער רייכעם, שווינדערישעם לעבען; און דיזעס האָט, גראַדע פערקעהרט, אויפגערייצט דאָס כינעזישע פאָלק און האָט געפיהרט צו זעהר אָפטע אויפשטענדען, איבערהויפּט צווישען די דרום-כינעזער. דיזע אָפטע רעוואָלוציאָנען האָבען מיט דער צייט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די מאַכט פון די מאָנגאָלישע הערשער, אַזוי דאָס אין יאָהר 1368 איז דער לעצטער קיסר פון דער מאָנגאָלישער דינאַסטיע, טשון-טי, געווען גע-צוואונגען צו ענטלויפען פון כינאַ צוריק אין מאָנגאָליען. מיט איהם האָט זיך געענדיגט די מאָנגאָלען-דינאַסטיע, אָדער, ווי זי האָט זיך גערופען, די יוען-דינאַסטיע. די שטאָלצע כינעזער האָבען זיך אויפגעהויבען ווי איין

מאַן געגען דער הערשאַפט פון פרעמדע באַרבאַרען; דער אַנפיהרער פון דיזען אַלגעמיינעם אויפשטאַנד איז געווען דער בעריהמטער קאָמאַנדיר טשו, וועלכער האָט פערטריבען די מאָנגאָלישע הערשער פון לאַנד, און איז נאָכדעם, אונטער דעם נאָמען האָנג־וואו, געווען דער גוינדער פון דער בע־ריהמטער מינג־דינאַסטיע.

דיזע פאַקטען פון דער כינעזישער געשיכטע צייגען קלאָר די אונגע־הייערע געדולד פון דעם כינעזישען פאָלק. עס קען דולדען און וואַרטען הונדערטע יאָהרען, אָבער עס גיט קיינמאָל ניט אויף זיין וואונש און זיין שטרעבען צו פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט. עס דולדעט דעם יאָך פון מעכטיגע עראָבערער, אָבער נאָר ביז עס דערלעבט א מאָמענט, אין וועלכען עס שיינט פיר איהם אויף א שטראַהל פון האָפנונג אַראָפצוואַרפען פון זיך דעם פערהאַסטען יאָך, און דאַן ערוועקט זיך אין איהם דער נעטיגער מוט צו ווערען פריי און אונאָפהענגיג און עס דערגרייכט זיין ציעל. ווירקליך פריי איז נאָר דער, וואָס איז פריי עקאָנאָמיש, און כל זמן דאָס כינעזישע פאָלק איז עקאָנאָמיש פריי און האָט ניט צוגעלאָזען ביי זיך, אין וועלכער עס איז פאָר־מע, קיין שקלאַפערײ און קיין לייב־אייגענשאַפט, וועט זי קיינער ניט קענען אונטעריאָכען אויף אימער. דאָס כינעזישע פאָלק קען אויף א געוויסע צייט זיין אונטערוואָרפען אונטער אַן אונגעוועהנליך שטאַרקער מאַכט, אָבער אַזוי ווי א מאַכט פון אַן איינצעלנער פערזאָן אָדער פון אַן איינצעלנער פאַמיליע קען ניט אָנהאַלטען אייביג, אַזוי איז די מאַכט פון א פאָלק אימער שטאַרקער פון דער מאַכט פון וועלכער עס איז דינאַסטיע, און דעריבער קען עס זיך אי־מער בעפרייען פון א פרעמדען יאָך אָדער פון דעם דרוק פון אייגענע טיראַנען, ווען עס האָט נאָר געדולד צו וואַרטען אויף דעם גינסטיגען מאָמענט און מוטיג מיט איהם זיך בענוצען. דיזע צוויי נעטיגע זאַכען, געדולד און מוט, האָט קיינמאָל ניט געפעהלט דעם כינעזישען פאָלק, און דאָס איז דער סוד פון זיין לאַנגער עקסיסטענץ. אָבער די פראַגע איז: פון וואַנען נעהמט זיך דאָס צו די כינעזער אַזאַ קראַפט צו בעזיצען אַזאַ שטאַרקע עקאָנאָמישע זעלבשטענ־דיגקייט? דיזעס מוזען מיר זוכען ניט אין די נאַטירליכע אייגענשאַפטען פון לאַנד, ווי די געאָגראַפישע לאַגע, קלימאַט, שפייז א. ד. גל., ווי די מאַטע־ריאַליסטישע היסטאָריקער זיינען געוואוינט צו טאָן, נאָר אין דעם גייסט פון דער ראַסע זעלבסט. אונטערדריקער און פאַראַזיטען, וואָס ווילען לעבען פון יענעמ'ס אַרבייט און מיה, זיינען אין כינאַ אימער געווען מעהרער ווי אין אַנ־דערע לענדער. עס לאָזט זיך ניט אויסגעפינען קיין אורזאַך, פאַרוואָס עס האָט ניט געקענט אין אייראָפּאַ פאָרקומען די זעלבע לאַנד־פערטיילונג צווישען

פאָלק, די זעלבע אָפּשאַפונג פון גרויסען גרונד־בעזיץ, ווי עס איז פאָרגעקו-
מען אין כינא, וועהרענד מיר ווייסען, ז׳אָס אויך אין אייראָפּא האָט אמאָל,
אין די אוראַלטע צייטען, אויך געהערשט דיזע אָרדנונג. וואָרום איז עס אין
אייראָפּא אָפּגעשאַפט געוואָרען און אין כינא איז עס פערבליבען ביז היינ-
טיגען טאָג? דעם ענטפער אויף דעם מוזען מיר זוכען אין דעם אונטערשייד
צווישען די כאַראַקטערען פון דעם כינעזישען פאָלק און די אייראָפּעאישע פעל-
קער. די אייראָפּעאישע ראַסע האָט ניט געהאַט גענוג מוט און ווידערשטאַנדס־
קראַפט, אום צו פערהינדערן די קלאַסען־שטאַאַטען, וועלכע האָבען בעשאַפען
שקלאַפעריי, לייב־אייגענטום און אַנדערע סאָרטען פערקנעכטונגען, וועהרענד
דאָס כינעזישע פאָלק האָט בעזעסען פון דער נאַטור די ווידערשטאַנדס־
קראַפט, און האָט געקעמפט מיט אַלע זיינע כוחות געגען קלאַסען־שטאַאַטען,
געגען שקלאַפעריי און געגען פערקנעכטונג אין וועלכער עס איז פאָרמע.

דיזער גייסט פון פערקנעכטונג האָט זיך אַזוי איינגעגעסען אין די פלייש
און בלוט פון אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, דאָס עס איז אַ גרויסער צווייפעל,
אויב זיי וועלען ווען עס איז זיין אין שטאַנד צו בעפרייען זיך פון דיזער ער-
נידריגענדער שקלאַפעריי. די אייראָפּעאישע פעלקער האָבען אַפילו אין די
לעצטע צייטען פיעל פערלייכטערט די מענשען־פערקנעכטונג דורך דעם, וואָס
זיי האָבען איינגעפיהרט די אייזען־פערקנעכטונג, די מאַשינעריע, אָבער דער
שקלאַפישער גייסט האָט זיך צו טיף איינגעגעסען אין דער מאַסע, דאָס זי זאָל
ענדליך פערשטעהן און האָבען דעם מוט און די שטרעבונג אין גאַנצען זיך צו
בעפרייען פון דעם קלאַסען־שטאַאַט, וועלכער גיט די מעגליכקייט איין קלאַס
צו שטעהן העכער אין קולטור ווי די אַנדערע. עס וועלען, וואהרשיינליך, נאָך
אַוועקגעהן הונדערטער יאָהרען, ביז עס וועלען אין גאַנצען פערשווינדען פון
די אייראָפּעאישע פעלקער די קלאַסען־פערשיידענהייטען. הגם די אינדוסטריע
און די אייזערנע מאַשינעריען וועלען פיעל העלפען דערצו, ווייל עס פעהלט אין
די פעלקער זעלבסט דער ג י י ס ט, די אינערליכע שטרעבונג דערצו, ניט
דער געמאַכטער גייסט דורך פּראָפּאַגאַנדע, ניט דאָס איינגערעדטע שטרעבען,
נאָר דער נ אַ ט י ר ל י כ ע ר גייסט, די זעלבשטענדיגע איניגע שטרע-
בונג. פעלקער, וועלכע זיינען געוועזן טויזענדער יאָהרען אונטער דער קנוטע
פון שקלאַפעריי און קלאַסען־פערטיילונג, זיינען ניט אין שטאַנד אָנאייגנען
זיך מיט אַ מאָל דעם אמת׳ן מוט און די קראַפט, אום מיט איין מאָל זיך
צו בעפרייען פון די לאַנגע און שווערע קייטען פון טויזענד־יעהריגער שקלאַ-
פעריי. די סאָציאַלע בעוועגונג פון אונזער צייט איז נאָר די ערסטע שוואַכע
פּראָבע איינצופלאַנצען דעם וו אַ ה ר ע ן גייסט פון פרייהייט צווישען

די אייראָפּעאישע פעלקער, דעם גייסט, וועלכער זאָל פּיהלען אָן עקעל, זאָגאר אַ האַס צום געדאַנק פון פערשקלאַפּונג און פערקנעכטונג פון יענעם׳ס ארבייט. דיזע געדאַנקען ווערען יעצט נאָר פערזעעט, עס איז אָבער פּאָרלויפּיג שווער פאָרויסצוזאָגען, ווען די זוימען וועלען בריינגען פרוכט. די אייראָפּעאישע פעלקער זיינען נאָך גאָר ניט אָרגאַניזירט, דער געפיהל פון סאָלידאַריטעט איז נאָך פרעמד צו זיי, די אמת׳ע בעפרייאונג קענען זיי ערוואַרטען נאָר דאַן, ווען זיי וועלען זיך אויסלערנען פון די כינעזער די קונסט פון אָרגאַניזירען זיך. די הערשענדע מאַכט איז גוט אָרגאַניזירט, און אַן אָרגאַניזירטע מאַכט קען נאָר דורך אַן אַנדערע אָרגאַניזירטע מאַכט געבראָכען ווערען.



# די פראַנקען.

מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, ווי אין אָנפאַנג פון 7טען יאָהרהונדערט איז דאָס הערשענדע הויז פון די מעראָווינגען געקומען צום אונטערגאַנג. די אורזאַך פון זיין אונטערגאַנג ליגט ניט אין שטרייטיגקייטען צווישען די טראָנפאָלגער און אין די גרויסע בלוט־פערגיסונגען צווישען די פרעטענדענטען, נאָר זי ליגט אין די קריגערייען און רייסעניסען צווישען די פערשיידענע קלאַסען פון פאָלק, וועלכעס איז געוועזן איינגעטיילט אין פערשיידענע מדרגות, לויט די פערשיידענע שטופען פון קולטור. דאָס פאָלק איז געוועזן אַיינגעטיילט אין פערשיידענע קערפערשאַפטען, יעדע פון זיי האָט געהאַט אַ בעזונדערע פערפאַסונג, בעזונדערע פליכטען און בעזונדערע רעכטען. די אונטערוואָרפענע דייטשען האָבען געפיהרט אַ זאָנדערבאַרעס לעבען, וועלכעס איז ניט געוועזן אין איינשטימונג מיט דעם אַלגעמיינעם גייסט פון די הערשער, די מעראָווינגער. די הערצאָגען האָבען אַפילו געצאָהלט טריבוט צו די מעראָווינגער, אָבער זיי האָבען געהאַט אייגענע רעכטען פיר זיך און פיר זייערע אונטערטאַנען, און האָבען געפיהרט אַ לעבען גאַנץ פערשיידען פון זייערע אויבער־הערשער, די מעראָווינגער, וועלכע האָבען זיך ניט אינטערעסירט אין זייערע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען, האָבען זיך ניט געמישט דערין, און האָבען זאָגאַר קיין רעכט ניט געהאַט זיך אַריינצומישען אין דעם.

נאָך איין אורזאַך האָט געשטערט די ענטוויקלונג פון דער איינהייטליכער מאַכט פון די פראַנקען. נאָך דעם בעגריף פון יענער צייט האָט יעדער בעוואוינער פון לאַנד געהאַט געוויסע רעכטען, ווען ער האָט געהערט צו אַ געוויסען שטאַם אין לאַנד. ניט דער אָרט, אין וועלכען ער איז געזעסען, אין וועלכען ער האָט געאַרבייט און געצאָהלט שטייער, האָט איהם געגעבען געוויסע רעכטען, נאָר דער שטאַם, צו וועלכען ער האָט געהערט. האָט ער אָבער ניט געהערט צו קיין שטאַם אין לאַנד, האָט ער קיין רעכטען ניט געהאַט. דערפון איז אַרויסגעקומען, דאָס אין איין און דעם זעלבען

אָרט האָבען זיך געפינען מענשען איינער נעבען אַנדערען און יעדערער האָט געהאַט פערשיידענע רעכטען. דיזעס האָט געמוזט האָבען די זעלבע רעזול-טאַטען, וועלכע האָבען געפיהרט אין גריכענלאַנד און רוים צום אונטערגאַנג פון דער אַלטער שטאַם-פערפאַסונג.

די צענטראַל-רעגירונג פון דעם קעניג איז געוועזען זעהר אונבעדייטענד און פעהלערהאַפט. די גאַנצע מאַכט האָט זיך געפונען אין די הענט פון די וואַסאַלען און גראַפען. די קעניגען האָבען זיך נאָר געקענט בעטראַכטען אַלס גרויסע גוטס-בעזיצער. דיזע אונגעהייערע גיטער פלעגען די קעניגען אָפט אוועקשענקען צום אַדעל, אום צו געווינען זיי אויף זייער זייט אין אַנגעלע-גענהייטען, וואו זיי האָבען געדאַרפט זייער שטימע אָדער זייער הילף. די-זעס האָט געפיהרט צו דער ענטוויקלונג פון אַ שטאַאַט אין אַ שטאַאַט, וואָס דאָס איז פיר אַ רעגירונג איינע פון די שעדליכסטע זאַכען.

באַלד אין דער ערסטער צייט, ווי נאָר די קריסטליכע קירכע איז געוואָ-רען די הערשענדע אין לאַנד, האָט זי אָנגעפאַנגען צו בעקומען פריווילעגיעס פון דער רעגירונג; איבערהויפּט איז זי בעפרייט געוואָרען פון פערשיידענע שטייערן און אָפּצאָהלונגען, וואָס בעלאַנגען צו דער רעגירונג. זי האָט בע-קומען פון דער רעגירונג געשענקטע שטיקער ערד פיר איהרע נעטיגע קיר-כען, כּאָנאַסטירען און אַנדערע אַנשטאַלטען, און דיזע פלעצער זיינען בע-פרייט געוואָרען פון אַלע שטייערן. מיט דער צייט האָבען אויך די וואַסאַ-לען בעקומען פון דער רעגירונג גרויסע שטיקער ערד, בעפרייט פון יעדען שטייער, אום צו געווינען זיי אויף זייער זייט, ווען די קעניגען האָבען נעטיג געהאַט זייער הילף. אָבער די קירכען און די וואַסאַלען האָבען יע געזאַמעלט און אויפגענאָהמען די שטייערן און די פערשיידענע אָפּגאַבען, וועלכע די רע-גירונג פלעגט פון זיי פריהער נעהמען, און אויף דיזע אַרט האָט זיך געביל-דעט אַ שטאַאַט אין אַ שטאַאַט.

נאָך אַן אומשטאַנד האָט פיעל געשאַדעט צו דער איינהייט און צענט-ראַל-מאַכט פון דער רעגירונג. עס האָט זיך דאַן געבילדעט אַ נייע אַרים-טאָקראַטיע. דאָס איז געוועזען די אַריסטאָקראַטיע פון קאַפּיטאַל. די אַלטע אָרדנונג פון פאָלקס-פערזאַמלונגען האָט יעצט, ווען דאָס לאַנד איז געוואָ-רען גרויס און ברייט, מעהר ניט געקענט זיין די זעלבע ווי פריהער. אַנ-שטאָט דער פאָלקס-פערזאַמלונג האָט זיך געבילדעט אַ פערזאַמלונג פון גרוי-סע גוטס-בעזיצער, קאַפּיטאַליסטען און גייסטליכע. דיזע מיוחסים האָבען אָנגעהויבען ביסלעכווייז אַריינצונעהמען אין זייערע הענט די מאַכט פון לאַנד, און די מאַכט פון דער רעגירונג איז געוואָרען שוואַכער און שוואַכער.

אַלס די הכנסה פון דער רעגירונג איז, צוליב דעם אומשטאַנד, וועלכען מיר האָבען דאָ דערמאָהנט, געוואָרען פיעל וועניגער, האָט זי ניט געהאַט גע-נוג מיט וואָס צו צאָהלען געהאַלט צו די הויכע רעגירונגס־בעאַמטע, צו די גראַפען, און זי איז דעריבער געווען געצוואונגען אָפּצוגעבען זיי אַ גרויסען



פראַנקישער עדעלמאַן.

טייל פון לאַנד, וואָס האָט געהערט צו איהר. דיזע נייע גוטס־בעזיצער זיי-נען אויך געוואָרען מיטגלידער פון דער פערזאַמלונג, וועלכע איז בעשאַפען געוואָרען אָנשטאָט דער פריהערדיגער פאָלקס־פערזאַמלונג. דאַמאָלס האָבען

זיי דורכגעפיהרט א געזעץ, דאס קיין גרויסער בעאמטער פון דער רעגירונג זאל ניט ערנאנט ווערען פון וועלכער עס איז קלאס פון פאלק, נאר פון דעם אדעל, ד. ה. פון די גוטס־בעזיצער. און אזוי האט זיך געבילדעט א פערשלא־סענער אדעל, און פון אנפאנג פון 8טען יאהרהונדערט זיינען מעהר קיין נייע גראפען ניט צוגעקומען.

דיזע נייע קלאס איז געווארען די מעכטיגסטע אין לאנד. די קעניגען זיינען געוועזן אין זייערע הענט ווי א שפילצייג. זיי האבען ארויפגעזעצט אויף'ן טראן דעם 5־יעהריגען כילדעבערט דעם 2טען ניט צוליב די אינטע־רעסען פון לאנד, נאר צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען, אום זיי זאלען אליין הערשען אין לאנד (דאס איז פארגעקומען אין יאהר 575). באלד נאכ־דעם האבען זיי געצוואונגען דעם קעניג, אז ער זאל זיי געבען נייע גרויסע רעכטען, וועלכע זאלען פערגרעסערען זייער מאכט אין לאנד, און דער קעניג האט געמוזט זייער פערלאנג נאכגעבען. אין 7טען יאהרהונדערט האט דער קעניג כלאטאכאר דער 2טער אפילו פערשטארקט זיין מאכט, אבער זי האט געדויערט זעהר א קורצע צייט. גיך איז די מאכט ווידער אריבער צו די וואסאלען, גראפען און גייסטליכע, ווי פריהער. אזוי האט זיך עס געפיהרט ביז עס איז בעשאפען געווארען א נייע מאכט — די מאכט פון הויף־מאיאר.

די הויף־מאיארען זיינען געוועזן לייט פון דער קעניגליכער סוויטע און די ערציהער פון די פרינצען. זיי האבען אריינגעכאפט אלע רעגירונגס־גע־שעפטען אין זייערע הענט. אנפאנגס האבען זיי געקעמפט מיט'ן אדעל פיר די קעניגליכע רעכטען, אויך מיט די גייסטליכע האבען זיי געשטריטען פיר די קעניגען, אבער באלד דערנאך האבען זיי צוגעצויגען די גאנצע רעגירונגס־מאכט צו זיך. דערצו האט פיעל געהאלפען דאס אויסגעלאסענע לעבען פון די קעניגען, וועלכע האבען זיך גאר ניט אינטערעסירט מיט דער לאגע פון פאלק און לאנד, און האבען עס זעלבסט איבערגעלאזען צו די הויף־מאיארען. און אזוי זיינען דיזע געווארען די בעלי־בתים אין הויף. די הויף־מאיארען האבען געפיהרט די ממשלה זעהר גוט און קלוג, האבען ווירקליך אימער גע האט אין אויסזיכט די טובה פון פאלק און לאנד, און דעריבער איז עס זיי ענדליך געלונגען צו ווערען אין גאנצען אונאפהענגיגע הערשער אין לאנד, האבען בעגרענעצט די מאכט פון די וואסאלען און גראפען, און זיינען געווא־רען אלס שוץ־הערען פון די קעניגען, בעקליידט מיט דער העכסטער מאכט. זיי זיינען געווארען די פיהרער פון דער אריסטאקראטישער פארטיי, וועלכע איז דאמאלס געוועזן געגען דעם אדעל, און דורך זייער הילף איז עס זיי געלונ־גען מאכען אן ענדע צו דער מעראווינגישער דינאסטיע, אום מיט דער צייט

אַליין צו בעשטייגען דעם טראָן. דאָס איז געשעהן אין דער צווייטער העלפט פון 7טען יאָהרהונדערט.

עס זיינען נאָך אַפילו אין פערלויף פון 124 יאָהר נאָך דעם טויט פון בלאָטאַר דעם 2טען געזעסען אויף'ן טראָן מיטגלידער פון דער מעראָווינ-גישער דינאַסטיע, אָבער דיזע זיינען נאָר געווען פופּעס אַנגעטאָן אין קע-



פראַנקישע עדעל־פרוי.

ניגליכע קליידער, וועלכע האָבען געטאָן נאָר דאָס, וואָס די הויף־מאַיאָ-רען האָבען זיי געהייסען. פריהער פלעגט דער קעניג זעלבסט ערוועהלען א הויף־מאַיאָר, אָבער מיט דער צייט האָט מען צוגענומען ביי איהם דיזע מאַכט און דער אַדעל אַליין פלעגט בעשטימען דיזען בעאַמטען. שפּע-

טער האָבען די הויף־מאַיאָרען אָנגעהויבען בעטראַכטען דיזעס אַמט אַלס זייער אייגענטום, און האָבען עס אָנגעהויבען איבערגעבען צו זייערע קינדער בירושה. דאַמאָלס האָבען זיך אָנגעהויבען קריגערייען צווישען דעם אַדעל פיר דיזע שטעלע, ווי פיר דעם טראָן. אין דער צייט פון דער רעגירונג פון דאַגאָבערט דעם 1טען, דעם זוהן פון כלאָטאַר דעם 2טען, איז געווען אין אַמט דער הויף־מאַיאָר, וועלכער האָט געלעגט דעם גרונדשטיין צו דעם הויז, וועלכעס האָט געבראַכט דאָס אַמט פון הויף־מאַיאָר צו דער העכסטער שטופע. דאַגאָבערט דער 1טער האָט געקעניגט פון יאָהר 622 ביז דעם יאָהר 638. אָנפאַנגס האָט ער געהערשט נאָר אין אוסטראַזיען, אָבער שפּעטער איז ער געוואָרען הערשער אין דער גאַנצער מאָנאַרכיע און האָט אַריבערגעטראָגען זיין הויפּטשטאָדט אין פּאַריז. אַרנולף, דער בישאָף פון מעץ, און פּיפּין דער עלטערער, דער הויף־מאַיאָר פון אוסטראַזיען, זיינען די אורעלטערן פון דעם הויז פון די קאַראָלינגען, וועלכע זיינען געווען ריינע גערמאַנען און האָבען געהאַט גרויסע גיטער צווישען די טייכען מאַאַס, מאָזעל און רהיין. ווען דאַגאָבערט איז געווען געצוואונגען, לויט די פאָדערונגען פון דעם אַדעל פון אוסטראַזיען, צו געבען דיזען לאַנד אַ בעזונדער רעגירונג, האָט ער אַהין געשיקט זיין יונגען זוהן זיגיבערט דעם 3טען, וועלכער איז נאָך דאַמאָלס געווען אַ קינד, אַלס הערשער, און האָט מיט איהם מיטגעשיקט אַלס אָפּעקון (אַפּיטרופּוס) אַנזעגיזעל, דעם זוהן פון אַרנולף'ן. זיגיבערט האָט דאָרט געהערשט פון יאָהר 632 ביז 658. אַנזעגיזעל האָט געשיצט מיט ענערגיע און קראַפט די מזרח־גרענצען געגען די אָנפאַלען פון די סלאַווען. פּיפּין זעלבסט איז געבליבען ביי דאַגאָבערט'ס הויף אין פּאַריז, און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק נאָך אוסטראַזיען ערסט אין יאָהר 638. נאָך דעם, ווי פּיפּין איז געשטאָרבען, האָט זיין זוהן גרימאָאַלד געוואָלט אַרויפזעצען אויף'ן טראָן זיין זוהן כילדעבערט אָנשטאָט זיגיבערט'ן, וואָס איז דאַמאָלס געשטאָרבען. אָבער דער אַדעל פון די פראַנקען איז געווען אויפגעבראַכט דערפאַר און האָט איהם געפאַנגען און ערמאָרדעט.

כלאָדעוויך דעם 2טען'ס זוהן, כלאָטאַר דער 3טער, האָט געהערשט פון יאָהר 656 ביז 670. זיין הויף־מאַיאָר עבראָין האָט איהם געהאָלפען בעזיגען דאָס רייך, וואָס האָט זיך ווידער פעראייניגט. ער איז אָבער געווען געצוואונגען אין יאָהר 660 צו מאַכען אוסטראַזיען ווידער פיר אַ בעזונדער קעניגרייך מיט אַ בעזונדערער רעגירונג, וועלכע ער האָט איבערגעגעבען צו זיין ברודער כילדעריך דעם 2טען. דיזער האָט אין יאָהר 670 פעראייניגט מיט זיין רייך אויך נייסטריען און בורגונד. ער איז אָבער באַלד ערמאָרדעט

געוואָרען. דאָס האָט פּעראורזאַכט שרעקליכע אונרוהען אין לאַנד, און עס האָט געהערשט אַ פאָלשטענדיגע אַנאַרכיע. די קעניגען האָבען קיין ראָלע ניט געשפּילט, און דער הויף־מאַיאָר האָט געפיהרט די פּאָליטיק און די רע־גירונג. די קעניגען האָט מען דאַמאָלס גערופען „די געקרוינטע שלאָפמיצען". זייער גאַנצע ארבייט איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס איין מאָל אין יאָהר, אין מאָנאַט מאַי, פלעגען זיי אריינקומען אין רייכס־פערזאַמלונג און פלעגען האַל־טען אַ קורצע רעדע, וואָס דער הויף־מאַיאָר האָט פיר זיי פאָרבערייטעט, זזון נאָכדעם האָבען זיי אויסגעטיילט די אַלגעמיינע און בעזונדערע רעכטען. נאָכדעם פלעגען זיי אָפּפאָהרען צוריק אין זייער פּאַלאַץ אויף אַ פוהר איינ־גיזשפּאַנט מיט 4 אָקסען, און האָבען זיך ניט געוויזען צום פאָלק ביז דעם מאָנאַט מאַי פון נעכסטען יאָהר.

פון די פּאַסירונגען פון דער צייט באַלד נאָך דער, פון וועלכער מיר האָבען נאָר וואָס דערצעהלט, האָבען מיר ווענִיג וויכטיגעס איבערצוגעבען. דאָס איינציגע, וואָס האָט יע אַן אינטערעס, איז די ערהייבונג פון פּ י פּ י ן פ ו ן ה ע ר י ס ט אַ ל. די אוסטראַזיער האָבען איהם ערוועהלט אַלס הויף־מאַיאָר, אָדער, ווי מען האָט עס ביי זיי גערופען, מאַיאָרדאָמוס. אין יאָהר 687 האָט ער, אין אַ שלאַכט ביי ט ע ס ט ר י, בעזיגט דעם הויף־מאַיאָר פון נייסטריען און בורגונד, און ווען דיזער איז ערמאָרדעט געוואָרען, איז פּיפּין פון העריסטאַל ערוועהלט געוואָרען אַלס מאַיאָרדאָמוס פון גאַנצען רייך און ער האָט געוואוסט ווי אויפצוהאַלטען מיט מאַכט די איינהייט פון דער מדינה. אין יאָהר 689 האָט ער געגנצליך בעזיגט ראַטבאָד'ן, דעם פריעזישען פירסט; אין די יאָהרען 709—712 האָט ער אונטערוואָרפען אונטער זיך די אַלעמאַננען, ער האָט זיך געגעבען די מיה צו פערשפּרייטען דאָס קריסטענ־טום צווישען די בייערען און שטעלען עס דאָרט אויף אַ פעסטען פוס. דיזעס האָט ער געטאָן ניט לשם מצוה, ניט ווייל ער איז געווען אַ פרומער קריסט, נאָר ווייל דאָס קריסטענטום איז געווען פיר די הערשער אַ גרויסע שטיצע. פּיפּין'ס אויטאָריטעט איז געווען זעהר גרויס. ווען ער האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען, אין יאָהר 714, האָט ער גלאָזען אַ צוואה, אז דאָס אַמט פון הויף־מאַיאָר זאָל מען איבערגעבען צו זיין עניקעל, און קיינער האָט ניט געהאַט דעם מוט ניט מקיים צו זיין זיין וואונש. דער מינדעריעהריגער זוהן פון גרימאָאַלד, מיט'ן נאָמען טהעאודעבאַלד, האָט געוואָלט פערוואַלטען דאָס לאַנד נייסטריען אונטער דער אויפזיכט פון זיין מוטער, ווייל ער איז שוין געווען בעשטימט אַלס הויף־מאַיאָר נאָך ביי זיין פאָטער'ס לעבען; אָבער די נייסטריאַנער האָבען עס פיר קיין פאַל ניט געוואָלט, און האָבען פערלאַנגט

צו האָבען אַן אייגענעם הויף־מאַיאָר. דערפון זיינען ענטשטאַנען פרישע פערדרעהעניסען און אונאָרדנונגען, ביז פּיפּין'ס אונגעזעצליכער זוהן קאַרל מאַרטעלל, וועלכער איז ביז דאַן געווען געהאַלטען אין געפענגניס, האָט זיך דורך העלדישקייט און דורך גליק אַרויסגעדרעהט פון דאָרט און האָט, דעם 12טען מערץ 717, געהאַט אַ גרויסען זיג איבער די נייסטריער. ער האָט געצוואונגען טהעאובאַלד'ס מוטער זיך אונטערצוגעבען און האָט ענדליך פערנומען דעם אָרט פון זיין פאָטער. ער האָט געלאָזט שטעהן די שאָטען־רעגירונג פון די קעניגען נאָר אויף אַ קורצע צייט, און דאַן האָט ער געשלאָסען פרידען מיט'ן הערצאָג עאודאָ פון אַקוויטאַניען און דעם קעניג כילדעריך דעם 2טען. דורך דיזען פרידען איז כילדעריך דער 2טער אַנערקענט געוואָרען אַלס קעניג פון דער גאַנצער מדינה.

אין יאָהר 720 האָבען די אַראַבער איבערגעשטיגען די פּירענאָאישע בערג, אום איינצונעהמען די לענדער, וואו די וועסט־גאָטען זיינען פריהער געזעסען, און זיי צו פעראייניגען מיט דער פּירענאָאישער האַלב־אינזעל (שפּאַניען און פּאָרטוגאַל), אין וועלכער די אַראַבער האָבען שוין דאַמאָלס געהערשט. דאָס איז געוואָרען זעהר געפעהרליך פיר דאָס פראַנקענרייך. אין דרום־פראַנקענרייך האָט דאַמאָלס געהערשט דער הערצאָג עאודאָ פון אַקוויטאַניען. דיזער הערצאָג האָט צוריקגעשלאָגען דעם ערסטען אָנגריף פון די אַראַבער. אין צווייטען אָנגריף האָבען זיי אונטערוואָרפען אונטער זייער מאַכט לאַנגעדאָק און גאַסקאָניען. אין יאָהר 732 האָט דער בעריהמטער פעלד־הערר אַבדערראַחמאַן מיט אַן אַרמעע פון 400,000 מאַן אַריבערגע־שטיגען די פּירענאָאישע בערג, און איז אָהן אַ ווידערשטאַנד פון וועמען עס איז צוגעקומען צו דער גאַראָנן. ביי אַרל (אַרלעס) איז פאָרגעקומען אַ בלו־טיגע שלאַכט צווישען די אַראַבער און די קריסטען, און די קריסטען זיינען שטאַרק געשלאָגען געוואָרען. נאָך דיזען זיג איז אַבדערראַחמאַן געגאַנגען ווייטער און האָט אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף אַלע קריסטען פון מערב־איירא־פּאַ, ווייל אויב די פראַנקען זאָלען יעצט געשלאָגען ווערען, וועט קיין אַנדער קריסטליכעס פאָלק שוין געווים ניט קענען ביישטעהן געגען די אַראַבער. אַזוי זיינען די אַראַבער אריין אַלס זיגער אין הארץ פון אייראָפּאַ.

מיר צווייפלען זעהר, אויב דיזעס וואָלט אייראָפּאַ געשאַדעט. אונזערע געשיכטע־שרייבער בעשרייבען די אַראַבער אַלס די ערגסטע באַרבאַרען, וועל־כע האָבען געוואָלט עוקר מן השורש זיין דאָס קריסטענטום, וועלכעס איז דער גרונד פון הומאַניטעט, און צוזאַמען מיט'ן קריסטענטום וואָלטען זיי אויס־געריסען אַלע שפּראָצען פון פרייהייט און זי אין גאַנצען פערניכטעט. די

אַראַבער, זאָגען אונזערע געשיכטע‑שרייבער, וואָלטען פערניכטעט דאָס גאַנצע רעגירונגס‑סיסטעם מיט דער פאָרמע פון אייראָפּעאישען געזעלשאַפטליכען לעבען, און וואָלטען אַיינגעפיהרט דעם אַזיאַטישען דעספּאָטיזם מיט די אַלע בלוטיגע רעוואָלוציאָנען, וועלכע געהען האַנט אין האַנט מיט זייער דעספּאָטיזם. אָבער דיזע אַלע פאַלשע בעהויפּטונגען צופאַלען פון זיך אַליין, ווען מיר בעטראַכטען אויף אַ קורצע ווייל די ערהאַבענע קולטור, וואָס די אַראַבער האָבען ענטוויקעלט אין שפּאַניען אין דער צייט ווען זיי האָבען דאָרט געהערשט.

די קריסטליכע געשיכטע־שרייבער בעריכטען פאַלש איבער די אַראַבישע קולטור. די קריסטליכע קירכע האָט געפעלשט די פאַקטען מיט אַ שלעכטען געוויסען און מיט אַבזיכט. גראַדע דאָס, וואָס די אַראַבער האָבען געטאָן פיר די אייראָפּעאישע קולטור, וועט פערבלייבען אין דער געשיכטע אַלס אַן אייביגער מאָנומענט. און ווי טרויעריג איז די פרוכט פון קריסטענטום! דאָס פאָלק אין אַלגעמיין, אַ דאַנק דעם קריסטענטום, איז געווען אונוויסענד, רוי, גראָב, אונגעזיטעט, פערבלענדעט פון דער הערשאַפט פון די גייסטליכע, געפייניגט פון דער מערדערישער אינקוויזיציאָן, פון די כשוף־פּראָצעסען — אָט דיזעס איז די פרוכט פון קריסטענטום. דער בעסטער בעוויז, דאָס די אַראַבישע קולטור האָט געקענט ברייגען גליק אין אייראָפּאַ, איז דער צושטאַנד, אין וועלכען שפּאַניען האָט זיך געפונען אין דער גאַנצער צייט, וואָס די אַראַבער האָבען דאָרט געהערשט. דאָס לאַנד איז אונטער זיי געווען ווי אַ גן־עדן, וועהרענד אין די לענדער, וואו די קריסטליכע גייסטליכע האָבען געהערשט, זיינען די פעלקער געווען פערזונקען אין אָרימקייט, פינסטערן אַבערגלויבען, און האָבען נאָך עד היום ניט דערגרייכט די שטופע פון דער קולטור, אויף וועלכער די אַראַבער זיינען דאַמאָלס געשטאַנען. די מאַחמעדאַנער האָבען קיין קריסט אַ האָאר ניט געקרימט צוליב זיין גלויבען, דאַגעגען די קריסטען, וועלכע בעריהמען זיך צו זיין די טרעגער פון הומאַניטעט, מענשען־ליבע, האָבען ניט נאָר פערוויסטעט גאַנצע שטעדט, אויסגעשלאַכטעט גאַנצע געמיינדעס מיט אידישע אַיינוואוינער, נאָר האָבען אויך זייערע אייגענע גלויבענס־גענאָסען, פיר די קלענסטע אָפּווייכונג פון זייערע צערעמאָניעס און פאָרמאַליטעטען, געפייניגט און געפאָלטערט מיט אַלערליי פייניגונגען, וואָס די הייליגע אינקוויזיציאָן האָט ערפונדען. דאָס קריסטענטום איז אַ מאַכט, וועלכע איז אַ פיינד פון קולטור. פיר דיזעס האָט די געשיכטע טויזענדער בעווייזען. און דעריבער האָבען די קריסטען קיין רעכט ניט צו זאָגען, דאָס די אַראַבער זיינען געווען אַ געפאַהר פיר אייראָפּאַ צוליב זייער

קולטור. אין גענענטייל, עס איז געווען אַן אומגליק פיר די אייראָפּעאישע פעלקער, וואָס די אַראַבישע קולטור האָט אויפגעהערט פאַר דער צייט.

ווען דער פערטריבענער הערצאָג עאודאָ פון אַקוויטאַניען איז געקומען צום פראַנקישען הויף און האָט זיי דערצעהלט וועגען דעם גרויסען זיג פון די אַראַבער, וועלכע געהען נאָך ווייטער, האָט קאַרל מאַרטעלל צוזאַמענגענומען זיינע קריגער און איז אַוועק אין די עבענע צווישען טור און פּואַטיער. דאָ איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט, וועלכע האָט געדויערט 7 טעג, און האָט זיך געענדיגט מיט אַ גענצליכען זיג פון קאַרל מאַרטעלל און אַ פאָלשטענדיגער פערניכטונג פון די אַראַבער. דאָס ביסעל אַראַבער, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבען, איז אין שרעקליכער אונאָרדנונג געלאָפען צוריק איבער די פּירענאָען. שפּעטער אַ ביסעל האָבען די אַראַבער נאָך אַ מאָל געפּרובט אָנגרייפען די פראַנקען, אָבער קאַרל מאַרטעלל האָט זיי ווידער בעזיגט און פערטריבען, אַזוי דאָס זיי האָבען זיך אין גאַנצען ענטזאָגט פון דער אידעע צו אונטערוואַרפען די פראַנקען אונטער זייער הערשאַפט. קאַרל האָט עס נאָך דיזע נצחונות ערהאַלטען דעם ביי־נאָמען „מאַרטעלל”, וועלכער בעדייטעט „האַמער”. מיט דיזען נאָמען איז ער בעקאַנט אין דער געשיכטע.

קאַרל איז געשטאָרבען אין יאָהר 741. פאַר זיין טויט האָט ער צוטיילט דאָס לאַנד אין 2 טיילען. אין איין טייל האָט ער בעשטימט פיר אַ מאַיאָרדאָמוס דעם עלטערען זוהן ק א ר ל מ א ן, און אין דעם צווייטען — זיין אַנדערען זוהן פ י פ י ן. נעמליך: קאַרלמאַן האָט ערהאַלטען אוסטראַזיען, און פּיפּין — נייסטריען. אין די לעצטע צייטען פון זיין רעגירונג האָט קאַרל געוואַלט אַליין הערשען, אָבער זיינע זיהן האָבען עס ניט דערלאָזען, און האָבען ערוועהלט אַ הערשער אין דער פּערזאָן פון כ י ל ד ער י ך ד ע ם 3 ט ע ן. די צוויי ברידער, קאַרלמאַן און פּיפּין, זיינען געווען די ריכטיגע טיפּען פון זייער משפחה: זיי זיינען געווען האַרט, גרויזאַם און געוואַלד־טעטיג. קיין מיטעל האָט זיי ניט אָפּגעשראָקען. יעדעס אונרעכט איז געווען רעכט, ווען עס האָט געהאָלפען צו דערגרייכען דעם ציל. זיי האָבען געקעמפט געגען זייערע קרובים, די הערצאָגען פון אַקוויטאַניען, אַלעמאַנניען און בייערן, און האָבען זיי געבויגען אונטער זיך. קאַרלמאַן האָט געפיהלט געוויסענסביסען פיר די עוולות, וואָס ער האָט געטאָן צו זיינע פערוואַנדטע, און ער איז אַוועק אין דעם מאָנאַסטיר מאָנטע קאַסינאָ, צו טאָן תשובה אויף זיינע זינד. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס זיין ברודער פּיפּין, וועלכען מען האָט שפּעטער אַ נאָמען געגעבען „דער קורצער”, ווייל ער איז



פּיפּין אין דער אַרענאַ (קאַמף־פּלאַץ).

געווען קליין־געוויקסיג, איז געוואָרען דער איינציגער מאַיאָרדאָמוס אין גאַנ־צען רייך. דאָס איז געשעהען אין יאָהר 747.

מיט איניגע יאָהר שפּעטער האָט פּיפּין בעשלאָסען אין גאַנצען פּטור צו ווערען פון דער מעראָווינגישער דינאַסטיע, וועלכע איז געווען זעהר אונ־פעהיג צו הערשען. און ווירקליך, דער קעניג פון די מעראָווינגען האָט קיין זאך ניט געקענט טאָן, און ניט געוואוסט ווי און וואָס צו טאָן, נאָר צו זיצען אויף׳ן טראָן מיט לאַנגע האָאָר, מיט א גאַנצער באָרד, און אויפנעהמען גע־זאַנדטע פון פערשיידענע לענדער און זאָגען ביים אַוועקגאַנג, וואָס דער מאַ־יאָרדאָמוס האָט געהייסען. זיי זיינען ווירקליך געווען ניט מעהר און ניט ווענינגער ווי פּופּען־קעניגען. זיי האָבען נאָר געטראָגען דעם טיטעל „קעניג״ און האָבען בעקומען אַזוי פיעל געהאַלט פון די הענט פון דעם מאַיאָרדאָמוס, ווי פיעל עס איז נעטיג געווען פיר זייער איינפאַכע אויסהאַלטונג. זיין פער־זענליכעס פערמעגען איז אויך געווען זעהר קליין: איין קליינער דאָרף, ניט מעהר. זיין זיץ איז געווען זעהר איינפאַך, מיט ווענינ בעדינטע. אַלזאָ, מיט דעם קעניג איז ניט שווער געווען צו ענדיגען. די פראַגע איז נאָר גע־ווען: ווי בעקומט מען דעם בייפאַל פון דעם אַדעל פון די פראַנקען. פּיפּין האָט דערצו אויך געפונען אַן עצה. ער האָט נעמליך געשיקט צום פּאַפּסט א פראַגע: „ווער איז דער ריכטיגער קעניג: דער דאָזיגער, וואָס זיצט אימער אין דער היים און ווייס ניט פון קיין געפאַהר, פון קיין זאָרג פיר דאָס פאָלק, אָדער דער, וואָס טראָגט אויף זיך די לאַסט פון פאָלק אין פרידען און אין קריג?״

פּיפּין איז געווען זיכער, דאָס דער פּאַפּסט וועט איהם ענטפערן ווי ער האָט געוואונשען, ווייל דער פּאַפּסט האָט דאַמאָלס גענדאַרפט האָבען די הילף פון די מעכטיגע פראַנקען געגען די לאַנגאָבאַרדען פון איין זייט און געגען די אַראַבער פון דער אַנדערער זייט. דער פּאַפּסט האָט געענטפערט, דאָס על פי יושר דאַרף דער יעניגער טראָגען דעם טיטעל „קעניג״, אויף וועמעס שול־טערן עס ליגט די לאַסט פון דער רעגירונג. ווען פּיפּין האָט ערהאַלטען דיזע תשובה, האָט ער פעררופען אַ רייכס־פערזאַמלונג פון בישאָפען און אַנדערע גרויסע לייט פון דעם אַדעל אין סואַסאָן, און האָט זיי פאָרגעלעזען דעם פּאַפּסט׳ס ענטפער און האָט געפרעגט זייער מיינונג וועגען דעם. עס פער־שטעהט זיך, דאָס די פערזאַמלונג האָט איינגעשטימט צום פּאַפּסט׳ס מיינונג. כילדעריך איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון טראָן, און מען האָט איהם אָפּ־געשאָרען זיינע לאַנגע שענע האָאָר, אום איהם איינצושליסען אין מאָנאַסטיר אַלס מאָנאַך, און פּיפּין איז בעגריסט געוואָרען פון די פראַנקען אַלס קעניג.

אום צו געבען דיזען פאַקט אַ הייליגען כאַראַקטער, האָבען איהם דער הייליגער באָניפאַציוס און דער פּאַפּסט זעלבסט געזאַלבט מיט׳ן הייליגען זאַלב־אויל, און האָבען אַרויסגעלאָזען אַ חרם אויף די יעניגע, וועלכע וועלען וואַגען אין דער צוקונפט צו אונטערנעהמען עטוואָס פעררעטערישעס געגען דעם געזאַלבטען הין גאָט, ד. ה. פון פּאַפּסט און זיין הייליגען מיטהעלפער באָניפאַציוס, אָדער וועלען זיך ערלויבען צו מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען זיינע נאָכפאָלגער.



כילדעריך׳ס אַראָפּזעצונג פון טראָן.

דאָס איז געווען דאָס ערסטע מאָהל, וואָס דער רוימישער פּאַפּסט האָט זיך אַריינגעמישט אין דער רעגירונג פון די פראַנקען, און אַז די בישאָפען האָבען געזאַלבט אַ קעניג נאָך דער פאָרמע און דעם מנהג פון די אידען אין די אַלטע צייטען. פּיפּין האָט דערפאַר געגעבען אַ שבועה, דאָס ער וועט שיצען מיט אַלע זיינע קרעפטען די עהרע פון גאָט און פון דער קירכע. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער פערבינדונג פוןביידע מעכטען — פון דער וועלטליכער מאַכט מיט דער מאַכט פון דער קירכע, אונטער וועלכער פערברידערונג עס האָבען אַזוי פיעל געליטען, און צום טייל ליידען נאָך היינט, דעו־

גרעסטער טייל פון די אייראָפּעאישע פעלקער. דערמיט האָט זיך אָנגעפאַנ-גען די רעגירונג פון דער צווייטער פראַנקישער דינאַסטיע, וועלכע איז בע-וואוסט אונטער דעם נאָמען די ק א ר אָ ל י נ ג ע ר.

נאָך דעם, ווי פּיפּין איז געוואָרען קעניג, האָט ער זיך גענומען אַרינטער-צוברייננגען אונטער די הערשאַפט פון די פראַנקען די יעניגע טיילען פון גאַל-ליען, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען אונטערוואָרפען אונטער זייער ממשלה. ער איז אַריין אין די פּראָווינץ נאַרבאָננע און האָט געצוואונגען די וועסט-גאָטען, וועלכע האָבען דאָרט געוואוינט, זיך אונטערצוגעבען אונטער די פראַנקען. אָבער די שטאָדט נאַרבאָננע זעלבסט איז געווען שטאַרק בעפעס-טיגט, דערצו איז דאָרט געווען אַ גרויסע מחנה פון אַראַבער, וועלכע האָבען געהאָלפען די איינוואוינער, אַז זיי זאָלען קענען אויסהאַלטען די בעלאַגערונג. זיי האָבען זיך געהאַלטען זיבען יאָהר און זיך ניט אונטערגעגעבען, ביז די אַראַבער האָבען פערלאָזען די שטאָדט און דאַן זיינען אַריין די פראַנקען און האָבען די שטאָדט בעהערשט. אין דער זעלבער צייט האָבען די פראַנקען אַרויסגעטריבען די אַראַבער פון גאַנץ גאַלליען. דער שטאַטהאַלטער פון קאַ-טאַלאָניען האָט זיך אויפגעהויבען געגען דעם רעגענט פון שפּאַניען, און איז געוואָרען אַ וואַסאַל פון פּיפּין'ען. ער האָט געמאַכט גליקליכע פעלד-צוגען געגען אַקוויטאַניען און געגען דעם הערצאָג טהאַססילאָ פון בייערן. ביידע, די אַקוויטאַניער און די בייערן, האָבען אָנערקענט איבער זיך די הערשאַפט פון די פראַנקען.

דאָס פראַנקען-רייך האָט דאַמאָלס פערנומען זעהר אַ גרויסען שטח. עס האָט פערנומען דאָס גאַנצע לאַנד צווישען די פּירענאָען און דעם רהיין, און אויסער דעם האָט עס זיך נאָך פערשפּרייט איבער שוואַבען, בייערן, טהירינ-גען און פריעזלאַנד (האָללאַנד). זייערע נאַכבאַרען אין מזרח זיינען געווען די היידנישע זאַקסען, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען צוטיילט אויף דריי טיי-לען: אָ ס ט פ אַ ל ע ן, ו ו ע ס ט פ אַ ל ע ן און ע נ ג ע ר ן. ווען זיי וואָלטען בעזיגט ווערען, וואָלט עס הייסען, דאָס גאַנץ דייטשלאַנד איז בע-זיגט פון די פראַנקען. פּיפּין האָט עס שטאַרק געוואָלט, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען צו דערגרייכען זיין ציל. דיזען ציל האָט דערגרייכט זיין זוהן קאַרל, וועלכער האָט בענוצט די קירכע אַלס מיטעל. ער האָט פריהער אָנגע-ווענדט אַלע קרעפטען צו בעקעהרען די פריעזען (היינטיגע האָללענדער) צום קריסטענטום, און נאָכדעם איז איהם שוין געווען לייכט זיי צו בריינגען אונ-טער די הערשאַפט פון די פראַנקען. אין דער בעזיגונג פון די דערמאָהנטע

מדינות האָבען די מיסיאָנערען מיט זייער פּראָפּאַגאַנדאַ פון קריסטענטום פיעל מעהר געהאָלפען איידער די מאַכט פון די וואַפען.

די פריעזען זיינען געוועזען איינגעטיילט אין קליינע שבטים, זיי האָבען נאָך דאַן קיין קעניג איבער זיך ניט געהאַט, נאָר אַ פעלד־הערר אין צייט פון קריג. די שטרעקע לאַנד, וואו זיי זיינען געזעסען, האָט זיך געצויגען פון דער מינדונג פון דעם טייך שעלדע כמעט איבער די גאַנצע לענג פון דעם ברעג פון נאָרד־זעע ביז אין די נאָרדליכע שלעזוויג, נאָר אַ קליינע שטרעקע צווישען די טייכען וועזער און איידער האָבען פערנומען די זאַקסען. די



די אַראַבער לאָזען איבער נאַרבאָננע צו די פראַנקען.

פריעזען האָבען אויך בעוואוינט די אינזלען, וואָס זיינען דאַמאָלס געלעגען ניט ווייט פון ברעג, און וועלכע זיינען היינט כמעט אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען פון שטירמישען ים. זיי האָבען געפיהרט אַ שווערעס לעבען. דעם באָדען, אויף וועלכען זיי זיינען געזעסען, האָבען זיי מיט שווערער מיה אָפּ־געריסען פון ים. זיי האָבען אָבער אימער געהאַט צו פיהרען אַ ביטערן קאַמף מיט׳ן ים, וועלכער האָט געוואָלט צוריק אָפּנעהמען פון זיי דעם גרונד. זיי האָבען אימער געמוזט בויען דייכען (דאַמבעס), אום ניט צו לאָזען דעם שטיר־

מישען ים צושטערען דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבען זיך ערוואָרבען פון איהם מיט שווערער מיה און ביטערען שוויים. אָבער הינטער די דאַמבעס איז דער באָדען געווען זעהר פרוכטבאַר. אויף האָבען זיך אויף איהם געפיטערט זעהר פיעלע סטאַדעס פון הייזליכע טיערען. דאָס פיה איז געווען דער הויפּט-רייכטום פון די פריעזען. זיי פלעגען אָבער פאָהרען זעהר אָפט מיט זייערע קליינע שיפלאַך איבער דער נאָרד-זעע.

די פראַנקען האָבען דאַמאָלס פערשטאַנען, דאָס נאָר דאָס קריסטענטום וועט זיין אין שטאַנד צו ברייננגען די פריעזען אונטער זייער הערשאַפט, און דעריבער האָבען זיי געשטיצט מיט אַלע קרעפטען די מיסיאָנערען, וואָס האָבען דאָרט פּראָפּאַגאַנדירט די קריסטליכע רעליגיאָן. איבערהויפּט האָט זיך אין דעם אויסגעצייכענט פּיפּין. ביי אַ מענשען מיט אַ ריינעם געוויסען האָט פּיפּין'ס האַנדלונג אין דיזער זאַך קיין עהרע ניט פערדינט. אין געגענטייל, עס איז געווען דער געמיינסטער מיסברויך פון רעליגיאָן צו דערגרייכען די נידריגסטע צוועקען פון עגאָאיזם. דאָס קריסטענטום איז דאַמאָלס, ווי אויך נאָך היינט, געווען אַ מיטעל צו אונטערוואַרפונג און פערקנעכטונג. די פריי-הייט-ליבענדע פריעזען האָבען עס זעהר גוט פערשטאַנען, און דעריבער האָ-בען זיי פיר קיין פאַל ניט געוואָלט אָננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. דער שטאַרקסטער געגענער אין דיזער הינזיכט איז געווען ר אַ ד ב אָ ד, דער שרעקליכער שונא פון קאַרל מאַרטעלל. מען דערצעהלט וועגען איהם, דאָס איין מאָל איז ער שוין געווען בערייט אָנצונעהמען די טויפע אום צו ווערען אַ קריסט. ווען ער איז שוין געווען מיט איין פוס אין טויף-בעקען, האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן דעם בישאָף, וועלכער האָט איהם געפיהרט צו דער טויפע: „וואָס וועט זיין מיט מיינע עלטערן, וואו וועלען זיי אַהין קו-מען, ווען איך, אַלס קריסט, וועל זוכה זיין אריין אין הימעל?" — דער בי-שאָף האָט איהם געענטפערט, דאָס זיי, אַלס אונגלויביגע, מוזען פערבלייבען אין דער העל. דאַן האָט ראַדבאָד אַרויסגענומען זיין פוס צוריק פון טויף-בעקען און האָט געזאָגט צום בישאָף: „אויב אַזוי, וויל איך בעסער פערבליי-בען מיט מיינע עלטערן אין דער העל".

דער וויכטיגסטער פון אַלע פריעזישע מיסיאָנערען איז געווען ז ו י ל-ל י ב ר אָ ר ד, וועלכער האָט געגרינדעט דאָס ביסטום (בישאָפטום) א ו ט-ר ע כ ט. אין דער זעלבער צייט האָט געאַרבייט צו פערשפּרייטען דאָס קריסטענטום אַן אַנדער מיסיאָנער, ב אָ נ י פ אַ צ י ו ס, וועלכער האָט פריהער געהייסען ו ו י נ פ ר י ע ד. ער האָט געשטאַמט פון אַן אַדעליגער פאַמיליע. ער איז געקומען צו די פריעזען גראַדע אין דער צייט, ווען ראַדבאָד

האָט שטאַרק געדריקט די קריסטען, און דעריבער האָט זיין פּראָפּאַגאַנדאַ גאָר ניט געווירקט. ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו פערלאָזען פריעזלאַנד און האָט זיך אוועקגעלאָזען נאָך דעם אינערן פון דייטשלאַנד צו ווירקען אויף די דייטשע שטאַמען צו אָנערקענען דאָס קריסטענטום. ער האָט אָבער דאָרט ניט לאַנג פערבראַכט און איז צוריקגעקומען אין פריעזלאַנד, און האָט זיך פון דאָס ניי גענומען פיר זיין אַרבייט, און דיזעס מאָל מיט מעהר ערפאָלג. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צו בעקעהרען די העססען און האָט געגרינדעט ביי זיי דעם קלויסטער אַמאָנעבורג. ביי די העססען האָט באָניפאַציוס אָפּגעהאַקט די הייליגע אייכע (דוב), וואָס איז געווען געווידמעט צום גאָט וואָדאַן, אום צו בעווייזען די היידנישע העססען, דאָס עס איז אַ געוועהנליכער בוים און ניט קיין גאָטהייט. דיזעס האָט שטאַרק געווירקט אויף די העססען און זיי האָבען זיך מאַססענווייז גענומען בעקעהרען צום קריסטענטום. ער האָט בעקעהרט צום קריסטענטום גאַנץ העססען און טהירינגען. אין העססען האָט באָניפאַציוס געגרינדעט זיין ליבלינגס־קלויסטער פּולדאַ. דיזער, ווי אַלע אַנדערע קלויסטערס, איז געווען די קוועלע, פון וועלכער עס האָט זיך פערשפּרייט קולטור און גייסטיגע בילדונג צווישען דער הערשענדער קלאַס פון לאַנד.

אין פריעזלאַנד איז נאָך ניט דאָס גאַנצע פאָלק געווען בעקעהרט צום קריסטענטום. באָניפאַציוס האָט זיך גענומען צו בעקעהרען די איבריגע פריעזען צום קריסטענטום. ער האָט ניט געקוקט אויף זיין עלטער, הגם ער איז שוין דאַמאָלס געווען אַ 70־יעהריגער מאַן, און ער איז אין יאָהר 755 מיט אייניגע בעגלייטער געקומען נאָך פריעזלאַנד. דיזעס מאָל האָט ער געהאַט גרויס ערפאָלג אין זיין אַרבייט, און האָט בעקעהרט פיעלע טויזענדער פריעזען צום קריסטענטום. אָבער ווען ער האָט אויפגעשטעלט זיין געצעלט ביי דאָקקום (5טען יולי, 755) זיינען איהם בעפאַלען אַ מחנה פריעזען און האָבען איהם געטויטעט צוזאַמען מיט זיינע 52 בעגלייטער. באָניפאַציוס האָט ניט ערלויבט זיינע בעגלייטער זיך שטעלען געגען זיינע אָנגרייפער. זיינע אָנהענגער האָבען בעערדיגט זיין קערפּער צוערסט אין אוטרעכט, נאָכדעם האָט מען איהם איבערגעטראָגען אין זיין געליבטען מאָנאַסטיר פולדאַ.

באָניפאַציוס איז געווען אַ מאַן מיט אמת'ער איבערגעבענהייט צום קריסטענטום. ער האָט געטאָן זיין מיסיאָנס־אַרבייט מיט הייליגער בעגייסטערונג און האָט געאָפּפערט זיין לעבען פיר דאָס וואויל פון דער קירכע. אָבער ביי אַלעם דעם איז ער געווען אַ מענש מיט אַ האַרטער נאַטור, ענג-

הערציג און הערשזיכטיג. ער האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פיר דאָס פּאַפּסטטום, ווייל ער האָט געמאַכט די דייטשע קירכע אָפּהענגיג פון רוים. ער האָט געגעבען דעם פּאַפּסט אַ שבועה, דאָס אַלע, וועמען ער וועט בעקעה־רען, זאָל ער ברייננען אונטער די רוימישע קירכע, ד. ה. אונטער'ן פּאַפּסט. און ער האָט זיין שבועה ריכטיג מקיים געווען. די אַלע נייע קירכליכע גע־מיינדעס, וואָס ער האָט געגרינדעט, זיינען געווען איינגעאָרדענט נאָך דעם מוסטער פון רוים. זינט דעם יאָהר 732 האָט ער געגרינדעט אַ גאַנצע רייהע פון ביסטומער (בישאָפּטימער). אפילו די פראַנקישע קירכע האָט ער, אין דער צייט פון פּיפּין דעם קורצען, איבער־אַ־נייס איינגעאָרדענט און האָט זי געבראַכט אין אַן ענגע פערבינדונג מיט דעם פּאַפּסט. ווי אין די פריהער־דיגע צייטען האָט זיך דער דייטש געבויגען פאַר דעם רוימישען קייזער, אַזוי איז ער יעצט געווען געהאָרזאַם צו דער רוימישער קירכע. שוין אין יאָהר 716 האָט אַ גערמאַנישער פירסט געבעטען ראַט און הילף פון דעם רוימי־שען פּאַפּסט.

דער פאַקט, דאָס די דייטשע און פראַנקישע קירכע זיינען געוואָרען פער־בונדען מיט דעם פּאַפּסט, איז געווען זעהר וויכטיג פיר דעם לעצטען. מען קען זאָגאַר זאָגען, דאָס ערסט פון דיזער צייט האָט רוים אָנגעפאַנגען צו שפּילען איהר הויפּט־ראָלע אין דער וועלט־געשיכטע. אין ווינטער פון יאָהר 753 איז דער פּאַפּסט סטעפאַן דער 2טער געקומען אין גאַלליען און געבעטען הילף ביים פראַנקישען פאָלק געגען די לאַנגאָבאַרדען. מיר האָבען שוין פרי־הער דערצעהלט, דאָס די לאַנגאָבאַרדען האָבען אונטערוואָרפען כמעט גאַנץ איטאַליען. די מזרח־רוימישע קיסרים האָבען נאָר געהאַט אַ קליין שטיקעל לאַנד אין דרום־איטאַליען, און אין מיטעל־איטאַליען איז רוים געווען אויס־געזעצט צו שטענדיגע אָנגריפען פון די לאַנגאָבאַרדען, ווייל די פּאַפּסטען האָ־בען זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער די הערשאַפט פון אַ פרעמדען פאָלק. אויסער דעם האָבען די פּאַפּסטען געפיהרט אַ קאַמף מיט די מזרח־רוימישע קיסרים, ווייל זיי האָבען געוואָלט אַרויס פון דעם שוץ פון די קיסרים און זיך אונטערגעבען אונטער דעם שוץ פון די פראַנקען.

דער פּאַפּסט סטעפאַן דער 2טער איז געפאַלען אויף די קני פאַר פּי־פּין'ען און האָט געבעטען הילף פיר זיך און פיר דאָס רוימישע פאָלק געגען די לאַנגאָבאַרדען. ער האָט ניט געוואָלט אויפּשטעהן ביז פּיפּין און די גרוי־סע לייט פון די פראַנקען האָבען איהם פערשפּראָכען צו ערפילען זיין ביטע. פּיפּין האָט באַלד געפאָדערט פון דעם לאַנגאָבאַרדישען קעניג אַסטולף, אַז ער זאָל באַלד אָפּטרעטען פון די רוימישע פּראָווינצען. אַסטולף האָט זיך

ענטזאַגט דאָס צו טאָן. דאַן האָבען די פראַנקען בעשלאָסען ארויסצוגעהן אין אַ שטרייט. פּיפּין האָט פערשפּראָכען דעם פּאַפּסט די הערשאַפט איבער אַלע שטעדט, וואָס ער וועט אָפּנעהמען פון די לאַנגאָבאַרדען. דערפאַר האָט איהם דער פּאַפּסט צוגעזאָגט, דאָס ער וועט איהם זאַלבען אַלס קעניג, אויך וועט ער זאַלבען זיינע זיהן קאַרל און קאַרלאָמאַן, און דערצו וועט ער איהם געבען דעם טיטעל „שוץ־הערר פון די רוימער". נאָך דיזען אָפּמאַך זיינען די פראַנקען געקומען נאָך איטאַליען דורך די אַלפּען־דורכגענג, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער זייער הערשאַפט זינט דעם 6טען יאָהרהונדערט, און אָהן אַ שום שטערונג זיינען זיי אריין אין פּיעמאָנט. די פראַנקען האָבען גאָר אָהן מיה פערניכטעט די אַרמעע פון די לאַנגאָבאַרדען. דער קעניג אַסטולף האָט אָנגענומען אַלע בעדינגונגען, וואָס פּיפּין האָט איהם פאָרגעלעגט, און איז געוואָרען זיין וואַסאַל (אונטערטעניגער).

אָבער באַלד, ווי נאָר די פראַנקען זיינען ארויס צוריק פון איטאַליען, האָבען די לאַנגאָבאַרדען געבראָכען זייער וואָרט. זיי האָבען די שטעדט, וואָס זיי האָבען בעזיגט פון די רוימער, צוריק ניט אָפּגעגעבען, און זיי האָבען נאָך בעלאַגערט רוים. דער פּאַפּסט האָט מורא געהאַט, דאָס די פראַנקען וועלען זיך ניט איילען צו קומען איהם צו הילף, האָט ער זיי געשיקט אַ פאַלשען בריף, געשריבען כלומר'שט פון הייליגען פּעטרוס, וועלכער איז שוין לאַנג, מיט אייניגע הונדערט יאָהר צוריק, געשטאָרבען, אין וועלכען בריף דיזער הייליגער פערשפּרעכט די פראַנקען אייביגעם לעבען, אויב זיי וועלען גיך קומען דעם פּאַפּסט צו הילף. דער קעניג אַסטולף האָט ווידער געבעטען וועגען פרידען. דיזען מאָל האָט ער ווירקליך איבערגעגעבען די שטעדט פון מיטעל־איטאַליען צו פּיפּין'ען, און דיזער האָט זיי איבערגעגעבען דעם פּאַפּסט. דאָס זיינען געוועזען די שטעדט, וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג פון דעם אַדריאַטישען מעער, פון ראַוועננאַ ביז סיניגאַליאַ, און פיעלע שטעדט אין דעם אינערען פון איטאַליען. דער פּאַפּסט איז דורך דעם געוואָרען הערשער איבער 22 שטעדט, און אויסער דעם האָט ער אויך אין רוים געהאַט אַן אונגעהייערען איינפלוס. אָבער דאָס אוועקשענקען דעם פּאַפּסט די שטעדט, וואָס פּיפּין האָט אָפּגענומען פון די לאַנגאָבאַרדען, האָט ניט געמיינט, דאָס דער פּאַפּסט זאָל בלייבען דער וועלטליכער הערשער איבער זיי, ווייל פּיפּין איז אין דער טאַט געבליבען אויך נאָכדעם זייער שוץ־הערר.

דעם 24טען סעפּטעמבער פון יאָהר 768 איז פּיפּין געשטאָרבען אין סט. דעניס פון אַ פיבער. פאַר זיין טויט האָט ער צוטיילט זיין רייך צווישען זיינע צוויי זיהן. אין דעם האָבען איהם פיעל געהאָלפען די גייסטליכע. דער על-

טערער זוהן, קאַרל, האָט ערהאַלטען אוסטראַזיען און דעם גרעסערען טייל פון גערמאַניען. דער אינגערער זוהן, קאַרלאָמאַן, האָט ערהאַלטען בורגונד און פּראָוואַנס, נאַרבאָננע, שוואַבען און עלזאַס. נייסטריען און אַקוויטאַניען זיינען צוטיילט געוואָרען צווישען ביידע ברידער. דיזע צוטיילונג איז בע-שטעטיגט געוואָרען אויף דער אַלגעמיינער פאָלקס-פערזאַמלונג פון דעם פראַנקישען אַדעל. קאַרל איז אַלט געווען 26 יאָהר ווען ער איז אַרויף אויף דעם טראָן. זיין ברודער איז קורץ נאָכדעם געשטאָרבען, און דאָס פראַנקישע פאָלק האָט ערוועהלט קאַרל'ען אַלס קעניג איבער דאָס גאַנצע לאַנד. קאַרל איז אויך געזאַלבט געוואָרען פון די גייסטליכע, ווי זיין פאָטער פּיפּין, אום צו געבען דער זאַך מעהר הייליגקייט. די קריגערישע צערעמאָניע, לויט וועל-כער דער ערוועהלטער קעניג פלעגט אויפגעהויבען ווערען אויף אַ שילד, איז דאַמאָלס אָפּגעשאַפט געוואָרען, און אָנשטאָט איהר איז אַריין אין מאָדע די אוראַלטע אידישע צערעמאָניע פון זאַלבען.

קיין קעניג פון די אַלע קעניגען פון מיטעלאַלטער איז ניט געווען אַזוי בעריהמט, אַזוי געליבט און געלויבט ווי קאַרל, וועלכער האָט ווירקליך פער-דינט דעם טיטעל „דער גרויסער", וואָס מען האָט איהם געגעבען. ניט נאָר די גרויסע צאָהל פון קריכערישע פירסטען-דינער און ביצאַנטישע הויף-שריי-בער, נאָר אויך פיעלע פילאָזאָפישע שריפטשטעלער האָבען איהם פערגע-טערט. זיין שענע פערזענליכקייט, זיין הדרת פּנים, וועלכע האָט איהם פער-שאַפט עהרפורכט, זיין ענערגיע און זיין חכמה — האָט מען געלויבט ביז אין הימעל. עס האָבען זיך אַפילו געפינען אייניגע שטימען געגען דיזער איבער-געטריבענער פערגעטערונג פון אַ מענשען, אָבער זייער שוואַכע שטימע איז פערטויבט געוואָרען פון די הויכע שטימען פון די מיליאָנען, וואָס האָבען איהם געלויבט ביז אין הימעל. און דאָך איז זעלטען אַ פירסט מיט אַזוי וועניג רעכט פערגעטערט געוואָרען. איינצעלנע טאַטען זיינע ערשיינען אויף'ן ערסטען בליק צו זיין גלענצענד, אָבער אין גרונד גענומען קען מען ניט אָנווייזען אויף איין וויכטיגע דויערהאַפטע אויפטואונג, וועלכע מען זאָל קענען צושרייבען צו איהם. לויט די נייע בעגריפען פון אַן אמת'ן גרויסען מענשען, קענען מיר יעצט ניט שעצען דעם ווערט פון אַ פירסט נאָך זיינע העלדענטאַטען אין קריג אָדער נאָך זיינע פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע שווינדלערייען, ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די געשיכטע-שרייבער פון דער פאָריגער צייט. פיר דעם אמת'ן היסטאָריקער האָבען נאָר אַ ווערט די קולטור-לייסטונגען; ניט די פיזישע קראַפט, נאָר די גייסטיגע אייגענ-שאַפטען זיינען דער מאַסשטאַב, מיט וועלכען אַלע געשיכטליכע פערזאָנען

ווערען געמאַסטען. און אין דיזער הינזיכט פערשווינדעט די גאַנצע גרויס-קייט פון קאַרל דעם גרויסען. אפילו ווען מען זאָל שוין אַלע רעפאָרמעס און פערבעסערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין זיין צייט, צושרייבען נאָר צו זיין פערזאָן אַליין, מוז מען דאָך אַנערקענען, דאָס ער איז געצוואונגען געווען דערצו דורך געוויסע אומשטענדען. מעכטיגע קרעפטען און פערהעלט-ניסען האָבען געגעבען דערצו דעם שטויס, אָבער דאָס זעלבע וואָלט אויך אַן אַנדער פירסט אויף זיין שטעלע געקענט אָדער געמוזט טאָן, ווייל די פער-העלטניסען זיינען געווען די טרייבענדע קרעפטען, ניט די פערזאָן פון דעם הערשער. פון אַלע זיינע גרויסע טאַטען זיינען איבערגעבליבען נאָר די יע-ניגע, וועלכע די פערהעלטניסען פון דער צייט זעלבסט האָבען מיט זיך גע-בראַכט, אָבער די ריין פערזענליכע ווערק פון קאַרל'ען זיינען פערשוואונדען געוואָרען אין אַ קורצער צייט נאָך זיין טויט און האָבען ניט געלאָזען נאָך זיך קיין שפור.

עס איז זעהר פאַלש, ווען מען שרייבט־צו אַלע ענדערונגען אין לעבען פון אַ פאָלק צו דער טעטיגקייט פון אַ הערשער. די מיינונג, דאָס די פיר-סטען מאַכען די געשיכטע, איז דורכאויס פאַלש. מיר האָבען אפילו פריהער איינינע מאָל זעלבסט בענוצט דעם אויסדרוק, דאָס דיזעס אָדער יענעס געזעץ, דיזע אָדער יענע אויפטואונג האָט געמאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דעם לע-בען פון פאָלק און האָט עס געפיהרט צום גליק אָדער אונגליק. מיר האָבען עס נאָר געטאָן, אום זיך בעקוועמער אויסצודריקען, ניט מעהר. אין גרונד גענומען, ווען מיר זאָלען שילדערען די אומשטענדען און די געשיכטליכע פאַ-סירונגען נאָך דער ריכטיגער און שטרענגער וואהרהייט, האָבען מיר זיך גע-דאַרפט היטען פון אַזעלכע אויסדריקען, ווייל באמת זיינען אַלע וויכטיגע ענ-דערונגען, וואָס קומען פאָר אין דעם לעבען פון אַ פאָלק, נאָר נויטווענדיגע רעזולטאַטען פון די פריהערדיגע אומשטענדען. ווען די הערשער שאַפען רע-פאָרמעס, זיינען זיי דערצו געצוואונגען פון געוויסע מעכטיגע פאַרטייען. ווען דער הערשער איז אַ קלוגער, פערשטעהט ער צו מאַכען די זאַך אַזוי, דאָס עס זאָל אויסווייזען, אַז ער האָט עס אויך פערלאַנגט און ניט נאָר איינגע-שטימט. די פירסטען טרייבען ניט די געשיכטע, נאָר די געשיכטע טרייבט זיי. מיר וועלען שפעטער בעווייזען, ווי די רעפאָרמעס פון קאַרל דעם גרוי-סען אין געריכט־זאַכען האָבען גאָר ווייניג צו טאָן מיט זיין פערזענליכקייט, נאָר זיי זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון היסטאָרישע אומשטענדען.

אַ גאַנץ אַנדערען בעגריף פון קאַרל'ס פערזענליכקייט קענען מיר האָבען, ווען מיר זאָלען בעטראַכטען זיין טעטיגקייט ניט נאָך די רעזולטאַטען, וואָס

זיינען פון זיי אַרויסגעקומען, נאָר נאָך די אורזאַכען, וועלכע האָבען איהם דערצו געטריבען, און נאָך די אַבזיכטען, וועלכע ער האָט געהאַט ביי זיינע טאַטען. בעטראַכטענדיג דעם העלד פון מיטעלאַלטער פון דיזען שטאַנדפּונקט, זינקט ער אַראָפּ אין אונזערע אויגען צום אָפּגרונד פון געמיינהייט און שמוציגסטער פערדאָרבענהייט. מען קען זאָגען, דאָס עס איז ניטאָ קיין איין פערברעכען, וועלכעס דיזער פערהייליגטער הערשער האָט ניט בעגאַנגען. אָבער מיט איהם איז דאָס זעלבע, וואָס מיט קאָנ-סטאַנטין'ען, וועלכער איז אויך בעטיטעלט מיט'ן נאָמען „דער גרויסער", ניט אַכטענדיג אויף זיינע מעשים תעתועים. זייענדיג אינטים פערבונדען מיט די גייסטליכע, האָבען ביידע געהאַט די פּריווילעגיע צו טאָן דאָס ערג-סטע אין דער וועלט און בלייבען גרויסע, כמעט הייליגע, און ווערען פערטיי-דיגט און געלויבט. די גייסטליכע זיינען עס די יעניגע, וועלכע האָבען ביידע רעגירונגען געפעלשט און פערדאָרבען, און האָבען פערוואַנדעלט די גרעסטע בערברעכער אין בעוואונדערונגס־ווירדיגע פירסטען. אָבער אין נאָמען פון דער וואַהרהייט איז שוין צייט צו מאַכען אַן ענדע צו די אַלטע געשיכטליכע שקרים.

שוין דער אָנפאַנג פון קאַרל'ס רעגירונג איז בעשמוצט מיט שענדליכע טאַטען. וואַהרשיינליך האָבען זיינע צייט־גענאָסען געהאַט גענוג אורזאַכען צו בעשולדיגען איהם אין דעם פריהען טויט פון זיין ברודער. אַז דיזע בע-שולדיגונג איז ניט געווען קיין בלבול, בעווייזט דער פאַקט, דאָס קאַרל האָט זיין ברודער'ס זיהן אויסגעשלאָסען פון זייער פאָטער'ס ירושה. מען האָט אָבער געזוכט און געפונען תירוצים אויף דיזע ביידע פערברעכענס. ביידע פערברעכענס, זאָגען זיי, זיינען נעטיג געווען, אום קאַרל זאָל קענען דורכפיה-רען די גרויסע פּלענער פון זיין גרויסען גייסט — אַ גוטער תירוץ, מיט וועל-כען יעדער מערדער קען זיך פערטיידיגען און בעשיצען פון דעם שאַפאָט. דערפון איז בעשאַפען געוואָרען אַ נייער סאָרט מאָראַל, — אַז דאָס, וואָס די קליינע טאָרען ניט, מעגען די גרויסע יע.

אַלס קאַרל'ס ברודער איז געשטאָרבען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, איז ערמאָרדעט געוואָרען, זיינען זיינע צוויי קינדער ענטלאָפען צו זייער זיידען דעזידעריוס, דעם קעניג פון די לאַנגאָבאַרדען אין איטאַליען. דיזער דעזי-דעריוס איז געווען דער שוועהר פון ביידע ברידער, פון קאַרל דעם גרויסען און זיין ברודער קאַרלאָמאַן, ווייל זיי האָבען ביידע געהייראַט צוויי שוועס-טער, דעזידעריוס'עס טעכטער. ווען קאַרל האָט זיך דערוואוסט, דאָס דעזי-דעריוס האָט גענומען זיינע צוויי עניקלאך אונטער זיין שוץ, האָט ער אַרויס-

געטריבען זיין ווייב, דעזידעריוס'עס טאָכטער, און האָט זי אָפּגעשיקט צו איהר פאָטער, און אַליין איז ער אַרוים אין שטרייט מיט זיין שוועהר. קאַרל האָט בעלאַגערט זיין שוועהר אין פּאַוויאַ. צעהן מאָנאַטען האָבען זיך די בעלאַגערטע געהאַלטען, ענדליך האָט זיי דער הונגער און פערשיידענע קראַנק-הייטען געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען. דער ליבער איידעם קאַרל דער גרויסער האָט געהייסען בלינד מאַכען דעם אַלטען דעזידעריוס און האָט איהם פערזעצט אין אַ קלויסטער־געפענגניס. די קרוין פון די לאַנגאָבאַרדען האָט גע'ירש'עט קאַרל. דעזידעריוס'עס זוהן, אַ ד ע ל ג י ס, האָט געפּרובּט מאַ-כען אַן אויפשטאַנד, אָבער קאַרל האָט דאָס באַלד דערשטיקט. דער הערצאָג פון פריאַול האָט זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער זיין הערשאַפט און איז דערפאַר ערמאָרדעט געוואָרען. נאָך רייכער אין רציחות איז דער קריג מיט די זאַקסען. דיזער קריג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יאָהר 772 און האָט זיך געצויגען ביז דעם יאָהר 803 מיט קליינע אונטערברעכונגען. די פּאָליטיקער געפינען אַ גרויסען ווערט אין דיזען קריג, ווייל דורך דעם איז דאָס דייטשע פאָלק געוואָרען פעראייניגט און איז געוואָרען אַ מאַכט, וואָס האָט זיך געקענט שטעלען געגען די נאָרדליכע פעלקער, וועלכע האָבען דאַ-מאָלס אָנגעפאַנגען צו פערפלייצען די דייטשע פּראָווינצען, אָבער די גע-רעכטיגקייט און מענשליכקייט פאָדערן פון אונז זיך אָפּצואָווענדען מיט צאָרן און מיט עקעל פון דיזע שרעקליכע מאָרד־טאַטען און פערוויסטונגען, וואָס קאַרל האָט אָנגעמאַכט אין זאַקסען, ביז ער האָט אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט דאָס פרייע פאָלק, די זאַקסען. מיר ווייסען וועניג פון די איינ-צעלהייטען פון דיזען קריג, און דאָס וואָס מיר ווייסען איז פערקריפּעלט פון די חניפות פון די כראָניקער און געשיכטע־שרייבער פון יענער צייט. נאָר דאָס ווייסען מיר קלאָר, אַז די זאַקסען זיינען געווען אַ שרעק פיר קאַרל'ס חיל. און דאָס איז דערפאַר, ווייל די זאַקסען זיינען נאָך דאַמאָלס געשטאַנען אויף דער שטופע פון קולטור, אויף וועלכע די אַנדערע וועסטליכע פעלקער זיינען געשטאַנען איידער זיי האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום. די פראַנקען האָבען די גערמאַנען בעקעהרט צום קריסטענטום. די זאַקסען האָבען נאָך קיינעם ניט בעצוואונגען. די אָנשטרענגונגען פון באָניפאַציוס מיט זיינע מיסיאָנערען צו בעקעהרען די זאַקסען צום קריסטענטום, האָבען צו גאָרניט געפיהרט. די זאַקסען זיינען געבליבען ביי זייער אַלטער רעליגיאָן מיט דער אַלטער אָרדנונג פון געזעלשאַפטליכען לעבען. זיי האָבען נאָך ניט געוואוסט פון אַ קעניג אָדער אַ הערשענדען הערצאָג.

אין פריהלינג פון דעם יאָהר 772 האָט קאַרל איבערגעטרעטען דעם רהיין, האָט אַריינגעדרונגען אין די געדיכטע וועלדער פון וועסטפאַלען, האָט צושטערט דאָס היילִיגטום עהרעסבורג צוזאַמען מיט דעם געטער-בילד. ווען די אַבערגלויבישע זאַקסען האָבען דערזעהן, דאָס זייער גאָטהייט מיט'ן הייליגטום זיינען צושטערט, האָבען זיי פערלאָרען דעם מוט, האָבען זיך אונטערגעגעבען אונטער די פראַנקען און האָבען געגעבען פערזאָנען פון אַדעל אַלס משכנות, אַלס זיכערהייט, דאָס זיי וועלען ניט מאַכען קיין אויפ-שטאַנד געגען די פראַנקען. אָבער בשעת קאַרל איז געווען אין איטאַליען, האָבען די זאַקסען זיך ווידער גענומען צו די געוועהר אונטער דער פיהרונג פון דעם עלדישען וויטטעקינד, האָבען צוריק אָפּגענומען זייער הייליגע פעסטונג עהרעסבורג און האָבען פערטריבען פון דאָרט די פראַנקען. קאַרל האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט פון איטאַליען, האָט ווידער בעזיגט די זאַקסען, האָט אָנגעמאַכט שרעקליכע פערוויסטונגען אין מזרח און צפון פון זאַקסען און האָט געצוואונגען אייניגע שטאַמען צו שווערען טריי-הייט (774—775).

אָבער דיזע אונטערוואַרפונג האָט געדויערט נאָר אַ קורצע צייט. ווי נאָר קאַרל איז ווידער אַוועק נאָך איטאַליען, האָט וויטטעקינד ווידער גע-מאַכט אַן אויפשטאַנד. נאָך דעם, ווי קאַרל האָט דיזען אויפשטאַנד דער-שטיקט, האָט ער צוזאַמענגערופען אַ רייכסטאַג אין פּאַדערבאָרן. אויף די-זען רייכסטאַג האָבען זיך אויך געפינען פיעלע גרויסע לייט פון די זאַקסען. אום זיך צו רעטען פון דער ראַכע פון די פראַנקען, האָבען די זאַקסען, וואָס זיינען געווען אַנוועזענד אין דעם רייכסטאַג, געגעבען אַ שבועה, אַז זיי וועלען שוין מעהר ניט מאַכען קיין אויפשטאַנד און דאָס זיי וועלען העלפען די מיסיאָ-נערען צו פערברייטען צווישען די זאַקסען דאָס קריסטענטום, און פיעלע פון זיי האָבען זיך באַלד געלאָזט טויפען. נאָר וויטטעקינד האָט ניט גע-וואָלט אָנערקענען די הערשאַפט פון די פראַנקען און איז אַנטלאָפען צו די דענער.

אין דער צייט, וואָס דער רייכסטאַג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פּאַדערבאָרן, זיינען געקומען צו קאַרל'ען געזאַנדטע פון שפּאַניען. סאָ-לאַימאַן, דער שטאַטהאַלטער פון באַרצעלאָנאַ און גראַנאַ, האָט גע-בעטען הילף פון קאַרל'ען געגען אַבדעראַחמאַן דעם אָמאַיאַד, ווייל ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען אונטער איהם. ער האָט פערשפּראָכען די פראַנקען אויפצונעהמען זיי פריינדליך אין זיין שטאָדט. די פראַנקען זיינען געוואָרען מלא שמחה פון דיזען פּאָרשלאַג, ווייל דיזעס האָט געמיינט אַ גע-

לעגענהייט צו שיצען גאַלליען פיר אימער געגען די אַנגריפען פון די אַראַ-בער. עס זיינען באַלד אַוועקגעשיקט געוואָרען צוויי אַרמעען נאָך שפּאַניען, וועלכע האָבען זיך פעראייניגט ביי סאַראַגאָססאַ. אָבער דערווייל האָט דער מוסעלמאַנישער הערשער חרטה געהאַט און האָט זיי ניט געוואָלט אַריינלאָ-זען אין סאַראַגאָססאַ. ער, צוזאַמען מיט אַנדערע שטאַטהאַלטערס אין שפּאַ-ניען, האָבען בעשלאָסען צו ווערען וואַסאַלען צו קאַרל׳ען, און אויסערדעם צו בעצאָהלען די פראַנקען אַ גרויסע סומע פיר די הוצאות, וואָס זיי האָבען אויסגעגעבען אויף מאָביליזירען אין שפּאַניען אַזוי פיעל מיליטער, און זיי זאָלען וואָס צום גיכסטען פערלאָזען דאָס לאַנד. קאַרל איז מיט זיין הויפּט-מיליטער אַוועק פון שפּאַניען, נאָר אַ טהייל איז דאָרטען פערבליבען. די באַסקישע בערג-בעוואוינער, וועלכע האָבען זיך ניט אונטערוואָרפען ניט אונטער די אַראַבער און ניט אונטער די פראַנקען, און האָבען געהאַט אויף די פראַנקען אַ בעזונדערען האַס זינט דעם קריג אין אַקוויטאַניען, זיינען אונ-ערוואַרטעט בעפאַלען די חיל, וואָס זיינען געבליבען אין שפּאַניען, און האָבען




קאַרל׳ס מטבעות.

זיי פערניכטעט. אין דיזער שלאַכט זיינען געפאַלען די בעריהמטעסטע און טרייעסטע בעאַמטע פון קאַרל׳ס פּאַלאַסט. צווישען זיי איז אויך געפאַלען דער בעריהמטער ראָלאַנד, וועגען וועלכען עס איז אַזוי פיעל געזונגען און געשריבען געוואָרען (779). מען זאָגט, אַז די ביינער פון די פראַנקישע העל-דען ליגען בעגראָבען אין אַ טיפען ברונען, אויף וועלכען מען האָט אויסגע-בויט אַ קליינע קירכע. דיזע שלאַכט איז בעוואוסט אין דער געשיכטע אונ-טער דעם נאָמען: די שלאַכט פון ראָנצעסוואַללעס, ווייל דיזע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין יענער געגענד.

אין אַקוויטאַניען האָט קאַרל פערבעסערט די פערטיידיגונג געגען די אָנפאַלען פון די באַסקען, און האָט איבעראַל איינגעזעצט בישאָפען און גראַ-פען. ווען די זאַקסען האָבען דערהערט, דאָס קאַרל איז מיט זיין אַרמעע אַוועק נאָך שפּאַניען, האָבען זיי זיך ווידער גענומען צו זייערע געוועהר און אונטער דער פיהרונג פון וויטטעקינד׳ן האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו רויבען די פראַנקישע געגענדען אויף יענער זייט רהיין. קאַרל האָט זיי ווידער גע-

שלאָגען אין יאָהר 779, און האָט אונטערוואָרפען גאַנץ זאַקסען ביז דעם אונ-טערען טייל פון דער עלבע. אום צו מאַכען איין מאָל פיר אַלע מאָל אַן ענד צו די אויפשטענדען פון די פרייע און בראַווע זאַקסען, האָט קאַרל בעשלאָסען צו בענוצען אַלע מיטלען אום צו בעקעהרען זיי צום קריסטענטום. דאָן איז זיכער געווען, דאָס די גייסטליכע וועלען שוין טאָן דאָס זייעריגע און וועלען דערשטיקען אין זיי יעדען פונק, יעדען וואונש פון פרייהייט. צו דיזען צוועק האָט ער געברויכט שרעקליכע גוואַלדטאַטען, מען האָט זיי בעשטראָפט מיט'ן טויט פיר ניט וועלען זיך טויפען, פיר בערויבען אָדער אונטערצינדען אַ קירכע, פיר פערברענען זייערע טויטע אָנשטאָט בעערדיגען, פיר עסען פלייש אין פאַסט-צייט א. ד. גל. דאַגעגען האָט מען ניט געגעבען קיין שטראָף דעם גרויזאַמסטען מערדער, וועלכער האָט בעגאַנגען זיין בייזע טאַט אין דער שטיל, און האָט זיך מתוודה געווען פאַר דעם גייסטליכען. הייליגע הייזער האָבען בעקומען דאָס אזיל-רעכט, ד. ה. יעדער מערדער, יעדער פערברעכער, וואָס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין אַ קירך אָדער מאָנאַסטיר, איז געווען בע-שיצט פון שטראָף. קאַרל האָט געצוואונגען די זאַקסען צו געבען מעשר (אַ צעהנטעל פון זייערע איינקונפטען) פיר די קירכע. די גייסטליכע האָבען דערפאַר געהאָלפען קאַרל'ען אויסצופיהרען זיינע פּלענער און אונטערצודרי-קען יעדען וואונש פון פרייהייט. דאָס אַלעס וואַרפט אַ ריכטיגעם ליכט אויף די ראָלע פון קריסטענטום אין מיטעלאַלטער.

אָבער קאַרל האָט געהאַט אַ טעות, ווען ער האָט גערעכענט, דאָס יעצט וועלען זיך שוין די זאַקסען פערהאַלטען רוהיג. אַלס קאַרל האָט געשיקט אַ פראַנקישע אַרמעע געגען די סערבען, אַ סלאַווישעס פאָלק, וואָס איז געזע-סען ביי די טייכען זאַאַלע און עלבע, איז וויטטעקינד ווידער ארויס געגען די פראַנקען. דיזעס מאָל האָבען איהם די דענער געשטיצט. די זאַקסען האָבען פערטריבען די קריסטליכע פריסטער און האָבען פערניכטעט איין פראַנקישע אַרמעע. ווען קאַרל האָט דאָס דערהערט, איז ער געשווינד גע-קומען מיט אַלע זיינע טרופּען (אין יאָהר 732). אז די זאַקסען האָבען דער-זעהען די גרויסע אַרמעע פון די פראַנקען, און האָבען זיך איבערצייגט אין זייער שוואַכקייט געגען זיי, האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען און האָבען פער-לאָזען וויטטעקינד'ן. אָבער דיזען מאָל האָט קאַרל גענומען פון די זאַקסען שרעקליכע ראַכע. ער האָט געהייסען אָראָפּהאַקען די קעפּ פון 4,500 זאַק-סען. דיזער מערדערישער משפט שטעלט פאַר אין ריכטיגען ליכט דאָס גע-זיכט פון דעם „גרויסען" פערברייטער פון קריסטענטום. דיזע מערדער-טאַט איז אָבער אויך אין פּאָליטישען הינזיכט ניט געווען זעהר קיין קלוגע. זי

האָט ניט אָפּגעשראָקען די זאַקסען, ווי קאַרל האָט גערעכענט, נאָר אין גע-
גענטייל, זי האָט זיי אַרויסגערופען צו נעהמען ראַכע. אין פאָלגענדען ווינ-
טער האָבען די זאַקסען ווידער גערופען וויטטעקינד'ן, און די דענער האָבען
פערניכטעט פריעזלאַנד און האָבען געצוואונגען די איינוואוינער אָפּצוזאָגען
זיך פון קריסטענטום און זיך צוריקקעהרען צום היידענטום. אין פריהלינג
האָט קאַרל געאײלט צו די זאַקסען, ניט וואַרטענדיג ביז אַלע זיינע טרופּען
וועלען זיך צוזאַמענקומען. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער
קיינער האָט ניט געזיגט. ווען קאַרל האָט בעקומען נייע טרופּען, האָט ער
געוואַגט אָנצופאַנגען אַ נייע שלאַכט ביי דעם קליינעם טייכעל ה אַ ז ע.
די זאַקסען האָבען געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע און זייער מאַכט איז דאַן
געבראָכען געוואָרען אויף אימער. קאַרל האָט מיט גרויס איילעניס דורכגע-
מאַרשירט דאָס גאַנצע לאַנד און האָט אַלעס אונטערוואָרפען אונטער זיין
מאַכט. נאָר וויטטעקינד האָט זיך נאָך געהאַלטען אין נאָרדליכען טייל פון
דער עלבע. ענדליך האָט ער זיך אונטערגעגעבען, ווען קאַרל האָט איהם פער-
זיכערט, דאָס ער וועט איהם ניט בעשטראָפען פיר זיינע אויפשטענדען. ער
האָט זיך אויך געטויפט צוזאַמען מיט פיעלע אַנדערע גרויסע לייט פון די
זאַקסען. קאַרל האָט געהאַלטען וואָרט, און האָט איהם נאָך אויסגעצייכענט
דורך גרויסע מתנות (784).

שפּעטער האָבען די זאַקסען נאָך געפּרובט מאַכען אין איינינגע ערטער
קליינע אויפשטענדען, אָבער דאָס זיינען נאָר געווען קורצוויילינגע אויפפלאַ-
קערונגען, וועלכע זיינען באַלד פערלאָשען געוואָרען, אַזוי דאָס דער קריג מיט
די זאַקסען האָט מען שוין מיט רעכט געקענט רופען געענדיגט. אָבער ניט
קוקענדיג אויף די מאָרדטאַטען פון דעם גרויסען קאַרל אין דעם קריג מיט די
זאַקסען, איז אויך דער רוהם, וואָס מען גיט איהם און זיינע נצחונות, זעהר
פאַלש. 14 יאָהר האָט דער גרויסער פראַנקישער קעניג געשטריטען מיט די
פרייהייטס-ליבענדע זאַקסען. יעדעס מאָל, וואָס זיי האָבען געהאַט אַ נידער-
לאַגע, האָבען זיי זיך אויפגעמונטערט מיט נייע קרעפטען זיך ווידער צו
נעהמען צו דער הייליגער זאַך פון מענשען-פרייהייט אונטער דער פיהרונג
פון זייער העלדישען קעמפער וויטטעקינד. דיזער העלדענמוט איז פיעל
מעהר צו בעוואונדערען איידער קאַרל'ס זיגען.

אויך אַנדערע פעלקערשאַפטען, וועלכע זיינען געווען אונטערוואָרפען
אונטער די פראַנקען, האָבען זיך זעהר אָפט אויפגעהויבען און געזוכט צו בע-
פרייען זיך פון דעם אונערטרעגליכען יאָך. די הויפּטלינגען פון די טהירינ-
גער האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען קאַרל'ען. אין דיזען אויפשטאַנד

האָבען אויך אָנטייל גענומען פיעלע גרויסע לייט פון די פראַנקען. אָבער איידער די זאַך איז געוואָרען ערנסט, האָט מען איהם דערשטיקט. אויך דער הערצאָג פון בייערן, טהאַססילאָ, וועלכער האָט נאָך אין די צייטען פון פּיפּין'ען, קאַרל'ס פאָטער, זיך געוואָלט בעפרייען פון די פראַנקען, האָט יעצט, אונטער קאַרל'ען, געמאַכט אַ פערזוך זיך אָפּצורייסען און אָראָפּצוּוואַרפען פון זיך דעם אונטערטעניגליכען יאָך. צו דיזען צוועק האָט ער געוואָלט צוציהען אויך די הוננען, וועלכע האָבען נאָך בעהערשט די לענדער, וואָס זיינען געלעגען אין אונטערען טייל פון דעם טייך דונאַי. ער האָט אויך געזוכט צוציהען צו זיך צו הילף די סלאַווישע פעלקער. ער איז אָבער גיך בעזיגט געוואָרען, ווייל זיינע קריגער האָבען זיך ענטזאַגט איהם צו פאָלגען. נאָר ער האָט זיך איבער־אַ־נייס גענומען בונטעווען. דאַמאָלס האָט קאַרל מיט זיינע גרויסע לייט פון אַדעל און בעאַמטע געהאַלטען איבער איהם אַ געריכט און מען האָט איהם פעראורטיילט צום טויט. קאַרל האָט איהם געשענקט דאָס לעבען, נאָר ער האָט געהייסען אָפּשערען איהם די האָאָר און פערשיקען אין אַ מאָנאַסטיר אַלס מאָנאַך. אויך זיין ווייב האָט ער פערשיקט אין אַ מאָנאַסטיר. אום צו זיכערן די קעניגליכע מאַכט, האָט ער פערוואַנדעלט בייערן, זאַקסען, שוואַבען און טהירינגען אין גראַפשאַפטען.

פיעל מעהר צייט האָט קאַרל פערבראַכט אויף דעם קריג מיט די אַוואַרען, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יאָהר 791. דיזע פעלקערשאַפט איז וואהרשיינליך געווען אַ פערמישונג פון טערקען, מאָנגאָלען און פיננען. שוויי שטאַממען פון דיזער פעלקערשאַפט, אונטער'ן נאָמען אַוואַר און כונני, זיינען אַרויסגעשטופּט געוואָרען פון די געגענדען אַרום די טייכען איליי און אירטיש, און האָבען זיך אַריבערטראַנספּאָרטירט אין אייראָפּאַ, האָבען בעזיגט דעם רעסט פון די הוננען, האָבען אונטערדריקט די בולגאַרען און אַנדערע סלאַווישע שטאַממען און האָבען דערגרייכט ביז צו דעם דונאַי. דאָ האָבען זיי זיך פערשפּרייט איבער אונגאַרן, עסטרייך, בעהמען און מעהרען ביז צום גרענעץ פון בייערן און טהירינגען.

דאָס לאַנד, וואו די אַוואַרען זיינען געזעסען, איז געווען איינגעטיילט אין גאַווען אָדער האַגאַנען (בעצירקען). אָן דער שפּיץ פון אַ גאַו איז געשטאַנען אַ בעאַמטער, וועלכער האָט זיך גערופען כאַן. דער אויבערסטער איבער אַלע כאַנען איז געווען אַ כאַגון. די צאָהל פון די אַוואַרען איז געווען אונגעפעהר 30,000. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט אין קראַפט זייער רייטעריי. מען רעכענט, דאָס די אַוואַרען זיינען

גוועזען די ערפינדער פון דעם שטייג־ביגעל (דער טייל פון דעם געשפאַן, וואָס העלפט דעם רייטער אַרויפזעצען זיך אויף'ן פערד און האַלט זיינע פיס אום ער זאָל קענען זיצען פעסטער אין זאָטעל). דאָס לאַנד פון די אַוואַרען איז געווען איינגעטיילט אין „רינגען". דאָס זיינען געווען קרייז־פערמיגע וואַלען פון פאַליסאַדען און ערד. אין דיזע קרייזען האָבען זיך געפינען זייערע דערפער, וואוינונגען און בעזיצונגען. דאָרטען האָבען זיך געפינען זייערע אוצרות, וועלכע זיי האָבען אָנגעראַבעוועט אין דער צייט פון 300 יאָהר, וואָס זיי האָבען געוואַנדערט אין פערשיידענע לענדער.



רינג פון די אַוואַרען.

די אַוואַרען פלעגען זעהר אָפט בעפאַלען בייערן און דאָרט פלינדערן און רויבען. דעריבער האָבען די פראַנקען זיי ערקלערט קריג. קאַרל איז אַרויס געגען זיי מיט אַ גרויסער מיליטער־מאַכט, אָבער אין מיטען וועג האָט ער דערהערט, דאָס די זאַקסען האָבען ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד. ער האָט געהייסען זיין זוהן פיפין, אַז ער זאָל פאָרטזעצען דעם צוג געגען די אַוואַרען, און אַליין האָט ער זיך אומגעקעהרט צו די זאַקסען. אויך האָט זיך געמאַכט אַ פערשווערונג ביי איהם אין הויז. זיין זוהן פיפין דער האָרבאַ-טער, וואָס איז איהם געבאָרען געוואָרען פון זיינער אַ קעבס־פרוי (דאָס איז ניט דער פיפין, וואָס איז דאָ פריהער דערמאָהנט), איז פון איהם פערשטוי-

סען געוואָרען, הגם די געזעצען פון די פראַנקען האָבען ניט געמאַכט קיין אונטערשייד פון אַ קינד, וואָס איז געבאָרען געוואָרען פון אַ געזעצליכער פרוי אָדער פון אַ קעבס־פרוי. דער הויקער האָט אָבער ניט געוואוסט צו האַל־טען אין געהיים די פערשווערונג. קאַרל האָט זיך דערפון גלייך דערוואוסט און האָט די שולדיגע פעראורטיילט צום טויט, און איינינגע האָט ער אַרויסגע־שיקט פון לאַנד. זיין אייגענעם זוהן האָט ער פערשיקט אין אַ מאָנאַס־טיר (792).

פּיפּין האָט בעזיגט די אַוואַרען און האָט זיי געבראַכט אונטער די הער־שאַפט פון די פראַנקען. דאָס גאַנצע לאַנד פון די אַוואַרען מיט אַלע זייערע אוצרות זיינען אַנגעקומען צו די פראַנקען. קאַרל האָט אָנגעהויבען צו בע־זעצען דאָס לאַנד מיט דייטשען און פערברייטען דאָס קריסטענטום אין די לענדער פון דעם דונאַי.

די זאַקסען זיינען געווען געצוואונגען אָפּצוגעבען אַ צעהנטעל פון זיי־ערע פּראָדוקטען צו די פראַנקען און שווערען צו לייסטען מיליטער־דינסט. דיזעס האָט זיי שטאַרק אויפגערייצט און זיי האָבען זיך פעראייניגט מיט די פריעזען און האָבען דערשלאָגען דעם גראַף פון דעם גאַו ר ו ס ט ר י נ ־ ג ע ן. דאָס גאַנצע נאָרדליכע זאַקסען האָט זיך צובונטעוועט און האָט אָפּ־געמעקט יעדע שפּור פון קריסטענטום. קאַרל איז גלייך אַריבער דעם רהיין מיט אַ גרויסער מיליטער־מאַכט און האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער אויף דעם „זאַמדפעלד". די זאַקסען האָבען דאַמאָלס אָנגעהויבען צו פיהרען מיט איהם אונטערהאַנדלונגען. זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען און צוגעשטעלט גייזעלן (גרויסע מענשען אַלס משכנות) צו פערזיכערן, דאָס זיי וועלען האַלטען זייער אָפּמאַך. קאַרל האָט זיי אָבער ניט געטרויט, און אום אָפּצושוואַכען זייער קראַפט, האָט ער אַ טייל פון זיי אַריבערגעזעצט אין די פראַנקישע געגענדען, און דאָס לאַנד, וואָס איז אין זאַקסען געבליבען לעדיג, האָט ער צוטיילט צווישען פראַנקישע פאַמיליעס. פון דאַמאָלס אָן האָבען אין זאַקסען אויפ־געהערט פאָרצוקומען אויפשטענדען. אין אַלגעמיין איז די לאַגע פון די זאַקסען און פריעזען געווען ניט ערגער, ווי די לאַגע פון אַלע אַנדערע אונ־טערוואָרפענע פעלקער. זיי אַלע האָבען געמוזט צושטעלען צו דער אַרמעע אַ געוויסע צאָהל קריגער, אָבער די גראַפען און די מיליטער־בעאַמטע זיינען געווען פראַנקען. זייער פּערזענליכע פרייהייט און זייערע רעכטען האָט ער ניט אָנגעריהרט, אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט פאָרטצוזעצען זיין אַלטע פּאָליטיק, נעמליך: צו פערברייטען דאָס קריסטענטום צווישען די זאַקסען.

דאָס רייך פון די פראַנקען האָט, אין קאַרל'ס צייטען, דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון מאַכט. דאָס לאַנד האָט פערנומען אַן אונגעהייער גרויסען שטח: פון דעם טייך איידער ביז צום עברא, פון דעם ברעג פון פריעזלאַנד (האָללאַנד) ביז איטאַליען. די הערשאַפט פון קאַרל'ען האָבען אָנערקענט אַלע דייטשע שטאַמען, די סלאַווען, אַראַבער, גריכען און אַווארען. אַפילו אויסלענדישע קעניגען זיינען מיט איהם אריין אין פערבינדונגען. מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, ווי זאַגאַר האַרון־אַל־ראַשיד האָט געשיקט מתנות צו קאַרל'ען און האָט אָנערקענט זיין הערשאַפט.

קאַרל האָט בענייט די הערשאַפט און דעם גלאַנץ פון דעם קייזערטום פון מערב. נאָך דעם, ווי רוים האָט זיך בערוהיגט פון די שטרייטיגקייטען, וואָס דער בילדער־קריג האָט דאָרט פעראורזאַכט, ווי מיר האָבען עס פריהער דערצעהלט, האָט זי זיך ערוואָרבען אַ שוואַכע זעלבשטענדיגקייט, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ צווייפעלהאַפטע רעפּובּליקאַנישע פאָרמע. אָבער דאַן האָבען די לאַנגאָבּאַרדען מיט זייער וואַקסענדער מאַכט אָנגעפאַנגען צו בעאונרוהיגען רוים, און דער פּאַפּסט האָט געמוזט זוכען אַ בעשיצער פיר רוים געגען די אָנפאַלען פון די לאַנגאָבּאַרדען. דיזען עהרען־טיטעל — בעשיצער פון רוים — האָט ערהאַלטען קאַרל מאַרטעלל לויט דעם בעשלוס פון סענאַט מיט דער צושטימונג פון פּאַפּסט. דעם זעלבען טיטעל האָבען אויך ערהאַלטען קאַרל מאַרטעלל'ס זוהן און ענקעל. מעהר פון אַלעמען האָבען ערפילט געוויסענהאַפט דיזע פליכטען פּיפּין דער קורצער און זיין זוהן קאַרל דער גרויסער. זיי האָבען אָבער אויך פערשטאַנען אויסצונוצען דיזען אומשטאַנד פיר זיך זעלבסט, אום צו בעקומען אַ גאַנצע רייהע פון הויכע רעכטען. נאָך דעם, ווי קאַרל האָט צושטערט דאָס רייך פון די לאַנגאָבּאַרדען, איז ער אריין אין רוים מיט גרויס טריאומף, און די אייביגע וועלט־שטאָדט האָט איהם געוויזען גרויס עהרע. זיין אויטאָריטעט איז אַזוי גרויס געוואָרען, דאָס קיין פּאַפּסט איז ניט אָנערקענט געוואָרען, ווען קאַרל האָט ניט בעשטעטיגט זיין וואַהל.

דער פּאַפּסט לעאָ דער 3טער האָט צוגעשיקט צו קאַרל'ען דעם פלאַג פון דער הייליגער שטאָדט רוים צוזאַמען מיט דעם שליסעל צום קבר פון הייליגען פעטרוס מיט דער ביטע, אַז ער זאָל שיקען נאָך רוים איינעם פון זיינע גרויסע בעאַמטע, ווייל דאָס רוימישע פאָלק וויל שווערען צו איהם, קאַרל'ען, טרייהייט און אונטערטעניגקייט. קאַרל האָט געשיקט דעם אַבט (הויפּט פון מאָנאַכען) א נ ג י ל ב ע ר ט און האָט דורך איהם ערהאַלטען די אָנערקענונג פון זיין אויבערהערשאַפט איבער רוים. לעאָ דער 3טער,

פערשטעהט זיך, האָט געהאַט אַ וויכטיגען גרונד זיך צו פערזיכערן מיט דעם מעכטיגען שוץ פון דעם פראַנקישען קעניג, ווייל ער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּאַפּסט נאָר מיט דער הילף פון אַ געוויסער מעכטיגער פּאַרטיי, און ער האָט געהאַט פיעלע געגנער, איבערהויפּט צווישען די אַריסטאָקראַטען פון דער קלעריקאַלער פּאַרטיי, וועלכע האָט איהם געוואָלט שטירצען, ווייל ער איז געוועזען אַ מענש פון נידריגען שטאַנד, און ערוועהלען אויף זיין אָרט אַ געוויסען פּאַסכאַליס, וועלכער איז געוועזען אַ קוזין פון פּאַפּסט האַדריאַן דעם 1טען. דער קריג פון די פּאַרטייען איז דערגאַנגען אַזוי וויט, דאָס די געגנער פון לעאָ דעם 3טען האָבען זיך ערלויבט איין מאָל, אין דער צייט פון אַ פּראָצעסיאָן, אַרונטערוואָרפען לעאָ'ן פון דעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען אין דער פּראָצעסיאָן. זיינע געגנער האָבען איהם דאַמאָלס געוואָלט אויסשטעכען די אויגען און מאַכען איהם פיר אַ בלינדען. מען האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס, פון וועלכען ער האָט זיך קוים געראַטעט. ער איז אַוועק צו קאַרל'ען אום צו זוכען ביי איהם שוץ געגען זיינע שונאים. קאַרל האָט איהם געגעבען אַלס שוץ איינינע בישאָפען און גראַפען און האָט איהם געהייסען צוזאַמען מיט זיי זיך צוריקקעהרען נאָך רוים. נאָכדעם, אין יאָהר 800, איז קאַרל זעלבסט געקומען דורך די אַלפּען נאָך רוים. דאָ האָט קאַרל פערפיהרט אַ משפּט וועגען די סקאַנדאַלען, וואָס עס זיינען בעגאַנגען געוואָרען געגען דעם פּאַפּסט לעאָ, וועלכען ער האָט ריין־געשפּראָכען פון אַלע בעשולדיגונגען געגען איהם און האָט בעשטראָפט זיינע געגנער און אָנגרייפער. לעאָ האָט איהם דערפאַר שעהן בעדאַנקט. אין דער נאַכט פון וויהנאַכטען (ניטל), ווען קאַרל איז געשטאַנען ביים אַלטאַר און האָט געבעטען, האָט ער אָנגעטאָן דעם קעניג אַ קרוין אויף זיין קאָפּ, און די גאַנצע מאַסע פון טויזענדער אָנוועזענדע האָבען אויסגעשריען מיט איין שטימע: „לאַנג לעבען זאָל דער פרומער, גרויסער, פון גאָט ערוועהלטער, רוימישער קייזער, קאַרל!" נאָכדעם האָט זיך דער פּאַפּסט זעלבסט געוואָרפען קאַרל'ען צו די פיס, ווי מען פלעגט עס אַמאָל טאָן פאַר די רוימישע קיסרים.

איינינע געשיכטע־שרייבער פערזיכערן, דאָס קאַרל איז געוועזען פון דער קרוינונג זעהר איבערראַשט, און ער האָט געזאָגט, דאָס ווען ער וואָלט דערפון געוואוסט, וואָלט ער גאָר דאַמאָלס אין די קירכע ניט געגאַנגען. אָבער עס איז שווער צו גלויבען דיזע מעשיות. אין בעסטען פאַל קען מען זאָגען, דאָס דיזע קרוינונג מיט דעם גרויסען גלאַנץ איז פיר איהם געוועזען אונערוואַרטעט. וואָס דער פּאַפּסט האָט דערמיט געוואָלט, איז זעהר לייכט צו פערשטעהן. ער האָט געוויס גערעכענט, דאָס מיט דעם וועט ער געפינען אין קאַרל'ען אַ

שוץ געגען די פרעטענזיעס פון דעם ביצאנטישען קייזער און פון דעם פאט-ריארך פון קאנסטאנטינאפעל.

אין גרונד גענומען, איז דער קייזערליכער שטוהל נאר געוועזן אן אויס-דרוק פיר די אויבערהערשאפט איבער רוים. אבער לויט דער מיינונג פון קארל'ס צייט-גענאסען איז עס געוועזן א פרעטענזיע אויף וועלט-הערשאפט, וועלכע איז ענג צוזאממענגעבונדען מיט דעם נאמען „רוימישער קייזער". אירענע, די קייזערין פון קאנסטאנטינאפעל, האט געוואלט געבען איהר האנט צו קארל'ען, אום דערמיט אויפשטעלען צוריק די אלטע רוימישע וועלט-הער-שאפט. נאר די גרויסע לייט אין קאנסטאנטינאפעל זיינען געוועזן געגען די-זען פלאן. קארל זעלבסט האט עס בעטראכט פיר א פערגרעסערונג פון זיין ווירדע, און דעריבער האט ער אין יאהר 802 ארויסגעגעבען א בעפעהל, דאס אלע אונטערטאנען אין זיין רייך, וואס זיינען עלטער פון 12 יאהר, זאלען שווערען טרייהייט צום קייזער פון רוים און דערביי שווערען טרייהייט צום „אויבערהערר פון דער קריסטליכער קירכע". ער האט דאמאלס אויך איינגעפיהרט הויף-צערעמאניעס, נאך דער ארט און וויזע, ווי זיי זיינען גע-וועזן איינגעפיהרט אין דעם אלטען רוים און אין קאנסטאנטינאפעל. צווישען אנדערע צערעמאניעס איז אויך איינגעפיהרט געווארען: צו פאלען אויף די קני פאר'ן קייזער און קושען זיינע פיס. דער צוטריט צו דער פערזאן פון קייזער איז געווארען פיעל שווערער, ניט אזוי פריי ווי עס איז געוועזן פריהער, און ביי פייערליכע געלעגענהייטען האט די פריהערדיגע פראנקישע איינ-פאכקייט געמאכט פלאץ פיר גרויס פאמפ און גלאנץ.

קארל'ס קייזערליכער הויף איז געוועזן ארומגערינגעלט מיט א פראכט און גלאנץ, וואס האט יעדען געבראכט אין בעוואונדערונג. פיר זיין ווינ-טער-רעזידענץ האט קארל געמאכט א א כ ע ן, א שטאדט, וואס ער האט אליין אויסגעבויט צווישען דעם רהיין און דער מאזעל. ער האט דא אויפ-געשטעלט גרויסארטיגע געביידעס, אין וועלכע עס האבען געארבייט קינסט-לער, וואס דער קעניג האט איינגעלאדען פון איטאליען און גאלליען. פון דיזע גרויסארטיגע געביידעס זיינען נאך אייניגע געבליבען ביז היינטיגען טאג.

דער גרונד, ווארום קארל האט ערוועהלט אאכען פיר זיין רעזידענץ, איז זעהר איינפאך און ווארפט א זעהר העלעס ליכט אויף די דאמאלסדיגע צו-שטענדען. עס איז בעקאנט, דאס די איינקונפטען, וואס דער קייזער האט ערהאלטען פון זיינע אונגעהייערע גיטער, זיינען געוועזן די הויפט-קוועלע צו דעקען צ"ע גרויסע אויסגאבען אויף די אויסהאלטונג פון דעם הויף. דיזע

אַלע גיטער זיינען אַמאָל געווען דאָס אייגענטום פון פאָלק. צו פערוואַנדלען די הכנסות פון דיזע גיטער אין געלד, איז נאָך דאַמאָלסדיגע אומשטענדען געווען אַן אונמעגליכע זאַך, ווייל די גאַנצע עקאָנאָמישע לאַגע פון פאָלק איז געווען געגרינדעט ניט אויף געלט, נאָר אויף נאַטור־פּראָדוקטען. יעדער האָט אויסגעאַרבייט פון זיין שטיקעל ערד נאָר אַזוי פיעל, ווי עס איז נעטיג געווען פיר זיין פאַמיליע. דער האַנדעל איז געווען זעהר וועניג ענטוויקעלט, הגם מען דערצעהלט, דאָס קאַרל האָט אין זיין מדינה רעגולירט מאָס און וואָג. דערצו זיינען נאָך דאַמאָלס די וועגען און שאָסעען געווען זעהר שוואַך ענט-וויקעלט. דעריבער איז איהם אויסגעקומען צו פאָהרען מיט זיין פאַמיליע און זיין דינערשאַפט איבער זיינע גיטער, אום צו פערצעהרען דאָרט, אויף'ן אָרט, וואָס עס איז אין די גיטער פּראָדוצירט געוואָרען. עס פערשטעהט זיך, דאָס ביי אַזעלכע אומשטענדען האָט מען ניט געקענט דענקען וועגען אַ רע-זידענץ ערגעץ־וואו, אויסער אַן אָרט, וואָס איז געלעגען ביים רהיין, אָדער ביי זיינע נעבען־טייכען, וואָס פאַלען אריין אין איהם, ווייל דורך דיזע טיי-כען און דורך דעם רהיין איז עס געווען לייכט צוצושטעלען אַלע פּראָדוקטען פון פערשיידענע געגענדען צו דער רעזידענץ. אַאַכען האָט געהאַט נאָך אַ פּאָר-צוג געגען פיעלע אַנדערע שטעדט, וואָס זיינען געשטאַנען ביים רהיין און זיינע נעבען־טייכען, דערמיט, וואָס דאָ זיינען געווען גוטע הייל־בעדער, וועל-כע קאַרל האָט נעטיג געהאַט אין זיינע עלטערע יאָהרען אום צו שטאַרקען זיין געזונדהייט. אַאַכען איז אויך געווען נאָהענט צו דער אונפערגעסענער היימאַט פון זיינע עלטערן.

קאַרל האָט נאָך געפיהרט מלחמות אויף אין די עלטערע יאָהרען. אַרום דעם פראַנקען־רייך האָבען דאַמאָלס געוואוינט פיעלע פעלקער, וואָס זיינען נאָך געווען פריי און האָבען איבער זיך קיין יאָך ניט געהאַט. דיזע פרייע פעלקער זיינען געווען ווי אַ דאָרן אין זיינע אויגען. אויסער דעם זיינען זיי געווען אין שטאַנד צו צאָהלען איהם אַ גרויסען טריבוט; וואָרום, אַלזאָ, זאָ-לען זיי עפּעס זיין פריי מעהר פון אַנדערע? — דיזע פעלקער זיינען געווען די סלאַווען און די דענער. ער האָט איינגענומען אָהן גרויסער מיה דאָס סלאַווישע לאַנד צווישען דער עלבע און דער זאַאַלע (סערביען). אויך די בעהמען האָט ער אונטערוואָרפען אונטער זיין מאַכט. די דענער האָבען אַליין אָנגעגריפען די פראַנקישע מדינה, ווי אויך פריעזלאַנד. אָבער נאָך דעם, ווי זייער פיהרער איז געפאַלען אין שלאַכט, האָבען זיי זיך צוריקגע-קעהרט אין זייער לאַנד און האָבען מיט די פראַנקען געשלאָסען פרידען (810).

פיעל געפעהרליכער זיינען געווען די נאָרמאַננען, אַ זעע־רויבערישעס פאָלק פון נאָרד. דיזע פיראַטען (זעע־רויבער) האָבען אָנגעהויבען צו רייזען איבער פערשיידענע ימים און פלעגען בערויבען די אַיינוואוינער פון די שטעדט, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די ברעגען פון די ימים. מען דערצעהלט, דאָס קאַרל זעלבסט האָט איין מאָל געזעהן, ווי די נאָרמאַננען זיינען בעפאַלען אַ שטאָדט אין נאָרד־גאַלליען און האָבען בערויבט די אַיינוואוינער, און ער האָט דאַן מיט טרערען אין די אויגען געזאָגט: וואָס פיר אַן אונגליקען און צרות וועלען נאָך דיזע פרעכע נאָרמאַננען ברייננגען צו פיעלע שטעדט אין אייראָפאַ! — דאָס ער האָט גוט און ריכטיג פאָרויסגעזאָגט, האָט בעוויזען די צוקונפט. דערווייל האָט קאַרל געטאָן וואָס ער האָט געקענט. ער האָט אויסגעבויט שיפען אין פיעלע פון די האַפען־שטעדט און האָט אייניגע גוט בעפעסטיגט, אום די אַיינוואוינער זאָלען זיין אין שטאַנד זיך צו בעשיצען געגען די אָנפאַלען פון די רויבערישע נאָרמאַננען.

דעם 28טען יאַנואַר פון יאָהר 814 איז קאַרל געשטאָרבען. אין זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער צוגעגעבען צו זיינע פריהערדיגע מעשים תעתועים נאָך איין זעהר שענדליכען סקאַנדאַל. נאָך דעם, ווי ער האָט זיך גע׳גט מיט זיין פרוי, וועלכע איז געווען די טאָכטער פון דעם לאַנגאָבאַרדישען קעניג, האָט ער גענומען נאָך דריי ווייבער. אָבער נאָך דעם, ווי זיין דריטע פרוי איז געשטאָרבען, האָט ער שוין מעהר ניט געהייראַט, נאָר ער האָט געהאַט אייניגע פרויען, מיט וועלכע ער האָט געלעבט אונפערהייראַט. זיין הויף האָט זיך איבערהויפט אויסגעצייכענט מיט אויסגעלאַסענהייט. קאַרל׳ס אייגענע טעכטער האָבען געהאַט קינדער, ניט זייענדיג פערהייראַט. קאַרל׳ס אַ שוועסטער האָט געלעבט מיט איהר ברודער אַלס מאַן און פרוי. קאַרל׳ס געהיים־סעקרעטער איינהאַרד האָט געלעבט מיט זיין, קאַרל׳ס, טאָכטער אימּמאַ ניט פערהייראַטערהייד, און ער פלעגט איהר זעהר אָפט בעזוכען ביי־נאַכט אין איהר שלאָפצימער. עס האָט זיך געטראָפען, דאָס איין מאָל, ווען איינהאַרד האָט בעזוכט זיין געליבטע, איז אַרויסגעפאַלען אַ שנעע. אימּמאַ האָט מורא געהאַט, עס זאָל זיך ניט דערגעהן די געשיכטע פון זיין בעזוך דורך זיינע טריט אויף׳ן שנעע, האָט זי איהם גענומען אַריבערטראָגען אויף איהרע הענט איבער׳ן הויף. קאַרל האָט דיזעס געזעהן, ווייל ער האָט גראַדע דאַמאָלס געקוקט אין פענסטער. אום צו פערמיידען אַ סקאַנדאַל, האָט ער אויף מאָרגען די פּאָאָר פערהייראַט. דיזע געשיכטען ציינגען קלאָר אויף דעם מאָראַלישען צושטאַנד אין דעם הויף פון דעם אויבערהערר און בעשיצער פון דער רוימישער קריסטליכער קירכע.



קאַרל דער גרויסער בעקוקט די נאָרמאַננישע שיפען.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, דאָס די צייט פון קאַרל דעם גרויסען האָט זיך אויסגעצייכענט מיט ענדערונגען אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען. אייגענטליך זיינען דיזע ענדערונגען ניט ענטשטאַנען אין קאַרל'ס צייט, זיי האָבען זיך שוין פריהער אָנגעהויבען ענטוויקלען, אָבער אין דיזער צייט האָבען זיי דערגרייכט אַ הויכען גראַד פון ענטוויקלונג. שוין טאַציטוס האָט ערצעהלט, דאָס די גערמאַנען האָבען געהאַט שקלאַפען. דיזע שקלאַפען זיינען אָבער געווען אין אַ געוויסען גראַד זעלבשטענדיג, ניט ווי ביי די רוימער. זיי האָבען געהאַט אייגענע פעלדער, אייגענע וואוינונגען, נאָר זיי האָבען געמוזט צושטעלען צו זייערע הערען אַ געוויסע מאַסע געטריידע, פיה, קליידער און ד. גל. דיזע אָרדנונג האָט נאָך געהערשט אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון די מעראָווינגער. מיר בעגעגנען דאַן האַלב־פרייע אונטערוואָרפענע, צו וועלכע די בעזיגער האָבען איבערגעלאָזען זייערע פריהערדיגע פעלדער און וואוינונגען מיט דער בעדינגונג צו צאָהלען צו די בעזיגער אַ געוויסע סומע פון די פּראָדוקטען, וואָס זיי ערהאַלטען פון זייער אַרבייט. אָבער עס האָט זיך אויך געפונען אַ גרעסערע צאָהל וואַהרע שקלאַפען, אָדער וואָס זיינען געווען קריגסגעפאַנגענע און זיינען, נאָך דעם מנהג פון יענע צייטען, פערוואַנדעלט געוואָרען אין שקלאַפען.

אָבער דיזע גאַנצע קלאַס פון ניט־פרייע פערשווינדען אין דיזער צייט געגען די גאַנץ פרייע. שפּעטער האָט דיזע קלאַס געבילדעט אַ קליינעם טייל פון די לייבאייגענע, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסע צאָהל פראַנקישע בויערן, וואָס זיינען בערויבט געוואָרען פון זייער האָב און גוט און פון זייער פרייהייט דורך זייערע אייגענע ברידער, די פראַנקען. דאָס גאַנצע מיטעלאַלטער איז אַ גרויסע, גוואַלדיגע, שוידערליכע דראַמאַ פון אונטערדריקונג פון אַ שטאַרקער פרייער קלאַס פון בויערן, פון אַקערלייט. כמעט די גאַנצע קלאַס בויערן זיינען געוואָרען אָפּהענגיג פון די גרויסע גוטס־בעזיצער און זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין לייבאייגענע. באַלד נאָך דעם, ווי די גערמאַנען האָבען צוריסען אין שטיקער דאָס רוימישע רייך און דערמיט אויך געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דער איינריכטונג פון שקלאַפעריי, האָבען זיי ביי זיך זעלבסט איינגעריכטעט קלאַסען־פערשיידענהייט, וועלכע האָט געבאָרען אַ נייעם סאָרט שקלאַפעריי אונטער אַן אַנדערען נאָמען, אונטער דעם נאָמען פון לייבאייגענע. מען וועט אונז זאָגען, דאָס די לייבאייגענע זיינען אין יעדען פאַל געשטאַנען העכער פון די שקלאַפען. מיר וועלען צוגעבען, דאָס אין דער ערסטער צייט איז עס ווירקליך אַזוי געווען, אָבער מען קען אָפּלייקענען, דאָס די לאַגע פון די לייבאייגענע איז געווען דורכאויס אָפּ-

הענגיג פון דעם ווילען פון דעם אונטערדריקער און אויסזויגער. די ערסטע צייט האָט מען נאָך פיעל אָדער וועניג געדענקט, דאָס דער לייבאייגענער איז א פראַנק אָדער א גערמאַן, א מענש פון דעם זעלבען פאָלק, וועלכער איז ניט לאַנג צוריק געווען א פרייער בירגער גלייך מיט אַלעמען; אָבער מיט דער צייט, אַלס די לייבאייגענשאַפט האָט זיך פעסטגעזעצט, האָט מען זיי אָנגע-פאַנגען צו בעהאַנדלען אזוי גראָב, אַזוי באַרבאַריש, ווי אמאָל די שקלאַפען, און זאָגאַר נאָך שרעקליכער, ווייל דאָס מיטעלאַלטער האָט אין אַלגעמיין אי-בערטראָפען דאָס אַלטערטום אין באַרבאַריזם און גוואַלדטאַטען.

אַנדערע געפינען א זכות אויף די קירכע אין דיזער הינזיכט, בעהויפּטענ-דיג, דאָס זי האָט געברויכט איהר איינפלוס צו ערלייכטערן און צו פערבעסע-רען די לאַגע פון די לייבאייגענע. אָבער דיזעס איז דורכאויס פאַלש. די קירכע איז אימער געווען געגען אָפּשאַפען שקלאַפעריי. אין רוים זעלבסט האָט אימער געהערשט א גרויסער שקלאַפען-האַנדעל און דאָ האָט זיך דיזער מיאוס'ער מסחר מיט מענשען פערברייטערט אין אַלע לענדער. קאַרל דער גרויסער האָט געמאַכט פּראָווירפען דעם פּאַפּסט האדריאַן דעם 1טען, וואָרום ער ערלויבט דיזען פערברעכערישען האַנדעל. אָבער האדריאַן, וועלכער האָט געהאַט גרויסע איינקונפטען פון דיזען האַנדעל, האָט עס ניט געוואָלט אָפּשאַפען, און האָט געוואָרפען די שולד דערפון אויף די גריכען און לאַנגאָבאַרדען. די ווענעציאַנער האָבען נאָך אין 8טען יאָהרהונדערט בעטריבען דעם שקלאַפען-האַנדעל. אין יאָהר 1294 האָט דער רוימישער פּאַפּסט צעלעסטין דער 5טער אין זיין ערקלערונג פון די צעהן געבאָט (עשרת הדברות) געזאָגט אזוי: „א קריסט קען האָבען א אידען אָדער א היידע פיר א קנעכט, נאָר ער קען איהם ניט שטערען צו ווערען א קריסט, אָבער דער קנעכט מוז אויך שפּעטער, ווען ער איז געוואָרען א קריסט, דינען“. דער פּאַפּסט קלעמענס דער 7טער האָט דעם 13טען יולי 1528 געהייסען די אינקוויזיטאָרען און דעם בישאָף אין בריקסען צו ערלויבען אַלע גלויביגע קריסטען אָפּנעהמען די גיטער און היי-זער פון די אונגלויביגע און זיי זיך אָנאייגנען, און די אונגלויביגע זעלבסט פאַנגען און פערקויפען פיר שקלאַפען. מעהר פון אַלעמען האָט מען עס גע-טאָן צו לוטעראַנער. אין יאָהר 1542 האָט דער פּאַפּסט פּאַול דער 3טער גע-געבען א בעפעהל, דאָס א צוואַנציגסטער טייל פון אַלץ, וואָס קומט אָן פון גווינעאַ: גאָלד, שקלאַפען און אַנדערע סחורות, זאָל געהערען צום קעניג פון פּאָרטוגאַל, אַלס דעם גרויס-מייסטער פון קריסטליכען אָרדען. ווען פּיוס דער 5טער האָט אין יאָהר 1567 אַרויסגעטריבען די אידען פון דעם קירכען-שטאַאַט (פון רוימישען רייך), האָט ער אַרויסגעגעבען א בעפעהל, דאָס דער איד, וואָס

וועט זיך געפינען אין לאַנד נאָך 3 חדשים, זאָל פערקויפט ווערען פון דער קירכע פיר אַן אייביגען שקלאַף. עס איז אויך ווערט צו בעמערקען, דאָס דער שקלאַפען-האַנדעל האָט אין דער הויפּט-שטאָדט פון קריסטענטום, אין רוים, לענגער עקסיסטירט ווי אין אַלע אַנדערע שטעדט פון אייראָפּאַ.

פון די פאַקטען, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט, איז לייכט צו זעהן, דאָס די קירכע איז גאָר ניט שולדיג געווען אין דעם, וואָס די שקלאַפעריי איז אונ-טערגעגאַנגען. די קירכע האָט צו אַלע צייטען געהאָלפען אונטערדריקען די מאַסע, און ווען אייניגע שריפטשטעלער האָבען געלויבט די קירכע פיר איהר הילף צו פערבעסערען די סאָציאַלע לאַגע פון דער אָרימער קלאַס, איז עס נאָר, ווייל זיי האָבען ניט פערשטאַנען די ווירקליכע פאַקטען. ווען די קירכע האָט עטוואָס געטאָן פיר די אַרבייט, האָט זי עס געטאָן ניט צום נוצען און וואוילשטאַנד פון די אַרבייטער, נאָר פיר איהר אייגענעם מאָגען. אָבער די קונסט פון אונטערדריקען און אונטעריאָכען די אָרימע קלאַס, די אַרבייטער-קלאַס, האָט די קירכע בעסער פערשטאַנען ווי די וועלטליכע מאַכט, און זי האָט אויך געהאַט מעהר מיטלען דערצו. די קירכע האָט ערפונדען דעם איינ-פאַל צו פערוואַנדלען די איינפאַכע שקלאַפעריי אין לייבאייגענשאַפט. אמת, אין אָנפאַנג איז די לייבאייגענשאַפט ניט געווען אַזוי העסליך, ווי זי איז גע-וואָרען אין פערלויף פון דער צייט, אָבער זי האָט אין זיך ענטהאַלטען דעם קערנדעל פון אַ געמיינער שקלאַפעריי.

עס איז שווער אָנצוגעבען ריכטיג, ווי אַזוי און ווען עס איז געווען דער אָנפאַנג פון דער פערוואַנדלונג פון די פראַנקישע בויערן אין לייבאייגענע. צום זיכערסטען קענען מיר זיין, ווען מיר ווילען בעהויפּטען, דאָס דיזעס איז געשעהן צו ענדע פון 5טען און אָנפאַנג פון 6טען יאָהרהונדערט. דאָס פראַנ-קישע פאָלק איז געווען פון דער נאַטור זעהר געזונד און שטאַרק געבויט, און דארום האָט עס זיך זעהר שנעל פערמעהרט אין צאָהל ווי נאָר עס האָט זיך עראָבערט אַ פעסטען און זיכערען אָרט. דיזעס האָט ניט געמאַכט קיין בע-זונדערע ענדערונגען אין דעם לעבען פון די פראַנקען, וועלכע זיינען געזעסען אין צפון און מזרח פון זייער רייך, ווייל דיזע טיילען פון זייער לאַנד זיינען געווען בעדעקט מיט גרויסע וועלדער, און עס איז געווען גענוג פּלאַץ פיר אַ גרויסע בעפעלקערונג. גאַנץ אַנדערש זיינען געווען די אומשטענדען אין וועסטליכען טייל פון זייער רייך. דאָ איז דאָס לאַנד געווען בעאַרבייט, די גאַנצע ערד איז געווען פערנומען און צוטיילט צווישען די, וואָס זיינען דאָרט געזעסען און האָבען זי בעאַרבייט, אַזוי דאָס עס איז קיין אָרט ניט געווען פיר פרישע, נייע מענשען. עס האָבען זיך אָבער דאָרט אויך געפונען זעהר פיעלע




רייטער־סטאַטוע פון קאַרל דעם גרויסען. נאָך ראָשע.

גרויסע גוטס־בעזיצער. מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט, ווי די פראַנ־קישע קעניגען האָבען דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס זיי האָבען צוגענומען פון די גאַלליער, צוטיילט צו זייערע ליבלינגען און צו דער קירכע, און דארום איז דאָס איבעריגע פאָלק געווען געצוואונגען צו דינגען די ערד פון די גרויסע גוטס־בעזיצער. דער קאָנטראַקט פלעגט געוועהנליך געמאַכט ווערען אויף 5 יאָהר. ווען דער אַקערמאַן האָט ניט געצאָהלט די דירה־געלט פּינקטליך, האָט איהם דער גוטס־בעזיצער אַרויסגעזעצט פון דעם טייל ערד, וואָס ער האָט גע־דונגען; האָט ער אָבער געצאָהלט רעגעלמעסיג, פלעגט דער פּאַכט איבערגעהן בירושה פון עלטערן צו קינדער. דיזע פּעכטער זיינען אָבער געווען פריי אין פולען זין פון וואָרט. אַזוי איז עס געווען אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון די מעראָווינגער.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע געוואָרען איניגע יאָהרהונדערטער שפּעטער. אין דער צייט פון די קאַראָלינגען איז שוין געווען אַ זעהר קליינער אונטער־שייד צווישען די ניט־פרייע און די לייבאייגענע, ד. ה. צווישען די שקלאַפען און די פּעכטער, וואָס האָבען געדונגען ערד פון די גרויסע גוטס־בעזיצער. מיר געפינען ניט פון יענער צייט קיין אונטערשייד צווישען דיזע צוויי קלאַ־סען: קיין רעכטליכער, עקאָנאָמישער, אָדער געזעלשאַפטליכער אונטערשייד האָט ניט עקסיסטירט צווישען זיי. די לייבאייגענע האָבען געהאַט די זעלבע בעשעפטיגונג ווי די ניט־פרייע, און עס האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי דיזעביידע קלאַסען האָבען זיך צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין קלאַס.

עס פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט, דאָס וויכטיגע סאָציאַלע אומשטענ־דען האָבען געצוואונגען אַ גרויסע מאַסע פון פרייע בירגער צו קומען צו אַ שטאַנד פון פערקנעכטונג. מען וועט מאַכען אַ גרויסען טעות, ווען מען זאָל דענקען, דאָס נאַטירליכע אומשטענדען האָבען דערצו געפיהרט. פיעלע פון די נייע געשיכטע־שרייבער בעהויפּטען, דאָס אַלעס אין דעם לעבען פון די פעלקער געהט צו נאַטירליך, דאָס די אונטערדריקונג פון מענשען איז געקו־מען פון זיך אַליין, קיין געוואַלט איז דערביי ניט געשעהען. קיין פעררעט, קיין געמיינהייט, קיין בעטרוג איז דערביי ניט געברויכט געוואָרען. אָבער עס איז יעצט פון אַלעמען אַנערקענט געוואָרען אַלס פּאַלש די מיינונג פון די אידעאַליסטען, דאָס אין דער געשיכטע הערשט אַ געוויסע געהיימע, געטליכע אידעע, וועלכע פיהרט די מענשהייט צו אַ געוויסען צוועק; אַזוי איז אויך פּאַלש די אידעע פון די מאַרקסיסטען, וועלכע בעהויפּטען, דאָס די גאַנצע בעוועגונגס־קראַפט פון דער געשיכטע אין דער מענשהייט איז נאָר די עקאָנאָ־מישע לאַגע פון די פעלקער. דאָס וואָרט „עקאָנאָמיש" איז אַריין אין דער

מאָדע. די סאָציאַליסטישע שרייבער, די רעדנער פון די פלאַטפאָרמעס, די ארבייטער — אַלע האָבען איין טעמאַ: „די עקאָנאָמישע לאַגע". אַלץ איז גאָרניט, וואָס מען קען ניט ערקלערען מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע. הגם מיר זיינען איינשטימיג, דאָס די עקאָנאָמישע לאַגע האָט אַ גרויסען טייל אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע און אין דער ענטוויקלונג פון פעלקער־לעבען, דאָך רעכנען מיר פיר פאַלש אַלעס צוצושרייבען צו דיזען פאַקטאָר אַליין. די געשיכטע איז אַ געשיכטע פון מענשען, און ניט פון זאַכען. די זאַכען אַליין וואָלטען קיינמאָל ניט געווען אין שטאַנד צו צוטיילען די מענשהייט אויף צוויי פיינדליכע לאַגערן, וועלכע זיינען בערייט מיט מעסערס צושניידען איינע די אַנדערע. די מענשען אַליין האָבען עס געטאָן מיט זייער האַבזוכט, לוסט צום הערשען, געוואַלט, בעטרוג, געמיינהייט.

עס איז גענוג טרויעריג, דאָס מיר מענשען זיינען אַ שפּילצייג פון די זאַכען, וואָס מיר האָבען אַליין געשאַפען. דאָס אונטערדריקטע פאָלק קומט זעהר אָפט אין פערצווייפלונג און פערלירט די האָפנונג ווען עס איז זיך ארויסצורייסען פון זיין טרויעריגער לאַגע, וועהרענד די הערשענדע קלאַס איז פעסט איבערצייגט, דאָס איהר שטעלונג איז אַ גערעכטע. ניין, ניט די פערהעלטניסען, ניט די ענטוויקלונג פון די זאַכען האָבען צוטיילט די מענשען אין הערערן און קנעכט, אין רויבער און בערויבטע, נאָר די מענשען אַליין האָבען עס געטאָן. דיזעס איז קלאָר צו זעהן אין דער געשיכטע פון מיטעלאַלטער, איבערהויפּט אין דער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דעם פעאָדאַל־סיסטעם.

אין די לענדער, וועלכע האָבען געהערט צו דער רוימישער הערשאַפט, האָבען די פראַנקען און די בורגונדען, ד. ה. די גרויסע לייט פון זיי, ערוואָרבען גרויסע שטיקער לאַנד אַלס אייגענטום. דאָס זעלבע איז געשעהען מיט דער קירכע, וועלכע האָט זיך דאָרט זעהר פריה ענטוויקעלט. פיעל גרעסער זיינען געווען די גיטער, וואָס די קירכע האָט ערוואָרבען אין די גערמאַנישע לענדער. דער מאָנאַסטיר, וואָס באָניפאַציוס האָט געגרינדעט אין פולדאַ, האָט אַליין בעזעסען 15,000 הופען *). דער קעניג האָט ערהאַלטען אַלס אייגענטום אַ גרויסען טייל פון די לענדער, וואָס ער האָט אונטערוואָרפען. פון דיזע לענדער האָט ער פיעל צושענקט צו זיינע ליבלינגען אין גרויסע שטרעקעס, אָנשטאָט וואָס ער האָט עס בעדאַרפט בעסער צוטיילען גלייכמעסיג צווישען זיינע קריגער. גאַנצע קוואַדראַט־מיילען האָט ער צוגעבען צו זיינע

*) הוף איז אַ שטיק לאַנד פון 30 מאָרגען.

גרויסע בעאמטע אום זיך צו פערזיכערן מיט זייער טרייהייט און איבערגע-
בענהייט. די קעניגען האָבען אויך פערדונגען קלענערע שטיקלאך גרונד און
וואלד צו די קריגער און צו די בויערן, אָבער פיעל מעהר און גרעסער זיינען
געווען די לענדערייען, וואָס די גרויסע לייט האָבען ערהאַלטען אַלס זייער
אייגענטום. אזוי איז ענטשטאַנען אין גאַליען און גערמאַניען אַ גרויס־איי-
גענטום פון לאַנד נאָך אין אָנפאַנג פון דעם 7טען יאָהרהונדערט.

אָבער וואָס האָבען די גרויסע גוטס־בעזיצער געקענט מאַכען מיט דער
ערד? וואָס פיר אַ ווערט האָט זי געקענט האָבען, ווען מענשליכע הענט האָבען
זי ניט בעאַרבייט? מען האָט געמוזט זוכען מיטלען, ווי צו בעקומען מענשען,
וואָס זאָלען דיזע גרויסע לענדערייען בעאַרבייטען און זאָלען דערפון געניסען
נאָר אַזוי פיעל, ווי פיעל עס איז נעטיג צו זייער אָרימער עקסיסטענץ, און
דאָס איבריגע איבערלאָזען צו די גוטס־בעזיצער, וואָס האָבען גאָרניט געטאָן.
אין אַ פרייער געזעלשאַפט, אָהן פערקנעכטונג, איז אַזאַ סאָרט גרויסע גוטס־
בעזיצונג ניט מעגליך. זשאַן זשאַק רוססאָ האָט די זאַך ניט פערשטאַנען
גרינדליך, ווען ער האָט געזאָגט: „דער ערסטער, וועלכער האָט פיר זיך אָפּ-
געצאַמט אַ פּלאַץ און איז געפאַלען אויף די אידעע צו זאָגען: דאָס איז מיינס,
און האָט געפונען מענשען, וואָס זיינען געווען נאַריש גענוג איהם דאָס צו
גלויבען, איז געווען דער גרינדער פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט". די
גרויסע שטרעקע ערד, וועלכע איז געווען גרעסער ווי די, וואָס ער קען בע-
אַרבייטען מיט אייגענע הענט, וואָלט פיר איהם קיין ווערט ניט געהאַט, ווען
ער וואָלט ניט בעקומען קיין פערשקלאַפטע הענט, וואָס זאָלען זי בעאַרביי-
טען. ניט די אַרומצאַמונג פון אַ גרויסען שטיק ערד איז געווען דער אָנפאַנג
פון פּריוואַט־אייגענטום, נאָר די ערסטע פערשקלאַפונג פון דעם מענשען. די-
זע זאַכען: ערד און פּלעקער אויף אַרומצאַמען, זיינען געווען פון אייביג אָן.
דער ערסטער מענש האָט זיך געקענט פערשאַפען אונגעהייערעס פּריוואַט־
אייגענטום. עס האָט איהם אָבער געפעהלט דער גייסט, די נשמה פון פּרי-
וואַט־בעזיץ — עס האָט געפעהלט די פערקנעכטונג. דיזער גייסט האָט גע-
פעהלט אין דער געזעלשאַפט, און דעריבער האָט זיך דאַמאָלס ניט געקענט
ענטוויקלען פּריוואַט־בעזיץ. עס מוזען פריהער בעשאַפען ווערען הערען
און קנעכט. פריהער האָט געמוזט זיין אַ שקלאַף אין עקסיסטענץ און דאַן
האָט דאָס אַרומצאַמען אַ גרויסעס שטיק ערד געהאַט אַ זין, דאַן ערסט איז
אין דער אָפּצאַמונג געלעגען דאָס קערנדעל פון פּריוואַט־בעזיץ".

די פּעריאָדע פון פּריוואַט־אייגענטום פאַנגט זיך אָן מיט דער פערשקלאַ-
פונג פון דעם מענשען. דאַמאָלס, נאָר דאַמאָלס, איז דער גרויסער גרונד־בע-

זיין געוואָרען אַ ריכטיגע פּלאַגע, דער וואַהרער דרוק פיר דעם גרויסען טייל פון דער מענשהייט. די פראַנקישע גרויסע גוטס־בעזיצער האָבען זיך באַלד אין אָנפאַנג איבערצייגט, דאָס אָהן שקלאַפעריי, האָט עס פיר זיי קיין ווערט ניט, און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען צו פערברייטען די אידעע פון לייבאייגענע, וועלכע האָט פערשקלאַפט די בויערן אויף הונדערטער יאָהרען, און האָט אַרויסגערופען פערשיידענע בונטען און שטרייטיגקייטען צווישען די הערען און די לייבאייגענע, ביז דיזע פאָרמע פון קנעכטשאַפט האָט אָפּגע־טרעטען און געמאַכט פּלאַץ פיר אַן אַנדער פאָרמע — פיר לוין־שקלאַפעריי.

עס זיינען אַפּילו געוועזען אויך אַנדערע אורזאַכען, וועלכע האָבען געפיהרט צו צוטיילען די מיטעלאַלטערליכע געזעלשאַפט אין ר:יבער און בערויבטע. אַזוי צ. ב., די אונגעהייערע קריגס־קאָסטען, מיט וועלכע די רעגירונג האָט בעלעסטיגט די פערמעגליכע קלאַס, און וועלכע האָבען אָפט דערגרייכט די סומע פון 61,600 מאַרק פיר אַ פּערזאָן צו צאָהלען. מעהר אַלס דיזעס האָט רואינירט דעם בויער דאָס געזעץ, דאָס יעדער בויער מוז מאַכען דעם קריגס־צוג אויף אייגענע קאָסטען. אָבער די הויפּט־אורזאַך, פון וועלכער דער בויער אין מיטעלאַלטער איז רואינירט געוואָרען, איז געוועזען דאָס, וואָס מען האָט איהם בערויבט זיין פרייהייט. די גרויסע גוטס־בעזיצער האָבען געברויכט אַלערליי נעצען, אום אַריינצוכאַפּען די בויערן אין שקלאַפעריי. זיי האָבען געברויכט די אוראַלטע מיטלען, וועלכע די גריכען און די רוימער האָבע בע־נוצט אום צו רויבען פון דעם פאָלק זיין פרייהייט. די געשיכטע דערצעהלט אונז ווייניג פון די טויזענדער נעצען, וועלכע די גוטס־בעזיצער האָבען גע־ברויכט אום צו פערשקלאַפען דאָס אָרימע פאָלק, אָבער די ווייניגע ידיעות, וואָס מיר בעזיצען וועגען דעם, זיינען גענוג צו וואַרפען ליכט און צו ערקלע־רען, וואָס עס זיינען געוועזען די הויפּט־אורזאַכען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דער פערקנעכטונג פון דעם אָרימען בויער. מיליאָנען און מיליאָנען פרייע מענשען זיינען דורך בעטרוג, געוואַלט און בעדריקונג געוועזען געצוואונגען צו ענטזאַגען זיך פון זייער פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט און אונטערצוואַר־פען זיך אונטער די הערשאַפט פו דיזען אָדער יענעם גוטס־בעזיצער. דער יעניגער, וואָס האָט זיך געשטעלט ענטגעגען זיין פערשקלאַפונג, איז אַרויס־געטריבען געוואָרען פון זיין הויז, וואו ער האָט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע, פון דעם שטיקעל ערד, וואָס האָט איהם מיט זיין אָרימער פאַמיליע געשפּייזט, ווייל דאָס איז מעהרסטענס געוועזען געדונגען פון גרויסען גוטס־בעזיצער. און אַזוי זיינען פיעלע געבליבען אָהן ערד און אָהן אַ דאַך, און די רעגירונג האָט זיי אָנגעפאַנגען צו טרייבען פון לאַנד אַלס בראָדיאַגעס, אַלס מענשען, וואָס

האָבען ניט קיין אייגענטום און קיין בעשעפּטיגונג. דיזע פערפאָלגונגען האָבען געפיהרט דערצו, דאָס עס האָט זיך דאַן ענטוויקעלט אַן אונגעהייערע צאָהל רויבער־באַנדעס. אין יאָהר 859 האָט קאַרל דער גרויסער געגעבען אַ בעפעהל צו די גראַפען און בישאָפען, אַז זיי זאָלען בעשטימען געוויסע געריכטס־טעג, אין וועלכע אַלע בירגער, אָהן אַן אויסנאַהמע, זאָלען איינגעלאַדען ווערען צו קומען. אין דיזע געריכטס־טעג זאָל מען פאַר די גערופענע פאָרלעזען שטעלען פון נייעם טעסטאַמענט און פון אַנדערע רעליגיעזע ביכער, וואו עס ווערט ערקלערט די גרויסע זינד פון רויבעריי, און וואָס פיר אַ שטראָף עס ערוואַר־טעט דעם פערברעכער. און ווען דאָס וועט ניט העלפען, זאָלען די בישאָפען זיי אָנזאָגען, דאָס אין פאַל זיי וועלען פאָרטזעצען זייערע רויבערייען, וועלען זיי אַריינגעלעגט ווערען אין חרם, ד. ה. אויסגעשלאָסען ווערען פון דער קירכע, וועלכעס איז געווען אין יענער צייט די גרעסטע שטראָף. אויך האָט דער קעניג געדראָהעט, דאָס ער וועט בעפעהלען די רויבער צו ערשיינען פאַר איהם אַליין, און ווער עס וועט זיך ענטזאָגען צו קומען, דער זאָל אויסגעשלאָסען ווערען פון דער קירכע און פערפאָלגט ווערען אַזוי לאַנג, ביז ער וועט פערלאָ־זען דאָס קעניגרייך.

וואָס איז דעם אָרימען בויער איבערגעבליבען צו טאָן? פון זיין הויז, פון זיין שטיקעל ערד פערטריבען, האָט ער זיך געמוזט בעשליסען צו דינגען לאַנד פון דעם גרויסען גוטס־בעזיצער אויף די שווערע בעדינגונגען, ווי די ניט־פרייע, די שקלאַפען, האָבען געהאַט, ד. ה. צאָהלען שווערע צינזען פיר די ערד, וואָס זיי דינגען פיר זיך, פיר זייער פאַמיליע, און אויסערדעם טאָן אַרבייט אויף די פעלדער, וואָס האָבען געהערט צו די הערען און זיינען ניט געווען פערפאַכטעט. אום זיי זאָלען ערפילען זייערע פליכטען פינקטליך, האָט מען זיי אונטערוואָרפען אונטער די אויפזיכט פון געוויסע בעאַמטע, וועלכע האָבען בעזאָרגט, דאָס די אָפּגאַבען זאָלען ריכטיג איינגעצאָהלט ווע־רען, און דאָס דער דינסט און אַרבייט אין די פעלדער פון די הערען זאָלען רעגעלמעסיג געטאָן ווערען.

אָבער ניט נאָר די פּעכטער זיינען געקומען צו דער לאַגע פון קנעכט־שאַפט, נאָר אויך די בויערן, וועלכע האָבען געהאַט אייגענע ערד, זיינען גע־וואָרען פערקנעכטעט. מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט, ווי די אָפטע קריגען האָבען פעראָרימט דעם בויער, ווייל ער האָט געמוזט פיהרען דעם קריגס־צוג אויף זיינע אייגענע הוצאות. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס פיעלע בויערן זיינען געווען געצוואונגען פערקויפען זייערע קליינע גיטער צו די גרויסע גוטס־בעזיצער, און נאָכדעם האָבען זיי עס פון איהם צוריקגענומען

אין פאַכט מיט געוויסע בעדינגונגען, ווי צאָהלען אָפּגאַבען און טאָן געוויסע אַרבייט אויף די פעלדער פון די הערען. מיט מעהר בעטרוג און גרויזאַמקייט האָט די קירכע אויסגעאיבט דיזע פאָרמען פון פערקנעכטונג. הגם ס אַ ל ו ו י אַ נ ו ס (אַ קריסטליכער געלהרטער אין מאַרסייל, געשט. 485) האָט אַזאַ סאָרט האַנדלונג ערקלערט פיר גאָטלאָז, אָבער די קלעריקאַלען פון יעדער צייט האָבען זיך וועניג אינטערעסירט מיט דער מאָראַלישער זייט פון דער רעליגיאָן. דאָס איינציגע, וואָס די פרייע האָבען געהאַט פון זייער איבערגעבען דאָס אייגענטום צו די גרויסע גוטס=בעזיצער, איז געווען דאָס, וואָס די הערען האָבען זיי געשיצט פון קריגס=דינסט און געריכטליכער שטראָף.

אָבער גראַדע דיזע בעפרייאונג פון קריגס=דינסט האָט געהאַט זעהר שלעכטע רעזולטאַטען פיר די פרייע בויערן אין סאָציאַלער הינזיכט. ביי די קריגערישע גערמאַנען זיינען אימער געווען געגרינדעט זייערע רעכטען אין זייערע פליכטען אויף דעם פונדאַמענט פון קריגס=דינסט. קוים אָבער האָבען זיי קיין קריגס=קאָסטען ניט געצאָהלט און קיין קריגס=דינסט ניט געלייסטעט, האָבען זיי אויך קיין רעכטען ניט געהאַט. דיזער אומשטאַנד האָט געגעבען די גרויסע גוטס=בעזיצער די מעגליכקייט צו בעהאַנדלען די בויערן אַלס ניט=פרייע. זיי האָבען ניט ערלויבט די בויערן זיך ערגעץ=וואו צו פערזאַמלען אום צו פערהאַנדלען וועגען זייערע אייגענע אינטערעסען אויסער אין דעם הויף פון זייער הערר. אָנפאַנגס איז עס נאָך צוגעגאַנגען ווי ביי די פרייע בויערן, אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען, און די הערען האָבען זיך גענומען דאָס רעכט צו זיין די פאָרזיצענדע אויף די פערזאַמלונגען, און האָבען אָנגעהויבען צו אויסאיבען אַ גרויסען איינפלוס אויף אַלע זייערע האַנדלונגען און זייערע רעכטען. ביסלאַכוויז זיינען די גרונד=בעזיצער, אָדער די שוץ=הערען געוואָרען די ריכטער פון די בויערן=פעכטער, ווי פון די שקלאַפען. אַזוי האָבען זיך די גרויסע גוטס=בעזיצער ערוואָרבען מעהר און מעהר רעכטען איבער די אַלע בויערן, וואָס זיינען געזעסען אויף זייערע גיטער, אַלס צינז=צאָהלער, און האָבען פערשמאָלצען אין איין קלאַס אַלעמען אָהן אַן אויסנאַהמע, פרייע און ניט=פרייע.

דער בעריהמטער געשיכטע=שרייבער קאָלב מאָלט מיט זעהר שוואַרצע פאַרבען די לאַגע פון די לייבאייגענע. „פון דער צייט פון כלאָדעוויג'ן", שרייבט דיזער היסטאָריקער אין זיין קולטור=געשיכטע, „אין פערלויף פון 5 יאָהרהונדערטער, האָבען אַלע קעניגען (אויסער קאַרל דער גרויסער) געשטרעבט אַרויסצוגעבען געזעצען צו פערברייטערן און בעפעסטיגען די לייבאייגענשאַפט. אַן אונגעהייערע צאָהל פון גוואַלדטאַטען האָבען פערדרענגט

אין דער געזעלשאפט די מיטעלקלאס און האבען געלאזען א טיפען פינסטערן אפגרונד צווישען דעם אדעל און די שקלאפען . . . אלגעמיינער פיזישער און מאראלישער עלענד, הונגער און נויט, אונזיכערהייט, אבער אויך אפט אבער-גלויבישע פרומקייט האבען געטריבען צו פערקנעכטונג. מען האט געגלויבט, דאס עס איז א גרויסע מצוה צו זיין א לייבאייגענער פון א קירכע אדער פון א הייליגען גייסטליכען". די קירכע האט זיך ניט געשעמט צו מאכען גע-זעצען, לויט וועלכע, ווען מען געפינט א קינד נעבען דער טיר פון א קירכע, ווערט עס א שקלאף פון דער קירכע. ווען פרייע האבען געהייראט ניט-פרייע, זיינען די קינדער געווען לויט געזעץ שקלאפען, און זאגאר די פרייע פערזאן פון דעם פאאר פאלק האט פערלארען איהר רעכט אויף פרייהייט.

אום מען זאל דעם לייבאייגענעם גלייך דערקענען, ווי מען זעהט איהם, האט מען פיר איהם צוגעטראכט בעזונדערע קליידער, און דער קאפ זיינער האט געמוזט זיין געשארען. א שקלאף האט ניט געקענט זיין אן עדות געגען א פרייען. קיין פליים האט איהם ניט געהאלפען צו פערבעסערן זיין צושטאנד. ער האט קיין רעכט ניט געהאט צו האבען וועלכעס עס איז אייגענטום. די שמאטעס, וועלכע האבען צוגעדעקט זיין אויסגעמאגערטען קערפער, האט ער ניט געהאט דאס רעכט צו לאזען ירושה צו זיינע קינדער, וועלכע זיינען אויך ניט געווען זיינע, נאר זיין הערר'ס.

לויט די געזעצען פון יענער צייט, ווען א הערר האט בעהאנדעלט שלעכט א לייבאייגענעם און ער איז געשטארבען אין דעם זעלבען טאג, האט איהם געקומט א שטראף, וואס די קירכע האט אויף איהם ארויפגעלעגט. אבער ווען ער איז געשטארבען אויף מארגען, איז ער געווען פריי פון יעדער שטראף. איבערהויפט האט דאמאלס געהערשט דאס פרינציפ, אז די רעגירונג האט ניט דאס רעכט זיך אריינצומישען צווישען דעם הערר און זיינע לייבאייגענע. פיליפ דע באמאנואר (אונגעפעהר אין 1280) גיט פאלגענדע ערקלערונג וועגען די רעכטען פון די הערען אויף זייערע לייבאייגענע: „די הערען האבען דאס רעכט צו הענגען זייערע לייבאייגענע, ווייל זיי געהערען צו זיי סיי לע-בעדיגערהייד, סיי טויטערהייד, און ווען זיי ווילען, קענען זיי די לייבאייגענע האלטען געפאנגען, עס מאכט ניט אויס אויב זיי האבען דערצו אן אורזאך אדער ניט, ווייל וועגען דעם דארפען זיי אפגעבען דין וחשבון נאר גאט אליין".

די פראנצויזישע געזעצען האבען אויסדריקליך ערקלערט, דאס די לייב-אייגענע זיינען ניט מעהר ווי בעוועגליכעס אייגענטום, ווי מעבעל, אבער ניט ווי לעבעדיגע מענשליכע בעשעפניסען. מען האט זיי אפטמאל בעטראכט אלס לעבעדיגע מינצען. מען האט מיט זיי, ווי אויך מיט הויז-טיערען, בע-

צאָהלט פיר פערשיידענע סחורות אָדער גרונד־אייגענטום, ווי מען צאָהלט מיט מטבעות, און דאָס האָט זיך גערעכענט פיר געזעצליכעס געלט, און קיי־נער האָט זיך ניט געקענט ענטזאַגען צו נעהמען די לייבאייגענע אָנשטאָט געלט. דאָס זעלבע איז אויך געווען אין פּראַקטיק אין ענגלאַנד.

איינינע געשיכטע־שרייבער ווילען אונז איינרעדען, דאָס אין מיטעל־אַלטער האָט מען בעהאַנדעלט די לייבאייגענע פּאַטערליך מילד. אָבער דאָס איז פאַלש. דער גייסט פון דער צייט ווידערשפּרעכט דיזער בעהויפּטונג. ריכטיג האָט פערשטאַנען די לאַגע פון די לייבאייגענע פון יענער צייט פעטער דער עהרווירדיגער, דער מאָנאַך פון קלוני, ווי מען קען זעהן פון דעם, וואָס ער האָט געשריבען צו בערנהאַרד דעם הייליגען. „יעדער ווייס", שרייבט ער, „דאָס די הערען בעהאַנדלען דאָס לאַנד־פאָלק זעהר גרויזאַם. די הערען בענוגענען זיך ניט מיט דער געוועהנליכער דינסט־אַרבייט, וואָס די אונגליק־ליכע לייבאייגענע טוען פיר זיי, נאָר זיי בערויבען זיי אָהן באַרמהערציגקייט. אויסער די בעשטימטע אָפּגאַבען נעהמען זיי צו פון זיי 4 אָדער 5 מאָל אין יאָהר אַלץ, וואָס זיי האָבען אויפגעאַרבייט, און ווען עס פערווילט זיך זיי צווינגען זיי די אונגליקליכע צו אַרבייטען פיר זיי, בעלעסטיגען זיי מיט אונ־געהייערע שווערע משאות, אַזוי דאָס זיי געפינען ניט קיין אַנדער מיטעל פּטור צו ווערען פון זייער שווערען דרוק, ווי צו פערלאָזען דעם באָדען און ענטלוי־פען אין אַנדערע לענדער". אין ענגלאַנד, אין 10טען יאָהרהונדערט, האָט אַ יאַגד־הונט געהאַט דעם זעלבען פּרייז ווי אַ מענשליכער שקלאַף, ביידע האָ־בען געגאָלטען און זיינען געווען אין געברויך אַלס לעבעדיגע מינצען. פיר ערמאָרדען אַ לייבאייגענעם האָט מען געגעבען די זעלבע שטראָף וואָס מען פלעגט געבען פיר בערויבען אַ נעסט פון אַ פאַלק (אַ מין פויגעל).

אין פראַנקרייך האָט מען עס גערעכענט פיר אַן אָנפאַנג פון גליקליכע ליכטיגע צייטען, ווען מען האָט אין איינינע ערטער אָנגענומען די רעגעל, דאָס דער הערר האָט ניט קיין רעכט צוצונעהמען פון זיינע לייבאייגענע מעהר פון אַ פינפטעל פון זייער פּראָדוקציאָן, און נאָר נאָך זייער טויט האָט ער דאָס רעכט זיי אין גאַנצען ירש'ענען, ווען זיי, די לייבאייגענע, האָבען ניט איבערגעלאָזען קיין יורשים. מען קען גוט פערשטעהן, ווי אונגליקליך זייער לאַגע איז געווען, ווען אַזעלכע רעגלען זיינען געווען אַ סימן אויף גוטע, ליכ־טיגע צייטען.

אין גערמאַניען איז די לאַגע פון די לייבאייגענע געווען בעזונדערס ניט נאָרמאַל, צוליב די קריגען, וואָס זיי האָבען געפיהרט מיט די סלאַווישע פעל־קער. די קריסטליכע גערמאַנען האָבען זיך אַלעס ערלויבט געגען די היידען.

דערצו האָט פיעל געהאָלפען די לעהרע פון די קריסטליכע גייסטליכע. דיזע האָבען געלעהרט, דאָס די שקלאַפען זיינען בעשטימט צו זייער נידריגער לאַגע פון גאָט זעלבסט. זיי זיינען בעשטימט צו אייביגער שקלאַפעריי, אַזוי דאָס אַפילו ווען דער העררר האָט געוואָלט בעפרייען זיין שקלאַף האָבען איהם די גייסטליכע און די רעגירונג געמאַכט גרויסע שוועריגקייטען עס צו טאָן.

מעהר ווי אַלץ בעווייזט דעם טרויעריגען סאָציאַלען צושטאַנד פון יענער צייט דאָס אַזוי־גענאַנטע **jus primae noctis** (דאָס רעכט פון דער ערסטער נאַכט). דער שקלאַף האָט ניט געטאָרט הייראַטען ווען זיין העררר האָט איהם ניט געגעבען דערויף זיין ערלויבניס. דער העררר האָט עס געמאַכט פיר אַ קוועלע פון איינקונפט און דער שקלאַף האָט געמוזט גוט בעצאָהלען פיר זיין ערלויבניס צו הייראַטען. די צייטען זיינען געוואָרען פינסטערער מעהר און מעהר. די העררען האָבען אָנגעהויבען צו רעכנען זייערע לייבאייגענע אַלס זייער אייגענטום. זיי האָבען געפאָדערט, דאָס ווען אַ שקלאַף הייראַט, זאָל די ערסטע נאַכט דער העררר שלאָפען מיט דער כלה, און אויב די כלה איז איהם ניט געווען געפעלען, האָט דאָס פאָר־פאָלק געמוזט בעצאָהלען פיר דאָס פערגניגען, וואָס זיי האָבען גענאָסען פון דער ערסטער נאַכט נאָך זייער חתונה. אַפילו בישאָפען און אַנדערע גייסטליכע האָבען זיך ערלויבט צו בענוצען מיט דיזען שענדליכען רעכט. נאָך אין יאָהר 1507 האָט אַ גייסטליכער געפאָדערט פיר זיך דיזע פריווילעגיע. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם בעריהמטען ריטערטום, ווען מען האָט זיך געריהמט מיט דעם שוץ פון פרויען־רעכטען, און פון דעם זעהר פרומען קריסטענטום, וואָס ריהמט זיך אַזוי שטאַרק מיט זיין הויכער מאָראַל.

אין אַן אַלטען דאָקומענט לעזען מיר פאָלגענדע ווערטער: „מיר אָנערקענען אונזערע גרונד־העררען אַלס העררען פון הימעל אויף דער ערד. זיי האָבען דאָס רעכט צו משפט'ן אַלעס, וואָס געפינט זיך אויף דער ערד און אונטער דער ערד. זיי האָבען צו שאַפען איבער האַלז און קאָפּ, איבער וואַסער, איבער ווינט און איבער פעלדער, איבער וועלדער און אַלע חיות וואָס אין זיי, איבער דער לופט און אַלע פייגלאַך וואָס אין איהר, איבער וואַסער און אַלע פיש וואָס אין דעם. דערפאַר וועט אונזער גוטער העררר נעהמען אונטער זיין שוץ אַלע אַלמנות און יתומים, ווי אויך זיינע אָרימע בויערן".

אַלזאָ, די לייבאייגענע האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע רעכטען צום נוצען פון דעם העררר. דער העררר האָט דערפאַר פערשפּראָכען שוץ פיר אָרימע, שוואַכע, אַלמנות און יתומים. די לייבאייגענע האָבען פינקטליך ערפילט זייער צוזאָג. זיי האָבען קיין רעכט ניט געהאַט, אַלעס האָט בעלאַנגט צום

הערר. דאָס די הערען האָבען ניט אָנגעהויבען מקיים צו זיין זייער צוזאָג צו בעשיצען די בעדריקטע, איז אַלעמען צו גוט בעוואוסט. זיי האָבען ניט נאָר ניט בעשיצט די בעדריקטע, נאָר זיי אַליין האָבען זיי גרויזאַם געדריקט. דער לייבאייגענער האָט געהאַט דאָס רעכט צו הייראַטען אָהן דעם הערר'ס ערלויבנים, און ווען ער האָט געהייראַט אַ פרוי פון אַ גוט, וואָס האָט געהערט צו אַן אַנדער הערר, האָט די פרוי געמוזט צאָהלען אַ געוויסע שטייער פיר דאָס רעכט צו הייראַטען אַ לייבאייגענעם פון אַן אַנדער גוט. די קינדער, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען פון אַזאַ הייראַט, האָבען זיך ביידע הערען צוטיילט. און ווען עס איז פון דיזער הייראַט געבאָרען געוואָרען נאָר איין קינד, האָט עס געהערט צום הערען, צו וועלכען די פרוי האָט געהערט.

די פרייע בויערן האָבען נאָר געמוזט בעצאָהלען צינז. דיזעס איז בעשטאַנען אין נאַטור־פּראָדוקטען: געטריידע, געפליגעל א. ד. גל., ווי אויך אין פּערזענליכע פיזישע אַרבייט אין פעלד, אין וויינגאָרטען, אין בויען פערשיידענע בנינים, מאַכען נייע וועגען און צורעכט מאַכען די אַלטע, אַרבייטען אין די שטאַלען א. ד. גל. אויסער דעם האָבען די בויערן געמוזט אויך עטוואָס פערגניגען פערשאַפען זייער הערר, וועלכער איז געזעסען אַ גאַנץ יאָהר פערשפּאַרט צווישען די פינסטערע בויערן. דיזעס פערגניגען איז בעשטאַנען אין קינדערשע שטיפעררייען, אין חוזק מאַכען פון די בויערן. אַזוי צ. ב. אין לאַנגעאַק האָט אַ שלאָס־הערר געהייסען זיינע בויערן ברייגנען טויזענד אייער, וועלכע ער האָט געוואָרפען און צוברעכען אויף זייערע קעפּ. דיזער נאַרישער און ברוטאַלער אַקט האָט דעם הערר פערשאַפט גרוים פערגניגען, און אויך די בויערן האָבען דערפון אָנגעקוואָלען, וואָס זייער הערר האָט זיך אַביסעל אַמוזירט קוקענדיג אויף זייערע געזיכטער פערשמוצט מיט צובראָכענע אייער. אַזעלכע נארישע און ברוטאַלע פערגניגענס פלעגען זיך די הערען ערלויבען צו האָבען פון זייערע בויערן. דאָס זעלבע פלעגען אויך טאָן די גייסטליכע הערען. די מענשען פון יענער צייט האָבען אין דיזע פערגניגענס קיין בייזעס ניט געזעהען, עס איז ביי זיי געווען פערדרעכענט בלויז פיר אַ שפּאַס, אָבער די געשיכטע לערנט אונז צו פערשטעהן ריכטיג דעם צוועק פון דיזע שפּאַס־מאַכערייען. מען דערמאָהנט זיך אָן די אַלטע ספּאַרטאַנער, וועלכע פלעגען אָנ'שכור'ן זייערע שקלאַפען און לאָזען זיי אויסטאָן נאַקעט, און מאַכען פערשיידענע עקעלהאַפטע בעוועגונגען, און דערביי זינגען אָפּשייליכע לידער, אום דערמיט איינצופלאַנצען פעראַכטונג צו די שקלאַפען אין די הערצער פון דער אַריסטאָקראַטישער יוגענד. דיזעס האָט ווירקליך געווירקט צו מאַכען די שקלאַפען פעראַכטליך, ווי אַלע טיראַנישע געזעצען.

און באמת, וואָס האָט דער גרויסער גוטס=בעזיצער געקענט בעסערעס טאָן מיט דער אונגעהייערער צאָהל פון זיינע לייבאייגענע און קנעכט? קיין גרויסע שטעדט מיט פערשיידענע צענטערן פון האַנדעל אָדער רעגירונגס=מאַכט זיינען נאָך דאַמאָלס ניט געווען און אויף דעם גוט איז ניט געווען קיין מעגליכקייט צו שפּילען וועלכע עס איז פּאָליטישע ראָלע. דאַרום איז עס פיר די גוטס=בעזיצער נאָר געבליבען צו בילדען אַ רייך אין אַ רייך, ד. ה., דאָס גוט איז געווען אַליין אַ מין אָפּגעזונדערטע מדינה, אין וועלכער ער, דער הערר, איז געוועזן בעטראַכט אַלס קעניג און זעלבסטהערשער. צו דיזעס האָט נאָך אויך געפיהרט זייער פרייהייט פון אַלערליי אָפּצאָהלונגען צו דער רעגירונג, אַזוי דאָס דער הערר האָט זיך ווירקליך געקענט בעטראַכטען אַלס אַ פרייען הערשער, וועלכער האָט ניט איבער זיך קיין אויבערהערר. און ווירקליך, זיי האָבען געהאַט פאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע, ד. ה. זעלבסט=רעגירונג, זיי האָבען געהאַט זייער אייגענעס מיליטער און האָבען געפיהרט צווישען זיך קריג און שטרייטיגקייטען אָהן דער ערלויבניס פון דעם קעניג און זיינען געווען אין אַלע הינזיכטען זעלבשטענדיגע הערשער.

אין דער אור=צייט פון די גערמאַנען האָט יעדע קליינע פעלקערשאַפט געהאַט איהר הויפּטמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע קריגער, וואָס אין פרידענס=צייט זיינען זיי געווען אַ מין קעניגליכע סוויטע, און אין צייט פון קריג האָבען זיי זייער לעבען געאָפּפערט אין שטרייט. דאָס זעלבע בעמערקען מיר ביי די פראַנקען שוין אין זעהר אַלטע צייטען. עס האָבען זיך דאָרט געבילדעט פריוואַט=אַרמעען, מיט פריוואַט=הויפּטלינגען אָן דער שפּיץ. דיזע ערשיינונג בעמערקען מיר זאָגאַר אין דער צייט פון די מעראָווינגישע קעניגען, ד. ה. די דינאַסטיע, וואָס האָט געהערשט אין פראַנקרייך פאַר די קאַראָלינגען. דאָס צייגט קלאָר אויף די שוואַכקייט פון די מעראָווינגישע קעניגען. איבערהויפּט איז עס אַזוי געווען אין 7טען יאָהרהונדערט. דאַמאָלס האָבען געשטראָמט גרויסע מאַסען פרייע, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין לאַנד, צו די גרויסע גוטס=בעזיצער און צו זייערע פריוואַט=אַרמעען. דיזע פרייע האָבען זיך דאַמאָלס גערופען ו ו אַ ס אַ ל ע ן. דער וואַסאַל האָט געמוזט פערזיכערן דעם גוטס=בעזיצער צו זיין איהם טריי און צו פערטיידיגען איהם אַפילו ווען עס שטעהט איהם פאָר צו פערלירען זיין לעבען. ער האָט געשוואָרען צו ערפילען פּינקטליך דיזעס פערשפּרעכען. געשוואָרען האָט ער ביי דעם נייעם טעסטאַמענט (עוואַנגעליום), וועהרענד ער איז געווען געגורט מיט אַ שווערד בייט זייט און שפּאָרען אויף די פיס. דערביי האָט זיך דער וואַסאַל געקניט פאַר דעם הערר, האָט אַריינגעלעגט זיינע הענט אין די

הענט פון דעם הערר און האָט געגעבען די שבועה. דאַן האָט איהם דער גרונד־בעזיצער אָפּגעטיילט אַ שטיק ערד און ער איז געוואָרען זיין מענש.

עס פערשטעהט זיך, דאָס די גרונד־הערען זיינען דורך דעם געוואָרען אין גאַנצען אונאָפּהענגיג פון דעם שטאַאט. זיי זיינען געוואָרען זעלבסט־הערשער און טיראַנען. אָנפאַנגס האָבען זיי געפיהרט זייער ממשלה אָהן די צושטימונג פון דעם קעניג, אָבער מיט דער צייט האָבען זיי געצוואונגען די קעניגען צו געבען זייער צושטימונג, און זיינען געוואָרען דורך דאָס געזעץ אָנערקענטע הערשער. מיט דער צייט האָבען די גרויסע גוטס־בעזיצער געוואוסט ווי נאָך מעהר צו פערשטאַרקען זייער מאַכט דורך דעם, וואָס זיי האָבען צוגעגעבען צו די וואַסאַלען שטרייטער און קריגער פון די בויערען און לייבאייגענע. אפילו אין צייט פון קריג געגען דעם אַלגעמיינעם פיינד פון לאַנד, ווען די קעניגליכע גראַפען האָבען צוזאַמענגערופען די גרויסע גרונד־בעזיצער מיט זייערע אַרמעען צום שלאַכט־פעלד, אויך דאַן זיינען זיי געווען איינגעטיילט אין גרופען, יעדער גוטס־בעזיצער מיט זיין הייפעל קריגער בעזונדער, און דאָס האָט זעהר אָפּט אָפּגעשוואַכט די קריגס־מאַכט פון לאַנד.

ווען די מעראָווינגישע דינאַסטיע איז אונטערגעגאַנגען, און די קאַראָלינגער זיינען געקומען צו הערשען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו שטרייטען געגען דיזער אָרדנונג. איבערהויפּט האָט געגען דעם שטאַרק געאַרבייט קאַרל דער גרויסער. אָבער זייערע בעמיהונגען זיינען געווען לאַנג אָהן ערפאָלג. איבערהויפּט האָט פערגרעסערט און פערשטאַרקט די מאַכט פון די גרונד־בעזיצער די קראַפט, וואָס די רעגירונג האָט זיי געגעבען צו זיין זעלבשטענדיגע ריכטער איבער זייערע וואַסאַלען און זייערע בויערען. דער גרונד־הערר האָט אויפגעפאָדערט זיינע לייט צו פערזאַמלען זיך אין די געריכטס־טעג, זעלבסט־פערשטענדליך מעהר אום דורכצופיהרען זיינע פּלענער איידער צו פערהאַנדלען אַלגעמיינע אינטערעסען. קיינער האָט זיך ניט געקענט בעפרייען פון דיזער פליכט. אויסער דיזער פליכט האָט דער וואַסאַל געהאַט צו ערפילען נאָך אַ גאַנצע רייהע אַנדערע פליכטען. ער האָט געמוזט צאָהלען צו זיין הערר געוויסע אָפּגאַבען, ווען דיזער האָט זיין עלטערען זוהן בעדאַרפט בעוואפענען מיט אַלע נעטיגע געוועהר און קליידער, אָדער ווען ער האָט געמוזט פערהייראַטען זיין טאָכטער, אָדער ווען ער, דער הערר זעלבסט, איז אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט און מען האָט פיר איהם געמוזט געבען אַ גרויסע סומע אויסקויף־געלט. אין פאַל, ווען דער וואַסאַל איז געווען רייך און ער האָט געהאַט אונטער זיין מאַכט פיעלע מענשען, האָט דער גרויסער גרונד־

הערר געהאַט דאָס רעכט צו פאָדערן פון איהם אין צייט פון קריג, דאָס ער זאָל ערשיינען מיט אַ געוויסע צאָהל בעוואָפענטע לייט.

דער רעזולטאַט פון דיזער מיליטערישער מאַכט פון די גוטס־בעזיצער איז געווען, דאָס די ממשלה האָט געקריגען דאָס רעכט פון פויסט (קולאַק). קיין יושר, קיין משפט האָט דאַמאָלס ניט געהערשט, נאָר דאָס פויסט־רעכט, דאָס הייסט: גערעכט איז געווען דער, ווער עס איז געווען שטאַרקער. מיר מיינען, דאָס מיר זיינען היינט בעסער פון די מענשען פון יענע צייטען, אָבער אין גרונט גענומען האָבען מיר אָפּגעשאַפט דאָס פויסט־רעכט נאָר צווישען די



די צערעמאָניע ביים אויפנעהמען אַ וואַסאַל.

שוואַכע. די שטאַרקע, די מעכטיגע, געהען נאָך היינט אויך אַרויס געגען דעם שוואַכערען מיט שווערד און ביקס און נעהמען ביי איהם אַפּ וואָס זיי קענען. דער קריג איז דאַמאָלס געוואָרען אַ געוועהנליכע ערשיינונג אין לעבען. יעדער באַרג איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פעסטונג, יעדע עבענע — אין אַ שלאַכטפעלד. די גרונד־הערען האָבען דעם קאַמף געמאַכט פיר זייער הויפּט־בעשעפטיגונג, פיר אַ מיטעל צו רייך ווערען דורך רויבעריי. דער האַנדעל איז אין גאַנצען פּאַראַליזירט געוואָרען, ווייל די וועגען זיינען געוואָרען אונזיכער פון רויבער־באַנדעס. פון אינדוסטריע און פאַבריקאַציאָן איז

גאָר קיין רעד ניט געװעזן און עס האָט ניט געקענט זיין. די גאַנצע לאַסט איז געפאַלען נאָר אויף די װאַסאַלען און די בויערען. זיי האָבען געמוזט שטרייטען מיט דעם פיינד פון זייער גרונד־הערר, און בעדעקען דאָס שלאַכטפעלד מיט זייערע קערפּערס. איז דער גרונד־הערר געפאַנגען געװאָרען, איז דאָס געװעזן גאָר אַן אַנדער סאָרט אונגליק. דאַן האָבען די װאַסאַלען און די בויערן געמוזט שאַפען אויסלײז־געלט. און װער האָט בעצאָהלט פיר די פערברענטע הייזלאַך און די פערניכטעטע פעלדער פון די אָרימע בויערען? װער האָט געזאָרגט פיר די איבערגעבליבענע אַלמנות און יתומים? איהר קענט זיין זיכער, דאָס דער גרונד־הערר האָט אפילו איין קרעכץ ניט געטאָן אויף זיי.

צװיי געשיכטע־שרייבער פון די צייטען פון די קרייץ־צוגען בעשרייבען דיזע אונגליקליכע לאַגע מיט פאָלגענדע װערטער: „נאָך איידער די קריסטען האָבען אָנגעפאַנגען זייערע קרייץ־צוגען איז שוין די פראַנקישע מדינה געװעזן רואינירט פון פערשיידענע אונרוהען און רויבערייען. מען האָט נאָר געהערט רעדען פון רויבערייען, װעלכע זיינען פאָרגעקומען אויף עפענטליכע װעגען. דער קריג האָט גאָר ניט אויפגעהערט, װייל דער צװעק פון קריג איז געװעזן איין זאַך — האָבזוכט. דער גאַנצער בעגריף פון אייגענטום, פון מיין און דיין, איז אין גאַנצען אויסגעלאָשען געװאָרען פון יענער געזעלשאַפט. עס האָט גערויבט יעדער, װער עס האָט געקענט. איז איינער געװעזן רייך, איז עס געװעזן גענוג אורזאַך איהם צו װאַרפען אין געפענגנים, צו שמידען אין קייטען און צו פייניגען מיט אַלערליי יסורים, ביז ער האָט אָפּגעגעבען װאָס ער האָט פערמאָגט. די רויבער זיינען געװעזן פול אויף אַלע װעגען, האָבען בערויבט יעדען, װאָס איז זיי געקומען צום האַנט. אפילו װען דער רייזענדער איז געװעזן אַ הויכער גייסטליכער, איז ער ניט אַרויס גאַנץ פון זייערע הענט".

װי מיר האָבען פריהער געזעהען, האָט זיך דאָס װאַסאַלענטום ענטװיקעלט פון דעם גרויס־אייגענטום. דער גרויס־גרונד־בעזיצער האָט פערנאַנדערגעגעבען שטיקער ערד פון זיינע גיטער צו לייט, װעלכע האָבען איהם פערשפּראָכען טרייהייט און צו ערפילען געװיסע פליכטען. די גרויסע און צאָהלרייכע מלחמות פון 8טען יאָהרהונדערט האָבען געצװאונגען די קעניגען צו געװינען זייערע גרויסע מיט זייערע װאַסאַלען, זיי זאָלען זיי, די קעניגען, העלפען אין זייערע מלחמות. צו דיזען צװעק האָבען זיי װיעדער צוטיילט צו זייערע גראַפען און אַנדערע פיהרער גרויסע שטיקער לאַנד פון זייערע אייגענע אונגעהייערע גיטער, אָדער פון די גיטער, װאָס האָבען געהערט צום

שטאַאַט אָדער צו דער קירכע. דיזע נייע וואַסאַלען האָבען געשוואָרען טריי-הייט צום קעניג אין צייט פון פרידען און קריג. מיט דער צייט האָבען די קעניגען אָנגעפאַנגען צו פאָדערן דאָס זעלבע פון די גרויסע גרונד-בעזיצער, וואָס האָבען ערהאַלטען זייערע לענדערייען אַלס מתנה פון די פריהערדיגע קעניגען. דאָס איז זיי ניט שווער אָנגעקומען דורכצופיהרען אין פראַקטיק, ווייל זינט פיפין'ס צייטען איז עס געוואָרען אַ מנהג אָדער אַ געזעץ, דאָס מיט דעם אויפשטייגען אויף'ן טראָן פון אַ נייעם קעניג מוזען זיך די פער-שענקטע פעלדער צוריקקעהרען צום שטאַאַט. דאָס גאַנצע מיליטער-סיסטעם איז דאַמאָלס געגרינדעט געוואָרען אויף אַ נייעם באַזיס. דער קעניג האָט ניט צוזאַמענגערופען קיין קריגער פון די פרייע בירגער, וואָס זיינען געשטאַ-נען אונטער זיין הערשאַפט, נאָר ער האָט געפאָדערט פון זיינע וואַסאַלען און גרויסע גוטס-בעזיצער מקיים צו זיין זייער הבטחה און זייער שבועה צו קו-מען איהם צו הילף אין צייט פון שטרייט מיט זייערע אונטער-וואַסאַלען און זייער מיליטערישער מאַכט.

אָבער די גרויסע גוטס-בעזיצער האָבען זיך ניט געלאָזט בענוגענען מיט דעם, וואָס מען האָט זיי געשענקט די גרויסע לענדערייען נאָר אויף אַ גע-וויסע צייט, ביז דעם אַרויפטרעטען אויף'ן טראָן פון אַ נייעם קעניג. זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו פאָדערן, דאָס דיזעס זאָל בלייבען זייער אייביגעס איי-גענטום, וועלכעס זיי זאָלען קענען איבערגעבען בירושה צו זייערע קינדער. דיזעס איז געווען דאָס שטרעבען פון אַלע גרויסע גוטס-בעזיצער אין פערלויף פון 9טען יאָהרהונדערט, און נאָך איידער די קאַראָלינגישע דינאַסטיע איז אונטערגעגאַנגען האָט אַ גרויסער טייל פון די גוטס-בעזיצער דערגרייכט דיזען וואונש. קאַרל דער פליכעוואַטער האָט אין מאָנאַט יולי פון יאָהר 877 אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, לויט וועלכען די קינדער פון די גראַפען און די קעניגליכע וואַסאַלען ווערען נאָך דעם טויט פון זייערע פאָטערס יורשים פון די גיטער, וואָס די קעניגען האָבען זיי געשאָנקען אַלס וואַסאַלען. מיט דיזען בעפעהל זיינען אַלע גרויסע גיטער און עמטער געוואָרען ערבליך פון פאָטער צו די קינדער עד סוף כל הדורות. אָט דאָס איז געווען דער גרונד פון דעם פעאָדאַל-סיסטעם, וועלכער בעדייטעט: דאָס רעכט פון אַ גרונד-בעזיצטום, וועלכעס מען האָט געגעבען אַ קריגער אַלס אייגענטום פיר די מיליטערישע דינסטען, וואָס ער האָט זיך פערפליכטעט צו לייסטען צו דער רעגירונג. די-זעס פעאָדאַל-סיסטעם האָט אין גאַנצען אָפגעשאַפט די אָרדנונג פון דער אַלטער רוימישער געזעלשאַפט.

דיזע ענדערונג אין געזעלשאַפטליכען לעבען פון פראַנקרייך האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף די פערפאַסונג פון יענער צייט, וועלכע מיר וועלען שפּעטער אויספיהרליכער בעהאַנדלען. ביז צו דער צייט פון קאַרל דעם גרוי-סען זיינען די גראַפען געבליבען די איינציגע בעאַמטע אין לאַנד. דאָס פאָלק אין די דערפער האָט געהאַט אַן אמת'ע זעלבסט-רעגירונג. דער קעניג איז נאָר געווען דער פאָרזיצענדער אין דער געריכטס-פערזאַמלונג. די גראַפען זיינען געווען די איינציגע פערטרעטער פון קעניג אין די דערפער. די גראַ-פען זיינען געווען א גרויסע שטערונג צו איינאָרדנען א צענטראַל-רעגירונג. אום אָפּצושוואַכען זייער מאַכט, האָט קאַרל איינגעפיהרט א נייעם ראַנג בע-אַמטע, וועלכע ער האָט גערופען „די קעניגליכע הערצאָגען", און וועלכע האָ-בען געהאַט אויפזיכט איבער די אַלע גראַפען און בעאַמטע פון לאַנד. דיזע קעניגליכע הערצאָגען האָבען אַלע פערטעל יאָהר געמוזט בערייזען דאָס לאַנד און צושטעלען רעפּאָרטען פון דער טעטיגקייט פון די גראַפען.

די אָפטע קריגען, וואָס זיינען דאַמאָלס פאָרגעקומען, האָבען געפאָדערט פון דער פראַנקישער רעגירונג אויפצושטעלען פעסטונגען און מאַרק-גרענצען. קאַרל האָט דאָרט בעזעצט מאַרק-גראַפען מיט א גרויסער מיליטערישער מאַכט צו בעשיצען די גרענצען. דער גרעסטער טייל בעוואוינער פון די מאַרקען זיי-נען געווען די קעניגליכע וואַסאַלען. דער מאַרק-גראַף איז געווען דער הויפּט-בעאַמטער איבער די וואַסאַלען, און ווען עס איז געווען זעהר נעטיג האָט ער געגעבען בעפעהלען, ניט פרעגענדיג זאָגאַר דעם קעניג. אַזעלכע מאַרקען זיי-נען דאַמאָלס געגרינדעט געוואָרען איבערהויפּט אין די אָסט-גרענצען: די ווינדישע, אַוואַרישע, טהירינגישע, זאַקסישע, בריטאַננישע און שפּאַנישע מאַרקען. דער מאַיאָרדאָמוס איז שוין דאַמאָלס געוואָרען אָפּגעשאַפט. דער פאַלץ-גראַף איז געווען דער הויפּט-בעאַמטער איבער די קעניגליכע געריכטס-הייזער. איהם איז געגעבען געוואָרען דאָס רעכט, ווען נעטיג, אַליין צו ענט-שיידען דעם משפט, ניט פרעגענדיג דעם קעניג.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, דאָס די רייכס-פערזאַמלונגען זיי-נען מיט דער צייט געוואָרען נאָר פערזאַמלונגען פון די גרויסע לייט. מיט דער פערניכטונג פון דער עקאָנאָמישער פרייהייט זיינען אויך פערניכטעט געוואָרען די פּאָליטישע רעכטען. די מעראָווינגישע קעניגען האָבען אין גאַנ-צען צושטערט אַלע אַלטע גערמאַנישע פאָלקס-רעכטען, אַזוי דאָס דער פרייער גערמאַנישער בירגער האָט דאַמאָלס מעהר קיין רעכט ניט געהאַט אָנטייל צו נעהמען אין וועלכע עס איז פּאָליטישע געשעפטען פון לאַנד. די פּאָליטישע פרייהייט פון די בויערן איז אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. זאָגאַר זייערע

דאָרפס־פערזאַמלונגען האָט מען זיי פערוועהרט. צום מיליטער־דינסט האָ־בען זיי געמוזט ערשיינען נאָך דער בעשטימונג פון די גראַפען, ניט נעהמענ־דיג אין אַכט זייערע פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען.

אין די פריהערע צייטען האָבען די גערמאַנען געהאַט דאָס רעכט צו ער־וועהלען הונדערט ריכטער פון פאָלק, וועלכע האָבען ביים פערהאַנדלען די פּראָצעסען געהאַט אין אויסזיכט נאָר די טובה פון פאָלק. ניט ווי אין אונ־זערע צייטען, וואו מען זעצט אויף'ן ריכטער־שטול געלעהרטע יוריסטען, ביי וועלכע די פאָרמע שפּילט מעהר ראָלע פון דעם יושר און געפיהל. דיזע רעכ־טען האָבען זיי נאָך געהאַט אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון די קאַראָ־לינגער. דער פּאָרזיצענדער אין דיזע געריכטס־פערזאַמלונגען איז געווען דער הויפּטלינג, וועלכער האָט צו זיך געהאַט אַ געוויסע צאָהל ראַט־געבער. דיזע האָבען פערהאַנדעלט דעם פּראָצעס אָפען און האָבען איבערגעגעבען זייער מיינונג צום הויפּטלינג, וועלכער האָט ארויסגעגעבען דעם אורטייל מיט דער צושטימונג פון דער גאַנצער פאָלקס־פערזאַמלונג.

די פאָרמע פון געריכטס־פּראָצעדורע פון די אַלטע גערמאַנען איז אַזוי וויים פערשיידען פון היינטיגער, דאָס מיר געפינען פיר נעטיג אַ ביסעל בע־קאַנט מאַכען דערמיט די לעזער. דער קלעגער ערשיינט פאַר די ריכטער און האַלט אין האַנט אַ לאַנגען שטעקען. מיט דיזען שטעקען בעריהרט ער דעם אָנגעקלאָגטען, און אין נאָמען פון גאָט פאָדערט ער פון איהם, ער זאָל איהם ענטפערן אויף אַלע זיינע פראַגען. דער געגנער מוז ענטפערן אויף אַלע פראַ־גען, פונקט פיר פונקט און וואָרט פיר וואָרט. דאָס וואָס דער אָנגעקלאָגטער לייקענט ניט אָפּ איז אָנערקענט פיר ריכטיג. נאָכדעם ווענדט זיך דער קלע־גער צו די ריכטער און פאָדערט גערעכטיגקייט. אויב די שולד איז אָנער־קענט, שלאָגען פאָר די ריכטער אַז די בעלי־דינים זאָלען זיך פערגלייכען. ווען אָבער דער אָנגעקלאָגטער לייקענט די שולד, פערפליכטען איהם די ריכ־טער צו ברייננגען בעווייזען, דאָס ער איז אונשולדיג, אָדער ער זאָל זיך מיט איהם פערגלייכען און איהם צופרידענשטעלען.

צווישען די ריכטיגע בעווייזען פון אונשולד איז געווען אויף פאָלגענ־דער: דער אָנגעקלאָגטער און דער אָנקלעגער האָבען געמוזט האַלטען די הענט געקרייצט אין דער הויך אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבען געקענט. ווער עס האָט פריהער אַרונטערגעלאָזען די הענט, דער האָט דעם פּראָצעס פערלאָרען. עס זיינען געווען נאָך מינים בעווייזען, די אַזוי־גענאַנטע „געטליכע אורטיילען" אָדער „אָרדאַליען". דיזע זיינען בעשטאַנען דערין, דאָס דער בעשולדיגטער האָט געדאַרפט אַריינשטעקען זיינע נאַקעטע הענט אין זידענדעם וואַסער

אָדער אויל, אָדער לויפען צווישען צוויי ברענענדע שייטער־הויפענס, און ווען ער איז פון דיזע פּראָבעס אַרוים אונבעשעדיגט איז ער ערקלערט געוואָרען פיר אונשולדיג. מיר האָבען נאָר געבראַכט אייניגע פון די אָרדאַליען, אום די לעזער זאָלען האָבען אַ שטיקעל בעגריף פון דער אַרט און ווייזע, ווי עס זיינען דאַמאָלס געפיהרט געוואָרען משפּטים. אָבער דער בעסטער בעוויז פון אונשולד איז געווען דער צוויי־קאַמף. מיט'ן שווערד האָט דער עדות געדאַרפט איבערצייגען, דאָס זיין עדות־זאָגען איז ריכטיג, און מיט'ן שווערד האָט דער ריכטער בעדאַרפט איבערצייגען, דאָס זיין אורטייל איז ריכטיג. עס פלעגען זיך אָפט אַריינמישען אין דעם שטרייט קרובים, גוטע פריינד און וואַסאַלען פון די ביידע פּאַרטייען, אום צו בעווייזען מיט'ן שווערד די שולד אָדער די אונשולד. אויב איינער פון די פּאַרטייען האָט צוליב אַלטקייט, שוואַכקייט אָדער אַנדערע אורזאַכען ניט געקענט שטרייטען, האָבען אַנדערע געמוזט איהם פערטרעטען מיט'ן שווערד. דאָס געריכטס־הויז איז דאַמאָלס פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שלאַכט־הויז. נאָך מעהר וואונדער איז, דאָס דער שווערד איז געווען אַ מיטעל צו בעווייזען ווער עס איז גערעכט ניט נאָר אין פּריוואַטע שטרייטיגקייטען, נאָר אויך ווען די ריכטער האָבען ניט איינ־געשטימט אויף אַן אורטייל, אָדער ווען עס זיינען געווען חלוקי דעות אין רע־ליגיאָנס־פראַגען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַזאַ פינסטערעס פאָלק האָט זיך געלאָזט פערפיהרען פון די קריסטליכע גייסטליכע צו אַזאַ שרעקלי־כען פאַנאַטיזם, צו וועלכען די וועלט האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען קיין גלייכען, אַ פאַנאַטיזם, וועלכער האָט געפיהרט די מענשהייט צו גרויסע אונ־גליקען.

די שטראָף, וואָס דאָס געריכט האָט אַרויפגעלעגט אויף'ן שולדיגען, איז ניט געווען אַ מיטעל צו פערבעסערן די מאָראַל, נאָר אַ צופרידענשטעלונג פיר דעם שאָדען, וואָס דער בעשולדיגטער האָט פעראורזאַכט. דעריבער האָט מען אַלע פערברעכענס געקענט אויסקויפען מיט געלט. אפילו אַ מאָרד האָט מען געקענט אויסקויפען מיט געלט. די סומע, וויפיעל דער מערדער האָט געדאַרפט בעצאָהלען, איז געווען אָפּהענגיג פון דער סאָציאַלער לאַגע פון דעם ערמאָרדעטען. פיר די ערמאָרדונג פון אַ פרייען פראַנק האָט דער מערדער געמוזט איינצאָהלען 200 סאָלדאָס *) אויסקויף־געלט. פיר אַ צינזבאַרען רוימער 40 סאָלדאָס, פיר אַ לייבאייגענעם 35 סאָלדאָס. ווער עס האָט אָפּ-

*) אַ סאָלדאָ איז געווען אַ מיטעלאַלטערליכע איטאַליענישע מטבע פון פערשיידענעם ווערט, אין דיזען פאַל פיעללייכט פון אַן ענגלישען שיללינג.

געהאַקט אַ פראַנק די רעכטע האַנט האָט געדאַרפט בעצאָהלען 100 סאָלדאָס, פיר דעם גראָבען פינגער 45 סאָלדאָס, דאָס הייסט אַזוי פיעל, ווי דאָס געזעץ האָט בעשטימט פיר ערמאָרדען אַ צינזבאַרען רוימער.

די אַרט און ווייזע, ווי אין יענע צייטען פלעגען אַזעלכע שולדען בעצאָהלט ווערען, איז אויספיהרליך בעשריבען אין אַן אַלטען געזעצבוך פון די סאַלישע פראַנקען. אין דיזען בוך לעזען מיר פאָלגענדעס: ווען איינער האָט געטויטעט אַ מענשען און ער האָט שוין אָפּגעגעבען אַלעס, וואָס ער האָט געהאַט אייגענטום, אָבער דיזעס אַלעס איז נאָך ניט געווען גענוג צו בעצאָהלען די סומע, וואָס דאָס געזעץ פאָדערט, זאָל ער צושטעלען 12 מענשען, וועלכע זאָלען שווערען, דאָס ער האָט מעהר קיין שום פערמעגען ניט אויף דער ערד ניט אונטער דער ערד. נאָכדעם זאָל ער אַריין אין זיין הויז און נעהמען פון אַלע פיער ווינקלען צו ביסלאַך ערד און זיך שטעלען אויף'ן שוועל און אַריינוואַרפען די ערד צוריק אין הויז איבער זיינע אַקסלען און די אַקסלען פון זיינע קרובים, וועלכע זיינען פערפליכטעט לויט געזעץ צו דערלעגען די סומע, וואָס פעהלט. נאָכדעם דאַרף ער אויסטאָן אַלע קליידער און די שיך, און אין איין העמד מיט אַ שטעקען אין האַנט אַריבערשפּרינגען דעם צוים (פּאַרקאַן), צו בעווייזען, דאָס פון יעצט אָן האָט ער מעהר ניט צו ערוואַרטען קיין טיר, דורך וועלכע ער זאָל אַריינגעלאָזען ווערען אין אַ מענשליכע וואוינונג. ווען אימיצער האָט ניט געוואָלט ערפילען די פאָדערונגען פון דעם געזעץ אין דיזער הינזיכט, האָט דער קעניג קאָנפיסקירט אַלע זיינע האָב און גוטס, און קיינער האָט איהם ניט געטאָרט אַריינלאָזען אפילו איין נאַכט איבערנעכטיגען, אפילו זיין אייגענע ווייב האָט עס ניט געטאָרט טאָן, און ווער עס האָט עובר געווען אויף דיזען פערבאָט איז בעשטראָפט געוואָרען מיט 600 דענאַרען.

מען מוז אָבער אויך וויסען, דאָס דיזע געזעצען זיינען ניט געווען קיין אַלגעמיינע, ווייל ביי די אַלטע גערמאַנען האָט יעדער שטאַם געהאַט זיינע אייגענע געזעצען. די געזעצען זיינען דאַמאָלס געווען ביי יענע פעלקער אַ מין תורה שבעל פה, דאָס הייסט, זיי זיינען ניט געווען געשריבען, נאָר זיי זיינען מינדליך איבערגעגעבען געוואָרען פון איין דור צו דעם אַנדערען. די ערסטע געשריבענע געזעצען געפינען מיר ביי די לאַנגאָבאַרדען אין יאָהר 644.

דיזע אַרט פון פּראָצעס־פיהרען האָט נאָר עקסיסטירט ביז צום ענד פון דער הערשאַפט פון די מעראָווינגער. נאָכדעם האָט די געריכטליכע פּראָצעדור אָנגענומען גאָר אַן אַנדער פאָרמע. ביי די גערמאַנען איז עס געווען אַן אַלטער מנהג, דאָס דער קריגס־קאָמאַנדיר איז אויך געווען דער הויפּט־ריכטער. שפּעטער איז דיזע מאַכט איבערגעגאַנגען צו די גראַפען, וועלכע זיינען

געווען די שטעלפערטרעטער פון דעם קעניג. דער גראַף האָט אויך געזאָרגט, דאָס דער אורטייל זאָל ריכטיג ערפילט ווערען. די גראַפען אָבער איז עס באַלד צו שווער געוואָרען זיך אַליין בעשעפטיגען מיט אַלע געריכט־זאַכע, און זיי האָבען זיך גענומען די מיה נאָר צו בעזאָרגען וויכטיגע פּראָצעסען, ווי צ. ב. פון לעבען און טויט, פרייהייט און גרונד־אייגענטום.

ווער האָט אָבער בעזאָרגט די קליינע זאַכען? צו דיזען צוועק האָט קאַרל דער גרויסער איינגעאָרדענט די אינסטיטוציאָן פון 10 ריכטער. דיזע האָבען פערהאַנדעלט פּראָצעסען איבער עקאָנאָמישע שטרייטיגקייטען, איבער רויב, גנבה, א. ד. גל. אָט אַזוי איז די גערמאַנישע פרייהייט אויך פערדרענגט גע-וואָרען פון דער געריכטס־פערפאַסונג.

אויף דיזער שטעלע געפינען מיר פיר נעטיג עטוואָס צו דערמאָהנען וועגען דעם איינפלוס פון די קאַראָלינגער אויף די ווידערגעבורט פון דער קונסט און וויסענשאַפט פון דער אַלטער וועלט. פריהער פון אַלעם מוזען מיר געדענקען, דאָס קאַרל האָט געזאָרגט פיר די בילדונג נאָר פון זיינע הויף־לייט, אָבער דאָס פאָלק האָט איהם גאָר ניט אינטערעסירט און ער האָט עס אין דיזער הינזיכט פערנאַכלעסיגט. מיט אויסנאַהמע פון דעם קרייז פון די גרויסע און הויף־לייט האָט אין דער צייט פון קאַרל דעם גרויסען געהערשט שרעקליכע אונוויסענהייט. זעהר פיעל האָט די קירכע געהאָלפען צו פערפינס-טערן די מאַסע. די קירכע האָט גערעכענט פיר איהר ביטערסטען פיינד און געגנער יעדע שטרעבונג צו פערשטעהן עטוואָס מיט'ן געזונטען פערשטאַנד, ווייל דאָס האָט איהר געשאַדט צו איהר ציל צו האַלטען די מאַסע אין פינסטערניס, אום זי, די קירכע, זאָל קענען פרייער און שטאַרקער הערשען אויף איהר. צו דיזען צוועק האָט די קירכע צו אַלעם ערסטען פערטיליגט די וויסענשאַפטליכע שריפטען פון דער אַלטער וועלט. די גייסטליכע האָבען דיזע שריפטען מבזה געווען אין די אויגען פון פאָלק, ווייל זיי האָבען ניט געשטימט מיט די פאַנאַטישע שקרים און וואונדער, וואָס די קירכע האָט פער-שפּרייט אין פאָלק. דער גייסטליכער, ווען עס איז געלונגען צו צושטערען אַן אַלטע היידענישע וויסענשאַפטליכע שריפט, האָט זיך דערמיט בעריהמט, ווי מיט אַ גרויסער העלדענטאַט. מעהר פון אַלץ זיינען געווען פעראַכטעט און פערהאַסט ווערק איבער פיזיק (נאַטור־וויסענשאַפט), ווייל דיזע האָבען ערקלערט די נאַטור־ערשיינונגען מיט'ן פערשטאַנד, און זיי האָבען דעריבער זעהר פיעל געשאַדט דעם גלויבען אין איבערנאַטירליכע נסים ונפלאות, אַ זאַך, וואָס איז פיר די גייסטליכע זעהר נעטיג געווען. אום צו זיין זיכער, אַז דאָס פאָלק אַליין זאָל זיך ניט נעהמען צו אויפקלערונג, האָט מען פערבאָ-

טען זאָגאַר איינפאַכעם לעזען און שרייבען, ווייל דאָס קען חלילה פיהרען צו אפּיקורסות. די גרויסע מאַגנאַטען פון לאַנד, ווי אויך אַ זעהר גרויסע צאָהל גייסטליכע, האָבען ניט געקענט לעזען און שרייבען. קאַרל דער גרויסער זעלבסט האָט זיך געלערנט שרייבען ערסט אויף דער עלטער. די אונוויסענהייט איז געווען אַזוי גרויס, דאָס גרויס־בריטאַנניען (ענגלאַנד), וועלכע איז אין די צייטען פון די רוימער געווען אַזוי גוט בעוואוסט, איז פון דער לאַנד־קאַרטע אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען, ווייל מען האָט עס גערעכענט פיר אַ לאַנד, וואָס עקסיסטירט גאָר ניט. און דאָך הערען ניט אויף אונזערע געשיכטע־שרייבער צו ריהמען און צו לויבען די גייסטליכע, איבערהויפּט די מאָנאַכען, פיר די גרויסע פערדינסטען, וואָס זיי האָבען געבראַכט דער מענשהייט מיט זייער פערברייטונג פון בילדונג אונטער די מאַסען. אין דער ווירקליכקייט האָבען זיך די מאָנאַכען בעשעפטיגט אויסשליסליך מיט פערברייטען פאַנאַטיזם אין די מאַסען, און פון אַלץ, וואָס מיר ווייסען היינט פון די ווי־סענשאַפטען, האָבען מיר ניט איין האָר צו פערדאַנקען די גייסטליכע.

די דייטשע שפּראַך איז געווען אין גאַנצען פעראַכטעט. די לאַטיינישע שפּראַך האָבען זיי יע געלערנט, אָבער נאָר אַזוי ווייט, ווי די רעליגיאָן האָט געפאָדערט. דאָס לערנען לאַטייניש האָט אָבער גאָר ניט געווירקט אויף זייער ענטוויקלונג, ווייל זיי האָבען עס מיט זייער אונוויסענהייט אַזוי ווייט פערדאָרבען, דאָס עס איז שווער געווען צו דערקענען, אויב עס איז לאַטייניש.

ווען קאַרל דער גרויסער איז אין יאָהר 781 געווען אין איטאַליען, האָט ער איינגעלאַדען דעם אַנגלאָ־זאַקסישען געלעהרטען אַלקווין אין זיין הויף. מיט אַ יאָהר שפּעטער זיינען צוגעקומען אין זיין הויף נאָך צוויי געלעהרטע: דער לאַנגאָבאַרדישער געשיכטע־שרייבער פּאַולוס דיאַקאָנוס און דער גראַמאַטיקער פּעטער פון פּיזאַ. דיזע דריי געלעהרטע זיינען געווען די הויפּט־לעהרער פון דער הויף־שולע, וואָס קאַרל האָט געגרינדעט אין זיין הויף, אין וועלכער עס האָבען גענומען אונטערריכט קאַרל זעלבסט, זיינע קינדער און פיעלע יונגע לייט פון דעם אַדעל. די געגענשטענדען, וואָס מען האָט פאָר־געטראָגען אין יענער הויף־שולע, זיינען געווען: דיכטקונסט, רעדנעריי, לאָגיק און אַסטראָנאָמיע. מערקווירדיג איז די אויפפיהרונג פון קאַרל דעם גרויסען אין דעם קרייז פון די געלעהרטע. קיין צערעמאָניע האָט ער פון קיינעם ניט געפאָדערט; אין געגענטייל, עס איז געווען שטרענג פערבאָטען צו צערע־מאָניען זיך פאַר איהם אין דער שולע. ער איז דאָרט געווען אַ שילער גלייך מיט אַלעמען, און מען האָט איהם ניט גערדאַרפט ווייזען קיין פאָרצוג געגען

אַנדערע. יעדער פון די שילער האָט געהאַט אַ ספּעציעלען נאָמען פון דער ביבעל אָדער פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. קאַרל׳ס נאָמען איז געווען דויד. מיט דיזען נאָמען איז ער געווען בעוואוסט אין דעם קרייז פון די שי-לער און די פּראָפעסאָרען. קיינער האָט איהם ניט געטאָרט רופען קאַרל דער קייזער, נאָר דויד. קאַרל האָט בעפוילען, דאָס מען זאָל צונויפקלייבען אַלע אַלטע דייטשע העלדען-לידער און זיי אויפשרייבען, אַ טאַט, וואָס איז דער קירכע שטאַרק ניט געפעלען געווען. פון דיזער שולע זיינען ארויסגעקומען דער געלעהרטער דיכטער און שטאַאַטסמאַן אַנגילבערט און דער בעריהמטער איינהאַרד, דער ביאָגראַף (לעבענס-בעשרייבער) פון קאַרל דעם גרויסען. אַזעלכע העכערע שולעס האָט קאַרל שפּעטער געגרינדעט אויך אין אַנדערע פּונקטען: אין טורס און פּאַוויאַ, אין וועלכע וועלטליכע און גייסטליכע האָ-בען ערהאַלטען זייער בילדונג.

פון דעם געלעהרטען אַלקווין, דעם פּראָפעסאָר אין קאַרל׳ס הויף-שולע, זיינען פערבליבען איינינע לעהר-ביכער, פון וועלכע מיר קענען זיך מאַכען אַ שטיקעל בעגריף איבער דער מעטאָדע פון לערנען אין יענער שולע. דער אונטעררי‌כט איז צוגעגאַנגען ווי אַ מין פריינדליכע אונטערהאַלטונג אָדער געשפּרעך. צווישען די קינדער-קלאַסען איז געווען איינגעפיהרט, דאָס אַ בעסערער עלטערער שילער האָט ערקלערט צו אַן אָנפאַנגער אַלעס, וואָס ער ווייס פון די פריהערדיגע קלאַסען. אין דיזען געשפּרעך האָט זיך דער לעה-רער אריינגעמישט נאָר דאַן, ווען ער האָט געזעהען, אַז עס איז גאַנץ נעטיג, אָדער ווען ער האָט געפונען עטוואָס ניט-ריכטיגעס אין דער ערקלערונג פון דעם עלטערען שילער. ביי עלטערע מענשען איז עס צוגעגאַנגען אַנדערס. דער שילער האָט געמוזט אַליין אָנזאַמלען דעם נעטיגען שטאָף צום געגענ-שטאַנד, און האָט זיך צום לעהרער געווענדט נאָר אין פאַל ווען ער האָט עט-וואָס ניט גוט פערשטאַנען, אָדער ווען ער איז געווען וועגען עטוואָס אין צוויי-פעל. דאָס שטודיום פון לאָגיק און פילאָזאָפיע איז געווען אין דער אַרט פון אַן אונטערהאַלטונג. די שטודירענדע פלעגען האַלטען צווישען זיך אַ גע-שפּרעך, וועלכער האָט אין זיך ענטהאַלטען פראַגען אויף די אַרט פון רעטע-ניסען. דאָס איז ביי די אַלטע גערמאַנען געווען די ליבסטע פאָרמע פון אונ-טערהאַלטונג. דער צוועק פון דיזען סאָרט אונטערהאַלטונג איז געווען ניט אַזוי פיעל צו בעלעהרען, צו בערייכערן מיט וויסען, ווי צו שאַרפען דעם שכל. אין אַ בוך, וואָס איז געווען בעשטימט צום לערנען פיר קאַרל׳ס אַ זוהן, גע-פינען מיר פראַגען און אַנטוואָרטען פון דיזער אַרט: וואָס איז נעבעל? ענטפער: די נאַכט ביי טאָג. וואָס איז די צונג? אַ בייטש פיר די לופט.

קאַרל האָט גענומען זעהר פיעל אינטערעסע אין דעם פאָרטשריט פון די שי-לער. ער האָט בעלוינט די, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט, און האָט בע-שטראָפט די, וואָס זיינען געבליבען צוריק.

קאַרל'ס נאָכפאָלגער איז געווען זיין אינגסטער זוהן לודוויג, וועלכער איז אויך געווען דער אונפעהיגסטער צום הערשען. די גייסטליכע האָבען פערשטאַנען אויסצוניצען זיין אונפעהיגקייט, צו פערגרעסערן און צו פערשטאַרקען זייער מאַכט. עס איז זיי ניט שווער אָנגעקומען זייער ציל צו דערגרייכען דורך אַזאַ בריאה, וואָס איז געווען מעהר מאָנאַך אַלס הערשער. די גייסטליכע האָבען זיך געפיהלט פאָלשטענדיג אונאָפּהענגיג פון דער רעגי-רונג, און דעריבער, ווען דער פּאַפּסט סטעפאַן דער 4טער איז ערוועהלט גע-וואָרען אין זיין אַמט, האָט ער גאָר ניט געוואַרט ביז דער קייזער, וועלכער האָט זיך גערעכענט אַלס דער העכסטער פאָרשטעהער פון דער קירכע, זאָל איהם בעשטעטיגען אין זיין אַמט, נאָר ער האָט זיך אַליין פראָקלאַמירט פּאַפּסט איבער די רוימישע קירכע. דאָס איז געווען אין יאָהר 816. ווען די גייסטליכע האָבען דערזעהען, אַז ווען דאָס לאַנד ווערט צוטיילט און צו-ברעקעלט צווישען פערשיידענע טראָן-פאָלגער, ליידען זיי דערפון מאַטעריעל, האָבען זיי זיך גענומען דורכפיהרען אַ געזעץ, לויט וועלכען, עס זאָל ניט צוטיילט ווערען די הערשאַפט פון קייזער נאָך זיין טויט, ווען עס בלייבען איינינגע זיהן. עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ געזעץ, דאָס דער טראָן-פאָלגער זאָל זיין נאָר איינער, געמליך, דער עלטעסטער. לודוויג האָט צוזאַ-מען מיט דעם רייכסטאַג אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, דאָס זיין עלטערער זוהן לאָטהאַר זאָל ערהאַלטען די קייזערליכע קרוין, און זיינע צוויי ברידער, פּיפּין און לודוויג, זאָלען זיין זיינע וואַסאַלען, פון וועלכע איינער זאָל רע-גירען אונטער לאָטהאַר'ס אויבערהערשאַפט אין אַקוויטאַניען, און דער אַנ-דערער אין בייערן און אין די סלאַווישע לענדער. אין פאַל, ווען איינער פון זיי וועט שטאַרבען, זאָל דאָס לאַנד איבערגעהן צו זיין זוהן, וועלכער זאָל דאָרט הערשען אונטער לאָטהאַר'ס אויבערמאַכט. וועט אָבער קיין יורש ניט בלייבען, זאָל דאָס לאַנד איבערגעהן צום קייזער לאָטהאַר.

די קלעריקאַלען זיינען אָבער מיט דעם נאָך ניט געווען אין גאַנצען צו-פרידען. זיי האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס ביי אַזאַ הערשער ווי לאָטהאַר, וועלכער איז געווען אַ שרעקליכער בעל-תאוה, איז ניט שווער אַליץ צו פּועל'ן, און האָבען אָנגעפאַנגען צו פאָדערן, דאָס די קירכע זאָל אַרויס פון אונטער דער השגחה פון דער וועלטליכער מאַכט. פריהער פון אַלעם האָבען זיי דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס די בישאָפען זאָלען ערוועהלט ווערען ניט פון

דער וועלטליכער מאַכט, נאָר פון די גייסטליכע זעלבסט. דער קייזער האָט פערלאָרען איבער די בישאָפען יעדע מאַכט.

אָבער די וואַקסענדע מאַכט פון דער קירכע האָט מיט זיך געבראַכט אין לאַנד זעהר פיעלע ליידען. דאָס ערסטע, וואָס די קלעריקאַלען האָבען געטאָן, איז געווען צו דריקען מעהר די בויערן, און צו פערברייטערן מעהר אין לאַנד דעם בויערן־שטאַנד. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אז דאָס פאָלק האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען אונרוהען און האָט געפאָדערט רעפאָרמעס און בעסע־רונגען. די פאַלשע און שלויע קירכע האָט אָבער געוואוסט ווי אַראָפּצוואַר־פען פון זיך די שולד און אַרויפלעגען זי אויף'ן קייזער. זיי האָבען פאָרגע־וואָרפען דעם קייזער לודוויג, דאָס ער גיט זיך ניט אָפּ געגוג מיט שטאַאַטס־זאַכען, דאָס ער איז מעהר בעשעפטיגט מיט יאַגדען און איז ניט געגוג פרום, ער פערעהרט ניט געגוג די פריסטער, די געטליכע דינער, און דערפון איז דער גאַנצער אונגליק. לודוויג האָט זיך געפונען געצוואונגען אַרויסצולאָזען אַ צירקולאַר, אין וועלכען ער האָט אָנערקענט זיין שולד. דאָס איז געווען די ערסטע אונטערטעניגקייט פון אַ דייטשען קייזער אונטער דער מאַכט פון דער קירכע. אין דיזען צירקולאַר האָט לודוויג איבערגעגעבען די מאַכט פון איינפיהרען רעפאָרמעס פיר די בויערן צו פיער סינאָדען, ד. ה. פערזאַמלונ־גען פון גייסטליכע, און דערמיט האָט ער אָפיציעל איבערגעגעבען די מאַכט פון דער רעגירונג אין די הענט פון די קלעריקאַלען. דאָס איז געווען דער ערסטער אָנפאַנג פון דער קירכליכער מאַכט איבער די מאַטעריעלע לאַגע פון פאָלק און דער רעגירונג.

דאָס ערסטע, וואָס די סינאָדען האָבען געטאָן, איז געווען פעסטצושטע־לען די מאַכט פון די בישאָפען, די מאַכט פון דער קירכע, איבער דעם שטאַאַט. די טרויעריגע לאַגע פון פאָלק האָט זיי ווייניג אינטערעסירט, און זיי האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, פון וועלכען עס איז געווען קלאָר צו זעהן, צו וואָס זיי שטרעבען. אָבער דער פראָיעקט האָט געמוזט האָבען די בעשטעטיגונג פון קייזער. און ווער האָט עס געקענט פאָרויסזעהן, דאָס לודוויג וועט ניט צושטימען? די אונטערלאַגע פון דיזער פלעצליכער ענדערונג אין דער האַל־טונג פון לודוויג'ן צו דער קירכע איז געווען פאָלגענדע. נאָך דעם, ווי זיין פרוי מירמענגאַרד איז געשטאָרבען, האָט לודוויג געהייראַט יודיטה (יהודית), די שענע טאָכטער פון דעם בייערישען גראַף וועלף. פון איהר האָט ער גע־האַט אַ זוהן, וועלכער איז שפּעטער בעקאַנט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „קארל דער פליכעוואַטער“. פון דאַמאָלס אָן האָט יודיטה אָנגעפאַנגען צו

שמידען פלענער, דאס איהר זוהן קארל זאל בלייבען דער איינציגער הערשער אין לאנד, און זיינע שטיפברידער ארויסשטופען פון הערשאפט.



קייזער לאטהאר. נאך א פאריזער קליינעם בילד.

דיזע פלענער זיינען אבער געווען געגען דעם געזעץ פון יאהר 817 (זעה אויבען) און געגען די צוועקען און שטרעבונגען פון די קלעריקאלען. יודיטה האט עס גוט פערשטאנען, און דעריבער האט זי זיך פריהער גענומען צו די

קלעריקאַלען. דאָס ערסטע, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען צו שטימען לוד־וויג׳ן געגען די בעשלוסען פון דעם סינאָד וועגען די רעפאָרמעס אין דעם לאַנד, און האָט איהם געראַטען אַרויסצולאָזען אַ קעניגליכען עדיקט (בעפעהל), לויט וועלכען די לענדער אַללעמאַניען, עלזאַס, ראָציען און די היינטיגע שווייץ זאָלען איבערגעגעבען ווערען אונטער די הערשאַפט פון דעם קליינעם קאַרל. ווי נאָר לודוויג האָט אַרויסגעלאָזען דיזען עדיקט, האָבען זיינע עלטערע זיהן מיט פיעלע פון די גרויסע לייט באַלד גענומען די וואַפען אין די הענט און האָבען אַריינגעכאַפט אין פלען זייער פאָטער לודוויג צוזאַמען מיט דער פערהאַסטער שטיפמוטער און איהר אינגעל. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען שרעקליכע באַטאַליעס. די ברידער האָבען געצוואונגען לאָטהאַר׳ן פריי לאָזען דעם פאָטער. אָבער ווי לודוויג איז פריי געוואָרען האָט ער אויך אַקוויטאַניען איבערגעגעבען אונטער די הערשאַפט פון קאַרל׳ען און דערמיט האָט ער נאָך מעהר אויפגערייצט זיינע צוויי זיהן און אויך פיפין׳ען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטרייט אויף דאָס ניי. אום צו מאַכען אַן ענד צו דיזע בלוט־פערגיסונגען, איז געקומען דער פאַפסט גרעגאָר דער 4טער און האָט אָנגעפאַנגען איבער־אַ־ניים צו מאַכען אָרדנונג אין דער טראָן־בעשטייגונג און פעסטצושטעלען געוויסע געזעצען. אָבער די מעהרסטע פון די גאַללישע בישאָפען זיינען געווען געגען דעם, דאָס דער פאַפסט זאָל זיך אַריינמישען אין דיזער אַנגעלעגענהייט, און האָבען געדראָהעט דעם פאַפסט מיט אַראָפזעצען איהם פון אַמט, ווען ער וועט זיין פלאַן ניט אויפגעבען. דיביידע פאַרטייען האָבען דעם קאַמף פאָרטגעזעצט. דער קייזער איז ווידער גענומען געוואָרען געפאַנגען, מען האָט איהם אַראָפגעזעצט פון טראָן און מען האָט איהם אונטערוואָרפען אונטער אַ קירכליכע תשובה.

אין געגענוואַרט פון זיין ערסט־געבאָרענעם זוהן איז לודוויג געווען געצוואונגען אויסצוטאָן זיינע קייזערליכע קליידער, האָט זיך מודה געווען אויף זיינע זינד און האָט זיי אַליין הויך געלעזען פון אַ לאַנגען צעטעל פאַר אַ גרויסער פערזאַמלונג. דערמיט האָט לאָטהאַר געדענקט אַזוי צו ערנידריגען זיין פאָטער, דאָס ער וועט שוין מעהר ניט דענקען זיין קאָפ אויפצוהויבען. אָבער די איבעריגע זיהן האָבען ניט געקענט פערטראָגען די שרעקליכע ערנידרונגען פון זייער פאָטער און די טיראַנישע האַנדלונג פון זייער עלטערען ברודער לאָטהאַר, און האָבען איהם, לודוויג׳ן, צוריק אַרויפגעזעצט אויף׳ן טראָן. די אַלע לײדען אָבער האָבען לודוויג׳ן ניט אָפּגעהאַלטען ווידער צו פערטיילען דאָס לאַנד נאָך זיין אייגענעם ווילען, און ווען פיפין איז געשטאָרבען, האָט ער ווידער אָפגעטיילט גרויסע לענדער פיר זיין ליבלינג קאַרל, און האָט דער־

ביי שטאַרק בעלײדיגט זיין בכור לאָטהאַר. דיזעס האָט געפיהרט דערצו, דאָס לאָטהאַר׳ס זוהן, לודוויג, האָט זיך אָנגעהויבען צו בונטעווען. דיזעס מאָל איז דער קומער פון לודוויג׳ן געװעזען אַזוי גרויס, דאָס ער האָט די צרות ניט געקענט מעהר אַריבערטראָגען און ער איז געװאָרען געפעהרליך קראַנק




קאַרל דער פּליכעוואַטער אין קעניגליכען פּוץ.

און האָט שוין זיין בעט מעהר ניט געקענט פערלאָזען. דעם 20טען יוני פון יאָהר 840 איז ער געשטאָרבען אין אַ דאָרף־הויז אויף אַן אינזעל אין דעם רהיין נעבען מאַינץ.

יעצט האָבען די ברידער געהאַט צו טאָן צווישען זיך אַליין. לאָטהאַר האָט פערלאַנגט אַלע לענדער און דעם קייזער־טיטעל, אָבער די ברידער האָבען זיך געשטעלט געגען דיזען וואונש זיינעם. דריי יאָהר האָבען זיי צווישען זיך געקעמפט, ביז עס איז ענדליך געלונגען צו קומען צו אַן איינינונג. נאָך פערשיידענע געליטענע מפלות האָט מען ענדליך געשלאָסען שלום אין ווערדון אין יאָהר 843. לויט דיזען אָפּמאַך איז דאָס לאַנד צוטיילט געוואָרען אויף דריי לענדער: דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען. פון דיזע לענדער האָט לאָטהאַר בעקומען איטאַליען מיט דעם טיטעל קייזער. דייטשלאַנד איז איבערגעגעבען געוואָרען אונטער די הערשאַפט פון לודוויג'ן, וועלכער האָט געהאַט דעם ביינאָמען „דער דייטש". קאַרל דער פּליכעוואַטער האָט געקריגען פראַנקרייך. אַקוויטאַניען האָט מען בעשטימט פיר די צוויי קוזינס פון די קעניג ־ן, נעמליך פיר פּיפּין'ען און פיר קאַרל'ען, אָבער קאַרל דער פליכעוואַטער האָט עס פון זיי באַלד אָפּגענומען. אין וואָס פיר אַ בעציהונג דיזע דריי לענדער מיט זייערע רעגירונגען זיינען געשטאַנען איינס צום אַנדערען, איז ניט בעקאַנט, נאָר דאָס וויסען מיר, אַז דאָס מיליטער איז נאָך געווען אין פיעלע הינזיכטען אַלגעמיין פיר אַלע דריי לענדער, אַזוי דאָס מיט דעם צוטיילען דאָס לאַנד אויף דריי טיילען האָט מען דאַמאָלס ניט געהאַט אין אויסזיכט אַ פאָלשטענדיגע אָפּזונדערונג פון די לענדער.

ווי גרויס עס איז געווען די ווירקונג פון דיזער פּאָליטישער צוטיילונג פון דעם קייזערטום אויף דריי לענדער, פאָלשטענדיג אונאָפּהענגיג איינס פון דעם אַנדערען, איז צו שליסען דערפון, דאָס יעדעס פון דיזע לענדער האָט דאַמאָלס ענטוויקעלט אַן אַנדער שפּראַך. די גערמאַניש־פראַנקישע שפּראַך האָט זיך ביי די פעלקער פון יענער זייט רהיין (פראַנקרייך) צוזאַמענגעמישט מיט דער רוימישער שפּראַך (לאַטיין) און דערפון האָט זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט די פראַנצויזישע שפּראַך. אין גערמאַניען איז געבליבען די ריין דייטשע שפּראַך און זיי האָבען דיזע שפּראַך קולטיווירט און ענטוויקעלט.

מיר געפינען יעצט פיר נעטיג צו געבען אַ קורצען איבערבליק איבער די געשיכטע פון פראַנקענרייך אין גאַנצען. פריהער ווי אין ערגעץ אַנדערם איז אין איטאַליען אויסגעלאָשען געוואָרען די גראַדע ליניע פון קאַרל דעם גרויסען. נאָך דעם, ווי לאָטהאַר דער 1טער האָט אַרונטערגעלעגט זיין קרוין און איז געשטאָרבען אַלס מאָנאַך אין יאָהר 855 אין דעם קלויסטער פּרים, האָט ערהאַלטען דאָס רייך זיין זוהן ל ו ד ו י ג ד ע ר 2 ט ע ר. דיזער איז געשטאָרבען אין יאָהר 875 און האָט קיין יורש נאָך זיך ניט איבערגעלאָזען. זיינע צוויי אינגערע ברידער זיינען געשטאָרבען פריהער פון איהם.

איינער פון די צוויי ברידער איז געווען לאָטהאַר, פיר וועלכען דער פרידענס-אָפּמאַך אין ווערדון אין יאָהר 843 האָט בעשטימט לאָטהרינגען. אָבער ווי מיר האָבען פריהער דערצעהלט, האָבען עס לודוויג דער דייטש און ק א ר ל ד ע ר פ ל י כ ע ו ו א ט ע ר פון איהם מיט געוואַלד אָפּגענומען. נאָך דעם, ווי דער קייזער לודוויג איז געשטאָרבען האָט מען פון קאַרל דעם פּלי-כעוואַטען מיט בעטרוג און געוואַלט אָפּגענומען איטאַליען און דעם קייזער-ליכען טיטעל. אין יאָהר 876 איז לודוויג דער דייטש געשטאָרבען. דיזער האָט פעראייניגט די לענדער אַללעמאַניען, זאַקסען, בייערן און פראַנקען, אָבער דיזע לענדער זיינען ווידער צוטיילט געוואָרען צווישען זיינע דריי זיהן. אין יאָהר 882 האָט ק א ר ל ד ע ר ד י ק ע ר ווידער פעראיי-ניגט דעם גאַנצען מזרח פון פראַנקענרייך אונטער זיין מאַכט, ווייל זיינע על-טערע ברידער זיינען אַלע פריהער צושטאָרבען. ער האָט אויך ערהאַלטען די קרוין פון פראַנקרייך, ווייל קאַרל דער פּליכעוואַטער האָט דאָרטען פער-לאָרען זיין חן. אויך די רעגירונגען פון ל ו ד ו ו י ג ד ע ם 2 ט ע ן ד ע ם ש ט א מ ל ע ר (זאַאיקע) און פון זיינע עניקלאָך ל ו ד ו ו י ג ד ע ם 3 ט ע ן און קאַרלמאַן, זיינען געווען זעהר שוואַך. נאָך זיין טויט איז נאָך געבליבען נאָר ק א ר ל ד ע ר נ א ר י ש ע ר, וועלכען די גרויסע לייט האָבען גאָר ניט צוגעלאָזען צו דער רעגירונג און האָבען איבער-געגעבען די קרוין צו ק א ר ל ד ע ם ד י ק ע ן.

קאַרל דער דיקער האָט, ווי מיר האָבען נאָר וואָס געזאָגט, פעראייניגט אין זיין האַנט אַלע לענדער, איבער וועלכע קאַרל דער גרויסער האָט געהערשט. אָבער די צייטען האָבען זיך שטאַרק געענדערט. עס איז דאַכט זיך געווען איין לאַנד, אָבער ווי פערשיידען זיינען געווען די הערשער אין פערשיידענע טיילען פון דעם זעלבען לאַנד! אין איטאַליען האָבען שוין לאַנג רעגירט די פּאַפּסטען. אין יענער צייט האָבען די קריסטליכע טהעאָלאָגען פערפאַסט די אַזוי-גערופענע „איזידאָרישע דעקרעטאַליען", וועלכע זיינען אָנגעגעבען געוואָרען אַלס בעשלוסען פון אַלטע קירכען-זאַמלונגען, וואָס מען האָט כלומר'שט געפונען אין אַ מאָנאַסטיר. דיזער דאָקומענט האָט געגעבען דעם פּאַפּסט דעם טיטעל ריכטער איבער אַלע קעניגען און בישאָפען, און אום צו געבען דיזען דאָקומענט מעהר קראַפט, האָבען די מאָנאַכען איבעראַל וועגען איהם געפּרעדיגט אין די קירכען, און האָבען די קריסטען געגעבען צו פער-שטעהן, אַז דאָס גאַנצע אונגליק, פון וועלכע דאָס אָרימע פאָלק לייַדט, קומט נאָר דערפון, וואָס דער פּאַפּסט האָט ניט די ריכטיגע מאַכט צו משפט'ן די הערשער ווען זיי טוען אונרעכט צום פאָלק. זיי, די קעניגען, זיינען צופיעל

אונאָפּהענגיג, האָבען ניט איבער זיך קיין אויבערהאַר, קיין קאָנטראָל, און דעריבער דריקען זיי דאָס פאָלק וויפיעל זייער האַרץ געלוסט.

מיט דיזע המצאות איז דער פּאַפּסט, אַ פּריסטער אין רוים, אונבעוואָ-פענט מיט וועלכע עס איז געוועהר, געוואָרען דער הערשער איבער אַלע הער-שער, איבער די בישאָפען, און האָט אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט אַ גרויסען טייל פון דער וועלטליכער מאַכט. אָט אַזוי האָט זיך מיט דעם 9טען יאָהר-הונדערט פעסטגעשטעלט די פּאַפּסטליכע מאַכט אין איירָאָפּאַ. דיזע ענדע-רונג אין לעבען פון איירָאָפּאַ האָט אייגענטליך ניט געהאַט קיין וויכטיגען איינפלוס אויף דעם צושטאַנד פון דער אָרימער בערויבטער קלאַס. זייער לעבען איז ניט פערבעסערט געוואָרען אויף אַ האָאָר דורך דעם, וואָס די קירכע האָט בעקומען די אויבערמאַכט איבער דער וועלטליכער מאַכט. די קירכע האָט קיינמאָל ניט בענוצט איהר איינפלוס צו פערברייטען מעהר הומאַניטעט, מעהר מענשענפריינדליכקייט צו די אָרימע אונטערדריקטע. די קירכע זעלבסט האָט געכאַפּט אין איהר מאַכט וואָס מעהר גרונד-אייגענטום. זי האָט שוין פון לאַנג פערשטאַנען דעם סוד, דאָס בעזיצטום איז מאַכט, און מאַכט קען ניט זיין אָהן אייגענטום. אין יענער צייט האָבען די גרעסטע לענ-דערייען אין וועסט-איירָאָפּאַ געהערט צו דער קירכע. דורך דעם געפעלשטען דאָקומענט (די דעקרעטאַליען) האָט דאָס קריסטענטום, וואָס פּרעטענדירט אויף ערהאַבענע מאָראַל און געטליכע וואַהרהייט, פערקנעכטעט גאַנץ איי-ראָפּאַ אונטער זיין אויטאָריטעט, און האָט פערברייטעט פאַנאַטיזם, רעליג-יאָנס-האַס, אינקוויזיציאָן און פיעלע אַנדערע אונגליקען פיר די אונגליקליכע מענשהייט פון יענער צייט און פון פיעלע, פיעלע דורות שפּעטער. מען האָט דיזען פאַלשען דאָקומענט אַזוי פערהייליגט, דאָס ווער עס האָט זיך ערלויבט עטוואָס צו בעהויפּטען געגען איהם, איז ניט זיכער געווען מיט זיין לעבען. די איזידאָרישע דעקרעטאַליען האָבען געגאָלטען אַלס עכט און הייליג די גאַנצע צייט פון מיטעלאַלטער, ביז עס איז אָנגעקומען די צייט פון דער רע-פאָרמאַציאָן און האָט בעוויזען דעם פאַלש פון דיזען דאָקומענט און דעם בע-טרוג פון דער קירכע.

ווי דער פּאַפּסט אין איטאַליען, אַזוי זיינען די בישאָפען אין אַנדערע לענדער אויך געווען כמעט אונבעשרענקטע הערשער. ווי מיר האָבען פריהער געזעהען האָט די קירכע אַריינגעכאַפּט אין איהרע הענט מיט אַלערליי מיט-לען, גערעכטע און אונגערעכטע, אונגעהייער גרויסע לענדערייען. דיזע גרויסע און ברייטע לענדערייען האָבען געפאָדערט פיעלע הענט זיי צו בעאַרבייטען. דאָס בעסטע מיטעל דערצו איז אין יענער צייט געווען צו ערווערבען פיעלע

לייבאייגענע. צו דעם האָט דאַמאָלס די קירכע געשטרעבט, און קיין זאַך האָט זי דערפון ניט צוריקגעהאַלטען.

אום צו זיכערן די גיטער פון רויבערייען, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס אַלץ מעהר און מעהר פערברייטערט איבער'ן לאַנד, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער ערקלערט, האָט זיך די קירכע בעזאָרגט אויך מיט בעוואָפענטער מאַכט דורך דעם זעלבען מיטעל, ווי די וועלטליכע גרויסע גוטס־בעזיצער, נעמליך, דורך פערטיילען זייערע לענדערייען צו קלענערע וואַסאַלען, וועלכע



רואינען פון אַ בישאָף'ס שלאָס אין אַרלעס.

האָבען זיך פערפליכטעט צוצושטעלען אַ געוויסע מיליטערישע מאַכט צו שטי־צען די זיכערהייט פון די לענדערייען, וואָס שטעהען אונטער זייער שוץ, גע־גען רויבערייען און אָנפאַלען, און אַ חוץ דעם האָבען זיי זיך פערפליכטעט צו געבען דער קירכע אַ געוויסען פּראָצענט פון די פּראָדוקטען, וואָס זיי האָבען אַרויסבעקומען פון די לענדער, וועלכע זיי האָבען בעאַרבייט מיט זייערע מענשען. אַט אַזוי זיינען די בישאָפּען מיט דער צייט אויך געוואָרען פעאָ־דאַל־הערדען, גלייך מיט די וועלטליכע גרויסע גרונד־בעזיצער, און האָבען

זעהר אָפט אויך געהאַט רייסערייען און קריג צווישען זיך, גלייך מיט די וועלטליכע פעאָדאַל־הערען. די קירכע האָט גוט געוואוסט די קונסט ווי אריינצוכאַפּען לענדערייען אין איהר מאַכט. אַזוי איז אין פראַנקרייך און ענגלאַנד צו יענער צייט געווען אין די הענט פון דער קירכע אַ פינפטעל פון אַלע לענדערייען, און אין דייטשלאַנד זאָגאַר מעהר פון אַ דריטעל. דער אונטערשייד צווישען קעניג און קירכע איז דאַמאָלס בעשטאַנען דערין, דאָס דער קעניג האָט אָפט געמוזט צושענקען פון זיינע לענדערייען צו די גרויסע, וועלכע האָבען געגען איהם אינטריגירט, און די קירכע האָט קיינמאָל ניט אָפּגעגעבען צו וועמען עס איז קיין איין שפּאַן ערד. די קירכע האָט אימער נאָר ערוואָרבען מעהר און מעהר, זי האָט ניט געזוכט קיין שענע מיטלען, אַלע מיטלען זיינען געווען גוט, ווען נאָר זיי האָבען געפיהרט צום ציל. וואו עס האָט געפּאַסט האָט מען אויך געברויכט דעם מיטעל פון עקסקאָמוניקאַציאָן, ד. ה. אריינלעגען אין חרם, ענטזאַגען פון דער קירכע און קאָנפיסקירען די גיטער פון דעם אפּיקורס אָדער דעם אונגלויביגען. דיזעס איז געווען אַ זעהר געוועהנליכער מיטעל פון דער קירכע צו עררייכען אַזעלכע צוועקען.

מיט דיזען אופן איז די מאַכט פון דער קירכע אימער געשטיגען העכער און העכער, דערצו האָבען נאָך פיעל צוגעהאָלפען די העכערע בילדונג פון די גייסטליכע און די גרויסע איבערגעבענהייט פון פאָלק צום גלויבען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די הויכע גייסטליכע האָבען אָנגעפאַנגען צו שמידען פּלענער, ווי אַרונטערצובריינגען די קעניגען אונטער זייער מאַכט, דאָס זיי זאָלען נאָך זייער וואונש אַרויפזעצען און אַרונטערזעצען קעניגען. די בישאָפען האָבען געוואָלט אַראָפּזעצען פון טראָן קאַרל דעם פּליכעוואַטען, נאָר ער האָט געהאַט אַ טענה, דאָס זיי קענען עס ניט טאָן, ווייל ער איז געזאַלבט מיט'ן הייליגען בוימעל. די בישאָפען האָבען די טענה געמוזט אַנערקענען, ווייל דאָס איז געווען זייער ערפינדונג. אָבער אַנדערע קעניגען האָבען זיי בעהאַנדעלט ווי זיי האָבען געוואָלט. זיי פּלעגען זיי אַראָפּזעצען פון טראָן און זייערע גיטער קאָנפיסקירען צו דער קירכע, אַזוי דאָס מאַנכע פון זיי זיינען געקומען צום בעטעלשטאַנד.

צוליב די פּרעטענזיעס פון דער קירכע צו הערשען איבער די קעניגען, איז די קעניגליכע ווירדע פיעל ערנידריגט געוואָרען. אַזוי צ. ב. איז קאַרל דער דיקער אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון טראָן דורך די גרויסע אַדעל־לייט צוליב אַ זאַך, וואָס איז אין אמת'ן געווען מעהר זייער שולד ווי זיינע. די געשיכטע איז אַזוי געווען. אַ פראַנקישער אַדעלמאַן, ב אָ ז אָ פון וויענע, האָט געהייראַט אַן עניקעל פון קעניג לאָטהאַר מיט דער צושטימונג פון דעם

פּאַפּסט. דיזער באַזאָ האָט געגרינדעט ביים טייך רהאָנע אַ קליינעם קעניג-רייך, וועלכעס ער האָט אַ נאָמען געגעבען ב ו ר ג ו נ ד אָדער א ר ע-ל א ט. אָבער באַלד האָט מען אָנגעפאַנגען אָנצוגרייפען דיזעס לאַנד פון פערשיידענע זייטען: פון מזרח די סלאַווען, פון צפון די נאָרמאַננען, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען בעריהמטע זעע-רויבער, און פון דרום די סאַראַצענער. מען האָט געבעטען הילף פון קאַרל דעם דיקען, אָבער ער האָט ניט געשיקט קיין הילף צו דער נייער קליינער מלוכה, ווייל ער האָט דאַמאָלס געהאַט צו טאָן מיט זיך זעלבסט, צו קויפען פרידען ביי די זעע-רויבערישע נאָרמאַננען, אַ פרידען, וועלכער האָט איהם געקאָסט זעהר טייער, און ער אַליין האָט זיי געמוזט ערלויבען אויפצושטעלען אין בורגונד אַ ווינטער-לאַגער. דערפאַר זיינען די גרויסע אַדעל-לייט פון לאַנד שטאַרק בייז געוואָרען אויף'ן קעניג קאַרל דעם דיקען, און אין יאָהר 887 האָבען זיי זיך פערזאַמעלט אין טריבור און האָבען איהם אַרונטערגעזעצט פון טראָן, הגם עס איז אַלעמען געווען בע-קאַנט, דאָס דער קעניג האָט ניט געשיקט אין בורגונד קיין הילף, ווייל די גרויסע האָבען אין דער גאַנצער זאַך ניט געוואָלט נעהמען קיין אָנטייל.

די קרוין האָט געקריגען א ר נ ו ל ף פון ק אָ ר נ ט ה ע ן, אַן אונגעזעצליכער זוהן פון קאַרלמאַן, דעם זוהן פון לודוויג דעם דייטש. קאַרל דער דיקער איז געשטאָרבען אין די ערסטע טעג פון יאָהר 888 אין דעם גוט אין שוואַבען, וואָס מען האָט איהם בעשטימט דאָרט צו פערברייינגען זיינע לעצטע יאָהרען. די פראַנצויזען האָבען ערוועהלט אַלס קעניג גראַף אָ ד אָ פון פ אַ ר י ז, וועלכער איז געווען דער זוהן פון אַן איינגעוואַנדערטען דייטשען קריגסמאַן אין פאַריז. דאָס איז פּאָרגעקומען אין יאָהר 888. אין דער זעלבער צייט האָט גראַף רודאָלף פון דעם הויז פון די וועלפען געגרינדעט אַ נייעס רייך אונטער דעם נאָמען ה ו י ך-ב ו ר ג ו נ ד. אַזוי זיינען ענטשטאַנען צוויי נעבען-מדינות פון די קאַראָלינגען: ה ו י ך-ב ו ר ג ו נ ד און נ י ד ע ר-ב ו ר ג ו נ ד. דיזע צוויי רייכען זיינען שפּעטער, אין יאָהר 933, פעראייניגט געוואָרען אין איין רייך אונטער דעם נאָמען ב ו ר-ג ו נ ד, אונטער דער הערשאַפט פון רודאָלף דעם 2טען. דערנאָך איז אין יענעם רייך געוואָרען קעניג ק א ר ל ד ע ר נ א ר י ש ע ר, דער זוהן פון לודוויג דעם שטאַמלער. אָבער די אַלע רעגירער זיינען נאָר געווען קעני-גען לפנים, די הויפּט-ראָלע אין דער רעגירונג האָבען געשפּילט די גרויסע, וועלכע האָבען זיך געפיהלט אין זייערע אונגעהייערע גיטער אַזוי מעכטיג, דאָס זיי האָבען איבער זיך ניט געשפּירט קיין אויבערמאַכט, און דער קעניג האָט זיי גאָר ניט געקימערט, ווי ער וואָלט גאָר ניט עקסיסטירט. אין יאָהר

987 איז מיט לודוויג דעם 5טען אויסגעלאָשען געוואָרען די די-נאסטיע פון די קאראָלינגען, און האָט קיין רוהם נאָך זיך ניט געלאָזען.

אין דייטשלאנד האָט עס זיך נאָך ראשער געענדיגט. ארנולף איז גע-שטאָרבען אין יאָהר 900. נאָך איהם איז געבליבען דער איינציגער יורש א קינד פון 6 יאָהר, וועלכער האָט געטראָגען דעם נאָמען לודוויג דאָס קינד. דיזער איז אָבער געשטאָרבען אין יאָהר 911, און אין 912 האָבען די גרויסע ערוועהלט קאָנראד'ן, דעם הערצאָג פון די פראנקען, אלס קעניג. מיט דיזער ערוועהלונג איז אויך די העכסטע מאכט אין לאנד איבער-געגאנגען צו די גרויסע גוטס-בעזיצער.

דיזע מאכט-שטייגונג פון די גרונד-הערען איז זעהר בעלעהרענד. דאָס גאנצע לאנד איז געוואָרען דאָס אייגענטום פון די פעאָדאל-פריצים. אויף זייערע גיטער האָבען שווער געארבייט אלס לייבאייגענע אויך די, וואָס זיי-נען אמאָל געווען פרייע בויערן, טיכטיגע אקערלייט. דער לייבאייגענער האָט יעצט קיין אייגענטום ניט געהאט — ער, זיין ארבייט און אלץ, וואָס ער האָט פּראָדוצירט דורך זיין ארבייט, האָט געהערט צו זיין הערר, וועלכער האָט איהם פון זיין גאנצער מיה געגעבען אזוי פיעל, וויפיעל עס איז נעטיג גע-ווען צו ערהאלטען די נשמה, אום ער זאָל קענען ווייטער אָהן אן אויפהער ארבייטען פיר איהם. דיזע לאגע האָט די גרונד-בעזיצער נאָך ניט געגעבען די ריכטיגע מאכט אין לאנד, דאָס האָט זיי נאָר געגעבען די מעגליכקייט צו ווערען די הויפט-הערשער. צו דערגרייכען א גרעסערע מאכט, האָבען זיי אָנגעפאנגען מאכען צווישען זיך פערזאמלונגען און פערבאנדען אונטער די נעמען: לאנד-קאָנציליען און נאציאָנאל-קאָנציליען. זיי האָבען בעהערשט דאָס מיליטער, אויך דאָס געריכטס-וועזען איז אריבער צו זיי.

און ווער איז געווען די געגען-פּארטיי? — די לייבאייגענע, מענשען, וואָס האָבען ניט געהאט קיין הויז, קיין אייגען שטיקעל ערד. דאָס שטיקעל ערד, וואָס זיי האָבען בעארבייט, האָט זיי נאָר געגעבען די מעגליכקייט צו לעבען און ניט אויסגעהן פון הונגער, אום צו ארבייטען פיר פרעמדע, פיר זיי-ערע בעדריקער. זיי האָבען ניט געהאט קיין רעכט זיך צו פערזאמלען, אום צו פערהאנדלען זייערע אייגענע אינטערעסען. אזוי האָבען די הערען גע-האט אין זייערע הענט דאָס גאנצע רייכטום פון לאנד, דערצו אלע רעכטען צו אָרגאניזירען זיך ווי זיי געפעלט. אט דיזעס איז געווען דער יסוד, אויף וועלכען עס איז געווען פעסטגעשטעלט דאָס לעבען אין מיטעלאלטער.



# די נאָרמאַננען.

די היימאַט פון די נאָרמאַננען, וועלכע מיר האָבען שוין פריהער איי-
ניגע מאָל דערמאָהנט, איז געווען דענעמארק און סקאַנדינאַוויען.
דאָ האָבען זיך געפונען זעהר פיעלע פעלקערשאַפטען מיט קעניגען אָן דער
שפּיץ, איבער וועלכע עס זיינען געשטאַנען העכער די פערזאַמלונג פון אלע
פרייע מענער אלס אויבער־געריכט אָדער רייכסטאַג, וועלכער האָט זיך ביי זיי
גערופען דאָס „טהינג". דאָס לאַנד איז געווען זעהר אונפּרוכטבאַר און דאָס
פאָלק האָט ניט געהאַט גענוג מיטלען פיר עקסיסטענץ, דעריבער זיינען זיי
אַזוי ווי פון דער נאַטור זעלבסט בעשטימט געוואָרען פיר זעע־רויבעריי. אי-
בערהויפּט האָבען זיי זיך געצויגען צו די זידליכע לענדער, וועלכע זיינען בע-
שאָנקען פון דער נאַטור מיט אַלערליי טייערע פּרוכטען, מיט גאָלד און אַנדערע
אוצרות. די זעלבע געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין די נערמאַנישע לענ-
דער, האָט זיך ווידערהאָלט אויך אין דענעמארק און אין סקאַנדינאַוויען. אויך
דאָ זיינען די בויערן בערויבט געוואָרען פון זייער גרונד־אייגענטום, די אדעל-
לייט האָבען אריינגעכאַפּט אין זייערע הענט דאָס גאַנצע לאַנד, און די פריי-
הייט פון די געמיינדעס איז פון זיי גערויבט געוואָרען. דיזעס האָט געפיהרט
דערצו, דאָס די רויבער־צוגען זיינען געוואָרען מעהר און אָפטער. יעדעס יאָהר
זיינען אַרויסגעפאָהרען שיפען פון די ברעגען פון שוועדען, נאָרוועגיען און דע-
נעמאַרק צו מאַכען רייזעס אין ווייטע געגענדען. די שיפען זיינען געווען אָהן
פאָרדעקען און אַזוי קליין, דאָס פיר איין רויבער־באַנדע האָט מען געמוזט הא-
בען אַזעלכע שיפלאַך פון 200 ביז 300. זיי זיינען אָבער געווען זעהר לייכט
צום שווימען אויף'ן ים. די רייזענדע פלעגען נאָר וואַרטען אויף אַן אָסט־ווינט,
און דיזער ווינט פלעגט זיי ברייינגען אין 3 טעג צו דער מינדונג פון דער סיינע
(סען). יעדע פלאָטע איז געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון אַ קעניג. ער
איז אָבער געווען קעניג נאָר אויף'ן ים און אין צייט פון קאַמף. זיין וואָרט איז
פיר די גאַנצע רויבער־באַנדע געווען אַ געזעץ, ווייל ער איז געווען דער מוטיג-

סטער פון אַלע מוטיגע. אין דיזע קליינע שיפלאך פלעגען זיי זיך בעהאַלטען אין א בוכטע (איינשניט פון ברעג) און בעפאַלען די ברעג־בעוואוינער, אָדער זיי פלעגען בעפאַלען אַנדערע שיפען מיט וואַארע און מענשען און זיי בערויבען. זייערע לייכטע און שוואכע שיפלאך פלעגען זעהר אָפט צושמעטערט ווערען און אונטערגעהן אין ים מיט א גרויסען טייל פון דער מאַנשאַפט, אָבער די־זעם האָט קיינמאָל ניט אָפגעשראָקען די איבערגעבליבענע פאַרטצוזעצען זייער רויבערישע טעטיגקייט.

ווען די נאָרמאַננען האָבען אָנגעהויבען צו לאָזען הערען פון זיך אין דער געשיכטע, זיינען זיי נאָך געווען געצענדינער. אונטער לודוויג דעם פרומען האָט דער בישאָף א נ ס ג א ר געשיקט מיסיאָנערען פון האַמבורג נאָך דעם נאָרד צו בעקעהרען די נאָרמאַננען צום קריסטענטום. אָבער די נאָר־



קליינעס קריג־שיף פון די וויקינגער (נאָרדישע ים־העלדען).

מאַננען האָבען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט פערבייטען זייער אַלטען גלויבען אין זייער גאָט א ד י ן פיר קיין אַנדערען גלויבען, און הונדערטע יאָהרען איז די מיה פון די מיסיאָנערען געבליבען אָהן א שום ערפאָלג. זיי האָבען דאָס קריסטענטום שרעקליך געהאַסט. מיט גרויס פערגניגען פלעגען זיי פערגיסען בלוט פון קריסטליכע פריסטער, און פלעגען פערוואַנדלען די קריסט־ליכע קירכען אין פערד־שטאַלען. א בעזונדער פערגניגען איז עס ביי זיי גע־ווען, ווען זיי איז געלונגען צו פערוויסטען און פערניכטען אין גאַנצען א קריסטליכע געגענד. גאַנצע שטעדט און דערפער פלעגען זיי מיט גרויס פער־גניגען פערברענען, די גאַנצע האָב און גוטס צונעהמען און די מענשען פער־קויפען אין פרעמדע לענדער פיר שקלאַפען. זעהר אָפט פלעגען זיי זיך ניט צופרידענשטעלען מיט רויבען ביי די ברעגען פון ים, זיי פלעגען זעהר אָפט

אַריינשווימען מיט זייערע לייכטע שיפלאַך דורך די טייכען אין מיטען פון דאָס לאַנד און ברענען, מאָרדען און רויבען פיעל זייער האַרץ האָט געגלוסט, אָדער ביז עס איז שוין מעהר ניט איבערגעבליבען קיין זאַך צו פערוויסטען. זעהר אָפט פלעגען זיי אַריבערטראָגען זייערע לייכטע שיפלאַך אויף די אַקסלען פון איין טייך אין אַן אַנדערען, ווען עס איז זיי אַזוי אויסגעקומען צו טאָן. אין יאָהר 845 האָבען זיי מיט אַזאַ אופן פערוויסטעט האַמבורג, אַאַכען, קאָלן, טריער, און פיעלע אַנדערע שטעדט.

אונטער לודוויג׳ס קינדער איז דאָס אונגליק, וואָס גערמאַניען און פראַנקרייך האָבען געליטען פון די רויבערישע נאָרמאַננען, געווען נאָך גרעסער. לאָטהאַר זעלבסט האָט אַרויסגערופען די נאָרמאַננען געגען זיינע ברידער, און ער האָט זיי דערפאַר געגעבען די אינזעל וואַלכערן. פון דיזער צייט



קליינעס קריג־שיף פון די וויקינגער מיט זעגלען.

אָן האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו ווידערהאָלען זייערע פערוויסטונגען. די בעמיהונגען פון לודוויג דעם דייטש צו מאַכען זיכער די גרענצען פון לאַנד האָבען גאָר ניט געהאָלפען. די נאָרמאַננען האָבען פיעלע מאָל געשלאָגען און פערניכטעט די גערמאַנישע און פראַנקישע אַרמעען. זיי האָבען צושטערט פיעלע שטעדט, צווישען אַנדערע רוען, נאַנטעס, טורס, זיי האָבען אײַנגענומען פאַריז, בערויבט די שטעדט לוקקאַ און פיזאַ, און האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען פאָרבערייטונגען צו בעפאַלען שפאַניען און איטאַליען. ווען קאַרל דער דיקער האָט בעהערשט דאָס פראַנקישע רייך, איז אַ גרויסע מחנה נאָרמאַנישע רויבער אַריינגעדרונגען אין די רהיין־לענדער און האָט זיך בעפעס-

טיגט אין אַ לאַגער ביי האַסלאָוו אויף דער מאַאַס. דער קיי-
זער האָט בעלאַגערט זייער פעסטען לאַגער, ער האָט אָבער ניט געוואַגט אַרויס-
צוגעהן מיט זיי אין שטרייט. דער סוף איז געווען, דאָס ער האָט זיי געמוזט
געבען לאַנד און געלט אום צו קויפען פון זיי פרידען. די נאָרמאַננען האָבען
אָנגעפאַנגען נייע פערוויסטונגען, פון וועלכע עס האָט בעזונדערס געליטען
לאָטהרינגען. ענדליך האָט זיך ארנולף מיט זיי אָפּגערעכענט. ער האָט
געהאַט איבער זיי אַ גלענצענדען זיג ביי דער דילע אין בראַבאַנט. נאָך
דיזען זיג האָט דייטשלאַנד אַ צייט לאַנג געהאַט רוה פון דיזע רויבער. אָבער
אין פראַנקרייך האָבען די פערוויסטונגען ניט אויפגעהערט, ביז דער קעניג
קאַרל דער נארישער האָט איבערגעגעבען די צוויי פּראָווינצען נאָרמאַנדיע און
ברעטאַניע צום מוטיגען ראָללאָ און איהם געגעבען זיין טאָכטער פיר
אַ פרוי (911).

מעהר פון אַלע אַנדערע לענדער האָט ענגלאַנד געליטען פון די נאָרמאַנ-
נען. נאָך דעם, ווי דער קעניג עגבערט פון וועססעקס האָט
פעראייניגט די זיבען אַנגלאָ-זאַקסישע קעניגרייכען אין איין רייך (827), האָ-
בען די נאָרמאַננען אָנגעפאַנגען צו בעפאַלען ענגלאַנד אין דער צייט פון זיינע
שוואַכע נאָכפאָלגער, און נאָך דעם, ווי זיי האָבען געפּלינדערט פיעלע ערטער,
האָבען זיי זיך ענדליך פעסט בעזעצט אין נאָרטהאָמבערלאַנד און אין מאַר-
ציאַ. אום זייער מאַכט זאָל אין זייערע נייע ערטער ניט אָפּגעשוואַכט ווע-
רען האָבען זיי אַלע מאָל אַרויסגעפאָדערט פון זייער פאָטערלאַנד פרישע קרעפ-
טען אום צו זיכערן דאָרט זייער עקסיסטענץ. ענדליך איז עס געלונגען דעם
ענגלישען קעניג אַלפרעד, וועלכער האָט שפּעטער ערהאַלטען דעם
טיטעל „דער גרויסער", צו בעפרייען ענגלאַנד פון די נאָרמאַננען. אין יאָהר
878 האָט ער זיי בעזיגט פאָלשטענדיג, אַזוי דאָס די דענער האָבען זיך אונ-
טערוואָרפען אונטער זייער מאַכט און האָבען אויך אָנגענומען דאָס קריסטענ-
טום. אַלפרעד האָט זיי, די דענער, איבערגעגעבען אַלס ערטער צום בעזעצען
זיך די פּראָווינצען אָסטאַנגעלן און נאָרטהאָמבערלאַנד. אָבער נאָך אַלפרעד'ס
טויט האָבען די נאָרמאַננען איבער-אַ-נייעס אָנגעפאַנגען צו רויבען אין ענג-
לאַנד. אונטער דעם ענגלישען קעניג עטהעלרעד האָט דער דענישער קע-
ניג סוענאָ בעזיגט דעם גרעסטען טייל פון ענגלאַנד. אין דעם איז ניט גע-
ווען אַזוי פיעל שולדיג די שוואַכקייט פון דעם ענגלישען קעניג, ווי דער ווי-
דערשטאַנד פון די גרויסע. דאָ איז געווען די זעלביגע געשיכטע ווי אין פראַנ-
קענרייך. די גרויסע גרונד-בעזיצער האָבען געשטרעבט אריינצוכאַפּען אין זיי-
ערע הענט אויך די פּאָליטישע מאַכט פון לאַנד. אויך דאָ איז געווען די הויפּט

אונטערגראָבערקע די קירכע, וועלכע האָט געוואָלט אַלעס האָבען אונטער איהר קאָנטראָל. אונטער דעם קעניג עדמונד, וועלכער האָט רעגירט פון יאָהר 941 ביז 949, האָט דער „פירסט פון די מאָ־אַכען", דער הייליגער דונ־סטאַן, פערשאַפט דער קירכע די הערשאַפט איבער די וועלטליכע מאַכט. די גרויסע אין ענגלאַנד האָבען אויך אַריינגעבראַכט אין זייערע הענט די פאָ־ליטיק, ווי די גרויסע אין פראַנקרייך. עטהעלרעד, דער ענגלישער קעניג, זיך



אַלפרעד דער גרויסער.

אַפילו אַרוים געגען זיי מיט אַ בעוואַפענטער מאַכט, אָבער ער האָט קיין ער־פאָלג ניט געהאַט. די דענער האָבען ווידער אָנגעפאַנגען זייערע רויבע־רייען, ווייל די אַנגלאָ־זאַקסען, וועלכע האָבען געוואוינט צווישען זיי, האָבען זיי שרעקליך געהאַסט צוליב זייער רויבזוכט, א״ן האָבען אין דער סט. בריצ־ציוס־נאַכט (13טען נאָוועמבער, 1002) אויסגעשלאַכטעט פון זיי פיעלע טוי־זענדער. דער קעניג עטהעלרעד האָט געמוזט ענטלויפען אין נאָרמאַנדיע, און

סוענאָ׳ס זוהן, קאַנוט דער גרויסער, איז געוואָרען הערשער אין ענגלאַנד. דערצו האָבען איהם פיעל געהאָלפען די אַנגלאָ־זאַקסישע גרויסע לייט.

קאַנוט איז געוואָרען הערשער איבער ענגלאַנד, דענעמארק און נאָרוועגען. ער האָט מעהר פון אַלעס געשטרעבט צו פערשטאַרקען די קעניגליכע מאַכט. צו דיזען צוועק האָט ער אָנגעפאַנגען אָפּצוראַמען אַלע גרויסע לייט, וועלכע זיינען געוועזען געגנער פון זיין פּלאַן. ער האָט געזוכט אַלערליי מיטלען ווי פון זיי פּטור צו ווערען, ער האָט זיי געלאָזען ערמאָרדען אָפען און אין געהיים. דערצו האָט ער געטאָן אַלעס, וואָס ער האָט געקענט, אום צו פערברייטען און צו פערשטאַרקען דאָס קריסטענטום, אַזוי דאָס אין 11טען און 12טען יאָהרהונדערט איז דאָס קריסטענטום שוין געווען פעסט איינגעוואָרצעלט אין די לענדער פון שוועדען, נאָרוועגען און דענעמארק.

אין יענער צייט האָבען די נאָרמאַננישע הערצאָגען אָנגעפאַנגען אַרויסצוטרעטען אויף די פּאָליטישע סצענע. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט ראָבערט דער 1טער, וועלכער איז צוליב זיין גרויזאַמקייט געוואָרען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „דער טייוועל". ער האָט מיט זיין מעכטיגער האַנט געדריקט די וואַסאַלען, וועלכע זיינען געווען געגען איהם. ער האָט צוריקגעבראַכט צו זיין הערשאַפט דעם גראַף באַלדוין דעם 4טען פון פלאַנדערן, וועלכער איז פערטריבען געוואָרען דורך זיין זוהן. דער קעניג הענריך דער 1טער פון פראַנקרייך האָט געליטען פיעלע פערפאָלגונגען פון זיין מוטער קאָנסטאַנצאַ, און ראָבערט דער טייוועל האָט איהם פיעל געהאָלפען זיך צו בעפרייען פון איהרע אינטריגעס. ער האָט אויך בעצוואונגען דעם גראַף אָדאָ פון שאַמפּאַניע. ער האָט אונטערגענומען אַ פעלד־צוג געגען קאַנוט׳ן, וועלכער האָט זיינע צוויי קוזינס, אַלפרעד און עדוארד, ערוויטערט און אויסגעשלאָסען פון צו זיין ענגלישע טראָן־פאָלגער, אָבער ער האָט געכאַפּט די מפּלה. ווען ער האָט געוואָלט אונטערנעהמען אַ פּילגער־רייזע נאָך פּאַלעסטינאַ, ווי די נאָרמאַננען האָבען עס דאַן אָפט געטאָן, האָבען די גרויסע געגען דעם פּראָטעסטירט, ווייל דאָס לאַנד וועט בלייבען אָהן אַ הערשער. דערויף האָט ער זיי געענטפערט: „איך לאָז אייך ניט אָהן אַ הערשער. איך האָב אַ קליינעם ממזר׳ל, וועלכער וועט דאָך מן הסתם אויסוואַקסען, מיט גאָט׳ס הילף, ערוועהלט איהם אַלס אייער הערשער, און ער זאָל זיין מיין נאָכפאָלגער". דיזער ממזר איז געווען דער זוהן פון אַ געוויסער פרוי מיט׳ן נאָמען אַרלעטטע, די טאָכטער פון אַ קירזשנער פון פאַלעז, און דיזער ממזר איז ווירקליך ערוועהלט געוואָרען אָנשטאָט ראָבערט

דעם טייוועל, נאך דעם, ווי ער איז אויף זיין רייזע נאך פאלעסטינא גע־שטארבען אין ניצאא, ביטהיניען, און אלס הערשער האט ער ערהאלטען דעם נאמען „װ י ל ה ע ל ם ד ע ר ז י ג ע ר״. ער האט זיך גאר ניט גע־שעמט דערמיט, וואס ער איז געוועזן א ממזר. ער פלעגט זיך זעלבסט אימער אונטערשרייבען: „ווילהעלם באסטארדוס״, ד. ה. „ווילהעלם דער ממזר״.

נאך קאנוט׳ס טויט איז וויעדער ארויף אויף׳ן טראן די אנגלא־זאקסישע קעניגליכע דינאסטיע. דער ערסטער איז געוועזן ע ד ו א ר ד ד ע ר ב ע־ק ע נ ע ר (דער מתוודה). דיזער האט געמאכט א געהיימען בונד מיט וויל־העלם דעם זיגער, אבער די אנגלא־זאקסען זעלבסט זיינען געוועזן געגען עדו־ארד׳ן; אן דער שפיץ פו זיינע געגנער איז געשטאנען דער ריטער ה א־ר א ל ד, דער זוהן פון דעם מעכטיגען גראף ג א ד װ י ן. די הויפט־אורזאך פון זייער אונצופרידענהייט מיט עדוארד׳ן איז געוועזן, וואס ער איז געוועזן אונטער דעם איינפלוס פון ווילהעלם פון נארמאנדיע. ווען עדוארד האט געשלאסען דעם בונד מיט ווילהעלם׳ען האט ער איהם געשיקט אלס משכנות צוויי גרויסע פון די אנגלא־זאקסען. הארלד, וועלכער איז געוועזן א קרוב צו דיזע גרויסע, איז אוועק צו ווילהעלם׳ען זיי אויסצולעזען. וויל־העלם האט איהם פערטרויט א סוד, דאס עדוארד האט פערשפראכען איהם צו בעשטימען אלס טראן־פאלגער נאך זיין, עדוארד׳ס טויט, און ווילהעלם האט געבעטען הארלד׳ן, ער זאל איהם העלפען דעריין. הארלד האט וויל־העלם׳ען ניט געקענט ענטזאגען אין דיזער ביטע, ווייל ער האט זיך געפונען אונטער זיין מאכט, און דיזער, ווילהעלם, האט איהם געצוואונגען צו געבען א שבועה איבער א קעסטעל, וואס איז געוועזן בעדעקט מיט א גאלדענעם מאנ־טעל, און אין וועלכען עס האבען זיך געפונען די ביינער פון קריסטליכע היי־ליגע אין נארמאנדיע. נאכדעם האט איהם ווילהעלם געגעבען די פרייהייט זיך צוריקצוקעהרען צו זיין היים אין ענגלאנד (1065).

עדוארד האט באלד חרטה געקראגען אויף זיין פערשפרעכען צו וויל־העלם׳ען, איבערצוגעבען איהם דעם ענגלישען טראן. אין א קורצע צייט נאכ־דעם איז ער געפעהרליך קראנק געווארען. דאן האט ער פערזאמעלט ארום זיין קראנקען־בעט די גרויסע פון די אנגלא־זאקסען און האט זיי ערקלערט, דאס דער ווירדיגסטער צו פערנעהמען נאך איהם דעם טראן איז דער בעריהמטער ריטער הארלד. ווען ווילהעלם האט זיך וועגען דעם דערוואוסט, האט ער געשיקט א שליח מיוחד צו הארלד׳ן דערמאהנען איהם זיין שבועה. הארלד האט איהם דערויף געענטפערט, דאס ער איז צו דיזער שבועה געצוואונגען געווארען, און אז דאס פערשפרעכען האט קיין ווערט ניט, ווייל עס איז גע־




ווילהעלם הייסט האַראָלד'ן שווערען איבער דעם קעסטעל מיט ביינער
פון טויטע.

געבען געוואָרען אָהן דער צושטימונג פון לאַנד. ווילהעלם האָט פערשטאַנען ווי צו געווינען דעם פאַפּסט אויף זיין זייט. האַראָלד איז ערקלערט געוואָרען אַלס איינער, וואָס האַלט ניט זיין שבועה איבער די הייליגע ביינער פון קריסטליכע הייליגע און מען האָט איהם אַריינגעלעגט אין חרם, אויסגעשלאָסען פון דער קירכע, און ווילהעלם האָט בעקומען פון פאַפּסט די ערלויבנים צו הערשען איבער ענגלאַנד מיט מיליטערישער מאַכט, ניט פרעגענדיג אויף די צושטימונג פון פאָלק.

ווילהעלם האָט אויפגעזאַמעלט אַן אַרמעע פון 60,000 מוטיגע לייט און דעם 14טען אָקטאָבער 1066 איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שלאַכט צווישען איהם און די ענגלענדער ביי העיסטינגס, אין וועלכער די ענגלענדער זיינען שטאַרק צושלאָגען געוואָרען. אין דיזען שטרייט איז האַראָלד זעלבסט געטראָפען געוואָרען מיט אַ פייל אין אויג און ער איז געפאַלען טויט. אין אַ קורצע צייט נאָך דיזען שטרייט איז די גאַנצע אינזעל אַרונטערגעפאַלען אונטער די מאַכט פון ווילהעלם'ען. אום צו בעפעסטיגען זיין הערשאַפט און צו מאַכען זי דויערהאַפט, האָט ער זיך געגעבען אַלע מיה אָפּצושאַפען די רעכטען פון די גרויסע גוטס=בעזיצער מיט דעם גאַנצען פעאָדאַל=סיסטעם, ווייל דיזע גרויסע גוטס=בעזיצער זיינען איבערהויפּט געווען די געפעהרליכסטע געגנער פון קעניגליכער מאַכט. דאָס גאַנצע לאַנד איז געוואָרען איינגעטיילט אין 60,215 שטיקער גרונד. העלפט פון דעם האָט ער איבערגעגעבען צו די קריגער און צו די גרויסע, וועלכע האָבען זיך דערפאַר פערפליכטעט צוצושטעלען אַ געוויסע צאָהל מיליטערישע קריגער אין פאַל פון קריג. די צווייטע העלפט האָט ער איבערגעגעבען צו דער קירכע און צום קעניג. די וועלדער און די וואַסערען האָבען געהערט אויסשליסליך צום קעניג. ער האָט אָפּגעשאַפט די געזעצען פון די אַנגלאָ=זאַקסען, און אָנשטאָט זיי האָט ער אַיינגעפיהרט די נאָרמאַננישע געזעצען. די פראַנצויזישע שפּראַך איז געוואָרען די הערשענדע, איבערהויפּט אין קעניגליכען הויף. פיעלע זיינען מיט דיזע רעפאָרמעס געווען אונצופרידען, און האָבען אויסגעוואַנדערט פון לאַנד, אָבער דאָס האָט ווייניג געשאַדט צום צוזאַמענשמעלצען ביידע נאַציאָנאַליטעטען: די אַנגלאָ=זאַקסען מיט די נאָרמאַנדיער. די רוימישע קירכע איז געוואָרען די הערשענדע. די בעשלוסען פון די הייליגע סינאָדען זיינען געוואָרען אַ הייליגעם קירכען=געזעץ.

שוין אין 9טען יאָהרהונדערט האָבען די נאָרמאַננען בערייזט די לענדער, וואָס ליגען ביי די ברעגען פון מיטלענדישען מעער, ווי איטאַליען, גריכענלאַנד, ביצאַנץ, קליין=אַזיען, און האָבען גערויבט און געפּלינדערט וויפיעל

זיי האָבען געקענט. אין אָנפאַנג פון 11טען יאָהרהונדערט האָבען נאָרמאַנ־נישע בעזוכער פון פראַנקרייך אונטערשטיצט די פירסטען פון קאַפּוּא, בענע־װענט און סאַלערנאָ אין זייערע שטרייטען געגען די גריכען און סאַראַצענער, און זיי האָבען געוואוסט ווי אויסצונוצען זייער איינפלוס אויף'ן פּאָליטישען צושטאַנד אין יענער געגענד. אין יאָהר 1027 האָט זיי דער הערצאָג סער־גיוס פון נעאַפּעל אָפּגעגעבען אַ שטיק פרוכטבאַרעס לאַנד, אין וועלכען זיי האָבען מיט דער צייט געגרינדעט אַ זעלבשטענדיגע הערשאַפט אונטער דעם הערצאָג ר א י נ ו ל ף.

אָבער ראַינולף איז ניט געווען דער איינציגער נאָרמאַננישער הערצאָג אין איטאַליען. די רייכע נאַטור פון איטאַליען האָט צוגעצויגען אַ גאַנצע רייהע פון מוטיגע ריטער, וועלכע האָבען צוזאַמען מיט די גריכען געשטריטען געגען די סאַראַצענער אום אָפּצונעהמען פון זיי די אינזעל ביציליען, און דאָס האָט זיי ווירקליך געלונגען. אָבער די גריכען האָבען ניט געוואָלט געבען קיין טייל פון דער ערָאבערונג צו די נאָרמאַננען. דיזע האָבען דאַן פערפיהרט אַ שטרייט מיט די גריכען און אין די יאָהרען פון 1040 ביז 1045 האָבען זיי ערָאבערט אַפּוליען. זיי האָבען עס פערטיילט צווישען זיך און דאַן איז דער בעריהמטער העלדישער ריטער ו ו י ל ה ע ל ם א י י ז ע נ א ר ם גע־וואָרען גראַף פון אַפּוליען. נאָך זיין טויט איז זיין זוהן ד ר אָ ג אָ געווען דער גראַף פון אַפּוליען. דיזער איז אָבער ערמאָרדעט געוואָרען און אָן דער שפּיץ פון די נאָרמאַננען אין איטאַליען האָט זיך געשטעלט ה ו מ פ ר ע ד. אונטער איהם האָט דער פּאַפּסט לעאָ דער 9טער, אַ דייטש, זיך גענומען דיזע פרעמדלינגען, די נאָרמאַננען, אַרויסצוטרייבען פון איטאַליען. ער האָט זיך געזעהען מיט היינריך דעם 3טען און האָט פון איהם פערלאַנגט שטיצע אין דיזער אונטערנעהמונג. היינריך האָט איהם אָבער געשיקט נאָר אַ קליינע צאָהל ניט געניטע סאָלדאַטען, און דעריבער איז דאַן דער פּאַפּסט געשלאָ־גען געוואָרען פון הומפרעד'ן ביי טשיוויטעללאַ (1053). דער פּאַפּסט זעלבסט איז געפאַנגען געוואָרען, אָבער די זיגער האָבען איהם בעהאַנדעלט מיט גרויס עהרפורכט און האָבען איהם בעגלייט ביז בענעווענט, וואו דער פרידען איז געשלאָסען געוואָרען. נאָך דיזען פרידען האָבען די נאָרמאַננען בעקומען אַלע לענדער פון אונטער־איטאַליען, זיי האָבען נאָר בעדאַרפט צאָה־לען צום פּאַפּסט אַ געוויסען צינז. זיי האָבען אויך געקריגען די זעלבע רעכ־טען אויף די לענדער, וואָס זיי האָבען געהאַט אין אויסזיכט אָפּצונעהמען פון די גריכען און די סאַראַצענער, אין די מלחמות, צו וועלכע זיי האָבען זיך דאַ־מאָלס פּאָרבערייטעט.

נאָך הומפרעד'ן האָט ר אָ ב ע ר ט ג וו י ס ק אַ ר ד פאָרטגעזעצט די בעזיגונגס=מלחמות אין אונטער=איטאַליען. די לאַנגאָבאַרדישע פירסטען זיינען אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער די מאַכט פון די נאָרמאַנען, און די גריכען זיינען אין גאַנצען פערטריבען געוואָרען פון אַפּוליען און קאַלאַבריען. זיין אינגסטער ברודער ר אָ ד ז ש ע ר האָט זיך אויך גענומען צו סיציליען, וואו די סאַראַצענען האָבען געהאַט עטליכע קליינע הערשאַפטען. אין יאָהר 1072 האָבען זיי איינגענומען פּאַלערמאָ, און אין יאָהר 1091 איז אויך עננאַ אריבער צו זיי, און דערמיט האָט זיך געענדיגט די בעזיגונג פון דער גאַנצער אינזעל סיציליען. ראָדזשער האָט ערהאַלטען פון גוויסקאַרד'ן די אינזעל סיציליען אַלס לעהן=גוט (ד. ה. אַלס גוט, פיר וועלכעס ער האָט איהם בעדאַרפט לייסטען דינסט און צאָהלען געוויסע שטייער) מיט'ן טיטעל גראַף פון סיציליען. נאָך ראָבערט גוויסקאַרד'ס טויט האָבען זיינע זיהן ייוטיילט דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבען גע'ירש'עט פון זייער פאָטער. זיין זוהן ר אָ ד ז ש ע ר האָט ערהאַלטען אַפּוליען מיט'ן טיטעל הערצאָג, און דער אַנדערער זוהן ב אָ ה ע מ ו נ ד האָט ערהאַלטען טאַרענט און קאַלאַבריען. באָהעמונד איז געשטאָרבען אין ערסטען קרייץ=צוג, און באַלד דערנאָך איז אויך זיין זוהן געשטאָרבען, אַזוי אַז עס איז פון איהם מעהר קיין יורש ניט געבליבען. דאַמאָלס האָט ראָדזשער דער 1טער, דער זוהן פון דעם ראָדזשער'ן, וועלכער האָט אונטערוואָרפען סיציליען, פעראייניגט אַלע נאָרמאַנישע לענדער און האָט דורכגעפיהרט, דאָס אויך קאַפּואַ, נעאַפּעל, די רעפּובליק גאַעטאַ און אַמאַלפי זאָלען אָנערקענען זיין הערשאַפט, און דאַן האָט איהם דער פּאַפּסט אַ נ אַ ק ל ע ט ד ע ר 2 ט ע ר געקרוינט אַלס קעניג פון נעאַפּעל און סיציליען. די קאָראָנאַציע איז פאָרגעקומען אין פּאַלערמאָ.

אונטער דער רעגירונג פון ראָדזשער דעם 2טען, וועלכע האָט געדויערט פון יאָהר 1130 ביז צום יאָהר 1194, האָט דאָס לאַנד דערגרייכט אַ זעהר בליהענדען צושטאַנד. אין פּאַלערמאָ און אַמאַלפי האָט זיך דער האַנדעל שטאַרק ענטוויקעלט, אויך דער אַקערבוי איז געוועזן זעהר פערברייטעט. קונסט און וויסענשאַפט זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער מאַטעריעלער ענטוויקלונג. איבערהויפּט זיינען דאַמאָלס געשטאַנען אויף אַ הויכער שטופע פון ענטוויקלונג די יוריספּרודענץ אין די שולען פון נעאַפּעל און אַמאַלפי און די מעדיצין אין דער שולע פון סאַלערנאָ. אָבער דיזער בליהענדער גייסטיגער און מאַטעריעלער צושטאַנד האָט ניט לאַנג געדויערט. די נאָרמאַננען האָבען זיך באַלד איבערגעגעבען צו אַן אויסגעלאַסענעם לעבען און האָבען אַזעלכע זאַכען אָנגעהויבען צו פערנאַכלעסיגען, און באַלד

איז אַלעס גוטעס צו גרונד געגאַנגען. נאָך דעם טויט פון ווילהעלם דעם 1טען דעם בייזען און ווילהעלם דעם 2טען, וועלכע האָבען רעגירט פון יאָהר 1166 ביז צום יאָהר 1189, זיינען די רייכע און שענע לענדער פון איטאַליען איבערגעגאַנגען צו היינריך דעם 6טען פון די האָהענשטויפען. אָבער וועגען דעם וועלען מיר שפּעטער דערצעהלען אויספיהרליכער.

די נאָרמאַננען האָבען פערברייטערט זייערע ערָאָבערונגען צו אָסט. דאָ האָבען דיזע נאָרדישע זעע־רויבער געהאַט צו טאָן מיט די סלאַווען, וועלכע האָבען פון אוראַלטע צייטען בעוואוינט די לענדער צווישען די טייכען דונאַי און דניעפּר, פון נאָווגאָראָד ביז צו די קאַרפּאַטען־בערג. אין 3טען און 4טען יאָהרהונדערט זיינען די סלאַווען אונטערדריקט געוואָרען פון די אָסט־גאָטען, איבערהויפּט האָט זיי שטאַרק אונטעריאָכט דער אָסט־גאָטישער קעניג ערמענריך. אין 5טען יאָהרהונדערט האָט זיך אַ גרויסער טייל פון די סלאַווען בעזעצט אין די געגענדען צווישען דעם אָסט־זעע און דער עלבע. אַן אַנדער טייל פון זיי איז אַוועק צו דרום. דאָרט האָבען זיי זיך פערמישט מיט אַנדערע פעלקער, און פון דיזער צוזאַמענמישונג זיינען אַרויסגעקומען די פעלקער, וועלכע זיינען היינט בעוואוסט אונטער די נעמען: בולגאַרען, סערבען, קראָאַטען און סלאָווענען.

פון דער אַלטער געשיכטע פון די סלאַווען איז אונז וועניג בעקאַנט. מיר האָבען נאָר פון יענע צייטען אַלטע זאַגעס און וואונדער־מעשה'לאך. עטוואָס ליכט אין דער געשיכטע פון די סלאַווען האָט אַריינגעבראַכט דער מאָנאַך נעסטאָר, וועלכער איז געשטאָרבען אין אָנפאַנג פון 12טען יאָהרהונדערט. ער האָט מיט זיין כראָניק געלעגט דעם גרונדשטיין צו דער געשיכטע פון דיזע פעלקערשאַפטען. פון דיזע כראָניקען וויסען מיר, דאָס די רוסישע סלאַווען האָבען געגלויבט אין צוויי סאָרטען געטער: גוטע און בייזע, וועלכע האָבען צווישען זיך שטענדיג געפיהרט אַ קאַמף. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט די נאַטור פול מיט ניצליכע און שעדליכע גייסטער: וואַלד־גייסטער, וואַסער־גייסטער, און אַלערליי שדים און מלאכי חבלה, און וואַמפּירען, וועלכע געהען אַרויס ביי־נאַכט פון די קברים פון די מתים און זויגען אויס דאָס בלוט פון די לעבעדיגע מענשען. אין זייערע פאָלקס־לידער פערהערליכען זיי זייערע אַלטע העלדען, וועלכע האָבען זיך איבערהויפּט אויסגעצייכענט אין ערד־אַרבייט, ווייל די רוסישע סלאַווען האָבען זיך אימער אויסגעצייכענט מיט זייער ליבע און אָנהענגליכקייט צום אַקערבוי, ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהן.

די רוסישע סלאַווען האָבען געגלויבט אין אַ לעבען נאָך'ן טויט, אָבער דאָס איז געווען אַן איינפאַכע מגושם'דיגע פאָרשטעלונג, ווי ביי אַלע אור-פעלקער. אין 7טען יאָהרהונדערט האָבען די פרויען ביי די דייטשע סלאַווען ניט געוואָלט בלייבען לעבען נאָך דעם טויט פון זייערע מענער און פלעגען זיך אַליין איבערגעבען צום פערברענען אויף'ן שייטערהויפען צוזאַמען מיט זייערע פערשטאָרבענע מענער. אין 9טען יאָהרהונדערט בעשרייבט אַן אַראַבישער שריפטשטעלער איבן-פאַצלאַן אַ רוסישע קבורה, וועלכע ער האָט ביי-געוואוינט. צעהן טעג האָבען זיך די פריינד פון דעם פערשטאָרבענעם געפונען נעבען דעם טויטען. די גאַנצע צייט האָט מען פערבראַכט אין וויינען און טרינקען. מען האָט געפרעגט זיינע דינער, ווער פון זיי פערלאַנגט פערברענט און בעערדיגט צו ווערען צוזאַמען מיט זיין הערר. איינער פון זיי האָט זיך אַרויסגערופען, דאָס ער איז וויליג עס צו טאָן, און מען האָט איהם באַלד גע-בונדען די הענט און די פיס. נאָכהער האָט מען געפרעגט זיינע דינערינס, אויב וועלכע פון זיי וויל שטאַרבען צוזאַמען מיט איהר הערר. איינע, אַ יונגע מיידעל, האָט באַלד איינגעוויליגט. מען האָט זי באַלד אָנגעפאַנגען צו בעהאַנדלען ווי אַ פּרינצעסין: מען האָט זי אַרומגעוואַשען און אויסגעפוצט מיט די שענסטע זאַכען. פון דיזען מאָמענט אָן האָט זי קיין זאַך ניט געטאָן נאָר געטרונקען און געזונגען. דעם צעהנטען טאָג נאָך דעם טויט, דער טאָג פון דער פערברענונג און קבורה, האָט מען דעם פערשטאָרבענעם אַריינגעלעגט אין אַ מין שיפעל, און נעבען איהם האָט מען געלעגט אייניגע פון זיינע וואַ-פען. דאַן האָט מען געקוילעט יענעם דינער, זיין פערד און אייניגע פון זיינע הויז-טיערען, און דיזעם אַלעס האָט מען אַריינגעלעגט אין שיפעל צום בר-מנן. אין דעם זעלבען שיפעל האָט זיך אויך געפונען די יונגע מיידעל, וועלכע האָט איינגעוויליגט צו שטאַרבען צוזאַמען מיט איהר הערר. דאַמאָלס האָט זי פון זיך אַרונטערגענומען אַלע צירונגען, וואָס מען האָט אויף איהר אָנגעטאָן, און מיט אַ גלאָז רוסישען קוואַס אין האַנט האָט זי געזונגען אַ ליד, וועלכעס זי האָט גאָר ניט געוואָלט ענדיגען. די מיידעל איז געווען בעגלייט פון אַן אַלטער פרוי, וועלכע האָט זיך ביי זיי גערופען דער „מלאך המות". דיזע פרוי האָט איהר געהייסען ענדיגען דאָס ליד, אויסטרינקען דאָס גלאָז קוואַס און אַריינגעהן אין געצעלט פון פערשטאָרבענעם. די מיידעל איז געוואָרען בלאַס ווי אַ טויטער און האָט ניט געוואָלט אַריינטרעטען אין טויטען-געצעלט. דאָ האָט זי די אַלטע פרוי, דער „מלאך המות", אַריינגעשלעפּט פיר די האָאָר און באַלד האָט מען דאָס געצעלט אונטערגעצונדען. די מענער האָבען אָנגעפאַנ-גען צו קלאַפען מיט העק אָן זייערע שילדען, מען זאָל ניט הערען דאָס געשריי

פון דער יונגער מיידעל, אום עס זאָל אין דער צוקונפט ניט אָפּשרעקען אַנ־דערע מיידלאַך צו וועלען שטאַרבען מיט זייערע העררען. וועהרענד דער שייטערהויפען האָט געברענט, האָט איין רוס געזאָגט צום אַראַבער: „איהר אַראַבער זייט גרויסע נאַררען. איהר נעהמט אַ מענשען, וועלכען איהר האָט זעהר געליבט, און פערגראָבט איהם אין דער ערד, דאָרט זאָלען אַלערליי ווע־רים עסען זיין פלייש; מיר טוען עס פיעל קליגער: מיר פערברענען איהם שנעל, אום ער זאָל באַלד אַריין אין גן־עדן און געניסען פון גליקליכען לעבען פון יענער וועלט".

אויך נעסטאָר דערצעהלט, דאָס די רוסישע סלאַווען פלעגען זייערע טוי־טע פערברענען און ניט בעגראָבען. אויסגראָבונגען פון פערשיידענע קורגאַ־נען (בערגלאַך) בעשטעטיגען אויך דיזע בעהויפּטונג. אָבער אין דער נייערער צייט האָט איוואַנאָווסקי געמאַכט אויסגראָבונגען אין דער גובערניע נאָוו־גאָראָד, וועלכע צייגען, דאָס די סלאַווען פון אילמען פלעגען זייערע טויטע בעגראָבען און ניט פערברענען. אין דיזע קברים האָט ער געפונען אַ גרויסע צאָהל וואַפען, טייערע צירונגען,ביינער פון הויז־טיערען, ווייצען־קערנער און ניצליכע געשיר, וועלכע צייגען, דאָס זיי פלעגען געבען צו די פערשטאָרבענע פערשיידענע זאַכען, וואָס זיי זאָלען געברויכען נאָך'ן טויט, ווי זיי האָבען זיי געברויכט ביי זייער לעבען.

אויך די פאָרמע פון דער פאַמיליע ביי די סלאַווען איז אין יענע צייטען געווען די זעלבע, ווי עס איז געווען ביי די ערסטע נאַטור־מענשען. די פאַ־מיליע איז נעמליך געווען געגרינדעט אויף פּאַטריאַרכאַלישע פּרינציפּען, אַזוי דאָס דער הויפּט פון דער פאַמיליע איז געווען דער הערשער מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט. אָבער אין גרונד גענומען איז עס געווען פיעל אַנ־דערס. עס איז אייגענטליך געווען אַ רייהע פון ברידער מיט זייערע פרויען, און דער עלטעסטער ברודער איז געווען דער הויפּט פון דער גאַנצער פאַמיליע. דער הויפּט פון דער פאַמיליע האָט געהאַט די זעלבע רעכטען איבער די פרוי־ען, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין דער פאַמיליע דורך הייראַט, ווי זיי האָבען געהאַט איבער די פרויען, וואָס געהערען צו דער פאַמיליע פון געבורט. די הויזליכע זיטען זיינען געווען זעהר באַרבאַריש. מען מוז אָבער אויך וויסען, דאָס דער מאָנאַך נעסטאָר האָט אין זיינע שילדערונגען פון דעם לעבען פון די אַלטע סלאַווען מאַנכמאָל איבערטריבען, ווייל ער האָט געוואָלט ווייזען, וואָס פיר אַ גוטען איינפלוס דאָס קריסטענטום האָט געהאַט אויף די סלאַווען. נעסטאָר מאַכט נאָר אַן אויסנאַהמע פיר די פּאָליאַנער, וועלכע זיינען געווען מעהר ציוויליזירט פון אַלע אַנדערע סלאַווישע שטאַמען. די איבריגע, אָבער,

ווי די דרעוולִיאַנער צ. ב., האָבען געפיהרט אַ לעבען ווי ווילדע חיות, זיי פלעגען מאָרדען איינע די אַנדערע, זייער שפּייז איז בעשטאַנען פון די עקעלהאַפטעכטע זאַכען, זיי האָבען ניט געוואוסט פון הייראַט, זיי פלעגען כאַפּען מיידלאַך, ווען זיי פלעגען געהן צו די קוואַלען שעפּען וואַסער און פלעגען זיי אָוועקפיהרען צו זיך אַהיים. די ראַדימיטשען, וויאַטיטשען און די סעווערייאַנער האָבען געלעבט אין די וועלדער ווי ווילדע חיות, האָבען אַלע נעטינגטיערישע בעדערפניסען ערפילט אָפען פאַר די אויגען פון אַנדערע מענשען, מענער אָדער פרויען, און האָבען זיך אויף איין האָאָר ניט געשעמט. ווען עס איז זיי געפעלען געווען אַ פרוי פון אַן אַנדערען, האָבען זיי זי פון איהם צוגענומען אָהן אַ שום צערעמאָניע. ווייבער האָבען זיי גענומען וויפיעל זיי האָבען געוואָלט.

די רוסישע חתונה־לידער ווייזען אויך, דאָס אין די אַלטע צייטען פלעגט מען קויפען אַ מיידעל פיר אַ ווייב פון איהרע עלטערן אָדער איהרע ברידער. אין איינעם פון דיזע לידער ווערט דער ברודער פון דער כלה גערופען „טאַטאַר" דער פאַר, וואָס ער פערקויפט זיין שוועסטער צו אַ מאַן, וועמען זי האָט געהאַסט, און האָט פיר איהר גענומען אַ זילבערשטיק.

די געמיינדע אָדער, ווי עס ווערט גערופען אין רוסיש, דער „מיר" (וועלט) איז ניט מעהר ווי אַ פאַמיליע אין ברייטערען זין פון וואָרט. דער „מיר" איז געווען אונטערגעוואָרפען אונטער דער מאַכט פון די „סטאַראָסטאַס" (עלטעסטע). דיזע סטראָסטאַס פלעגען זיך צוזאַמענקומען צו פערהאַנדלען די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דער געמיינדע. אַזאַ אַרט פערזאַמלונג האָט געהייסען „וויעטשע". די לענדערייען אין יעדען דאָרף האָבען געהערט צום „מיר". קיין פּריוואַט־אייגענטום האָבען זיי ניט געהאַט אין לאַנד. צו יעדען איינעם האָט נאָר געהערט וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט אין פעלד, און זיין הייזעל מיט'ן הויף. די געמיינדעס, וועלכע זיינען געווען נאָהענט איינע צו דער אַנדערער, האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ „וואָלאָסט" אָדער „פּאַגאָסט" (בעצירק). יעדע וואָלאָסט האָט געהאַט איהר ראַט, וועלכער האָט געפיהרט די געמיינדע־געשעפטען. דיזער ראַט איז בעשטאַנען פון די עלטעסטע מיטגלידער פון דער געמיינדע. איינער פון זיי פלעגט ערוועהלט ווערען אַלס פּאָרזיצענדער און האָט געהייסען „סטאַרשינאַ", דאָס הייסט „דער עלטעסטער". ווען עס איז פּאָרגעשטאַנען אַ געפאַהר און זיי זיינען געצוואונגען געווען אַרויסצוגעהן אין שטרייט געגען אַ פיינד, דאַן פלעגען זיך אייניגע וואָלאָסטען פעראייניגען אונטער איין פיהרער. אָבער דיזע פעראייניגונג האָט אָנגעהאַלטען נאָר ביז דער קריג איז פּאָריבער, ניט

לענגער. שוין דער קייזער מאוריציוס האָט בעמערקט דיזע ליידענשאַפטליכע ליבע פון די סלאַווען צו פרייהייט און זייער האַס צו יעדער אויבערהערשאַפט. די סלאַווען זיינען געווען זעהר ווייט פון דעם געדאַנק צו פערבינדען זיך אין איין גרויסעם פאָלק אונטער דער לייטונג פון איין הערשער. דיזער געדאַנק איז צו זיי געקומען פון אויסען, פון אַנדערע פעלקער.

די הויפּט-בעשעפטיגונג פון די סלאַווען איז געווען דער אַקערבוי. כמעט אַלע זייערע געטער זיינען געווען צוזאַמענגעקניפּט מיט דער אַגריקולטור. די וויכטיגסטע העלדען פון זייערע לידער, מיקולאַ און איליאַ, זיינען זיהן פון אַקערלייט. מען זאָגט, דאָס די דייטשען האָבען זיך אָפּגעלערנט פון די סלאַווען צו געברויכען דעם פּפלוג (סאָכע), און דאָס דער נאָמען „פּפלוג" אין דער דייטשער שפּראַך שטאַמט פון דעם סלאַווישען „פּלוג". די רוסען האָבען זיך אויך שטאַרק בעשעפטיגט מיט'ן האַנדעל. זיי פלעגען פערקויפען אין אַנדערע לענדער זייער האָניג און פלאַקס, די פּראָדוקטען פון זייער „טשערנאָזיעם" (שוואַרצע פעטע ערד), מיט די פעלצוואַרג פון די חיות, וואָס געפינען זיך אין דעם נאָרד. די רוסען אין דער אַלטער צייט האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער גאַסטפריינדליכקייט. דאָס געזעץ האָט ניט בעשטראָפט פיר גנבה, ווען דער ווירט האָט גע'גנב'עט אום אויפצונעהמען אַ גאַסט. לויט מאַנכע שילדערן די אוראַלטע סלאַווען, האָבען זיי ליב גע-האַט פרידען און זיינען געווען בעגייסטערט פיר פרייהייט, געזאַנג און טאַנץ. דאַגעגען בעשרייבט זיי דער קייזער מאוריציוס, דאָס זיי זיינען געווען זעהר גענייגט צו קאַמף, גרויזאַם אין קריג, ליסטיג (חיטרע) ווי די ווילדע, פלעגען זיך פערשטעקען אין אַ לאָך, וואָס עס קען זיך אין איהר קוים אַ מענשענקער-פּער בעהאַלטען, אום פון דאָרט אָנצופאַלען פלוצלינג אויף דעם פיינד, אָדער בעהאַלטען זיך אַ לאַנגע צייט אונטער'ן וואַסער מיט דעם זעלבען צוועק. זייער געוועהר איז געווען זעהר איינפאַך, קיין פּאַנצער האָבען זיי ניט גע-טראָגען, די קאַמפען פלעגען זיי פיהרען צו פוס, ניט אויף פערד, אין שטרייט פלעגען זיי געהן נאַקעט ביז צום גאַרטעל. זייערע וואַפען זיינען בעשטאַנען פון שפּיזען, גרויסע שילדען, בויגענס פון האָלץ, פערגיפטעטע פיילען, לאַנגע שטריק אום דעם פיינד אַריינצוכאַפּען. אַזוי ווערען בעשריבען די סלאַווישע שטאַמען, וועלכע פלעגען אָפט בעפאַלען די רוימישע פּראָווינצען, וואָס זיינען געלעגען ביי דעם דונאַי.

אין דעם מיטען פון 9טען יאָהרהונדערט איז געגרינדעט געוואָרען דער רו-סישער שטאַאַט דורך די נאָרמאַננען אָדער וואַריאַגען. ווי עס ווייזט אויס האָט אין יענער צייט דער גרויסער גרונד-בעזיץ אָנגעמאַכט גרויסע צרות

אויך צווישען די סלאַווישע און פיננישע שטאַמען. ווי נעסטאָר דערצעהלט האָט זיך דאַמאָלס ביי פערשיידענע שטאַמען אָנגעפאַנגען דער וואונש צו הער-שען איינער איבער דעם אַנדערען. דערפון זיינען צווישען זיי אַרויסגעקומען גרויסע שטרייטיגקייטען. דיזעס האָט געפיהרט דערצו, דאָס איניגע שטאַ-מען האָבען געבעטען ביי די וואַריאַגען, דאָס זיי זאָלען זיי צושיקען פירסטען, וועלכע זאָלען איבער־זיי הערשען. מען האָט זיי געגעבען אַלס פירסטען די דריי העלדישע ברידער: רוריק, סינעאוס און טרובאָר. דיזע זיינען געקומען צו די רוסען מיט זייער מיליטער און האָבען זיך בע-זעצט אין דעם געביט פון דעם פּעאיפּוס־זעע (טשודסקאָיע אָזיעראָ) ביז דעם



סלאַווישע געפלאָכטענע געצעלטען.

ווייסען מעער. פון דאַנען האָבען זיי אונטערוואָרפען אונטער זייער מאַכט פיעלע אַנדערע געביטען, איינגע דורך קריג און אַנדערע אָהן בלוט־פערגי-סונג. נאָך דעם טויט פון רוריק׳ס ברידער איז רוריק אַליין געבליבען הערשער, און זיינע נאָכפאָלגער האָבען געהערשט איבער די רוסען זיבען הונדערט יאָהר, אָנפאַנגענדיג פון דעם יאָהר 864.

די וואַריאַגען האָבען זיך מיט דער צייט צוזאַמענגעמישט מיט די סלאַ-ווען, האָבען אָנגענומען זייערע זיטען און זייער שפּראַך, און פון דיזער צו-זאַמענמישונג איז אַרויסגעקומען דאָס היינטיגע רוסישע פאָלק. עס איז

יעצט שווער געניי צו זאָגען, פון וואַנען עס שטאַמט דער נאָמען „רוסען”, און פון וואַנען עס זיינען די וואַריאַגען אָנגעקומען צו די סלאַווען. לויט נעסטאָר בעהויפּטעט זיינען די וואַריאַגען אָנגעקומען פון שוועדען. עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, דאָס די וואַריאַגען זיינען ניט געווען קיין סלאַווען, ווייל די סלאַווען זיינען געווען אַ לאַנגע צייט ווייט פון דעם אָסט־זעע, פון וואַנען די וואַריאַגען זיינען צו זיי אָנגעקומען. דער נאָמען „רוס” האָט וואהר־שיינליך אַ צוזאַמענהאַנג מיט ר ו אָ ט ס י, וועלכעס איז ביי די פיננען געווען דער נאָמען פון די שוועדען. אין צפון פון נאָרוועגען רופען זיך אויך היינט די ברעגען־פישער „ראָדס־פאָלק”. מיט דער צייט האָט פון רואָטסי געקענט ווערען רואָסי אָדער רוס. דיזען נאָמען האָבען די נאָרמאַננען פערברייטערט אויף אַלע פעלקער, וואָס זיי האָבען אונטערוואָרפען אונטער זייער מאַכט. מיט די רוסען איז עס אַלזאָ געווען דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבען ביז יעצט געזעהען ביי אַלע אַנדערע פעלקער: פראַנקרייך האָט ערהאַלטען איהר נאָמען פון איהרע בעזיגער די פראַנקען, נאָרמאַנדיע פון די נאָרמאַננען, און לאָמבאַרדיע פון די לאַנגאָבאַרדען.

די וואַריאַגען האָבען געמאַכט גרויסע און ראַשע פאָרטשריטען אין זייערע עראָבערונגען. באַלד האָט זיך אויך קיעוו אונטערוואָרפען אונטער דער הערשאַפט פון אַ ס ק אָ ל ד און ד י ר און איז איבערגעגאַנגען צו אָ ל ע ג ׳ ן, אַ קרוב פון רוריק׳ן. איבער קיעוו האָבען דאַמאָלס געהערשט די כ אָ ז אַ ר ע ן (כוזרים), אַ טערקישעס פאָלק, וועלכעס איז געזעסען ביי דער וואָלגאַ. אָבער די וואַריאַגען האָבען פערטריבען די כאָזאַרען פון קיעוו. די מאַכט פון די רוסען איז געוואָרען אַזוי שטאַרק, דאָס אויך קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט פאַר זיי אָנגעהויבען מורא צו האָבען.

אָלעג האָט זיין רייך שטאַרק פערברייטערט, ער האָט איינגענומען סמאָלענסק און בעזיגט פיעלע סלאַווישע שטאַמען. זיין נאָכפאָלגער א י ג אָ ר, רוריק׳ס זוהן, האָט אָנגעפאַנגען אַ שטרייט מיט ביצאַנץ (קאָנסטאַנטינאָפּעל). די ביצאַנטיער האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר די באַרבאַרישע רוסען און האָבען צו זיי געשיקט דעלעגאַטען מיט רייכע מתנות צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. עס איז צווישען די רוסען און די ביצאַנטיער געשלאָסען געוואָרען אַ פרידען, לויט וועלכען דער ביצאַנטישער קייזער האָט זיך פערפליכטעט צו צאָהלען די רוסען אַ יעהרליכען טריבוט (904). זעהר וויכטיג איז דער פאַקט, דאָס נאָך דעם טויט פון איגאָר׳ן, האָט זיך זיין ווייב אָ ל ג אַ געטויפט אין קאָנסטאַנטינאָפּעל און האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום. מערקווירדיג, דאָס דאַמאָלס האָט די בעקעהרונג פון אָלגאַ ניט געהאַט קיין

איינפלוס אויף די רוסען, וועלכע זיינען זיך געבליבען ביי זייער אלטער רע־ליגיאָן; נאָך מעהר, זיי האָבען דאָס קריסטענטום שרעקליך געהאַסט. זיי פלעגען זעהר אָפט בעפאַלען קירכען און מאָנאַסטירען און פלעגען זיי שענדען, בערויבען און פערברענען, זיי האָבען געהאַט אַ בעזונדער פערגניגען צו מאַר־טערן פּריסטער און מאָנאַכען, זיי אריינשלאָגען צוועקעס אין זייערע קעפּ א. ד. גל. עס קען זיין, דאָס דעריבער האָבען די קאָנסטאַנטינאָפּעלער גע־שיכטע־שרייבער קיין וואָרט ניט דערמאָהנט וועגען אָלגאַ'ס בעקעהרונג צום קריסטענטום. ערסט די מאָנאַכען פון 11טען און 12טען יאָהרהונדערט האָ־בען אָנגעהויבען וועגען דעם צו רעדען און האָבען געגעבען דיזען פאַקט אַ וויכטיגע בעדייטונג.

די הערשאַפט פון סוויאַטאָסלאַוו, וועלכער האָט רעגירט פון יאָהר 964 ביז צום יאָהר 972, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט צוויי וויכ־טיגע פּאַסירונגען. ער האָט די כאַזאַרען אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט, און האָט אויך בעזיגט די בולגאַרען. דאָס סלאַווישע רייך האָט זיך שטאַרק פערברייטערט אין אלע זייטען, און איז געקומען זעהר נאָהענט צו קאָנסטאַנטינאָפּעל. באַלד האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער קריג צווישען די רוסען און ביצאַנץ. דיזעס מאָל אָבער האָבען די רוסען געהאַט אַ שרעקליכע מפּלה און זיי זיינען געווען געצוואונגען צוריקצוציהען זיך איבער דעם דונאַי. אָבער דער גריכישער קייזער יאָהאַן צימיסכי האָט זיי פער־פאָלגט אויף יענער זייט דונאַי און האָט זיי דאָרט נאָך אַ מאָל בעזיגט. די רוסען אָבער האָבען ניט פערלאָרען דעם מוט און האָבען דעם קאַמף פאָרט־געזעצט. דאַן האָט יאָהאַן צימיסכי בעשלאָסען צו פערניכטען זיי דורך בע־טרוג. ער האָט זיי נעמליך פערזיכערט מיט אַ שבועה זיי לאָזען צו רוה און דאָס זיי קענען זיך אונגעשטערט אומקעהרען אהיים. אָבער ווי נאָר די רוסען זיינען ארויס פון זייער בעשיצטען לאַגער און האָבען אָנגעפאַנגען איבערצו־שווימען דעם דניעפּר איז זיי יאָהאַן צימיסכי פּלוצלינג בעפאַלען און האָט זיי אלע פערניכטעט צוזאַמען מיט זייער פירסט סוויאַטאָסלאַוו.

נאָך דעם טויט פון סוויאַטאָסלאַוו'ן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בלוטיגער קריג צווישען זיינע זיהן, און עס איז ענטשטאַנען אַ שרעקליכער בירגער־קריג, וועלכער דערמאָהנט אָן די צייטען פון דער מעראָווינגישער פּעריאָדע. דער סוף פון דיזען אינערליכען קריג איז געווען, דאָס וולאַדימיר איז ארויס דער זיגער און איז אליין געבליבען הערשער. וולאַדימיר האָט רע־גירט פון דעם יאָהר 980 ביז צום יאָהר 1015. די רוסען האָבען איהם גערו־פען „וולאַדימיר דער גרויסער" און אייניגע געשיכטע־שרייבער שטעלען איהם

גלייך מיט קאַרל דעם גרויסען. און באמת זיינען דיזע צוויי גרויסע אין פיעלע זאַכען עהנליך איינער צום אַנדערען.ביידע האָבען בעגאַנגען גרויסע שרעקליכע מערדערייען, ביידע האָבען געפיהרט אַן אויסגעלאַסענעם לעבען, ביידע האָבען בעגאַנגען שרעקליכע שאַנדטאַטען, און ביידע האָבען צו פערדאַנקען די גייסטליכע פיר דעם גרויסען נאָמען, וואָס זיי האָבען זיי פערשאַפט אין דער געשיכטע. אַזוי ווי קאַרל, אַזוי האָט אויך וולאַדימיר מיט אַלע מיטלען פערברייטעט דאָס קריסטענטום צווישען פאָלק. פריהער פון אַלץ האָט ער זיך מיט זיין סוויטע געטויפט אין כערסאָן (998) און האָט דאָן געשטירצט די געצען־בילדער פון די רוסען. נאָכדעם האָט ער מיט געוואַלד געטריבען די מאַסען אין וואַסער צו דער טויפע, און אין דער צייט, ווען מענער און פרויען, הערען און דינער, אַלטע און קינדער, האָבען זיך אָפּגעטונקט אין דניעפּר, האָבען די גריכישע גייסטליכע געלעזען איבער זיי די טויף־געבעטען. באַלד נאָכדעם האָט וולאַדימיר אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, דאָס אַלע זיינע אונטערטאַנען זאָלען זיך טויפען און אָנערקענען דאָס קריסטענטום, און ווער עס וועט זיך וואַגען ניט צו ערפילען דיזען בעפעהל, וועט בעטראַכט ווערען אַלס אַ פיינד פון גאָט און פון דעם הערשער וולאַדימיר.

וולאַדימיר האָט געהאַט פינף ווייבער. אָבער אויסער זיי האָט ער געהאַט אין פערשיידענע ערטער פיעלע קעבסווייבער. דעריבער האָט ער געלאָזען אַ סך יורשים, וועלכע האָבען צווישען זיך געפיהרט קריג פיר דעם טראָן. דיזער קריג איז געפיהרט געוואָרען מיט אַלע שרעקליכע גרוילטאַטען און מערדערייען פון די ערגסטע באַרבאַרען. ענדליך האָט **יאַראָסלאַוו** אַלעמען בעזיגט און האָט געהערשט פון יאָהר 1019 ביז צום יאָהר 1054. יאַראָסלאַוו איז געווען דער ערסטער רוסישער פירסט, וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַ געזעץ־בוך, וועלכעס איז אין פיעלע הינזיכטען עהנליך צום דייטשען געזעץ־בוך פון יענער צייט. דאָס געזעץ־בוך ערלויבט די קרובים פון אַן ערמאָרדעטען צו נעהמען ראַכע פון דעם מערדער (גואל הדם). די געזעצען פון דיזען בוך האָבען פעסטגעשטעלט וויפיעל יעדער זאָל בעצאָהלען פיר דיזעס אָדער יענעם פערברעכען. אַלס איינעם פון די מיטלען צו בעווייזען צווישען צוויי בעלי־דינים, ווער עס איז גערעכט, האָט דיזעס געזעץ־בוך אָנערקענט דעם צוויי־קאַמף; דאָס הייסט, דאָס ביידע בעלי־דינים האָבען געדאַרפט אַרויסגעהן אויף אַ קאַמף פאַר די אויגען פון די ריכטער, און ווער עס האָט געוואונען דעם קאַמף דער האָט געוואונען דעם פּראָצעס. דאָס געזעץ־בוך האָט אויך אָנערקענט די שרעקליכע „אָרדאַליען", פון וועלכע מיר האָבען געשריבען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל.

יאראָסלאַוו האָט פיעל געהאָלפען איינצופיהרען אין רוסלאַנד דאָס פעאָדאל־סיסטעם מיט לייבאייגענשאַפט אויף דער אַרט, ווי עס איז דאַמאָלס געוועזען איינגעפיהרט אין מערב־איירָאָפּאַ. און באמת איז די אָרדנונג אין רוסלאַנד געוועזען אין פיעלע הינזיכטען די זעלבע ווי אין מערב־איירָאָפּאַ. אויך דאָ איז דאָס מיליטער אָדער, ווי עס האָט זיך גערופען אין רוסלאַנד, די „דרוזשינא", געוועזען דער פונדאַמענט פון דעם שטאַאַט. די הויפּלינגען פון דער דרוזשינא זיינען געוועזען די הויפּט־בעאַמטע אין שטאַאַט: זיי האָבען פערנומען אַלע פעסטונגען אַלס קאָמאַנדאַנטען, זיי זיינען געוועזען די הויפּט־שטאַטהאַלטער אין די פּראָווינצען, די גרויסע לענדערייען זיינען געוועזען צוטיילט צווישען דער דרוזשינא. מיט דיזען אופן איז רוסלאַנד צוריסען געוואָרען אויף גרויסע שטיקער לאַנד, וועלכע האָבען געהערט צו די גרויסע גוטס־בעזיצער פון דער דרוזשינא, און דיזע האָבען עס צוטיילט צו קלענערע פּעכטער אונטער געוויסע בעדינגונגען, די זעלבע ווי אין מערב־איירָאָפּאַ.

צו ענדע פון 11טען יאָהרהונדערט געפינען מיר אין רוסלאַנד די זעלבע קלאַסען־פערטיילונג ווי אין מערב־איירָאָפּאַ. די אַלטע דרוזשינא, די גרויסע גוטס־בעזיצער זיינען געוועזען דער אַדעל אין לאַנד. דאַמאָלס האָבען זיך די איינוואוינער אין לאַנד צוטיילט אין צוויי קלאַסען: די מוזשיקעס, די אָרימע אַקערלייט, און די באָיאַרען, די פּריצים. עס איז געוועזען נאָך אַ דריטע קלאַס: די „ליודי" (לייט); דאָס זיינען געוועזען פרייע בויערן, וועלכע זיינען ניט געוועזען קיין לייבאייגענע ווי די מוזשיקעס. עס איז נאָך געוועזען אַ קלאַס שקלאַפען, די אַזוי־גערופענע „ראַבי", אָדער „חלאָפּי". דיזע זיינען מעהרסטענס געוועזען די קריגס־געפאַנגענע.

די צושטיקלונג פון רוסלאַנד דורך די פעאָדאל־הערען האָט געפיהרט צו אַ פאָלשטענדיגער אונאָרדנונג, זי האָט צושטערט די פּאָליטישע איינהייט פון לאַנד. עס האָבען זיך אין לאַנד געמאַכט אַלערליי אונאָרדנונגען און רייסערייען. דיזער צושטאַנד האָט געדויערט ביז עס איז אַרויף אויף דעם רוסישען טראָן אַלס אַליין־הערשער ווּלאַדימיר דער 2טער אין יאָהר 1113.



# די פּאָליטישע געשיכטע פון דייטשלאַנד

## פון קאָנראַד דעם 1טען ביז צו די הערשער פון די האָהענשטויפען.

---

מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס נאָך דעם טויט פון לודוויג דעם קינד האָבען די גרויסע פון לאַנד ערוועהלט אַלס קעניג קאָנראַד פון פריטצלאַר, הערצאָג אין פראַנקען. אָבער באַלד האָט זיך אויפגעהויבען געגען איהם אַ גרויסע מענגע פון מעכטיגע פעאָדאַל־העררען, וועלכע ער האָט ניט געקענט צופרידענשטעלען צוליב געוויסע אינערע און אויסערע פערהעלטניסען. דערפון איז עס אַרויסגעקומען, דאָס לאָטהרינגען האָט זיך אונטערגעגעבען צום קעניג פון פראַנקרייך, צו לודוויג דעם נאַרישען; אויך אַרנולף, דער הערצאָג פון בייערן, האָט ניט אָנערקענט קאָנראַד'ן אַלס קעניג. צו דיזע צאַנקערייען צווישען קאָנראַד'ן און די גרויסע פון לאַנד זיינען נאָך צוגעקומען אַנדערע צרות: די אונגאַרען האָבען פערפלייצט דאָס גאַנצע לאַנד ביז צום ענדע פון נאָרד, ביז ברעמען. זאָגאַר די קעניגליכע גראַפען ערכאַנגער און בערטהאָלד אין שוואַבען זיינען געקומען מיט'ן קעניג אין קריג. קאָנראַד האָט זיי אָבער בעזיגט און הינגעריכטעט. אָבער קאָנראַד'ס געפעהרליכסטער געגנער איז געוועזען היינריך, דער מעכטיגסטער שטאַם־פירסט פון דייטשען רייך. גאַנץ צפון־דייטשלאַנד, אויסער די פריעזען, זיינען איהם געוועזען ערגעבען. אויך אין מיטעל־דייטשלאַנד האָט ער געהאַט אַ גרויסען איינפלוס, איבערהויפּט אין טהירינגען. דאָס האָט ביי קאָנראַד'ן ערוועקט קנאה געגען היינריך'ן, און עס איז צווישען זיי געוואָרען אַ שנאה. ווען היינריך'ס פאָטער אָטטאָ איז געשטאָרבען, האָט קאָנראַד ניט געוואָלט בעשטעטיגען פיר איהם אַלע רעכטען אויף די לעהן־גיטער פון זיין פאָטער, איבערהויפּט איז ער געוועזען דאַגעגען, דאָס מען זאָל איהם איבערגעבען טהירינגען. עס איז צווישען זיי ענטשטאַנען אַ ביטערער קריג, אין וועלכען דער קעניג האָט געליטען אַזאַ שרעקליכע נידערלאַגע, דאָס די זאַקסישע לידער האָבען געפרעגט, וועלכער

גיהנם איז גרוים געווען צו קענען אריינגעהמען די געפאלענע פראנקען. קאנראד האט דעם קריג ניט איבערגעלעבט, ער איז געשטארבען אין יאהר 918. ער איז אבער געווען גרויסמוטיג צו בעשטימען אלס זיין נאכפאלגער זיין ביטערען פיינד היינריך'ן, און האט ניט געטראכט וועגען זיין אייגענע הויז און פאמיליע, ווייל ער האט געפונען, דאס היינריך איז מעהר ווירדיג צו פערנעהמען דעם טראן, און האט בעשווארען זיין ברודער, אז ער זאל ניט שטרעבען נאך דער קרוין.

די פירסטען האבען ערפילט דעם וואונש פון שטערבענדען קאנראד און האבען ערוועהלט היינריך דעם 1טען אלס זיין נאכפאלגער. היינריך איז אלזא געווארען דייטשער קעניג און האט רעגירט פון יאהר 918 ביז



היינריך דער 1טער דער פינקלער.

936. די זאגע דערצעהלט, דאס ווען מען האט איהם אנגעזאגט, אז ער איז ערוועהלט געווארען אלס קעניג פון דייטשלאנד, איז ער דאן געווען אויף דער יאגד פון פויגלאך, וואס דאס איז געווען זיין ליבסטע בעשעפטיגונג, און דעריבער האט ער בעקומען דעם צונאמען: „דער פינקלער", ד. ה. דער פויגעל־פאנגער. באלד נאך דעם, ווי ער האט בעשטיגען דעם טראן אלס קעניג, האט ער בעוויזען, דאס ער איז פעסט ענטשלאסען דורכצופיהרען אין פראקטיק די אלטע רעכטען פון די קעניגען. די הייליגונג פון דער קירכע, וועלכע איז איהם אנגעבאטען געווארען, האט ער זעהר העפליך אבער שטאלץ צוריקגעוויזען. אנשטאט דעם האט ער געזוכט מיטלען, דאס די איבריגע

דייטשע שטאַמען זאָלען אָנערקענען זיין הערשאַפט. ער האָט גוט פערשטאַנען, דאָס די מאַכט פון די הערצאָגען איז זעהר גרויס און עס איז גאָר ניט צו דענקען זי צו פערניכטען, דעריבער האָט ער געוואָלט וועניגסטענס צוזאַמענבינדען זיי מיט דער צענטראַל־מאַכט. די אויבער־דייטשע הערצאָגען האָבען באַלד איינגעשטימט מיט איהם אין דיזען פּלאַן. ער האָט פערשפּראָכען ב ו ר כ א ר ד ׳ ן פון ש ו ו א ב ע ן צו געבען אַ פרייע האַנט איבער די גיטער פון דער קירכע, נאָר די בעזעצונג פון די מאָנאַסטירען האָט דער קעניג איבערגעלאָזען פיר זיך זעלבסט. דער הערצאָג איז געווען צופריעדען מיט דיזע בעדינגונגען און האָט זיך אונטערגעגעבען אונטער דער הערשאַפט פון קעניג. אויף די זעלבע בעדינגונגען האָט זיך אויך אונטערגעגעבען ארנולף פון בייערן. דאַן איז נאָך איבערגעבליבען לאָטהרינגען. היינריך איז געווען פּאָרזיכטיג ניט אָנצואווענדען קיין וואפען־געוואלט געגען דעם לאַנד־הערצאָג ג י ז ע ל ב ע ר ט. שפּעטער האָט איהם היינריך געגעבען זיין טאָכטער ג ע ר ב ע ר ג א פיר אַ ווייב, און האָט איהם דערמיט צוגעצויגען צו זיך. אַזוי האָט היינריך פעראייניגט די פינף הערצאָגטימער פון דייטשלאַנד. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען, דאָס דיזע פעראייניגונג האָט געהאַט אַ כאַראַקטער פון אַ פעראייניגונג פון פערשיידענע בונד־חברים, ניט פון אונטערטעניגע אונטער איין מאַכט. יעדעס הערצאָגטום איז געווען פיר זיך אַ פרייע הערשאַפט, אונאָפּהענגיג פון וועלכער עס איז מאַכט. דער קעניג איז נאָר געווען דער הויפּט פון דער אַרמעע אין צייט פון קריג, אָבער אַזוי זיינען אַלע געבליבען זעלבשטענדיגע הערשער.

אין יאָהר 924 זיינען די אונגאַרען איבער־אַ־נייס בעפאַלען דייטשלאַנד און האָבען דערגרייכט ביז זאַקסען. היינריך איז דאַמאָלס געווען געצוואונגען זיך צו בעהאַלטען און זוכען שוץ געגען אונגאַרן. צום גליק איז דאַמאָלס געפאַנגען געוואָרען איינער פון די אונגארישע הויפּטלינגען. די אונגאַרען האָבען געבאָטען אַן אונגעהייערע סומע אויסלעז־געלט פיר זייער הויפּטלינג; אָבער היינריך האָט פערלאַנגט אַ וואַפען־שטילשטאַנד אויף גאַנצע 9 יאָהר. די אונגאַרען האָבען דערצו איינגעשטימט מיט דער בעדינגונג, דאָס היינריך זאָל זיי צאָהלען אַ געוויסען טריבוט פון זיין הערצאָגטום. דיזע רוהיגע צייט האָט היינריך בענוצט אויפצובויען נייע פעסטונגען און אַרומגעמויערטע ערטער פיר דאָס פאָלק אין זאַקסען, אום צו בעשיצען זיי אין פאַל פון נויט. ער האָט גענומען צו איינעם פון יעדע צעהן לייבאייגענע און האָט זיי בעזעצט אין די בורגען (די פערפעסטיגטע ערטער), און די איבריגע האָט ער געלאָזען אין זייערע ערטער צו בעאַרבייטען די פעלדער. איין דריטעל פון די פּראָדוק-

טען, וואָס די ערד האָט אַרויסגעגעבען, האָט מען אַריבערגעפיהרט אין די בור-גען (פעסטונגען), אום אין פאַל פון אַן אָנגריף פון אַ שונא זאָל זיך דאָס פאָלק קענען רעטען אין די פעסטונגען און דאָרט האָבען גענוג לעבענסמיטעל אויף דער צייט פון דער בעלאַגערונג. דיזען ביישפּיל האָבען נאָכגעטאָן אַנדערע הערצאָגען, און דיזע בורגען האָבען בעשאַפען אַ נייעם סאָרט לעבען, דאָס שטאָדט-לעבען. עס זיינען ענטשטאַנען די שטעדט: קוועדלינבורג, מערזעבורג, הערספעלד, קאָרוויי און מייססען. אויך גאָזלאַר, זאָגט מען, איז געגרינדעט געוואָרען פון היינריך'ן. אויסער דעם האָט היינריך איינגעפיהרט אין זיין אַרמעע רייטער, ווייל אָהן דיזע האָט מען זיך ניט געקענט שטעלען געגען די אונגאַרען, וועלכע האָבען געהאַט אויסגעצייכענטע רייטער.

נאָך דעם אָפּלויף פון די 9 יאָהר וואַפען-שטילשטאַנד האָבען די אונגאַ-רען געפאָדערט פון היינריך'ן, אַז ער זאָל פאָרטזעצען צו צאָהלען דעם יעהר-ליכען טריבוט, אָבער אָנשטאָט דעם טריבוט האָט זיי היינריך אַרויסגעשיקט אַ הונט. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די אונגאַרען זיינגען ווידער בע-פאַלען דייטשלאַנד און האָבען דערגרייכט ביז טהירינגען. דאָ האָבען זיי זיך צוטיילט אין צוויי טיילען און האָבען זיך געלאָזען אין שטרייט מיט די דייט-שען: איין טייל האָט אָנגעפאַנגען אַ שטרייט ביי זאָנדערסהויזען און דער אַנדערער טייל ביי מערזעבורג. אָבער די אונגאַרען זיינען געשלאָגען געוואָרען איןביידע ערטער. די מפּלה פון די אונגאַרען איז געווען אַזוי גרויס, דאָס פולע 20 יאָהר האָבען זיי מורא געהאַט ווידער צו בעפאַלען דייטשלאַנד און דאָס לאַנד האָט זיך דערווייל אָפּגערוהט.

אין דיזע יאָהרען פון רוה האָט היינריך גליקליך געפיהרט קריג מיט אַנ-דערע פיינד: מיט די סלאַווען און מיט די נאָרמאַננען. ער האָט אונטער-וואָרפען די דאַלעמינציער און די מילציער, האָט איינ-גענומען בעהמען מיט איהר הויפטשטאָדט פּראַג און דער פירסט ווענ-צעסלאַוו האָט זיך איהם אונטערוואָרפען. נאָכדעם האָט ער בעזיגט די העוועלער, די רעדאַריער און נאָך אַנדערע ווענדישע שטאַמען, און אום צו זיין זיכער געגען אָנפאַלען פון זייער זייט, האָט ער געגרינדעט צום שוץ די מאַרקגראַפשאַפט נאָרד-זאַקסען. צו דער זעלבער צייט האָט ער בעשטראָפט דעם דענישען קעניג גאָרם, וועלכער האָט פערוויסטעט די לענדער ביי די ברעגען פון דעם נאָרד-ים. היינריך האָט אי-בערגעטראָגען דעם קריג נאָך יוטלאַנד און האָט פון זיי אָפּגענומען

אַ שטיק לאַנד צווישען די טייכען איידער און שליי, און האָט דאָרט געגרינ־דעט די מאַרק־גראַפשאַפט שלעזוויג.

צוויי יאָהר נאָך דעם קריג ביי מערזעבורג איז היינריך געשטאָרבען. זיין נאָכפאָלגער איז געוועזען זיין זוהן **אָטטאָ דער 1טער**, וועל־כער האָט ערהאַלטען דעם ביינאָמען „דער גרויסער". די וואַהל פון קעניג איז פאָרגעקומען אין דער קירכע פון אַאַכען, ביי אַ פערזאַמלונג פון די גרויסע פון אַלע שטאַמען. אָטטאָ האָט מיט פערגניגען אָנגענומען די הייליגונג פון דער קירכע אין מיטען פון אַלע אַנדערע צערעמאָניעס פון דער קרוינונג, ניט ווי זיין פאָטער היינריך, וועלכער האָט זיך דערפון ענטזאַגט. ביי אָטטאָ'ן איז די הייליגונג פון דער קירכע געוועזען דער מיטעלפונקט פון דער גאַנצער פייערליכקייט. דער ערץ־בישאָף פון מאַינץ האָט איהם אומגעגאַרטעלט מיט'ן שווערד, האָט איהם אָנגעטאָן דעם קעניגליכען מאַנטעל, האָט איהם



אָטטאָ דער 1טער.

איבערגעגעבען דעם סצעפטער (שבט מלכות) מיט דעם שטאַב, האָט איהם געזאַלבט מיט'ן הייליגען אויל, האָט איהם אָנגעטאָן די קרוין אויף'ן קאָפּ, און די הערצאָגען האָבען איהם בעדינט ביים טיש, יעדערער מיט וואָס ער האָט געקענט. דיזע גרויסאַרטיגע צערעמאָניע פון דער קרוינונג האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען דער קלוגער פּאָליטיק פון זיין פאָטער. פריהער האָט היינריך איבערגעגעבען די קירכען־גיטער צו די הערצאָגען, און דערמיט האָט ער אַריינגעבראַכט אונפריינדשאַפט צווישען דער קירכע און די הערצאָגען. שפּעטער האָט ער פון דיזער שפּאַנונג געוואָוסט צו ציהען נוצען פיר זיך, אויפטרעטענדיג אַלס בעשיצער פון די בישאָפען און שיצענדיג דאָס קירכען־גוט ווי ווייט ער האָט געקענט.

די העלפט פון דער רעגירונגס־צייט פון אָטטאָ דעם 1טען (936—973) איז געוועזען פול מיט אינערליכע קריגערייען. **עבערהאַרד, דער הערצאָג פון**

די פראַנקען, האָט געקוקט מיט קנאה אויף דאָס זאַקסישע הויז, וועלכעס האָט געהערשט איבער דייטשלאַנד. אויך גיזעלבערט פון לאָטהרינגען האָט זיך בעוואָפענט געגען דעם קעניג, דאָס זעלבע האָבען אויך געטאָן אַרנולף׳ס זיהן פון בייערן. דיזע האָבען גערופען צו הילף די פראַנצויזען און די אונגארען. און ווייל אָטטאָ איז ניט געווען גליקליך אין דעם שטרייט געגען זיינע פיינד, האָט זיך דעריבער געמאַכט אַן אויפשטאַנד אויך אין זיין אייגענעם הויז. אָטטאָ׳ס צוויי ברידער טהאַנקמאַר און היינריך, וועלכע האָבען אַליין גע-וואָלט זיין די הערשער פון דייטשלאַנד, און אויך זיין זוהן לודאָלף, וועלכער איז געווען בייז אויף זיין פאָטער דערפאַר, וואָס ער האָט גענומען אַ צווייטע



אָטטאָ דער 1טער און זיין פרוי עדיטהאַ. נאָך אַ מיטעלאַלטערליכער צייכנונג.

פרוי, האָבען זיך אַלע אויפגעבונטעוועט געגען איהם און האָבען אָנגעמאַכט אין לאַנד שרעקליכע אונרוהען. אָבער אָטטאָ האָט זיך בעמעכטיגט איבער אַלע זיינע שונאים. היינריך און גיזעלבערט זיינען שטאַרק צוקלאַפּט געוואָ-רען ביי בירטען, ניט ווייט פון קסאַנטען, און גיזעלבערט און עבער-האַרד זיינען בעפאַלען געוואָרען פון צוויי פראַנקישע גראַפען ביים רהיין און זיינען ערמאָרדעט געוואָרען. דערמיט האָט זיך דער קריג געענדיגט. היינ-ריך האָט געבעטען אום פערצייהונג, און אָטטאָ האָט איהם מוחל געווען. אין דער נאַכט פון קריסטוס־געבורט פון יאָהר 941, ווען אָטטאָ איז געווען ביים דאַוונען אין דער קירכע פון פראַנקפורט, איז זיין ברודער היינריך צוגעגאַנ-

גען צו איהם אין אַ גראָבען מאַנטעל פון אַ בעל־תשובה און איז מיט אַ געוויין געפאַלען איהם צו די פיס און האָט איהם געבעטען אום פערצייהונג. אָטטאָ האָט איהם מיט מיטלייד אויפגעהויבען און האָט איהם פערצייהעט.

דורך דיזע נצחונות זיינען אַלע הערצאָגטימער צוריקגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון אָטטאָ דעם 1טען אַלס אונטערטעניגע. אָטטאָ האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, דאָס דער איינפלוס פון דעם זאַקסישען הויז איבער די הערצאָגטימער זאָל זיין אַזוי שטאַרק, ווי עס איז פריהער געווען דער איינפלוס פון די פראַנקען. ער האָט איבערגעגעבען די וויכטיגסטע לענדער צו זיינע קרובים און די זיכערסטע פריינד און האָט אין אַלע הערצאָגטימער אַריינגעזעצט פאַלץ־גראַפען *) אום צו זיכערן די אונטערטעניגקייט פון די הערצאָגען. דיזע פאַלץ־גראַפען האָבען געהאַט אַכטונג צו געבען אויף די קעניגליכע שטיקער גרונד, וואָס האָבען זיך געפונען אין יעדען הערצאָגטום, און אויפצופאַסען, דאָס די הערצאָגען זאָלען ניט אַרויס פון די גרענצען פון זייער מאַכט אין דער הערשאַפט איבער זייערע אונטערטאַנען, נאָר זיי זאָלען האַנדלען לויט געזעצ. אויף די בישאָפען האָט ער אַליין ערוועהלט און בעשטימט אין זייערע שטעלען, אַזוי דאָס אויך די קירכע איז געוואָרען אָפּהענגיג פון איהם. אָבער דער קעניג אָטטאָ האָט בעגעגענט גרויסע שוויריגקייטען און שטערונגען פון דער זייט פון די גרויסע דורצופיהרען זיינע אידעען וועגען צענטראַליזירען די קעניגליכע מאַכט. ער האָט שטאַרק געפיהלט, ווי ווייט עס פעהלען איהם די מיטלען צו פערווירקליכען זיינע געפּלאַנטע רעפאָרמעס פון האַנדעלס־פערקעהר, געלט און קרעדיט.

דאָס הערצאָגטום באַיערן האָט אָטטאָ פריהער איבערגעגעבען צו בערטהאָלד'ן, אַרנולף'ס ברודער, נאָכדעם האָט ער עס איבערגעגעבען צו זיין אייגענעם ברודער היינריך. שפּעטער האָט ער איהם צוגעגעבען דאָס בעזייגטע לאַנד אין איטאַליען פון די אַלפּען ביז וועראָנאַ, פון וועלכען עס האָט זיך געבילדעט דאָס הערצאָגטום „קאַרנטהען". שוואַבען האָט ערהאַלטען לודאָלף און לאָטהרינגען קאָנראַד פון פראַנקען. דיזע לעצטע צוויי האָבען זיך עמפּערט געגען דעם קעניג און האָבען דעריבער פערלאָרען זייערע עמטער, און דאַן האָט ער איבערגעגעבען שוואַבען צום גראַף בורקאַרד, וועלכער איז געווען דעם קעניג'ס אַ שוואָגער, און לאָטהרינגען האָט ער איבערגעגעבען צו זיין ברודער ברונאָ, וועלכער איז אויך געווען דער ערץ־בישאָף פון קעלן. דאָס הערצאָגטום זאַקסען האָט ער איבערגעגעבען צו אַ גע-

---

*) אַדעל־לייט, וועלכע האַלטען לאַנד פיר דינסטען צום קעניג.

וויסען העלדישען אַדעלמאַן  ה ע ר מ אַ ן  ב י ל ל ו נ ג.  דיזעם הערצאָג-
טום האָט פריהער פערוואַלטעט אָטטאָ זעלבסט, אָבער יעצט אַלס קעניג האָט
איהם ניט געפּאַסט אָנהאַלטען דיזעם אַמט.

אָטטאָ איז אויך געווען גליקליך געגען זיינע אויסערע פיינד, און האָט
פערברייטערט זיין הערשאַפט נאָך נאָרד און זיד. ער האָט אונטערוואָרפען
די  ו ו ע נ ד ע ן,  וועלכע זיינען געזעסען אין די לענדער צווישען די טיי-
כען אָדער און שפּרעע. ער האָט געמאַכט אָפּהענגיג פון זיין מאַכט דעם הער-
צאָג באָלעסלאַוו פון בעהמען און אין אַ שטרייט מיט די דענער האָט ער אָפּ-
גענומען גאַנץ יוטלאַנד. אום צו פערהיטען, דאָס דיזע אַלע עראָבערונגען
זאָלען פון איהם ניט אָפּפאַלען, האָט ער געגרינדעט פערשיידענע בישאָפּטי-
מער מיט די נעטיגע פעסטונגען און האָט דאָרט בעזעצט זיינע בעאַמטע מיט
מיליטער.

וויכטיגער פון אַלעס זיינען אָבער געווען די קריגען, וואָס ער האָט גע-
פיהרט געגען פראַנקרייך און אונגאַרן. קעניג לודוויג דער 4טער האָט אונ-
טערשטיצט דעם קעניג אָטטאָ׳ס ברודער היינריך, ווען ער האָט געגען איהם
רעבעלירט. לודוויג איז געווען בעזיגט. שפּעטער האָט איהם  ה ו ג אָ,
דער גראַף פון פּאַריז, שטאַרק געדריקט, און ער איז געווען געצוואונגען צו
בעטען הילף פון אָטטאָ׳ן. דיזער האָט איהם פערשאַפט די נעטיגע הילף.
אָטטאָ איז געקומען ביז פּאַריז, און אַלס בעלוינונג פיר זיינע זיגען האָט ער
ערהאַלטען אַלע לאָטהרינגישע לענדער, וועלכע האָבען זיך נאָך געפונען אין
די הענט פון דעם פראַנצויזישען קעניג. די אונגאַרען זיינען בעפאַלען ביי-
ערן און האָבען דאָס לאַנד שטאַרק פערוויסטעט, מעהר ווי ווען עס איז פרי-
הער. ביי דעם טייך לעך איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער עס זיינען
געפאַלען פיעלע פירסטען און פריצים, צווישען זיי אויך דער מוטיגער הער-
צאָג קאָנראַד פון פראַנקען. אָבער ענדליך איז עס געלונגען די דייטשען צו
פערטרייבען די אונגאַרען. פיעלע פון זיי זיינען געפאַנגען געוואָרען און
זיינען נאָכדעם צושטאָרבען פון אַ שרעקליכען טויט. דיזע מפּלה האָט די
אונגאַרען אַזוי אָנגעשראָקען, דאָס פון דאַמאָלס אָן (955) האָבען זיי מעהר
ניט געוואַגט צו בעפאַלען דייטשלאַנד.

נאָך פאַר דער שלאַכט ביי דעם טייך לעך איז אָטטאָ גערופען געוואָרען
נאָך איטאַליען, ווייל דאָרט האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען צווישען די
אַדעליגע פאַמיליעס און אַפילו די פּאַפּסטען האָבען זיך פערוויקעלט אין דיזע
רייסעניסען. ענדליך איז עס געלונגען הוגאָ, דעם גראַף פון פּראָוואַנס, זיך
צו זעצען אויף דעם טראָן פון די לאַנגאָבאַרדען, ווייל ער איז געווען דער נאָכ-

פאָלגער פון דעם קעניג פון נידער־בורגונד. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען צו רוים. דאָרט האָבען אין יענער צייט געשפּילט די הויפּט־ראָלע פערדאָר־בענע, אויסגעלאַסענע פרויען, וועלכע האָבען אריינגעכאַפּט אין זייערע הענט די קירכליכע און בירגערליכע מאַכט. די פרויען פון יענער צייט האָבען ערוועהלט פּאַפּסטען און האָבען זיי אראָפּגעזעצט, און וועה איז געווען צו דעם, וואָר עס האָט זיך געוואָלט בעפרייען פון זייער מאַכט: ער האָט גע־ענדיגט מיט זיין לעבען אָדער ער איז פערפוילט געוואָרען אין געפענגניס. צו דיזע פרויען האָבען געהערט: טהעאָדאָרא, אַ פאָרנעהמע רוימישע דאַמע, און איהר טאָכטער מאַראָציא, וועלכע זי האָט געבאָרען פון דעם מארק־גראף אדאַלבערט פון טוסציען, ווי אויך איהר אינגערע טאָכטער טהעאָדאָרא. זיי האָבען ערוועהלט זייערע ליבהאָבער, מאנכמאָל אויך ממזרים, אויף׳ן פּאַפּסט־שטול. איבערהויפּט האָט זיך מאַראָציא אויסגעצייכענט מיט איהר אויסגע־לאַסענהייט און איהרע מעשים תעתועים: זי האָט געלעבט מיט איהר איי־גענעם פאָטער, מיט איהר שטיף־זוהן גווידאָ, וועלכען זי האָט וואהרשיינליך ערמאָרדעט און איז נאָך זיין טויט געוואָרען די פרוי פון איהר שטיף־ברודער הוגאָ פון פּראָוואַנס. אָט דיזע אויסגעלאַסענע פרוי איז געוואָרען די הויפּט־הערשערין פון דעם שטאַאט און דער קירכע.

ערסט אין יאָהר 945 האָט דאָס פאָלק פון רוים ענדליך ערוואַכט. עס איז פּלוצלינג געוואָרען אַ שרעקליכער אויפשטאַנד, מען האָט געשטורמט די ענגעלסבורג (שלאָס סאַנט׳ אַנדזשעלאָ), מען האָט אַרויסגעטריבען דעם קעניג, און מען האָט איהם געצוואונגען, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגען פון טראָן, און רוים איז דאַמאָלס געוואָרען אַ רעפּובליק. ב ע ר ע נ ג אַ ר ד ע ר 2 ט ע ר, דער מארק־גראף פון א י ו ו ר ע אַ, האָט באַלד נאָכדעם אָפּגענומען פון לאָטהאַר׳ן, הוגאָ׳ס זוהן, אַ העלפט פון זיינע לענדער. באַלד נאָכדעם איז לאָטהאַר געשטאָרבען און דאָס גאַנצע לאַנד איז אַריבער צו בערענגאַר׳ן. בערענגאַר האָט פערלאַנגט, דאָס די יונגע אַלמנה אַ ד ע ל ה י י ד, די פרוי פון דעם פערשטאָרבענעם לאָטהאַר, זאָל הייראַטען זיין זוהן אַדאַלבערט, און דערמיט האָט ער געוואָלט פערשטאַרקען די הערשאַפט איבער די לענ־דער פון לאָטהאַר׳ן, וועלכע ער האָט פון איהם אָפּגענומען. אָבער אַדעלהייד האָט זעהר ניט געוואָלט דעם פערהאַסטען שידוך, און בערענגאַר האָט זי דערי־בער געהאַלטען פערשלאָסען אין אַ פעסטונג ביים גאַרדאַ־זעע. איהר איז אָבער געלונגען צו רופען אָטטאָ׳ן צו הילף, און אין יאָהר 951 איז ער געקומען מיט זיין גאַנצער אַרמעע, וועלכע ער האָט איבערטראַנספּאָרטירט איבער די אַל־פּען, האָט גערעטעט די געפאַנגענע אַדעלהייד און האָט זי געהייראַט. בע־

רענגאַר איז געווען צו שוואַך צו שטעלען זיך געגען אָטטאָ'ן און ער האָט זיך אונטערגעגעבען. אָטטאָ האָט איהם איבערגעגעבען דאָס רייך, אויסער דער מאַרק־גראַפשאַפט ווערָאנאַ, אַלס פערליהענעס געביט, און בערענגאַר האָט זיך פערפליכטעט צו צאָהלען איהם יעהרליך אַ געוויסען טריבוט.

אָבער בערענגאַר'ס טיראַנישע בעהאַנדלונג פון זיין פאָלק האָט איהם ביי יעדען געמאַכט פערהאַסט. פיעלע פון פאָלק, אויך דער פאַפּסט יאָהאַן דער 12טער, האָבען זיך געווענדעט צו אָטטאָ'ן מיט דער ביטע, ער זאָל זיי בעפרייען פון דיזען טיראַן. אָטטאָ איז ווידער געקומען אין איטאַליען און האָט בעזיגט בערענגאַר'ן. פיעלע פון די פאָרנעהמע פון פאָלק האָבען זיך פערזאַמעלט אין מאַילאַנד (מילאַנאָ) און האָבען ערקלערט בערענגאַר'ן פיר אונווירדיג צו טראָגען אַ קרוין, און האָבען איבערגעגעבען צו אָטטאָ'ן די אַייזערנע קרוין פון די לאַנגאָבאַרדען. באַלד נאָכדעם האָט אָטטאָ ערהאַלטען פון פאַפּסט אויך די קייזערליכע קרוין, און ער איז געוואָרען קייזער.

אָבער אַזוי באַלד, ווי אָטטאָ האָט פערלאָזען איטאַליען, האָבען זיך אין רוים ווידער אָנגעפאַנגען אונרוהען. אַפילו דער פאַפּסט, וועלכער האָט פריהער אַליין גערופען אָטטאָ'ן אין איטאַליען צו ברייגען אָרדנונג, איז געוואָרען זיין געגנער און האָט זיך פערבונדען מיט בערענגאַר'ן. אָטטאָ איז ווידער געקומען אין איטאַליען און האָט דאָרט פערבראַכט דריי יאָהר (962—965). דערווייל איז דער פאַפּסט געשטאָרבען, בערענגאַר איז געוואָרען געפאַנגען, און דאַן האָבען זיך די רוימער אונטערגעוואָרפען. ניט פיעל שפּעטער האָט אָטטאָ געמוזט אונטערנעהמען אַ נייעם רוימער־צוג און האָט דאָרט געמוזט פערברייגען גאַנצע זעקס יאָהר. אין יאָהר 972 האָט ער געהייראַט ט ה ע אָ - פ אַ נ אָ, האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים, און איז באַלד נאָך דעם געשטאָרבען אין מ ע מ ל ע ב ע ן. אַ ביסעל פריהער האָט ער אָפּגעהאַלטען אַ גלענצענדען רייכסטאָג, אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנוועזענד זעהר פיעלע געזאַנדטע פון פערשיידענע לענדער, דערונטער הערצאָגען פון בעהמען און פון פוילען, אויך די אונגאַרען זיינען געקומען איהם געבען עהרע. אָטטאָ האָט מיט שטאָלץ געקוקט אויף זיין אַרבייט. די ווייטע סלאַווען־לענדער זיינען געווען אונטערגעוואָרפען אונטער דער דייטשער הערשאַפט, און קיינער פון די גרויסע האָט גאָר ניט געדענקט איהם ניט געהאָרזאַם צו זיין, אָדער ניט אַנערקענען זיין אויבערהערשאַפט. קיין דייטשער קייזער האָט זיך ניט געקענט גלייכען צו אָטטאָ'ן אין מאַכט און גלאַנץ.

אָטטאָ'ס איינגערער זוהן, אָ ט ט אָ  ד ע ר  2 ט ע ר (973—983), איז נאָך ביי זיין פאָטער'ס לעבען ערוועהלט געוואָרען אַלס מיט־קייזער. ער



אָטטאָ דער 2טער שטויסט זיין שפּיז געגען דעם טויער פון פּאַריז.

איז געקרוינט געוואָרען אַלס נאָכפאָלגער אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך. צבער עס האָט זיך באַלד ערהויבען געגען איהם היינריך דער צאַנקער, דער הערצאָג פון באַיערן, וועלכער איז געווען געשטיצט פון אויסלענדישע פירס-טען, אזוי דאָס אָטטאָ דער 2טער האָט געמוזט געברויכען וואפען געגען זיי-נע פיינד. ער האָט בעזיגט זיין געגנער, האָט ביי איהם אָפּגענומען באַיערן און האָט עס איבערגעגעבען צו אָטטאָ'ן, דעם הערצאָג פון שוואבען.

אין יאָהר 978 איז לאָטהאַר, דער קעניג פון פראַנקרייך, בעפאַלען די לאָטהרינגישע לענדער און האָט זיי געוואָלט אָפּרייסען פון דייטשלאַנד. דער קייזער האָט דערפאַר פערוויסטעט פראַנצויזישע פּראָווינצען און איז געקומען ביז פּאַריז מיט אַן אַרמעע פון 60,000 מאַן, די גרעסטע מיליטערישע מאַכט אין יענעם יאָהרהונדערט, און האָט זיין שווערד אַריינגעשטעקט אין די טויערן פון פּאַריז. די פּאַריזער האָבען זיך ניט זעהר שטאַרק דערשראָקען פאַר די דייטשען, און זיינען זיי אַרויס ענטקעגען. דער סוף פון דיזען קריג איז געווען, דאָס אין יאָהר 980 האָט פראַנקרייך אָנערקענט דאָס רעכט פון דייטשלאַנד איבער לאָטהרינגען און דיזע פּראָווינץ איז געבליבען אונטער דעם דייטשען קייזער.

אין איטאַליען, איבערהויפּט אין רוים און מאַילאַנד (מילאַנאָ), האָבען זיך די פּאַרטייען וויעדער אָנגעהויבען רייסען צווישען זיך. פון רוים האָט מען ארויסגעטריבען דעם פּאַפּסט און פון מאַילאַנד דעם ערץ-בישאָף; אָבער אַזוי באַלד, ווי אָטטאָ איז ערשינען, האָבען זיך די בונטען אויפגעהערט, און עס איז אין לאַנד באַלד רוהיג געוואָרען. פון רוים און מאַילאַנד איז אָטטאָ דער 2טער אַוועק נאָך דרום-איטאַליען און האָט אונטערגעוואָרפען אונטער זיין מאַכט אַפּוליען און קאַלאַבריען, אָבער זיין הערשאַפט איז דאָרט ניט געווען קיין געזיכערטע. באַלד האָט זיך וויעדער דאָרט געמאַכט אַ קריג געגען די גריכען און סאַראַצענער, און די דייטשען האָבען געליטען אַ גרויסען פערלוסט, דער קייזער זעלבסט איז אַריינגעפאַלען ביים שונא אין די הענט און האָט זיך קוים געראַטעוועט. באַלד נאָך דעם איז ער געשטאָרבען פון אַ וואונד, וואָס אַ סאַראַצענער האָט איהם געמאַכט מיט אַ פערגיפטעטען פייל.

ווען אָטטאָ דער 2טער איז געשטאָרבען איז זיין זוהן אָטטאָ דער 3טער געווען צו יונג צו הערשען, דעריבער איז דערוויי̈ל זיין מוטער טהעאָפאַנאָ געווען די רעגענטין. היינריך דער צאַנקער (בעל מחלוקת) האָט געפּרובט מאַכען פּרעטענזיעס אויף'ן טראָן און האָט געוואָלט מאַכען אונ-רוהען אין לאַנד, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. ער האָט אָבער ערהאַלטען דאָס הערצאָגטום באַיערן, וועלכעס איז געווען אין די הענט פון היינריך פון

קאַרנטהען, פון דעם הויז שוירען. די קריגען מיט די דענער און ווענדען האָבען ניט אויפגעהערט, קיין ריכטיגען זיעג האָבעןביידע קעמפענדע צדדים ניט געקענט בעווייזען. נאָר געגען די אונגאַרען האָט געקעמפט גליקליך לעאָפּאָלד דער באַבענבערגער, דער מאַרק־גראַף פון עסטרייך. ער האָט זיי פערטריבען ווייט איבער דעם קאַלענבערג און האָט צושטערט אַלע זייערע פעסטונגען אויף דיזער זייט פון דעם באַרג.

אָטטאָ דער 3טער האָט ערהאַלטען אַ גוטע ערציהונג אונטער דעם גע־לעהרטען וויליגיס, דעם ערץ־בישאָף פון מאַינץ. ווען ער איז גע־וואָרען הערשער, האָט ער זיך איבערהויפט אינטערעסירט מיט איטאַליען, בעזונדערס מיט רוים. ער איז דריי מאָל געווען אין איטאַליען און האָט אפילו דאָרט געוואָלט מאַכען זיין רעזידענץ, אָבער די אומשטענדען האָבען עס אַנדערס געוואָלט. ער האָט פון די רוימער געהאַט פיעלע צרות. זעהר אָפט פלעגען זיי מאַכען געגען איהם בונטען, אָפענע און געהיימע. ער האָט געזוכט צו בערוהיגען זייערע געמיטער אָפט מיט גוטען און אָפט מיט בייזען, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען זיי אין גאַנצען צו בערוהיגען און אונטערוואַרפען. דאָס ענדע איז געווען, דאָס ער איז געשטאָרבען פון גיפט (אין יאָהר 1002). פאַר'ן טויט האָט ער געבעטען, מען זאָל איהם בעער־דיגען אין דער קירכע פון אַאַכען, נעבען קאַרל דעם גרויסען. מיט גרויס מיה און בלוט־פערגיסונגען איז עס די דייטשען ענדליך געלונגען זיין קערפּער פון איטאַליען נאָך אַאַכען צו ברייננען און מען האָט איהם בעערדיגט אין דער מינסטער־קירכע.

אָטטאָ איז געשטאָרבען און האָט קיין קינדער ניט איבערגעלאָזען. די קרוין האָט ערהאַלטען היינריך דער 2טער פון באַיערן, דער אָנקעל פון אָטטאָ דעם גרויסען'ס ברודער, אָבער נאָך אַ שווערען קאַמף. ער האָט בעזיגט זיינע פיינד אין דייטשלאַנד, אָבער אין איטאַליען האָט ער נאָך לאַנג געהאַט צו קעמפען מיט דעם מאַרק־גראַף אַרדאָין פון איווריאַ, וועלכער האָט איהם געשטערט צו זיין הערשאַפט אין איטאַליען. אין אַלגעמיין איז אין דער צייט פון דער רעגירונג פון היינריך דעם 2טען קיין רעכטע רוה ניט געווען אין לאַנד. עס האָבען זיך ניט אויפגעהערט צו בונטעווען די גרויסע אין לאַנד. דאָס רעכט פון ירושה פון עלטערן צו קינדער און קרובים, וואָס האָט פריהער געגאָלטען נאָר פיר קליינע גוטס־בעזיצונגען, איז יעצט פערברייטערט געוואָרען אויך אויף גרויסע בעזיצונגען, מאַרק־גראַפשאַפטען און הער־צאָגטימער. דערמיט האָבען זיי בעקומען מעהר מאַכט, און האָבען געבילדעט זייער אייגענעם ראַט, אונאָפּהענגיג פון קעניגליכען ראַט. עס איז קיין

וואונדער ניט, וואָס זיי האָבען געזוכט צו פערגרעסערן זייער מאַכט און האָ-בען פערשאַפט אונרוהען אין לאַנד. היינריך איז ניט געוועזן אין שטאַנד אפילו בעהמען צו בעצווינגען, וואָס איהרע הערצאָגען זיינען געוועזן ניט מעהר, ווי רייכס-וואַסאַלען; אויך פּוילען האָט ער ניט געקענט אונטערוואַרפען, ווייל באָלאָסלאַוו, דער הערצאָג פון פּוילען, האָט נאָך פון קייזער אָטטאָ דעם 3טען ערהאַלטען די קעניגליכע ווירדע.

היינריך דער 2טער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1062 און מיט איהם איז אויסגעלאָשען געוואָרען דאָס זאַקסישע קייזערליכע הויז. אום צו ער-וועהלען אַ נייעם קייזער, האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסע מענגע וועלטליכע און גייסטליכע גרויסע לייט, אויך אַ גרויסע מאַסע פון פאָלק, וועלכע האָט געלאַגערט אויף ביידע ברעגען פון רהיין, פון מאַינץ ביז וואָרמס; און דיזע פערזאַמלונג האָט ערוועהלט אַ פראַנק קאָנראַד דעם 2טען, וועל-כער איז נאָך זיין אָפּשטאַמונג אָדער נאָך זיינע ערבגיטער געוועזן בעקאַנט אונטער דעם נאָמען דער סאַליער. די זאַקסען זיינען מיט דיזער וואהל געוועזן זעהר אונצופרידען, ווייל שוין איבער 100 יאָהר, דאָס די קיי-זערליכע קרוין האָבען געטראָגען זאַקסישע פירסטען, אָבער די פראַנקען האָבען עס אַנדערס בעטראַכט; זיי האָבען גערעכענט, דאָס מען האָט זיי צוריקגעגעבען זייער אַלטעס רעכט, ווייל די קייזערליכע קרוין פון דייטש-לאַנד האָבען פריהער געטראָגען די פראַנקען. קאָנראַד איז אָבער געוועזן אַ קלוגער דיפּלאָמאַט, און ער האָט געוואוסט צו געברויכען די ריכטיגע מיטלען, אום צו צווינגען זיינע געגנער צו אָנערקענען זיין הערשאַפט. ווען דער הערצאָג פון באַיערן, היינריך פאָן לוקסעמבורג, איז געשטאָרבען (דאָס איז געוועזן באַלד נאָך דעם טויט פון היינריך דעם 2טען), האָט קאָנראַד בעשטימט זיין 10-יעהריגען זוהן אַלס נאָכפאָלגער פון דיזען הערצאָג, און האָט נעבען איהם בעזעצט קעניגליכע גראַפען און פאַלץ-גראַפען אום צו זיכערן זיין זוהן'ס מאַכט. די הערצאָגען פון פראַנקען און לאָטהרינגען זיי-נען געוועזן טריי צו קאָנראַד'ן. די זאַקסישע גרויסע אַדעל-לייט זיינען דאַ-מאָלס געוועזן בעשעפטיגט מיט אַ קריג געגען די ווענדען.

קאָנראַד האָט אויך געמאַכט איינינע רוימער-צוגען, אָבער זיי זיינען ניט געוועזן וויכטיג. וויכטיגער איז געוועזן די פעראייניגונג פון בורגונד מיט דעם דייטשען רייך. רודאָלף דער 3טער פון בורגונד איז גע-שטאָרבען אָהן קינדער און בורגונד איז איבערגעגאַנגען צום דייטשען קייזער-טום. דיזעס איז שוין געוועזן אַן אַלטער אָפּמאַך מיט היינריך דעם 2טען (1003). אָבער די דייטשע הערשאַפט האָט דאָרט קיין גרויסע בעדייטונג

ניט געהאַט, ווייל די בורגונדישע גרויסע האָבען דאָרט געהאַט צו פיעל מאַכט, און באמת איז דאָס בורגונדישע רייך דאַמאָלס געוועזען אַזוי ווייט פערשיידען פון דייטשלאַנד אין שפּראַך און זיטען, דאָס עס איז ווירקליך שווער געוועזען צו רעכנען, דאָס זיי זאָלען זיך ווירקליך צוזאַמענשמעלצען אין איין רייך. און דעריבער קען מען מיט זיכערהייט זאָגען, דאָס דייטשלאַנד האָט אין מאַכט ווענינ געוואונען פון דיזער פעראייניגונג. דאַגעגען איז קאָנראַד גע-ווען געצוואונגען איבערצוגעבען די מאַרק־גראַפשטאַפט פון שלעזוויג צו קאַ-נוט דעם גרויסען.

די ערשאַפט איבער בורגונד האָט אָבער פערשאַפט פיעלע אונאַנגענעהמ-ליכקייטען דעם קייזער. זיין שטיף־זוהן, הערצאָג ע ר נ ס ט פון שוואַבען, האָט געוואָלט ווערען הערשער איבער דיזעס לאַנד. קאָנראַד האָט עס אָבער ניט געוואָלט און האָט דערצו ניט דערלאָזען. הערצאָג ערנסט האָט געמוזט בעטען אום פערצייהונג פון קאָנראַד'ן פיר זיין רעבעלישען פּלאַן. עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און הערצאָג ערנסט האָט ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען קאָנראַד'ן. מיט דער הילף פון זיין פריינד ו ו ע ר נ ע ר פון ק י ב ו ר ג איז ער בעפאַלען אוגסבורג, עלזאַס און בורגונד. פיעלע אַנדערע האָבען איהם אויך אונטערשטיצט, אָבער זיי האָבען עס געטאָן בשתיקה, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר'ן קייזער צו שטיצען איהם עפענטליך. קאָנראַד האָט פעסט בעשלאָסען צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד. די פערליהענע גיטער פון שוואַבישען גראַף, האָט ער אָפּגענומען, און האָט איהם, דעם גראַף, צוזאַמען מיט ערנסט'ן גע-לאַדען צו שטעלען זיך פאַר דעם רייכסטאָג פון אולם.ביידע זיינען גע-קומען צום רייכסטאָג, ווייל זיי זיינען געוועזען זיכער, דאָס די גרויסע, וואָס ווע-לען זיך דאָרט געפינען, וועלען זיין אויף זייער זייט, ווייל זיי זיינען געוועזען זייערע בונד־חברים. זיי האָבען זיך אָבער פעררעכענט. די אַלע וואַסאַלען האָבען ערקלערט, דאָס זיי ווילען ניט ברעכען זייער שבועה צו בלייבען טריי דעם קייזער, און יעדער ווידערשטאַנד געגען דעם קייזער איז אומזיסט, ווייל קיינער וועט ניט סימפּאַטיזירען דערמיט. ערנסט האָט זיך ווידער אונטער-געוואָרפען דעם קייזער און האָט געבעטען פערצייהונג. אויף דעם בעפעהל פון דעם קייזער איז ערנסט פערשיקט געוואָרען אין געפענגניס אין גיעביכענ-שטיין. דאָס זעלבע שיקזאַל האָבען אויך געהאַט דער גראַף וועלף און קאָנ-ראַד פון פראַנקען. קיבורג איז איינגענומען געוואָרען און ווערנער האָט גע-מוזט ענטלויפען.

נאָך דעם, ווי דער קייזער האָט פערשאַפּט רוה און אָרדנונג אין זיין רייך, האָט ער בעשלאָסען צו שליסען פרידען מיט זיין שטיפזוהן ערנסט אין באַמבערג. ער האָט אַפילו געוואָלט איהם שוואַבען צוריקגעבען, ער האָט אָבער דערפאַר פון איהם פערלאַנגט, ער זאָל ווערען אויס פריינד מיט ווער־נער'ן פון קיבורג און דערצו נאָך צו קעמפּפען מיט איהם. ערנסט האָט זיך ענטזאַגט צו ערפילען אַזאַ פאָדערונג, און האָט מיט גרויס צאָרן פערלאָזען דעם קייזערליכען הויף. דער קייזער האָט איהם דערפאַר הארט בעשטראָפט: ער האָט פון איהם צוגענומען אַלע גיטער און האָט איהם פון דער קירכע אויסגעשלאָסען (אין חרם אַריינגעלעגט). ערנסט איז מיט אַלע זיינע פריינד ענטלאָפען אין שווארצלאַנד, זיי האָבען זיך בעזעצט אויף אַ פעלזענבורג, און האָבען געלעבט אַ צייט לאַנג פון רויבען און פּלינדערן, ביז זיי זיינען בעזיגט געוואָרען פון אַ גראַף און אַ בישאָף. דעם טויטען קערפּער פון ערנסט'ן האָט מען געבראַכט אין קאָנסטאַנץ, דאָרט האָט מען איהם בעפרייט פון חרם און מען האָט איהם בעערדיגט אויף דעם בית־הקברות פון דער מאַריענקירכע. דאָס שיקזאַל פון דיזען הערצאָג, וועלכער האָט אַזוי פיעל געליטען צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געוואָלט בלייבען אונטריי צו זיינע פריינד, איז בעזונגען אין פיעלע אַלט־דייטשע לידער.

קאָנראַד דער 2טער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1036. זיין טראָן־פאָלגער איז געוועזען היינריך דער 3טער, וועלכען זיין פאָטער האָט נאָך פאַר זיין לעבען ערקלערט אַלס יורש פון טראָן. ער האָט באַלד אָנגענומען די ממשלה ביד רמה, און האָט ניט בעגעגענט קיין שטערונג. נאָר אין די נעבען־לענדער האָבען זיך איינינע געבונטעוועט געגען איהם. ער האָט געמוזט אונ־טערנעהמען איינינע פעלד־צוגען נאָך בעהמען און אונגארן. דאָ האָט זיך סטעפאַן דער הייליגער אויסגעקעמפט אַ ביסעל אונאָפּהענ־גיגקייט, און היינריך'ס פלימעניק פעטער איז פון זיין אַמט פערטריבען געוואָרען. היינריך האָט זיין פלימעניק צוריק אין זיין אַמט אַריינגעזעצט, און האָט איינגעפיהרט לעהנרעכט *) אין לאַנד. פעטער איז בעשטימט גע־וואָרען אַלס קרוין־וואַסאַל, און דאָס לאַנד ביז צו די טייכען מארק און לייטהאַ איז איבערגעגעבען געוואָרען צו לואיטפּאָלד'ן פון באַבענבערג אונטער דעם נאָמען „נייסארק פון עסטרייך".

---

*) ד. ה. דאָס סיסטעם פון פערלייהען גיטער פיר דינסטען און שטייערן צום הערשער.

היינריך דער 3טער איז געווען זעהר פרום. ער האָט זיך אַלע מיה גע-געבען צו ערפילען אַלע וואונשען פון די גייסטליכע און האָט אַלע זיינע בע-פעהלען פערזיסט מיט רעליגיעזע מאָטיווען (טעמים). מיט דיזען אופן איז עס איהם געלונגען איינצואָרדנען אַ רעליגיעזען פרידען. מיר האָבען עס שוין פריהער ערצעהלט, דאָס צווישען די פעאָדאַל־פריצים האָט אימער געהערשט קריג און שטרייטיגקייט. דער קעניג מיט זיין מאַכט איז געווען צו שוואַך צו ברייגגען אָרדנונג און פרידען אין דיזע רייסעריי. און דעריבער האָט אין די ראָמאַנישע לענדער די קירכע פיעל גוטעס געקענט טאָן אין דיזער הינזיכט. פיעל גוטעס האָט אין דער זאַך פון פרידען צווישען די שטרייטענדע וואַסאַלען געטאָן דער בעריהמטער רעפאָרם־מאָנאַסטיר פון קלוני. די קירכע האָט איינגעפיהרט, דאָס וועניגסטענס פון מיטוואָך אָבענד ביז מאָנ-טאָג פריה זאָל אין יעדער וואָך הערשען פרידען צווישען די קריסטען, ווייל אין דיזע טעג האָט קריסטוס געליטען. ווער עס האָט ניט געפאָלגט דיזען בעפעהל פון דער קירכע איז אַריינגעלעגט געוואָרען אין חרם, און איז אויס-געשלאָסען געוואָרען פון דער קירכע. אָנפאַנגס האָבען פיעלע געלאַכט פון דיזען בעפעהל, אָבער אין אַ קורצער צייט האָט די בעוועגונג פון פערברייטען פרידען געמאַכט אַ ריזיגען פאָרטשריט, ווייל פיעלע מאָנאַסטירען האָבען זיך גענומען אַרבייטען אין דיזער ריכטונג. היינריך האָט דאָן געפונען פיר נעטיג און ניצליך צו שטיצען די בעוועגונג פון פרידען, וועלכע איז געווען פיעל צוגעפאַרבט מיט רעליגיאָן.

היינריך האָט אָבער בעגאַנגען אַ גרויסען פעהלער דערמיט, וואָס ער האָט אָפּגעוויכט פון דער פּאָליטיק פון זיין פאָטער אין בעטרעף פון דער קירכע און די גייסטליכע. זיין פאָטער האָט זיך אַלע מיה געגעבען צו פער-שמעלערן די רעכטען פון די גייסטליכע אין וועלטליכע זאַכען, און היינריך האָט זיי אין פאָרדער־גרונד געשטעלט און האָט זיי געגעבען פיעל פרייהייט און מאַכט. די כיטרע גייסטליכע האָבען געוואוסט, ווי אַזוי צו פועל'ן ביים פרומען היינריך'ן, ער זאָל זיך ענטזאָגען פון זיין רעכט צו בעשטימען בי-שאָפען, און דיזע זאַך איבערלאָזען צו די גייסטליכע זעלבסט. נאָך זייער פער-לאַנג האָט ער זיך אויך ענטזאָגט פון זיין רעכט צו פערקויפען ביסטימער (בי-שאָפס־עמטער). דיזע לעצטע ענטזאָגונג האָט דעם קייזערטום פיעל שאָדען פערורזאַכט, ווייל עס האָט פערלאָרען זעהר גרויסע איינקונפטען. דאָס האָט איהם געצוואונגען צו בעלעסטיגען מיט נייע שטייערן די וועלטליכע גי-טער, און בעפרייען אין גאַנצען פון יעדער שטייער די קירכליכע גיטער, און

דערמיט האָט ער אַרויסגערופען שרעקליכע אונצופרידענהייט צווישען זיינע גרויסע און קליינע וואַסאַלען. מיר זעהען דערפון גאַנץ קלאָר, דאָס אין דיזע אַלע רייסעררייען שפּילט די הויפּט־ראָלע, ווער עס זאָל מעהר רעכט האָבען צו אויסנוצען דעם אָרימען אַקערמאַן, דעם פּויער: די קירכע, דער קעניג, אָדער די וועלטליכע וואַסאַלען און גוטס־בעזיצער.

מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס היינריך דער 2טער איז גע־ווען זעהר פרום, און דעריבער האָט ער בעטראַכט זיין קייזערליכעס אַמט אַלס אַ הייליגעס אַמט. ער פלעגט ניט וועלען אָנטאָן די קרוין ביז ער האָט זיך פריהער מתוודה געווען אויף זיינע זינד און אויף זיי תשובה געטאָן. ער פלעגט זיך אָפט לאָזען שמייסען אָדער שלאָגען מלקות, אום ער זאָל האָבען אַ כפרת עוון, און דאַן ערסט פלעגט ער זיך ערלויבען אָנטאָן די קרוין. האָבענ־דיג אַזאַ בעגריף פון קייזערליכען אַמט, האָט ער זיך בעטראַכט אַלס בערעכ־טיגט אַריינצומישען זיך אין קירכען־אנגעלעגנהייטען. דאַמאָלס זיינען געווען אין רוים 3 פּאַפּסטען, וועלכע האָבען זיך צווישען זיך געריסען, יעדערער פון זיי האָט געדענקט, דאָס נאָר ער האָט דאָס רעכט צו זיצען אויף פּעטער'ס שטול אין רוים. אום צו מאַכען אַן ענדע צו דיזע סקאַנדאַלען, איז היינריך אַוועק מיט אַן אַרמעע נאָך רוים, האָט צוזאַמענגעשטעלט פון זיינע קריגער אַ סינאָד אין ס ו ט ר י (1046), און דיזער סינאָד האָט אַלע דריי פּאַפּסטען אַרונטערגע־זעצט און האָט ערקלערט אַלס פּאַפּסט אַ דייטשען פרומען בישאָף, אונטער דעם נאָמען ק ל ע מ ע נ ס ד ע ר 2 ט ע ר.

דער זיג פון דעם קייזער אין סוטרי איז געווען זעהר גרויס, אָבער מיט די אונרוהען אין לאַנד האָט עס גאָר ניט געהאַט צו טאָן. עס האָבען זיך אָנ־געפאַנגען נייע אויפשטאַנדען געגען איהם. די גרעסטע פיינד פון היינריך דעם 3טען זיינען געווען די דייטשע פירסטען. גאָטפריד פון לאָטהרינגען איז געווען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף'ן קייזער דערפאַר, וואָס ער האָט אי־בערגעגעבען דאָס הערצאָגטום אויבער־לאָטהרינגען צו אַן אַנדער הערצאָג און איז אַרויס מיט וואַפען געגען איהם. גאָטפריעד איז אַפילו פערטריבען געוואָ־רען און זיין הערצאָגטום איז איבערגעגעבען געוואָרען צו פריעדריך פון לוק־סעמבורג, אָבער ער האָט זיך פערשטאַרקט אין איטאַליען, וואו ער האָט גע־הייראַט די מעכטיגע ב ע אַ ט ר י ק ס, די מאַרק־גרעפין פון טוסציען, און דאַן האָט ער איבער־אַ־נייס ערקלערט היינריך'ן אַ קריג, וועלכען ער האָט פאָרטגעזעצט ביז דעם קייזער'ס טויט. אויך דאָס הערצאָגטום ביללינגער אין זאַקסען איז געווען פיינדליך צום קייזער, און עס האָט איהם פיעל מיה געקאָסט צו האַלטען עס אָפּהענגיג פון איהם. פּלוצלינג איז דער קייזער גע־

שטאָרבען. דער פּאַפּסט איז גראַדע דאַמאָלס געוועזען ביים קייזער מיט אַ בעזוך, און פֿיעלע גרויסע האָבען זיך אויך דאַמאָלס פֿערזאַמעלט אַרום דעם קייזער און האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן אויף דער יאַגד, ווען עס איז פּלוצלינג אָנגעקומען די ידיעה, דאָס די זאַקסען האָבען געליטען פֿון די ווענדען אַ שרעקליכע נידערלאַגע, און דאָס דער קייזער איז טויט (1059). ער איז געשטאָרבען אין דעם אַלטער פֿון 39 יאָהר און זיין יורש איז געוועזען אַ קינד פֿון 6 יאָהר.

די רעגענטין פֿיר דאָס קינד ביז עס וועט אויפֿוואַקסען איז געוועזען די מוטער פֿון יונגען קייזער, די קייזערין א ג נ ע ס. די גרויסע האָבען זי באַלד פֿון אָנפֿאַנג פֿיינד געקריגען, און זי האָט דעריבער באַלד פֿערלאָרען די מאַכט, וועלכע איהר מאַן האָט געהאַט אין זיינע הענט. מעהר פֿון אַלץ האָט איהר געשאַדט די פֿיינדשאַפֿט, וואָס זי האָט זיך פֿערשאַפֿט דורך איהר קריג מיט דעם ערץ־בישאָף אַ נ נ אָ, דעם פֿיהרער פֿון די גייסטליכע, און מיט דעם בישאָף ג ו נ ט ע ר פֿון באַמבערג. רעכנענדיג אויף די אַלגעמיינע אונצופֿרידענהייט פֿון די גרויסע, האָט זיך אַננאָ ערלויבט צו טאָן פֿאָלגענדעס: ווען דער קייזער האָט איין מאָל מיט זיין מוטער בעזוכט קייזערסווערט ביים ברעג פֿון רהיין, האָט איהם דער ערץ־בישאָף אַננאָ איינגעלאַדען צו קומען אויף זיין שענעס שיף צו מאַכען אַ שפּאַצירגאַנג איבער'ן רהיין. ווי דער קליינער קייזערל איז אַרויף אויף דאָס שיף, האָט אַננאָ געהייסען דאָס שיף געשווינד פֿון ברעג אָפּטרייבען. דער קייזערל האָט זיך דערשראָקען און איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער. עס האָט געקאָסט גרויס מיה ביז מען האָט איהם געראַטעט. מען האָט איהם בערוהיגט און מען האָט איהם געבראַכט אין קאָלן. דאָס פֿאָלק איז געוועזען שרעקליך אויפֿגערעגט אויף'ן ערץ־בישאָף און האָט איהם געשאָלטען. אָבער דער יונגער קייזער איז געבליבען ביי די גייסטליכע אין די הענט, און די קייזערין איז געוועזען געצוואונגען זיך צוריקציהען פֿון דער רעגירונג.

אַננאָ איז געוועזען צו שטרענג צום קליינעם קייזערל, און דעריבער האָט דיזער איהם שרעקליך געהאַסט. דערפֿאַר האָט ער זיך שטאַרק צוגעבונדען צו אַ ד אַ ל ב ע ר ט, דעם ערץ־בישאָף פֿון ברעמען, ווען ער איז געקומען צו זיין הויף. דיזער האָט איהם צוגעצויגען מיט שמייכלעריי און נאָכגעביגקייט. אָבער אַדאַלבערט האָט צופֿיעל נאָכגעגעבען אַלע פֿערלאַנגען פֿון דעם יונגען קייזערל און האָט דערמיט אין פֿיעלע הינזיכטען פֿערדאָרבען זיין כאַראַקטער. ווען היינריך איז אַלט געוואָרען 15 יאָהר, איז ער שוין געוועזען פֿיעל

פּערדאָרבען. אין דיזען אַלטער איז ער אַרויף אויף דעם קײזערליכען טראָן אַלס הײנריך דער 4טער.

עס איז געװעזען אַן אונגליק פיר די רעגירונג פון הײנריך דעם 4טען, דאָס ער האָט זיך אימער געפונען אונטער דעם אײנפלוס פון זײנע ראַטגעבער, און האָט ניט אַרויסגעצײגט קײן זעלבשטענדיגקײט. עס איז דאַמאָלס געװען דער מנהג, דאָס דער דײטשער קײזער זאָל געהן נאָך איטאַליען אום צו ערהאַלטען פון רוים די קײזערליכע קרוין. דאָס זעלבע האָט אויך הײנריך דער 4טער בעשלאָסען צו טאָן. אָבער װען אַדאַלבערט האָט זיך דערװאוסט, דאָס דער ערץ־בישאָף פון קאָלן אַננאָ װעט בעגלײטען דעם קעניג אויף זײן רײזע נאָך איטאַליען, האָט ער אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס ער, אַדאַלבערט, װעט דאַן פערלירען זײן אײנפלוס אויף'ן קעניג, און דעריבער האָט ער זיך גרויס מיה געגעבען דעם פּלאַן פון דיזער אונטערנעהמונג אין גאַנצען צו צושטערען. און איהם איז װירקליך געלונגען די רײזע צו פערהינדערן. װי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעװיזען, איז עס געװען אַ גרויסער פעהלער, װעלכען הײנריך איז שוין ניט געװען אין שטאַנד צו פערריכטען.

די װעלטליכע גרויסע זײנען געװען שטאַרק אונצופרידען מיט דעם קעניג דערפאַר, װאָס ער האָט זיך צופיעל געפונען אונטער דעם אײנפלוס פון די גײסטליכע. די ערביטערונג איז געװען אַזוי גרויס, דאָס דער קעניג איז געװען געצװאונגען אויף דעם רײכסטאָג אין טריבור זיך אָפּצוזאָגען פון זײן ליבלינג אַדאַלבערט, דעם ערץ־בישאָף פון ברעמען. הײנריך איז דאַמאָלס װירקליך געװאָרען זעלבשטענדיג און דאַמאָלס האָט ער דערזעהען, דאָס פון דער מאַכט פון זײנע עלטערן איז איהם זעהר װעניג געבליבען, און דאָס די פערהעלטניסען פון דײטשען קעניג צום פּאַפּסטטום האָבען זיך שטאַרק געענדערט. ער האָט דאַמאָלס דערזעהען, דאָס איהם שטעהט פאָר אַן אונפערמײדליכער קאַמף מיט דעם פּאַפּסטטום.

שוין הײנריך דער 3טער האָט בעשלאָסען צו מאַכען דעם מיטעלפּונקט פון דער רעגירונג אין זאַקסען אום דערמיט די זאַקסען צו געװינען אויף זײן זײט. ער האָט אויסגעקליבען גאָסלאַר. די זעלבע פּאָליטיק האָט אויך פערפאָלגט זײן זוהן הײנריך דער 4טער. ער האָט גאָסלאַר נאָך מעהר פערשענערט, די זאַקסען אָבער זײנען דערפון ניט זעהר צופרידען געװען, װײל דאָס אויפהאַלטען זיך פון קעניג אין גאָסלאַר האָט זײ צו טײער געקאָסט. דעריבער, װען דער קעניג האָט אָנגעפאַנגען דאָרט צו בויען נײע פעסטונגען, װעלכע האָבען מיט זיך געבראַכט נײע גרויסע אויסגאַבען, האָבען זיך דאָרט

אַנגעפאַנגען אָפּטע אויפשטאַנדען. מען האָט אַנגעפאַנגען צו חושד זיין דעם קעניג, דאָס מיט דיזע פעסטונגען דענקט ער צו האָבען די מעגליכקייט צו אונטערדריקען די גרויסע פון זאַקסען און צו פערקנעכטען דעם גאַנצען בע-ריהמטען זאַקסישען שטאַם.

א גאַנצע רייהע פון אָרדנונגען און בעפעהלען האָבען געשיינט צו צייגען, אַז דאָס פאָלק האָט געווען אורזאַך פיר זיין חשד. אונטער אַנדערע האָט קעניג היינריך געגעבען א בעפעהל צו רעווידירען די רעכטען פון די גרונד-בעזיצער אויף זייערע גיטער, און ווען איינער האָט ניט די ריכטיגע בעווייזען, אַז ער איז דער געזעצליכער אייגענטימער, זאָל מען דאָס גוט פון איהם אָפּ-נעהמען און אָפּגעבען צום שטאַאַט. דיזען בעפעהל האָבען די פערזאָנען, וואָס זיינען געווען פעראינטערעסירט דערין, געדרעכענט פיר געוואַלטזאַמע קאָנפיס-קאַציאָן. די זאַקסען האָבען דערין געזעהען, דאָס מען וויל זיי בערויבען פון זייערע רעכטען, און עס איז געוואָרען אַן אַלגעמיינע אונצופרידענהייט.

אונטער קאָנראַד דעם 2טען האָבען די וועלטליכע גרויסע אין זאַקסען געהאַט די זעלבע מאַכט אין דער רעגירונג און אין שטאַאַט, וואָס די בישאָפען האָבען געהאַט. דאָס זאַקסישע פאָלק איז געווען צופרידען דערמיט. היינריך דער 3טער אָבער האָט די בישאָפען ארויסגעבראַכט צום פאָרדער-גרונד. די זעלבע לאַגע האָט געהערשט אין דער ערסטער צייט פון היינריך דעם 4טען, ביז ער איז געצוואונגען געווען אויף דעם רייכסטאָג פון טריבור צו דערוויי-טערן פון הויף דעם ערץ-בישאָף פון ברעמען, אַדאַלבערט, ווי מיר האָבען עס פריהער ערצעהלט. אָבער אויך דיזעס האָט ניט געהאָלפען. דער קעניג איז געגאַנגען פון איין עקסטרעם צו אַן אַנדערן: ער האָט צוגעלאָזען צום הויף און צו דער רעגירונג פערזאָנען, וועלכע האָבען פערנומען א נידריגען אָרט אין דער געזעלשאַפט, און דיזע לייט האָבען געוואונען זיין גאַנצען צוטרויען.

אָן דער שפּיץ פון די אונצופרידענע זאַקסישע פירסטען איז געשטאַנען אָ ט ט אָ פון נ א ר ד ה י י ם. דיזער איז צוליב זיינע רעבעלישע מעשים געווען פעראורטיילט צום טויט און דאָס הערצאָגטום באַיערן, וואָס ער האָט געערבט פון זיין פאָטער, איז געוואָרען קאָנפיסקירט. היינריך אָבער האָט איהם בעגנאַדיגט, און זיין פריינד, הערצאָג מ א ג נ ו ס פון ז א ק ס ע ן, האָט ער פערשלאָסען אין געפענגניס. אין יאָהר 1073 האָבען מעהר פון 60,000 מאַן געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען היינריך'ן צוליב מאַגנוס'ן. דער קעניג האָט געגעבען מאַגנוס'ן די פרייהייט, און האָט צוגעזאָגט, דאָס ער וועט צושטערען פיעלע פון די פעסטונגען, וואָס ער האָט אויסגעבויט אין זאַקסען, ווי מיר האָבען פריהער דערצעהלט. אָבער ביי דער צושטערונג פון די פעס-

טונגען האָבען די זאַקסען געמאַכט גרויסע אונאָרדנונגען: זיי האָבען פער־ברענט קירכעס און געשענדעט קעניגליכע קברים. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס היינריך האָט אונטערגענומען אַ ראַכע־צוג געגען די זאַקסען, אין וועלכען פיעלע פירסטען האָבען איהם געשטיצט, ווייל די האַנדלונג פון די זאַקסען האָט פיעלע עמפּערט. אין יאָהר 1075 איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט צווישען היינריך׳ן און די זאַקסען ביי אונסטרוט. אין דיזען שטרייט זיינען די זאַקסען שרעקליך צוקלאַפּט געוואָרען. אַלע זאַקסישע גרויסע האָבען זיך אונטערוואָרפען אונטער היינריך׳ן און ער איז ווידער געוואָרען הערשער אי־בער גאַנץ דייטשלאַנד.

אָבער דאַן האָט זיך געגען היינריך׳ן אויפגעהויבען אַ נייער שרעקלי־כער פיינד, וועלכער איז געווען צו שטאַרק, ער זאָל זיך קענען מעסטען מיט איהם. דיזער פיינד איז געווען דער פּאַפּסט מיט די גייסטליכע. מיר האָ־בען שוין פריהער געזעהען, ווי גרויס די מאַכט פון פּאַפּסט און פון דער קירכע איז געוואָרען אין יענער צייט. אָבער די ווירקליכע קראַפט איז ניט געווען אין איבעראייגשטימונג מיט דער פאָרמאַלנער. די בעשטעטיגונג פון פּאַפּסט אין זיין אַמט האָט געמוזט קומען פון דעם דייטשען קייזער און עס האָט געשיינט, דאָס דער קייזער איז דעם פּאַפּסט׳ס אויבערהאַר. דער קייזער האָט זיך גערעכענט פיר דעם בעשיצער פון רוים און פון דער קירכע. די ביסטימער, ד. ה. די לענדערייען, וואו די בישאָפען האָבען געהערשט, האָ־בען זיך גערעכענט אַלס אייגענטום פון דעם קייזער. און ער האָט ווירקליך אויפגעפּאַסט אויף דיזע לענדערייען און זייערע איינקונפטען, ווען ער האָט בישאָפען בעשטימט אין זייערע עמטער. די גייסטליכע אָבער, וועלכע האָ־בען אימער געשטרעבט צו מעהר מאַכט און צו מעהר רייכטימער, זיינען זעהר ניט צופרידען געווען מיט דיזער לאַגע און האָבען געזוכט מיטלען און אַ צופאַל צו בעפרייען זיך פון דער וועלטליכער מאַכט. די גייסטליכע האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען פאָדערונגען אין דיזער הינזיכט. די ערסטע, וועל־כע זיינען אָפען ארויס מיט אַזעלכע פאָדערונגען, זיינען געווען די גייסטליכע פון דעם מאָנאַסטיר **קלוני** אין פראַנקרייך, און די איבריגע האָבען זיי באַלד נאָכגעטאָן.

אַלס היינריך דער 4טער איז נאָך געווען אַ קינד, און זיין מוטער אַגנעס איז געווען די רעגענטין, האָט דער פּאַפּסט **ניקאָלאוס דער 2טער** געמאַכט אַ געזעץ, דאָס דער פּאַפּסט זאָל ערוועהלט ווערען נאָר פון קאַרדינאַלען (1058). דיזעם געזעץ האָט מען דורכגעפיהרט אין פּראַקטיק ביי די פאָלגענדע וואַהלען פון פּאַפּסט. **אַלכסנדר דער 2טער**,

דער פריהערדיגער בישאָף פון לוקקאַ, איז פון די קלעריקאַלען ערוועהלט גע-
וואָרען אַלס פּאַפּסט, און מען האָט ניט געפֿאָדערט די בעשטעטיגונג פון דער
קייזערין אַגנעס. ווען דער פּאַפּסט אַלכסנדר דער 2טער איז געשטאָרבען,
האָבען די קאַרדינאַלען ערוועהלט הילדעבראַנד'ן, דערנאָך גרעגאָריוס
דעם 4טען און מען האָט קיין בעשטעטיגונג פון קייזער ניט געפֿאָדערט.
נאָכדעם האָבען די גייסטליכע אונטערנעמונגען נאָך אַ שריט אין דיזער ריכ-
טונג. ווייל די לענדערייען פון די ביסטימער האָבען זיך גערעכענט אַלס דאָס
אייגענטום פון דעם קייזער, האָט ער נאַטירליכערווייז געהאַט דאָס רעכט צו
בעשטימען די בישאָפען אין דיזע ביסטימער ווי ער האָט געוואָלט און וועמען
ער האָט געוואָלט. זעהר אָפט האָט זיך געטראָפען, דאָס די קירכען-גיטער
זיינען בעטראַכט געוואָרען אַלס געוועהנליכע וואַארע, וואָס דער קעניג האָט
פערקויפט צו דעם בישאָף, וועלכער האָט דערפאַר געגעבען מעהר געלט. גע-
גען דיזער אַרט מסחר זיינען די גייסטליכע אַרויס מיט אַ פּראָטעסט, און זיי
האָבען יעדען איינעם פערוועהרט צו קויפען גיטער פון דעם קייזער.

מיט דיזע פּאָדערונגען איז אַרויס אָפען דער פּאַפּסט גרעגאָריוס דער
7טער. ער האָט אָפען געפֿאָדערט אָפּצונעהמען דיזעס רעכט פון אַלע פירסטען
און אויך פון קייזער היינריך דעם 4טען. דער שטאַרקסטער געגנער פון דיזען
פּראָיעקט איז געווען, פערשטעהט זיך, דער קייזער היינריך דער 4טער. אָבער
דער פּאַפּסט האָט זיך בענוצט מיט דער פיינדשאַפט, וואָס האָט דאַמאָלס גע-
הערשט צווישען דעם קייזער און די זאַקסען, און האָט די לעצטע געוואונען
אויף זיין זייט. דער פּאַפּסט האָט געפֿאָדערט פון קייזער, ער זאָל זיך ענט-
זאָגען פון זיינע רעכטען אין דיזער בעציהונג. היינריך איז געוואָרען שטאַרק
אויפגערעגט פון אַזאַ דרייסטער פּאָדערונג און האָט בערופען אַ סינאָד אין
וואָרמס אין יאָהר 1097 און האָט דעם פּאַפּסט פון זיין אַמט אַראָפּגעזעצט.
דער פּאַפּסט האָט צו די בעשלוסען פון סינאָד ניט געגעבען קיין אויפמערק-
זאַמקייט און האָט היינריך'ן אַריינגעלעגט אין חרם. היינריך האָט באַלד דער-
פיהלט, וואָס דער חרם בעדייט פיר איהם. דער חרם האָט בעפרייט אַלע
וואַסאַלען פון יעדער פליכט צום קייזער. עס האָבען אָנגעהויבען אָפּפאַלען
פון קייזער פירסטען און הערצאָגען איינער נאָך דעם אַנדערען. די לעגאַטען
(שלוחים) פון פּאַפּסט און די מאָנאַכען האָבען פערזאַמעלט די פירסטען און
די הערצאָגען אין טריבור, און האָבען געגעבען צו וויסען דעם קייזער, דאָס
זיין הערשאַפט איז צו ענדע, אויב ער וועט זיך ניט אין צייט בעפרייען פון
דעם חרם.

היינריך איז געוואָרען פערלאָזען פון אַלע זיינע פריינד. ער האָט דער־הערט, דאָס דער פּאַפּסט קומט אין דייטשלאַנד. היינריך האָט גוט פערשטאַ־נען, דאָס ווען דער פּאַפּסט קומט אריין אין לאַנד, איז אַלעס פערלאָרען. עס איז דעריבער געווען נעטיג אַלע קרעפטען אָנצווענדען צו הינדערן זיין קו־מען אין לאַנד. דערצו איז אָבער קיין אַנדער מיטעל ניט געווען, ווי זיך אי־בערבעטען מיט'ן פּאַפּסט. ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו געהן אין שטרענ־גען קאַלטען ווינטער נאָך איטאַליען, אום ניט צו פערלירען קיין צייט. ער איז איבער די אַלפּען געקומען אין לאָמבארדיע. פון דאָרט איז ער געגאַנגען נאָך ק אַ נ אָ ס ס אַ , אַ פעסטונג צו דרום פון רעגגיאָ. דיזע פעסטונג האָט גע־הערט צו דער מעכטיגער מארק־גרעפין מאַטהילדע פון טוסציען. נאָך דיזער פעסטונג איז דער פּאַפּסט פון רוים ענטלאָפען, אַלס ער האָט דערהערט דאָס היינריך קומט נאָך איטאַליען. היינריך איז אָבער געקומען אהער ניט אַלס אָנגרייפער, נאָר אַלס מחילה־בעטער און בעל תשובה. דאָ איז היינריך גע־שטאַנען דריי טעג אויסער דער מויער, אָהן אַ הוט, באָרפוס, אין אַ גרויסען מאַנטעל פון אַ בעל תשובה, ביז דער פּאַפּסט האָט זיך איבער איהם דער־באַרמט און האָט פון איהם דעם חרם אַראָפּגענומען, אָבער מיט דער בעדינ־גונג, דאָס ווענען זיינע רעכטען אַלס קעניג זאָל נאָך שפּעטער בעזונדער פער־האַנדעלט ווערען. דאָס איז געווען דער גרעסטער נצחון, וואָס דאָס פּאַפּסט־טום האָט ווען עס איז געהאַט איבער דער וועלטליכער מאַכט.

אין דער צייט, וואָס היינריך איז געווען אין איטאַליען, האָט דייטש־לאַנד ערוועהלט אַן אַנדער קעניג. עס איז נעמליך ערוועהלט געוואָרען ר ו ד אָ ל ף פון ש וו אַ ב ע ן אין פ אָ ר כ ה י י ם . היינריך איז באַלד געלאָ־פען נאָך דייטשלאַנד, און מיט דער הילף פון דעם פּאַטריארך פון אַקווילעיאַ, פון דעם הערצאָג פון קאָרנטהען און פיעלע גרויסע לייט פון באַיערן איז ע־ארויס אין קריג מיט רודאָלף'ן, דעם רויבער פון זיין טראָן. הגם אין דער־צייט פון דיזען קריג האָט איהם דער פּאַפּסט איבער־אַ־נייעס אַריינגעלעגט אין חרם (1080), דאָך האָט ער פאָרטגעזעצט דעם קריג מיט גרויס ענערגיע. לאַנג און בלוטיג איז געווען דער קאַמף. דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען צו־טיילט אויף צוויי פּאַרטייען, אין פּאַפּיסטען און מאָנארכיסטען. דאָס לאַנד האָט שרעקליך געליטען פון דיזער מלחמה. צו די אונגליקען פון קריג איז נאָך צוגעקומען דאָס אונגליק פון הונגער און פון פערשיידענע קראַנקהייטען. לאַנג איז דאָס גליק געווען אונבעשטימט, ביז רודאָלף האָט ענדליך בעקומען אַ טויטליכע וואונד און עס איז געוואָרען אַן ענדע צו דער בלוטיגער שלאַכט.



היינריך דער 4טער אין קאַנאָססאַ.

היינריך האָט בעזיגט, און דאַן האָט ער דעם הערצאָג וועלף בערויבט פֿון זיין הערצאָגטום און לעאָפּאָלד פון עסטרייך פון זיין מארק־גראַפשאַפט.

יעצט האָט עס אויסגעוויזען, דאָס עס איז געקומען די שטונדע פון ראַכע פיר היינריך׳ן. ער האָט ערוועהלט אַ נייעם פּאַפּסט, וועלכער האָט זיך גערופען קלעמענס דער 3 טער, און מיט דיזען פּאַפּסט האָט היינריך אונטערגענומען אַ קריגס־צוג נאָך איטאַליען. ער האָט איינגענומען רוים, האָט זיך געלאָזען דאָרט קרוינען אַלס קייזער, און האָט דעם פּאַפּסט גרע־גאָריוס איינגעשלאָסען אין דער ענגעלסבורג (שלאָס פון סאַנט׳ אַנדזשעלאָ). היינריך האָט איהם דאַמאַלס פאָרגעשלאָגען בעדינגונגען פון פרידען, אָבער דער אייזערנער כאַראַקטער פון פּאַפּסט גרעגאָריוס האָט פון פרידען ניט גע־וואָלט הערען. ענדליך איז דעם פּאַפּסט גרעגאָריוס געקומען צו הילף דער נאָר־מאַננישער הערצאָג פון קאַלאַבריען, ראָבערט גוויסקאַרד, וועלכער האָט איהם געראַטעוועט פון געפענגניס און האָט איהם אַוועקגעפיהרט נאָך סאַלערנאָ. דאָ איז גרעגאָריוס געשטאָרבען אין יאָהר 1085, און האָט ניט געוואָלט אפילו פאַר זיין טויט אָראָפּנעהמען דעם חרם פון היינריך׳ן, אין געגענטייל, ער האָט נאָך בעניייט דעם חרם מיט פרישע קללות. אָבער מיט׳ן טויט פון פּאַפּסט האָט זיך דער קריג נאָך ניט געענדיגט. אין דער צייט, וואָס היינריך איז גע־ווען אין איטאַליען, האָט מען אין דייטשלאַנד ערוועהלט אַלס קעניג דעם גראַף ווילהעלם פון לוקסעמבורג. היינריך איז געקומען צוריק נאָך דייטשלאַנד, האָט זיך אָפּגערעכענט מיט זיינע פיינד און האָט געבראַכט אָרדנונג. אָבער אין דיזער צייט האָט אין איטאַליען זיך בעוויזען אַ נייע געפאַהר. מאַטהילדע האָט געהייראַט מיט דעם הערצאָג וועלף, דעם ביטערען שונא פון היינריך׳ן, און דערמיט האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף. אָבער באַלד האָט מאַטהילדע חרטה געהאַט אויף׳ן שידוך, האָט זיך גע׳גט מיט וועלף׳ן און האָט זיך ענטזאָגט אין גאַנצען פון פּאַפּסט. דאַן האָט וועלף געשלאָסען שלום מיט היינריך׳ן און איז געוואָרען הערצאָג פון באַיערן.

דער פּאַפּסט האָט פאָרטגעזעצט דעם קריג מיט היינריך׳ן. ער האָט זיך ערלויבט אויפצובונטעווען היינריך׳ס זוהן געגען איהם. אין דיזער זאַך האָט איהם געהאָלפען דער ביטערער שונא פון היינריך׳ן, דער הערצאָג פון באַיערן, גראַף וועלף. היינריך׳ס עלטעסטער זוהן, קאָנראַד, איז שוין פריהער אָפּגעפאַלען פון זיין פאָטער און האָט ערהאַלטען די קרוין פון איטאַליען. דער פאָטער היינריך האָט איהם דערפאַר אָפּגעזאָגט פון דער ירושה פון דייטשען טראָן. קאָנראַד האָט אויך אין איטאַליען פערלאָרען זיין הערשאַפט און איז געשטאָרבען אין אָרמוט און פערלאָזען פון אַלעמען. דאַן האָבען זיך היינ־

ריך'ס פיינד גענומען אויפצובונטעווען געגען איהם זיין צווייטען זוהן. דיזער תכשיט האָט געפאַנגען זיין פאָטער און האָט געמאַכט אין מאַינץ אַ פערזאַמלונג פון פירסטען, וועלכע האָבען דעם אַלטען גרייז־גרויען היינריך אראָפּגעזעצט פון טראָן. דריי בישאָפען האָבען מיט געוואַלט אראָפּגעריסען פון איהם די קייזערליכע קליידער און אַנדערע צייכענס פון קייזערליכער ווירדע. נאָכדעם האָט מען איהם אַוועקגעפיהרט נאָך אינגעלהיים, און דאָרט האָט מען איהם געצוואונגען זיך ענטזאָגען פון טראָן און איהם איבערגעבען צו זיין זוהן. קורץ נאָך דעם איז עס געלונגען היינריך'ן צו ענטלויפען פון געפענגניס, און מיט דער שטיצע פון היינריך פון לימבורג און דעם בישאָף פון ליטטיך און אַנדערע האָט ער אונטערגענומען אַ פעלד־צוג געגען זיין זוהן, אָבער איידער עס איז נאָך געקומען צו אַ שלאַכט איז ער געשטאָרבען (1106). מען האָט איהם מיט גרויס פּאַראַד בעגראָבען אין ליטטיך. דער זוהן אָבער האָט געהייסען אַרויסוואַרפען זיין פאָטער פון קבר, מיט דעם אויסרייד, דאָס ער איז געשטאָרבען אין חרם, און אַזעלכער טאָר קיין קבורה ניט האָבען. פינף יאָהר האָט ער דעם קערפּער פון זיין פאָטער געהאַלטען אין שפּייער איבער דער ערד, ביז ענדליך האָט איהם דער פּאַפּסט בעפרייט פון דעם חרם, און האָט דער קירכע ערלויבט, מען זאָל איהם בעערדיגען נאָך דעם קריסטליכען מנהג.

דער נייער הערשער **היינריך דער 5טער** איז געוואָרען גרויס דורך די קירכע. ווייל ער איז געווען גוט בעקאַנט מיט אַלע אינטריגעס און פאַלשע שטיק פון דער קירכע, האָט ער בעשלאָסען ניט אָפּצוטרעטען איהר אויף אַ האָאָר פון די רעכטען פון דער קעניגליכער ווירדע פון זיינע עלטערן. ווייל ער איז געווען מעהר בעקאַנט מיט די פּאָליטישע מיטלען פון דער קירכע, האָט ער גערעכענט, דאָס ער וועט האָבען מעהר ערפאָלג אין אַ קאַמף געגען איהר. ער האָט די גייסטליכע געגעבען די פולע רעכטען וואָס אָנבעטרעפט רעליגיעזע זאַכען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטען אויף אַ האָאָר פון די קעניגליכע רעכטען צו בעזעצען די ביסטימער מיט פערזאָנען, וועלכע ער וויל און געפינט פיר גוט, און צו פערלייהען די קירכען־גיטער צו וועמען ער וויל. דער פּאַפּסט **פּאַסכאַליס דער 2טער** האָט פעררופען אַ קירכען־פערזאַמלונג אין טרואַ און האָט פערלאַנגט, מען זאָל בענייען די עדיקטען פון גרעגאָריוס דעם 7טען, וועלכע שוואַכען אָפּ די קעניגליכע רעכטען בנוגע די קירכע און איהר אייגענטום. היינריך דער 5טער האָט גלייך אונטערגענומען אַ צוג נאָך איטאַליען און האָט געצוואונגען דעם פּאַפּסט, וועלכען ער האָט גענומען געפאַנגען, צו אָנערקענען די אַלטע קעניגליכע רעכ-

טען (1111). דיזער ערפאָלג האָט געקאָסט ניט ווייניג בלוט. די פראַנצויזישע קאַרדינאַלען און בישאָפען זיינען ניט געווען איינפערשטאַנען מיט דעם גע-צוואונגענעם אָפּמאַך פון דעם פּאַפּסט, און האָבען אַריינגעלעגט היינריך דעם 5טען אין חרם. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער אַלטער קריג. אין יאָהר 1113 איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי װ ו אַ ר נ פּ ר ע ד צווישען היינריך'ן און די גרויסע פון זאַקסען און טהירינגען און היינריך האָט זיי בעזיגט. אָבער באַלד נאָכדעם האָבען זיך ווידער אויפגעהויבען געגען דעם קייזער קאָלן און די פירסטען פון נידער-רהיין און טהירינגען. אין דיזען שטרייט האָט דער קייזער געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע ביי מ אַ נ ס פ ע ל ד אין יאָהר 1115. דאַן איז גאַנץ צפון-דייטשלאַנד אָפּגעפאַלען פון קייזער, אָבער אין דרום-דייטשלאַנד האָט דעם קייזער'ס פלעמעניק פ ר י ע ד ר י ך פון ש װ אַ ב ע ן דאָס קייזערטום אויפגעהאַלטען.

היינריך איז דאַמאָלס אַוועק נאָך איטאַליען. דאָרט האָט זיך בעוויזען אַ נייער פּלאָנטער. נעמליך: מאַטהילדע איז געשטאָרבען און היינריך איז געקומען אַלס געזעצליכער יורש. דער פּאַפּסט אָבער האָט גע'טענה'ט, דאָס ער האָט מעהר רעכט אויף דיזע ירושה. אום אָפּצושוואַכען די מאַכט פון פּאַפּסט, האָט היינריך אויפגעשטעלט געגען דעם פּאַפּסט ג ע ל אַ ז י ו ס דעם 2 ט ע ן אַ נייעם פּאַפּסט מיט דעם נאָמען ג ר ע ג אָ ר י ו ס ד ע ר 8 ט ע ר. אָבער דיזער האָט איהם ווייניג געהאָלפען צו זיין זאַך. אין יאָהר 1119 איז ערוועהלט געוואָרען דער פּאַפּסט ק אַ ל י ק ס ט ו ס ד ע ר 2 ט ע ר, וועלכע האָט היינריך'ן איבער-אַ-נייס אין חרם אַריינגעלעגט, און ער איז געווען געצוואונגען אַ נייעם אָפּמאַך מיט'ן פּאַפּסט צו שליסען (אין יאָהר 1122), וועלכער איז געוואָרען אַ גרונד-געזעץ פיר די דייטשע קירכע. לויט דיזען אָפּמאַך האָט יעדע קירכע געהאַט איהר רעכט צו ערוועהלען אַלס גייסטליכען וועמען זי האָט געוואָלט, נאָר ביי די וואַהלען האָט בעדאַרפט אָנוועזנד זיין אַ דעלעגאַט פון קייזער, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט אין פאַל, ווען ביי די וואַהלען איז פאָרגעקומען וועלכע עס איז שטרייטיגקייט, צו ענטשיידען ווי ער פערשטעהט. דערמיט האָט זיך געענדיגט דער אַלטער לאַנגער קריג וועגען די רעכטען פון קייזער און די קירכע-אַנגעלעגנהייטען. דער פּאַפּסט איז אין דיזען שטרייט אַרויס דער זיגער און האָט געוואונען די מעהרסטע פון זיינע פאָדערונגען.

די אָפּגעשוואַכטע מאַכט פון קייזער האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אויף די אויסערליכע פּאָליטיק. זיין קריג מיט אונגאַרן האָט קיין נוצען ניט

געבראַכט. אויך אין דעם קריג מיט דעם קעניג פון פוילען, באָלעסלאַוו דעם 3טען, האָט ער געליטען אַ נידערלאַגע. — היינריך דער 5טער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1125 און האָט ניט איבערגעלאָזען קיין אייגענע יורשים אויף'ן טראָן.

נאָך היינריך'ס טויט האָבען אַלע גערעכענט, דאָס זיינע יורשים וועלען זיין די צוויי זיהן פון זיין שוועסטער, פריעדריך און קאָנראַד. פריעדריך האָט געהערשט אין שוואַבען, וועלכע ער האָט גע'ירש'עט פון זיין פאָטער, און קאָנראַד אין דער לאַנדשאַפט פראַנקען, וועלכע היינריך דער 5טער האָט איהם געגעבען. די אומשטענדען אָבער האָבען געהאָלפען דער געגען־פּאַרטיי, וועלכע האָט געוואָלט האָבען אַלס קעניג דעם גראַף לאָטהאַר פון סופּלינבורג, און דיזער איז ערוועהלט געוואָרען. דיזער קעניג האָט פערהייראַט זיין איינציגע טאָכטער גערטראַוד, וועלכע איז געווען אַ יורש'טע פון פיעלע זאַקסישע לענדער, מיט דעם הערצאָג היינריך דעם שטאָלצען פון באַיערן, וועלכער האָט גע'ירש'עט די גרויסע גיטער פון וועלפישען הויז אין איטאַליען און אין דייטשלאַנד. לאָטהאַר האָט איבערגעגעבען צו זיין איידים אויך דאָס הערצאָגטום זאַקסען, און דערמיט האָט ער איהם געמאַכט מעכטיגער אַלס ער זעלבסט איז געווען. לאָטהאַר האָט גע־שטרעבט אָפּצונעהמען פון די האָהענשטויפען אַלע גיטער, וועלכע האָבען פריהער געהערט צו היינריך דעם 5טען, אָבער דיזע האָבען זיך מוטיג פערטיידיגט און לאָטהאַר האָט געגען זיי גאָר ניט געקענט מאַכען. די פיינדשאַפט איז געוואַקסען אַזוי וויט, דאָס היינריך דער שטאָלצער האָט ערמאָרדעט זיין שוואָגער פריעדריך פון שוואַבען.

אין יענער צייט האָט זיך אין פּאַפּסטטום געמאַכט אַ שפּאַלטונג. צוויי פּאַרטייען האָבען יעדע ערוועהלט אַן אַנדער פּאַפּסט. לאָטהאַר האָט זיך בע־נוצט מיט דיזער שפּאַלטונג אום צוריקצוקריגען די אַלטע קעניגליכע רעכטען, אָבער דער פּאַפּסט איננאָצענציוס דער 2טער איז געווען געגען זיינע פּרע־טענזיעס, הגם ער, לאָטהאַר, האָט איהם פיעל געהאָלפען צו געווינען דעם פּאַפּסטליכען טראָן פון רוים. בערנאַרד פון קלערוואָ, דער גרוי־סער פּאָלקס־הייליגער פון יענער צייט, האָט בעוואויגען דעם קייזער דורך פערשיידענע הבטחות נאָכצוגעבען. לאָטהאַר איז דאַמאָלס אַוועק נאָך איטאַ־ליען, און האָט דאָרט ערהאַלטען די קייזערליכע קרוין און לאַטעראַן. אָבער אין וואַטיקאַן און אין דער פּעטער'ס קירכע איז נאָך געזעסען אויף'ן טראָן אַנאַקלעטוס דער 2טער. ניט אַכטענדיג דערויף האָט איי־

נאַצענציום געפאָדערט פון לאָטהאַר'ן, ער זאָל זיך אין גאַנצען אונטערגעבען אונטער איהם, און לאָטהאַר האָט געמוזט אויף די קני ביי איהם בעטען די אָנערקענונג אַלס קייזער.

אויף זיין צוריקקעהר פון איטאַליען איז לאָטהאַר קראַנק געוואָרען און איז אין יאָהר 1137 געשטאָרבען ניט ווייט פון טרידענט. נאָך זיין טויט איז דער טראָן איבערגעגאַנגען צו דעם הויז פון די ה אָ ה ע נ ש ט ו י פ ע ן. מיט דיזען הויז האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע עפּאָכע אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון אייראָפּאַ.




וואַפען פון 11טען יאָהרהונדערט.

# די קאַמונעס אין פראַנקרייך.

צו ענדע פון 11טען יאָהרהונדערט האָט די פעאָדאַל=הערשאַפט בעזיגט גאַנץ אייראָפּאַ. אונטער דיזער הערשאַפט האָט זיך ענטוויקעלט דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען פון יענער צייט. די פעלקער זיינען אַריין אין נייע פערהעלטניסען, די אַלטע גלייכהייט איז גענצליך פערניכטעט געוואָרען און די בויערן זיינען בערויבט געוואָרען פון יעדען גרונד=בעזיץ און דערמיט אויך פון יעדער פערזענליכער פרייהייט. אָנגעפאַנגען האָט זיך די פעאָדאַל=רויבעריי אין גאַלליען, נאָכדעם האָט זי זיך ווי אַן עפּידעמיע פערברייטעט אין דייטשלאַנד, אין רוסלאַנד און אין פוילען. דער פעאָדאַל=אַדעל האָט דורכגעפיהרט זיינע רויבערייען מיט דער מאַכט פון שווערד. די אַרבייט איז נאָך ניט געוועזן אָרגאַניזירט, זי איז נאָך ניט געוועזן אין שטאַנד צו שטרייטען מיט דעם שווערד. דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דער בעפרייאונגס=קאַמף פון דעם אַרבייטענדען קולטור=מענשען ניט דורך דאָס שווערד, ניט דורך בלויזע רעוואָלוציאָן, נאָר דורך די מאַכט פון דער אַרבייט.

מיר דאַרפען ניט פערגעסען, וואָס מיר האָבען שוין פיעל מאָל געזאָגט, דאָס בעזיץ איז מאַכט און דאָס יעדע מאַכט=פראַגע איז אייגענטליך נאָר אַ בעזיץ=פראַגע. צו בעקומען בעזיץ זיינען נאָר דאָ צוויי מיטלען: דאָס שווערד און די אַרבייט. דאָס שווערד איז געוועזן דאָס מיטעל פון די הערשענדע קלאַסען פון די בירגער פון אַטהען און ספּאַרטאַ, פון די פּאַטריציער אין רוים און פון די פעאָדאַל=פּריצים אין מיטעלאַלטער. דאָס מאַכט=מיטעל פון די אונטערדריקטע איז געוועזן און איז אויך יעצט נאָר די אַרבייט. די אונטערדריקטע האָבען זיך אָפט אויך גענומען צום שווערד, אָבער ניט מיט דעם צוועק צו רויבען, נאָר אום זייער אַרבייט מעהר פרייהייט צו פערשאַפען. די אַרבייט איז די הויפּט=מאַכט פון דער אונטערדריקטער קלאַס. וואָס פרייער און זעלבשטענדיגער די אַרבייט ענטוויקעלט זיך, אַלץ מעהר ערפאָלג האָט זי אין דעם קאַמף מיט דער הערשענדער קלאַס. ביז דעם פונקט פון דער

געשיכטע, ביי וועלכען מיר שטעהען יעצט, האָבען מיר נאָך ניט בעמערקט, דאָס די אַרבייט איז אַ מאַכט. אויסער אין כינא איז די אַרבייט ביי אַלע פעלקער, וועגען וועלכע די געשיכטע ערצעהלט אונז, געווען פערשקלאַפט. מיר בעגעגנען אין דער געשיכטע זעהר זעלטען דעם פאַקט, דאָס די אַרביי-טענדע מענשהייט זאָל זיך מיט געוואַלט וועלען בעפרייען פון דעם דרוק פון איהרע רויבער, און ווען עס האָט געטראָפען אַ פערזוך, האָט ער קיין ער-פאָלג ניט געהאַט. די אויפשטאַנדען פון די שקלאַפען זיינען אימער דער-שטיקט געוואָרען. די קעטען פון די אַרבייטער זיינען געווען אַזוי פעסט געשמידט, דאָס די בעזיצער האָבען געקענט גאַנץ רוהיג שלאָפען. דאָס ביי-שפּיעל, וואָס די געשיכטע האָט אונז געליפערט ביז יעצט, מיט אויסנאַהמע פון דעם ביישפּיעל פון די כינעזער, איז זעהר אַ טרויעריגעס. מען קען אָנ-הייבען צווייפלען אין דער מאַכט פון אַרבייט, זעהענדיג ווי אַלע קולטור-שטאַאַטען זיינען געווען געגרינדעט נאָר אויף דעם באָדען פון פערשקלאַפטער אַרבייט, דאָס די גאַנצע וועלט-געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָר אויף דעם אונטערגרונד פון שקלאַפען-אַרבייט, דאָס די אַלע קריגערייען און רייסערייען פון די הערשענדע קלאַסען צווישען זיך זיינען נאָר וועגען דעם בעזיץ פון דיזער שקלאַפען-אַרבייט, און דאָס די גאַנצע קולטור, וועלכע מיר בעוואונדערן היינט צו טאָג, איז נאָר אַ קלאַסען-קולטור.

און דאָך וואָלט עס זיין פאַלש צו בעהויפּטען, דאָס די שטרעבונגען פון דער אַרבייטענדער קלאַס דורך איהרע אָרגאַניזאַציאָנען וועלען איהר ניט העל-פען זיך ענדליך בעפרייען פון דעם דרוק פון די מעכטיגע און דאָס שווערד וועט אימער הערשען איבער דער אַרבייט. גראַדע אין דער צייט, ווען עס האָט אויסגעוויזען, דאָס די אַרבייטענדע מענשהייט וועט זיך קיינמאָל ניט קענען בעפרייען פון דעם שרעקליכען דרוק, וואָס שטיקט זי, דאָס די פּעאָדאַל-הערען האָבען דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון מאַכט און גליק, האָט זיך דער לייבאייגענער אויפגעכאַפּט פון זיין הינערפלעט, האָט אָנגעהויבען צו פאָדערן אַ פרייעס בירגערטום, און האָט געלעגט דעם גרונד צו דער מאַכט פון אַרבייט, וועלכע האָט שפּעטער געהאַט איהר טריאומף אין די ענגלישע און פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנען.

פון עלפטען יאָהרהונדערט אָן זיינען די בלעטער פון דער וועלט-גע-שיכטע פול מיט דעם עקאָנאָמישען קאַמף און מיט די סאָציאַלע בעוועגונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט, ווען די שטעדט האָבען זיך אָנגע-פאַנגען צו בילדען. מיט דער ענטשטעהונג פון די שטעדט האָט זיך אָנגע-

הויבען פערבעסערן די לאַגע פון די בויערן, וועלכע זיינען געווען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון די פּריצים. עס האָט זיך דאַמאָלס אָנגעפאַנגען צו בילדען אַ נייע קלאַס, וועלכע האָט אונטערגעוואָרפען אונטער איהר מאַכט די פעאָדאַל-הערן, און וועלכע איז מיט דער צייט געוואָרען די הערשערין פון דער וועלט. דאָס היינטיגע בירגערטום האָט בעשאַפען אַ נייע פאָרמע פון שקלאַפעריי, נעמליך: די לוין-שקלאַפעריי. דער אונטערשייד צווישען דיזער שקלאַפעריי און דער אַלטער פאָרמע פון שקלאַפעריי בעשטעהט דערין, דאָס אין דער נייער פאָרמע פערשאַפען זיך די הערן גיטער און רייכטימער ניט מיט געוואַלד-טאַטען, מיט דער מאַכט פון שווערד, נאָר מיט דער צושטימונג פון די אַר-בייטער זעלבסט. דאָס גוטע דערין בעשטעהט אין דעם, דאָס דער אַרביי-טער איז פריי און ניט געצוואונגען צו טאָן זיין אַרבייט געגען זיין ווילען. דיזע פרייהייט וועט זיין דאָס בעסטע און שטאַרקסטע געוועהר געגען זיינע יעצטיגע אונטערדריקער, ער וועט אָהן צווייפעל פריהער אָדער שפּעטער אַרויסקומען דער זיגער.

גראַדע ווי די אונטערדריקונג פון די פרייע בויערן האָט זיך אָנגעפאַנ-גען אין גאַלליען און פון דאָרט האָט זי זיך פערשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ, אַזוי האָט זיך אויך דאָס בירגערטום אָנגעפאַנגען אין גאַלליען און פון דאָרט האָט עס זיך פערברייטערט איבער דעם רעסט פון אייראָפּאַ. אין דעם פינפ-טען יאָהרהונדערט, ווען רוים האָט פערלאָרען איהר ממשלה אין גאַלליען, זיינען צוזאַמען מיט דעם אויך אונטערגעגאַנגען איהרע שטעדטישע גע-מיינדע-איינריכטונגען. די דאָרפּישע פערפאַסונג פון די פראַנקען האָט קיין אָרט ניט געלאָזען פיר די שטאָדט-געמיינדע. דאָך זיינען די שטעדט פערבלי-בען, ווי צ. ב. קלערמאָנט, אַנגערס, טור, בורזש, סענס און אַנדערע, הגם דער כאַראַקטער פון דיזע שטעדט איז שטאַרק פערענדערט געוואָרען זינט זיי זיינען געקומען אונטער די הערשאַפט פון די פראַנקען. יעצט האָבען מיר אַ בעגריף פון אַ שטאָדט אַלס אַן אָרט פון אַ גרויסער מענגע הייזער, געדיכט איינס נעבען דעם אַנדערען, מיט אַ צאָהלרייכער בעפעלקערונג, וועלכע בע-שעפטיגט זיך מיט אַלערליי האַנט-אַרבייט און אינדוסטריע, נאָר ניט מיט לאַנדווירטשאַפט. גאַנץ אַנדערס איז אָבער געווען די שטאָדט אין יענער צייט, אין עלפטען יאָהרהונדערט. דאַמאָלס איז עס געווען אַ גרויסער פּלאַץ, אויף וועלכען עס האָבען זיך געפונען צוזאַמענגעדרענגט פיעלע פערשיידענע פעאָדאַל-ווירטשאַפטען אַרומגערינגעלט מיט אַ מויער אַלס שוץ געגען פיינד און רויבער. הינטער דעם שוץ פון דער מויער האָט זיך געפונען אַ גרויסע מענגע פון פעאָדאַל-הויפען אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער זיינען זיי געווען

צושפרייט איבער די דערפער. אויסער דער מויער האָבען זיך געפונען די דערפער, וואָס האָבען געהערט צו דיזע הויפען.

די בעפעלקערונג פון אַ שטאָדט איז דאַמאָלס געווען איינגעטיילט אין צוויי קלאַסען: אין פרייע און ניט פרייע. די פרייע זיינען געווען די פעאָ־דאַל־העררען, דער בישאָף, און די גייסטליכע פון דער קירכע פון דער שטאָדט. מאַנכמאָל האָט דער קעניג אויך געהאַט איינינע הויפען אין שטאָדט מיט אַ געוויסער צאָהל בעאַמטע אין שטאָדט. די אַנדערע קלאַס שטאָדט־איינוואוי־נער איז געווען די גרויסע מאַסע ניט־פרייע, פון וועלכע איינינע האָבען בעאַרבייט דאָס לאַנד אויף זייער אייגענע רעכנונג און האָבען געגעבען צו זייערע פריצים אַ געוויסען טייל פון די פראָדוקטען, פון שאָף און רינדער, און אַ טייל זיינען געווען פשוט'ע שקלאַפען, וועלכע האָבען בעאַרבייט די גיטער פון די העררען, פון דער קירכע אָדער פון קעניג, און האָבען דערפאַר בעקומען בלויז די נעטיגסטע לעבענס־מיטלען, עסען, קליידער און אַן אָרט פיר נאַכטלאַגער. פיעלע פון די ניט־פרייע זיינען אויך געווען בעזעצט אויסערן שטאָדט אויף די גיטער פון זייערע פריצים. די פרייע קלאַס איז געווען צוזאַמענגעשמאָלצען אין איין גרויסע געמיינדע, דאַגעגען די ניט־פרייע זיינען געווען איינגעטיילט אין פיעלע קליינע געמיינדעס, אַזוי דאָס אין יעדער שטאָדט האָבען זיך געפונען אַזעלכע געמיינדעס פון צעהן ביז צוואַנציג און אין אַנדערע שטעדט נאָך מעהר.

הגם די שטאָדט האָט דאַמאָלס ניט געהאַט מעהר רעכטען פון די דער־פער, האָט זי דאָך געהאַט איינינע פאָרצוגען איבער'ן דאָרף. זי איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ מויער, אין איהר איז געזעסען אַ בישאָף און זי איז געווען מעהר בעפעלקערט פון דעם דאָרף. וואו עס וואוינען צוזאַמען אַ גרוי־סע מאַסע מענשען מוזען זיך די בעדערפניסען פערגרעסערן און פערמעהרען. אַרבייט, האַנדעל און פאַבריקאַציאָן, וועלכע האָבען געבליהט אין דער צייט פון דער רוימער־הערשאַפט, האָבען איבער־אַ־נייס אויפגעלעבט. ליידער וויי־סען מיר ניט גענויעס וועגען דעם, ווי דיזער פראָצעס איז פאָרגעקומען. אָבער דאָס ווייסען מיר געוויס, דאָס די אַרבייט און די אינדוסטריע איז געוואָרען געשאַפען דורך די ניט־פרייע. מען מוז אָבער אויך דאָס וויסען, דאָס די ניט־פרייע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט פערשיידענע אַרבייטען אויך איידער זיי האָבען זיך בעזעצט אין די שטעדט. דאָס זעהט מען פון דער 45טער בע־שטימונג פון איינער פון קאַרל דעם גרויסען'ס פעראָרדנונגען, וועלכע זאָגט: „יעדער בעאַמטער זאָל אין זיין בעצירק האָבען גוטע האַנטווערקער, ווי שמי־דען, גאָלדשמידען, זילבערשמידען, שוסטערס, טאָקערס, צימערלייט, שילד־

מאַכער, פישער, פויגעל־פאַנגער, זייפענזידער, ברויער, בעקער, נעצען־מאַכער״.

מיט דער צייט האָט זיך ענטוויקעלט פון דיזע סאָרטען ארבייט א בע־דייטענדער וואוילשטאַנד, און אין דער צווייטער העלפט פון עלפטען יאָהר־הונדערט האָבע פיעלע שטעדט געוואַגט אראָפּוואַרפען פון זיך די אָפּהענגיג־קייט פון די פעאָדאַלען און האָבען אויסגעקעמפט דאָס רעכט זייערע אָנגע־לעגענהייטען אליין צו פערוואַלטען דורך בעאַמטע, וועלכע זיי וועלען אליין פיר זיך ערוועהלען. צוערסט האָבען זיך אויפגעהויבען די איטאַלישע שטעדט. דאָ האָבען זיך די מעהרסטע קירכליכע פעאָדאַל־פריצים ערקלערט פיר דעם קייזער, געגען דעם פאַפּסט, דערפאַר זיינען די שטעדט צוגעשטאַנען צו דער פאַרטיי פון פאַפּסט, און אונטער זיין שוץ האָבען זיי זיך אויסגעבילדעט אלס וואהרע רעפּובליקען. דעם ביישפּיל פון די איטאַליענישע שטעדט האָבען נאָכגעפאָלגט די שטעדט אין דרום־פראַנקרייך. דאָ האָבען די שטעדט מאַר־סייל, אוויניאָן, אַרל און אַנדערע ערוועהלט זייערע אייגענע בעאַמטע אונטער דעם נאָמען „קאָנסולען״. עס איז פאָרגעקומען א לאַנגער קאַמף צווישען די גוטס־בעזיצער און די בישאָפען פון איין זייט און די שטאָדטלייט פון דער אַנדערער זייט, און ענדליך האָבען די גראַפען און בישאָפען געמוזט דיזע בעאַמטע אַנערקענען. די קאָנסולאַטען זיינען געווען געוועהנליך בעשרענקט אויף 12 פערזאָן. נעבען זיי זיינען נאָך געווען א גרויסער ראַט און א קליי־נער ראַט, און אין וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען האָט מען אויך פעררופען א פאָלקספערזאַמלונג. דער קאָנסולאַט האָט געהאַט אויפצופאַסען אויף דאָס געריכטס־וועזען און צו בעזאָרגען דאָס לאַנד מיט א געוויסער צאָהל קריגער אין צייט פון מלחמה.

דיזע פערפאַסונג האָט זיך ביסלאַכוויז פערברייטערט פון די געגענדען ביים מיטלענדישען מעער און די פירענאָען ביז לימוססין און אָווערני׳, אָבער אין איניגע ערטער מיט וועניגער קראַפט און וועניגער פרייהייט. אין די געגנדען, וואָס זיינען געלעגען צו דרום פון דער טייך לואַר, האָבען זיך די קעניגען ניט מעהר געמישט צווישען די פעאָדאַל־פריצים און די בירגער. דאַגעגען האָבען זיך די קייזאָרים אין מזרח־פראַנקרייך אַרויסגעצייגט צו זיין אויף דער זייט פון די בישאָפען געגען די בירגער און האָבען פיעל געהאָלפען דערצו, דאָס די בירגער זאָלען ערהאַלטען יענע רעפּובליקאַנישע פערפאַסונג, וועלכע עס האָבען ערהאַלטען די בירגער פון לאַנגעדאָק און פראָוואַנס. ליאָן און אַנדערע שטעדט אין דיזער געגענד האָבען וועניגסטענס געזיכערט זייער

בירגערליכע פרייהייט און די בעפרייאונג פון די שווערע שטייערן, וואָס זיי זיינען געווען געצוואונגען צו צאָהלען צו די פעאָדאַל־הערען. זיי האָבען דאָרט געהאַט זייער אייגענעם מיליטער צו שיצען זיך געגען אָנפאַלען פון פיינד אָדער רויבער. מיר ווייסען ניט גענוי, ווי אַזוי דיזע וויכטיגע ענדערונג איז פאָרגעקומען, מיר זיינען נאָר אַ ביסעל בעקאַנט מיט די רעוואָלוציאָנען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין די צפון־שטעדט געגען די פעאָדאַל־פּריצים.

די בירגער פון די צפון־פראַנצויזישע שטעדט האָבען מעהר פון אַלע אַנדערע געליטען פון די רויבערייען פון די פעאָדאַל־הערען. פון אַלץ האָבען זיי געמוזט צאָהלען שטייער: פון גרונד, פון הויז־זאַכען, פון שפּייז, פון וואַסער, פון קליידער. איבעראַל זיינען געווען צאָל־הייזער: נעבען די טויערן פון שטאָדט, אויף די בריקען, ביים איבערגאַנג פון איין דאָרף צום אַנדערען, פון איין הויף צום אַנדערען. אַלץ, וואָס מען האָט געקויפט און פערקויפט, אַלעס, וואָס מען האָט געטוישט, איז געווען בעלאַסטעט מיט אַן אָפּצאָהל. מען האָט געמוזט דעם גרונד־הערר בעצאָהלען, ווען מען האָט געוואָלט הייראַטען, אָדער בעגראָבען אַ טויטען, ווען מען האָט זיך געוואָלט בעשעפטיגען מיט וועלכען עס איז האַנטווערק, ווען מען האָט געוואָלט בויען אַ הויז צום וואוינען; זיי האָבען ניט געטאָרט האָבען קיין אייגענע מיהל צו מאָהלען זייערע תבואות, נאָר געמוזט אָנקומען צו די מיהלען פון די גרונד־בעזיצער און, פערשטעהט זיך, דערפאַר בעצאָהלען. זייער ברויט האָבען זיי געמוזט באַקען אין דעם אויווען פון גרונד־בעזיצער. זיי האָבען געמוזט צאָהלען צינז פיר די ערד, וואָס זיי האָבען בעאַרבייט, פיר דאָס הויז, וואו זיי האָבען געוואוינט, פיר זייערע פרויען און קינדער. דיזע זיינען געווען די רעגעלמעסיגע, געוועהנליכע אָפּגאַבען; עס זיינען אָבער אויך געווען אונגעוועהנליכע אָפּצאָהלונגען פון פערד, פון וועגען, פון מעבעל, פון בעטציינ. ווען דער פּריץ איז אָנגעקומען אין דאָרף אָדער אין זיין גוט, האָט ער מיט זיינע לייט גענומען פון אַלץ, וואָס ער האָט געפונען אין דאָרף, אָהן אַ שיעור און אָהן אַ גרענעץ. די דאָרפסלייט האָבען זיך ניט ערלויבט צו ברייגען קלאַגעס געגען זייערע הערען אין געריכט, ווייל דיזעם האָט זיי אין גאַנצען רואינירט. מען האָט זיי געוועהנליך דערפאַר בעשטראָפט מיט אונגעהייערע סומעס, וועלכע האָבען זיי אויף זייער גאַנצעם לעבען פעראָרימט.

די בירגער האָבען זיך געפּרובט פערטיידיגען אין די צפון־פראַנצויזישע שטעדט, אָבער אימער אָהן ערפאָלג, ווייל זיי זיינען ניט געווען פעראייניגט

און גוט אָרגאַניזירט. ענדליך האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו פערשטעהן, דאָס נאָר אין פאַל, ווען צווישען זיי וועט הערשען פאָלשטענדיגע אחדות, וועלען זיי קענען רעכנען אויף אַן ערפאָלג אין זייערע שטרעבונגען צו פרייהייט. ניט די עקאָנאָמישע מאַכט, ניט די מאַכט פון אַ גרויסער צאָהל, נאָר די צויבער־מאַכט פון אָרגאַניזאַציאָן האָט זיי געהאָלפען זיך צו בעפרייען פון דעם יאָך פון די פעאָדאַלען. פריהער פון אַלץ האָבען זיך פעראייניגט די בירגער פון איינצעלנע שטעדט מיט דעם צוועק צו פערהינדערן די רויבערייען פון די פריצים און אויפצוהאַלטען דעם אַזוי־גענאַנטען גאָט'ס פרידען. *) נאָכדעם האָבען זיך דיזע פערשיידענע חברות פערוואַנדעלט אין קריגס־געזעלשאַפטען אום צו קעמפפען מיט די טיראַנען. אין פערשיידענע ערטער זיינען די גע־דריקטע אַרוים בעוואָפענט געגען זייערע בעדריקער, האָבען איינגענומען זיי־ערע פעסטונגען און מויערן, דאַן האָבען זיי זיך פעראייניגט אויף עפענטליכע פלעצער, האָבען געשוואָרען טרייהייט און ברידערליכקייט איינער דעם אַנ־דערען, האָבען ערוועהלט בעאַמטע אום זיי צו רעגירען, ווי אויך ריכטער און אַנדערע בעאַמטע, וועלכע זאָלען פיהרען די פערטיידיגונג געגען די בעדרי־קער, וועמעס מאַכט איז יעצט געוועזען געבראָכען. געגען דעם פעאָדאַל־שלאָס האָבען זיי אויפגעשטעלט דעם שטאָדט־טורם, אויף וועלכען עס האָט געפלאַ־טערט די פאָהן פון דער נייער פרייער געמיינדע, וואָס האָט זיך גערופען די „קאָמונע", און פון דיזע שטאָדט־טורמס האָבען זיי גוט בעאָב־אַכטעט, וואָס די וועכטער פון די פעאָדאַל־שלעסער נעהמען אונטער צו טאָן געגען זיי, די קאָמונעס.

די בירגער האָבען זייערע פעראייניגונגען אַ נאָמען געגעבען די „קאָ־מונע", אום צו צייגען, דאָס זיי זיינען בערייט פיר די געמיינזאַמע זאַך צו אָפּפערן זייערע הערצער, זייערע הענט, זייער לעבען, אום אויסצופיה־רען זייער פרייהייט אָדער צוזאַמען אונטערגעהן. דער נאָמען „קאָמונע" איז געוועזען אַ שרעקבילד פיר זייערע אונטערדריקער. די מעהרסטע אדעלליט האָבען איהם געהאַסט ביז צום טויט. עס איז קיין וואונדער! האָבען דען דיזע רויבערישע בלוטזויגער אַנדערס געקענט פיהלען צום פאָלק, וואָס האָט בעשלאָסען צו מאַכען אַן ענדע צו זייערע שינדערייען? די בישאָפען האָבען עס גערעכענט פיר אַן אַפּיקורסות צו ענטזאָגען זיך פון צו צאָהלען דער קירכע די רויבערישע שטייערן, און ניט אָנצופילען די פעטע בייכער פון די גייסט־

---

*) דאָס איז געוועזען אַן אָפּמאַך ניט צו פיהרען קיין שטרייטיגקייטען געוויסע טעג אין וואָך.

ליבע מיט דעם בלוט און שוויים פון אָרימע בויערן אָדער אָרימע בירגער. „די קאָמונע", האָט געזאָגט אַ מאָנאַך אַ כראָניק־שרייבער פון יענער צייט, „איז אַ נייעס און זעהר שעדליכעס וואָרט, עס הייסט אַזוי פיעל, דאָס די אונ־



דאָס פֿאָלק באַשטירמט די קאָמונע.

טערטאַנען זאָלען בלויז איין מאָל אין יאָהר צאָהלען שטייער". די קאָמונע האָט אָבער געוואָלט געהען נאָך ווייטער, ווי דער כראָניק־שרייבער זאָגט, זי האָט געשטרעבט צו בעפרייען זיך פון שטייערן גאָר אין גאַנצען.

דער אדעל האָט פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון דיזער בעוועגונג. ער האָט געזעהען, דאָס די שטרעבונג פון דער קאָמונע איז צו שאַפען אַ נייע אָרדנונג אום צו ברעכען דאָס פעאָדאַל-סיסטעם. עס איז נאָך דאַמאָלס ניט פאָרגעקומען קיין אַלגעמיינער קאַמף צווישען די קאָמונעס און די פעאָדאַל-פריצים. מעהרסטענס האָט געקעמפט יעדע שטאָדט פיר זיך זעלבסט מיט איהרע גוטס-בעזיצער פיר פרייהייט און אָפּשאַפען די שווערע שטייערן. מאַנכמאָל האָט זיך דער קעניג אַריינגעמישט אין די קריגערייען צווישען די קאָמונעס און די גוטס-בעזיצער. די ערפאָלגען זיינען געווען פערשיידען. ניט אַלע שטעדט האָבען אויסגעפיהרט וואָס זיי האָבען געוואָלט. אָבער אפילו די, וואָס האָבען ניט געזיגט אַליין, האָבען גרויסע נוצען געצויגען פיר זיך פון די זיגען פון אַנדערע קאָמונעס. די לאַגע פון די בירגער, וואָס האָבען ניט געזיגט, האָט זיך אויך פיעל פערבעסערט. די גוטס-בעזיצער האָבען געמוזט פיעלעס נאָכגעבען.

די שטאָדט מ א נ ס איז געווען די ערסטע, וואָס האָט איינגעפיהרט די נייע אָרדנונג. אין יאָהר 1072 האָבען זיך די בירגער פון דיזער שטאָדט אָרגאַניזירט אַלס אַ קאָמונע. זיי האָבען אויסגעפיהרט אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט געגען די גוטס-בעזיצער און דעם בישאָף, אָבער זיי האָבען זעהר ווענינג געוואונען געגען דעם קייזער ווילהעלם „דעם בעזיגער”. דיזער האָט זיי נאָכגעגעבען נאָר איין פונקט, נעמליך: צו האָבען אייגענע ריכטער און אייגענע געריכטס-הייזער. אין איבריגען האָט ער זיי גאָרניט נאָכגעגעבען. די צווייטע שטאָדט, וואָס האָט זיך גענומען ענערגיש צו בילדען אַ קאָמונע, איז געווען די שטאָדט ק א מ ב ר ע. די בירגער פון דיזער שטאָדט האָבען אין 10טען און 11טען יאָהרהונדערט געמאַכט אויפשטאַנדען געגען זייער בישאָף, אָבער דער קייזער האָט זיי געשטערט דורכצופיהרען זייערע פּלענער. אין יאָהר 1076 איז זיי שוין געווען געלונגען צו בילדען אַ קאָמונע, נאָר די גוטס-בעזיצער האָבען זי באַלד פערניכטעט, אָבער באַלד נאָך דעם האָבען זיי ווידער אויפגעשטעלט די קאָמונע. אַ שריפטשטעלער פון יענער צייט שרייבט פון דיזער שטאָדט אַזוי: „וואָס זאָלען מיר זאָגען וועגען דער פרייהייט פון דיזער שטאָדט? ניט דער בישאָף, ניט דער קייזער האָבען געקענט אויפמאָהנען די געוועהנליכע אָפּגאַבען, און דאָס מיליטער האָט גאָר ניט געטאָן געגען די בירגער, עס האָט פערלאָזען די שטאָדט צו איהר אייגענעם שוץ”. דעם ביישפּיל פון דער שטאָדט קאַמברע האָבען באַלד נאָכגעפאָלגט די שטעדט ב אָ וו ע, ס ע נ ט - ק ע נ ט י ן, נ א י א ן און אַנדערע. מעהר פון אַלץ איז אינטערעסאַנט די געשיכטע פון דער שטאָדט ל א אָ ן,

וועלכע שילדערט צום בעסטען די סצענעס, וואָס האָבען זיך דאַמאָלס אָפּ-געשפּילט אין צפון-פראַנקרייך אין דעם קאַמף צווישען די בירגער און די פּעאָדאַלען.

לאַאָן איז געווען צו ענדע פון 11טען יאָהרהונדערט אַ רייכע שטאָדט, וועלכע האָט געהערט צו אַ בישאָף און אַנדערע קליינע אַדעליגע גוטס-בעזי-צער. אין דיזער שטאָדט האָט געהערשט די גרעסטע אונאָרדנונג. די אַדעל-ליים האָבען געראַובט די בירגער און דיזע האָבען געראַובט די בויערן, ווען זיי האָבען געבראַכט זייערע פּראָדוקטען אין שטאָדט צום פערקויפען. אין יאָהר 1109 האָט אַ פרעכער נאָרמאַננער מיט'ן נאָמען ג אָ ד ר י אָפּגעקויפט פון בישאָף און אַנדערע בעזיצער די שטאָדט, און האָט אָנגעפאַנגען צו דריקען די בירגער מיט אַן אייזערנער האַנט. דער רעזולטאַט דערפון איז גע-ווען, דאָס די בירגער האָבען זיך פעראייניגט אום צו מאַכען אַ סוף צו די רויבערייען און אונטערדריקונגען. נאָך אַלע בעראַטונגען איז בעשלאָסען גע-וואָרען איינצואָרדנען אין לאַאָן אַ קאָמונע נאָך דעם ביישפּיל פון דער שטאָדט נאָיאָן, וואו עס האָט געהערשט פרידען. דיזעס איז געווען דאָס איינציגע מיטעל צו אַלע צרות פון די בירגער פון לאַאָן. דער בישאָף איז דאַמאָלס געווען אין ענגלאַנד, און די בירגער האָבען אָנגעבאָטען די גייסטליכע אַ געוויסע סומע געלט פיר ערלויבניס, וואָס מען וועט זיי געבען צו האָבען זייערע אייגענע געריכטס-הייזער און בעאַמטע. די גייסטליכע זיינען צופרי-דען געווען מיט'ן האַנדעל, און די בירגער האָבען ערוועהלט אַ פאָרשטעהער מיט צוועלף געשוואָרענע ריכטער, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט צוזאַמענ-רופען דאָס פאָלק דורך די גלאָק פון קירכע צו משפּט'ן און בעשטראָפען די פערברעכער פון שטאָדט און אומגעגענד. אַלס דער בישאָף האָט זיך צוריק-געקעהרט פון ענגלאַנד, האָט ער אויך זיין הסכמה געגעבען אויף'ן מסחר; עס פערשטעהט זיך, דאָס ער האָט זיך געלאָזט נאָך אַמאָל גוט בעצאָהלען דערפאַר. ער האָט געגעבען אַ שבועה, דאָס ער וועט אַכטען די אָרדנונגען און די געזעצען פון דער קאָמונע. אום נאָך מעהר זיכער צו זיין, האָבען די בירגער געקויפט אויך די צושטימונג פון קייזער היינריך דעם 6טען אויף די איינריכטונג פון דער קאָמונע.

אָבער 3 יאָהר נאָכדעם, ווען פון דעם געלט, וואָס דער בישאָף האָט ער-האַלטען פון די בירגער פיר דעם מסחר, איז גאָרניט געבליבען, האָט דער בי-שאָף חרטה געהאַט אויף'ן עסק. ער האָט איינגעלאַדען דעם קעניג אין לאַאָן צום אָסטערפעסט (פּסח) און האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען הונדערט פונט זיל-בער, אויב ער וועט צוריקציהען זיין ערלויבניס אויף צו גרינדען אַ קאָמונע,

ווייל דאמאָלס וועט ער, דער בישאָף, זיין אין שטאנד ווידער צו מאכען די בירגער ציגזבאר און איינגעהמען פון זיי די סומע, וואָס ער האָט פערשפּראָכען צום קעניג. דאָס האָט אין שטאָדט אָנגעמאכט א שרעקליכען גערודער. „א בי-שאָף זאָל זיין א שבועה־ברעכער, דאָס איז ניט געהערט געוואָרען", האָבען אַלע אין איין קול געשריען. דער בישאָף האָט אויף דעם גאָר ניט געאכטעט און האָט געמאכט א ליסט פון קאָנטריבוציע, ווי פיעל יעדער בירגער זאָל געבען. דעם 4טען טאָג נאָכדעם האָט זיך אין שטאָדט דערהערט א שרעקלי-כער געשריי: „די קאָמונע! די קאָמונע!" באלד האָט א גרויסע מאסע מענשען ארומגערינגעלט דאָס הויז פון בישאָף, די עדעללייט געטויטעט, און גאָדרי זעלבסט, וועלכער האָט זיך אין א פאס בעהאַלטען, איז מיט שטעקענס ביז צום טויט געשלאָגען געוואָרען. דער האס צו די גייסטליכע האָט זיך פערשפּרייט אויף די קירכע, מען האָט זי גענומען מיט שטורם און זי פער-ברענט אויף אַש, אזוי דאָס עס איז פון איהר ניט געבליבען קיין שפּור.

די בירגער האָבען דאָן ווירקליך אויסגעקעמפט פרייהייט, אָבער זיי האָ-בען זי נאָך געמוזט פערטיידיגען. די בירגער האָבען געהאט אן אנדער שרעק. גאָדרי איז געווען אן ענגלישער פירסט, און זיי האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס ענגלאנד וועט פון זיי ראכע נעהמען פיר דיזען מאָרד. ווייל זיי האָבען אויף זייער אייגענע מאכט ניט געקענט רעכנען, און זיי האָבען מורא געהאט פאר דעם צאָרן פון קעניג, דעריבער האָבען זיי זיך געווענדט צו א פעאָדאל פון זייער נאכבארשאפט, ט ה אָ מ א ס פון מ א ר ל, און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל זיי פערטיידיגען פאר דעם קעניג, און זיי האָ-בען דערפאר איהם צוגעזאָגט א געוויסע סומע געלט. טהאָמאס האָט זיך ניט געשראָקען פאר א קריג מיט דעם קעניג, אָבער ער האָט זיך געפיהלט צו שוואך פיר א שטרייט, דעריבער האָט ער געגעבען אן עצה צו די איינוואוי-נער פון לאַאָן, זיי זאָלען זיך איבערטראנספּאָרטירען אין זיין שלאָס קוסי, וואו ער וועט זיי בעשיצען. איינינע, וואָס האָבען מעהר ווי אנדערע מורא גע-האט פאר דעם קעניג'ס צאָרן, זיינען געגאנגען אין דעם שלאָס פון טהאָמאס'ן, די איבריגע האָבען געוואָרט צו זעהן, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיגען. צוערסט זיינען די בויערן בעפאַלען די שטאָדט און האָבען אָנגעפאנגען צו רויבען. טהאָמאס זעלבסט האָט געשיקט זיינע וואסאַלען צו פּלינדערן די בירגער. נאָכדעם זיינען אָנגעקומען דער בישאָף און די אדעליגע מיט זייערע אָנהענגער און זיינען בעפאַלען די בירגער און האָבען פיעלע פון זיי אויסגעשלאכטעט. טהאָמאס איז אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער קירכע דערפאר, וואָס ער

האָט בעשיצט איניגע פון די בירגער פון לאַאָן אין זיין שלאָס. אַ קעניגליכע אַרמעע האָט איהם געצוואונגען אַרויסצוגעבען די בירגער, וועלכע האָבען זיך געפונען אין זיין שלאָס, און מען האָט דיזע בירגער כמעט אַלע אויפגעהאַנגען. דאַן איז דער קעניג מיט זיין אַרמעע אַריין אין שטאָדט או זיי האָבען די קאָמונע אין גאַנצען פערניכטעט. אָבער נאָך 15 יאָהר פון דער צייט פון דער נידערלאַגע פון די בירגער פון לאַאָן האָבען זיי זיך ווידער אויפגעהייבען, און דיזעס מאָל האָבען זיי געוואונען. אין יאָהר 1128 האָט דער קעניג בעשטעטיגט די פערפאַסונג פון דער קאָמונע.

אַזוי ווי אין לאַאָן, אַזוי איז אויך אין אַ מ י ע נ ס פאָרגעקומען אַ גוואַלדיגע קאָמונאַלע רעוואָלוציאָן. די אַיינוואוינער פון אַמיענס האָבען געהערט צו פיער פעאָדאַל־העררען, נעמליך: צום בישאָף, צום גראַף, צום קלויסטער־העררן און צום בורג־מייסטער. דיזער לעצטער איז פריהער געווען אַ מיליטער־בעאַמטער פון קעניג, יעצט איז ער געוואָרען אַן ערבליכער גרונד־העררן. ווען די לייט פון אַמיענס האָבען אָנגעהויבען פאָדערן פון זייערע העררען צו גרינדען אַ קאָמונע האָט דער בישאָף גלייך אַיינגעוויליגט. דער קלויסטער־העררן און דער קעניג האָבען אויך געגעבען זייער צושטימונג פיר אַ געוויסע סומע געלט. דער גראַף אָבער, וועלכער איז געווען דער הויפט פון דער מעכטיגער פאַמיליע קוסי און דער פאָטער פון דעם פריהער דערמאָהנטען גראַף טהאָמאַס פון מאַרל, האָט ניט געוואָלט געבען זיין צושטימונג און דער בורג־מייסטער האָט אויך געהאַלטען מיט איהם. עס איז געוואָרען צווישען זיי אַ קריג און דער בישאָף האָט זיך פרייוויליג ענטזאָגט פון זיין אַמט און איז אַוועק אין אַ מאָנאַסטיר. דער קעניג לודוויג, וועלכער איז געווען אַ שונא דער פאַמיליע פון קוסי, האָט געשטיצט די בירגער. אַ קאָנציל האָט צוריקגערופען דעם בישאָף אויף זיין אַמט. דער בישאָף האָט געפאָלגט, און האָט פערזיכערט מיט גן־עדן די נשמות פון די יעניגע, וואָס וועלען פאַלען אין קאַמף פיר די קאָמונע. דאָס האָט די קעמפער צוגעגעבען פיעל מוט, אַזוי דאָס אויך פיעלע פרויען האָבען זיך בעטייליגט אין קאַמף. די בירגער האָבען זיך פעראייניגט צו שטורמען די בורג קאַסטילליאָן, אָבער זיי האָבען זי ניט געקענט נעהמען מיט שטורם, און זיי האָבען בעשלאָסען צו בעלאַגערן דעם שלאָס. די בעלאַגערונג האָט געדויערט פולע צוויי יאָהר. ענדליך האָט דער הונגער געצוואונגען די אַיינוואוינער פון דער בורג זיך אונטערצוגעבען. די פערהאַסטע בורג איז באַלד פערניכטעט געוואָרען. אַמיענס האָט בעקומען דאָס רעכט זיך זעלבסט צו פערוואַלטען און די בירגער האָבען גלייך ערוועהלט אַ בירגער־מייסטער און פיער און צוואַנציג דעפּוטאַטען.




שטורם פון קעניג און קאָמונאַלען פון אַמיענס אויף די פעסטונג קאַסטילליאָן.

עס שיינט צו זיין אונפערשטענדליך, וואָרום דער קעניג האָט געשטיצט די רעוואָלוציאָנערען און האָט זיי געהאָלפען צו בעקומען די רעכטען פון זעלבסט=פערוואַלטונג. אום צו פערשטעהן די אורזאַך פון דיזען פאַקט מוזען מיר נאָך דערצעהלען אַן אַנדער פאַקט, נעמליך: דאָס דער קעניג האָט נאָר געשטיצט די קאָמונעס, וועלכע האָבען זיך געגרינדעט אין שטעדט, וואָס האָבען געהערט צו די בישאָפען, קלויסטער=אויפזעהער און אַנדערע הערען, אָבער ער האָט פיר קיין פאַל ניט צוגעלאָזען איינצוריכטען קאָמונעס אין די שטעדט, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זיין אייגענער מאַכט. די קאָמונע, פערשטעהט זיך, האָט פיעל אָפּגעשוואַכט די מאַכט פון די בישאָפען און די הערען, און דאָס האָט דער קעניג געוואָלט, און דעריבער האָט ער געשטיצט די קאָמונעס אין די שטעדט, וואָס זיינען געווען אונטער דער הערשאַפט פון די בישאָפען און פעאָדאַל=הערען.

די שטעדט פון פלאַנדערן, וועלכע זיינען געווען אין אייניגע הינזיכטען פיעל פרייער פון פיעלע אַנדערע, האָבען יעצט בעקומען נאָך אַנדערע פרייהייטען. זיי האָבען בעשאַפען נאָך אַן אידעאַלע איינריכטונג, וועלכע זיי האָבען גערופען מיט'ן נאָמען „פריינדסגעבאָט". אין דער קאָמונאַלער פערפאַסונג פון אַ שטאָדט אין אַרטואַ, וואָס האָט נאָך דאַן געהערט צו פלאַנדערן, געפינט זיך פאָלגענדער פונקט: „אַלע, וועלכע געהערען דעם פריינדשאַפטס=בונד פון דער שטאָדט, האָבען הייליג פערשפּראָכען און מיט אַ שבועה בעקרעפטיגט, צו שטיצען איינער דעם אַנדערען ווי ברידער אין אַלע זאַכען, וואָס זיינען ניצליך און עהרענהאַפט. ווען ביי איינעם איז זיין הויז אָפּגעברענט, אָדער איינער איז פון אַ פיינד אין געפאַנגענשאַפט גענומען, און ער גיט דעם גרעסטען טייל פון זיין פערמעגען אַלס אויסלעז=געלט, דאַן איז יעדער פון זיינע פריינד פערפּליכטעט צו געבען צום פעראונגליקטען איין טהאָלער און אויסער דעם אַנדערע הילף". פון פלאַנדערן האָט זיך די רעוואָלוציאָן פון די קאָמונעס פערברייטערט איבער לאָטהרינגען און אין בראַבאַנט. אָבער אין אַוסטראַזיען, וואו דער גרעסטער טייל פון די בירגער=שטעדט האָבען געהערט צום קייזער, האָבען זיי קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דער קייזער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען זיינע פאָדערונגען פיר קיין זאַך אין דער וועלט. אָבער אין נאָרמאַנדיע און דרום=פראַנקרייך האָבען פיעלע שטעדט געהאַט גרויס ערפאָלג און האָבען בעקומען קאָמונאַלע פערפאַסונגען.

אין סענס האָט לודוויג דער אינגערער געהאַנדעלט ווי זיין פאָטער לודוויג דער דיקער האָט געהאַנדעלט אין לאָאָן, ד. ה. ער האָט ערלויבט די בירגער זיך צו פערבינדען אין אַ קאָמונע און האָט דערפאַר בעקומען אַ גרויסע

סומע געלט. נאָכדעם אָבער האָט דער אבט (פאָרשטעהער) פון סאנקט פע-
טער אויסגעווירקט דורך די פערמיטלונג פון פּאַפּסט, דאָס דער קייזער זאָל
צוריק אָפּנעהמען די רעכטען פון די בירגער פון דיזען געביט צו מאַכען קאָ-
מונעס, הגם ער האָט זיי דערויף געגעבען זיין שבועה. אין אַזעלכע פעלען
האָבען די פּאַפּסטען געקענט געפינען אַ היתר צו מבטל זיין די שבועה, ווייל
דאָס געשעפט און דער אינטערעס פון דער קירכע זיינען געשטאַנען העכער
פון אַלע שבועות. די בירגער האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד און האָבען
ערמאָרדעט דעם אַבט. דער קעניג איז באַלד געקומען אין סענס מיט אַ גרוי-
סער מיליטערישער מאַכט, האָט אייניגע פון די מערדער אראָפּגעוואָרפען פון
דעם הויכען טורם פון סענס, אַזוי דאָס זיי זיינען באַלד צושמעטערט געוואָ-
רען, און פיעלע אַנדערע האָט ער די קעפּ אַרונטערגעהאַקט. די בירגער זיינען
געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף דעם קעניג פיר זיין האַנדלונג נאָך
דעם, ווי ער האָט פון זיי אויסגעזויגען אַזאַ גרויסע סומע געלט און האָט זיי
געגעבען אַ שבועה ניט צו שטערען דער קאָמונע, און זיי האָבען געמאַכט
אויפשטאַנדען און אונרוהען ביז דער קעניג איז ענדליך געצוואונגען געווען
די קאָמונע אָנערקענען.

הגם לודוויג דער אינגערער האָט געשטערט און געשאַדט דער ענטוויק-
לונג פון די קאָמונעס, האָט ער דאָך פיעל גוטעס געטאָן פיר די אָרימע קלאַס
פון פאָלק. ע ר האָט נעמליך אויסגעבויט אין פיעלע ערטער פרייע שטעדט
מיט מויערן אַרום, און האָט אין זיי אַריינגעזעצט פיעלע פון דער אָרימער
קלאַס, און האָט זיי געגעבען פיעלע פרייהייטען. אין דיזע שטעדט האָבען
געפונען שוץ אַלע לייבאייגענע, וואָס זיינען ענטלאָפען פון זייערע בעלי
בתים. דיזע האָבען ניט געהאַט די רעכטען פון די קאָמונעס, אָבער זיי זיי-
נען געווען גליקליך דערמיט, וואָס זיי האָבען פון זיך אראָפּגעוואָרפען די קיי-
טען פון זייערע גרונד-הערען. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי האָבען געמוזט
דערפאַר דעם קעניג פערשיידענע אָפּגאַבען צאָהלען. דער קעניג האָט ניט
אויסגעבויט די גרויסע שטעדט נאָר פון ליבע צו זיין פאָלק; ער האָט דער-
ביי געמאַכט גוטע געשעפטען און האָט פיעל פערבעסערט זיינע פינאַנצען.
זעהענדיג, ווי דער קעניג מאַכט גוטע געשעפטען פון זיינע שטעדט, האָבען די
גרויסע וואַסאַלען אָנגעהויבען איהם נאָכטאָן און אויך גענומען בויען גרויסע
שטעדט און בעזעצען זיי מיט בירגער, וואָס האָבען זיי געצאָהלט פיר די פריי-
הייטען, וואָס מען האָט זיי געגעבען, און האָבען דערמיט פיעל געשאַדט די
קליינע וואַסאַלען און די אַבטייען (קירכליכע געביטען). דערמיט האָבען די
גרויסע גוטס-בעזיצער ניט נאָר פערגרעסערט זייערע איינקונפטען, נאָר זי-

האָבען אויך פערגרעסערט די צאָהל פון זייערע קריגער, ווייל די בירגער האָ-
בען פון זיך געבילדעט אַ מין מיליץ. אום אַריינצוציהען אין די נייע שטעדט
פיעלע נייע בירגער פון די, וואָס האָבען געהערט צו אַנדערע העררען, האָבען
די גרויסע גוטס-בעזיצער געגעבען צו זייערע נייע בירגער אין די פריישטעדט
אַ פרייע פערפאַסונג. אזוי צ. ב. האָט דער גראַף פון טרוא געמאַכט בע-
קאַנט פאָלגענדעס:

„איך, היינריך, גראַף פון טרוא, מאַך בעקאַנט דעם יעצטיגען דור און
די קומענדע דורות, דאָס איך האָב פעסטגעשטעלט פיר די איינוואוינער פון
דער נייער שטאָדט, וואָס איך האָב געגרינדעט צווישען די בריקען פון פוני,
פאָלגענדע בעדינגונגען: יעדער, וואָס וויל פערבלייבען אַלס איינוואוינער
אין דיזער שטאָדט, איז פערפליכטעט צו צאָהלען יעדעס יאָהר צוועלף דענאַ-
רען און איין מינע האָבער אַלס פרייז פיר זיין וואוינונג. וויל ער אויך האָבען
אַ שטיק ערד צום בעאַרבייטען, מוז ער פיר יעדען מאָרג צאָהלען פיער דענאַ-
רען רענט. די הייזער און די פעלדער, וואָס די בירגער ערהאַלטען, ווערען בע-
טראַכט אַלס זייער אייגענטום, אַזוי דאָס זיי קענען זיי פערקויפען צו וועמען
זיי ווילען, נאָר מיט דער בעדינגונג, דאָס דער נייער אייגענטימער זאָל צאָה-
לען צום גראַף פון דער שטאָדט די אויבען-בעשטימטע רענט פיר די הייזער
און די פעלדער. אויסער דעם גיב איך צו די בירגער דאָס רעכט צו ערוועה-
לען זעקס דעפּוטאַטען צו פערוואַלטען און פיהרען די געמיינדע אינטערע-
סען. — געגעבען אין פּראָווינס, אין יאָהר 1175 פון דער מענשענווערדונג"
(קריסטוס געבורט).

אויך איינינע אַלטע רוימישע שטעדט האָבען בעקומען די רעכטען פון
די פריישטעדט. זיי זיינען אָבער געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון
די גרונד-הערען אָדער פון די קעניגען. צו דיזער קלאַס געהערען די שטעדט
אָרלעאַנס און פּאַריז, וועלכע האָבען פערלאָרען זייערע אַלטע מוניציפּאַל-פּער-
פאַסונגען, און זיינען צופרידען געווען וועניגסטענס צו ערהאַלטען די פרייהיי-
טען פון מיטעלאַלטער. אזוי האָט לודוויג דער 7טער (1137) פערבאָטען
זיין שטעל-פערטרעטער יעדע בעדריקונג פון די בירגער, און האָט פעסטגע-
שטעלט אַ נאָרמע פון אָפּגאַבען פיר יעדע מאָס געטריידע און וויין, עס זאָל
דערביי קיין אונרעכט ניט געשעהען. שפּעטער האָט ער אַרויסגעגעבען בע-
פעהלען צו אָרגאַניזירען די געריכטס-הייזער פיר דאָס פאָלק, עס זאָל ניט
ליידען פון פאַלשע משפטים, און האָט געמאַכט פיעלע אָרדנונגען צו ענטוויק-
לען דעם האַנדעל. די קאָמונאַלע בעוועגונג האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען אויך
אין די דערפער. ביז דאַן זיינען די ריכטער געווען אין די דערפער די גייסט-

ליכע אָדער די גרונד־פּריצים. די איינוואוינער פון די דערפער האָבען אָבער אָנגעהויבען צו פאָדערן ריכטער, וועלכע זיי אַליין זאָלען ערוועהלען פון זייערע לייט. אָבער ניט אַלע דערפער האָבען זוכה געווען צו קריגען דיזע פרייהייט.

איניגע דערפער האָבען דיזען ציל דאָך דערגרייכט. אין יאָהר 1174 האָבען זעכצעהן שטעדט און דערפער, לאַאָננעי, אַניצי, מאָנס־אַן־לאַאָננעי א. אנד., געקויפט פון לודוויג דעם אינגערען דאָס רעכט איינצופיהרען א קאָמונאַל־אָרדנונג. דיזעס איז געשעהען גראַדע דאַן, ווען לאַאָן האָט ניט געהאַט קיין בישאָף. אַזוי באַלד אָבער, ווי לאַאָן האָט געקראָגען א נייעם בישאָף, האָט זיך דיזער פערבונדען מיט די גוטס־בעזיצער פון דער אומגעגענד און האָט זיך גענומען מיט אַלע קרעפטען צו פערניכטען די קאָמונעס. די בירגער, וועלכע האָבען שוין זייער פרייהייט געהאַט, האָבען זי ניט געוואָלט צוריקגעבען און עס איז פאָרגעקומען א שלאַכט צווישעןביידע פאַרטייען אין דער געגענד פון אַניצי. ליידער זיינען די ריטער און גוטס־בעזיצער געווען די זיגער. דער קעניג האָט אָבער דיזעס מאָל געהאַלטען וואָרט און איז געקומען די בויערן צו הילף. דער קעניג האָט געפאָדערט פון פּאַפּסט, ער זאָל ארונטערזעצען דעם בישאָף פון זיין אַמט דערפאַר, וואָס ער האָט פעראורזאַכט אַזאַ בלוט־באָד פיר אונשולדיגע מענשען, וועלכע האָבען זייער רעכט געקויפט פון קעניג. דער פּאַפּסט אָבער האָט דעם קעניג ניט נאָכגעגעבען דיזע פאָדערונג, נאָר די קאָמונעס זיינען געבליבען.

דעם קעניג האָט דיזע נייע בעוועגונג געבראַכט זעהר פיעלע בונד־חברים. די קאָמונעס האָבען איהם בעטראַכט אַלס זייער שוץ־הערר און האָבען איהם געגעבען דורך זייער סימפּאַטהיע א גרויסע קראַפט. מען האָט פיעלע מאָל געזעהען דעם קעניג לויפען מיט איניגע ריטער צו ברייננגען אָרדנונג און פרידען צווישען די בויערן און די גוטס־בעזיצער, וועלכע האָבען געשטריטען צווישען זיך וועגען פרייהייט און קאָמונאַל־איינריכטונג. די ריטער האָבען איהם אָפט געלאָזען אין מיטען אָדער האָבען איהם נאָר ווייניג געהאָלפען, און ער האָט מאַנכע שלעכטע איינגענומען און צושטערט נאָר מיט דער הילף פון די בירגער פון די קאָמונעס. אַזוי צ. ב. האָט זיך עס געטראָפען, דאָס די וואַסאַלען האָבען ניט געוואָלט העלפען דעם קעניג פאָרטזעצען די בעלאַגערונג פון דעם שלאָס, וואָס האָט געהערט צו הוגאָ פון פּואיזעט. דאַן איז אָנגעקומען אַן אָרימער פּליכטוואַטער פּריסטער צוזאַמען מיט פיעלע קאָמונע־בירגער פון דער אומגעגענד, איז צוגעלאָפען צו די פּאַליסאַדעס אָהן א שום געוועהר, האָט אַליין מיט גרויסער אָנשטרענגונג אויסגעריסען איי-

ניגע פּאַליסאַדעס און האָט געמאַכט אַן עפנונג אין דער מויער, דורך וועלכע
די קאָמונע־בירגער זיינען געווען אין שטאַנד אַריינצוקומען אין שלאָס.
דער טורם איז באַלד צושטערט געוואָרען, און אויף זיין אָרט האָט מען איינ-
געריכטעט אַן עפענטליכען מאַרק־פּלאַץ. אזוי זיינען אויך די פראַנצויזישע



די בויערן פון דער קאָמונע פון דאָרף לאַאָננעי אין קאַמף געגען די פעאָדאַל־העררען.

קעניגען אונטערשטיצט געוואָרען פון די קאָמונעס פון פיעלע אַנדערע
שטעדט. אין די קריגען מיט דעם ענגלישען קעניג היינריך דעם 1טען האָ-
בען זיך געפונען זעהר פיעלע סאָלדאַטען פון די קאָמונעס אונטער דער קע-

ניגליכער פאָהן, און אַלס מען האָט געהערט, דאָס דער דייטשער קייזער איז בערייט צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף פראַנקרייך, האָבען זיך זעהר פיעלע קאָמונעס פעראייניגט צו שטעלען זיך געגען איהם.

דער קאַמף פון די קאָמונעס האָט געמאַכט אַ גרויסען ריס אין דער פעאָדאַל־הערשאַפט. הגם די דערפער האָבען נאָך וויים ניט אויסגעשטריטען פיר זיך די געווינשטע פרייהייט, און הגם אויך ניט אַלע שטעדט האָבען ערהאַלטען די קאָמונאַל־פערפאַסונגען, דאָך איז די מאַכט פון די פעאָדאַלען שטאַרק געבראָכען געוואָרען דורך זיי. די פעאָדאַל־מאַכט האָט בעקומען אַ געפעהרליכען קאָנקורענט אין די קאָמונעס. די פרינציפּען פון דיזע זיינען געוועזן גלייכע רעכטען פיר אַלע מענשען. דיזע פרינציפּען זיינען געוועזן דער פונדאַמענט, אויף וועלכען די קאָמונעס האָבען געגרינדעט זייער גייעסטיג־געזעלשאַפטליכעס לעבען, און זיי זיינען געוועזן דער געגענזאַץ פון די פרינציפּען פון די פעאָדאַלען, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דעם יסוד פון אונגלייכהייט, פון קלאַסען־צוטיילונג, פון הערען און קנעכט, פון פרייע און פערשקלאַפטע.

די קאָמונעס זיינען געוועזן ווי אָאַזען (פרוכטבארע ערטער) אין דער וויסטע פון דעם פעאָדאַל־סיסטעם. זיי האָבען אַרויסגערופען אַ גרויסען פאָרטשריט אין דער קולטור און די בעפעלקערונגען זיינען אונגעוועהנליך שטאַרק געוואַקסען. מען האָט דאַמאָלס אָנגעהויבען רופען בירגער יעדען אייגעם, וואָס איז געוועזן פריי, אָדער האָט ניט געהערט צום אַדעל. דיזע אָאַזען זיינען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר ביז זיי האָבען ענדליך פערדרענגט די פעאָדאַלע וועלט און האָבען אויף איהר אָרט געשאַפען די בירגעליכע וועלט.

